# י. גרינבוים: פון מיין דור

# J. GRYNBAUM: MY GENERATION

ייִדיש: יהושע שלייען (שילוני)



נאָוועמבער 1959
דרוק מאָזעס, תל־אביב

# אינהאלט

# אריינפיר־וואָרט

די עסייען און סקיצן וועגן לערער, חברים און קעגנער וואָס ווערן פאַרעפנטלעכט אין דעם בוך, זענען געשריבן אין פאַרשיידענע צייטן, — לרוב אין צוזאַמענהאַנג מיט געשעענישן אין זייער לעבן; זיי זענען געדרוקט געוואָרן, זייַערצייט, אין וואַרשאווער „היינט", און „העולם" און אין „על המשמר". אַטייל פון זיי זענען געשריבן געוואָרן פונדאסניי און זייער סטיל זאָגט עדות, אַז זיי זענען נישט באַאיינפלוסט געוואָרן פון באַזונדערע עמאָציעס און אויך זענען אין זיי נישט בולט געמאַכט געוויסע כאַראַקטער־שטריכן פון די פערזענלעכקייטן, אָדער אַ באַשטימטע ליניע אין זייער טון און ווירקן. עס זענען אין זיי בלויז פאַרצייכנט געוואָרן קאַפּיטלען פון זייער לעבן און ווערק.

כ'האָב געשריבן בלויז וועגן די מענטשן וואָס איך האָב געלעבט און געווירקט אין זייער מחיצה און בין געשטאַנען מיט זיי אין פאַרבינדונג. אַזוי האָב איך מיך נוהג געווען כלפּי חברים און קעגנער. דעריבער זענען די שילדערונגען און אָפּשאַצונגען פאַר־פלאָכטן אין קאַפּיטלען פון מיין לעבן און טעטיקייט און זיי זענען סוביעקטיוו. וועגן מענטשן צו וועלכע מיין באַציאונג איז געווען, צוליב א וואָסער־נישט־איז סיבה, אַ נעגאַטיווע, האָב איך נישט געשריבן.

מיינע מיטצייטלער ווערן דאָ געוויזן, לויט מיין פערזענלעכער באַציאונג צו זיי און לויטן אָרט וואָס זיי האָבן פאַרנומען אין מיין לעבן און טעטיקייט.

כ'האָב מיך אין דעם בוך באַשעפטיקט בלויז מיט מענטשן פון פוילן און רוסלאַנד, וואָס האָבן מייסטענס געווירקט אין דער

תקופה פון מיין לעבן אין וועלכער כ׳האָב זוכה געווען צו דערגרייכן צום הויכפּונקט פון מיין טעטיקייט און השפּעה.

נאָכהער איז געקומען די ארץ־ישראל־תקופה און מיט איר אַ פּעריאָד פון שטילשטאַנד און נידערגאַנג. ווען מען רעדט וועגן מיר דאָ אין לאַנד, איז מען געוווינט צו זאָגן „דער מנהיג פון פּוילישן יידנטום” און מ׳גייט פאַרביי מיט שטילשווייגן מיין טעטיקייט אין ארץ־ישראל. און דאָס איז אַ ביטערער פּסק־דין וועגן מיין אָנטייל אין דער אַרבעט פון דער ציוניסטישער אָנפירונג אין משך פון זיבעצען יאָר שאַפן און קאַמף, און שפּעטער, אַ געוויסע צייט — אין דער צייטווייליקער רעגירונג. אַזאַ איז געווען מיין גורל אין דער ציוניסטישער וועלט־באַוועגונג, אין וועלכער די אַרבעט פאַר ארץ־ישראל איז געווען דער באַשטימענדיקער פאַקטאָר.

דעריבער זענען די ענינים געטיילט אויף צוויי תקופות, מיין לעבן אין גלות און מיין לעבן דאָ אין לאַנד.

פון דער גרויסער צאָל אַרטיקלען מיינע וועגן הערצל, וויצמאַן און אַנדערע פּערזענלעכקייטן אין ארץ־ישראל האָב איך אין דעם בוך נישט געבראַכט אפילו קיין איינעם. ווער ווייס צי איך וועל זוכה זיין זיי צו זאַמלען, צוגרייטן צום דרוק און זען אָפּגעדרוקט.

ביים אָנהויב פון בוך האָב איך געגעבן דעם אַרטיקל וועגן מיין פאָטער. נישט בלויז צוליב כבוד־אב אַליין, נאָר צוליב דער אָפּען־אָנזיכטיקער און באַהאַלטענער השפּעה זיינער אויף מיר, וואָס האָט זיך מיר אַנטפּלעקט ערשט אינעם לויף פון די יאָרן. כ׳האָב דעם אַרטיקל געשריבן אין די ערשטע יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, אלס ענטפער אויף א געוויסן נאָטיץ, וואָס האָט ענטהאַלטן אַ סך אומריכטיקע פעסטשטעלונגען. צום באַדויערן האָב איך דעם אַרטיקל נישט געקענט אויפזוכן און כ׳האָב אים געשריבן אויפסניי. כ׳באַדויער, אויב ביים צווייטן מאָל שרייבן איז פאַרלוירן געגאַנגען, אָדער בלאַסער אויסגעקומען, דאָס געפיל וואָס האָט מיך באַהערשט ביים ערשטן מאָל שרייבן.

און אָט גיב איך איבער די זכרונות מיינע, מיט דעם גאַנצן אינטימען צוגאַנג וואָס באַצייכענט זיי, דעם אורטייל פונעם לייענער.

# מיין פאָטער

כ׳בין געווען אַ בן־זקונים ביי מיין פאָטער. לויט מיין חשבון איז ער אַלט געווען 56 יאָר ווען איך בין געבוירן געוואָרן, געווען אָבער נאָך פול כוחות און ענערגיע, טראָץ אַלע צרות וואָס ער האָט געהאַט אויסצושטיין אין זיין לעבן.

ער איז געווען אַ זון פון אַ רב אַ מתנגד, וואָס האָט נישט אָנערקענט איבער זיך די אויטאָריטעט פון די צדיקים, וואָס זייער הערשאַפט איז באַזונדערס שטאַרק געווען אין יענער תקופה, אויף די יידישע פאָלקס־מאַסן און זייערע רבנים. וועגן זיין פאָטער און וועגן אָפּשטאַם פון זיין משפחה האָט ער מיר קיינמאָל נישט דערציילט. כ׳פלעג אים אַמאָל פרעגן וועגן זיינע עלטערן. ער האָט מיר גערן געענטפערט: דער פאָטער זיינער איז געווען אַ רב און דער זיידע — אַ מלמד. אַ מלמד? — האָב איך אַ טראַכט געטון — און פאַר מיינע אויגן זענען געשטאַנען די געשטאַלטן פון מלמדים וועלכע כ׳האָב געזען אין פלאַנסק און אין פלאָצק און כ׳האָב אויפגעהערט שוין אים צו בעטן מער ער זאָל מיר דערציילן וועגן אונזער „יחוס“.

און אָט האָב איך מיך עפּעס דערוווסט פון איינעם אַ קרוב מייגעם, וואָס האָט מיר געבראַכט אַ בריוו פונעם רב פון פאַראיין פון שערפּצער לאַנדסלייט אין אַמעריקע וועגן זיינס אַ ספר איבער חידושי־תורה.

ער האָט מיר געוויזן אַ הקדמה צו אָט דעם ספר, און דאָרט האָב איך געפונען געוויסע אינפאָרמאַציעס וועגן מיין פאָטערס משפחה. לויט אָט די אינפאָרמאַציעס שטאַמט זי פון פראַנקפורט־אַם־מיין, אין דייטשלאַנד, און דער אָפּשטאַם פון איר נאָמען איז, ווי עס איז געווען דער מנהג אינעם געטאָ פון אָט דער שטאָט, פון דער

שילד וואָס איז געהאַנגען אויפן הויז: „גרינער בוים", פונדאַנען — גרינבוים.

נעבן הויז פון מיין פאָטערס משפחה איז געשטאַנען אַ הויז מיט דער אויפשריפט „ווייסע ראָזע", און פונדאַנען דער נאָמען ווייס־ראָזע. דאָס איז דער נאָמען פונם דערמאָנטן רב, אַן אייניקל פון איינער פון מיין פאָטערס שוועסטער, וואָס האָט חתונה געהאַט מיטן שערפּצער רב, וועלכער האָט, ווייזט אויס, געירש'נט דעם כסא־הרבנות פון מיין זיידן.

מיט מיינע קרובים, וועלכע הייסן דעם זעלבן נאָמען, האָב איך מיך באַקענט, בעת איך בין געווען אַ גימנאַזיע־שילער אין פּלאָצק. זיי זענען געווען אייער־סוחרים, וואָס זיי פלעגן אויפקויפן אין די דערפער און פאַרקויפן די עקספּאָרטערן, וואָס האָבן זיי געשיקט קיין דייטשלאַנד.

זיי זענען אַלע אומגעקומען בעת דער היטלער־אָקופּאַציע, אַחוץ דעם דערמאָנטן רב, דער מחבר פון ספר. עס איז ניצל געוואָרן בלויז איינער וואָס וווינט היינט אין בני־ברק. אין דער הקדמה צום דערמאָנטן ספר ווערט דערציילט, אַז די משפחות גרינבוים און ווייסראָזע זענען אריבער קיין פּוילן, ווי עס שיינט, ביים סוף פון אַכצענטן־יאָרהונדערט. אינעם שטעטל וווּ עס האָט זיך באַזעצט דער ראש פון דער משפחה, איז ער געווען באַקאַנט אַלס תלמיד־חכם און מ'האָט אים גערופן: „רש"י'ס אייניקל", ס'הייסט, זיין יחוס ציט זיך פון רש"י'ן. זיין זון, מיין זיידע, איז געווען באַקאַנט אַלס עלוי, און ר' שלמה פּאָזנער, אַ גביר און באַקאַנטער משכיל, אין דער תקופה פון פּאַשקעוויטשן, האָט אים גענומען צו זיך אַ היים אַלס לערער פאַר זיינע זין.

פון די דערציילונגען פון מיין פאָטער האָב איך געוווּסט, אַז עס האָט עקזיסטירט אַ געוויסע פאַרבינדונג צווישן אים און ר' שלמה פּאָזנער, וועלכן ער האָט זער פאַרערט. נאָכן טויט פון מיין פאָטער, אין טיפן עלטער, האָב איך איינמאָל אַריינגעקוקט אין זיין פּאַספּאָרט און האָב דאָרט, צו מיין גרויסע פאַרוווּנדערונג, געפונען פאַרצייכנט — „קרעסטיאַנין" (ערד־באַזיצער, פּויער). כ'האָב נישט געקענט פאַרשטיין ווי אַזוי דאָס האָט פּאַסירט, אַז מיין פאָטער, אַ זון פון אַ רב, איז פאַרשריבן געוואָרן אין די מעטריקעס־ביכער פון דער

יידישער באַפעלקערונג אַלס לאַנדווירט. דער ענין איז מיר אויפֿגעקלערט געוואָרן ווען כ׳האָב אָנגעהויבן אויסברייטערן מיינע ידיעות אין דער געשיכטע פון יידן אין פוילן אין דער הערשאַפֿט־תקופה פון פּאַשקעוויטש, אין די צייטן פון צאַר ניקאָלאַי דעם ערשטן, וועלכער איז געקרוינט געוואָרן אַלס קעניג פון פוילן.

די „גזירה״ צו נעמען יידן אַלס זעלנער צום רוסישן מיליטער, אויף אַ דינסט־צייט פון 25־יאָר, איז נישט חל געווען אויף פוילן. דעריבער האָט מען אין פוילן נישט געקענט אירע טראַגישע רעזולטאַטן: די „כאַפּערס״ לויט די פאַראָרדענונגען פון די קהלה־פּרנסים און די „קאַנטאָניסטן״. אָבער, ווען אויך אויף די איינוווינער פון פוילישן קעניגרייך און צווישן זיי אויך די פוילישע יידן, איז אַרויפגעלייגט געוואָרן די פליכט צו דינען אין מיליטער, איז פאַרקלענערט געוואָרן די דינסט־צייט אויף צען יאָר און עס זענען באַפרייט געוואָרן פון מיליטער־דינסט־פליכט די אַלע וואָס זענען אַריבער צו לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניזאַציע אין די לאַנדגיטער פון די רייכע יידן. די אָנגעזעענסטע רבנים האָבן פאַרעפנטלעכט אַן אויפרוף לטובת אָט דער קאָלאָניזאַציע און וועגן דער פליכט פון יידן לאַנד־אייגנטימער, צו שאַפן קאָלאָניעס אין זייערע גיטער.

ר׳ שלמה פאָזנער, וואָס האָט געהאַט אַ לאַנד־גוט אין דער סביבה פון פּלאָנסק — קוכאַרי האָט עס געהייסן — איז געווען צווישן די יעניקע וואָס האָבן זיך אָפּגערופן אויף דעם אַפּעל. ער האָט דאָרט אויפגעשטעלט אַ ישיבה, און עס ווייזט אויס, אַז אויך מיין פאָטער האָט געלערנט אין דער דאָזיקער ישיבה און איז פאַרשריבן געוואָרן אַלס קאָלאָניסט דאָרט, און אין די מעטריקע־ביכער אַלס לאַנדווירט. ביים פאָטערס לעבן איז מיר נישט אויסגעקומען אַריינצוקוקן אין זיין פּאַספּאָרט און כ׳האָב נישט געקענט אים פרעגן, וואָס עס באַדייט די אָנגעהעריקייט זיינע צום פויערים־קלאַס, וועלכע זענען דעמאָלט געווען לייב־אייגענע און געאַרבעט פאַר זייערע האָרן די „פּריצים״. אויף די יידישע קאָלאָניסטן איז, פאַרשטייט זיך, נישט חל געווען דאָס געזעץ פון לייב־אייגנטום.

כ׳האָב אָבער געוווסט פון פאָטערס דערציילונגען וועגן זיינע פאַרבינדונגען מיט ר׳ שלמה פאָזנער און וועגן זיין פאַרערונגס־באַציאונג צו אים. כ׳האָב משער געווען אַז דער מקור פון אָט די

באַציאונגען זענען די אַנשויאונגען פון פאָטער, וואָס איז געווען אַן אַקטיוער משכיל, צווישן די וואָס זענען געבליבן אין תחום פון יידישן פאָלקס־לעבן און האָבן געשטרעבט צו פאַרשפּרייטן בילדונג צווישן יידן און פאַרלייכטערן זיי דעם עול פון יידיש־רעליגיעזן דין. ר׳ שלמה פּאָזנער האָט געדינט פאַר זיי אַלס מוסטער. זיין רייכטום און זיינע באַציאונגען מיט די פּריצים און מיט דער מאַכט האָבן אים נישט דערווייטערט פון יידישן פאָלקס־לעבן און נישט פאַרוואַנדעלט אים אין אַ אסימילאַנט, וואָס שטרעבט צו אַ צונויפגיסן זיך מיטן פוילישן פאָלק, זיין שפּראַך, קולטור און זיינע פּאָליטישע אַספּיראַציעס. פאַרקערט, ער איז געפאַלן אַ קרבן פון די פוילישע באַאַמטע, וועלכע האָבן אים באַשולדיקט, דעמאָלט אין די יאָרן פון פוילישן אויפשטאַנד 1830/31, אין עבירות קעגן דער מאַכט און בגידה.

אָט דאָס האָב איך נישט געהערט פון פאָטערס מויל. ער האָט מיר נישט דערציילט וועגן זיין לעבן און טעטיקייט, וועגן זיידן דעם רב, וואָס האָט געהאַט אויסצושטיין פאַרפאָלגונגען מצד די חסידים, בעת ער איז געווען רב אין נאַשעלסק און שערפּץ, צוויי שטעטלעך אין שכנות מיט פּלאָנסק, ווי אויך וועגן זיינע באַציאונגען מיט ר׳ שלמה פּאָזנער. בלויז אייניקע מאָל בעת אַ שמועס מיט אים האָב איך געהערט, אַז די פוילישע באַאַמטע האָבן קאַליע געמאַכט די באַציאונגען צווישן יידן און פּאָליאַקן אין דער צייט פון אויפשטאַנד און אין דער זעלבסטפאַרוואַלטונג־תקופה וואָס איז געקומען נאָך אים. די דעראינערונגען וועגן די צרות פון ר׳ שלמה פּאָזנער האָבן, זעט אויס, געהאַט אַ השפעה אויף זיינע אַנשויאונגען.

דער פאָטער האָט פאַרשטאַנען פויליש, פלעגט באַזוכן וואַרשעווער טעאַטערס און זיך באַטייליקט אין געשפּרעכן אין אונדזער הויז וועגן טעאַטער־פאָרשטעלונגען און וועגן באַקאַנטע אַרטיסטן, אָבער עס איז אים שווערלעך געווען דאָס רעדן פויליש. רוסיש האָט ער נישט פאַרשטאַנען. געווען באַקאַנט ווי אַ תלמיד־חכם, האָט אָבער נישט געוואָלט גיין אין די וועגן פון זיין פאָטער, און צו מאַכן דאָס רבנות פאַר אַ מקור פון פרנסה. אַ באַשטימטע פּראָפעסיע האָט ער נישט געהאַט. ער האָט זיך באַשעפטיקט מיט פאַרשידענע ענינים, דער עיקר מיט געבן עצות מענטשן וועגן געוויסע אַנגע־

לעגענהייטן זייערע אין די געריכטן. די יידן האָבן געהאַט פּאַרטרויען צו זיין חכמה און קענטניש פון געזעץ, ווייל ער איז דאָך געווען א תלמיד־חכם און באַהאַווגט אין די פּירושי הלכה. די פּוילישע געזעצן און דעם קאָדעקס פון נאַפּאָלעאָן דעם ערשטן, וועלכער איז געוואָרן דאָס פּאַרפּליכטענדיקע געזעץ אין פּוילן זייט די צייטן פון פּוילישן פירשטענטום, האָט ער נישט געלערנט, די הערשנדיקע שפּראַך אין לאַנד האָט ער נישט געקענט, און געווען ווייט פון די פּאַרמיטלונגס־געשעפטן צווישן יידן וואָס האָבן זיך געבויטיקט אין אַ עצה־געבער אין זייערע ענינים מיט פּוילישע און רוסישע באַאַמטע, און, פּאַרשטייט זיך, נישט געקענט זיין אַ פּאַרמיטלער ביים געבן שוחד, ווי אַנדערע „עצה־געבער". און דאָך האָבן זיך געפונען יידן וואָס האָבן געגלויבט אין זיין פּאַרשטאַנד און זיך געווענדעט צו אים אין רעכטס־פראַגן, סכסוכים א.ד.גל.

זיין ערשטע פרוי האָט געשטאַמט פון דער משפחה גאָלדע, וועלכע האָט דערגרייכט צו גרויס אַנזען אין אַנהויב פון לויפנדיקן יאָר־הונדערט. זי האָט אים געבוירן אַ סך קינדער, פון וועלכער בלויז איינער איז געבליבן ביים לעבן, און זי איז געשטאָרבן פון אַ האַרץ־קראַנקהייט אין א יונגן עלטער, אין אָט דער תקופה איז אויסגעפאַלן די טעטיקייט פון פאָטער אין פּלאָנק (פּלינצק). ער האָט אַרגאַניזירט אַ געזעלשאַפט „חכמה ותושיה" וואָס האָט געגרינדעט א „חדר", ווו מ׳האָט געלערנט נישט בלויז גמרא, נאָר אויך תנ"ך און דקדוק. די שיטה פון לערנען גמרא איז געווען אַ ליטווישע, די שיטה פון פשט. צו דעם צוועק האָט ער איינגעלאַדן אַ באַקאַנטן תלמיד־חכם, ר׳ חיים פּיליפּאָווער פון סוואַלקער גובערניע, וועלכער איז געשטאַנען אונטער דער השפעה פון ליטווישע רבנים און ער האָט אַרויפגעלייגט זיין חותם אויף דעם נייעם „חדר". ביי אָט דעם לערן־אַנשטאַלט האָט זיך געפונען אַ ביבליאָטעק, וואָס רעשטלעך פון איר האָב איך געזען אין מיינע קינדער־יאָרן און אַלס יוגנטלעכער, ווען איך בין געווען אַ שילער אין פּלאָצקער גימנאַזיע. עס זענען געווען דאָרט השכלה־ביכער פון דער בערלינער און ווילנער תקופה, ווי אויך ביכער פון דער מיטעלאלטערליכער פילאָזאָפיע: עקדת־יצחק, חובת־הלבבות א.אַ.וו. דעם גרעסטן טייל פון די ביכער האָב איך, מיט דער הסכמה פון מיין פאָטער, געשענקט דער ציוניסטישער ביבליאָ־

טעק, וואָס איך האָב געגרינדעט ביים ערשטן ציוניסטישן פאַראיין אין פלאָצק.

די געזעלשאַפט „חכמה ותושיה", דער „חדר" וואָס איז געווען דער אָנזאָגער פון די רעפאָרמירטע „חדרים" („חדרים מתוקנים") אין דער תקופה פון נאַציאָנאַלער דערוואַכונג. און די ביבליאָטעק, האָבן די פלאָצקער יידן גערופן מיט שפּאָט: „קאלאקאטקא". מיט אָט דעם נאָמען איז אריבער אין דער געשיכטע א יידישע קולטור־אינסטיטוציע, פון די ערשטע, וואָס אין זיי האָט געהערשט אַ נייער גייסט. ווען כ'האָב געהערט אָט דעם נאָמען פון מיין פאָטערס מויל און פון אַנדערע פלאָצקער יידן האָב איך נישט געפרעגט ווער און פאַרוואָס האָט מען דער אינסטיטוציע אַזאַ נאָמען געגעבן. פונקט ווי כ'האָב נישט געפרעגט אַ סך אנדערע זאַכן, וואָס כ'וואָלט באַדאַרפט פרעגן, ווען איך וואָלט מיך אלס יונגער מענטש אָפּגעגעבן מיט דער פאַרגאַנגענהייט, — אָבער מיינע געדאַנקען זענען געווען געווענדעט צו דער צוקונפט. איצט, ווען אָט די פאַרגאַנגענהייט איז געוואָרן אַזוי טייער פאַר אונדזער'ע הערצער, צוליב דעם ארעאל פון קדושה און גבורה וואָס שטראַלט אַרויס פון דעם אויפשטייג פון פוילישע יידן אין דער לעצטער תקופה און זייער אומקום אין דער צווייטער וועלט־מלחמה, קען איך מיר נישט מוחל זיין, וואָס כ'האָב נישט געפרעגט דעם פאָטער וועגן די פאַסירונגען אין זיין לעבן און זיין טעטיקייט, און כ'האָב מיך באַגניגט מיט ברעקלעך ידיעות און רמזים.

דער פאָטער איז ווייט געווען פון געדאַנק, אַז זיין פליכט איז צו דערציילן זיין זון וואָס אַלץ ער האָט איבערגעלעבט און וואָס ער האָט אין זיין לאַנגער לעבנסצייט געזען, דערפאַרן און אויפגעטון. אין שטוב פלעגט ער ס'רוב שווייגן אָדער אַריינגעקוקט אין אַ ספר אָדער ציישונג. אָבער אין דער געזעלשאַפט פון זיינע בני דור האָט ער ליב געהאַט צו שמועסן, דיסקוטירן און דערציילן. זיינע צוהערער פלעגן אויסהערן זיינע ווערטער, און געפונען גרויס אינטערעס אין זיי. אין מיין קינדער און יוגנט־יאָרן האָב איך געהאַט אַנדערע וואָס כ'האָב געהאַלטן פאַר וויכטיקער, און ווען כ'בין געווען אַמאָל אין דער געזעלשאַפט פון מיין פאָטער און זיינע פריינט האָב איך מיך צוגעהערט צו די שמועסן בלויז מיט איין אויער און נאָר טיילווייז.

ווען כ׳האָב פאַרלאָזט דאָס „חדר״ נאָך איין טאָג לערנען דאָרט, האָט דער פאָטער אַליין אָנגעהויבן מיך לערנען. ס׳איז אים פרעמד געווען די פּאָעזיע פון די תנ״ך דערציילונגען, ער האָט נישט באַוויזן אָנצוצינדן מיין פאַנטאַזיע און אויך נישט פאַרפלאַנצט און מיר קיין ליבשאַפט צום אינהאַלט.

אין דער פירונג אין שטוב האָט ער אָפּגעהיט דעם דין און מנהג, אָבער ער האָט אַסך מקיל געווען אין דער היגזיכט. אָבער דעם גייסט זייערן און באַזונדערס די פּאָעזיע וואָס שטראַלט אַרויס פון זיי האָט ער נישט באַוויזן בולט צומאַכן. אַפילו קיין אייגאונ־איינציקן ניגון האָב איך נישט געהערט פון זיין מויל. כ׳געדענק אים נישט אַמאָל אונטערברומען אַ ניגון אָדער מעלאָדיע. דעם שבת׳דיקן אָדער יום־טוב׳דיקן „קידוש״, פלעגט ער זאָגן אָן שום ניגון, אַזוי אויך די פסח׳דיקע הגדה. אָבער ער איז נישט געווען אַ טרוקענער ראַציאָנאַליסט אָן געפילן. ביז היינט־צו־טאָג געדענק איך ווי מיר האָבן ביידע געוויינט לייענענדיק אינם בוך פון מרדכי אהרן גינצבורג די געשיכטע פון נאַפּאָלעאָן דעם ערשטן, די שילדערונג פון זיין טויט אין דער בריטישער געפאַנגענשאַפט, אויף דעם אינדזל העלענא.

כ׳האָב געלערנט אין אַ רעגירונגס־שול פאַר יידישע קינדער, וועלכע איז געעפנט געוואָרן אין פלאָנסק, לויט מיין פאָטערס איניציאַטיוו. לויטן געזעץ האָבן די דערציאונגס־אינסטאַנצן געהאַט די פליכט צו שאַפן אַ שול פאַר יידישע קינדער, לויט דער בקשה פון יידן וואָס האָבן געצאָלט דערציאונגס־שטייער, ווענעמס צאָל עס איז נאָרמירט געוואָרן אין געזעץ. דער פאָטער האָט אָרגאַניזירט די נויטיקע צאָל עלטערן און אין פלאָצק איז געגרינדעט געוואָרן אַ שול מיט צוויי קלאַסן. אין לערן־פּראָגראַם פון די שולן פון דעם טיפּ זענען איינגעשלאָסן געוואָרן אויך די למודים פון רעליגיע און העברעאישער שפּראַך, אין דער מאָס וואָס איז נויטיק כדי צו לייענען און פאַרשטיין די תפילות. פּאַקטיש, האָט מען די למודים בכלל נישט געלערנט. די יידן האָבן עס נישט פאַרלאַנגט און די לערער, אביטוריענטן פון רעגירונגס־סעמינאַרן, האָבן אַליין נישט געקענט קיין העברעאיש, און אויב זיי האָבן יאָ געקענט, האָבן זיי נישט געוואָלט אונטעריכטן די שפּראַך בכלל, באַזונדערס נישט אַלס טייל פון רעליגיע־למוד. די יידן האָבן נישט פאַרלאַנגט דעם לימוד

פון לשון־קודש און רעליגיע, אין די רעגירונגס־שולן, לויטן פּראָגראַם פון דער נישט־יידישער מאַכט. זיי האָבן אויך נישט פאַרלאַנגט די גרינדונג פון אַ ספּעציעלן סעמינאַר פאַר יידישע לערער, און די רוסישע מאַכט־אינסטאַנצן האָבן אַפילו נישט געטראַכט וועגן דעם. דער פאָטער האָט געזען אין דער פאָלקס־שול אַ פאָרהויז צו דער גימנאַזיע. נישט איינמאָל האָב איך פון אים געהערט, אַז ער וועט טון אַלץ וואָס ער איז בכוח צו טון מיר דערמעגלעכן ווייטער צו לערנען. זיין שטרעבונג איז געווען איך זאָל ענדיקן פיר קלאַסן גימנאַזיע און שפּעטער אָנגענומען ווערן אינעם סעמינאַר פאַר אויפגעקלערטע רבנים.

ער איז געווען זיכער, אַז איך וועל באַקומען אַ סטיפּענדיע פונם קאָמיטעט פאַר אויסבילדן אויפגעקלערטע רבנים, אַן אנשטאַלט פון פוילישע יידן, וואָס האָט עקזיסטירט ביי דעם בית־הכנסת פאַר אויפגעקלערטע אויף דער טלאָמאַצקער גאַס, אין וואַרשע. פונדעסט־וועגן האָט ער נישט פיל געזאָרגט פאַר מיין רעליגיעזער דערציאונג. אין שטוב ביי אונדז, האָט זיך, ווי געזאָגט, געפירט אַלץ לויטן יידישן דין און מנהג. געווען אַ צייט ווען די מוטער האָט געטראָגן אַ שייטל. אָבער ווען דאָס איז איר נמאס געוואָרן און זי האָט אויסגעטאָן דאָס שייטל, איז דער פאָטער נישט געווען קעגן דעם. כ׳האָב שוין דערמאָנט, אַז ער האָט זיך נוהג געווען מקיל צו זיין. שאלות וואָס די מוטער פלעגט פרעגן ביי אים פלעגט ער תמיד פסק׳נען לקולא. אָבער דאַווענען פלעגט ער דריי מאָל טעגלעך, ווי דער דין איז. ער פלעגט אויך פון מיר פאַרלאַנגען איך זאָל דאַווענען אינדערפרי, אָבער ער האָט מיר נישט געמאַכט קיין שוועריקייטן דערביי. ער פלעגט מיך מיטנעמען שבת אין שול אַריין און שפּעטער אינעם מנין וווּ ער האָט געדאַוונט. דעסגלייכן האָט ער מיך געלערנט תנ״ך, אָבער ווען ער האָט געזען, אַז עס איז בשטאָ קיין גרויסע ברכה אין מיין לערנען, האָט ער אויפגעהערט. געלט צו צאָלן אַ לערער, וואָס זאָל מיך לערנען אַנשטאָט אים, האָט ער נישט געהאַט.

די פּרנסה פון „עצות־געבן" האָט נישט געקלעקט. ער האָט געפּרוּווט זיין מזל אין מסחר און האָט נישט מצליח געווען, אַזוי אויך אין מלמדות. די ישועה איז געקומען פון זיין זון פון דער

ערשטער פרוי, וואָס האָט שוין שיין פאַרדינט אלס בוכהאַלטער. ער האָט באַשטימט פאַר אונדז אַ שטענדיקע חודש׳ליכע סומע צום לעבן, און די מאַטעריעלע לאַגע פון פאָטער איז געוואָרן דערטרעג־ליכער.

די באַשטימטע סומע האָט קוים געקלעקט, נישט איינמאָל האָב איך געהערט דעם פאָטער און די מוטער שמועסן וועגן דעם, אַז מ״דאַרף געלט אויף צוגרייטן דעם שבת. דעם פאָטערס תשובות זענען תמיד געווען: וואָס זאָל איך דיר טון, אַז איך האָב נישט. דאָך האָט מען אין שטוב נישט באַמערקט די אָרעמקייט. דאָס איז שוין געווען דער סוד פון דער מוטערס הויז־־ווירטשאַפט.

פונקט ווי זיין פאָטער דער רב, האָט ער אויך געקעמפט מיטן חסידות. ער פלעגט חוזק מאַכן פון די דערציילונגען וועגן די מופתים פון די צדיקים. די מוטער, וואָס האָט געצויגן איר יחוס פונעם לובלינער חוזה, פלעגט דערציילן וועגן זיין פטירה, אַז ער איז אַראָפּגעפאַלן פון דער הויך שפּאַגענדיק אום שמחת־תורה פונעם פענצטער אַנטקעגן משיח׳ן, וואָס האָט געזאָלט, לויט זיין חשבון, קומען אין אָט דעם טאָג. דער פאָטער האָט דעם ענין אויפגעקלערט אַזוי, אַז ער איז אַוודאי געווען בגילופין פון גרויס שמחה איבער דער תורה און איז אַראָפּגעפאַלן פון פענצטער. ווען ס׳האָט פּאַסירט אַ מאָל אַז אַ רב האָט געפּסקנ׳ט אַן אומגערעכטן פּסק־דין אין די עניינים פון גיטין אָדער עגונה, האָט ער זיך געשטעלט צום קאַמף קעגן דעם פּוסק.

צווישן די פּאַפּירן פון פאָטער האָב איך געפונען עקזעמפּלאַרן פונעם „המליץ״, וווּ עס זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן זיינע אַרטיק־לען קעגן אַ רב וואָס האָט מחמיר געווען, לויט זיין מיינונג, ביים אויסטייטשן דעם דין. ער האָט געזען אין דעם אַן אומגערעכטיקייט און געפאָדערט גערעכטיקייט און נישט די אָנווענדונג פון האַרבן דין. דער פאָטער איז געווען אַ לייענער פון „המליץ״. די „הצפירה״ האָט ער גריגגעשעצט. די פּשרה׳דיקייט פון סאָקאָלאָוו׳ן וואָס איז זיך באַגאַנגען פאַרזיכטיק לגבי חסידים און פרומע, איז נישט געווען לויט זיין גייסט. אבער אינעם לויף פון די יאָרן איז זיין קאַמפגרייט־קייט אָפּגעשוואַכט געוואָרן. ווען עס איז אויפגעקומען די חיבת־ציון באַוועגונג האָט ער זיך אין איר אנגעשלאָסן. אינעם באַריכט

פון אָדעסער קאָמיטעט האָב איך געפונען אויך זיין באַשטייערונג, הגם עס האָט אים תמיד געפעלט געלט אויף חיונה. כ׳געדענק, אין דער דערוואַכונגס־תקופה ביים סוף פון די אַכציקער יאָרן, האָבן אָנגעהויבן די יוגנטלעכע וועלכע זענען געווען איינגייער ביי אונדז אין שטוב, לערנען עברית. מעגלעך אַז אָט דאָס איז געשען דורך דער השפעה פון מיין פאָטער. אַ קינד בין איך דעמאָלט געווען און כ׳געדענק ווי דער לערער אין דער שול ווו איך האָב געלערנט, פלעגט אַרומשפאַנען בעת דער הפסקה און איינגעחזר׳ט „פקוד פקדתי״....

ווען ס׳האָט זיך דערנענטערט די צייט ווען כ׳האָב באַדאַרפט אָנגענומען ווערן אין גימנאַזיע איז דער פאָטער אַריבער קיין פלאָצק. מיין עלטערער ברודער האָט פאַרגרעסערט די חודשלעכע אונטער־שטיצונג זיינע און אַזוי אַרום איז עס דערמעגלעכט געוואָרן. איך האָב אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען אין דער ערשטער קלאַס מיט אויסצייכענונג, אָבער איך בין אריין אין דער פאַרבאַרייטונגס־קלאַס, צוליב די באַגרענעצונגען וואָס מ׳האָט דעמאָלט אָנגעווענדעט לגבי יידן. מיטן אַריינטרעטן אין גימנאַזיע איז דער עול פון מצוות פאַר מיר נאָך לייכטערער געוואָרן. דער פאָטער האָט מיר נישט געמאַכט קיין שוועריקייטן, אָבער ווען כ׳בין אלט געוואָרן דרייצן יאָר, האָט ער מיך געלערנט לייגן תפילין. א געוויסע צייט האָב איך געלייגט תפילין. ווען כ׳האָב אויפגעהערט עס צו טאָן, איז ער אַריבער אויף דעם מיט שטילשווייגן. אָבער ווען איך בין בכשל געוואָרן אין עפעס אַ קינדישע טאַט, וואָס איז באַצייכנט געוואָרן דורך די באַשולדיקער אַלס „גניבה״, האָט דער פאָטער מיך נישט געשוינט און זיך באַצויגן צום ענין מיט גרויסער האַרבקייט. עס האָט מיר פאַסירט אַ מיאוסער ענין. כ׳האָב געשפילט מיט מיינע חברים אין זעלנער. יעדער פון די מיטשפילער האָט באַדאַרפט ברענגען אַ געוויסן סכום, לויט זיינע מעגלעכקייטן, כדי צו קויפן האָלץ אויף צו מאַכן שווערדלעך.

כ׳האָב מיך נישט געקענט ווענדן צו דער מוטער אָדער צום פאָטער זיי זאָלן מיר געבן געלט אויף דעם צוועק, ווייל כ׳האָב געוווסט אַז זיי האָבן נישט. כ׳האָב מיך געשעמט דאָס אויפצודעקן פאַר מיינע חברים. מיין פאָטערס שוואָגער, אברהם גאָלדע, האָט

געהאַט אַ האָלץ־סקלאַד. נישט איינמאָל בין איך אַדורכגעגאַנגען דאָרט אין געזען ווי עס וואַלגערן זיך קליינע און גרויסע ברעטער אויפן הויף. אין איינעם אַ טאָג בין איך אַהין אַריינגעגאַנגען און גענומען אַ ברעטל וואָס האָט מיר אויסגעזען פּאַסיק צומאַכן פון אים אַ שווערד. קיינער איז דערביי נישט געווען אויפן הויף. אָבער איין באַאַמטער האָט עס באַמערקט און דערציילט דעם בעל־הבית זיינעם. די זאַך איז דערגאַנגען צום פאָטער. ער האָט מיך געהייסן אומקערן דאָס ברעטל. אָבער כ׳האָב עס שוין געהאַט איבערגעגעבן מיין קאָמענדאַנט און זיך געשעמט אים צו בעטן אַז ער זאָל עס מיר צוריקגעבן. ווידערשפּעניקן דעם באַפעל פון פאָטער האָב איך נישט געוואַגט. צו מיין מזל האָט מען נאָך נישט באַוויזן צו מאַכן פונעם ברעטל אַ קריגס־געצייג, און מ׳האָט עס מיר צוריקגעגעבן. ווען כ׳האָב עס געבראַכט אין שטוב אַריין האָט מיין פאָטער געהייסן כ׳זאָל עס צוריק אָפּגעבן דעם באַאַמטן אויפן הויף. איך האָב אויך דאָס געטאָן. דאַן האָט דער פאָטער מיך געבראַכט פאַר זיין שוואָגער, פאַר וועלכן איך בין געשטאַנען אַ פאַרשעמטער. כ׳האָב געהאַט אויסצוהערן האַרבע און באַליידיקענדיקע שטראָף־רייד. ס׳איז מיר קלאָר געוואָרן אַז כ׳בין באַגאַנגען אַ שווערע זינד — אַ גניבה.

קיין קערפּערלעכע שטראָף האָב איך נישט באַקומען, כ׳בין טיף דערבידעריקט געוואָרן. אַ לאַנגע צייט האָב איך מיר קיין אָרט נישט געקענט געפינען, נישט געקענט אויפהויבן די אויגן צו מיינע באַקאַנטע. דער פאָטער האָט מיך נישט פאַרשוינט און אויך די מוטער האָט נישט געבעטן קיין רחמים פאַר מיר. ביז היינט געדענק איך אָט דעם ענין. יעדעס מאָל, ווען כ׳האָב מיך אין דעם דערמאָנט אין מיינע קינדער־ און יוגנט־יאָרן האָב איך געציטערט פאַר בושה, אויך שוין דעמאָלט ווען כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז עס איז געווען נישט מער ווי אַ קינדישע טאַט, אָט די עבירה וואָס כ׳בין אין איר נכשל געוואָרן. אַזוי שטאַרק איז געווען די השפּעה פון דער מאָראַלישער שטראָף, מיט וועלכער כ׳בין דורך מיין פאָטער באַ־שטראָפט געוואָרן.

גרויס איז געווען זיין פרייד ווען כ׳האָב מיך געווענדעט צו אים, אין יענעם יאָר, מיט דער ביטע צו געפינען פאַר מיר אַ לערער, וואָס זאָל מיך לערנען העברעאיש. ער האָט מיך נישט

געפרעגט וואָס האָט פּאַסירט, פאַר וואָס האָט זיך אין מיר דערוועקט פלוצים אַ חשק צו לערנען העברעאיש. ער האָט מיר פאַרשפּראָכן אַז ער וועט אויסזוכן פאַר מיר אַ גוטן לערער און האָט דערפילט זיין הבטחה. שמואל פּענזאַן, וואָס איז געווען באַקאַנט אין שטאָט אַלס גוטער לערער האָט מסכים געווען מיך צו לערנען, און די לעקציעס האָט ער באַשטימט אויף האַלב עלף ביינאַכט — קיין אַנדערע צייט האָט ער נישט געהאַט. און אַ קליינעם שכר־לימוד האָט ער פאַרלאַנגט פאַר זיך, ווייל מ׳האָט אים דערציילט אַז דאָס געלט וואָס איך באַקום באַצאָלט פאַר מיינע לעקציעס גיב איך אים פאַר לערנען מיך העברעאיש. זייט דעמאָלט איז געקומען צו אַ גרעסערער דערנענטערונג צווישן מיר און מיין פאָטער. ער האָט דערפילט, אַז איצט וועט די השכלה נישט דערווייטערן זיין בן־זקונים פונעם יידישן פאָלק, זיין לעבן,ליידן און האָפענונגען. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז עס איז געשען אַ טיפע ווענדונג אין מיין באַוווסטזיין, כ׳האָב מיך צוריקגעצויגן פון דער אַסימילאַציע וואָס כ׳בין שוין געשטאַנען אויף איר שוועל. אַ ביטערן נסיון האָט ער געהאַט מיט זיין ברודער, וואָס איז געווען יינגער פון אים מיט צוואַנציק יאָר, און מיט זיין הילף האָט ער באַקומען בילדונג און איז אַריבער אין דער וועלט פון פּוילענטום. אַט דער פעטער מיינער האָט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען צו דער אַכטער גימנאַזיע־קלאַס, זי געענדיקט מיט אויסצייכענונג, און געלערנט מעדיצין אין דער מיליטערישער אַקאַדעמיע פאַר מעדיצין אין פעטערבורג. שפּעטער האָט ער געדינט אין מיליטער אַלס אַרצט. אינעם ראַנג פון אַ פּאָלקאָווניק (קאָלאָנעל) האָט ער פאַרלאָזט דאָס מיליטער, הגם מ׳האָט אים פאָרגעשלאָגן די ראַנג פון אַ גענעראַל, מיטן תנאי ער זאָל זיך שמד׳ן. ער האָט נישט מסכים געווען, זיך צוריקגעקערט קיין וואַרשע און אָנגעהויבן פּראַקטיצירן אַלס פּריוואַטער כירורג. אַ געוויסע צייט האָט ער זיך פאַראינטערעסירט מיט פראַגן פון מעדיצין און היגיענע ווי אויך מיט יידיש־רעליגיעזער געזעצגעבונג, און אין דער „הצפירה" זענען דערשינען זיינע אַרטיקלען, צווישן זיי פּאָלעמישע אַרטיקלען קעגן די אַנשויאונגען פון ד״ר י. ל. קאַצענעלסאָן. ער האָט זיך אָבער דערווייטערט פון דער יידישער וועלט. דער פאָטער האָט אויך נישט געהאַט קיין הצלחה מיט זיין

אייבּציקן זון וואָס איז אים געבּליבּן פון זיין ערשטער פרוי. אויך ער האָט זיך נישט געהאַלטן קעגן שטראָם פון אַסימילאַציע. הגם ער האָט אין זיינע קינדער יאָרן געלערנט אין דער „קאַלאָקאָטקאַ״. און אָט איז זיין בּן־זקונים, ביי וועמען ער האָט נישט מצליח געווען אויפצווועקן חשק פאַר יידישע לימודים און האָט זיך באַפרייט פונעם עול פון די רעליגיעזע מצוות און מנהגים, טראָץ אַלע אָנשטרענגונגען זיינע, צוריקגעקערט און זיך איבּערגעגעבּן מיטן גאַנצן הארצן דאָס לערנען די העבּרעאישע שפּראַך און איר ליטע־ראַטור, אָנגעהויבּן לייענען העבּרעאיש און פאַר דעם געלט וואָס ער האָט פאַרדינט פון זיינע לעקציעס געקויפט העבּרעאישע ביכער און אָבּאָנירט דעם „המליץ״. עס איז געווען אַ פאַרגיטיגונג פאַר די אַנטוישונגען פון יידישן משכיל, וואָס האָט מיט אייגענע הענט צעשטערט די טאַמע און געזען מיט פיל צער אין גייסטיקע הילפ־לאָזיקייט, ווי דער שטאַרקער וואַסער־שטראָם רייסט אַוועק פון אים זיינע תלמידים, זיין גייסט נאָענטע, און ער איז נישט בכוח עס אויפצוהאַלטן.

בּטבע איז דער פאָטער געווען אַ פאַרשלאָסענער אין זיך און נישט אויפגעדעקט זיינע געפילן, און זייט דער גייסטיקער ווענדונג מיינער האָב איך אָנגעהויבּן פילן אין זיין באַציאונג צו מיר אַ וואַרעמקייט וועלכע כ׳האָב פריער ביי אים נישט געקענט. ער האָט מיר פאַרצייט מיין גרינגשעצן די מצוות, וואָס ער האָט אומזיסט זיך באַמיט מיך צו זיי צוגעוווינען, און האָט זיך געפרייט ווען כ׳האָב איינמאָל אין אַ האַרציקן שמועס מיט אים, דערקלערט אַז איך נעם אויף מיר צו פאַסטן תשעה־באב, ווייל ער איז אַ נאַציאָנאַ־לער טרויער־טאָג און נישט קיין רעליגיעזער. כ׳האָב נאָך דעמאָלט נישט ווידערגעשפעניקט. כ׳בין געגאַנגען אין די יום־טוב־טעג צום „מנין״, וואָס איז געווען אינעם הויז פון זיין שוואָגער, גאָלדע, און נאָך דעם שוואָגערס טויט — אינעם הויז פון זיין זון, וועלכער האָט געלערנט אין דער ראַבּינער־שול אין וואַרשע, נישט געענדיקט די שול און געוואָרן אַ דערפאָלגרייכער סוחר. ער האָט אָבער נישט געענדערט דעם מנהג פון זיין פאָטער, און ער האָט אויפגעהאַלטן דאָס „מנין״ אין זיין הויז. מיין פאָטער איז אינעם „מנין״ געווען אַ מורה הוראה, פעסטגעשטעלט דאָרט דעם סדר־התפילות. ווען איך

בין געוואָרן בר־מצווה האָט מיך מיין פאָטער משתּף געווען אין ברכּת־הכּוהנים.

ווען כ׳האָב אַראָפּגעוואָרפן פון מיר דעם עול פון רעליגיע און מצוות, מחמת דער דערקענטעניש וואָס איז אין מיר שטופנווייז רייף געוואָרן, און נאָכדעם ווי כ׳האָב פאַרלוירן מיין גלויבן אָן אַן אייבערלעכן געראַנגל און מאַטערניש — האָט דער פאָטער גאָרנישט געטאָן מיך פון מיין וועג צוריקצוקערן. בלויז איינמאָל האָב איך גורם געווען גרויס צער, ווען כ׳האָב אים אויפגעדעקט אין אַ שמועס מיט אים, אַז כ׳האָב מיין גלויבן לחלוטין פאַרלוירן און איך בין אַ כּופר בעיקר. ער האָט נישט פּרובירט מיר שטראָף־רייד צו זאָגן, אָבער ער האָט זיינע געפילן נישט געקענט באַהערשן און כ׳האָב פאַרשטאַנען ווי גרויס עס איז זיין ווייטיק, וואָס זיין זון איז אַזוי ווייט דערגאַנגען.

כ׳געדענק נישט די פּרטים פון אונדזער געשפּרעך דעמאָלט, נאָר דעם רושם וואָס עס האָבן געמאַכט אויף מיר זיינע יסורים, וועלכע ער האָט נישט געקענט פאַרבאַהאַלטן.

דעמאָלט האָט ער פאַרשטאַנען, אַז זיינע האָפענונגען מיך צו שיקן אין ברעסלאַווער סעמינאַר און מיך זען אַמטירן אין וואַרשע, אָדער אין אַן אַנדערער גרויסע שטאָט אין פּוילן אַלס רב־העדה פאַר אויפגעקלערטע, איז לחלוטין צונישט געוואָרן.

בעת איך בין געווען אין דער פערטער קלאַס איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז ווען איך וועל ענדיקן די גימנאַזיע וועל איך אַריין אין דער אוניווערזיטעט, אין דער מעדיצינישער פאַקולטעט, פאַרשטייט זיך, ווייל אין יענער צייט איז צוליב די רעכטס־באַגרע־נעצונגען פון יידן ביים אָננעמען זיי אויף דעם אוניווערזיטעט, בלויז די מעדיצין געבליבן ווי אַ מעגלעכע פּרנסה־פּראָפעסיע פאַר יידן. דער פאָטער האָט זיך געטרייסט אַז איך וועל גיין אין די וועגן פון מיין פעטער און אפשר וועל איך אויך ווערן זיין געהילף אין דעם קליינעם שפּיטאָל וואָס ער האָט אויפגעבויט.

אָבער איך האָב זיי ביידע אַנטוישט. זיין איינציקע טרייסט איז געווען מיין ציוניזם און מיין אַרבעט אין דער באַוועגונג. דער פאָטער איז אַלט געוואָרן אַכציק יאָר. אַלס זיבעציק־יעריקער פלעגט ער נאָך פאָרן קיין פּלאָנסק אויף אַ וואָגן, אַ גאַנצע נאַכט. ער האָט

פאַרמאָגט אַ בוי־פּאַרצעלע, עמיצער האָט די בוי־פּאַרצעלע פאַר־נומען, און דער פאָטער האָט זיך פּראָצעסירט אַ לאַנגע צייט וועגן זיין רעכט אויף דער פּאַרצעלע.

זייט מיינע קינדער־יאָרן ביז כ׳בין אַריין אין דער אוניווערזיטעט האָט ער זיך באַשעפטיקט מיט אָט דעם פּראָצעס ביז ער האָט אים געוווּנען. עס איז געווען זיין לעבנס־קאַמף. נאָך דעם ווי ער האָט געזיגט אין אָט דעם פּראָצעס און די טעג פון שמחה זענען פאַרביי, האָט ער איינגעזען אַז פּאַקטיש האָט זיך גאָרנישט געענדערט אין זיין לעבן און אין לעבן פון דער פאַמיליע, ווייל דעם סכום וואָס ער האָט באַקומען פאַר דער פּאַרצעלע איז שוין דעמאָלט נישט געווען קיין גרויסער — פיר הונדערט רובל. זיין לעבן איז אויס־געליידיקט געוואָרן פון יעדן תוכן. די קינדער זענען געגאַנגען אין די וועגן וועלכע זיי האָבן פאַר זיך אויסגעקליבן, און די אַלטע לייט זענען געבליבן איינזאַם און עלענט אין פּלאָצק. איך און מיין שוועסטער האָבן איינגעפונען אַז עס איז גלייכער זיי אַריבערצופירן קיין וואַרשע. עס איז פאַרלאָרן געגאַנגען פאַרן פאָטער יענע סביבה וואָס האָט אים פאַרערט. זיין וואַרשע האָט שוין מער נישט עקזיס־טירט.

די עלטער זיינע האָט זיך אים געלאָזט פילן אַלץ מער און מער. ער האָט שוין נישט געקענט לייענען, די עלטער־דעגענעראַציע האָט זיך אַלץ מער פאַרשטאַרקט. עס איז געווען אַ צער, אַ גרויסער צער, צוצוזען אָט די דעגענעראַציע.

## שמואל פענזאן

ער איז געקומען קיין פלאַצק פון איישישאָק, אַ שטעטל נעבן ווילנע, פול מיט ידיעות און דער העברעאישער שפּראַך, איר דקדוק און איר ליטעראַטור און אויך קענטעניש אין תלמוד. כ'האָב מיך נישט אינטערעסירט ווו ער האָט געלערנט, אין וועלכער ישיבה, וואָס האָט מיט אים פּאַסירט ביז ער איז געוואָרן אַ רייפער מענטש און וואָס עס איז געווען די סיבה פון זיין קומען קיין פלאָצק און זיין דאָרט אַ לערער פון העברעאיש.

ער האָט זיך קונה שם געווען ווי אַן אויסגעצייכענטער לערער און ער פלעגט אונטעריכטען גימנאַזיע־שילער וואָס זייערע עלטערן האָבן פאַרלאַנגט אַז זיי זאָלן קענען אויך העברעאיש, אָדער, ווי עס האָט זיך געפירט אין יענער צייט ביי האַלב־„פאַרגעשריטענע" פאַמיליעס, זיי זאָלן זיך צוגרייטן צו בר־מצווה און פאַרשטיין דעם פירוש־המילות אין דער הפטורה און אין די תפילות.

פענזאן האָט גערן מסכים געווען צו דער בקשה פון פאָטער ער זאָל מיך לערנען עברית. ער איז געווען לערער פאַר העברעאיש ביי דער פאַמיליע גאָלדע און געקענט דעם פאָטער און אפשר האָט ער אויך געהערט וועגן מיר אַז איך וויל לערנען עברית. דאָס איז געווען אַ זעלטענער פאַל אין יענע יאָרן, דעריבער האָט ער מוסיף געווען צו זיין אַרבעטס־טאָג נאָך אַ שעה אַרבעט, באַשטימט די צייט פון דער לעקציע אויף האַלב עלף ביינאַכט און איז אויך געזעסן מיט מיר אַמאָל ביז חצות.

געווען איז פענזאן אַ פעדאַגאָג פון גאָטס גענאַד. ער האָט זיך באַמיט צוצופּאַסן זיך צו דער נאַטור פון תלמיד און זיינע פעאיקייטן און דערוועקן אין אים ליבשאַפט צו דער שפּראַך. נישט שטענדיק איז עס אים געלונגען. די אַטמאָספער אין גימנאַזיע און די גלייכ־

גילטיקייט פון די עלטערן האָט אַ סך מאָל גובר געווען זיינע אָנשטרענגונגען, און זיין גאַנצע מי איז געווען אַן אומזיסטע. ביי מיר האָט ער געפונען אַ שטאַרקן ווילן צו לערנען און צו קענען די שפּראַך און אַ גרייטקייט פלייסיק צו לערנען. זיין אויפגאַבע איז דעריבער געווען צו געפינען דעם ריכטיקן וועג. ווי צו פאַרשטאַרקן מיין אינטערעס צום לערנען און מיין ליבשאַפט צו דער שפּראַך, וואָס כ׳האָב, זיינערצייט, נישט גערן געלערנט ביי מיין פאָטער.

ער האָט געפונען דעם ריכטיקן וועג. נאָך אַ קורצער צייט, אין משך פון וועלכער איך האָב באַנומען און אויסגעלערנט די עיקר יסודות פון דער גראַמאַטיק און אָפּגעפרישט אין זכרון דעם ווערטער־אוצר וואָס כ׳האָב שוין געקענט, האָט ער אָנגעהויבן מיך אַריינצו־פירן אין תנ״ך — „דברים״, איבער חומש, ישעיה אין די נביאים און אויך אין די כתובים. דערביי פלעגט ער מיר דערציילן פאַרשי־דענע אַגדות, ס׳רוב פון חורבן און גאולה קאַפּיטלען, און האָט פאַרלאַנגט פון מיר איך זאָל ווידערהאָלן שריפטלעך דאָס וואָס ער האָט מיר דערציילט. איך האָב זער ליב באַקומען די לעקציעס. די אַגדה־דערציילונגען, די ווערטער פון נביא ישעיה און די ווערטער פון שעפער פון דער נאַציאָן ווי זיי זענען איבערגעגעבן אין דברים, האָבן זיך גוט געפּאַסט צו דעם וואָס איך האָב געגאַרט ווען כ׳האָב באַשלאָסן צו לערנען און קענען עברית. פענזאָן האָט נישט בלויז געעפענט פאַר מיר די מקורות פון דער שפּראַך, נאָר ער האָט אויך געגעבן אין מיין האַנט אַ שליסל — וואָס כ׳האָב שוין געקענט זעלבסטשטענדיק זיך מיט אים באַנוצן — צו פאַרשטיין דעם גייסט פון תנ״ך, דאָס מאָראַלישע שטראָף־וואָרט און די וויזיע פון דער גאולה. די אַגדות האָבן פאַר מיר אַנטפּלעקט דעם פיין פון דער פאַרקנעכטונג און די האָפענונגען אויף דערלייזונג. ער האָט פאַר־לאַנגט פון מיר איך זאָל שרייבן אין מיין אייגענעם סטיל דעם אינהאַלט פון די אַגדות, און איך זאָל לערנען אויף אויסוועניק די רייד פון די גרויסע נביאים, אויף אַזאַ אופן איז אים געלונגען מיך אַריינצוטאָן און צו פאַראינטערעסירן מיט דער וועלט פון אונטער־יאָכונג אין גלות, גאולה־בענקשאַפט און געראַנגל, אויפצודעקן פאַר מיר דעם סוד־הקיום פון די יידן אונטער אומאויפהערלעכע רדיפות, דעם מקור פון זייער כוח צו ליידן, זייער נישט אונטערגעבן

זיך אין גראַנגל אין אַלע דורות. כ'האָב פאַרנאַכלעסיקט מיינע לימודים אין גימנאַזיע. אָט די לעקציעס האָב איך געמאַכט אין אַ שעה ווען עס איז נישט טאָג און נישט נאַכט אָדער זיצענדיק אין קלאַס, ווען מ'האָט זיך נישט באַדאַרפט צוהערן צו די רייד פונעם לערער, די אונט־שעה'ן, ביזן קומען פון פענזאַנען, האָב איך געווידמעט דאָס צוגרייטן די העברעאישע לעקציע און ווידערהאָלן די קאַפּיטלעך תנ"ך.

פענזאַן פלעגט נישט אויפקלערן דעם היסטאָרישן הינטערגרונט פון נביא'ס רייד. ווען כ'האָב אָנגעהויבן לייענען די געשיכטע־קאַפּיטלען וואָס ד"ר ש. בערנפעלד האָט פאַרעפנטלעכט אין „השי־לוח" און די אַרטיקלען וועגן ביבל־קריטיק ווי אויך וועלהויזענס ביכער — בין איך טיילמאָל געווען אומצופרידן מיט דער שיטה פון פענזאַנען. אָבער בעת'ן לערנען די דברי־הנביאים אַזוי ווי זיי זענען געשריבן און אונדזער תנ"ך, האָב איך נישט איינמאָל פאַרגעסן אַז די ווערטער זענען געזאָגט געוואָרן אין די צייטן פון די מלכים פון יהודה און ישראל אין דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט, אין די צייטן פון די רויבערישע אימפּעריעס פון אַזיע און אַפריקע, וואָס צווישן זיי האָבן זיך געפונען די צעטיילטע און קליינע ישראל און יהודה און האָבן זיך געראַנגעלט פאַר זייער קיום, לעבן און אייגנטימלעכן גייסט. ס'האָט זיך מיט געדאַכט, אַז זייערע שטראָף־און טרייסט־ווערטער זענען געווענדעט צו אונדז, צו אונדזער דור, וואָס אויך ער ראַנגלט זיך מיט זיינע פיינט, וואָס ווילן אים אומ־ברענגען. ווען כ'בין אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער ציון־באַוועגונג צוערשט אין דעם פאָרם פון חיבת־ציון, האָט זיך מיר געדאַכט אַז אָט די באַוועגונג איז נישט אַנדערש ווי אַ המשך פון דער משיח־וויזיע, וועגן וועלכע עס ריידן די גרויסע נביאים, די וויזיע פון „אַחרית הימים" האָט זיך ביי מיר צונויפגעגאָסן מיט דער וויזיע פון יידישער גאולה און צוריקקער אין זייער פאָטערלאַנד.

דאָס לערנען דעם תנ"ך מחוץ פון צייט און שטח איז אַ וואונדערלעכע סגולה צו זען אין אים אַ בוך פון נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער וויזיע. ווען כ'האָב איינמאָל געהערט לייענען פאַר אַרבע־טער, אין אַ פּשוט־יידישער איבערזעצונג, נבואה־קאַפּיטלען וואָס מוסר'ן די אויסנוצער פון די אָרעמע, האָב איך געזען אַז די צוהערער

האָבן באַנומען און אויפגעפּאַסט די ווערטער פון נביא ווי אַ פלאַמיקע און מיטרייסנדיקע סאָציאַליסטישע פּראָקלאַמאַציע. כ׳האָב פאַר־שטאַנען, אַז טיילמאָל דערוויטערט די היסטאָרישע אויפקלערונג דעם לייענער און שוואַכט אָפּ דעם מעכטיקן רושם וואָס די פלאַמיקע ווערטער פון די נביאים מאַכן אויף זיי. מיין האַרץ האָט זיך געעפנט פאַר פאַרשטיין דעם גייסט פון די ווערטער פון שטראָף און וויזיע, וואָס האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין איין גאַנצער אייביקער האַרמאָניע. כ׳האָב בישט געפרעגט קיין פראַגעס וועגן מצרים און ארם, אשור, בבל און פּרס, די אַגדות וועגן דער רשעות און יאָך פון אדום, וואָס כ׳האָב געהערט פון מויל פון לערער, זענען אויך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין לעבעדיקע זאַכן, סימבאָלן פון אונדזער לעבן, ליידן און האָפענונגען אינם איצטיקן דור.

פענזאָן האָט מיר געגעבן דאָס וואָס איך האָב געזוכט — די וועלט פון מיין געפיינִיקט און געפּלאָגט פאָלק וואָס ראַנגעלט זיך מיט דער רשעות, אין אומאויפהערלעכן קאַמף, די וועלט פון זיינע האָפענונגען אויף גאולה און דערלייזונג.

אַ סך תלמידים האָט פענזאָן געהאַט. בישט אַלע האָט ער באַוויזן אָנצושטעקן מיט זיין גייסט, מיט זיין ליבע צו דער שפּראַך, אָבער אַלע געדענקען מיט דאַנק זיינע לעקציעס, אַפילו ווען זיי האָבן זיין תורה פאַרגעסן. אַ סך האָבן אים דערמאָנט מיט ליבע אַפילו דאַן ווען זיי האָבן זיך דערווייטערט פון דער וועלט פון דער העברעאישער ליטעראַטור. כ׳האָב אַמאָל געהאַט די געלעגנהייט צו לייענען וועגן יידישן דיכטער זושע לאַנדוי, וואָס איז אויך געווען פענזאָנס אַ תלמיד, און איז געווען אים דאַנקבאַר אַלע יאָרן.

אַ געוויסע צייט זענען די לעקציעס איבערגעריסן געוואָרן. פענזאָן האָט זיך צוליב עפּעס אַ סיבה צוריקגעקערט אין זיין שטעטל. כ׳האָב געשריבן צו אים אַ בריוו אין העברעאיש ; געווען איז עס מיין ערשטער בריוו, פול בענקשאַפט און השתפכות־הנפש. אין זיין ענטפער האָט ער אונטערגעשטראָכן אַז דער אויסדרוק : „נפשי עלי משתפכת" („די נשמה גייט מיר אויס") ווען איך דער־מאָן מיך אין זיינע לעקציעס וואָס זענען איבערגעריסן געוואָרן, האָט אויף אים געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. ער איז געווען צופרידן

פון מיין חיבור, ער האָט אָבער באַדויערט וואָס איך דריק אויס מיינע געדאַנקען אין אַ פּשוטער שפּראַך און באַנוץ מיך נישט מיט מליצות. אין די חבורים וואָס איך פלעג שרייבן אויף זיין פאַרלאַנג האָב איך זיך געוויינלעך נישט באַנוצט מיט מליצות. די שפּראַך פון חבור, פלעגט ער זאָגן, איז אַ טרוקענע זי האָט נישט אין זיך די זאַפטיקייט וואָס קוועלט אַרויס פון דער תנכישער מליצה און אַט האָב איך געשריבן „נפשי עלי משתפכת״ צוליב זיין אָפּוועזנהייט און איבערייס פון די לעקציעס. עס האָט זיך דערוואַרעמט די נשמה פון פענזאַנען און ער האָט מיר מודיע געווען אַז ער קומט צוריק קיין פלאָצק. אַזאַ איז געווען מיין איינדרוק דעמאָלט, ווען כ׳האָב באַקומען דעם ענטפער־בריוו פון באַליבטן לערער. אָבער נישט בלויז צוליב מיר איז ער צוריקגעקומען. ער האָט באַשלאָסן זיך צו באַזעצן פלאָצק, ווו ער האָט געהאַט גוטע תלמידים. עטלעכע יאָר האָב איך געלערנט און נישט אויפגעהערט ביז איך בין אַריבער אין דער פינפטער אָדער זעקסטער קלאַס. כ׳בין שוין דעמאָלט געווען אַ לאַנג־יעריקער לייענער פון דער העברעאישער ליטעראַטור און שוין געקענט אַליין מיך לערנען און פאַרפולקאָמען דאָס וואָס כ׳האָב נישט באַוויזן צו דערוואַרבן אין די לעקציעס פון פענזאַנען. כ׳האָב מיך נישט נוהג געווען צו מאַכן באַזוכן ביי אים אין שטוב. ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ פרוי וועלכע האָט ווייטער געפירט איר געווע*לב, פאַרקויפט אַלקאָהאָל־געטראַנקען. ס׳איז נישט געווען קיין שענק, אָבער ווען כ׳בין פאַרבייגעגאַנגען דאָרט אַמאָל האָט עס געמאַכט אויף מיר אַ שווערן איינדרוק און דאָס האָט מיך דער־ווייטערט פון מיין לערער. ער פלעג נאָך אַלץ לויפן פון איין הויז צום צווייטן, צו פאַרשפּרייטן די קענטעניש פון דער העברע־אישער שפּראַך, אָנשטעקן זיי מיט ליבע צום יידישן פאָלק און זיין ליטעראַטור.

ביי מיין ציוניסטישער אַרבעט, וועלכע איך האָב אָנגעהויבן זייענדיק אַ שילער פון די העכערע גימנאַזיע קלאַסן, איז מיר נישט אויסגעקומען זיך מיט אים צו באַגעגענען. זיינע לעקציעס, אָפּנים, האָבן ביי אים אָנגעקערעוועט זיין גאַנצע צייט. פאַר מיין אָפּפאָרן אין דער אוניווערזיטעט בין איך געגאַנגען זיך מיט אים געזעגענען. ער האָט געוווינט אויף אַן אויבערשטן שטאָק איבער זיין געוועלב

און ער האָט מיך נישט פאַרגעשטעלט פאַר זיין פרוי. כ׳בין נישט לאַנג געזעסן ביי אים. כ׳האָב מיך געזעגנט און אַוועקגעגאַנגען.

מיר האָבן נישט קאָרעספּאָנדירט צווישן זיך. ער האָט אַפילו קיין איינמאָל נישט געשריבן צו מיר, אויך דעמאָלט ווען מיינע אַרטיקלען זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין „הדור" און אין „השילוח". אָבער ווען עס איז אַרויס אין דער אויסגאַבע פון „אחיאסף" די ערשטע זאַמלונג פון מיינע אַרטיקלען, האָב איך די זאַמלונג געווידמעט, ווי אַן אויסדרוק פון דאַנק און אַנערקענונג, דעם לערער וואָס האָט מיך אַריינגעפירט אין אונדזער נאַציאָנאַלער וועלט.

עס זענען געקומען די טעג פון פוילענס באַפרייאונג. עס איז באַנייט געוואָרן די פוילישע „זשעטשפּאָספּאָליטאַ" (רעפּובליק) און איך בין געוויילט געוואָרן אין געזעצגעבנדן סיים. כ׳האָב געוווסט אַז פּענזאָן פאָלגט נאָך מיין טעטיקייט. ווען כ׳האָב אים באַזוכט בעת מיין ווילן אין פּלאָצק, אין שיכות מיטן ענין פון רב שפּיראָ, זענען מיר געזעסן ביים טיש און ער האָט געגלעט מיט ליבשאַפט מיין האַנט, אָבער גערעדט האָבן מיר ווייניק. ער איז געווען זער גערירט און ער האָט געמאַכט אַנשטרענגונגען צו באַהאַלטן זיינע געפילן, אָבער עס איז אים נישט געלונגען. אַפילו אין דער תקופה פון מינאָריטעטן־בלאָק וואָס האָט אויך אין פּלאָצק דערוועקט גרויס סימפּאַטיע, האָט זיך פּענזאָן נישט באַטייליקט אין דער פּאָליטישער אַרבעט.

ווען עס האָט זיך געעפנט אַ יידישע גימנאַזיע, איז פּענזאָן איינגעלאַדן געוואָרן צו לערנען דאָרט עברית. די לערן־שפּראַך אין דער גימנאַזיע איז געווען פּויליש און די באַציאונג צו עברית איז נישט געווען, זעט אויס, אַזאַ ווי די וואָס האָט געהערשט אין די לאָדזשער גימנאַזיעס אונטער דער לייטונג פון ד״ר ברוידע, הגם אויך אין זיי איז די לערן־שפּראַך געווען פּויליש. כ׳האָב מיך אינטערעסירט צו וויסן צו פּענזאָן האָט אַזאַ דערפאָלג אין גימנאַזיע ווי ער האָט געהאַט אין זיינע פּריוואַטע לעקציעס. צו מיין באַדויערן איז די תשובה געווען אַ נעגאַטיווע. ער האָט נישט געקענט באַהערשן די קלאַס. אַ גוטהאַרציקער געווען, נישט געקענט שטרענג זיין און געהאַט אַ נטיה מוחל צו זיין, און לערער מיט אַזעלכע אייגנשאַפטן

וועלכע לערנען אַ קעגענשטאַנד וואָס די לייטונג און די תּלמידים זעען נישט אין דעם קיין חשיבות פון ערשטער מדרגה, האָבן, געוויינלעך, ווייניק שליטה איבער די תּלמידים, וועלכע גריינגשעצן און וואַרפן אַראָפּ פון זיך דעם עול פון איינהערן זיך ביי דער לעקציע און האָבן ווייניק דרך־ארץ פאַרן לערער.

ער איז געשטאָרבן פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, אָבער זיין אָנדענק איז איינגעקריצט אין די הערצער פון הונדערטער זיינע תּלמידים, וואָס האָבן זיך צעשפּרייט אין די גלות־תפוצות און האָבן געגעבן אַ גרויסן ביישטייער פאַר דער אַרבעט אין פאַרשיידענע פּאַרטייען. די טאַלאַנטירטע שרייבער צווישן זיי, זענען נישט תּמיד טריי געבליבן דער העברעאישער שפּראַך וואָס פּענזאָן האָט זיך באַמיט אין זיי איינצופּלאַנצן, און פאַרוואָרצלען אין זייערע נשמות.

# פינסקערס געביין אין ירושלים

מיט אַ געוויסע צייט צוריק האָט מען אַנטדעקט אויפן שטח וווּ עס שטייען די בנינים פון דער העברעאישער אוניווערזיטעט אַ גרויסע הייל און דאָרט האָט מען געפונען אַן אָרון מיט אויפשריפטן אין העברעאיש און גריכיש. די אויפשריפטן האָבן דערציילט אַז אינעם אָרון זענען באַהאַלטן די ביינער פון ניקנור פון אַלעקסאַנדריע. דאָס איז געווען אַ רייכער ייד וואָס האָט געשענקט פאַרן בית־המקדש אַ בראָנזענעם טויער, וואָס איז געווען באַקאַנט אַלס דער „גאָלדענער טויער". פיל לעגענדעס זענען געוועבט געוואָרן אַרום אָט דעם טויער. אוסישקין האָט באַשלאָסן צו פאַרוואַנדלען די הייל אין אַ פלאַץ פאַר אייביקער רו פאַר אונדזערע גרויסע מנהיגים, פאַר די גרינדער פון אונדזער באַפרייאונגס־באַוועגונג, וואָס זענען געשטאַנען בראש פונעם געראַנגל פאַר ארץ־ישראל. ס'איז אויך געווען אין דעם די כוונה איינצופּעדימען די ערשטע תקופה פון אונדזער נאַציאָנאַלן רענעסאַנס אינם געוועב פונעם זעלבסט־שטענדיק־סוווערנעם לעבן פון דער נאַציאָן, דאָרט וווּ עס איז איבערגעריסן געוואָרן די גאָלדענע קייט פון יידישער פרייהייט.

אין אָט דער הייל איז געבראַכט געוואָרן צו קבורה דאָס געביין פון פינסקערן, יענער פינסקער, וואָס האָט שוין אין יאָר 1881, נאָך די פּאָגראָמען אין דרום־רוסלאַנד, זיך געווענדעט צום יידישן פאָלק מיט אַ באַגייסטערטן רוף אָנצוהויבן דעם קאַמף פאַר זעלבסט־באַפרייאונג און איז אויך געווען דער ערשטער וואָס איז איבער־געגאַנגען פון וואָרט צו טאַט — געשטעלט זיך בראש פון דער קאָלאָניזאַציע־באַוועגונג, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען אויף אַ ספּאָנטאַנישן אופן צווישן רוסישע און פּוילישע יידן. אין אָט דער באַוועגונג האָט פינסקער אַריינגעבראַכט דעם גייסט פון

א נאַציאָנאַל־באַפרייַערישע באַוועגונג, פאָרמולירט איר אידעאָלאָגיע און אָנגעמערקט די ערשטע שריט וואָס דאַרפן געמאַכט ווערן אויף דעם לאַנגען און שווערן וועג וואָס פירט צום ווייטן ציל.

נאָך הייַנט, 43 יאָר נאָכן טויט פון פינסקערן און 52 יאָר נאָכן דערשייַנען פון זייַן חבור „אויטאָעמאַנסיפּאַציע“, לעבט די תורה זייַנע און וועט אייביק לעבן. איצט האָט מען געבראַכט דאָס געביין פונעם אָנזאָגער פון דער זעלבסט־באַפרייַאונג פון אָדעס קיין ירושלים, און זייַן אָרון האָט פאַרנומען דעם ערשטן פּלאַץ אין דער הייל פון ניקנור פון אַלעקסאַנדריע, וואָס איבער איר דערהויבן זיך די בנינים פון דער אוניווערזיטעט און אין דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט האָבן דאָ געלאַגערט די לעגיאָנען פון טיטוסן. נאָך 50 יאָר אַרבעט האָט דער יידישער ישוב אין לאַנד און די ציוניסטישע באַוועגונג זוכה געווען אויפצונעמען דאָס געביין פון גרויסן לערער און מנהיג, וואָס האָט אָנגעצייכנט און געוויזן דעם וועג פון קאַמף און אויפבוי. נישט לייכט איז אָנגעקומען דאָס אַרויסנעמען פינסקערס געביין פון רוסלאַנד. ס'איז געווען נויטיק צו מאַסקירן די אונטערנעמונג כדי די „יעווסעקציע“ זאָל דערפון נישט געוווּיר ווערן. ערשט אין תל־אָביב איז דער סוד אויפגעדעקט געוואָרן. דאָס געביין פון פינסקערן איז אריבערגעפירט געוואָרן אין דער יידישער נאַציאָנאַל־היים וואָס ווערט אויפגעבויט, נישט געקוקט אויף אַלע שוועריקייטן, מיט וואַקסענדיקער שנעלקייט.

די לעצטע יאָרן פון פינסקערן זענען געווען פול מיט טיפער טראַגיק. אָט דער אַלטער מאַן, וואָס האָט געטאָן דינסט פאַר דער השכלה און דער אַסימילאַציע מיטן רוסישן פאָלק, האָט פּלוצים אַנטדעקט דעם ריכטיקן וועג וואָס פירט צום ציל, צו דער זעלבסט־באַפרייַאונג פון דעם פאָלק וואָס האָט אויפגעהערט צו זייַן אַ לעבעדיק פאָלק. ער האָט געגלויבט אַז זייַנע פלאַמיקע ווערטער וועלן אויפוועקן דאָס פאָלק און ער וועט אָנשטרענגען זייַנע מעכטיקע כוחות פאַר גרויסע טאַטן.

אין דער געשיכטע פון פאָלק און אין דער געשיכטע פון זייַן לאַנד וועט זיך אָנהויבן אַ גלאַנץ־תקופה. ער האָט געקלערט אַז די באַוועגונג וועט שוין אין סאַמע אָנהויב זיך צעגיסן אין אַ גרויסן, ברייטן שטראָם און מיטרייסן מיט זיך אַלץ וואָס לעבט און וויל

לעבן אין אַט דעם פֿאָלק, וואָס צאַפּלט צווישן לעבן און טויט. אָבער יעדער גרויסער און ברייטער פּלוס נעמט זיין אָנהויב פֿון קליינע קוואַלן, קלענערע פּלוסן צום אָנהויב, וואָס גיסן זיך צוזאַמען מיט איינאַנדער. אַזאַ איז דער דרך הטבע און קיין מענטשן איז נאָך נישט געלונגען עס צו ענדערן.

פֿאַרן לערער און נביא — איז אַט דער וועג געווען אַ קוואַל פֿון יסורים און אַנטוישונגען. דער המון איז נישט אימשטאַנד צו זען דעם אמת ווי ער איז. ער וויל נישט זען דעם ריכטיקן וועג, ער איז נישט רייף פֿאַר גאולה, ער איז דורכגעפּוילט און דעגענע־רירט.

צען יאָר לאַנג האָט פּינסקער טאָג־טעגלעך דורכגעלעבט אַט די טראַגעדיע. צען יאָר איז ער געשטאַנען בראש פֿון דעם לאַגער, וואָס האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום אים, אַרום דעם לערער, וואָס האָט געשילדערט דרייסט און אָן פּחד דאָס יידישע פֿאָלק ווי אַ בר־מינן וועלכער גייט אַרום צווישן די לעבעדיקע. און דאָך האָט ער געגלויבט באמונה שלמה אַז שטאַרקע לעבנס־אימפּולסן שלאָגן נאָך אין אַט דעם בר־מינן און געהאָפֿט זיי צו אַקטיוויזירן מיט זיין באַגייסטערטן רוף צו אַ גראַנדיעזער טאַט. אָבער, ער איז געווען געצוווּנגען זיך צו באַשעפֿטיקן מיט קלייניקייטן. און נישט בלויז דאָס, ער האָט אויך געזען דעם ברוד און שמוץ וואָס פֿאַרשטאָפּן די קוואַלן פֿון לעבעדיק־שטראָמיקן וואַסער. און אַן אַכזריותדיקע פֿראַגע איז געשטאַנען פֿאַר אים אָפֿט, און אפשר תמיד: צי וועלן די לעבעדיקע קוואַלן גובר זיין די פֿאַרפּוילטקייט? צי וועט אויפֿ־שטיין דער בר־מינן און וועט לעבן?

פּינסקער איז געווען אַ לערער און אַ נביא־אמת, דעריבער האָט ער זיך נישט מיאש געווען, נישט געוועגדעט דעם רוקן מיט פֿאַראַכטונג, נישט אַנטלאָפֿן אין עולם־התוהו פֿון פֿאַנטאַזיע און אוואַנטורע. דעם וועג פֿון אמת פֿאַרלאָזט מען נישט צוליב אַ לייכט־זיניקן קפֿיצת־הדרך, און אַפֿילו ווען דער וועג איז אַ שווערער און זומפּיקער, גייט מען ווייטער, אין אויפֿשטייג און נידערגאַנג, אין אומאויפֿהערלעכן אָנשטרענג. נאָר די געפּעלשטע באַוועגונגען זוכן אַ פֿאַנטאַסטישן קפֿיצת־הדרך, און עס דאַכט זיך זיי אַז ער אַנטפּלעקט זיך פֿאַר זיי אין זייער פֿאַרשטעלונג. נאָר משיחי־שקר

פּרובירן פליען, און שפּירן נישט און פילן נישט אַז זיי פאַרמאָגן בלויז אַן אָנצייכעניש פון פליגלען.

עס איז אונדזער פליכט זיך אָפּצושטעלן צייטנווייז אויף אונדזער שווערן און דערמידנדיקן וועג וואָס מיר גייען, בעת אונדזערע אויגן זענען געווענדעט צום געוווּנטשענעם ציל. ווייל דער ציל איז נאָך אַזוי ווייט און די ווירקלעכקייט אַנטשפּרעכט נישט דעם געשטרעבטן, פּאַסט זיך נישט צו, צו די באַדערפעניש. דעריבער טאָקע איז לייכט, אַזוי לייכט, אין יאוש אַריינצופאַלן. די וואָס לעכצן נאָך קפיצת־הדרך ווערן לייכט אַריינגעשלעפּט אין אַ שגאָה־געפיל צו אָט דעם וועג אין וועלכן מיר גייען, אַ וועג פון שטיינער און זומפּ, וואָס זעט אויס צו זיין אָן אַ סוף. דער תהום צווישן דעם שטרעבן און באַדערפעניש, צווישן דעם געגאַרטן און דער ווירקלעכקייט, איז אַזוי טיף און ברייט, און דער וועג וואָס פירט באַרג־אַרויף, איז אַזוי שמאָל און שווער, אַז ער קען יעדע רגע ברענגען צו אַ קאָפּ־פאַרדרייאונג. און מיר מאַרשירן דאָך אויפן ברעג פון תהום ממש.

דעריבער איז אונדזער פליכט פון צייט צו צייט צו וואַרפן אַ בליק אויף צוריק און אַרומנעמען מיט אים דאָס שטיק וועג וואָס מיר זענען שוין דורכגעגאַנגען. און ווען מיר שטייען פאַר דעם אָרון פון פינסקערן, וווּ עס ליגט זיין געביין, וואָס איז געבראַכט געוואָרן פון דעם אָדעס פון היינט קיין ירושלים פון היינט, גייען פאַר אונדזערע אויגן פאַרביי בילדער פאַרשידענע פון פינסקערס תקופה און פון אונדזער צייט. וואָס איז געווען דאָס יידישע לעבן בכלל און אין ארץ־ישראל בפרט, דעמאָלט, און וואָס איז זייער לאַגע היינט?

ברייט און טיף איז דער שטראָם און זיין גאַנג איז אַ שנעלער און זיין אויסזען איז אַ ווונדערבאַרער. אָבער עס איז גרעסער און טיפער געוואָרן דער תהום צווישן דער נויט אין אונדזער לעבן און די מעגלעכקייט זי גובר צו זיין. דאָס לעבן פון די יידן פון דעמאָלט ביז היינט האָט באַשטעטיקט די דערשיטערנדיקע לערע פון פינ־סקערן. מיר האָבן געזען אין דייטשלאַנד, וועלכע זענען די רעזול־טאַטן, צו וועלכע עס קענען דערפירן דער פחד און שרעק פאַר די יידן. פאַר אַ באַדנלאָז פאָלק וואָס שוועבט אין דער לופט און קוקט

אויס ווי אַ פֿאַרזעעניש. מיר קענען איצט זען אין דייטשלאַנד און אין אַנדערע לענדער וואַהין עס פירט דער וועג פון אונטערטע־ניקייט. אַ חוץ דעם אַלעם פירן מיר אַ געראַנגל פאַר אַרבעטס־פלעצער און מקורות־פרנסה. דאָס אַלץ וואָלט זיכער געבראַכט הונדערטער טויזנטער און אפשר מיליאָנען יידן צו די טויערן פון ארץ־ישראל. אָבער די טויערן זענען פאַרמאַכט און בלויז אַ שמאָלער שפּאַלט איז אָפן און ווייניקע קענען אַדורכגיין. די יידן קלאַפּן אויף די טויערן מיט אַן אַלץ גרעסערער קראַפט און בלייבן אין דרויסן אין זייערע מאַסן, און זיי האָבן נישט מער קיין כוח צו וואַרטן.

וואָלט מען נישט געבונדן אונדזערע הענט, וואָלט דער טעמפּאָ פון אויפבוי געווען אַ שנעלערער, ער וואָלט אָנגעיאָגט די באַדערפ־נישן און פאַרשאָטן דעם תהום. דאַן וואָלטן מיר מאַרשירט מיט ריזן־שריט דעם ציל אַנטקעגן, דעם ציל וועלכע עס האָט אונדז געוויזן פינסקער, און נאָך פאַר אים, העס, און נאָך אים הערצל. אָבער מ׳שטערט אונדז, מ׳האַלט אונדז אויף מיט כוח. און ווידער פונקט ווי אין די ערשטע טעג דערוועקט זיך און ווערט שאַרף די אייביקע פראַגע פון קפיצת־הדרך, עס דערוועקט זיך דער ווילן צו דערגרייכן באַלד צום ציל. און ווען דאָס געלינגט אונדז נישט און מיר זענען געצוואונגען ווייטער צו גיין שריט פאַר שריט אויפן וועג פון שטיי־נער און זומפּ — דעמאָלט דערשיינען מענטשן וואָס גלויבן און פאַרשפּרייטן אָט די אמונה זייערע צווישן די מאַסן, אַז די שולד טראָגן אָט די וועג־גייער, די וואָס גייען שווערלעך, זיי זענען עס די וואָס דערמעגלעכן נישט דעם קפיצת־הדרך, און דערפאַר דאַרף מען זיי עוקר מן השורש זיין...

„ווייט ווייט איז דער וועג צום ברעג, צו וועלכן עס טראָגן זיך אונדזערע הערצער... אָבער פאַר אַ פאָלק וואָס וואַנדערט שוין טויזנטער יאָרן קען אויך דער לענגסטער וועג נישט זיין צו לאַנג“. אָט די ווערטער פינסקערס, ווי פיל אַנדערע ווערטער זיינע, ווערן איצט אָפּגעפרישט אין אונדזער זכרון, זייער קלאַנג ווערט אונדז נאָענטער און זייער טיפער תוכן ווערט אונדז מער פאַרשטענד־לעכער ווי תמיד. אַ גרויס שטיק וועג זענען מיר דורכגעגאַנגען פון זינט דעם טויט פון פינסקערן — דאָס אַריבערפירן זיין געביין קיין ירושלים זאָגט עדות וועגן דעם — אָבער ווי לאַנג איז נאָך דער

װעג װאָס איז פֿאַר אונדז, און אין דער מאָס װאָס מיר גײען פֿאָר־אויס װאַקסן די שטערונגען, עס װערט גרעסער דער װידערשטאַנד פֿון די פֿײַנטלעכע כּוחות. צי קענען מיר אַרומגײן און אויסמײַדן די שטערונגען אָדער זײ באַזײַטיקן, אָפּשװאַכן דעם װידערשטאַנד אָדער אים ברעכן, דורכן פֿאַרלאָזן דעם װעג פֿון טאָג־טעגלעכן געראַנגל און שאַפֿערישן אויפֿבוי־װערק? צו עקזיסטירט בכלל אַן אַנדער װעג, צו עקזיסטירט אַ מעגלעכקײט פֿון קפֿיצת־הדרך?

אויב מיר װעלן דורכקוקן צוריק דעם װעג װאָס מיר זענען אַדורכגעגאַנגען פֿון פּינסקערס תּקופֿה אָן ביז הײַנט, װעלן מיר זען אַז עס האָט אונדז נישט פּאַסירט קײן קפֿיצת־הדרך אין דער מינדס־טער מאָס, אַפֿילו דעמאָלט װען מיר האָבן געמײנט אַז אַזאַ מעגלעכ־קײט האָט זיך פֿאַר אונדז געעפֿנט, האָט זיך אין דער אמתן אַרױס־געװיזן, אַז זי האָט זיך בלויז באַװיזן אין אונדזער פֿאָרשטעלונג. די ביטערע װירקלעכקײט האָט אונדז געלערנט, אַז בלויז די בנינים װאָס מיר שטעלן אויף, זײ אַלײן גיבן באַדײַטונג די לאָזונגען, אַ לעבעדיקן תּוכן די פֿאָרמולירונגען. אין דער בוי און אַנטװיקלונגס אַרבעט איז נישטאָ קײן קפֿיצת־הדרך. מיר זענען געשטאַנען אין זאַל פֿון דער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק. עס האָט גערעדט אוסישקין, אײנער פֿון די װאָס האָבן מיטגעאַרבעט מיט פּינסקערן. ער האָט גערעדט צו פּינסקערן װי מ׳רעדט צו אַ לעבעדיקן מענטשן, װי ער װאָלט אים אָפּגעגעבן אַ באַריכט. פֿאַר אונדזערע אויגן זענען פֿאָר־בײַגעגאַנגען די בילדער אײנער נאָכן אַנדערן, און אין אונדזער האַרץ האָט זיך פֿאַרגרעסערט און פֿאַרשטאַרקט די האָפֿענונג, אַז מיר װעלן דעם ציל דערגרײכן, אַז קײן שום כּוח אין דער װעלט איז נישט אומשטאַנד אונדז אויפֿצוהאַלטן.

מיר זענען אַרויס פֿון דער הײל. פֿאַר אונדזערע אויגן האָט זיך אַנטפּלעקט דער װוּנדערלעכער פּײזאַזש פֿון ירושלים. אוסיש־קין האָט זיך געװענדעט צו מיר און געזאָגט: מײַן חוב האָב איך דערפֿילט. דאָס געבײן פֿון פּינסקערן רוט אין אונדזער נאַציאָנאַל־הײם, אויף דעם באָדן פֿון דער אוניװערזיטעט, װאָס איז געװאָרן אַ צענטער פֿון אונדזער קולטור־שאַפֿונג. איצט דאַרף די לײטונג פֿון דער סוכנות דערפֿילן איר חוב און ברענגען דאָס געבײן פֿון הערצלען צו אײביקער רו אין ירושלים.

יצחק גרינבוים

אויך אָט דער חוב וועט דערפילט ווערן און אויך אַנדערע חובות.
מיט געשטאַרקטע שריט מאַרשירן מיר אַנטקעגן דעם ציל וועלכן
פינסקער האָט פאָרמולירט מיט זייניקע פלאַמיקע ווערטער.

# אחד־העם — דער לערער פון פאלק

א.

כ׳האָב אים געזען דאָס ערשטע מאָל נאָכן זעקסטן קאָנגרעס — דעם אוגאַנדע קאָנגרעס. אין אונדזערע אויערן האָבן נאָך געקלונגען זיינע ווערטער אין זיין אַרטיקל „הבוכים״ (די וויינער), אין וועלכן ער האָט מיט ביטערניש און צאָרן געשמיסן די קעגנער פון הערצלס פאָרשלאַג, וואָס האָבן זיך צונויפגעזאַמעלט אינעם צימער פונעם רוסישן פאַרבאַנד, געקלאָגט אויף זייער אויסגעטרוימטן אידעאַל וואָס איז צונישט געוואָרן, און באַוויינט אים ווי מען באַוויינט אַ נפטר. אין דעם זעלבן זומער האָט אחד־העם זיך אָפּגערוט אין איינעם פון די יידישע דאַטשע־ערטער אַרום וואַרשע. מיר זענען געקומען צו אים, אַ גרופּע פון יונגע ציוניסטן, צו הערן טרייסט־ווערטער, צו דערציילן אים וואָס עס האָט אונדז געבראַכט צו דער קעגנערשאַפט צום אוגאַנדע פאָרשלאַג און דעם „טעריטאָ־ריאַליזם״, וואָס איז פון אָט דעם פאָרשלאַג געבוירן געוואָרן און אָנ־געהויבן צו דערוועקן שנאה צו ארץ־ישראל, וואָס איז בלויז אַ לאַנד וואָס פאַרלענד אירע איינוווינער. דער אויסדרוק „דאָס געפּייניגערטע לאַנד״, איז נאָך נישט געפּאַלן אין דער פּאָלעמיק, אָבער דער מיין פון דעם דאָזיקן אויסדרוק האָט זיך שוין געלאָזט הערן אין די רעדעס פון דעם לינק־סאָציאַליסטישן פליגל אינעם טעריטאָריאַליס־טישן לאַגער.

אחד־העם האָט אונדז אויפגענומען אין אַ שבת־נאָכמיטאָג אינעם וועלדל ביי זיין הויז. זיין געזיכט, ברייטער שטערן, בליק — האָבן נישט באַזונדערס צוגעצויגן מיין אויפמערקזאַמקייט. עפּעס האָט געשטערט און קאַליע געמאַכט דעם איינדרוק. אין מויל האָט ער געהאַט אַ ציגאַרעט, און דאָס האָט עפּעס נישט געפּאַסט צו דעם

בילד זייגעם ווי איך האָב עס מיר פאַרגעשטעלט אויפן גרונט פון זייגע אַרטיקלען וואָס מיר, די יונגע, פלעגן לייענען מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט. אַ סך פון די עקרים פון זיין ציוניסטישע לערע האָבן מיר אויפגענומען. באַזונדערס זייגע שאַרף־קריטישע ווערטער וועגן עול פון „ספר״, וואָס דריקט און שטיקט, וועגן „עבדות בתוך חרות״ (קנעכטשאַפט אין פרייהייט), וואָס צווינגט אָפּצוהיטן גייסטי־קע ווערטן וואָס מ׳גלויבט נישט אין זיי, וועגן אָפיציעלן ציוניזם וואָס געפינט נישט דעם ריכטיקן וועג, וועגן גייסטיקער באַלעבונג פון פאַרשטיינערטע הערצער — און דעסגלייכן געדאַנקען און פרינציפּן, וואָס האָבן אַנטהאַלטן אין זיך אַ נייעם, אַנדערן צוגאַנג צו דער רעליגיע און אירע דינים, און אַ פּראָקלאַמירונג פון פרייהייט פון געוויסן פאַר אַ יידן וואָס בלייבט טריי זיין פאָלק און קעמפט זיין קאַמף. און דאָך האָב איך נישט געקענט גובר זיין דעם אומאַנגענעמען רושם, וואָס דער „שבת ציגאַרעט״ אין מויל פון אחד־העמ׳ן האָט געמאַכט אויף מיר. כ׳בין געווען בייז אויף זיך אַליין, אָבער כ׳האָב מיר נישט געקענט העלפן: דער נישט אַנגענעמער רושם איז נישט פאַרביי. און דאָס אויסטערלישע אין דעם איז געווען, וואָס אַזאַ געפיל האָט זיך ביי מיר נישט דערוועקט זעענדיק „שבת־ציגאַרעטן״ אינעם מויל פון אנדערע העברעאישע שרייבער, אפילו ביי אַזעלכע וואָס האָבן נישט געוואַגט צו זאָגן עפענטלעך דאָס, וואָס עס האָט געזאָגט אחד־העם מיט קלאָרע און טרעפלעכע ווערטער. פאַרשטייט זיך אַז אָט דער רושם האָט נישט געהאַט קיין איינפלוס אויפן שמועס אונדזערן, און איך דערמאָן עס איצט בלויז אַלס קוריאָז.

אחד־העם האָט געוואָלט וויסן, וואָס איז אונדזער באַציאונג צום קריזיס וואָס האָט אויסגעבראָכן אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. ער האָט געשטעלט פראַגן און מיר האָבן געענטפערט. מיר האָבן גערעדט, פאַרשטייט זיך, רוסיש. מערסטענטייל האָב איך געענטפערט. און צום ערשטן מאָל האָב איך קלאָר געמאַכט פאַרן טעאָרעטיקער פון ציוניזם מיין געדאַנק און מיינונג, צו וועלכע איך בין דערגאַנגען און באַטראַכט אַלס אַנטשיידענדיק, אַז עס איז נישטאָ וואָס מורא צו האָבן פאַר דער טעריטאָריאַליסטישער אידיי. די אידיי קען נישט אויפשטעלן קיין גרויסע באַוועגונג, ווייל זי האָט קיין ממשותדיקן ציל וואָס מ׳קען שטרעבן אים צו פאַרווירק־

לעבן. די אָנהענגער פון דער דאָזיקער אידיי באַשעפטיקן זיך מיט זוכן אַ לאַנד פאַר יידישע קאָלאָניזאַציע, און ס׳איז נישט דער שטייגער פון מענטשן זיך צו פאַראייניקן און קעמפן — פאַר זוכע־נישן.

אחד־העם איז געווען צופרידן פונם שמועס, און ווען מיר האָבן זיך געזעגענט האָבן מיר דערהערט אין זיין שטים טענער פון סימ־פאַטיע. מיר זענען געווען פול מיט פרייד און שטאָלץ, וואָס מיר האָבן זוכה געווען פאַרצוטראָגן אונדזערע געדאַנקען פאַרן גרויסן לערער פון יידיש־נאַציאָנאַלן און ציוניסטישן לאַגער און זיי האָבן נושא־חן געווען אין זיינע אויגן.

ב.

אינם זאַמלבוך „ספרות״ וואָס איז צוגעגרייט געוואָרן אין יענע טעג אין דער פוילישער שפּראַך און איז אַרויס ערשט אין אָנהויב פון יאָר 1905 אונטער דער רעדאַקציע פון יאַן קירשראַט, האָב איך פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל וועגן פּראָבלעם פון די אַלטע און נייע ווערטן אין אונדזער לעבן, וועגן דער פּאָלעמיק צווישן אחד־העם און בערדיטשעווסקי׳ן.

כ׳מיין, אַז עס איז איז כדאי צו ציטירן דאָ עטוואָס פון מיינע ווערטער וועגן דער תורה פון אחד־העם. מיר זענען נישט דאָס פאָלק פון ספר, שטעלט פעסט אחד־העם, נאָר זיינע קנעכט. דער ספר האָט געפורעמט דעם גייסט פונם פאָלק, האָט אויסגעמוסטערט די געשטאַלט פון זיין לעבן און וועלט באַנעם מיט זיינע מצוות, געזעצן און דירעקטיוון. געווען צייטן, אויך נאָכן פאַרלירן אונדזער זעלבסטשטענדיקייט, ווען דאָס פאָלק האָט פאַרשטאַנען צו ענדערן די געזעצן און דינים וואָס זענען געשריבן אין ספר לויט די פאָדערונגען פון לעבן און זיי צוצופאַסן צו זיין מאָראַליש־גייסטיקער דערקענטעניש, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט אין משך פון דער צייט. די לערער פון פאָלק אין זיינע מנהיגים האָבן דאַן געפונען אַ וועג אויסצוטייטשן דאָס געשריבענע אינעם גייסט פון דער פּראַקטיק אין זיין לעבן. אין פיל פאַלן איז עס נישט געווען דער פירוש פון דער משנה וואָס האָט ביי אויסגעטייטשט אָדער מבטל געמאַכט דעם פשט פון פסוק, נאָר אַזוי איז אויך געווען דער אור־שפּרינגלעכער

זין זיינער. מעגלעך אַז דער פּירוש איז געשטאַנען אין קעגנזאַץ צום פּראָסטן טייטש פון די ווערטער, אָבער דער מאָראַלישער זין פונעם פּסוק האָט נישט געקענט שטיין אין סתירה מיט דער מאָראַלישער דערקענטעניש פונם פאָלק.

די ווערטער זענען דאַן אָנגעפילט געוואָרן מיט אַ נייען תוכן, וואָס זיין נייאיקייט האָט מען בכלל נישט געשפּירט. די דאָזיקע צייטן זענען אַוועק מיטן אָפּשליסן דעם תלמוד. נאָך אָט דער תקופה איז געקומען די הערשאַפט פון פּסוק לויט זיין איינפאכן פּשט. די פאַרקנעכטונג פון פאָלק צום פּסוק איז געוואָרן אַ פולקאָמע. עס איז געוואָרן פעסטגעשטעלט אַז מ׳דאַרף זיך נישט פאַרטיפן און אַריינקלערן אינם געשריבענעם פּסוק, מ׳דאַרף נישט אַנאַליזירן זיין גייסט און כוונות, מ׳דאַרף בלויז אָפּהיטן זיינע מצוות טאָג־טעגלעך.

אחד־העם זעט סימנים פון גייסטיקער קנעכטשאַפט אינעם גאַנצן געביט פון אונדזער נאַציאָנאַלן לעבן. און דאָס סאַמע שרעקלעכסטע אויף אינעם נייעם ישוב אין די קאָלאָניעס, וואָס די ערשטע עולים האָבן אויפגעבויט, זיינע נחשונ׳ס וואָס זענען געפרונגען אין ים אַריין פול מיט האָפענונג, אַז זיי גייען פאַרווירקלעכן די האָפענונג פונם צעשפּרייטן און וואַנדערדיקן פאָלק אין גלות. אין יאָר תרנ״א האָט אחד־העם צום ערשטן מאָל באַזוכט ארץ־ישראל און אָבסערווירט מיט אַ דורכדרינגלעך אויג פון אַ קריטיקער וואָס ווייסט נישט פון קיין רחמים, וואָס האָט נישט מורא פאַרן אמת, ווי גרויליק און יאוש־פול ער זאָל נישט זיין. ווען ער האָט זיך צוריקגעקערט האָט ער געשילדערט פאַר די חובבי־ציון און דעם גאַנצן פאָלק דעם „אמת פון ארץ־ישראל״, וואָס ער האָט געשריבן אויף דער שיף אויפן וועג צוריק קיין אָדעס, אין גלות־רוסלאַנד. און אַזוי האָט ער אונטערגעפירט דעם סך־הכל אין זיין אַרטיקל: פול טרויעריקע געדאנקען נאָכדעם וואָס כ׳האָב דורכגערייזט דאָס לאַנד און געזען וואָס כ׳האָב געקענט זען אין יפו און אין די קאָלאָניעס, בין איך ערב־פּסח געקומען קיין ירושלים, אויסגיסן מיין צאָרן און ביטער האַרץ פאַר „די שטיינער און חורבות״. דאָס רעשטל פון אונדזער אַמאָליקן גלאַנץ אין די ווייט פאַרגאַנגענע צייטן. דער ערשטער וועג מיינער האָט, פאַרשטייט זיך, געפירט צום „כותל״. דאָרט האָב איך געפונען אַ סך פון אונדזערע ברידער, איינוווינער פון ירושלים,

שטייען און דאַווענען אויף קולי־קולות. זייערע מאָגערע פּנים׳ער, זייערע ווילדע תּנועות און משונה׳דיקע מלבושים — אַלץ פּאַסט זיך צו צום שרעקלעכן אויסזען פון „כותל“. כ׳שטיי און קוק אויף זיי און איין מחשבה פּילט אויס אַלע ווינקלען אין מיין האַרץ: אָט די שטיינער זענען עדות פון חורבן פון אונדזער לאַנד, אָט די מענטשן — עדות פון חורבן פון אונדזער פאָלק, וועלכער פון אָט די ביידע חורבנות איז אַ גרעסערער?! וועלכן חורבן דאַרף מען מער באַווײנען? — ווען אַ לאַנד ווערט חרוב און דאָס פאָלק איז נאָך פול מיט לעבן און כוח, וועלן קומען זרובבל, עזראַ און נחמיה און דאָס פאָלק וועט גיין נאָך זיי און וועט אויפבויען דאָס לאַנד אויפסניי, אָבער ווען אַ פאָלק ווערט חרוב, ווער וועט אויפשטיין אים אויפצובויען און פונוואַנען וועט קומען זיין הילף? — און וואָלט דערשינען אין אָט דעם מאָמענט דער גייסט פון ר׳ יהודה הלוי און כ׳וואָלט געקענט באַקלאָגן אַזוי ווי ער דעם בראָך פון מיין פאָלק וואָלט מיין קלאָג ליד זיך אָנגעהויבן נישט מיט דעם וואָרט „ציון“ נאָר — ישראל[1].

און אין יאָר תּרנ״ג רעזומירט ער ווידער די איינדרוקן פון זיין צווייטער רייזע קיין ארץ־ישראל, נאָך דער אויפלעבונג אין דער חיבת־ציון־באַוועגונג אין דער תּקופה פון טיאָמקין, אין יאָר תּרנ״א און דעם קריזיס וואָס איז אויסגעבראָכן אַ קורצע צייט נאָכדעם:

„אַרום חצות אין דער נאַכט פון תּשעה־באָב, בין איך געשטאַנען פאַרן כותל. אַ גרויסער עולם פון אַלטע און יונגע זענען געזעסן אויף דער ערד. אַ טייל האָט געווײנט איבערן ספר הקינות, אַ טייל האָט געלערנט מדרש־איכה די אַנדערע האָבן געפירט אַ הלכה׳שען פּלפּול, צי מעג מען זיצן מיטן רוקן צום כותל. קעגן מיין ווילן האָב איך מיך דערמאָנט נאָכאַמאָל וואָס כ׳האָב געטראַכט מיט צוויי יאָר צוריק אויף דעם דאָזיקן אָרט וועגן חורבן פון ציון און חורבן פון פאָלק ישראל, און די שאָטנס פון אונדזערע עלטערן וואָס האָבן, אין דער דאָזיקער נאַכט, מקריב געווען זייער לעבן פאַר זייער לאַנד און זייער נאַציאָנאַלע אייגנאַרט, האָבן מיר אויסגעזען ווי

1) אלע ווערק פון אחד־העם, „דביר“־אויגאבע, ירושלים תש״ז.

זיי וואָלטן געשטאַנען אַרום מיר און געקוקט מיט פאַרווונדערונג אויף זייערע ווייטע קינדס־קינדער, וואָס זיצן ביי דער מצבה פון זייער באַגראָבענעם כבוד און האַלטן ספרים אין זייערע הענט"[2].

ווידער אמאָל ביכער אָנשטאָט לעבן, אָנשטאָט טאָטן פאַר די לעבעדיקע, אָנשטאָט אַ קאַמף פאַר אויפקום און גאולה, אַלזאָ, דאַרף מען באַפרייען דאָס פאָלק פון עול פון „ספר", פון די „ספרים"? אחד־העם ציט נישט אַרויס די דאָזיקע מסקנה פון דעם „אמת" ווײַלכן ער האָט דרייסט אויפגעדעקט פאַר די חובבי־ציון; ער רופט נישט צו ענדערן די ווערטן, ער מיינט נישט צו רעוואָל־טירן דאָס פאָלק קעגן „ספר" און „ספרים". ער פאַרשטייט, אַז עס זענען פאַראַן סיבות וואָס האָבן געבראַכט צו אָט דעם מצב, צו דעגענעראַציע און מאַכטלאָזיקייט, צום ווארטן אין גלות אויף אַ נס וואָס וועט געשען אינעם שאָטן פון די „ספרים", די סיבות זענען טיפע און זיי באַזירן זיך אויפן מצב אין גלות זיי שטאַמען פון רדיפות, צרות, גירושים און חורבנות, פון עקסטערמינאַציע און באַגרענעצונגען. זיי האָבן עס גורם געווען צו דער פאַרשטיינערונג פון די הערצער. צו דער נאָכאַמונג דורכן צופאַסן זיך צו די באַדינגונגען פון דער פרעמדער סביבה, צו איר שפּראַך און קולטור, צו קנעכטשאַפט אין פרייהייט צו אונטערטעניקייט און דעגענעראַציע.

אויף אַלע גרונט־פּראָבלעמען פונם יידישן פאָלק אין גלות האָט ער איין אָנטשיידענעם ענטפער: „חיבת־ציון". ס'הייסט: זייט עולה קיין ארץ־ישראל און שטעלט אויף דאָרט אַ נייעם בנין, דעם ישוב, וואָס זאָל זיין אַ מוסטער פאַרן גלות מיט זיין לעבן, מיט זיין פאַרוואָרצלען זיך אין באָדן דורך אַרבעט, מיט דעם ווידעראויפלעבן זיין שפּראַך און קולטור, מיט זיין מאָראַלישן לעבנס־שטייגער. צו דעם צוועק דאַרף מען פריער דורכפירן אַ גייסטיקע הכשרה אין די לענדער פון גלות, צו דערציען עולים זיי זאָלן וויסן וואָס דער ציל איז, זיי זאָלן זיך נישט אָפּשרעקן און אַנטלויפן פאַר די שטער־רונגען, דורך זייער וועג, נאָר זאָלן זיי גובר זיין דורך זייערע אָנשטרענגונגען, דורך זייער קרבן־גרייטקייט. „חובבי־ציון" איז דער טייטש: די גייסטיקע הכשרה און ישוב־הארץ אויפן יסוד פון

2) אמת מארץ־ישראל, זייטע 30.

צוגרייטן די יורידישע באַדינגונגען אין אַ פֿאָראויס־פֿאַרקלערטן פּלאַן, וואָס זאָל רעאַליזירט ווערן פּאָרזיכטיק און מיט ישוב־הדעת. אויף דעם נייעם וועג קען מען אויפֿבויען אַ יידישן ישוב אין ארץ־ישראל וואָס וועט דינען פֿאַר אַ צענטער דעם גלות, וועט אויסשטראַלן זיין ליכט אויף די תפוצות, וועט פֿאַרמאָגן אַ צוציאונגס־קראַפֿט פֿאַר זייערע קינדער מיט דעם מוסטער פֿון זיין לעבן, מיט דעם נייעם יידישן מענטשן־טיפּ וואָס וועט אין אים אַנטשטיין, אינעם נייעם יידישן ישוב אין לאַנד פֿון די אבות.

אין אָט דעם פּראָגראַם איז נישטאָ קיין ענטפֿער אויף דער „ברויט־פֿראַגע". אַ פּראָגראַם פֿון גייסטיקער הכשרה פֿאַר קאָלאָ־ניזירן דאָס לאַנד און אויפֿבויען עס, צו אויפֿשטעלן דאָרט אַ גייסטיקן צענטער פֿאַרן צעזייעטן און צעשפּרייטן פֿאָלק — איז נישט ביכולת צו פֿאַרזיכערן אַן עליה פֿון מאַסן, וואָס פּייניקן זיך אין זייער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער נויט אין די גלות לענדער. די עליה קיין ארץ־ישראל קען נישט פֿאַרנעמען דאָס אָרט פֿון דער עמי־גראַציע אין די לענדער ווו מ'קען געפֿינען אַרבעט און פּרנסה, אָדער דאָס אָרט פֿון פּלענער צו פֿאַרבעסערן דעם מצב פֿון די יידישע מאַסן און זייערע וווינערטער אין דער תקופה פֿון וואַקסן און אויפֿקומען פֿון גייסטיקן צענטער, דער גייסטיקער צענטער איז בלויז די ערשטע סטאַציע אויפֿן וועג וואָס פֿירט צו אויסלייזונג.

אָט דעם געדאַנק האָט אחד־העם בלויז אָנגעמערקט, ער האָט אים נישט גענויער באַהאַנדלט. געווען אַריינגעטון אַלע יאָרן אין אַ שאַרפֿער קריטיק פֿון די פּלענער וואָס פֿאַרשפּרעכן אַ „קפיצת הדרך", אַ שנעלע לעזונג פֿון דער גאַנצער יידן־פֿראַגע דורך אַ נייער „יציאת מצרים", נאָך געלונגענע אונטערהאַנדלונגען מיט די הערשער פֿון דער וועלט. דורך דעם האָט ער געגעבן די מעגלעכ־קייט צו דעם טעות, אַז דער גייסטיקער צענטער װעלכן ער האָט פּראָפּאַגירט וועט הענגען אויף גאָר נישט, אַז זיין יסוד זענען שולן, דערציאונג, ליטעראַטור לויטן גייסט פֿון דור און זיינע אַנשויאונגען, אַז דער „מרכז רוחני" איז נישט בלויז אַן אָנהויב נאָר דער סוף, ס'הייסט דער ענדציל. דעריבער האָט ער זיך אָנגע־שטויסן אויף קריטיק וואָס האָט אַוועקגעקוקט, בכוונה אָדער אָן כוונה, פֿון זיין פֿאָדערונג אָנצוהייבן מיט גייסטיקער־הכשרה אין

מיט דער קאָלאָניזירונג־אַרבעט אין לאַנד גלייכצייטיק, ווייל איינס איז אָפּהענגיק פון אַנדערן און עס איז נישטאָ קיין פריער און שפעטער אין דער דאָזיקער אַרבעט. אחד־העם האָט זער האַרב קריטיקירט די טעטיקייטן פאַרן אויפבוי פון ארץ־ישראל. ער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט פאַרשטאַנען, אַז גרויסער קאַפּיטאַל וואָס ווערט אינוועסטירט אין ישוב קען אים אויך שעדיקן, קען ווערן אַ מקור פון דעמאָראַליזאַציע און דעגענעראַציע; אַז אַ ישוב וואָס איז געבויט אויף ביליגער און פרעמדער אַרבעט, איז גלייך צו אַ ישוב אויף אַ ווולקאַן, און איז אויסגעשטעלט אויף חורבן און אונטערגאַנג צוליב דעגענעראַציע אָדער אויפשטאַנד מצד דער איינגעבוירענער אַרבעטער־באַפעלקערונג.

די דאָזיקע קריטיק האָט געבראַכט צום בטל מאַכן די „אַפּו־טרופסות" פון נדיב הידוע און צו ווירטשאַפטלעכער שטאַרקונג פון די קאָלאָניעס, און געגעבן אַ שטויס פאָראויס זייער אַנטוויקלונג. זי האָט אויך דערפירט צום געדאַנק, אַז עס איז נויטיק עס זאָל אַנטשטיין אַ קלאַס פון יידישע ארבעטער אַנשטאָט די פרעמדע אַרבעטער. דער געדאַנק פון גייסטיקער הכשרה האָט דערפירט צו דער שאַפונג פון „חדרים מתוקנים" (רעפאָרמירטע חדרים) און העברעאישער דערציאונג צו דער קולטור־אַרבעט וואָס האָט זיך אַנטוויקלט גלייכצייטיק מיט דער פאָלקס־באַוועגונג וואָס הערצל איז געווען איר שעפער. אויך די וואָרצלען פון דער חלוצישער באַוועגונג האָבן געצויגן זייער יניקה פון אָט דער תורה וועגן גייסטיקער הכשרה. אויך די אויפלעבונגס־תקופה אין דער העברע־אישער ליטעראַטור האָט גענומען איר אָנהויב אין דער ליטעראַרי־שער טעטיקייט פון אחד־העם און זיין השפעה האָט איינספּירירט איר אַנטוויקלונג.

אחד־העם האָט געהאַלטן, אַז די ענדערונג פון די ווערטן אינעם יידישן לעבן וועט קומען אין רעזולטאַט פון דער דאָזיקער אַנט־וויקלונג און עס איז נישט נויטיק קיין רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען. ער האָט געגלויבט אין אַנטוויקלונג און נישט אין רעוואָלוציע. ער האָט זיך ווייט געהאַלטן פון צושטערונג און זיך באַשעפטיקט מיט קריטיק און אויפבוי. ער האָט נישט געוואָלט באַזייטיקן דאָס אַלטע פאַרן נייעם און נישט געהאַלטן אַז עס איז נויטיק אַלץ מיט

אמאָל איבערצוקערן. ער האָט איוסגעפונען אינעם יידנטום אייביקע ווערטן וואָס מ׳דאַרף בלויז אַראָפּנעמען פון זיי דעם רעליגיעזן לבוש. דאָס זענען מאָראַליש־עטישע ווערטן וואָס זייער מקור איז דער יידישער גייסט. זיי ענדערן זיך אינם אַנטוויקלונגס פּראָצעס אין פאָלק, לויט דער ענדערונג פון זיין באַציאונג צו דער אויסער־לעכער וועלט, און לויט זייער לעבענס־באַדינגונגען. די שינויים און די ווערטן פון דער מאָראַל און אירע געבאָטן פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון דער רעליגיע און אירע מצוות אינם לעבן פון די יידן, וואָס האָבן פאַרלאָרן זייער גלויבן, אין דער אַטמאָספער פון דער נאַציאָ־נאַלער מאָראַל וועט דער יידישער מענטש זיך נישט געפינען צווישן צוויי וועלטן וואָס זענען ס׳רוב זיך סותר איינע די אַנדערע.

אחד־העם פּרובירט נישט פעסטצושטעלן, וואָס איז דער אינהאַלט פון דער נאַציאָנאַל־יידישער מאָראַל. ער ווייסט בלויז דאָס, אַז די נאַציאָנאַלע מאָראַל דאַרף זיך צופּאַסן צו די באַדערפעגישן פון דור און זיינע אַנשויאונגען, און ממילא בלייבט עס נישט סטאַביל און אומפאַרעדערט, נאָר קען זיך ענדערן אַנטשפּרעכעדיק די שינויים וואָס קומען פאָר אינם לעבן פון פאָלק און אין זיין באַציאונג צו דער וועלט און אירע פּראָבלעמען, אין קלאַנג מיט זיין לאַגע און לעבנס־באַדערפענישן. אָבער אין דער פּאָלעמיק מיט בערדיטשעוו־סקין און זיינע חברים, וואָס זענען באַאיינפלוסט געוואָרן פון דער תורה פון ניטשען וועגן אויבער־מענטש און איבערקערעניש און די מאָראַל־באַגריפן פון מענטשן, שטעלט אחד־העם אַנטקעגן די אומפאַרענדערלעכע יסודות פון עטיש־מאָראַלישן וועלט־באַנעם פון יידנטום, די יידישע אַנשויאונג וועגן אויבער־מענטש, פאַרשטייט זיך אַז די דאָזיקע געשטאַלט איז אַ גייסטיקע. דער מהות פון דער יידישער עטיק איז די פּריאָריטעט פון גייסט איבער דער מאַטעריע, דער איבערגעוויכט פון גייסטיקן כוח איבער דעם מאַטעריעלן. אָבער די מאָראַל איז אָפּגעטיילט פון דער רעליגיע. זי איז אַ באַוועגנדי־קער כוח אין דער אַנטוויקלונג פון דער רעליגיע.

די עטיק פאַר זיך אַליין, שטעלט פעסט אחד־העם אין זיין אַרטיקל „די נאַציאָנאַלע עטיק״, ס׳הייסט דער אופן פון אונטערשיידן צווישן גוטן און שלעכטן, אויף אַלע געביטן פון פּריוואַטן און געזעלשאַפטלעכן לעבן, איז אַלזאָ אפשר מער ווי אַלע אַנדערע

קולטור־באַגריפן אַ נאַציאָנאַלער קנין, וואָס אין אים זענען אַנט־האַלטן די דערפאַרונגען פון לעבן און מצב פון פאָלק אין אַלע צייטן און אין אים איז קענטיק דער מהות פון נאַציאָנאַלן גייסט, זיין באַציאונג צו דער אויסערער וועלט און צו די זיך ענדערענדיקע לעבנס־באַדינגונגען... דאָס יידישע פאָלק וואָס איז זינט דעם אָנהויב פון זיין קיום געווען אַן „עם לבדד ישכון” אונטערשיידעט זיך פון אַלע אַנדערע פעלקער מיט זיין אַנטוויקלונגס־וועג און דעם גאַנג פון זיין וווּנדערלעך לעבן זייט לאַנג פאַרגאַנגענע צייטן ביז היינט — געוויס איז עס אוממעגלעך אַז זיין נאַציאָנאַלע עטיק זאָל זיך נישט באַזירן אויף די אייגנשאַפטן פון זיין גייסט, אויף זיין היסטאָרישן לעבן אין דער פאַרגאַנגענהייט און זיין לאַגע און באַדערפעניש אין דער קעגנוואַרט.

אין אַ ריי אַרטיקלען באַמיט זיך אַחד־העם צו באַווייזן אַז דאָס עטישע קריטעריום פונעם יידישן פאָלק איז אַן אַנדערער ווי ביי די אַרישע פעלקער. שענקייט און פיזישע קראַפט און אַלץ וואָס איז מיט דעם פאַרבונדן פאַרנעמען נישט אין דער דערקענטעניש פונעם יידן דעם פלאַץ וואָס זיי פאַרנעמען אין דער דערקענטעניש פון די אַרישע פעלקער.

ער וואַרפט נישט אָפּ דעם באַגריף פון אויבערמענטש, אָבער ער געפינט אַן ענלעכן באַגריף אין דער גייסטיקער וועלט פון יידישן פאָלק. דער צדיק איז דער אויבערמענטש לויט דער יידישער אויפפאַסונג. „ווען ער (ניטשע) וואָלט געהאַט אַ יידישן געשמאַק, וואָלט ער, אמת, אויך דעמאָלט געקענט ענדערן דאָס עטיש־מאָראַלישע קריטעריום און מאַכן דעם אויבער־מענטש פאַר אַ ציל פאַר זיך אַליין, אָבער דעמאָלט וואָלטן די קענצייכן פון אויבער־מענטש געווען גאַנץ אַנדערע: פאַרשטאַרקונג פון עטישן גייסט, אונטערדריקונג פון בהמה׳שע אינסטינקטן, שטרעבן צו אמת און גערעכטיקייט אין געדאַנק און טאַט, קעגן ליגן און שלעכטס, אָדער קורץ: „אָט דער עטיש־מאָראַלישער אידעאַל וואָס דאָס יידנטום האָט פאַרפלאַנצט אין אונדזערע הערצער”. דאָס יידנטום האָט קיינמאָל נישט געשטעלט אַלץ אויף דער מדת־הרחמים אַליין און האָט כלל נישט געמאַכט איר אויבערמענטש פאַר אַ טפל צום גרויסן המון, גלייך זיין עיקר אויפגאַבע וואָלט געווען בלויז צו מערן די הצלחה

פון דעם דאַזיקן". גיט צו אַחד־העם אינם אַרטיקל „שנוי ערכין" (ענדערונג פון ווערטן) — „דער צדיק, לויט די באַגריפן פון דער עטישער ליטעראַטור פון תלמוד און מדרשים ביז די חסידישע ספרים, — איז נישט געשאַפן געוואָרן נאָר פאַר אים, כדי עס זאָלן אויפקומען אַזעלכע צדיקים „איז נויטיק אַז די לעבנס־באַדינגונגען אַרום אונדז זאָלן זיין מסוגל דערצו. פון שטיין וועט נישט אַרויס קיין וואַסער און אין אַ מדבר וואַקסן נישט קיין פרוכט־בוימער. נאָר אַ פאָלק פון אַ העכערער מאָראַלישער מדרגה קען אַרויסגעבן פון זיך אַ טיפ פון אַן אויבער־מענטש; די גייסטיקע וואַלאָרן פון דעם דאַזיקן פאָלק קענען אים מכשיר זיין צו אַ מאָראַלישער אַנטוויקלונג מער ווי אַנדערע פעלקער, דעמאָלט ווען דעם פאָלקס גאַנצער לעבנסשטייגער פירט זיך לויט געבאָט פון אַן עטישע תורה וואָס שטייט העכער פון געוויינלעכן טיפּ מענטש, אַזוי אַז דאָס פאָלק בילדעט אַ „פרוכטבאַרן באָדן" וואָס איז בכוח צו דערמעגלעכן דאָס וואַקסן און אויפקומען פון דעם געווונשענעם „אויבער־מענטש".

דער געדאַנק, אַז דאָס יידישע פאָלק איז אויסגעוויילט פון צווישן אַלע פעלקער איז בלויז אַ באַצייכענונג פון דער באַזונדערער ראָל פון יידן צווישן די פעלקער, וואָס לייגט אַרויף אויף זיי אַן עול פון פליכטן, וואָס אַנדערע פעלקער טראָגן נישט אויף זיך. אָבער זינט דעם נצחון פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע און דער שטרעבונג צו בירגערלעכער גלייכבאַרעכטיגונג אינם לעבן פון יידישן פאָלק אין די גלות־לענדער, איז די דערקענטעניש אָפּגעשוואַכט געוואָרן. פון דאַנען נעמט זיך דער אונטערשיד צווישן דער פּאַקטישער לאַגע און דער דערקענטעניש פון מאָראַלישער העכערקייט אין דער טעאָריע. דער אונטערשיד פאַראורזאַכט אַ זעלישן ריס, צו ליידן, וואָס ברענגט צו ציוניסטישן באַוווסטזיין, צו אַנערקענונג פון דער נויטיקייט צו שאַפן באַדינגונגען פאַר אַ נאַציאָנאַלן־לעבן, וואָס זאָל מעגלעך מאַכן די אַנטפלעקונג פון דער גייסטיקער העכערקייט און איר אַנטוויקלונג.

אחד־העם איז פון באַטור־אויס געווען ווייט פון רעוואָלוציאָנערישקייט. ער איז געווען אַן אַנטשיידענער אַנהענגער פון דער

אַנטוויקלונגס־אידיי, פון דער שיטה פון עוואָלוציע. ער האָט נישט געזען קיין שום ברכה אינם צושטערן דאָס אַלטע, אַפילו ווען עס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שטערונג, ביז דאָס נייע וועט אויפקומען און ווערן אַ הערשענדיקער כוח אין לעבן. ווען ער האָט גרונטלעך קריטיקירט די „הערשאַפט פון ספר" אינם לעבן פון יידישן פאָלק, האָט ער געלאָזט פאַלן שאַרפע ווערטער, וואָס האָבן עדות געזאָגט אַז ער האָט זיך אינגאַנצן באַפרייט פון דער דאָזיקער הערשאַפט, אָבער דאָך זענען נאָך ביי אים געבליבן רעשטלעך פון פאַרערונג צום „ספר", אויך אין זיין פאַרשטיינערטער פאָרם, די ענדערונגען וועגן וועלכע ער רעדט און צו וועלכע ער האָט געשטרעבט, האָט ער געזען ווי אַ פּראָדוקט פון אנטוויקלונג אין משך פון דורות, ווי א לאַנגזאַמער פּראָצעס פון אַ תחילת כמעט נישט אַנזעעוודיקער ענדערונג. נישט אומזיסט האָט ער אַ נאָמען געגעבן זיין חודש־שריפט „השילוח", אַ סימבאָל פון פאַמעלעך גיין, פאַרזיכט און אַכט געבן אויף דעם, אַז די יסוד־ווערטן וואָס וואָרצלען אינם גייסט פון פאָלק, זאָלן נישט געשעדיקט ווערן.

ג.

דער בלוטיקער פּאָגראָם אין קישינעוו אין יאָר 1903 האָט געמאַכט אויף אַחד־העם אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק, פּונקט ווי אויפן גאַנצן יונגען דור אינעם ציוניסטישן לאַגער. די געשעענישן האָבן אויפגעציטערט זיין האַרץ און האָבן געבראַכט צו זיין באַטייליקן זיך אינעם פאַרפאַסן דעם באַקאַנטן אויפרוף, וואָס האָט גערופן דאָס פאָלק צו אַן אָרגאַניזירטער זעלבסט־פאַרטיידיגונג קעגן פּאָגראָמען. דאָס געפיל פון ברענענדיקער חרפה, וואָס האָט געזען די ערטער פון פּאָגראָם, ווו עס איז אַזוי טראַגיש בולט געווען די פאַרלוירענקייט און הילפסלאָזיקייט פון די אומגליקלעכע קרבנות האָט אויפגעטרייסלט אחד־העם׳ן און האט אים געפירט אין לאַגער וועלכער האָט אויפגעהויבן די פאָן פון אָרגאַניזירטער זעלבסט־פאַרטיידיקונג צו ראַטעווען דעם כבוד פון פאָלק, וואָס איז אין בלוט און אין בלאָטע געטרעטן געוואָרן דורך די רוצחים. עס איז אַ ספק, צי אַחד־העם האָט זיך אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון דערפון, אַז אָט דער טריט וואָס איז געווענדעט קעגן דער פינצטערער

מאַסע כוליגיאַנעס מערדער, שענדער און רויבער, טרעפט אויך אינעם צאַריסטישן רעזשים, וואָס האָט זיך באַנוצט מיט די פּאָגראָמען אויף יידן כדי צו שיצן זיך פאַר דער שטאַרקער ווערענדיקער רע־וואָלוציאָנערער באַוועגונג. ס׳איז נישט אַוועק קיין סך צייט און די רוסישע מאַכט האָט גענומען רודפ׳ן די אַקטיווע טוער פון דער זעלבסט־שוץ, פּונקט אזוי ווי זי האָט פאַרפאָלגט די אַקטיווע רעוואָלו־ציאָנערן. די זעלבסטשוץ איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בריק צווישן דעם ציוניסטישן לאַגער, באַזונדערס דער יוגענט פון אַלע שאַטירונגען, און דעם רעוואָלוציאָנערן לאַגער וואָס האָט זיך געבונ־טעוועט קעגן דעם רעזשים אין דער צאַריסטישער אימפּעריע.

עס איז שווער זיך פאָרצושטעלן אַז דאָס איז געווען פאַרהוילן פאַרן שאַרפן אויג פון אַחד־העם. און ווער ווייסט, צי נישט צוליב דעם האָט ער געשוויגן אין יענע גרויסע און שרעקלעכע יאָרן, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן מיטן מאַרש פון די מאַסן אַרבעטער און פאָלק צום פּאַלאַץ פון צאַר אין יאָר 1905, דער מאַרש וואָס האָט געבראַכט צו אַ שרעקלעכער שחיטה צווישן די מאַניפעסטירענדיקע, וואָס זענען געגאַנגען צום פּאַלאַץ צו זוכן רעכט און גענאָד ביים „צאַר־באַטושקאַ“.

„אין משך פון די לעצטע פיר יאָר“ — האָב איך געשריבן אין אַן אַרטיקל וואָס איז פאַרעפנטלעכט אין „הבוקר“, וואָס איז אַרויס אין יאָר 1909 אין וואַרשע אונטער דער רעדאַקציע פון דוד פרישמאַן — אין דער זעלבער צייט ווען אין אונדזער וועלט און אויסער איר האָבן פּאַסירט זער גרויסע געשעענישן, געטון געוואָרן מעשים אומגעווייטלעכע; פיל זאַכן האָבן זיך אויסגעליידיקט פון זייער תוכן, אַ סך ווערטן האָבן פאַרלאָרן זייער השפעה, עס זענען געמאַכט געוואָרן פּראָבן צו שאַפן נייע ווערטן און אפשר זענען אויך וועלכע געשאַפן געוואָרן, אין דער צייט איז אַחד־העם פאַרשוויגן געוואָרן. אין די ערשטע טעג האָבן מיר נאָך געוואַרט אויף אים, מיר האָבן אויסגעקוקט אויף זיינע ווערטער. אָבער, ווייל מיר האָבן אים נישט געפונען, זענען מיר געקומען צום באַשלוס, אַז אַחד־העם, דער דאָזיקער ערלעכער און ערנסטער פּובליציסט, האָט פשוט נישט קיין וואָרט אין זיין מויל, האָט נישט וואָס צו זאָגן און דעריבער שוויגט ער“.

איינקע פובליציסטן האָבן אין יענע טעג מספּיד געווען דאָס יידישע פאָלק און זיין ליטעראַטור, אַ טייל ווידער, און זיי זענען געווען פון אַחד־העם׳ס שול, האָבן געקעמפט, כלומרש׳ט, קעגן די נייע שטרעמונגען, די שטרעמונגען פון אונטערגאַנג און אַסימילאַציע, לויט זייער מיינונג, אָבער אַחד־העם זעלבסט האָט געשוויגן. מ׳קען דאָך נישט אָננעמען די געציילטע עטלעכע בריוו און אַרטיקלען וואָס ער האָט געשריבן אין יענער צייט פאַר אַן איבעררייסן דאָס שווייגן, הגם צווישן זיי איז געווען דאָס באַקאַנטע אַרטיקל אין וועלכן ער האָט געראָטן אויסצווויילן אין דער מלוכה־דומאַ (פּאַרלאַמענט) יידנפריינט, נישט געקוקט אויף זייערע אַלגעמיין־פּאָליטישע אַנשוי־אונגען.

כ׳האָב מיך באַגניגט אין מיין אַרטיקל מיט אַ כמעט זייטיקע באַמערקונג, וועגן אַן עיקר׳דיקן פּונקט אין אחד־העם׳ס אַנשויאונגען. ער איז געווען אַריינגעטון אין דער וועלט פון יידישן פאָלק אַזוי־ווייט, אַז די דרויסענדיקע וועלט האָט ער געזען אין אַ געשטאַלט פון אַן אַלגעמיינע פאָרמול: „געענדערטע לעבנס־באַציאונגען״. ער האָט קיינמאָל נישט פּרובירט אַנאַליזירן דעם מהות פון די דאָזיקע לעבנס־באַציאונגען, דער באַגריף חסידי אומות העולם, יידנפריינט, איז געווען אין זיין אויפפאַסונג אַן אַלגעמיינער באַגריף וואָס ס׳איז אים נישט איינגעפאַלן אפילו אים גענויער צו באַהאַנדלען, צו דערגיין די סיבה פון דער יידענפריינטשאַפט, וועגן דעם קשר צווישן די אַלגעמיינע אַנשויאונגען פון די יידנפריינט, זייער ליבע צו יידן. די באַציאונג צו יידן האָט אים אויסגעזען ווי אַ זעלבסטשטענדיקער ענין פאַר זיך, וואָס שטייט אויסער אַנשויאונגען און מיינונגען, גלוי־בונגען און אידעאָלאָגיעס, ער האָט געזען אין עלילת־דם, למשל, אַ קלאָרן באַווייז פאַר דער מעגלעכקייט, אַז פיל אינטעלעגענטן און אויפגעקלערטע, וואָס געהערן צו די פּראָגרעסיווע כוחות אין דער וועלט, זאָלן האַלטן אַז עס איז פאַראַן עטוואָס אמת אין אָט דעם בלבול. נאָר דערמיט קען מען דערקלערן די עצה פון אַחד־העם, אַז יידן, וואָס האָפן אַז די רוסישע דומאַ וועט זיי געבן בירגערלעכע גלייכבאַרעכטיגונג, זאָלן שטימען פאַר די יידנפריינט פון אַלע פּאַר־טייען און נישט נאָכפרעגן וועלכע זענען זייערע אַנשויאונגען בנוגע פּראָבלעמען פון רעגירונגס רעזשים. גלייך ווי עס וואָלט מעגלעך

געווען זיך פאַרצושטעלן אַז צווישן די אָהענגער פונעם אַבסאָלוטיסטישן רעזשים, וואָס פאַרלאַנגט אַן אַכזריותדיקע אונטערדריקונג פון די אַלע וואָס ליידן פון רעכטלאָזיקייט, וואָס וויל אויפהאַלטן מיט ברוטאַלן כוח די אומגלייכקייט צווישן בירגער, זאָלן זיך געפינען אוהבי־ישראל, וואָס זאָלן וועלן קעמפן פאַרן אַראָפּנעמען דעם יאָך פון באַגרענצונגען וואָס דריקט אויף די יידן, אפילו ווען דאָס זאָל דראָען צו צוטרייסלען דעם רעזשים. פרעמד איז געווען פאַר אַחד־העם דער געדאַנקען־גאַנג וואָס האָט געהערשט אין דער תקופה פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע אין דער יידישער געזעלשאַפט און אינעם ציוניסטישן לאַגער.

„מ׳קען נישט זאָגן" — שרייב איך ווייטער אינעם דערמאָנטן אַרטיקל — „אַז אחד־העם האָט אַריינגעדרונגען, אָדער האָט ווייניקסטענס געפּרוווט אַריינדרינגען, טיפער ווי עס טוען אַנדערע ביי אונדז, אינעם געדאַנקען־גאַנג און אידייען פון דער נייער צייט. אויך ער, ווי ס׳רוב אַנדערע העברעאישע פובליציסטן, ס׳הייסט די וואָס שרייבן אין דער העברעאישער שפּראַך, באַציט זיך נעגאַטיוו צו דעם אַלעמען וואָס געשעט. אויך ער באַטראַכט די אַלע עסקנים און דענקער וואָס זענען ביי אונדז אויפגעקומען אין דער לעצטער צייט פאַר ייִנגלעך, וואָס האָבן ווייניק געלערנט, און ער באַהאַלט גאָרנישט זיין גרינגשעצונג לגבי זיי און זייער תורה. ער חוזק׳ט איבער די דאָגמעס פון זייער תורה, איבער זייער קאַמף פאַר די עקרים פון זייער תורה, איבער די פּרינציפּן פון קלאַסן־קאַמף, פראָלעטאַרישער כוח א.א.וו.".

„ס׳איז באמת אַ מאָדנע דערשיינונג. די פּובליציסטישע ליטעראַטור אין דער העברעאישער שפּראַך, וואָס האָט אין אַ געוויסן זין דערצויגן די אַלע עסקנים און וואָרט־פירער, וואָס זענען ביי אונדז אויפגעקומען אין די טומעלדיקע טעג, וואָס האָט מחדש געווען פיל פּרינציפּן, וואָס אויף זיי האָבן יענע געבויט זייערע טעאָריעס און טאַטן, שטרענגט איצט אָן אַלע כוחות זיך אָפּצוגרענעצן פון אירע תלמידים. ווי לעכערלעך איז עס צו זען ווי די אַלע פאַרלייקענער דערקענען כלל נישט זייערע אייגענע געדאַנקען און אַנשויאונגען, ווען מ׳פּרובירט זיי צו פאַרווירקלעכן אין לעבן אָדער זיי האַלטן ביים פאַרווירקלעכט ווערן. און דאָס, נישט צוליב דעם, וואָס יעדער געדאַנק וואָס ווערט פאַרווירקלעכט אין לעבן מוז זיך היפּש

ענדערן, נאָר פּשוט דערפֿאַר ווייל זיי דערשרעקן זיך פֿאַר די לאָגישע מסקנות וואָס רעזולטירן פֿון זייערע געדאַנקען און מיינונגען. עס האָט זיך געשטאַרקט אין דער העברעאישער פּובליציסטישער ליטע־ראַטור די רעאַקציע. עס הערשט אין איר די שטרעבונג צוריקצו־קערן צו דער תּקופֿה פֿון פֿאַר דער רעוואָלוציע, צו פֿאַרגעסן, אויס־מעקן דאָס וואָס איז אויפֿגעטון געוואָרן און געקומען צום אויסדרוק אין אָט דער תּקופֿה. עס דאַכט זיך מיר, אַז קיינער וועט נישט אָפּלייקענען דעם פֿאַקט, אַז אייגענטלעך, איז דער אויפֿברויז פֿון די לעצטע פֿיר יאָר געווען איין גרויסער פּרוּוו צו שאַפֿן אַזעלכע לעבענס־תּנאָים אין גלות, אין וועלכע עס זאָל מעגלעך זיין אויך דעם וועלטלעכן יידישן צבור און נישט בלויז דעם רעליגיעזן, דעם יידישן פֿאָלק צו עקזיסטירן ווי אַ פֿאָלק און זיך אַנטוויקלען אין באַשטימטע גרענעצן. יעדער איינער וואָס גרינגשעצט און איז אומ־צופֿרידן מיט די פֿאַרעלטערטע פֿאָרמען פֿון אונדזער לעבן, יעדער וועמען עס איז ענג געווען אין אונדזער קליינעם און באַגרענעצטן וועלטל ביז נישט צום איבערטראָגן, און ער האָט געוואָלט אויסברייטערן די גרענעצן און אַרויס אויף אַ פֿרייען, ברייטערן שטח, האָט אַנטייל גענומען אין אָט דער פֿאַרמעסטונג. עס איז פֿאָרלויפֿיק נישט געלונגען. נישט דערפֿאַר ווייל די אַלטע פֿאָרמען האָבן נאָך נישט פֿאַרלאָרן פֿון זייער קראַפֿט און איינפֿלוס, נאָר צוליב דעם וואָס די אַלגעמיינע באַדינגונגען, די פּאָליטישע באַדינגונגען אין דער מלוכה, וואָס וואָלטן מעגלעך געמאַכט די עקזיסטענץ פֿון די דאָזיקע נייע פֿאָרמען, זענען נאָך אַלץ נישט אַרויס פֿון עולם הדמיון. און בלויז די וואָס באַנעמען אויבנאויפֿיק די דערשיינונגען פֿון לעבן אָדער די וואָס דערשרעקן זיך פֿאַר די רעזולטאַטן פֿון די פּרינציפּן און אידייען וואָס זיי האָבן געפּרעדיקט און האָבן נישט פֿאָרויסגעזען דאָס וואָס קען קומען, קענען מאַכן צו שפּאָט אָט דעם פּרוּוו, וואָס האָט נישט מצליח געווען אין טאַט, האָט אָבער געזיגט אין געדאַנק.

„נישט ווילענדיק דערמאָנט מען זיך אין די ווערטער פֿון אחד־העם אין זיין אַרטיקל „כּתבֿים בלים" (אַלטע שריפֿטן). ווידעראַמאָל האָט זיך אונדזער פּובליציסטישע ליטעראַטור דערשראָקן פֿאַר די קאָנסעקווענצן פֿון אירע ווערטער און זי רופֿט: „השיבֿנו נאַזאַד".

מיין אַרטיקל, פון וועלכן איך ברענג דאָ די עיקר געדאַנקן, איז געווען געווידמעט דעם בריוו פון אַחד־העם וועגן נצחון פון די יונג־טערקן קעגן דער זעלבסט־הערשאַפט פון סולטאַן אַבדול חאַמיד. דער בריוו איז געדרוקט געוואָרן אין אַ יידישע חודש־שריפט אין דער רוסישער שפּראַך וואָס האָט אָנגעהויבן דערשיינען אין יענעם יאָר: אַחד־העם האָט געזען אינם נצחון פון די יונג־טערקן, וועלכע האָבן תחילת דורכגעפירט זייער רעוואָלוציע בלוטלאָז, אָן אַ בלוטיקן צוזאַמענשטויס מיטן אַלטן רעזשים, אַ באַשטעטיקונג פון זיין טעאָריע אַז לאַנגיעריקע גייסטיקע הכשרה איז בכוח צו דערגרייכן רעפאָרמען און ענדערונגען אין דער געזעלשאַפט, אָן בלוטיקן צוזאַמענשטויס. אָבער שוין דעמאָלט ווען עס זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַחד־העם׳ס ווערטער, וואָס האָבן אַנטקעגן געשטעלט די „בלוטלאָזע״ יונג־טערקישע רעוואָלוציע דער רוסישער, וואָס האָט זיך באַנוצט מיט טעראָר, כוח און באַוואָפנטן אויפשטאַנד, איז באַקאַנט געוואָרן וועגן אַ בלוטיקן צוזאַמענשטויס צווישן דעם רעוואָלטירנדיקן טערקישן מיליטער מיט די מיליטער־אָפּטיילונגען וואָס זענען טריי געבליבן דעם סולטאַן; אַזוי אַרום האָט זיך די אידיליע פון דער טערקישער רעוואָלוציע שנעל געענדיקט און האָט דווקא נישט באַשטעטיקט די טעאָריע פון אַחד־העם. אַחד־העם האָט געהאַלטן, גלייך ווי דער גאַנצער ציוניסטישער לאַגער, אז דער נצחון פון די יונג־טערקן, וועט עפענען אַ וועג פאַר אַ ברייטערער אַרבעט אין ארץ־ישראל. צו יענער צייט האָט זיך אָנגעהויבן אויפסניי אָן עליה־באַוועגונג קיין ארץ־ישראל אינם ציוניסטישן לאַגער אין רוסלאַנד, צווישן דער יוגענט, אַפילו צווישן אַ קליינעם טייל פון „בעל־הבית׳ישע״ ציוניסטישע קרייזן.

דאָס איז געווען די צווייטע עליה וואָס האָט אויפגעשריבן אויף איר פאָן „כבוש העבודה״ (די דעראָבערונג פון דער אַרבעט) וואָס איז אויך געווען אַ תרופה פאַר דער מחלה, אויף וועלכער עס האָט אָנגעוויזן אַחד־העם, די סכנה פון אָנזאַמלען זיך פון אַ גרויסער מאַסע אָרעמע און אויסגענוצטע נישט־יידישע אַרבעטער וועלכע וועלן באַדראָען דעם יישוב, סיי אין סאָציאַלער און סיי און נאַציאָנאַלער הינזיכט. מ׳האָט דעמאָלט אָנגעהויבן אויפשטעלן אַ קלאַס פון אַרבעטער וואָס באַזיצן אַ נאַציאָנאַל־יידישן באַוווסטזיין און

זענען באַזעלט פון דער וויזיע פון ארבעט. אויך די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט אָנגעהויבן אַן אויפבוי־אַרבעט אויף די יסודות וואָס זענען געלייגט געוואָרן נאָךביים סוף פון הערצל׳ס לעבן, ווען עס איז געגרינדעט געוואָרן דער אַנגלאָ־פּאַלעסטינער באַנק אַלס פיליאַלע פון קאָלאָניאַל־באַנק. אויך דער קרן־קימת האָט אָנגעהויבן ארבעטן און האָט געהאָלפן ביים אויפשטעלן די ערשטע יידישע שטאָט, תל־אביב, ווו עס איז געגרינדעט געוואָרן אַ מיטל־שול אין וועלכער די העברעאישע שפּראַך איז איינגעפירט געוואָרן אַלס אונטעריכט־שפּראַך פאַר אַלע למודים, לימודי חול און לימודי קודש.

אַחד־העם האָט אין אָנהויב געצווייפלט צי די לערער וועלן אימשטאַנד זיין צו לערנען אויף עברית די אַלגעמיינע לימודים, אָבער ער האָט דעם פאַקט אָנגענומען מיט צופרידענקייט. די לערער אָרגאַניזאַציע האָט געמאַכט פאָרשריטן אין איר אַרבעט און אירע כוחות האָבן זיך פאַרגרעסערט און געוואונען פראַקטיק. עס איז געגרינדעט געוואָרן די ערשטע קבוצה אין דגניה.

אַזוי איז געעפנט געוואָרן אַ נייער וועג אין דער אַרבעט פון אויפבוי פון לאנד, אויף דעם וועג איז ארויף די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע מיט אלע אירע כוחות. די סינטעטיש־ציוניסטישע שיטה וואָס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אין העלסינגפאָרס, האָט געדינט אַלס אידייאישער יסוד פון אָט דער אַרבעט און מ׳האָט דערקענט אין איר דעם איינפלוס פון אַחד־העם. אָבער ער איז געשטאַנען מן הצד, ווי ער וואָלט נישט פאַרשטאַנען דעם קער וואָס איז געשען אין דער טעטיקייט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. אויף אַ מאָמענט האָט ער זיך סאָלידאַריזירט מיט איר אינעם קאַמף מיטן „הילפס־פאַריין” וועגן דער למודים־שפּראַך אין חיפה׳ר טעכניקום. דאָס מאָל האָט ער זיך סאָלידאַריזירט מיט איר אינעם קאַמף מיטן „הילפס־וואָס די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט געוואָגט צו נעמען אונטער איר שוץ דאָס טעכניקום און שפּעטער די שול־נעץ פון „הילפס־פאַריין” אין ארץ־ישראל. די ערציאונג איז אריבער אין רשות פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט איינגעפירט אין אירע שולן די העברעאישע שפּראַך אַלס לימוד־שפּראַך. אויף דעם לעצטן ציוניסטישן קאָנגרעס פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אָנגענומען געוואָרן דער פּרינציפּ פון מיט־עקזיסטענץ פון וועלטלעכער

און רעליגיעזער דערציאונג, איינער נעבן דער אנדערער, ווי עס האָט זיינערצייט פאָרגעשלאָגן אַחד־העם אויפן מינסקער צוזאַמענפאָר, די צווייטע קאָנפערענץ פון די רוסישע ציוניסטן.

דער פּרינציפּ פון דער קולטור־אַרבעט און גייסטיקער הכשרה איז אָנגענומען געוואָרן אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און געלייגט געוואָרן אַלס יסוד פון איר טעטיקייט אין ארץ־ישראל און אין גלות. אין די טעג פון יענעם קאָנגרעס האָט זשאַבאָטינסקי אַריינגעטראָגן אַ דרייסטן פאָרשלאָג — איינצופירן אויך אין די יידישע שולן אין גלות־רוסלאנד, העברעאיש אלס די אונטעריכטשפּראַך פאַר די למודי קודש ווי אויך פאַר די וועלטלעכער קעגנשטאַנדן. זיין פאָרשלאָג האָט דעמאָלט אויסגעזען אַ צו דרייסטער אָבער אין אַ פאָר יאָר שפּעטער און בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה זענען געשאַפן געוואָרן, אין פּוילן און נאָכהער אין רוסלאַנד, שולן פאַר די פּליטים־קינדער, אין וועלכער די לערן שפּראַך איז געווען העברעאיש און נעבן זיי האָבן אויך עגזיסטירט שולן מיט דער יידישער אונטעררייכט־שפּראַך.

אַזוי איז אויסגענוצט געוואָרן די געלעגנהייט, וואָס האָט זיך געשאַפן צוליב דער פּליטים־באַוועגונג וואָס האָט פאַרפּלייצט וואַרשע און שפּעטער, מיטן ריקצוג פון רוסישן מיליטער פון פּוילן, די גובערניעס אינעם עטנאָגראַפישן רוסלאנד ווו ס׳איז דערלויבט געוואָרן די יידישע פּליטים צו באַזעצן זיך דאָרט.

טראָץ אָט דער אַנטוויקלונג, וואָס האָט באַוויזן ווי גרויס עס איז דער נצחון פון אחד־העם׳ס אָנשויאונגען, איז ער געבליבן שטיין ביי דער זייט און געשוויגן. אין דער בויט־צייט אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און דעם גרויסן זעלבסט־הילף ווערק, גייסטיק און מאַטעריאַל, פאַר די יידישע פּליטים, איז אַחד־העם געזעסן אין לאָנדאָן, אַרום אים האָט זיך קאָנצענטרירט אַ קרייז פון יונגע מענטשן, תלמידים און אָנהענגער פון זיין תורה, און ער איז אויך געוואָרן דער ראַטגעבער פון ווייצמאַנ׳ען אין די אונטערהאַנדלונגען וואָס ווייצמאַן האָט אָנגעהויבן מיט דער ענגלישער רעגירונג, מיטן ציועק אויסצונוצן די היסטאָרישע געלעגנהייט וואָס האָט זיך געשאַפן צו פאַרווירקלעכן דעם ציוניזם.

ד.

ס׳איז נישט מיין אויפגאַבע זיך אָפּצושטעלן אין דעם דאָזיקן עסיי אויף אַחד־העם׳ס חלק אינם געראַנגל וואָס האָט געבראַכט צו דער פאַרעפנטליכונג פון דער באַלפור־דעקלעראַציע. זיינע בריוו פון יענער תקופה דעקן אָפּ דעם שלייער פון זיינע עצות, וועלכע האָבן פאַרגרעסערט דעם פאַרזיכט פון ווייצמאַנען. ס׳איז כדאי אונטערצושטרייכן אַז אַ בריטישער ייד, וואָס האָט דערגרייכט צו דער אָנפירונג פון אַ גרויסער פאַרלאַמענט־פראַקציע אין יענער צייט די ליבעראַלע פאַרטיי, און שפּעטער באַמינירט געוואָרן אַלס ערשטער ענגלישער הויכקאָמיסאַר אין ארץ־ישראל, הערבערט סע־מועל, האָט פאַרגעשלאָגן אין אַ ספּעציעלן מעמאָראַנדום וואָס ער האָט דערלאַנגט צו דער רעגירונג פון אסקוויט, אין אָנהויב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אַז עס זאָל געשאַפן ווערן אַ יידישע מדינה אין דעם לאַנד וואָס געפינט זיך אין דער נאָענט פון סועץ־קאַנאַל ווייצמאַן אָבער, זיינע פריינט און באַראַטער זענען ווייט געווען פון אַזאַ העזה, זיי האָבן זיך באַנוצט מיט דער פאָרמול פון באַזעלער פּראָגראַם, מיט וועלכער הערצל האָט זיך באַמיט צו פאַרמאַסקירן דעם ציל זיינעם, וואָס איז איבערגעזעצט געוואָרן אויף ענגליש מיט דעם וואָרט „האָם״, אַ באַגריף וואָס איז געווען באַקאַנט אין ענגלאַנד פון די צייטן פון געראַנגל פון אירלאַנד פאַר איר זעלבסטשטענדיקייט. נישט קיין מדינה נאָר אַ נאַציאָנאַל־היים. אמת, זיי האָבן פאַרלאַנגט אַז ארץ־ישראל זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ נאַציאָנאַל־היים אויפן יסוד פון היסטאָרישן קשר פון יידישן פאָלק מיט דעם דאָזיקן לאַנד.

אָט די פאָרמול איז אין דער אמת׳ן געווען גלייכבאַדייטענדיק מיט אַ פאָרמול פון אַ מדינה נישט אָנרופענדיק זי ביים נאָמען בפירוש. אחד־העם, וואָס האָט זיך אוודאי מיטבאַטייליקט אין אָט דער פאָר־מולירונג, האָט זיך געהאַלטן אין איר מיט דער גאַנצער אַנטשלאָסנ־קייט, ווי מ׳זעט עס פון זיינע בריוו, און די קעגנערשאַפט פון די אַסימלירטע יידן, וואָס האָבן זיך געשראָקן אימת־מוות פאַרן אָנער־קענען דאָס יידישע פאָלק פאַר אַ מלוכה־נאַציאָן, האָט אים אָנגעפילט מיט פאַרביטערונג. דאָס אָפּוואַרפן די פאָרמול וואָס איז פאָרגע־שלאָגן געוואָרן דורך ווייצמאַנען און זיינע חברים און דאָס איינ־

שרומפען זי ביז דער פאָרמול וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער באַלפור־דעקלעראַציע, ס'הייסט, אויפצושטעלן אַ נאַציאָנאַל־היים אין ארץ־ישראל, איז געווען פאַר אחד־העם אַ גוטע לעקציע און זי האָט אים ווידער צוריקגעקערט צו זיין געוויינטלעכער פאָר־זיכטיקייט און זיינע וואָרנונגען פאַר „דער רעאַקציע וואָס דראָט אין דער נאָענטסטער צייט".

דעם 18 נאָוועמבער 1920 האָב איך פאַרעפנטלעכט אין דער „הצפירה" אַן אַרטיקל מיטן נאָמען „די וואָרנער", וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט אָט די ווערטער:

מיר האָבן ווידער געהערט די שטים פון אחד־העם, וואָס איז פאַרשוויגן געוואָרן די לעצטע יאָרן און זיך נישט באַטייליקט אין דער גרויסער אַרבעט, אַרבעט פון מוח און הארץ, וואָס מיר האָבן געטון אין אַלע גלות־לענדער... מיר, וואָס זענען דאָך, אייגענטלעך, כמעט אַלע, תלמידים פון זיין שול, האָבן זיך נישט איינמאָל געפרעגט: וואָס איז די דעה פון אחד־העם איצט, וואָס וואָלטן געווען זיין מיינונג, אורטייל און דירעקטיוון אין דעם מאָמענט, ווען ער וואָלט געאַרבעט מיט אונדז ווי אַמאָל?

ווי מיר האָבן אָבער אומזיסט געפרעגט, אומזיסט געוואַרט אויפן וואָרט פון לערער. עס איז אַוועק אַ יאָר נאָך אַ יאָר און געווע זענען עס די שווערסטע און פרוכטבאַרסטע יאָרן אין אונדזער געשיכטע אין דער לעצטער תקופה, און זיין שטים האָט זיך נישט דערהערט... און אָט שטייט ער ווידער און וואָרענט אונדז. פונקט ווי אַ מוטער, וואָס זעט איר קינד לויפן, און זי שרייט אים נאָך פול מיט שרעק: לויף נישט, וועסט פאַלן און דעם קאָפּ צוברעכן.

„...מיט אַ שטרקער האַנט האָט ער (אחד־העם) אַרויסגעפירט אונדזער באַוועגונג פונעם קליינעם וועלטל פון חיבת־ציון, מיט זיין שאַרפער קריטיק און זיין „אמת" און אין די „ברעקלעך" האָט ער געעפענט פאַר זיי בייטע און ברייטע האָריזאָנטן. ער האָט אָבער נישט פאַרמאָגט די שעפערישע פאַנטאַזיע, יענעם כוח פון גרויסער אמונה, יענעם האַס און ליבע, וואָס געבן דעם מענטשן דעם שוואונג פון שאַפן, דאָס אויג וואָס דרינגט אַריין אין די געהיימנישן פון דער צוקונפט, די זיכערקייט, אַז ס'וועט קומען אַ טאָג און דער גרויסער „נס" וועט געשען. צופיל רעאַליסט איז געווען אחד־העם, ער זאָל

גלויבן אין „נסים“ ער זאָל וואַרטן אויף זיי, ער זאָל זיך אָנשטרענגען כדי זיי גורם צו זיין, געווען אַ קלוגער און געלאַסענער... נישט דערלאָזט די פאַנטאַזיע איבערוועלטיקן די טאַטן און שטענדיק צוגעפּאַסט דאָס וועלן צום קענען.

„דעריבער האָט אַחד־העם נישט אויפגעשטעלט קיין פאָלקס־באַוועגונג טראָץ זיין איינפלוס וואָס ער האָט געהאַט אויפן יונגען דור. דעריבער זענען זיינע מקורבים און אָנהענגער געווען כמעט תמיד די „בעלי בתים“ לויטן גייסט און שטאַנד, יענע פּקחים און געלאַסענע וואָס האָבן זיך תמיד גערעכנט מיט דער מאָס פון מעגלעכקייט, געגאַנגען טריט באַך טריט, וואָס האָבן געהאַלטן אַן אויג אויף דער טאָג־טעגלעכער ווירקלעכקייט... ביז זיי האָבן פאַרלוירן דעם טאַלענט צו קוקן און צו זען ווייט, צום ציל צו וועלכן זיי שטרעבן. זיי האָבן מורא געהאַט צו מאַכן פעלער, מורא געהאַט צו צעפלאַמען די פאַנטאַזיע פון פאָלק מיט פאַלשע איבערגעטריבענע האָפענונגען, נישט געשטויסן אים צום קאַמף, צו מעשים. דער שרעק פאַר דער רעאַקציע וואָס קומט נאָך אַנטוישטע האָפענונגען, דער פחד פאַר יאוש האָט זיי, אַחד־העם און זיינע חברים, צוריקגעהאַלטן אין זייער טון און ווירקן, און דעריבער האָבן זיי געלאָזט די רעאַקציע זיך איינניסטן אין אונדזער וועלט אַפילו אַביסל פריצייטיק...

„אַחד־העם האַלט די באַלפור־דעקלעראַציע און דעם באַשלוס אין סאַן־רעמאָ פאַר אַ „נס“, ס׳הייסט פאַר אַ זאַך וואָס לאָזט זיך נישט זען פון פאָראויס, און ער שטייט דעריבער און וואָרנט אונדז: נישט יעדן טאָג פּאַסירן אַזעלכע נסים... פּראָקלאַמירט נישט פייערלעך, אַז די טעג פון גאולה דערנענטערן זיך, בלאָזט נישט אין שופר של משיח. אָבער, צי איז פאַראַן אין לעבן פון די פעלקער גרויסע געשעענישן וואָס ווערן נישט באַטראַכט ווי אַ נס מן השמים? צי האַלטן נישט די פראַנצויזן פאַר אַ נס דעם נצחון ביי די ברעגן פון דער מאַרנע — אָדער איז דען נישט אַ נס אין די אויגן פון די פּאָליאַקן דער נצחון ביי די ברעגעס פון דער ווייסל? —

אויך מיר זענען געגאַנגען אַנטקעגן דעם „נס“ פון סאַן־רעמאָ, אויך מיר האָבן גערעכנט אין משך פון דער דאָזיקער מלחמה אונדזערע אַלע טאַטן, אונדזער טון און ווירקן, כדי גורם צו זיין

אַז דער „נס" זאָל פּאַסירן. מיר האָבן גערופן דאָס פאָלק, וואָס איז פאַרזונקען אין זיינע צרות און דאגות, געוועקט אים ער זאָל זיך דערהויבן פון דער שווערער, גרויער ווירקלעכקייט, ער זאָל אים־שטאַנד זיין צו דערגרייכן צו יענעם שפּיץ־באַרג וואָס אויף אים האָבן דעם זכות צו שטיין נאָר נביאים און גייסט־ריזן, ער זאָל זען מיט די אייגענע אויגן די גאולה און מיט די אייגענע אויערן הערן דעם שופר של משיח. דאָס פאָלק האָט אויפגעהויבן די פאָן פון גאולה און גענומען זיך זאַמלען אַרום איר... פון די פאָלקס־טיפענישן זענען אויפגעקומען נייע אומבאַקאַנטע פאַר אונדז כוחות, אַלע האָבן זיך פאַראייניקט פאַרן קאַמף מיט דער גלות־נויט אין אַלע גלות־לענדער, צו גרויסע טאַטן. נאָר אַ דאַנק דער גרויסער פאָלקס־באַוועגונג וואָס מיר האָבן געשאַפן, האָבן מיר געקענט אויפברענגען דעם מוט צו קומען מיט אונדזערע פאָדערונגען פאַר דער ענגלישער רעגירונג, פאַרן פעלקער־בונד און דער פרידענס־קאָנפערענץ. נאָר דער גרויסער ציל קען באַגייסטערן דאָס פאָלק צו ליידן און קעמפן פאַר אים. אַזאַ איז דער וועג פון נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע פאָלקס־באַוועגונגען.

...מיר דאַרפן זיך נישט אָפּשרעקן פאַר דער קריטיק וואָס דערמאָנט אונדז אַז נאָך איז די גאַנצע האָפנונג אונדזערע נישט דערפולט געוואָרן, נישט געקענט דערפולט ווערן, ווי אין פאַל פון דער באַלפור־דעקלעראַציע און סאַן־רעמאָ־באַשלוס. אַדרבא, מיר שעצן דווקא די דאָזיקע קריטיק, ווייל זי לאָזט אונדז נישט פאַרוויגן זיך אין אילוזיעס, זיך אַליין גענאַרן, און צווינגט אונדז צו רעכענען זיך מיט דער ווירקלעכקייט, בעת מיר גייען רעאַליזירן אונדזערע אידייען און פלענער. אָבער די אויפגאַבע פון דער קריטיק איז צו נעמען אין אַכט אויך דאָס שטיק וועג וואָס מיר זענען אָפּגעגאַנגען, וואָס האָט אונדז דאָך געבראַכט נעענטער צום ציל, הגם דער ענד־ציל איז נאָך זער ווייט. אַזאַ קריטיק איז אַ קאָנסטרוקטיווע און שעפערישע.

מיר דאַרפן זיך זען ווי מיר וואָלטן געקלעטערט אויף אַ הויכן באַרג, וואָס מיר זען נישט דעם שפּיץ זיינעם. יעדעס מאָל דאַכט זיך אונדז אַז אָט־אָט דערגרייכן מיר דעם ציל, און דאַן דערזעען מיר אַז עס איז נישט מער ווי דער העכסטער פונקט פון אונדזער

האַריזאָנט. מיר שטרענגען אָן די כוחות צו דערגרייכן צו אים, און ווען מיר דערגרייכן — פאַרברייטערט זיך דער האַריזאָנט פאַר אונדזערע אויגן און עס ווייזט זיך אַרויס אַז דער שפּיץ־באַרג איז נאָך ווייט פון אונדז...

ה.

אין יענער צייט האָט זיך די קראַנקהייט פון אַחד־העם פאַרשטאַרקט און זיין שאַפערישע אַרבעט איז איבערגעריסן געוואָרן. ער האָט עולה געווען קיין ארץ־ישראל און זיך באַזעצט אין דער ערשטער יידישער שטאָט, תל־אביב, ווו ער האָט געפונען פיל פון זיינע תלמידים און מקורבים, און זיי טאַקע זענען אויך געווען די בויער און אַנטוויקלער פון דער שטאָט. געווען דעמאָלט אַ צייט פון גלויבן אין ענגלאַנד און אין ערשטן יידישן הויכקאָמיסאַר סעמואל, דער וואָס איז געווען דער ערשטער וואָס האָט דערלאַנגט דער ענגלישער רעגירונג אַ מעמאָראַנדום וועגן שאַפן אַ יידישע מדינה אין ארץ־ישראל. אמת, יענע טעג זענען פאַרשטערט געוואָרן דורך אָנפאַלן פון אַראַבער אויפן יידישן ישוב אין ירושלים און אין אַ יאָר שפּעטער אין יפו, אָבער די אָנפאַלער האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף יידישע פאַרטיידיקער און ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין ארץ־ישראל קען פאַסירן צוזאַמענשטויסן צווישן אַראַבער און יידן, אָבער עס איז בישטאָ קיין פּלאַץ פאַר פאָגראָמען, פון דעם מין וואָס עס איז פאָרגעקומען אין רוסלאַנד.

זומער 1925 האָב איך דאָס ערשטע מאָל באַזוכט ארץ־ישראל. דרויאַנאָוו, מיט וועמען איך האָב זיך געקענט גוט, אַ דאַנק אונדזער געמיינזאַמע אַרבעט אינם ווילנער צענטראַל־קאָמיטעט, האָט מיך אַריינגעבראַכט אינם הויז פון אחד־העם, מיט וועמען כ׳האָב זיך נישט געזען זינט יענעם שבת־נאָכמיטיק אין דער דאַטשע ביי וואַרשע, וועגן וועלכע כ׳האָב דערציילט ביים אָנהויב פונעם עסיי. אַחד־העם האָט מיך זער פריינטלעך אויפגענומען. אַ גלעטענדיקע ווייכקייט האָט זיך געהערט אין זיין שטימע, אָפגעפּילט זיך אינעם בליק פון זיינע אויגן. ווי אַן אַלטער לערער וואָס נעמט אויף זיינע תלמידים, וועלכע האָבן אמת צייטענווייז אָפּגעווייכט פון וועג וואָס ער האָט אָנגעצייכנט, אָבער זיי זענען אים ליב ווייל זיי זענען

ממשיך דאָס ווערק פון זיין לעבן, הגם זיי טרעטן אויס גייע סטעזשקעס. כ׳געדענק נישט וועגן וואָס מיר האָבן גערעדט אָבער, ביז היינטיקן טאָג האָט נישט אויסגעוועפּט דאָס געפיל פון וואַרעמ־קייט און ליבשאַפט, וואָס האָט געשטראַלט פון זיין פּנים, וואָס האָט געקוועלט פון זיינע רייד צו אונדז.

אין יאַנואַר 1927 איז אָנגעקומען קיין וואַרשע די ידיעה וועגן טויט פון אַחד־העם. כ׳האָב געווידמעט אין „היינט" אַן אַרטיקל פאַר זיין אָנדענקען, דעם אָנדענק פון מיין לערער, און דעם לערער פון מיין דור.

„...זיינע לעצטע יאָרן האָט אחד־העם געלעבט צווישן זיין פאָלק אין תל־אָביב אין אַן אַטמאָספער פון כבוד און ליבע. די גאַנצע שטאָט האָט אַכט געגעבן, מ׳זאָל אים נישט שטערן אָדער באַלעסטיקן. קיין שום דענקער, און יידישער דענקער אַוודאי נישט — האָט זוכה געווען דערצו. אַז די שטאָט־פאַרוואַלטונג ווו ער האָט געוווינט זאָל אַרויסגעבן אַ פאַרבאָט פאַר יעדער פאָר־צייג, דורכצופאָרן די גאַס ווו ער האָט געוווינט בעת דער נאָכמיטאָג־רו זיינער. אַחד־העם האָט דערצו זוכה געווען. די שטאָט־פאַרוואַלטונג פון דער ערשטער יידישער שטאָט האָט אים באַערט מיט דעם דאָזיקן כבוד, און אויסגעדריקט איר ליבע צו אים אין אַזאַ רירענ־דיקער, האַרציקער פאָרם. ווייל אין דער דאָזיקער שטאָט־פאַרוואַל־טונג זענען געזעסן זיינע תּלמידים.

ס׳איז נישטאָ קיין שום גוזמאָ אין דעם ווען מ׳זאָגט, אַז דער גאַנצער דור פירער אין אונדזערע טעג אין אונדזערן נאַציאָנאַלן לעבן, איז טיילווייז אַחד־העמ׳ס תּלמידים און טיילווייז מענטשן וואָס האָט געגאָסן פון זיין הלכה און באַאיינפלוסט געוואָרן פון זיינע געדאַנקען. און עס האַנדעלט זיך נישט בלויז וועגן ציוניסטן. צווישן די אַנטי־ציוניסטישע פאַרטייען, אויך אין די עקסטרעם־לינקע זענען פאַראַן פירער, און זייער צאָל איז כלל נישט קליין, וואָס האָבן געטרונקען פון זיינע קוואַלן. אין דער אידעאָלאָגיע און פּראָגראַם פון כמעט יעדער יידישער פאַרטיי קען מען געפינען עיקרים, וואָס שטאַמען פון אַחד־העמ׳ס געדאַנקען, אָדער באַמיאונגען אויפצושטעלן און באַגרינדן קעגן־טעזעס צו די געדאַנקען און אָנשויאונגען וואָס ער האָט פאָרמולירט.

אַחד־העם איז געווען דער דענקער פון אונדזער דור. דער לערער און וועג־ווייזער, אָבער נישט דער מנהיג. ער האָט איינמאָל געפּרובט און נישט מצליח געווען. אַ פּרווו וואָס איז נישט געלונגען — אַזוי האָט ער אַליין באַצייכענט. דאָס ווערק זיינס. ער האָט געוואָלט אָרגאַניזירן אַ מחנה פון „כוהנים״, וואָס זאָלן זיך שטעלן בראש פונעם פאָלק, וואָס זאָלן גייען פאַר אים, אויסטרעטן אַ סטעזשקע, אַ וועג פאַרן פאָלק. דער אָרדן „בני־משה״ וואָס ער האָט געשאַפן צו דעם דאָזיקן צוועק, האָט נישט דערפולט די אויפגאַבע וואָס איז אויף אים אַרויפגעלייגט געוואָרן, איז נישט פאַרוואַנדעלט געוואָרן אין אַ געהיימען כוח וואָס זאָל פורעמען און געשטאַלטן דאָס נאַציאָנאַל־יידישע לעבן.

ס'האָט נישט געהאָלפן די געהיימקייט און דער נוסח פון דער שבועה, לויטן מוסטער פון די מאַסאָנען־לאָזשעס. מיט אַ געוויסן רוגז האָט אחד־העם צוגעזען, ווי הערצלן איז געלונגען דאָס, ביי וועלכן ער האָט נישט מצליח געווען. דער מנהיג האָט געשטעלט אין שאָטן דעם לערער מיט איין מאַך מיט דער האַנט.

ווען ער איז אַוועקגערוקט געוואָרן אין אַ ווינקעל האָט ער נישט אויפגעהערט צו לערנען, דעמאַסקירן דעם ליגען, אַנווייזן אויף פעלערן, אויפצודעקן דעם אמת, נישט גערעכנט זיך דערמיט ווי גרויס עס איז דער ווייטאָק וואָס ער האָט גורם געווען, ווי שטאַרק עס איז די צושטערונגס־קראַפט זיינע. די גלאַנצפולע יאָרן אין זיין פובליציסטישע טעטיקייט זענען געווען די יאָרן פון זיינע קאַמפן קעגן מנהיג, ווען ער האָט געגאָסן אויף די וועגן און אומוועגן זיינע, דאָס העלע ליכט פון זיין שכל, זער איינדרוקספול זענען דעמאָלט געווען זיינע אַרטיקלען. און אין דער זעלבער צייט האָט מען זיך צוגעהערט צו יעדן וואָרט וואָס איז אַרויס פון זיין מויל; יעדן געדאַנק וואָס ער האָט אַרויסגעזאָגט איז באַלד אויפגעכאַפּט געוואָרן, אַנאַליזירט, אויסגעטייטשט און גאַנצע בערג פון הלכות (טעאָריעס) אויף אים אויפגעבויט. ס'איז נישט געווען קיין איין קרייז פון אינטעליגענטן — לאָוו־דוקא ציוניסטן — וואָס האָט זיך באַשעפטיקט מיט שטודירן די סאָציאָלאָגיע און געזעצמעסיקייט אינם יידישן לעבן, וואָס איז נישט געווען אַריינגעטאָן אין וויכוחים גאַנצע נעכט איבער אַחד־העמ'ס אַרטיקלען און זיין שיטה.

אין קרייזן פון יוגנטלעכע און אַרבעטער האָט מען געלערנט דעם „על־פרשת־דרכים" (אויפן שייד־וועג) ער איז געוואָרן דער ספר, דער ספר פון דור.

„די יונגע וועלן עס שווער פאַרשטיין, וואָס אחד־העם איז געווען פאַר אונדז, ווי שטאַרק עס איז געווען זיין השפעה אַלס לערער. דער יונגער דור היינט־צו־טאָג האָט נישט קיין איין מענטשן וועלכער איז ראוי צו דעם נאָמען. דעריבער זענען די געדאַנקען צעבּרעקעלט געוואָרן און זעען אויס ווי אָפּגעריבענע מטבעות; אַמאָל גייען זיי פאַרביי פאַר אונדז ווי אַ שטורם־געוויטער, ברויזט, שרעקט און פאַרשווינדט. אויף דער יידישער פובליציסטיק פון היינט שוועבט נישט די שכינה פון אייביקייט. אַזאַ שכינה האָט גערוט אויף די געדאַנקען פון אַחד־העם. זיי זענען געבוירן געוואָרן אין ווייטאָק, אויסגעטראָגן געוואָרן ביז די פולע רייפקייט. און זיי זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרן אָן מורא, קרעפטיק און אָן פּאַטאָס, מיט פשוטע ווערטער וואָס זענען אַריינגעדרונגען טיף אין האַרצן. עס האָט זיך געפילט אין זיי געצוימטער כוח, האַס און ליבע, צער און פרייד... און זיי האָבן זיך איינגעקריצט אין מוח און אין האַרץ און געהאַט אַן אַנטשיידענדיקן איינפלוס אויפן גאַנג פון לעבן און ווערק.

און ווען די געדאַנקען זענען נישט אָנגענומען געוואָרן — האָבן די וואָס האָבן זיי אָפּגעוואָרפן פאַר זיך קיין רו נישט געפונען, ביז מ׳האָט אויסגעפונען קעגן־אַרגומענטן און תשובות אויף זיי. זיי האָבן זיך געראַנגעלט מיט זיי ביז מ׳האָט זיי גובר געווען. די אַרטיקלען פון בערדיטשעווסקי זענען די פרוכט פון דעם דאָזיקן געראַנגל. און נאָרדוי און דובנאָוו און נאָך אַנדערע יונגע און אָנפאַנגער זענען מיטגעריסן געוואָרן אין אָט דעם אידייאישן געראַנגל.

„אַחד־העם איז נישט געווען דער מנהיג. די פשוטע ציוניסטן האָבן נישט איינמאָל אויף אים שטיינער געוואָרפן, געהאַלטן אים פאַר אַ שונא, וואָס מאַכט חרוב, פירט אַראָפּ פון גלייכן וועג.

די שפּל׳ע ווידער, די קורצזיכטיקע, לייכט גלויביקע, גייסט־אָרעמע האָבן פּרובירט מאַכן אים צו שפּאָט, צו פאַרשרייען אים, צו באַזייטיקן. עס האָט גאָר נישט געהאָלפן. דער געדאַנק, איינמאָל אויפגעוועקט, האָט זיך נישט געלאָזט מער איינשלעפערן. די אויגן, איינמאָל ברייט אויפגעריסן, זענען נישט לייכט געווען צוצומאַכן.

און דאָס געוויסן, איינמאָל אויפגערירט און באַאומרואיקט האָט זיך נישט געלאָזט מער איינשטילן. אין פיל פּראָבלעמן האָט אַחד־העם געזיגט. אַחד־העמ׳ס לערע אַז דער וועג צו גאולה גייט דורכן גייסטיקן צענטער האָט געזיגט פולשטענדיק. פאַרשטייט זיך אַז מרכז־רוחני הייסט נישט אַ ישיבה אָדער אוניווערזיטעט אָדער אַן עדה פון תלמידי־חכמים וואָס זיצן און לערנען, אַזוי ווי מ׳האָט פאַרקרומט אַזש ביז צו אַ קאַריקאַטור די אידייען פון אחד־העם. מרכז־רוחני הייסט אַ געמיינשאַפט, וואָס איז אפשר קליין אין צאָל. אָבער אַ דאַנק די גוטע און מער פרייע לעבענס־באַדינגונגען, איז איר שאַפונג גאַנץ און פולקאָם. זי מוז זיך נישט צופּאַסן צו קיין שום פרעמדע געזעלשאַפט און הערשט אַליין איבער זיך. אַזאַ געמיינשאַפט קען האָבן השפעה אויף די אַנדערע יידישע פאָלקס־קיבוצים, וואָס זענען נישט פריי אין זייער שאפונג, אָפּהענגיק פון פרעמדן ווילן.

איצט האָבן אויך די עקסטרעמסטע קעגנער פון אַחד־העמ׳ס שיטה אָנגענומען אירע פּרינציפּן און אַפילו די פאַרערער פון גלות, וואָס זעען אין אים אַ נאָרמאַלע און אַפילו אַ העכערע פאָרם פון פאָלקס־לעבן, אַפילו זיי זענען געקומען צו דער מסקנה, אַז מ׳דאַרף שאַפן אַ גייסטיקן צענטער וואָס זאָל אויסשטראַלן זיין השפעה אויף די פאַרשיידענע יידישע פאָלקס־קיבוצים אין גלות.

„נפטר געוואָרן דער גרויסער לערער פון אונדזער ציוניסטישן דור. ס׳איז איבערגעריסן געוואָרן דאָס ווערק פון מעכטיקן מוח וואָס האָט אַנאַליזירט אַן רחמנות, וואָס האָט אויפגעדעקט דעם אמת אין זיין גרעלער נאַקעטקייט. עס איז געבליבן אין אונדזערע הענט נאָר דער אוצר פון זיינע געדאַנקן, דער אמת וואָס איז איינגעקריצט אינם מאַרמאָר־שטיין פון זיינע ווערטער, אָבער דער אוצר איז געשלאָסן און וועט נישט מער וואַקסן.

„און אויב מיר ווילן דערפילן די שטילע צוואָה פון אַחד־העם, וואָס איז נאָך צו איר אויסדרוק נישט געקומען, דאַרפן מיר אויפפּאַסן אַז זיין תורה זאָל נישט פאַרשטאַרט ווערן, זי זאָל בלייבן תורת־הלב, אַ לעבעדיקע תורה וואָס אַנטוויקעלט זיך מיטן לעבן.

# מיכה יוסף בערדיטשעווסקי

## א.

געשטאָרבן בערדיטשעווסקי, אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן — נאָך פאַר דער מלחמה — האָט ער פאַרלאָזט זיין שלאַכטפעלד און האָט זיך פאַרשלאָסן אין זיין ווינקל אין ברעסלאו און בערלין. באַשעפטיקט זיך מיט שרייבן ספורי־אַגדות, געשריבן דערציילונגען, פונעם לעבן פון דער וועלט מיט וועלכער ער האָט זיך צעשיידט און נישט אויפגעהערט צו בענקען נאָך איר, אַלע זיינע יאָרן. בערדיטשעווסקי דער קעמפער, דער בר־פלוגתא פון אַחד־העם, דער קעגנער פון שלטון הרוח (הערשאַפט פון גייסט), „דער ספר", וואָס האָט אים אַנטקעגנגעשטעלט דעם כוח פון שווערט, וואָס ער האָט געזוכט און נישט איינמאָל געפונען אין אונדזערע אַלטע אַגדות; דער ערשטער וואָס האָט אַריינגעבראַכט די אידייען פון ניטשע אין אונדזערע פובליציסטישע ליטעראַטור, וואָס האָט מיטגעפילט דעם צער פון אַ שוואַך פאָלק, צוריסן און געשפּאָלטן אין גלות, וואָס איז געווען פאַרזונקען אין אַ טיפע בענקשאַפט צו דער גאַנצקייט און קראַפט פון אַ קאַמף־מענטש — אָט דער בערדיטשעווסקי איז פאַרשוווּנדן נאָך די גרויזאַמע יאָרן פון דער רוסישער רעוואָלוציע. דער שריפטשטעלער בערדיטשעווסקי וואָס האָט געלעבט און ווייטער געשריבן, האָט אויפגעהערט צו זיין פאַר אונדז אַ מענטש אַ וועג־ווייזער אויסטרעטער פון אַ נייעם שטעג. אין דער טויט־שטילקייט פון דער רעאַקציע וואָס האָט געזיגט אין רוסלאַנד, אין דער פינצטערניש וואָס האָט זיך צעלייגט אויף דער יידישער וועלט און דער ציוניסטישער באַוועגונג נאָכן טויט פון הערצלען און בעת דעם אוגאַנדע־קריזיס — האָט פלוצים אויפגע־

טויכט און איז אויפגעקומען אַ נייער כוח, וואָס האָט ערגעץ פון טיפעניישן געשעפּט באַגאַבונג צו אַ נייער דערוואַכונג, און געבראַכט צו אַ שאַפונגס־אויסברוך וואָס זיין גלייכן איז ביזהער נישט געווען. אָבער בערדיטשעווסקי איז געשטאַנען ביי דער זייט, פרעמד צו דעם אַלעמען.

פיל פונעם גייסט פון בערדיטשעווסקי, פון זיין נשמה וואָס איז געווען פול צער און בענקשאַפט און קאַמפּס־לוסטיקייט איז געווען אין דעם דאָזיקן אויסברוך, אָבער ער האָט דאָס נישט אָפּגעפילט. ווי אַ פרעמדער איז ער געשטאַנען פון דערווייטן, פאַרטאָן אין חסידישע שמועסן, אין די מדרש־אַגדות און נישט געזען ווי מ׳בויט און צושטערט אינעם יידישן לעבן, ווי טעמפּלען ווערן חרוב און ווי עס וואַקסן אויס נייע אויף זייער פּלאַץ. ער וואָס האָט געלערנט און געפּרעדיקט יאָרן־לאַנג, אַז כדי צו בויען נייע טעמפּלען מוז מען פריער צושטערן די אַלטע, האָט זיך נישט באַטייליקט אין אָט דעם געוואַלטיקן שאַפונג׳ס־ווערק.

עס איז נאָך נישט געקומען די צייט צו אונטערזוכן גענויער די סיבות וואָס האָבן געבראַכט צו אָט דער ענדערונג. עס ווייזט אויס, אַז מ׳דאַרף זיי זוכן אין דער השפעה פון די רעוואָלוציע־פּראָגראַמען אין 1905 און דעם חורבן פון די האָפענונגען נאָכן זעקסטן און זיבעטן ציוניסטישן קאָנגרעס. בערדיטשעווסקי איז נישט געווען דער איינציקער וואָס האָט פאַרלוירן אין דער דאָזיקער תקופה די קאַמפּס־לוסטיקייט, און די אידייאישע שאַפונגס־קראַפט. דאָס אייגענע האָט אויך געטראָפן, הגם אין אַ קלענערער מאָס, מיט אַחד־העמ׳ן. דער לעצטער האָט נאָך געפּרובט זאָגן זיין וואָרט דעם נייעם דור, וואָס האָט אַזוי פיל מקבל געווען פון זיין תורה, אָבער די ווערטער האָבן שוין נישט פאַרמאָגט דעם אַמאָליקן שווונג זייערן, און זענען נישט אויפגענומען געוואָרן אַזוי ווי אין יענע ערשטע טעג.

כ׳ווייס נישט וואָס דער היסטאָריקער פון דער העברעאישער ליטעראַטור וועט זאָגן וועגן בערדיטשעווסקיס שאַפונגען אין זיינע לעצטע יאָרן. פאַר אונדז, פאַרן דור וואָס איז אויפגעוואַקסן מיטן ציוניזם און דער רוסישער רעוואָלוציע ביים ענדע פון ניינצעטן און אָנהויב פון 20־טן יאָרהונדערט איז דער קעמפער בערדיטשעוו־

סקי געווען אַ וועגווייזער. זיין שטורמישע קריטיק קעגן די טיפע, אָבער אויך ניכטער־פּאָרזיכטיקע געדאַנקען פון אחד־העם, האָבן אונדז אויסגעהיט פון דער קאָנסערוואַטיווער שווערפעלטיקייט וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אַחד־העם און זיינע תלמידים. ער האָט צעשטערט די תורה פון אייביקע ווערטן, וואָס זענען אומפאַרענ־דערלעך און זענען דער עיקר מהות פון יידנטום. ער האָט פאַר־שטאַרקט אין אונדז די בענקשאַפט נאָך קראַפט און גבורה, דעם אומווילן קעגן יענער גייסטיקייט וואָס אַנטלויפט אין די עולמות העליונים, אין עולם־התוהו, און בויט דאָרט אויף פרעכטיקע פּאַלאַצן, בעת דאָס לעבן אין דער ממשות׳דיקער וועלט, איז אַ לעבן פון פּינצטערניש און העסליכקייט. ער האָט אונדז געלערנט די תורה פון ענדערונג פון ווערטן, דעם וועג פון איבעוועניקסטער רעוואָלוציע, וואָס אָן איר איז נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר באַפרייאונג און גאולה. די געדאַנקען פון אַחד־העם וועגן רעכט זיך צו באַציען צו די הייליקטימער פון ישראל לויט עס פאַרלאַנגט דאָס געוויסן פון יעדן יחיד, בלייבן אַ ייד און זיך באַטייליקן אין די קאַמפן און שאַפונגען פון יידישן פאָלק, האָבן זיך דערהויבן אין דער לערע פון בערדי־טשעווסקי צו דער הויך פון דעם אמת פאר וועלכן אחד־העם האָט זיך דערשראָקן.

ב.

דער עיקר אונטערשיד צווישן דער לערע פון בערדיטשעווסקי און דער לערע פון אַחד־העם — איז אין דער אויפפאַסונג פון היסטאָרישן אַנטוויקלונגס־פּראָצעס פון יידישן פאָלק.

אַחד־העם זעט די דעגענעראַציע פון פאָלק אין זיינע אויבערשטע שיכטן, וואָס געניסן פון גלייכבאַרעכטיקונג אין די פרייע לענדער, „די קנעכטשאַפט אין פרייהייט" און ווייזט אַלס איינציקן אויסגאַנג: חיבת־ציון; ס׳הייסט, קערט אייך צוריק קיין ציון, באַזעצט אייך דאָרט, באַאַרבעט די ערד, בויט דאָרט אַ צענטער פאַרן פאָלק; דער צענטער וועט אויסשטראַלן זיין השפעה אויף די גלות־קיבוצים און וועט פירן אויך דאָרט צו אַן ענדערונג פון ווערטן, צו אַ באַנייט יידיש לעבן.

בערדיטשעווסקי ווידער בונטעוועט זיך קעגן דער דעגענעראַציע וואָס אירע וואָרצלען זענען אינערלאַך־יידישע. מאַכטלאָזיקייט, שפלות, אונטערטעניקייט און צופּאַסן זיך צו אַלע באַדינגונגען אין וועלכע יידן לעבן. ווען דער כוח האָט זיך אויסגעלאָזט, ווערט אָפּגעשוואַכט דער גייסט און די איבערהאַנט באַקומט די אונטערטעניקייט, דאָס צופּאַסן זיך און אַנטליפן צום „ספר״, צום עולם הדמיון, וואָס דינט אַלס כלומר׳שט דעק־מאַנטל פאַר שפלות און דעגענעראַציע.

„בערדיטשעווסקי רופט קודם צו דער צושטערונג פון די אַלטע ווערטן״ — האָב איך געשריבן אין מיין אַרטיקל אין דער פּוילישער שפּראַך אינעם זאַמעלבוך „ספרות״, וועלכן איך האָב שוין דערמאָנט אין מיין עסיי איבער אַחד־העם. ער באַגניגט זיך נישט מיט פעסטשטעלן דעם פאַקט פון דעגענעראַציע־דערשיינונגען אינעם פאָלק, נאָר פרווט זוכן די סיבות פון דער דאָזיקער דגענעראַציע אינעם וועזן און תוכן פון די גרונט־ווערטן פון יידנטום. דער „ספר״, זיין אינהאַלט, די ווערטן וואָס ער האָט אויפגעצווונגען אויפן פאָלק, האָבן אים אָפּגעריסן פון דערווירקלעכקייט, פון דער נאַטור, זיי טאַקע, האָבן פאַרקרומט אונדזער גייסט. כדי צו באַווייזן דעם דאָזיקן אמת ווייזט בערדיטשעווסקי אָן אויף דעם אומאויפהערלעכן קאַמף אינעם יידנטום צווישן דער שטרעבונג צו אַ פריי לעבן און דעם דאָמינירנדיקן ווילן צו פאַרזיכערן די הערשאַפט פון דער גייסטיקייט איבער דעם קערפּערלעכן, פון דעם געשריבענעם איבערן לעבן. אָט דער דאָזיקער ווילן, וואָס זיינע אויסדריקער אינעם אוראַלטן יידנטום זענען געווען די נביאים, די שפּעטער פון תלמוד און די ריזיקע פירושים־ליטעראַטור, און אינעם לעבן פון די לעצטע דורות אונדזערע חכמים, פרומע שרייבער און אויך די כלומר׳שט־פאָרשטריטלעכע — אָט דער ווילן האָט געזיגט טראָץ אַלע פּראָטעסטן און בונטן.

בערדיטשעווסקי באַמיט זיך אויסצוגעפינען אין דער יידישער געשיכטע אַנטפּלעקונגען פון בונט קעגן דער הערשאַפט פון ספר איבערן לעבן — ער דערמאָנט היסטאָרישע פערזענלעכקייטן ווי ירבעם בן־נבט, הורדוס, שמאַי און זייער גלייכן, פערזענלעכקייטן וואָס די אָפיציעלע רעזשים־געטרייע היסטאָריע האָלט זיי נישט פאַר ראוי זיי זאָלן דערמאָנט ווערן צום גוטן. אין זיינע זוכונגען האָט ער זיך אָנגעשטויסן אין דער חסידות און ער האָט אויף דער

דאָזיקער באַוועגונג געגאָסן אַ נײַ ליכט. ער האָט געפונען אין חסידות אַ דערנענטערונג צו דער נאַטור, אַ לעבעדיק געפיל, און אַפילו פאַרערונג פאַר כוח. צוזאַמען מיט פרץ׳ן האָט בערדיטשעווסקי געוועקט דעם אינטערעס פון יידישע אינטעלעקטועלע צו חסידות, איר אויפקום און כאַראַקטער, און האָט דערוויזן אַז עס האָבן אַ טעות די אַלע וואָס זעען אין חסידות אַ רעאַקציאָנערע באַוועגונג, אַ ריקטריט פון די דערגרייכונגען פון מענטשלעכן פראָגרעס (עס האַנדעלט זיך וועגן דער ערשטער חסידות אין איר אָנהייב, און נישט אין דער שפּעטערער אין איר דעגענערירטער פאָרם).

בערדיטשעווסקי איז פול מיט צער צוליב דער אָפּשוואַכונג פון זין און געפיל פאַר שענקייט אין דער יידישער נשמה. „ווען איך זע אָט דאָס שרעקלעכע בילד, ווי אַ גאַנץ פאָלק האָט פאַרלאָזט דעם גאָט פון דער וועלט, די נאַטור די מוטער פון אַלע לעבעדיקע, דאָס בעסטע אין איר, ווען כ׳זע מענטשן גייען אַרום ווי שאָטנס אויף דער ערד, איינגעבויגענע געשטאַלטן, בעת דאָרטן אין דרויסן זע איך די שפע און די פרייד פון דער נאַטור און די וועלט, די שענקייט פון לעבן, ווערט מיין נשמה אויפגעציטערט און מיר ווילט זיך אויסשרייען — קומט אַהער אַלע איר מענטשן פון מזרח און מערב און זעט אַ שרעקלעכע טראַגעדיע, אַ פאָלק שטאַרבט, גייט אויס אין זיין רייכקייט, אינעם רייכטום פון זיין גייסטיקייט פון איין זייט, אין זיין אָרעמקייט פון דער צווייטער — — — קומט, זעט, מענטשן, וואָס האָבן אַרויפגעלעגט אויף זיך אַ פאַרבאָט צו קוקן אויף דער נאַטור, אויף דער שיינקייט פון אַ בוים, אויף דער פּראַכט פון אַ מיט זון באַגאָסן פעלד״ [1].

„...די געדאַנקען אין די דאָזיקע ביכער, די דינים און הלכות וואָס זיי אַנטהאַלטן, לערנען ווי מ׳זאָל טויטן דעם גייסט אין מענטשן, ווי צו דערשטיקן די לעבנס־אימפּולסן וואָס ברויזן אין אים.

„מיר זענען אליין שולדיק אינעם עלענט אונדזערן, אין אונדזער מצב און אין אַלעמען, מיר האָבן געטויט אין זיך די לעבנסלוסט.

---

[1]. על אם הדרך, ורשה 1899.

„אַמאָל בין איך, טיף אין דער נשמה, זיך מתיאש און גלויב נישט מער אין דער ווידער־אויפלעבונג פון די פאַרטרוקענטע ביינער״.

פון דער צווייטער זייט זאָגט ער: און דאָס וואָס איך קען נישט ליידן און דערטראָגן האָב איך ליב מיטן גאַנצן האַרצן, וואָס איך וויל צושטערן, קען איך נישט צושטערן...

„מיט מיינע הענט צושטער איך און פון מיינע פיס ווארף איך די שיך אַראָפּ, כדי נישט אָנצורירן די הייליקע ערד אונדזערע״.

„פאַרייניקן וויל איך מיט דער גאַנצער נשמה, שאַפן אַ נייעם מענטשן אַ ניי פאָלק און אַליין בין איך צוריסן אין דער נשמה, אַ ריס אויף דורות״!...

„און טרויער הערט זיך אין מיין ליד, אַ שטילער קרעכץ און טרויער פארן אָנקומענדיקן שטורם״...

בערדיטשעווסקי רופט נישט צו מלחמה, ער איז בלויז אַ טרוימער, מיט גרויס פרייד זעט ער נייע מענטשן וואָס רייסן איבער דעם בונד מיטן עבר, ווער מער ווער ווייניקער, און זיי שטרעבן צו אַ נייעם לעבן. די מענטשן זענען בלויז אַ פאַרפּאָסטן, דאָס איז בלויז דער אָנהויב פון דער רעוואָלוציע אינעם יידנטום, וואָס מ'קען זי נישט אויסמיידן.

נאָך איר ווערן קומען נייע מענטשן, אַנדערע ווי די שוואַכע, צווייפלערס מיט צוריסענע נשמות, וואָס זייער צאָל איז אַזוי גרויס ביי אונדז, פריי וועלן זיין די מענטשן, גאַנצע, נישט צוריסענע נשמות, וועלן לעבן אַ פול לעבן.

דאָס יידנטום, האַלט בערדיטשעווסקי, לויט דעם תוכן אירן, איז נישט אַזאַ באַגריף וואָס האָט זיך נישט געענדערט אין משך פון דער געשיכטע. דאָס יידנטום איז אַ שאַפונג, אַ פּראָדוקט פונעם יידישן לעבן און עס קומען פאָר אין אים ענדערונגען נישט בלויז אין דער אויסערלעכער פאָרם, נאָר אויך אין תוכן, אין איינקלאַנג מיט די ענדערונגען וואָס קומען פאָר אין די נשמות און אַנשויאונגען פון די לעבעדיקע יידן. דאָס יידנטום פונעם אוראַלטן ישראל, פון די נביאים, פון די שעפער פון דער משנה און גמרא, דאָס יידנטום פון די קנאים (זעלאָטן) וואָס האָבן געקעמפט פאר דער פרייהייט פון זייער פאָטערלאַנד, און די חכמים וואָס האָבן צוליב דער פריי־הייט פון דער תורה מוותר געווען אויף דער פרייהייט פון פאָטער־

לאַנד און פאָלק, דאָס יידנטום פון דער יידישער פילאָזאָפיע, פון דער קבלה, חסידות און מתנגדים, דאָס יידנטום פון דער השכלה, אָרטאָדאָקסיע און נאַציאָנאַל־פאָרשריטלעכע — האָבן נישט קיין סך שותפות׳דיקס צווישן זיך. אדרבא, ס׳רוב זענען זיי זיך סותר איינער דעם אַנדערן.

מ׳דאַרף נישט שלעכט פאַרשטיין בערדיטשעווסקיס ווערטער וועגן אונטערשיד צווישן „בוך" און „שווערד"; די רעהאַביליטאַציע פון די היסטאָרישע פערזענלעכקייטן, צו וועלכע אונדזערע געשיכטע־שרייבער האָבן זיך באַצויגן נעגאַטיוו, צוליב זייער מאָראַליש־עטישער קעגנערשאַפט צום כוח פון דער שווערד — הייסט נאָך נישט פאַר־ערונג פון דער קערפּערליכער קראַפט, די השפּעה פון ניטשע און בלאַנדע בעסטיע. עס איז די פאַרערונג פון מענטשן קריעפּטיקע, לעבענסלוסטיקע, פאַרערונג פון פרייע מענטשן, פריי־שאַפענדיקע גייסטער, איידער מענטשן וואָס זענען גייסטיק פאַרקנעכטעט, לעבן שטרענג לויט דער טראַדיציע, אָדער די עלענטע, צעריסענע נשמות פון אונדזער צייט.

בערדיטשעווסקי האָט געהאַלטן אַז די שטרעבונג צו ענדערן דעם מצב פון פאָלק פאַרלאַנגט נישט בלויז דאָס צושטערן און איבערבויען די אַנאָמאַליע אין דער קעגנוואַרט, נאָר אויך דאָס צורייסן די דריקענדיקע קייטן פון דער פאַרגאַנגענהייט. דאָס איז דער גרויסער דינסט זיינער, וואָס ער האָט געטון, דער באַנייאונג און באַפרייאונגס־באַוועגונג וואָס איז אויפגעקומען אינעם יידישן פאָלק. עס איז געווען זיין גרויסער ביישטייער צו דער פאַרמירונג פון דער פּראָגרעסיוו־פרייהייטלעכער געשטאַלט פון אונדזער נאַציאָנאַלער אויפקום־באַוועגונג.

כ׳האָב מיך קיינמאָל נישט באַגעגנט מיט **בערדיטשעווסקין,** כ׳האָב געלייענט זיינע קליינע העפטן אין יענע טעג ווען עס האָט זיך פאָרמירט מיין ציוניזם, אין יענע טעג ווען דער בנין איז געווען קליין און אָרעם, און דער אידעאַל דערהויבן און הויך און ווייט פון אונדז אַ מרחק פון דורות. זיינע געפילפולע, לירישע אַרטיקלען, דורכגעדרונגען מיט בונטאַרישקייט און אַ שטרעבונג אַ טיפע צו אויפפרישונג, האָבן אויסגעפילט מיט אַ רעוואָלוציאָנערן תוכן דעם באַגריף „אויפלעבונג" וואָס מיר האָבן אויפגעשריבן

אויף אונדזער פּאָן, די צווייטע שיבת־ציון איז נישט קיין אומקער צום עבר, אויך נישט דער ווייטער עבר פון „די באַצווינגער פון כנען אין שטורעם", ווי עס הייסט ביים דיכטער טשרניחובסקי, נאָר דעראָבערונג און אויפבוי, איינוואַרפן דאָס אַלטע און ניי אויפבויען, באַזייטיקן דאָס אַלטע פאַרן נייעם וואָס ווערט דער־וואָרבן מיטן שווייס פון אונדזערע געזיכטער, בלוט פון האַרצן און מאַרך פון די ביינער. אָט דאָס איז דער אינהאַלט פון דער ציוניס־טישער רעוואָלוציע, פון דער ענדערונג פון די ווערטן וואָס פירט צו דער פאַרווירקלעכונג פונעם ציוניזם, און ווערט פון איר געענערט.

דעריבער האָב איך געהאַלטן פאַר נויטיק צוצוגעבן צו דעם אַרטיקל וואָס כ'האָב געשריבן נאָך זיין פּטירה, אויך אַ תמצית פונעם אַרטיקל וואָס כ'האב געשריבן אין פּויליש, אין די טעג פון אויפברויז אין וועג־זוכעניש, כדי דער נייער דור אין לאַנד, דער דור פון „עראָבערער און בויער, זאָל וויסן, אַז פיל פון די ווערטן אין זיין לעבן, איז די פּרוכט פון גייסט און השפּעה פון מיכה יוסף בערדיטשעווסקי.

# מיין ביאַליק

נישט אַ הספד און נישט אַן אָפּשאַצונג װעלן זיין מיינע װערטער. נישט װעגן ביאַליק, דעם דיכטער, נביא און װאָרט־פירער פון פאָלק װיל איך דאָס מאָל שרייבן. װעגן מיין ביאַליק, דעם דיכטער װאָס אויף זיינע לידער בין איך דערצויגן געװאָרן, װאָס זיין ערשטער שיר איז געװען אויך דער ערשטער העברעאישער שיר װאָס איך האָב אויסגעלערנט אויף אויסעװעניק, װעגן נביא פון מיין דור, װעגן ביאַליק װי איך האָב אים געפילט און ליב געהאַט — װיל איך זאָגן עטלעכע װערטער.

ביי אונדזער דור אין פוילן, בעת ער איז אַריין אין לעבן און אין דער ציוניסטישער באַװעגונג, איז די באַציאונג צום פאָלק און זיינע גייסטיקע װערטן, צו זיינע האָפנונגען און ליידן, באַזונדערס צו די ליידן, געװען אַנדערש װי די פון די פריערדיקע דורות. ביאַליק איז געװען דער װאָס האָט געגעבן אויסדרוק דער דאָזיקער באַציאונג, צו די אַלע געפילן פון צער און צאָרן, װאָס האָבן געדריקט אויף אונדזערע הערצער און זיך פון דאָרט ארויסגעריסן. בעת מיר האָבן געלייענט די לידער פון צער און צאָרן זיינע, האָבן מיר געהערט אין זיי דעם װידערקול פון יענע באַהאַלטענע מחשבות אינדזערע װאָס מיר האָבן נישט געקענט געפינען פאַר זיי דעם ריכטיקן אויסדרוק. ביי דער גאַנצער שנאָה צו אונדזערע פאַרפאָל־גער און פייניקער װאָס האָט געדריקט אויף אונדזערע נשמות, איז אָבער אויך אויפגעגאַנגען אין אונדזערע הערצער אַ מין כעס, אַן אומפאַרשטענדלעכער, אַ מין פאַרדרוס אויף זיך אליין, פאַר די קרבנות װאָס אונדזער פאָלק האָט געבראַכט אויפן מזבח פון שנאָה, אַ פאַרדרוס װאָס מיר האָבן זיך געשעמט אויפצודעקן. און אָט איז געקומען ביאַליק און ער איז דורכאויס כעס, פאַרדרוס

און צאָרן. און ביי דעם גרויסן און טיפן צער וואָס האָט אָנגעפילט זיין האַרץ ביז צום אויפפלאַצן האָט ער נישט אויסגעבראָכן מיט אַ קלאָג־ליד, נישט מצדיק געווען דעם דין, נישט באַמיט זיך אַרויסצורופן רחמנות און מיטלייד, נאָר ער האָט געשמיסן מיט אַ רוט פון צאָרן אויף זיינע ברידער, אויף זיך אַליין. עס איז געווען נישט בלויז אַ חידוש נאָר אַ גאַנצע רעוואָלוציע. עס האָט זיך געהערט אין זיין ליד דאָס געשריי פון אַ נשמה וואָס האָט צובראָכן דעם יאָך פון אונטערטעניקייט און צידוק־הדין; פון דער נשמה פון אַ פרייען יידן וואָס איז פאַרווונדעט געוואָרן זעענ־דיק די גייסטיקע אָפּהענדיקייט און געפאַלענקייט; פון אַ בייעם יידן וואָס האָט נישט מורא געהאַט פאַרצוואַרפן, מיט אַן אַכזריות פון אַ דורך ליבע און מיטלייד געפייניקטער נשמה, דעם אייגענעם פאָלק, אַז דער צלם אלוהים איז אַראָפּגעפאַלן פון אים. אונדז האָט געמאַטערט בין אין די טיפענישן פון דער נשמה נישט די פראַגע: פאַרוואָס האָט מען געשלאָגן די יידן און פאַרוואָס האָט מען זיי געהרג'עט אין די פּאָגראָם־שטעט, נאָר ווי זיי זענען געשטאָרבן, ווי אַזוי האָבן זיי זיך אַנטקעגן געשטעלט די רוצחים. מיר האָבן נישט געקענט שלום־מאַכן מיט דעם שרעקלעכן טויט פון געיאָגטע חיות, פון מאַכטלאָזע קרבנות וואָס באַהאַלטן זיך אויס אין לעכער און נאָרעס. און ביאַליק האָט אונדז געוויזן די שכינה פון פאָלק, איינגעהילט אין טרויער, צער און צאָרן, זעענדיק דאָס אַלץ.

און אָט די באַציאונג האָט געפונען איר אויסדרוק נישט בלויז אין די לידער פון צאָרן און שטראָף־וואָרט, נאָר אויך אין די לידער פון ליבע, בענקשאַפט און השתפכות־הנפש. אין זיי קלאָגט ביאַליק אויף דער רייכער און פילפאַרביקער וועלט פון געפילן און גלוס־טונגען וואָס איז פאַר אים פאַרשלאָסן. און ווידער זעט ער די סיבה אין אונדז אַליין. אין ביאַליקס ליד הערט זיך דער גרויסער און מעכטיקער פּראָטעסט קעגן דער פאַרקלענערונג פון דער מענטשלעכער געשטאַלט אין אונדז.

הערצל האָט פאַרייגעמאַכט אונדזער ווילן, אַחד־העם אונדזער געדאַנק און ביאַליק — דאָס לעבענס־געפיל אונדזערס, אונדזער עקזיסטענץ־דערקענטעניש. די דריי האָבן געבראַכט צו אַ טיפע רעוואָלוציע אין דער באַציאונג צו יידיש לעבן אין דער קעגענ־

וואַרט און אין דער פאַרגאַנגענהייט. ביאַליק וואָס האָט אויפגענומען אין זיין גייסט אַלע אוצרות פון אונדזער שאַפונג און קולטור, וואָס איז געווען דער גייסטיקער הערשער אין אַלע תקופות פון אונדזער געשיכטע, האָט געענדערט פאַר אונדזערע אויגן דאָס געשטאַלט פון דער פאַרגאַנגענהייט און די שאַפענדיקע גייסטער אין איר, ווי ער וואָלט זיי געזויבערט פון דעם שימעל פון דורות, אָפּגעווישט פון זיי דעם שטויב, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמעלט אויף זיי אין משך פון לאַנגע תקופות. און פונקט ווי הערצל האָט פריי־געמאַכט דעם ווילן אונדזערן פון די קייטן פון אָפּהענגיקייט און מוטלאָזיקייט, וואָס האָבן געדריקט אויף אונדז, צוליב די מפּלות און דורכפאַלן אין אַלע תקופות און דורות, פּונקט ווי אַחד־העם האָט פריי געמאַכט אונדזער געדאַנק פון די קייטן פון אַן אָפּגעשטאַ־בענער טראַדיציע און אַ פאַרעלטערטע ביגאָטישע באַציאונג צום לעבן און צו דער וועלט, וואָס האָט פאַרשפּרייט איר ממשלה ביי אונדז אינעם לויף פון די דורות, אזוי האָט ביאַליק פרייגעמאַכט די דערקענטעניש פון אונדזער לעבן און שאַפונג אין דער פאַר־גאַנגענהייט פון שימעל און שטויב וואָס האָבן זיך אָנגעהויפט און פאַרדעקט פאַר אונדזערע אויגן זייער ליכט און לויטערקייט, זייער פּראַכט און שיינקייט. און פאַר אונדזערע דערשטוינטע אויגן האָבן זיך אַנטפּלעקט נייע געשטאַלטן פון דער פאַרגאַנגענהייט. זיי זענען אונדז נענטער געוואָרן, זענען געוואָרן מער מענטשלעכער און עגלעך צו אונדז.

אַ גדול בישראל אין די וויַיט־פאַרגאַנגענע צייטן, וועלכן מיר האָבן געזען אין געשטאַלט פון אַ תלמיד־חכם, וואָס זיצט על התורה והעבודה, איינגעהילט אין טלית און תפילין — אָט רייט ער אויף אַן איידעל־ראַסיק פערד בראש פון זיין אַרמיי מיט אַן אַנטבלויזטער שווערד אין האַנט און אָט זינגט ער זיינע לידער וועגן דער שלאַכט און וועגן די בלאַנקענדיקן שווערדן איבער די קעפּ פון די קעמפענדיקע.

ביאַליק האָט ווי דורכגעפירט אַ רעוואָלוציע אין אונדזער פאַרגאַנגענהייט. ער האָט אונדז נישט אָפּגעריסן פון דער פאַר־גאַנגענהייט, נישט פאַרהאַסט זי אין אונדזערע אויגן, נאָר אַ ריינ־געדרונגען אין איר, פאַרטיפט זיך און אַרויסגענומען די פּערל

און איידעלשטיינער, זיי אָפּגערייניקט און געשליפֿן און אָט גלאַנצן זיי און לייכטן מיט אַלע זיבן ליכטער. ער האָט דערנענ־טערט אונדזערע הערצער צו אונדזערע קולטורעלער פֿאַרגאַנגענ־הייט, ווייל ער האָט מיטן כוח פֿון זיין ווערק אינספּירירט דאָס אויפֿקומען פֿון נייע ווערטן אין אונדזער לעבן.

ביאַליק האָט באַזיצט די באַגאַבונג צו באַנייען אַלטע פֿאָרמען און געבן זיי אַ נייעם תוכן. ס'איז אים נישט באַשערט געווען צו פֿאַרענדיקן די רעוואָלוציע וואָס ער האָט אָנגעהויבן. זיין לעבן איז איבערגעריסן געוואָרן אין מיטן דער אַרבעט זיינער, און די שפּע פֿון זיינע געדאַנקען האָט נישט געזען דאָס ליכט פֿון דער וועלט.

אין אונדזער רעליגיעזער וועלט זאָגט מען אויף גרויסע מענטשן וואָס זענען געשטאָרבן — זיי זענען נפֿטר געוואָרן. ביאַליק איז נישט נפֿטר געוואָרן, נאָר אַוועק געריסן געוואָרן אין מיטן פֿון זיין שאַפֿן. זיין דיכטערישע שאַפֿונג האָט זיך אַנטפּלעקט אין אַ נייער פֿאָרם אין זיינע לעצטע פּאָעמען וועגן פֿאָטערס הויז. פֿאַר אונדזערע אויגן האָט שעפּעריש ווידער אויפֿגעלעבט אַן אַפּאָפּיי פֿון אונדזער לעבן אין דער נאָענטער פֿאַרגאַנגענהייט. וואָס אַש האָט אונדז געשענקט אין זיין תהילים־ייד האָט ביאַליק אָנגעהויבן דורכפֿירן פֿאַר אונדז אין זיינע רייפֿע און גרויסע לידער וועגן הויז פֿון זיין פֿאָטער און מוטער, וועגן זיינע קינדער־יאָרן.

אינעם סאַמע מיט פֿון זיין שאַפֿונג האָט אים דער טויט פּלוצים אַוועקגעריסן. מיר האָבן געוווּסט אַז ביאַליק איז קראַנק און איז געפֿאָרן קיין ווין אויף אַ שווערער אָפּעראַציע. ווער־עמען האָט דען געקענט קומען אויפֿן געדאַנק, אַז דער מענטש וואָס איז געווען ווי אַ שפּרודלדיקער קוואַל פֿון לעבן וועט פּלוצים שטאַרבן?

עס איז פֿאַריתום׳ט געוואָרן ארץ־ישׂראל און דאָס יידישע פֿאָלק אויף גאָר דער וועלט, עס פֿילט זיך די פֿאַריתום׳טקייט באַזונדערס אין תּל־אָביב, אין דער שטאָט וווּ ער האָט געוווינט. דאָ האָט זיך ביאַליק אַנטפּלעקט נישט בלויז ווי אַ דיכטער און אַ דענקער, ווי אַ באַנייער און אַ גייסטרייכער פֿאָרשער און פֿאַר־

טייטשער פון אונדזערע אַלטע אוצרות, נאָר אויך ווי אַ מענטש וואָס האָט באַרייכערט אונדזער לעבן.

זיין לעבן אוןווירקן אין תל־אַביב, זיינע באַציאונג צו קינדער, צו אַרבעטער, צום מענטשן פון דער גאַס, האָבן אים געמאַכט צום ליבלינג פון פאָלק. עס האָט אויסגעזען ווי די שכינה האָט גערוט אויף תל־אַביב ווען ביאַליק האָט אין איר געלעבט, געאַרבעט און געווירקט.

און אָט איז די שכינה אָפּגעטאָן געוואָרן. אַנשטאָט דעם לעבעדיקן ביאַליק, האָט מען צוריקגעבראַכט קיין תל־אַביב אַ שוואַרצן ארון מיט זיין טויטן גוף. תל־אביב איז דערשיטערט געוואָרן. דאָס פאָלק איז אַרויס אין גאַס, אין גרויסע מאַסן, ווי דער גאַנצער ארץ־ישראל ישוב וואָלט געקומען אין ביאַליקס שטאָט אָפּגעבן דעם לעצטן כבוד דעם נביא פון אויפלעבונגס דור און אָנהויב פון דער גאולה.

אַ סך מאָל און אויף פאַרשידענע ערטער האָב איך זיך באַגעגנט מיט ביאַליקן. אין וואַרשע ווו ער האָט רעדאַגירט דעם „השילוח" צוזאַמען מיט ד"ר קלויזנער און האָט זיך דערנענטערט צו פּרצ'ן. דאַכט זיך, אַז ביאַליק האָט געבראַכט פּרצ'ן דערצו — ער זאָל שרייבן די פּיעסע „חורבן בית צדיק", אויף העברעאיש. פּונקט ווי פּרץ האָט אויסגעשטראַלט פון זיין פרייען גייסט, וואָס איז געווען אָפן פאַר אַלע דערשיינונגען אין לעבן, אויף ביאַליקן. וואָס האָט אָנגעהויבן שרייבן לידער נישט בלויז וועגן בענקשאַפט צו ליבע, נאָר וועגן שמעטערלינג וואָס האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אין די גאָלדענע צעפּ פון אַ שיין מיידל.

כ'האָב געזען ביאַליקן אין אָדעס אינם קרייז פון די דאָרטיקע יידישע שרייבער און געלערענטע. זיי האָבן געקוקט אויף ביאַליקן ווי אויף אַ טייערן בן־יחיד, אַן איינאונאיינציקן ביי זיי און ביים גאַנצן פאָלק, זיי האָבן אים אָפּגעהיט פון אַן עין־הרע, פון יעדן שעדלעכן צוג־ווינט. די אַטמאָספער אין אָדעס, אין וועלכע די עלטסטע און צענטראַלע געשטאַלט איז געווען מענדעלע מוכר־ספרים, איז געווען אַ טיף־ערנסטע, דורכגעדרונגען מיט אַחריות־געפיל און זאָרג פאַרן קיום האומה. נאָר ביאַליק האָט זיך געמעגט

דערלויבן אַמאָל לייכטזיניק אַ שטיף צוטון, מ׳האָט עס אים מוחל־געווען.

כ׳האָב געזען ביאַליקן אין מאָסקווע אין דער געזעלשאַפט פון געשעפטס־לייט, ליטעראַטור און קונסט מעצענאַטן, פאַרערער און פריינט. כ׳געדענק נישט ווי אזוי דער שמועס איז אַרויף אויפן טעמאַ פון דער קאָמערציעלער זייט פון העברעאישן פאַרלאַג־וועזן און ביאַליק האָט אָנגעהויבן דערציילן וועגן דער סוחרישער פּראַק־טיק וואָס ער האָט דערוואָרבן אינעם קוילן־האַנדל זיינעם. מ׳האָט געזען אין דער דערציילונג זיינער, אַז ער איז שטאָלץ אויף דער סוחרישער פּייאיקייט וואָס ער האָט באַוויזן אין דעם דאָזיקן מסחר זיינעם, אַז ער איז נישט עפּעס אַ בטלן וואָס רייט אַרום אין די הימלען, און קען נישט אונטערשיידן קיין צורת מטבע. ס׳איז געווען אין זיין דערציילונג און אינעם אויסדרוק פון זיין געזיכטס־מינע פיל קאָמישעס, און אַלע אָנוועזענדיקע, און צווישן זיי געשעפטס־לייט וואָס האָבן געמאַכט אַ גרויס פאַרמעגן ביים סוף פון צאַריסטישן רעזשים, האָבן אויסגעבראָכן אין אַ שטאַרקן געלעכטער. ביאַליק האָט איבערגעריסן זיין דערציילונג, געקוקט אויף אונדז, פאַרוואונדערט און אַ ביסל פאַרשעמט, און אויף זיין געזיכט האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל פון אַ יונגען עלוי, וועלכער איז נכשל געוואָרן אין אַ פעלער.

כ׳האָב געזען ביאַליקן אינם שרייב־צימער אין האָטעל־ראַסעל, ווען ער איז אַראָפּגעגאַנגען פון זיין צימער און אין דער האַנט האָט ער געהאַלטן אַ בויגן פּאַפּיר און אויף אים אַ ליד וואָס ער האָט נאָר וואָס געענדיקט שרייבן — דאָס איז געווען דאָס ליד וועגן דער טרער, די טרער פון זיין מאַמען, וואָס האָט מיט איר וואַרעמ־קייט אָנגעצונדן דאָס שבת־ליכט וואָס איז פאַרלאָשן געוואָרן. ער האָט איבערגעלייענט דאָס ליד פאַר מיר און פאַר אַ מיידל וואָס איז געקומען פון ארץ־ישראל אים אַהינצונעמען אויף אַ באַזוך. לייענענדיק האָט ער פאַריכט אַ וואָרט און מיר זענען געזעסן ווי געפּלעפט פון דעם טיפן געפיל און שטאַרקער שילדערונג. מיר האָבן געזען ממש מיט די אייגענע אויגן די טרער פון דער מוטער וואָס איז געפאַלן דורך די פינגער פון אירע הענט וואָס האָבן

פאַרדעקט איר פּנים, און דאָס אויסגעלאָשענע ליכט האָט זיך ווידער אָנגעצונדן.

ביאַליק האָט זיך דעמאָלט אַרומגעדרייט אינעם יידישן מדבר־לאָנדאָן, ווו ער האָט געוואָלט אַנוואַרעמען די הערצער און זאַמלען פונקען. אפשר האָט ער אויך געוואַרט אויף אַ נס, דאָס ליכט פון דער העברעאישער קולטור זאָל אויפלויכטן דורך זיינע רעדעס און שמועסן. כ׳ווייס נישט צי דער נס האָט פּאַסירט, אָבער כ׳האָב געפילט ווי איינזאַם ער איז אינעם רעש און טומל פון דער הויפּטשטאָט לאָנדאָן אין יענער תקופה, ווען ווייטשעפּל האָט זיך אָנגעהויבן אויסליידיקן פון אירע יידן, וועלכע זענען אַריבער אין האַמסטעד און אַנדערע באַקוועמע וווינונגען, אין די פּרעכטיקע פּאַרשטעט פון דער בריטישער הויפּט־שטאָט, אַ דאַנק דער הצלחה וואָס האָט זיי צוגעשפּילט.

און אין קאַרלסבאַד, אויפן צוועלפטן קאָנגרעס, דער ערשטער נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, די פאַרעפענטלעכטע באַלפור־דעקלעראַציע און סאַן־רעמאָ באַשלוס, האָב איך באַקומען דעם אויפטראָג פון דער פּאָליטישער קאָמיסיע, ווו כ׳בין געווילט געוואָרן אַלס פאַרזיצער, אָנצושרייבן אַן אויפרוף צום יידישן פאָלק און ברענגען אים ביאַליק׳ן ער זאָל אים דורכקוקן. כ׳האָב אים געשריבן אין העברעאיש. בעת ביאַליק האָט אָנגעהויבן דורכקוקן דעם אויפרוף ביים ערשטן מאָל לייענען, האָט מיך באַהערשט אַ מין פּחד וואָס איז געוואָרן אַלע מאָל גרעסער ווען ער האָט גענומען די פעדער און אָנגעהויבן פאַריכטן דאָס געשריבענע. ער האָט נישט געפּסל׳ט דאָס געשריבענע און נישט געשריבן אויפסניי, נאָר בלויז פאַריכט די אויסדרוקן, געענדערט אַ וואָרט אויף אַ שטאַרקערס און אַ פּאַסיקערס, אָבער איבערגעלאָזט דעם זאַץ־בוי, דעם אָנהייב מיט צייטווערטער צוליב דער באַטאָנונג און ריטם. ער האָט באַמערקט אַז מ׳טאָר נישט אַזוי שרייבן, אָבער מ׳מעג מתּיר זיין.

מיר האָבן זיך נאָכדעם באגעגענט אין קאַרלסבאַד סוף זומער און פאַרבראַכט צוזאַמען אייניקע וואָכן דאָרט ווי קור־געסט. יעדן טאָג פלעגן מיר זיך באַגעגענען, שפּאַצירט און געשמועסט. מיר האָבן גערעדט אין אַלע שפּראַכן וואָס מיר האָבן געקענט, און איבער אַלע ענינים וועלכע האָבן זיך אונדז אָנגעטראָפן. עס זענען

געווען רעגענדיקע טעג, און אין די אָווענטן פלעגן מיר גיין אין קינאָ. מ׳האָט געוויזן אויפן עקראַן די לעבעדיקע צייכענונגען פון מיקי־מויז. ביאַליק איז געווען באַגייסטערט. פול ענטוזיאַזם. אַ נייע קונסט ווערט געבוירן, האָט ער געזאָגט, ווי וואונדערבאַר, אַ נייע קונסט, אַ גרויסע קונסט. כ׳האָב מיך נישט נוהג געווען צו פאַרצייכענען זיין שמועס אין אונדזערע שפּאַציר־שעהן.

און די שמועסן זענען געווען פון גרויס אינטערעס און באַרירט פראַגן פון קולטור, שפּראַך, ליטעראַטור און פּאָליטיק. ביאַליק האָט ליב געהאַט צו שמועסן, דערציילן און פּאָלעמיזירן. כ׳האָב געטרונקען דורשטיק זיינע ווערטער, אַמאָל האָב איך געהאַט אַן אַנדער מיינונג ווי ער און כ׳האָב זיך מיט אים מתווכח געווען. כ׳האָב נישט פאַרצייכענט די שמועסן, פאַרלאָזט זיך אויף מיין זכרון, אַ שאָד. ס׳איז געבליבן ביי מיר אין זכרון זיין באַגייס־טערטע דערציילונג וועגן די מלחמה־לידער פון ר׳ שמואל הנגיד און די שלאַכטן־שילדערונגען זיינע. אַ תלמיד־חכם און אַן אַרמיי־פירער שילדערט דאָס גלאַנצן פון די שווערדן וואָס דערהויבן זיך איבער די קעפּ פון די רייטער און פאַלן איבער די שעדלען פון די פיינט. צי איז עס נישט אַ וואונדער? און וואָס נאָך פאַר וואונדער אַזעלכע זענען אויסבאַהאַלטן אין די געהיימנישן פון אונדזער פאַרגאַנגענהייט אין פֿאַרשידענע לענדער?

ווען כ׳האָב עולה געווען קיין ארץ־ישראל און פלעג יעדע וואָך קומען קיין תל־אַביב, בין איך נישט געווען פון די איינגייער אין ביאַליקס הויז. נאָך זעלטן פלעג איך אים באַזוכן אין זיין הויז און הנאה געהאַט פון דער אַטמאָספער וואָס האָט דאָרט געהערשט. צו ענגערער פריינטשאַפט און דערנענטערונג איז עס נישט געקומען. כ׳האָב קיינמאָל נישט געקענט מסיח־דעת זיין פון דעם, אַז פאַר מיר זיצט דער נביא פון אונדזער דור און כ׳האָב געהיט די דיסטאַנץ צווישן אונדז — אַ דיסטאַנץ פון פאַרערונג און אַכטונג.

# שאול טשרניחובסקי

די ערשטע לידער פון שאול טשרניחובסקי האָבן ארויסגערופן דערשטוינונג ביים לייענער־עולם און נאָך מער ביי דער קריטיק. אַ הויך־טאַלענטירטער דיכטער, אַ דיכטער פון גאָטס גענאָד, אַ יידישער דיכטער, גייט אַרום אַ שטאָלצער מיט אויפגעהויבענעם קאָפּ, האָט הנאה פון דער שיינקייט פון דער וועלט און איר פּראַכט, וויינט נישט אויף דער פאַרלאָרענער יוגענט, פרעגט נישט וואָס איז אַזעלכעס ליבע, טרויערט נישט אויף גלות השכינה, אויף די ליידן פון פאָלק און זיין פּיין. אַ פרייער מענטש, אַ פרייער ייד, וואָס פילט נישט איבער זיך דעם עול פון עבר, וואָס די ליידן פון פאָלק דערוועקן אין אים כעס און פאַרביטערונג, פּראָטעסט און בונט. אַ דיכטער וואָס האָט לעבעדיק געמאַכט אין זיינע לידער דאָס וואָס עס האָבן באַהאַלטן יענע כוחות, וואָס האָבן פעסטגעשטעלט די לעבענס פאָרמען און אַנטוויקלונג פון פאָלק ביים ענדע פון בית שני, אין דער נויט פון דער אונטערדריקונג פון אויפשטאַנד פון די רעשטלעך פון פאָלק נאָך זיין חורבן.

נישט קיין ייד איז דער דיכטער — אַזוי האָבן געפסקנ׳ט די קריטיקער — ער איז אַ גריך, וואָס איז אויפגעקומען ביי אונדז אין דער אויפלעבונג און באַנייאונגס באַוועגונג פון דעם אַלטן פאָלק ישראל. און אַ טייל ווידער האָבן עס פאַרמולירט מיט פרייד: אָט דאָס גריכענטום, האָבן זיי געזאָגט, וואָס מ׳האָט געהאַלטן אין איין פאַרטרייבן פון די געצעלטן פון שם, איז ווידער צוריקגעקומען און צובליט זיך אינעם טעמפּל פון דער העברעאישער דיכטונג: אַנדערע ווידער האָבן געטרויערט אויף דעם און געזען אין דעם

גריכענטום אַ פּגם אין דער דיכטונג פון טשרניחובסקין. אין דער אמת׳ן אָבער, איז די אייגענשאַפט וואָס טיילט אָפּ טשרניחובסקין פון די איבעריקע דיכטער פון זיין תקופה, נישט גריכענטום נאָר פריי יידנטום, וואָס קוקט אויף נאַטור און לעבן מיט פולער פריי־הייט, וואָס פאָרמירט איר באַציאונג צו אַלע זייערע דערשיינונגען נישט רעכענענדיק זיך מיט די דאָגמען פון פאַרצייטיקע לערער און זייערע תורות; דאָס יידנטום וואָס שאַפט זיך און קומט אויף אין פיין און אין ליידן, אין שווערן גראַנגל מיט צוימענדיקע כוחות אינעווייניקסטע און אויסערלעכע.

אָט די נייע באַציאונג איז געקומען צו בולטן אויסדרוק אין דער דיכטונג פון טשרניחובסקין, ווען זיין ליד האָט געזונגען וועגן לעבן פון די יידן אין גלות. ער האָט געזונגען וועגן געזונטע און גאַנצע יידן, וואָס האָבן פריידן אין זייער וועלט, האָבן הנאה פון לעבן. ער האָט געפונען אינעם דאָרפישן לעבן אין גלות־רוסלאַנד שטאָף פאַר אידיליעס, וועלכן אונדזערע דיכטער וואָס זענען להוט נאָכן צער און ליידן פון אונדזער לעבן, האָבן אים נישט באַמערקט אָדער נישט געוואָלט מודה זיין אין זיין עקזיסטענץ.

אין דער העברעאישער דיכטונג פון דער אויפלעבונגס־עפּאָכע האָט טשרניחובסקי געגעבן אַ שטאַרקן אויסדרוק, אַ פּרעכטיק שיינעם, נישט די שטרעבונגען זיך אָפּצושאָקלען פון דריקענדיקן און צוימענדיקן עבר, נישט די בענקשאַפט צו אַ נייער וועלט וואָס דאַרף ערשט געשאַפן ווערן, נישט דעם קאַמף צווישן אַלטן וואָס איז פאַרבונדן מיט אַלע פעדים פון דער נשמה אין דעם נייעם געוועב, וואָס ציט צו און שרעקט אָפּ גלייכצייטיק, נאָר צום עצם נייעם און פרישן וואָס איז שוין אויפגעקומען, געוואַקסען און זיך צעבליט אין אונדזער לעבן. און ער האָט כמעט נישט געפירט קיין קאַמף מיט דעם אַלטן וואָס פאַרוועלקט, ווייל ער האָט זיך שוין געזען אויסער איר.

איינציק איז טשרניחובסקי געווען צווישן די דיכטער פון זיין דור, איינציק מיט זיין צוגאַנג צום לעבן און באַציאונג צו די ליידן און צער פון יידן, זייערע שטרעבונגען און האָפענונגען. ער האָט נישט געפילט דעם עול און צוליב דעם האָט ער נישט געפילט די נויט אים צו צוברעכן. דער יידישער לעבנס־שטייגער האָט נישט

געדריקט אויף אים, האָט אים נישט ענג געמאַכט, נישט געווען קיין מכשול אויף זיין לעבענס־וועג. אין זיין זכרון זענען געבליבן פון אָט דעם לעבענס־שטייגער בילדער ליכטיקע און פריידיקע. אַפילו נישט אַ טראָפּן פון ביטערניש, פון כעס און פאַראַכטונג האָבן פאַרוואָלקענט די דאָזיקע בילדער. ווי אַ ייד מיט אַ גאַנצער נשמה, וואָס איז נישט צעריסן אין צוויי וועלטן, ווי אַ פרייער ייד, איז ער פאַר אונדז דערשינען, ער האָט אָבער געוווסט און געפילט אַז זיין פאָלק איז נאָך נישט פריי פון די קייטן, ער בויגט זיך אונטערן יאָך און די דאָזיקע דערקענטעניש האָט געוואָרפן אַ שאָטן אויף דער פרייד פון זיין לעבן, זי האָט אַרויסגעבראַכט פון זיין מויל ווערטער פון צאָרן און פאַרביטערונג, ווייל זי האָט ביי אים אָוועק־גענומען די הנאה פונעם ליכט פון דער וועלט.

די מיינונג אז טשערניחובסקיס דיכטונג איז נישט יידיש און איז דורכגענומען מיטן גייסט פון גריכענטום, וואָס דאָס עכטע יידנ־טום האָט אָפּגעשטויסן און דערווייטערט פון זיך, איז אויבנאויפיק און נישט אמת. העלעניזירונג האָט געהייסן פאַרלייקענען די אייגענע נאַציאָנאַליטעט, רעזיגנירן פון זעלבסשטענדיקייט און נאַ־ציאָנאַלער באַפרייאונג. טשערניחובסקי אָבער, שטייט פאַרן בילד פון אַפּאָלאָ ווי אַ שטאָלצער ייד, וואָס ווערט נישט בטל און בוקט זיך נישט פאַר דעם דאָזיקן סימבאָל פון שיינקייט און קראַפט, וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט כלומר׳שט אָפּגעשטויסן פון זיך. טשערני־חובסקי גלויבט נישט אין דעם, אַז דאָס יידנטום האָט געהאַט אַ נעגאַטיווע באַציאונג צו שענקייט גבורה און פרייהייט. נאָר אַ דאַנק די פאַרפאָלגונגען און פאַרשקלאַפונג, לייד און פיין, האָבן אין פאָלק גובר געווען יענע וואָס האָבן אים געבונדן מיט רצועות, און דערווייטערט פון גאָט פון די „וואָס האָבן באַצווונגען כנען אין שטורם״, און טשערניחובסקי זוכט און געפינט אין אונדזער אלטער געשיכטע די „נביאי־השקר״ וואָס זענען פאַרשטויסן געוואָרפן און פאַרמשפּט געוואָרן פאַרגעסן צו ווערן ווייל זיי האָבן נישט געוואָלט זיך אונטערגעבן דעם אָנגענומענעם גייסטיקן רעזשים, ער לאָזט אונדז הערן זייער פלאַמיקן פּראָטעסט, זייער רוף אַראָפּצוואַרפן די קייטן און צוריקקערן צו פרייהייט, שיינקייט און העלדענטום, ער מאַכט ווידער לעבעדיק די געשטאַלט פון בר־כוכבא אין ליד

און אין דער דראַמע. ער באַווײנט נישט די וואָס זענען געשטאָרבן אויף קדושת־השם, נאָר זינגט דאָס ליד פון נקמה און באַצאָלונג.

זיין דיכטונג איז נישט געווען אַזאַ ווי די דיכטונג פון אַנדערע דיכטער פון זיין דור, נישט אין פאָרם און נישט אין אינהאַלט. ער האָט געליבט און פריידיק גענאָסן פון ליבע. ער זינגט וועגן דער שענקייט פון דער נאַטור אין קרים און פילט זיך גאָר נישט פרעמד צו איר. אין זיינע ליבע לידער, ווי אין די לידער וואָס באַזינגען די נאַטור, פילט מען נישט יענעם צער, וואָס מאַכט אויפ־ציטערן אונדזער נשמה אין ביאַליקס לידער.

מיר, וואָס האָבן נישט פאַרזוכט דעם טעם פון „חדר" און ישיבה, האָבן געזען אין טשערניחובסקין אונדזער דיכטער, וואָס דריקט אויס אונדזער אויפפאַסונג, באַציאונג צו דער וועלט און אונדזערע געפילן. ביאַליק ווידער, האָט געעפנט פאַר אונדז די וועלט פון יידישע צער און צאָרן, און זיין ליד האָט אויפגעציטערט אונדזערע נשמות ביז אין טיפסטע טיפענישן און אונדז געאייניקט מיט דעם ליידענדיקן און אַנטרעכטעטן פאָלק, מיט דער שכינה וואָס גייט מיט מיטן פאָלק אין גלות, מאַכט־מיט מיט אים דעם וועג פון בלוט און טרערן, פון אונטערטעניקייט און עלענטער מאַכטלאָזיקייט.

מיר האָבן נישט געפילט קיין שום סתירה צווישן דער דיכ־טונג פון ביאַליק און דעם ליד פון לעבענס־פרייד, שיינקייט און פרייהייטס־ליבע פון טשערניחובסקין. נישט קיין גוי און נישט קיין גריך איז געווען טשערניחובסקי, נאָר פון יענע יידן, וועלכע זענען אַוועק געשטויסן געוואָרן אין אַ ווינקעל פון זייער פאָלק, אָבער זיי וועלן פאַרנעמען דעם אָנפירנדיקן פלאַץ אינעם לעבן פון פאָלק אינעם טאָג ווען עס וועט אַרויס פון קנעכטשאַפט צו פרייהייט.

# יצחק לייבוש פּרץ

## א.

בלויז איינמאָל בין איך געווען אין זאַמאָשטש, די געבורט־שטאָט פון י. ל. פּרץ, און אויך דאָס בייגאַכט. מיר האָבן אַ טעות געהאַט, איך און מיין באַגלייטער, אין צוגן־אָפּגאַנג, און מיר זענען אָנגעקומען אין דער דאָזיקער שטאָט, אויב כ׳האָב קיין טעות נישט, נאָך האַלבער נאַכט. אינעם זאַל ווו איך האָב געזאָלט האַלטן מיין פאָרטראַג, האָב איך נאָך געפונען אַ גאַנץ היפּשן עולם, וואָס האָט געוואַרט אויף מיר מיט אַ באַוווּנדערונגס־ווערטער געדולד. כ׳האָב מיך געפילט דאַנק־שולדיק די דאָזיקע מענטשן, און ווייל כ׳האָב זיי נישט געוואָלט אַנטוישן, האָב איך טראָץ דער שפּעטער שעה אָפּגעהאַלטן מיין פאָרטראַג פאַר זיי. כ׳בין געווען געצוווּנגען צו רעזיגנירן פון מיין ווילן צו זען זאַמאָשטש, וואָס איז אַמאָל געווען אַ פעסטונג וואָס די האָרדעס פון כמעלניצקי האָבן נישט געקענט באַזיגן, כדי זיי זאָלן פון דאָרט קענען אַריינדרינגען אינעם האַרץ פון פוילן און דעם צענטער פון אירע יידן (די רעשטלעך פון דער פעסטונג דערמאָנט פּרץ אין איינעם פון זיינע וווּנדערלעכע שילדערונגען וועגן אַ קינד וועמען עס זענען אויסגעוואַקסן פליגלען). כ׳האָב נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו ריידן מיט די זאַמאָשטשער יידן, וואָס זענען געווען דער אור־קוואַל פאַר די טיפּן פון פּרץ, זיינע דערציילונגען און דראַמען.

אויף צו מאָרגן האָב איך געמוזט צוריקקערן קיין וואַרשע. צו יענער צייט האָב איך נאָך נישט געוווּסט, אַז מ׳דאַרף דאָרט אויספאָרשן אַן ענין, וואָס פּרץ אַליין האָט אים, ווייזט אויס, פאַר־

זען. ס׳איז מיר קיינמאָל נישט אויסגעקומען צו הערן פון פרץ׳ן א באַמערקונג אָדער אַ סימן פון אַן אינטערעס פאַרן אָפּשטאַם פון נאָמען. ס׳איז מיר נישט איינגעפאַלן צו פרעגן פונוואַנען נעמט זיך צו אים, צו פרץ׳ן אַט דער זער אָפּטער שפּאַנישער פאַמיליען־נאָמען? כ׳האָב מיך פאַראינטערעסירט מיט דעם ענין און כ׳האָב מיך דערמאָנט, אַז גראַף זאַמאָיסקי, וואָס האָט אויפגעבויט זאַמאָשטש אין זעכצעגטן יאָרהונדערט אַלס פלאַץ פון זיין שלאָס און פעסטונג אינעם צענטער פון זיינע גרויסע און לאַנד־רייכע גיטער, האָט איינגעלאַדן בוימייסטער און אַרכיטעקטן פון איטאַליע, צווישן זיי ספּרדישע יידן, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין דעם לאַנד נאָכן גירוש ספרד. צוליב דעם וואָס זיי זענען געווען ווייניק, אָדער דערפאַר וואָס זיי זענען געקומען קיין זאַמאָשטש אַליין, אָן זייערע פאַמיליעס, האָבן זיי דאָ נישט געשאַפן קיין ספּרדישע קהלה, נאָר האָבן זיך אַסימילירט צווישן דעם אַשכנזישן פוילישן יידנטום, אַזוי אַז זייערע שפּורן זענען פאַרשווונדן. נאָר אין די פאַמיליען־נעמען איז געבליבן אַ זכר אַ געוויסער, פון דעם.

און ווער ווייסט צי נישט אינעם ספרדישן אָפּשטאַם פון פרצ׳ן דאַרף מען זוכן דעם שורש פון זיין עיקרדיקן כאַראַקטער־שטריך, זיין אַדעליקע נאַטור און אינערלעכע פרייהייט פון רעליגיעזן גלייבן און מנהגים, קעגן וועלכע ער האָט זיך געבונטעוועט. אין זיין גאַנצער שאַפונג געפינט מען נישט אַפילו אַ טראָפּן פון דער דאַזיקער פאַרביטערונג, צומאָל שנאה און פאַראַכטונג, קעגן דעם רעליגיעזן רעזשים פון קהל און די רבנים, ווי מיר געפינען עס ביי ערטערן, מענדעלי, סמאָלענסקין און ברודיעס. זיין דערציאונג איז נישט געווען ענלעך צו דער דערציאונג פון סאָקאָלאָוון, וואָס איז געווען מיט אים פון איין עלטער און איין דור. ער האָט נישט געלערנט פיל ש״ס און פוסקים, זיך נישט געגרייט צו ווערן רב, און נישט אַנטלאָפן פון אַ וועלט וואָס ער האָט נישט ליב געהאַט.

נאָך אין זיינע קינדער און יוגענט־יאָרן, איז זאַמאָשטש געווען א שטאָט פון משכילים, ווו חסידות האָט קיין שליטה נישט געהאַט, און אויך דער פאַנאַטיזם פון די מתנגדים איז איר פרעמד געווען.

אין פרצ׳ס הויז האָט מען גערעדט פויליש, ווי אין אַלע הייזער פון דער יידישער אינטעליגענץ אין יענע תקופה. זיין

צווייטע פרוי האָט גערעדט אויך יידיש, אָבער האָט זיך געווענטלעך באַנוצט מיט דער פּוילישער שפּראַך, דער עלטסטער זון זיינער פון דער ערשטער פרוי — אַ זער באַגאַבטער מאַטעמאַטיקער ווי דער זיידע זייגער, אָבער זער אויסטערליש אין טעמפּעראַמענט און באַנעמונג, איז געווען ווייט פון יעדן יידישן ענין.

פּרץ האָט גערעדט אַ גוטן פּויליש, אָן אַן אַקצענט. ווען ער האָט געהאַלטן אַ ריידע אין דער דאָזיקער שפּראַך, האָט ער נישט באַנוצט קיין מליצות, ווי עס האָבן געטאָן יענע יידן וואָס האָבן אויסגעלערנט די לאַנד־שפּראַך פון ביכער, אָבער ער האָט נישט געשריבן קיין פּויליש, ווי ווייט מיר איז באַקאַנט, קיינמאָל נישט. פון העברעאיש איז ער איבערגעגאַנגען צו יידיש, כדי זיך צו דערנענטערן צו די פאָלקס־מאַסן, צום פּשוטן יידן, דעם אָרעמן, כדי אַריינצובריינגען אין זייערע אָרעמע ווינקלען דאָס ליכט פון וויסן, און אויסגלייכן זייער מענטשלעכע געשטאַלט און זיי אויפֿבונטעווען קעגן דער שפלות פון זייער לעבן. ער האָט משפיע געווען אויף אַ גרופּע אַסימילאַטאָרן אַז זיי זאָלן אים דערמעגלעכן אַרויסצוגעבן די זאַמלביכער פון „דער יידישער ביבליאָטעק“. אין די דאָזיקע זאַמל־ביכער איז בולט געמאַכט געוואָרן דער ציל וואָס איז פריער דאָ דערמאָנט געוואָרן, און דעמאָלט איז אויך אַנטפּלעקט געוואָרן זיין באַזונדערער טאַלענט צו דערנענטערן צו זיך יונגע, צו וועקן זיי, און זיין זייער וועג־ווייזער. ער פלעגט לייענען זייערע ערשטלינג־חבורים, און אַמאָל, פּשוט געלערנט זיי ווי מ׳שרייבט אַ זאַץ ווי עס געהער צו זיין. אַז ער האָט באַקומען אַזאַ חבור צום רעדאַגירן און די פאָרם פון חבור איז געווען אַ פעלערהאַפטע, דער אינהאַלט אָבער איז אים געפעלן, פלעגט ער אים אויפסניי איבערשרייבן און געלאָזט אויף דעם חבור דעם נאָמען פון „מחבר“.

נישט איינמאָל האָט ער זיך געקויפט שונאים צוליב דעם. שפּעטער ווען עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז אָט דער „שרייבער“ איז אַ טאַלאַנטלאָזיקייט. און פּרץ האָט אים דערווייטערט פון זיך, האָט דער „שרייבער“ נישט געוואָלט שלום מאַכן מיט דעם און איז געוואָרן פּרצ׳ס אַ שונא. אין וואַרשע האָבן זיך אַרומגעדרייט עטלעכע אַזעלכע „שרייבער“, וואָס האָבן געטראָגן אַ שנאה צו

פרצ'ן און גערעדט אויף אים לשון־הרע און אויסגעטראַכט אויף אים נישט געשטויגענע בלבולים. אָבער פרץ האָט זיך גאָרנישט געמאַכט פון דעם: ער האָט ווייטער מקרב געווען צו זיך יונגע מענטשן און די טאַלאַנטירטע צווישן זיי פלעגט ער אַפילו מוחל זיין ווען זיי האָבן נישט שטענדיק אָנגענומען זיינע באַמערקונגען, אַפילו אַמאָל אָוועק פון זיין דרך און אַפילו געהאַט די העזה זיך אים אַנטקעגן צו שטעלן. ער איז געווען בייז, ער האָט זיך אויפ־געערגט און — פאַרגעסן.

מיר האָבן געזען אין אים אַ רבין לויטן חסידישן טייטש פונעם דאָזיקן טיטל און נישט דער מנהיג. מיר זענען געווען צוגעבונדן צו אים מיט ליבע, הגם מיר האָבן נישט מסכים געווען מיט זיינע אָנשויאונגען און דיסקוטירט מיט אים.

כ'וועל נישט פאַרגעסן יענעם ערשטן פורים־אָוונט, וואָס איז געווען אינגאַנצן אויסגעפילט מיט יידישן תוכן און אין אַלע פאַר־שטעלונגען און ריידעס האָט געהערשט די יידישע שפּראַך, און פּלוצים האָבן מיר אים אַרומגערינגעלט און געטאַנצט אין אַ קרייז אַרום אים, זינגענדיק אַ חסידישן זמר „אונדזער רביניו, אונדזער, אונדזער..." אין די דאָזיקע צוויי ווערטער האָבן מיר אַריינגעטאָן די גאַנצע דביקות און ליבשאַפט צו דעם מענטשן וואָס האָט געעפנט פאַר אונדז די טויערן פון די הויכע און דערהויבענע טעמפּלען ווו ער איז געווען אַ היימישער אַריינגייער. צו יענער צייט האָט אים אַרומגערינגעלט אַ גרופּע יונגע שרייבער, וואָס האָבן שוין געהאַט דורכגעשלאָגן זיך אַ וועג מיט זייערע ערשטע שאַפונגען אין דער יידישער ליטעראַטור (ווי: אַש, נאָמבערג, בעל־מחשבות, לוריאַ א.אַ) ווי אויך אַן עלטערע גרופּע (אברהם רייזן א.אַ.), צום סוף פון יענער תקופה האָבן זיך דערנענטערט צו פרצ'ן (נישט די דערמאָנטער גרופּע) אויך ביאַליק און קלויזנער.

און זיין הויז איז געווען אָפן פאַר אונדז צו יעדער צייט. אָבער בחברותה פלעגן מיר זיך צונויפקומען ביי אים אין זיין באַשיי־דענעם עס־צימער יעדן שבת נאָכמיטאָג און פאַרבראַכט די צייט מיט אויסהערן דערציילונגען וועלכע ס'האָט געשריבן איינער פון די יונגע, אָדער אַ דערציילונג וואָס פרץ אליין האָט געוואָלט פאַרלייענען, פון זיינע. און פרץ האָט ליב געהאַט צו לייענען זיינע

שאַפונגען פאַר די צוהערער. געווען אַ צייט ווען ער האָט צוגעפּ־
געזוכט צוהערערס פון צווישן זיינע באַקאַנטע, וואָס זענען ס׳רוב
געווען ווייט פון יידיש און האָבן קוים פאַרשטאַנען וואָס ער האָט
פאַר זיי דורכגעלייענט. עטלעכע פון זיי האָב איך געקענט, און
נישט איינמאָל האָב איך רחמנות געהאַט אויף פרץ׳ן וואָס האָט
געמוזט אָנקומען צו זיי, זיי זאָלן אויסהערן זיין „באַנטשע שוויינ״
אָדער די „דריי בייטאָרינס״. און אָט זענען געקומען אַנדערע צייטן,
פרץ האָט געפונען פאַר זיך אַנדערע צוהערער וואָס האָבן געטרונ־
קען זיינע ווערטער מיט אמת׳ן דורשט.

און ס׳איז געווען צייטן ווען די שבתים זענען אויסגעפילט
געוואָרן מיט ג ע ז אַ נ ג. אין יענער צייט איז דערשינען אין דרוק
אַ זאַמלונג פאָלקס־לידער פון מאַרק און גינצבורג. פרץ האָט זיך
שטאַרק געפרייט מיט דעם דאָזיקן בוך, און וואָכן לאַנג האָבן מיר
נישט אויפגעהערט ריידן וועגן אים און זינגען די לידער וואָס
זענען דאָרט פאַרעפענטלעכט געוואָרן. יעדעס מאָל האָט זיך אָפּגע־
זוכט צווישן די שבת׳דיקע געסט איינער, וואָס האָט געקענט
זינגען און אויסגעקענט זיך אין די פאָלקס־לידער, און מיר האָבן
זיי געזונגען מיט שטאַרקער בענקשאַפט. מיר האָבן געהאַט דאָס
געפיל ווי מיר וואָלטן געפונען דעם וועג צום פשוטן האַרעפּאַשנעם
פאָלק דורך אָט די פאָלקס־לידער.

די שבתים ביי פרץ׳ן האָבן נישט געטראָגן קיין כאַראַקטער
פון זיצונגען, אַזוי ווי די פאַרזאַמלונגען יעדן מאָנטיק אין סאָקאָ־
לאָווס סאַלאָן. בכלל, דאָס דאָזיקע פשוטע עס־צימער ביי פרץ׳ן,
וווּ מיר פלעגן זיך צונויפקומען, איז געווען ווייט פון זיין אַ סאַלאָן.
נישט געווען קיין ריידעס, קיין רעפעראַטן און נישט קיין דיסקוס־
יעס, און פרץ איז נישט געווען קיין „פאָרזיצער״ און נישט פאַר־
לאַנגט קיין געהאָרכזאַמקייט פון זיינע צוהערער. אַלץ איז געווען
היימישלעך, און די שמועסן האָבן זיך געפירט מיט פשטות, אומ־
געצוווּנגען און פריי. האָט עמיצער פאָרגעלייענט זיין שאַפונג,
האָבן די חברים אויסגעהערט, און ווען מ׳האָט אָנגעהויבן אַרויס־
זאָגן מיינונגען האָט זיך די אָרדנונג פון זיך איינגעשטעלט. עס
האָט געוועלטיקט יידיש, הגם די ריידע־שפּראַך פון פיל פון די
אַנוועזנדיקע איז געווען פויליש, רוסיש אָדער דייטש. אין די

מאַנטיקדיקע פאַרזאַמלונגען אין סאָקאָלאָווס סאַלאָן האָבן מיר יונגע, וואָס האָבן געהאַט דעם זכות זיך צו באַטייליקן אין זיי, באַקומען פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע אויסשולונג, מיר האָבן געפּרוּווט אונדזערע כּוחות אין האַלטן ריידעס, אַרויסזאָגן געדאַנקען און מיינונגען און זיי צו פאַרטיידיקן אין דער אַנוועזנהייט פון עלטערע און חשובֿע. אין די שבתים ווידער ביי פּרץ'ן, האָט זיך די נשמה יתירה אונדזערע באַהאַפטן מיט דער שיינקייט איבעם יידישן לעבן.

אויך יידיש איז אין די שבתים דערהויבן געוואָרן, אין יענע צייטן פלעגט מען ריידן יידיש אויף פאָלקס־פאַרזאַמלונגען, אַרבעטער מיטינגען, נאָר ווען ס'איז קיין אנדער ברירה נישט געווען. אין סאָקאָלאָווס סאַלאָן האָט מען גערעדט פּויליש, אויך אויף די פאַרזאַמלונג פון „ספרות" (אַ סטודענטישער פאַריין צו לערנען די פּראָבלעמען פון יידישן פאָלק) מיט גרויס שוועריקייט האָט מען דערלויבט ריידן רוסיש פאַר די וואָס האָבן נאָך נישט געקענט ריידן פּויליש. וועגן יידיש האָט קיינער אַפילו נישט געטראַכט. לויט דער איניציאַטיוו פון פּרץ'ן האָט מען דאָס ערשטע מאָל אייגעפירט יידיש אויף דעם דערמאָנטן פּורים־אָוונט.

אין יענער צייט האָט אַ גרופּע וואַרשעווער שרייבער, וואָס האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום פּרץ'ן און סאָקאָלאָוו, באַשלאָסן צונויפצורופן פון צייט צו צייט זיצונגען פון שרייבער אויסצוהערן רעפעראַטן איבער נייע ביכער אין די ליטעראַטורן פון פאַרשידענע פעלקער. פּרץ האָט פאָרגעשלאָגן אַז די פאָרטראַגשפּראַך פון די רעפעראַטן און וויכּוחים זאָל זיין יידיש. דער געדאַנק איז אָנגענומען געוואָרן נאָך אַ וויכּוח, אין וועלכן סאָקאָלאָוו האָט אַרויסגעזאָגט זיין פּאָזיטיווע מיינונג, ווייל ס'איז כּדאַי, ווי ער מיינט, צו פּראָבירן אַמאָל רעפערירן וועגן הויכע וועלט־ענינים דווקא אויף פּראָסט „מאַמע לשון", וואָס האָט נאָך נישט דערגרייכט צו דער הויכער מדרגה.

און כ'גדענק טאַקע זיין פאָרטראַג איבער איבסענס דראַמע „דער בוי־מייסטער סאָלנעס". סאָקאָלאָוו האָט אָנגעהויבן מיט אַ קליינער הקדמה, אַז ער האָט בדעה צו באַווייזן, וואָס עס בלייבט פון דערהויבענע געדאַנקען, ווען מען נעמט אַראָפּ פון זיי דעם

לבוש פון אַן אײדעלער און קולטורװערטער שפּראַך, װאָס אירע װערטער און אויסדרוק מעגלעכקייט פאַר זיך אַליין דערהויבן דעם אינהאַלט און פאַרטיפן אים, בעת זיי װערן איבערגעגעבן אין דעם לשון פון פּראָסטן פאָלק, װאָס האָט נישט קיין הויכקייטן און קיין טיפקייטן. און סאָקאָלאָװ האָט אויסגעפונען אַז איבסענס אַ דראַמע איז נישט הויך־דערהויבן און נישט טיף, װען מ׳דער־ציילט איר אינהאַלט אויף א פשוטן אופן, אינעם לשון פון פּראָסטע מענטשן, אין איינפאכע װערטער, צעגייט זיך און פאַרשװינדט דער נעפּל װאָס הילט זי איין און דערװייטערט זי פון שכל הישר.

פּרץ האָט אויסגעהערט די װערטער מיט צער און מיט אַן איראָנישן שמייכל, און װען דער רעפּעראַט האָט זיך געענדיקט איז ער אויפגעשטאַנען פון זיין פּלאַץ און געגעבן סאָקאָלאָװן אַ בייזע און ביטערע תשובה.

עס איז געװען דעמאָלט די בלי־צייט פון פּרץ׳ס טאַלענט. ער האָט דורכגעמאַכט אַ תקופה פון מיטאַרבעט מיט יידישע פּ.פּ.ס.־מיטגלידער און שפּעטער מיטן „בונד״. די תקופה פון „באַנטשע שװייג״ און די „בייטאַרינס״. די תקופה פון די שילדערונגען און בילדער פונם לעבן פון דער פאָלקס־אָרעמקייט און האָרעפּאַש־ניקעס, די תקופה פון די „יום־טוב־בלעטלעך״ און די אַנטי־ציוניסטישע „פּייל״. „באַנטשע שװייג״ האָט אָנגעהויבן צו מאָנען פאַר זיך עפּעס מער פון אַ בולקע, ער האָט אָנגעהויבן פירן אַ קאַמף פאַר זיינע רעכט אַלס אַרבעטער און בירגער. פון די מאַסן באַנטשעס זענען אַרויס אַקטיװיסטן װאָס זענען גרייט געװען צו קידוש השם. געװען צװישן זיי העלדישע מענטשן, װאָס זענען גרייט געװען צו שטאַרבן פאַר זייער אידעאַל. אויך פון צװישן די „בייטאַרינס״ זענען אַרויס מיידלעך װאָס האָבן זיך באַטייליקט אינעם קאַמף. אויך די ציוניסטן האָבן זיך געענדערט. זיי זענען נישט געװען מער ענלעך צו יענע בעלי־בתים „חובבי־ציון״ װאָס האָבן זיך באַגנוגנט מיט זאַמלען געלט פאַר ישוב ארץ־ישראל און פאַר די שולן אין יפו. װי עס װייזט אויס האָט פּרץ געפילט װי װייט אומגערעכט ער איז געװען מיט די „פּיילן״ װאָס ער האָט, זיינערצייט, געשאָסן, אין אַ מאָמענט פון אויפרעגונג און פאַרביטערונג, קעגן די חובבי־ציון. ער האָט קיינמאָל נישט דער־

מאָנט אין אונדזער אָנוועזנהייט די „פּייל״ און אפילו קיין איין אַרטיקעל פון דער דאָזיקער צייטשריפט נישט אַריינגענומען אין דער זאַמלונג פון זיינע שריפטן. אָבער שלום מאַכן מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון יידישן פאָלק, מיטן ציוניזם און דעם יידישן ישוב אין ארץ־ישראל האָט ער נישט געקענט, פּונקט ווי ער האָט זיך נישט געקענט אידענטיפיצירן מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון יידישן אַרבעטער. ער האָט נישט געפונען קיין שטאָף פאַר זיין שאַפן אינעם לעבן פון ביימעם באָנטשע שווייג וואָס איז געוואָרן אַ קעמפער, אינעם לעבן פון יידישן יוגענט־לעכן וועמען עס האָבן אָנגעהויבן וואַקסען „משיח פליגל״, וועגן וועלכן ער האָט געחלומ׳ט נאָך צווישן די מויערן פון דעד זאַמאָש־טשער פעסטונג. און דער אויפגעקלערטער רעוואָלוציאָנער וואָס האָט געשמיסן מיט דער רוט פון צאָרן די „שטריימלעך״, „אונדזערע טאָרקוועמאַדאָס״ און „פרומע קאַץ״, האָט זיך אַריינגעטאָן, אין דער תקופה פון דער אויפוואַכונג פון פאָלק און אַרבעטער קלאַס, אין חסידישע דערציילונגען, און ווונדער מעשיות פון די ערשטע צדיקים און ארויסבאַקומען פערל פון די דאָזיקע מקורות. ער האָט נישט געפונען זיינע העלדן אינעם באַפרייאונגס־קאַמף פון יידישן אַרבע־טער, נישט געזען די העלדישקייט און קרבנות פון די ביל״ו־מענטשן און די פיאָנערן פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל. און נאָך וועניקער איז ער באַאיינדרוקט געוואָרן פון די ראַנגלענישן פון אונדזערע יונגע וואָס האָבן געזוכט זייער וועג אין גרויס מאַטערניש צווישן די שטרעמונגען אויף דער יידישער גאַס, אַסימי־לאַציע, סאָציאַליזם און ציוניזם.

אין יענער צייט האָט ער פאַר אונדז געעפנט אַ נייע וועלט, וואָס האָט באַשעפטיקט אונדזערע געדאַנקען און געפילן. די צדיקים און זייערע חסידים האָבן מיר געזען אין יעדער שטאָט און שטעטל אין פוילן און אויך אין אונדזער ציוניסטישע אַרבעט האָבן מיר זיך אין זיי אָנגעשטויסן. מיר זענען געקומען אין באַרירונג מיט זייערע קינדער, אויף זיי משפיע געווען, ארויסגעפירט זיי פון זייער אָפגעשלאָסענער וועלט. דורך אונדזער השפעה — דירעקט און נישט דירעקט — האָבן די בחורים אָנגעהויבן אַביסל „קאַליע ווערן״ און דעמאָלט האָט מען זיי אַרויסגעטריבן פון די „שטיבלעך״. די וועלט

וואָס איז פאַרמשפּט אויף דעגענעראַציע און אונטערגאַנג. איז געקומען פּרץ און אַרויסגעבראַכט פון דער דאָזיקער וועלט דעם נעמיראָווער רבין, און אונדז געוויזן צו וואָס פאַר אַ מדרגה מענטשן־ליבע ער האָט דערגרייכט. ער האָט אונדז געוויזן גרויסע געשטאַלטן צווישן די צדיקים, דערציילט וועגן זייערע געדאַנקען און מעשים, זייער גלויבן און ראַנגלענישן, און אָט די, אין אונדזערע אויגן ביז איצט פינצטערע וועלט, האָט אַ בליאַסק געטון מיט אַ שלל ליכט און פאַרבן, מיט שטרעבן צו דערהויבונג, מיט העלדישער פאַרמעסטונג. און אונדזערע הערצער זענען אָנגעפולט געוואָרן מיט שטאָלץ: אָט איז דאָך בישט אַלץ אין אונדזער יידישער וועלט־געפאַלענקייט און דערנידערונג; הייסט עס, אַז מיר האָבן געהאַט מענטשן פון גייסט און שווונג, וואָס האָבן געהאַט דעם מוט אויפצו־בויען אַ וועלט אַ גאַנצע, ווו זיי זענען געווען די געוועלטיקער, זיי האָבן מבטל געמאַכט די גזירות פון הימעל און פאַרקלענערט די הערשאַפט פון שלעכטן אויף דער ערד. מיר זענען פול געווען מיט פאַרערונגס־געפילן צו די גרויסע גייסטער, וואָס האָבן דערהויבן די אָרעמע פון זייער געפאַלענקייט און צעריסן די גזירות, וואָס זענען אויף זיי נגזר געוואָרן.

מיר האָבן עס פאַרשטאַנען: אָט זענען די גבורים וואָס ראַנגלען זיך מיט זייער גאָט, וואָס גלויבן אַז אין זייערע הענט ליגט דער כוח און מעגלעכקייט אויסצורופן, אַז זיי וועלן קיין „הבדלה" בישט מאַכן און דער שבת וועט נישט אַוועק פון דער וועלט. זיי האָבן געמאָנט פון זייער גאָט גערעכטיקייט פאַר זייער געפּלאָגט פאָלק, האָבן זיך אַנטקעגנגעשטעלט זיין ווילן און זיך געגרייט משיחן צו ברענגען. מיר האָבן געוווסט אַז עס איז בלויז אַן עולם הדמיון ווו אהין זיי זענען אַנטלאָפן צוליב שוואַכקייט און נישט קענען אויף אַ ממשותדיקן אופן גובר זיין די הערשאַפט פון דער רשעות אין עמק הבכא פון דער וועלט, אויף וועלכע דער עולם הדמיון האָט קיין שליטה נישט. אָבער לייענענדיק די דערציילונגען און שילדע־רונגען וועגן דער גבורה פון די צדיקים זייער איינשטעלן זיך פאַרן פאָלק און מאָנען די עוולה זייגע פון די — הימלען, האָבן מיר געטרוימט און געטראַכט וועגן אַראָפּנידערן די בונטאַרישקייט, מוט און העלדישקייט פון די הויכע הימלען פון עולם הדמיון אויף דער

ממשותדיקער ערד פון עולם המעשה, צו דערציען, אַנטוויקלען און אויסבויען די מאַכט־פּאָטענצן און גלויבן אין די אייגענע כוחות אין אונדזער יידישער וועלט און דעמאָלט וועלן אונדזערע שטרעבונגען געקרוינט ווערן מיט דערפאָלג. אָט דאָס איז געווען די אמונה וואָס פּרץ האָט געפּלאַנצט אין אונדז, די ציוניסטן וואָס האָבן זיך געפונען אין זיין מחיצה, דורכן אַנטפּלעקן פאַר אונדז די שכינה פון חסידות. פּרץ אַליין אָבער, איז דערצו נישט דערגאַנגען.

כ׳דערמאָן מיך אַ בילד וואָס כ׳האָב געזען אין די וווּנדערלעכע טעג, נאָכן נצחון פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע.

די ידעות וועגן דער פּאָגראָם־כוואַליע וואָס האָט פאַרפלייצט די יידישע ישובים אין דרום־רוסלאַנד, האָבן נאָך נישט געהאַט דערגרייכט צו אונדז אין זייער גאַנצער גרויל, און נישט דערשלאָגן אונדזערע געדאַנקען און געמיטער. אין דער יידישער וואַרשע איז געווען טומלדיק און פריילעך: אין אַלע ווינקלעך האָבן זיך געזאַמלט יידן אין די טויזנטער, די פּראָפּאַגאַנדיסטן פון אַלע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען זענען געגאַנגען פון איין אסיפה צו דער אַנדערער און געלאָזט הערן זייערע ווערטער. כ׳בין אויך געגאַנגען פון פאַרזאַמלונג צו פאַרזאַמלונג און מער ווי איך האָב געוואָלט אַליין ריידן האָב איך געוואָלט הערן ריידן. און אָט בין איך אַריינגעגאַנגען אינעם זאַל פון דער יידישער קהלה אויף גזשיבאָווסקי גאַס אין וואַרשע און האָב דערזען אַ משונה׳דיק בילד: אַ גרויסער עולם איז געשטאַנען אויף די פיס, גערעש׳ט און געטומלט און י. ל. פּרץ האָט זיך באַמיט זיי צו באַרואיקן. אין שטאַרקן טומל הערט מען נישט זיין שטימע. כ׳האָב אים געוואָלט אַרויסהעלפן און בין אַרויפגעשפּרונגען אויפן טיש און מיך געשטעלט נעבן אים. כ׳האָב איבגעבעטן ער זאָל מיך לאָזן איינשטילן דעם עולם און ער האָט מסכים געווען. כ׳בין געווען יונג און מיין שטים האָט גובר געווען דעם רעש. כ׳האָב פאָרגעשלאָגן אַז די פאָרשטייער פון די פּאַרטייען זאָלן ריידן נאָך דער ריי, ווי זיי וועלן זיך פאַרשרייבן צום וואָרט. אַלע האָבן מסכים געווען, איך האָב קיין שום פּאַרטיי נישט געפּסל׳ט. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז אינעם קהלה־זאַל האָבן זיך געפונען פאָרשטייער פון אַלע פּאַרטייען פון גרויסן רוסלאַנד, אַפילו די

משונה׳דיקסטע צווישן זיי. פּרץ איז געשטאַנען און געשמייכעלט, די פאָרשטייער פון די פּאַרטייען זענען אַרויף אויף דער טריבונע איינער נאָכן אַנדערן און געהאַלטן זייערע ריידעס. אין אַ ווייל אַרום האָב איך אַ קוק געטאָן אין דער זייט ווו עס איז פריער געשטאַנען פּרץ און כ׳האָב געזען אַז ער איז נישטאָ מער. די אָרדנונג וואָס איך האָב איינגעשטעלט איז צושטערט געוואָרן נאָך די ערשטע צוויי־דריי ריידעס. פּלוצים איז אָנגעקומען אַ גרופּע בונדיסטן און געפּאָדערט שטרענג מ׳זאָל זיי געבן דאָס וואָרט, הגם איין בונדיסט האָט שוין געהאַט גערעדט. אַלע מיינע אָנשטרענגונגען האָבן נישט געהאָלפן. „וועסט נישט געבן קיין ווערטער דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט״ האָט געשריען צו מיר דער פאָרשטייער פון דער גרופּע. דער עולם האָט זיך אָנגעהויבן אויפרעגן און ווידער איז אַנטשטאַנען אַ טומעל. די פאַרזאַמלונג איז אויפגעריסן געוואָרן. דער עולם איז זיך צוגאַנגען. אַ לאַנגע צייט נאָכדעם האָב איך נישט געזען פּרץ׳ן. כ׳בין זיכער אַז די דאָזיקע פאַרזאַמלונג האָט אים געבראַכט צו דער וויזיע פון יאוש „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק״.

עס זענען אַוועק יאָרן. כ׳האָב מיך נישט געטראָפן מיט פּרץ׳ן. איך בין אַריבער קיין ווילנע, כ׳בין צוריקגעקומען קיין וואַרשע. כ׳האָב מיך דערווייטערט פון אים, סתם אַזוי, אָן יעדער סיבה. און אָט בין איך אין איינעם אַ טאָג געווען אין קהלה־הויז און בין אַריינגעגאַנגען אין זיין צימער. ער האָט גראַד דעמאָלט געהאַט פאַרענדיקט שרייבן אַ פּאָעמע אין פּראָזע און געוואָלט זי פאָרלייענען פאַר מיר. דעם אינהאַלט אירן געדענק איך נישט אָבער דעם איינדרוק וואָס זי האָט געמאַכט אויף מיר געדענק איך ביז היינט. דאַכט זיך מיר, אַז בלאַס־לבנה־ליכט, אַ טויט ליכט, איז געווען אויסגעגאָסן אויף זיינע ווערטער און שילדערונגען. איין פּסוק האָט זיך ווידערהאָלט אין דער פּאָעמע: „און דער נס איז נישט געשען״.

עס האָט אויסגעבראָכן די מלחמה, פּוילן איז פאַרוואַנדעלט געוואָרן אין אַ שלאַכט־פעלד און די יידן, דאָס כפּרה־הינדל פאַר די צאַרישע אַרמיי קאָמאַנדירן, וואָס האָבן געליטן מפּלות פונעם דייטשן מיליטער. צענדליקער טויזענטער זענען פאַרטריבן געוואָרן פון זייערע שטעטלעך ביים פראָנט, אַלטע לייט, פרויען און קליינע קינ־

דער. אין די רעגענדיקע האַרבסט־טעג זענען זיי אַנטלאָפן קיין וואַרשע, פּרץ האָט געזען זייער דערנידערונג זייער צער און פּיין. זיין האַרץ איז אויפגעציטערט געוואָרן און ער האָט געשוויגן. עס איז ווי אויסגעטרוקענט געוואָרן דער קוואַל פון צאָרן און פּראָטעסט. מיר, עטלעכע חברים, האָבן דערשטיקט אונדזער צער און צאָרן מיט שרייבן עדות־פּראָטאָקאָלן, אין וועלכע מיר האָבן געשטעמפּעלט פאַר די אויגן פון אונדזער דור און די קומענדיקע דורות די אַכזריות פון דער צאַריסטישער מאַכט און איר מיליטער. עס איז מיר פאַרבליבן אין זכרון די געשטאַלט פון פּרץ, וואָס גייט פאַרביי אינעם קאָרידאָר פון דער גמינע (קהלה) און קוקט אויף אונדז. עס האָט זיך מיר געדאַכט דעמאָלט (און אפשר האָב איך מיר דאָס שפּעטער בלויז אויסגעמאָלט אין דער פאַנטאַזיע), אַז זיינע בליקן האָבן אויסגע־דריקט גרויס רחמנות, ווי ער וואָלט רחמנות געהאַט אויף אונדז און מיטגעפילט. ער איז נישט צוגעקומען צו אונדז אַפילו איינמאָל די גאַנצע צייט פון אונדזער אַרבעט, ער איז אָבער אויך נישט געשטאַ־נען מן הצד. ער האָט מיטגעאַרבעט מיט די וואָס האָבן געזאָרגט פאַר די פּליטים, געשאַפן פאַר זיי אונטערקונפט־פּלעצער קינדער־גערטנער און שולן.

אין אָט דער ארבעט האָט ער, זעט אויס געפונען טרייסט פאַר זיין צעווייטיקטער נשמה. ער האָט דעמאָלט אָנגעהויבן שרייבן קינדער־לידער, זיי צו טרייסטן, זיי זאָלן פאַרגעסן די צרות, זיי אַריבערצופירן פונעם טאָל פון צער און דערנידערונג אין דער וועלט פון פאַנטאַזיע און וונדער, וווּ עס זיגן תמיד די גערעכטיקייט און דאָס גוטע. און אַזוי שרייבענדיק אין די פרימאָרגן שעה׳ן, ווי ער איז געווען געוווינט — איז ער געשטאָרבן. צו יענער צייט איז נאָך דער נס נישט געשען...

## ב.[1]

כ׳בין נישט קיין קריטיקער און אויך נישט קיין היסטאָריקער פון דער יידישער ליטעראַטור, אין העברעאיש און אין יידיש, וואָס

[1] אַ ריידע אין ראַדיאָ, צום הונדערטסטן געבוירן־טאָג פון פּרץ.

פרץ איז געווען איינער פון אירע שעפער און באַנייער. אַלס אַ קינד פון דעם דור וועלכער איז דערצויגן געוואָרן אויף פּרצ׳ס שאַפונגען און האָט זוכה געווען אין זיינע יוגענט־יאָרן צו זיין אין זיין מחיצה און באַאיינפלוסט ווערן פון זיין גייסט וויל איך זאָגן מיינע צוהערער אין זיין הונדערסטן געבורטסטאָג, וואָס איז געווען פאַר אונדז פּרץ.

פּרץ האָט אַנדעקט פאַר אונדז אין זיינע שאַפונגען דעם ליידענדיקן יידן, דעם תמימות׳דיקן און גלויביקן יידן וואָס לעבט מיט זיין אמונה און באַמיט זיך צו גיין אין גלייכן וועג; ער האָט געעפנט פאַר אונדז די הערצער פון די גרויסע גלויביקע און צווייפלער וואָס ראַנגלען זיך מיט זייער גאָט צוליב דעם שלעכטן וואָס געוועלטיקט אויף דער וועלט. ער האָט אונדז געלערנט ליב צו האָבן דעם פּשוטן יידן, די יידישע פאָלקס־מאַסע, צו פאַרערן איר גייסט וואָס רייסט זיך צו די הויכקייטן. ער האָט אונדז אויפגעהויבן צו די הויכע וועלטן פון חסידות, וווּ עס הערשט גערעכטיקייט און רחמנות און נישט דער טרוקענער דין, וואָס לאַסטעט ווי אַ יאָך אויפן יידן.

גלייכצייטיק האָט ער געוועקט אין אונדז בונטאַרישקייט, דעם אומווילן קעגן אויסגעטראָטענע סטעזשקעס, וואָס זענען אויס ווי זיכערע, ווייל זיי זענען אויסגעטראָטן געוואָרן דורך דורות, די אמונה אַז עס וועט קומען אַ טאָג ווען דער מענטש וועט דערהויבן ווערן און ער וועט אויסטרעטן נייע וועגן פאַר דעם גוטן און שיינעם.

פּרץ האָט פאַרשטאַנען צו שטעמפּלען דאָס שלעכטע און דעם רשע, אָבער ער האָט נישט געשילדערט דעם רשע, אויסוואורף, און מנוול. דעם זומף פונעם לעבן, וווּ עס וואַלגערט זיך דער מענטש האָט ער קיינמאָל נישט געשילדערט. פּונקט ווי יענער צדיק פון ביאַלאַ, וועגן וועלכן ער דערציילט, פלעגט ער אויך קוקן אויף יידן מיט אויגן פון חסד און רחמים, וואָס האָבן אויסגעטאָן פון זיי די ברודיקע און שמוציקע קליידער און אָנגעטאָן אויף זיי די גלאָריע פון ליידן און אָרעמקייט פון צער און בונט.

ס׳איז נישט געווען אין דעם אַלעמען ביליקע און פאַלשע סענטימענטאַליטעט. אין אַ הילע פון קלוגער סקעפּטישקייט האָט ער איינגעוויקעלט זיינע העלדן פון די פאָלקס מאַסן, די צדיקים זיינע. כדי צו ווייזן, אַז עס איז נישטאָ קיין ליכט אָן שאָטן, אַז אין דער

טיף פון די נשמות איז באַהאַלטן דאָס גוטע און שיינע, הגם דער אויסערלעכער לבוש איז אָפּשטויסענדיק און מיאוס.

ער האָט אונדז נישט איינמאָל ווי געטאָן מיט זיין וואָרט. יעדער פון אונדז האָט געהאַט זיין אידעאַל אין וועלכן ער האָט געגלויבט טראָץ אַלע נסיונות און אַנטוישונגען, און מיר האָבן נישט געקענט מסכים זיין צו גרינגשעצונג פון אָט די אידעאַלן מצד פּרצ'ן. אָבער מיר האָבן נישט אויפגעהערט אים ליב צו האָבן און פאַרערן און זען אין אים אונדזער רבין.

פּרץ איז געווען נישט בלויז אַ שרייבער און אַ דיכטער. ער איז געווען אַ כלל־מענטש, וואָס האָט געשטרעבט צו אַ גאָענטער באַריי־רונג מיטן כלל, באַמיט זיך אויף אים דירעקט משפּיע צו זיין. אָט די אייגנשאַפט זיינע האָט גורם געווען דערצו, אַז ער האָט זיך דערנענטערט צו געוויסע פּאַרטייען און באַוועגונגען, און עס זענען געווען צייטן אין זיין לעבן און זיין ליטעראַרישער שאַפונג, ווען ער האָט זיך גערעכנט ווי איינער פון זייערע גייסטיקע פירער. אָבער די דערנענטערונג צו די דאָזיקע פּאַרטייען פלעגן דערוועקן אין זיין האַרץ סקעפּטיציזם, און ס'איז נישט אַוועק קיין סך צייט, און דער דאָזיקער סקעפּטיציזם האָט אים דערווייטערט פון די קרייזן אין וועלכע ער האָט זיך געהאַט „פאַרליבט". עס איז געווען באמת אַ „פאַרליבן זיך": אין פּ.פּ.ס., „בונד" חובבי־ציון אין די טעג פון די פּאָגראָמען, אין די חובבי שפת־עבר און אַ.וו. נאָך אַ געוויסע צייט האָט ער זיי פאַרלאָזן ווען עס האָבן זיך געשטאַרקט ביי אים די ספקות אין זיי און זייערע שטרעבונגען. פון יעדער תקופה זענען געבליבן פּערל אין זיין שאַפונג, אונ אויך די מענטשן וואָס ער האָט פון זיך דערווייטערט האָבן נישט אויפגעהערט אים ליב צו האָבן און אים פאַרערן. ער האָט מקרב געווען צו זיך שרייבער־אָנהויבער, ער האָט זיי געלערנט און געשליפן זייערע טאַלאַנטן. אונטער זיין השפּעה האָבן זיך אַנטוויקעלט גרעסערע און קלענערע טאַלענטן. אַ סך פון זיי זענען געקומען פון אָפּגעשטאַנענע קליינע שטעטלעך, עס האָט זיי געפעלט די עלעמענטאַרע ידיעות פון שרייבן און בלויז פונקען פון זייער טאַלאַנט האָבן אַרויסגעשיינט פון זייערע ווייט נישט רייפע שאַפונגען. קיינער נישט ווי פּרץ האָט זיך פאַרשטאַנען אויף די דאָזיקע פונקען, און זיך באַמיט זיי צו צופלאַקערן צו אַ גרויס ליכט.

ג.

מיר זענען געווען ציוניסטן, און ער איז געווען ווייט פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. נישט איינמאָל האָט ער געשפּאָט איבער אונדז אָן רחמנות. נישט איינמאָל האָבן זיינע ווערטער געמאַכט וווּנדן אין אונדזערע הערצער, אָבער מיר האָבן געזען אין אים אונדזער רבין, אַ טייערער רבי, וואָס מיר האָבן ליב געהאַט מער ווי אַ סך ציוניסטישע רביים. צום 25־טן יובילעאום פון זיין ליטעראַרישער טעטיקייט האָט געשריבן מיין חבר און פריינט וואָס איז זער יונג געשטאָרבן, יאַן קירשראָט, אין דעם ווונשען־אַלבאָם וואָס עס האָבן דערלאַנגט פּרץ'ן די סטודענטן פון די הויכשולן „דעם מענטשען וואָס איז אונדז אזוי באַענט און אזוי ווייט פון אונדז”. דאָס איז געווען אונדזער אַלעמענס געפילן־אויסדרוק צו פּרץ'ן.

פּרץ האָט געהאַט אויף אונדז — אַ גרופּע יונגע ציוניסטן וואָס האָט געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר דער ציוניסטישער פאָלקס־באַוועגונג אין פוילן — אַ מעכטיקע השפעה. ער האָט אַרויפגעלעגט זיין שטעמפּל אויף אונדזער ליטעראַרישן געשמאַק, פאַרטיפט אונדזער געפיל פאַר מענטשלעך ליידן, פאַר יידישן צער. אין געראַנגל מיט אים און זיינע אידייען, זענען ביי אונדז פאַרהייליקט געוואָרן נישט וועניק ציוניסטישע גרונט־געדאַנקען און אַנטפּלעקט געוואָרן אַ סך ציוניסטישע אמת'ן. אונטער די שמיץ פון זיין שפּאָט זענען פאַרשוווּנדן פון אונדזערע מוחות פלאַכע און וווּלגאַרע געדאַנקען, וואָס זענען געווען פּאָפּולער אין יענער תקופה אין דער ציוניסטישער וועלט. ער האָט געהאַט אַ טיף פאַרשטענדניש פאַר אונדזער נאַציאָנאַלן צער, דער בענקשאַפט צו גאולה, אונדזערע יסורים און מאַטערנישן, און ער האָט זיי געגעבן אַ פּרעכטיקן אויסדרוק.

אין איינעם פון אונדזערע חבר'ישע שמועסן האָט אונדז פּרץ פלוצים אַנטדעקט, אַז ער האָט בדעה פּרובירן אויסלייגן שריפטלעך זיינע עיקר־געדאַנקען וועגן אונדזער פאָלק, זיין לעבן און צוקונפט, זיין שיטה און פּלאַן. מיר האָבן זיך זער דערפרייט און געוואַרט אויף דעם, ער זאָל אונדז פאָרלייגן און לאָזן הערן זיין תורה. דער טאָג איז געקומען, מיר זענען געזעסן אַרום זיין טיש פול מיט אמונה און האָפנונג אויף דער התגלות. ער האָט געזאָגט, אַז ער וויל

פאַרלייענען בלויז דעם ערשטן טייל פון דער העפט, כדי צו זעען וואָס פאַר אַ רושם עס וועט מאַכן אויף די צוהערער.

ער האָט אָנגעהויבן אָפּמאָלן די לאַגע אין וועלכער עס געפינט זיך דאָס יידישע פאָלק. עס איז געווען אַ טיפע און גרונטלעכע שילדערונג. אַן אָן רחמנות׳דיקע קריטיק פון דעם שלעכטן און שפּל׳ן אין אונדזער לעבן, אַן אָפּדעקען און אַנטבלויזן פון אַלע וווּנדען און געשווירן און צער און ליבע אָן אַ גרענעץ האָט אַרויס־געשפּאַרט און אַרויסגעשטראָמט פון יעדן בילד, פון יעדן פּסוק. דער אַנאַליז איז געווען אַ שמערצלעכער און אַ דערשיטערענדיקער, אָבער דאַביי איז אויסגעדרוקט געוואָרן דער בטחון אַז מ׳קען באַזייטיקן דאָס שלעכטע, זוּיבערן די נשמה פון פאָלק, דערהויבן צו הויכקייטן פון גאולה, שפּאַנען דעם ווילן, אַרויסברענגען אַנשטרענגונגען זי צו פאַרווירקלעכן.

דאָ האָט ער איבערגעריסן. מיר האָבן געשוויגן ווי צוהערער צו אַ וווּנדערלעך געזאַנג וואָס איז איבערגעריסן געוואָרן אין דער מיט, מיר האָבן געגאַרט צו הערן דעם המשך. אָבער פּרץ האָט נישט פאַרגעזעצט. מיר האָבן נישט געשטעלט קיין פראַגן. מיר האָבן געוואַרט אויפן המשך. אָבער דער המשך איז נישט געקומען אויף יענער זיצונג. מיד און אויסגעמאַטערט איז געזעסן פּרץ פאַר אונדז. ער האָט פאַרשפּראָכן צו לייענען ביז צום סוף. עס זענען אַוועק טעג און וואָכן און ער האָט נישט געלייענט. מיר האָבן נישט געפרעגט פאַרוואָס. מיר האָבן פאַרשטאַנען אַז ער האָט נישט וואָס צוצוגעבן צו דער געשילדערטער לאַגע. און דער וועג ווייטער איז געבליבן פאַרהוילן, נישט אַנטדעקט.

די סימפאָניע איז געבליבן נישט פאַרענדיקט.

מיר האָבן אויפגעהערט צו וואַרטן, יעדער פון אונדז האָט פאַרגעזעצט די סימפאָניע, לויט זיין מעגלעכקייט. מיר זענען געגאַנ־גען דעם וועג פון ציוניזם. פּרץ איז געבליבן ביי דער זייט פון וועג און ער האָט נישט זוכה געווען צו זען ווי דער וועג פון ציוניזם איז געוואָרן דער היסטאָרישער הויפּט־שליאַך פון יידישן פאָלק. אין זיין אַרכיוו האָט מען נישט געפונען דעם כתב־יד פון דער דאָזיקער סימפאָניע. קיינער האָט נישט געוווּסט פון איר אַ חוץ אַ קליינע גרופּע פון יונגע סטודענטן. אַ יאָר נאָך פּרץ׳ס טויט האָב איך

דערמאָנט יענעם װוּנדערלעכן מאָמענט. דער אַרטיקל איז אָפּגעדרוקט געװאָרן אין אײנער פון די העפטן װאָס בן־ציון כץ האָט פאַרעפנט־לעכט אין פעטראָגראַד אין די יאָרן פון דער ערשטער װעלט־מלחמה, אין סוף 1916 אָדער אָנהײב 1917. אױך די דאָזיקע העפט איז נישט צו באַקומען מער.

ביז הײַנט האָב איך נישט געקענט מאַכן מיטן אױסמעקן דעם זכר פון יענער נישט פאַרענדיקטער סימפּאָניע פון פּרץ׳ן.

# נחום סאָקאָלאָוו

## זיַין לעבנסוועג

אין די זיבעציקער יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט איז געווען וואַרשע, די הויפּשטאָט פון פּוילן דער צענטער פון דער השכלה און יידישער אַסימילאַציע. די זכרונות פון אויפשטאַנד פון יאָר 1863, אין וועלכער יידישע אינטעליגענטן האָבן זיַיט ביַי זיַיט מיט דער פּוילישער שליאַכטע געקעמפט קעגן רוסלאַנד, יענער אויפשטאַנד אין וועלכער דער וואַרשאָווער רב האָט זיך באַטייליקט צוזאַמען מיט די גייסטליכע פון דער קאַטוילישער רעליגיע, אין בלוטיקע מאַניפעסטאַציעס, און ס'האָט אויסגעזען אַז צווישן פּאָליאַקן און יידן איז געקומען צו שלום און ברודערשאַפט אויף אייביק, די דאָזיקע זכרונות זענען נאָך געווען לעבעדיק אינעם האַרצן פון יעדן יידישן אינטעליגענט. דערצו איז נאָך צוגעקומען דער אָנדענק פון וויעלאָפּאָלסקי און דאָס געבן די יידן בירגערלעכע גלייכבאַרעכטיגונג, כדי זיי זאָלן בילדן דעם מיטלשטאַנד פון פּוילישן פאָלק. אָבער אין די מאַסן פון יידישן פאָלק האָבן אָט די זכרונות נישט אַריינגעדרונגען. דאָס פאָלק האָט זיך נאָך אַלץ געפונען אונטער דער ממשלה פון דער חסידות און אירע צדיקים, און אין אָט דער חסידישער וועלט איז אויפגעגאַנגען דער שטערן פון דער גערער דינאַסטיע (גורא קאַלוואַריע. אַ שטעטל אין דער נאָענט פון וואַרשע) און עס זענען אַרומגעגאַנגען שמועות און לעגענדעס וועגן קאָצקער רבין אַז ער איז נפגע געוואָרן און מורד געווען.

אין פּוילן איז געווען די צאָל פון די יידישע אינטעליגענטן וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין קאַמף פאַר השכלה אַ קליינע. דער גרעסטער טייל פון די וואָס האָבן „דורכגעבראָכן די מויערן" האָבן ביסלעכוויַיז פאַרלאָזט די וועלט פון די יידן און זיי זענען אַריין, אָדער

האָבן זיך באַמיט אַרייַנצוגיין, אין דער וועלט פון די פּאָליאַקן, וואָס פּלעגן זיי מקרב זיין. די פּוילישע אינטעליגענץ, אירע גדולים און אַדעליקע, האָבן געזען אין דער דערנענטערונג פון די יידן און אין זייער אַסימילאַציע אַ גרויסע הילף, כמעט אַן אַנטשיידנדיקע, אין זייער קאַמף מיט דער רוסישער פאַרקנעכטונג, און האָבן געהאַלטן די באַזונדערקייט און פאַרפרעמדונג פון די יידן פאַר אַ גרויסער סכנה פאַר זייערע האָפנונגען אויף נאַציאָנאַלע פּוילישער זעלבסט־שטענדיקייט.

די פולשטענדיקע מפּלה פון דער פּוילישער שליאַכטע צוליב דער באַפרייאונג פון די פּויערן דורך דער רוסישער מאַכט פונעם יאָך פון די פּריצים, האָט גורם געווען צו אַן איבערקערעניש אין זייער לעבן. אין דער פּוילישער געזעלשאַפט האָט זיך געשטאַרקט דער געדאַנק, אַז פריער פון אַלץ דאַרף מען זיך פאַרפעסטיקן אין עקאָנאָמישער הינזיכט און זיך גרייטן צום טאָג פון דער אַנטשיידונג וואָס דאַרף קומען, אַז מ'דאַרף אָנהויבן טון „אָרגאַנישע" אַרבעט, ווי מ'האָט גערופן די אַרבעט צו פאַרפעסטיקן די עקאָנאָמיק. דער דאָזיקער פּאָזיטיוויסטישער געדאַנק האָט אַרויסגעשטויסן די נאַציאָ־נאַל ראָמאַנטישע רעוואָלוציאָנערישקייט. דעם פּלאַץ פון די העלדן פון דער ראָמאַנטישער פּוילישער דיכטונג, וואָס בויגן זיך אונטערן יאָך פון נאַציאָנאַלן צער, האָבן פאַרנומען די העלדן פון פּאָזיטיוויס־טישן געדאַנק — די אַקטיוויסטן די בויער און זאַמלער פון רייכטום. די יידישע בורזשואַזיע און די יידישע אינטעליגענץ האָבן זיך געפילט נענטער צו דער וועלט פון די פּאָזיטיוויסטן, ווי צו דער וועלט פון דער ראָמאַנטיש געשטימטער שליאַכטע, וואָס איז געווען פאַרזונקען אין פּוילישן מעסיאַניזם, דורכגעדרונגען מיטן צער און ליידן פון פאַרקנעכטעטן און אונטערדריקטן פּוילן.

אין אָט דער תקופה האָט סאָקאָלאָוו אָנגעהויבן זיין ליטעראַרישע טעטיקייט.

אַ יונגערמאַן אַן אַכצען־יעריקער איז געקומען פון פּלאָצק, ווו ער איז געווען באַקאַנט אַלס עלוי, קיין וואַרשע, און איז אַריין אין דער וועלט פון די משכילים. געוואָרן אַ מיטאַרבעטער ביי חיים זעליק סלאָנימסקי, וועלכער האָט אַרויסגעגעבן די העברעאישע „הצפירה" און ביי פּאַלאַטין דעם אַרויסגעבער פון דער פּוילישע

„איזראַעליטאַ״. ס׳איז נישט אַריבער קיין סך צייט און ער האָט איבערגענומען די רעדאַקציע פון „הצפירה״ און געוואָרן דער ראש המדברים אין דער „איזראַעליטאַ״. ער האָט פיל געלערנט און ער איז טיף אַריינגעדרונגען אין דער פוילישער און אייראָפּייאישער וועלט, ער האָט אָבער די וועלט פון די יידן נישט פאַרלאָזן, זיי געלערנט וויסן און קענטניש פון יידנטום.

די „הצפירה״ איז נישט געווען קיין צייטונג וואָס האָט געקעמפט פאַר אירע אידייען דורך שטורם־אָנגריפן אויף דער אַלטער וועלט, דער אומוויסנהייט און דאָס חסידות. די וועגן פון „השחר״ און „המליץ״ זענען נישט געווען אירע וועגן. די לייענער פון „הצפירה״ האָבן זיך נישט רעקרוטירט פון יענע יונגע וואָס האָבן מורד געווען אין דער אַלטער וועלט און געזוכט דעם וועג צו אַ ניי לעבן, אויך נישט פון יענע משכילים ביי וועלכע ס׳זענען אויפגעקומען די ערשטע שפּראָצן פון נאַציאָנאַלן און ציוניסטישן געדאַנק. דער גרעסטער טייל לייענער פון דער „הצפירה״ זענען געווען פון דער וועלט פון די חסידים און זייער יוגנט, וואָס האָבן נישט געקענט קיין שום אנדער שפּראַך, און האָבן נישט מורד געווען, נישט חרוב געמאַכט קיין וועלטן, געוואָלט אָבער און געהאַט אַן אינטערעס צו לערנען און געוויר צו ווערן עפּעס פון דער וועלט וואָס אַרום זיי. די „הצפירה״ איז זיך באַגאַנגען פאַרזיכטיק מיט אָט די לייענער אירע, זיך צוגעפּאַסט צו זיי מיט דער שפּראַך און סטיל. אויסגעמיטן שאַרפע ווערטער אָדער צופיל געוואַגטע געדאַנקען, באַמיט זיך צו גיין אויפן וועג פון אויפקלערן און פּאָפּולאַריזאַציע.

סאָקאָלאָוו האָט זיך צו אייגן געמאַכט דעם וועג פון אויפקלערן, דאָס סיסטעם פון ריידן צום שכל־הישר, דערנענטערן די מענטשן און נישט דערווייטערן זיי. ער איז מיט דער צייט געוואָרן אַ מייסטער פון דער דאָזיקער שיטה און כל־ימיו איר געטריי געבליבן. „הצפירה״ האָט זיך באַליבט געמאַכט ביי איר לייענער־עולם, זי האָט דערצויגן אַ גאַנצן דור פון די וואָס זענען געקומען פון דער חסידישער וועלט אין פּוילן. אין דער איזראַעליטאַ״ אין פּויליש, ווידער, האָט סאָקאָלאָוו געפּרעדיקט יידנטום, דאָס אָפּהיטן פון גייסטיקע ווערטן, נישט פאַרנאַכלעסיקן זיי, נישט גרינשעצן זיי אַפילו דעמאָלט ווען מ׳ענדערט די לעבנס פאָרמען און מ׳דרינגט אַריין טיף אין דער פּוילישער

וועלט. מ׳קען זיין אַ פּאָליאַק און בלייבן טריי דעם באַזונדערן גייסט וואָס באַצייכענט די שאַפונגען פון יידן אין אַלע דורות. און ווידער איז ער געווען דאָס מאָל אויף פּויליש, אַן אויפקלערער, וואָס האָט גערעדט צום שכל־הישר, באַמיט זיך צו דערנענטערן די הערצער און זיי נישט צו דערווייטערן.

פּונקט ווי ער האָט גערעדט צו זיינע העברעאישע לייענער פון די חסידישע קרייזן, אַזוי האָט ער גערעדט צו זיין לייענער־עולם אויף פּויליש, דער זעלבער אויפקלערער און פּאָפּולאַריזאַטאָר, נאָר דאָס פּובליקום צו וועלכן ער האָט גערעדט איז געווען אַן אַנדערס.

און אָט האָבן אויסגעבראָכן די פּאָגראָמען אין דרום־רוסלאַנד. אויך אויף וואַרשע איז געקומען די ריי, אויך דאָ האָבן אויסגעבראָכן פּאָג־ראָמען. די השפּעה אָבער זייערע, איז נישט געווען די זעלבע וואָס אין רוסלאַנד. דאָס געוויסן פון דער יידישער אינטעליגענץ האָבן זיי נישט אויפגעטרייסעלט און זייער וועלט האָבן זיי נישט דערשי־טערט ווי דאָס איז געשען אין רוסלאַנד. זי האָט געהאַלטן אַז אין אַלעמען איז שולדיק דער רוסישער פּאַרקנעכטונגס־רעזשים און אַז דאָס פּוילישע פאָלק איז ווייט פון אַזעלכע מעשים. דעריבער זענען זיי נישט אויפגעטרייסעלט געוואָרן און עס זענען כמעט נישט פאָר־געקומען קיין ענדערונגען אין די געמיטער און שטימונגען פון די יידן אין פּוילן. נאָר קליינע גרופּן זענען מיטגעריסן געוואָרן מיט דעם ארץ־ישראל שטראָם וואָס האָט אָנגעהויבן פליסן צווישן יידן אין דרום־רוסלאַנד און ליטאָ. ליטווישע יידן, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן באַזעצן אין וואַרשע, האָבן געהאַט אַ געהער פאַר יידיש נאַציאָנאַלן גייסט און פּראָבלעמען. די גרויסע און ברייטע מאַסן אָבער פון פּוילישע יידן האָבן זיך ווייטער געפירט אויף זייער שטייגער. און ווען עס האָבן אָנגעהויבן אויפקומען די שפּראָצן פון פרעכן און קלעריקאַלן אַנטיסעמיטיזם מצד די רעדעל־פירער פון דער קליין־בורזשואַזיע, פון די ערשטע קרעמער־פּאָליאַקן, וואָס האָבן זיך אָנגעשטויסן אין יידן און געוואָלט זיי באַזייטיקן פון זייער וועג — האָבן זיי נישט געגלויבט אינעם כוח פון אָט דער דאָזיקער באַוועגונג אין זי גרינגעשעצט.

אויך סאָקאָלאָוו איז נישט אָפּגעטרעטן פון זיין ליניע, געגאַנגען ווייטער זיין פריערדיקן וועג. נישט געגלויבט אין חיבת־ציון, נישט

דערשאַצט די געוואָגטע טאַטן פון די ערשטע, פון די נחשונ׳ס וואָס זענען די ערשטע געשפרונגען אין ים אַריין.

אין די ערשטע טעג פון חיבת־ציון איז ער געשטאַנען מן הצד, אָבסערווירט און קריטיקירט, אַ מאָל אויך אויסגעלאַכט די אילוזיעס און חלומות, באַזונדערס דעמאָלט, ווען אין דער חיבת־ציון־באַוועגונג איז איינגעטרעטן אַ סטאַגנאַציע נאָך די ערשטע געוואָגטע טאַטן, און געדויערט ביז דעם אויפקומען פונעם ציוניזם. אָבער אינעם אונטערבאַוווסטזיין האָט ער געבענקט צו אַ גרויסער טאַט, צו אַ גרויסן שוווּנג צו אַ גרויסן און ברייט־פאַרמאָסטענעם פּלאַן.

דעריבער איז ער געווען אַן אָנהענגער פון באַראָן הירש פּלאַן, דער ערשטער פּלאַן פון אַ גרויסער יידישער עמיגראַציע אין אַ בייעם לאַנד.

ער האָט זיך באַמיט צו קענען־לערנען דאָס לעבן פון די יידישע פאָלקס־מאַסן אין פוילן, אַזוי ווי עס האָט געטאָן פּרץ, אָבער זיין אינטערעס איז נישט געווען די שילדערונג פון אָט דעם לעבן אין האַרציקע בילדער ווי עס האָט געטון פּרץ, ער האָט געהאַט אַן אינטערעס אין זוכן וועגן פאַר ראַטעווען יידן פון גויט און געפאַר פאַר זייער קיום.

און די אַנטיסעמיטישע באַוועגונג אין פוילן איז געוואַקסן און געווונען אַלץ ברייטערע קרייזן. עס איז אונטערגעגאַנגען די זון פון פוילישן פּאָזיטיוויזם און דער פרידן און ברידערליכער בונד צווישן פּאָליאַקן און יידן פון די צייטן פון אויפשטאַנד אין יאָר 1863, איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן פון טאָג צו טאָג. די פוילישע בורזשואַזיע האָט זיך פאַרשטאַרקט עקאָנאָמיש, אַ דאַנק דער פּאָזיטיוויסטישער שטרעמונג אין דער פוילישער געזעלשאַפט און דעם עקאָנאָמישער אויפבלי און עס איז שטאַרקער געוואָרן איר קאָנקורענץ מיט דער יידישער בורזשואַזיע. די פוילישע אינטעליגענץ האָט ווידער גענומען צוגרייטן די הערצער פון די פּאָליאַקן פאַר אַ באַפרייאונגס־באַוועגונג. זי האָט אָנגעהויבן צו קוקן מיט חשד אויף די אינטעליגענטע יידן, באַזונדערס אויף די ברייטע יידישע פאָלקס־מאַסן וואָס לעבן זייער אָפּגעזונדערט לעבן. מ׳האָט מורא געהאַט טאָמער וועלן זיי נישט מיט־גיין מיט די פּאָליאַקן אין טאָג פון אַנטשיידונג. זיי האָבן געזען ווי די עקאָנאָמישע פאַרבינדונגען צווישן פוילן און רוסלאַנד פאַרשטאַרקן

זיך, און די יידן זעבען די טרעגער פון דער אַנטוויקלונג. ליטווישע יידן ווי אויך יידן פונעם אינערלעכן רוסלאַנד, האָבן זיך, אין גרע־סערע צאָלן, באַזעצט אין פוילן אין זייער השפעה אויף די אָרטיקע פוילישע יידן האָט זיך געהאַלטן אין איין פאַרגרעסערן. סימנים פון אַ נייעם לעבן ווערן בולט אויף דער יידישער גאַס, די מאַסן דערוואַכן, יידישע אַרבעטער טרעטן אויף אַלס אָרגאַניזירטער כוח אין דער עפּענטלעכקייט און נעבן זיי שטייט דער יידישער אינטע־ליגענט וואָס נעמט אַנטייל און האָט אינטערעס אין זייער לעבן. ווער ווייסט, האָבן זיי זיך געזאָגט, וואָס אָט די וועלן טון אין טאָג פון אַנטשיידונג?

די חשדים האָבן זיך געשטאַרקט, די הערצער האָבן זיך דער־ווייטערט. צום פרעכן אַנטיסעמיטיזם איז צוגעקומען אַנטיציוניזם צוליב נאַציאָנאַליסטישע מאָטיוון. סאָקאָלאָוו איז געוואָרן דער ציל פאַר זייערע פיילן, סאָקאָלאָוו וואָס האָט געשריבן העברעאיש, דער רעדאַקטאָר פון „הצפירה”. עס האָבן זיך געפונען יידן, משומדים און נישט משומדים, וואָס האָבן געפעלשט און פאַרדרייט סאָקאָלאָווס ווערטער און זיי ספּעציעל פּרעפּאַרירט פאַרן געשמאַק פון אַנטי־סעמיטישן פוילישן לייענער.

עס איז דערשינען די בראָשור פון הערצלן די בשורה פון יידנ־שטאַט — יענער גרויסער און געוואַגטער פּלאַן צו וועלכן עס האָט געלעכצט די נשמה פון סאָקאָלאָוו'ן. אָבער די גערדוקטע ווערטער האָבן נישט געהאַט אויף אים די געהעריקע השפעה. ער האָט נאָך נישט געזען דעם מענטשן און די טאַט וואָס ער איז בכוח צו שאַפן.

און אָט איז געקומען דער ערשטער ציוניסטישער קאָנגרעס אין באזל. אַ גרויסער און אימפּאָנירנדיקער טאַט, וואָס אַזעלכעס איז נאָך ביז אהער נישט געווען. סאָקאָלאָוו צווייפלט נאָך, אָבער אין האַרצן ביי אים האָט זיך עפּעס אַ ריר געטאָן. ער איז געגאַנגען קיין באַזל, צוגעהערט זיך, אָבסערווירט, אַריינגעדרונגען אינעם טיפן זין פון די ווערטער, איז געקומען אין באַרירונג מיט הערצלן — און איז אים נאָכגעגאַנגען. דער סקעפּטיקער וואָס האָט נישט דערשאַצט די געוואַגטע טאַטן פון חיבת־ציון, וואָס האָט געחוזק'ט איבער איר נישטיקייט, וואָס האָט נישט געזען דעם קערן וואָס איז אימשטאַנד צו שפּראָצן און וואַקסן — איז געוואָרן אַ גלויביקער ווען ער האָט

געזען הערצלן, ווען ער האָט געהערט זיינע ווערטער, אַריינגעבליקט טיפער אין זיינע פּלענער. ער האָט געגלויבט אין הערצלן און אין פּאָליטישן ציוניזם, אין דער אָרגאַניזאַציע וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אויפן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס, ער האָט זיך באַהאָפטן מיט זיי און פאַרבונדן זיין גורל מיט זייערן.

אַחד העם איז אַרויס פון ערשטן קאָנגרעס אַנטוישט און פאַרבי־טערט, און סאָקאָלאָוו — גלויביק און פול התלהבות ווי אַ חסיד וואָס האָט ענדלעך געפונען זיין רבין, גאָכדעם ווי ער האָט זיך כמעט שוין מתייאש געווען צו געפינען אַ מנהיג און אַ וועג־ווייזער צווישן די אַלע צדיקים וועלכער ער האָט געקענט, און געלערנט זייערע וועגן אין תורה און מעשים. און נישט בלויז דעם רבין זיינעם — אויב מ׳זאָל באַנוצן דאָס לשון פון חסידים — האָט סאָקאָלאָוו געפונען אין הערצלען, נאָר זיין מדינה האָט ער געפונען אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, די מעגלעכקייט זיך פּאָליטיש אויסצולעבן, צו אַנטוויקלען און פאַרפולקומען זיינע פּאָליטישע פעיאַ־קייטן, זיין כוח און קענטעניש אויפצוּוועקן מאַסן, זיי אָרגאַניזירן, פירן צו טאַט און ווערק. סאָקאָלאָוו וואָס האָט אויף די שפּאַלטן פון „הצפירה" טאָג־טעגלעך גערעדט צו זיינע לייענער וועגן וועלט און לאַנד־פּאָליטיק, וועגן קליינע קהלה־פראַגן, וועגן קאַמף מיט אַנטי־סעמיטישע שנאה און בלבולים א.אַ.וו. דער זעלבער סאָקאָלאָוו האָט אָנגעהויבן אויפטרעטן פאַרן צוהערער־עולם פון אַלע פאָלקס־קרייזן און געבראַכט פאַר זיי די בשורה פון ציוניזם.

סאָקאָלאָוו האָט גערן געהאַט צו דערמאָנען יענע פאָלקס־פאַר־זאַמלונגען, די ערשטע אין וואַרשעווער ציוניזם, ווו ער איז געווען דער ראש־המדברים. ס׳איז געווען אַ דערמאָנונג פון דער ערשטער ליבע, דער אָנהויב פון דירעקטער באַרירונג און השפעה אויף די פאָלקס־מאַסן, וואָס אַ טייל פון זיי זענען געווען זיינע לאַנגיעריקע לייענער און אַסך האָבן בלויז געהערט פון אים.

אין זיינע ריידעס אויף יידיש און פויליש איז ער געגאַנגען דעם זעלבן וועג וואָס אין זיינע אַרטיקלען: אויפקלערונג און פּאָפּו־לאַריזאַציע, געלאַסן, פאַרזיכטיק און טריט פאַר טריט דערנענטערט די הערצער. זיין כוח איז געווען נישט אין באַגייסטערן מיט פּאַטעַ־טישע ווערטער אויפן שטייגער פון פאָלקס־רעדנער, נאָר אין דער

פיינער, מיט איראָניע און שאַרפזין דורכגעוועבטער, גייסטרייכער אויפקלערונג, באַלערנדיקער באַלויכטונג און דערציילונג. מיטן כוח פון ציוניזם איז סאָקאָלאָוו געגאַנגען צום פאָלק. זיינע האַרי־זאַנטן האָבן זיך אויסגעברייטערט, זיין פובליציסטישע ארבעט האָט באַקומען שווונג און פאַרנעם.

דער סטיל זיינער און די אַרט פון דער אויפקלערונג האָבן זיך געענדערט: געוואָרן קלאָרער און אויסדרוקספולער, אייראָפּייאישער. זיין פובליציסטישער טאַלאַנט האָט זיך צעבליט, געוואָרן דער ערשטער נאָמען אין דער העברעאישער זשורנאַליסטיק. ער האָט אָבער נישט פאַרגעסן זיין עולם חסידים און פרומע, וואָס זענען געבליבן געטריי דער „הצפירה" און אים, הגם זיי זענען געווען קעגנער פון ציוניזם. הערצל האָט געזוכט וועגן צו דעם דאָזיקן טייל פון פאָלק און געלעגט אַסך האָפנונג אויף סאָקאָלאָווס איינשליסן זיך אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. סאָקאָלאָוו ווענדעט זיך דעמאָלט צו די פרומע „למרנן ורבנן" — אַ ריי אַרטיקלען וואָס זענען שפּעטער אַרויס אין אַ באַזונדער בוך. ער אַנאַליזירט דאָרט די שטרעבונגען פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, אירע טעטיקייטן און פּלענער און די סיבות פאַרוואָס די דאָזיקע קרייזן זענען קעגן איר. אויף זיין שטייגער טוט ער עס, דורך אויפקלערונג און באַלויכ־טונג, געלאַסן און פאָרזיכטיק קלערט ער אויף די מרנן ורבנן, אַז זייער גאַנצע קעגנערשאַפט צום ציוניזם און זיינע וועגן נעמט זיך פון אַ טעות, וואָס אַמאָל איז עס נישט מער ווי אַ שרעקן זיך פאַר אָרדענונג, וויסן, און שיינקייט פון לעבן. אָט די אַרטיקלען האָבן נישט אַרויסגערופן קיין שטורם — ס'איז נישט געווען סאָקאָלאָווס שטייגער אַרויסצורופן שטורמען מיט זיינע ווערטער, זיי זענען אָבער אַריינגע־דרונגען אין די הערצער און מוחות.

מיט יאָרן שפּעטער ווען די חסידים און זייערע צדיקים האָבן געשאַפן אַן אייגענע אָרגאַניזאַציע, האָט מען געקענט הערן אין זייערע פּלענער, טעטיקייט און רייד, אַ שטאַרקן ווידערקול פון סאָקאָלאָווס ווערטער און אויפקלערונגען. דערביי האָט ער נישט פאַרגאַכלעסיקט אויך די קרייזן פון דער יוגנט און אינטעליגענץ. אין די מאָנטיקדיקע פאַרזאַמלונגען און אויף די אסיפות פון די אוניווערזיטעט סטודענטן, האָט ער פּאָפּולאַריזירט די ציוניסטישע

תורה, זיך אויסגעטענה׳עט מיט די קעגנער, קלאָר געמאַכט אירע פּרינציפּן און די וועגן פון איר רעאַליזאַציע.

סאָקאָלאָווס לעבן איז פאַרבונדן געוואָרן מיטן לעבן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. ער איז נאָך נישט אַריין אין דער ציוניסטישער לייטונג. געווען בלויז איר וואָרט־זאָגער, וואָס האָט פּראָפּאַגירט אירע אידייען און זיי אויסגעטייטשט. נישט איינמאָל האָט ער געהאַלטן פאַר ריכטיק אָפּצוקילן די התלהבות פון די גלויביקע וואָס האָבן אויסגעקוקט אומגעדולדיק די באַלדיקע גאולה. ער האָט געהאַלטן אַז קאָנסעקווענטע ציוניסטישע דערציאונג דאַרף ברענגען צום שמידן דעם ווילן פון פאָלק, ער זאָל קענען דורכטראָגן זיין נאַציאָנאַלע באַוועגונגען דורך קריזיסן און נסיונות צום געגאַרטן ציל. ער האָט געפאָדערט קולטורעלע טעטיקייט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, די פאַרשפּרייטונג פון דער העברעאישער שפּראַך. ווען עס איז אויסגעבראָכן דער וויכוח וועגן אוגאַנדע, האָט זיך סאָקאָלאָוו געשטעלט בראש פון די, וואָס האָבן קודם־כל געזאָרגט פאַר גאַנצקייט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און איר אייניקייט. ער האָט געהאַלטן אַז פּלענער אַנטשטיין און ווערן געענדערט אָבער די אָרגאַניזאַציע דאַרף בלייבן גאַנץ און נישט צושטערט. דאָס פאָלק קען אַראָפּבלאָנדזשען פונעם ריכטיקן וועג, אָבער ווען די אָרגאַניזאַציע בלייבט — איז אַלץ געבליבן.

די רוסישע רעוואָלוציע וואָס האָט חרוב געמאַכט די העברעאישע פּרעסע, האָט געצוווּנגען סאָקאָלאָוון צו פאַרלאָזן זיין ווין־אָרט אין וואַרשע. די „הצפירה" האָט אויפגעהערט צו דערשיינען. זי האָט נישט געקענט אויסהאַלטן די קאָנקורענץ מיט די גרויסע צייטונגען אין יידיש. אויך דער עולם פרומע לייענער איז אַוועק פון דער צייטונג, צוליב איר ריכטונג, און באַזונדערס צוליב דעם נייעם גייסט און סטיל אירן. אין אָט דער געזעלשאַפט האָט זיך גענומען אויסבילדן אַ קלעריקאַלע פּאָליטישע פּאַרטיי, וואָס האָט זיך שוין נישט צוגעהערט צו די ווערטער פון סאָקאָלאָוון און האָט אָנגעהויבן אַרויסגעבן אַ צייטונג אין יידיש.

סאָקאָלאָוו איז אַריבער קיין קעלן און איבערגענומען די אַרבעט פון גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער לייטונג, ביי דער זייט פון וואָלפסאָנען. אין קעלן האָט ער געגרינדעט דעם „העולם", וואָס האָט

אים געזאָלט דינען אַלס עקוויוואַלענט פון דער „הצפירה״, האָט אָבער דעם דאָזיקן פּלאַץ נישט פאַרנומען נישט אין סאָקאָלאָווס לעבן נישט אין זיין ליטעראַרישער שאַפונג. דער שריפטשטעלער און זשורנאַליסט, וואָס האָט טאָג־טעגלעך געלאָזט הערן זיין וואָרט פאַרן לייענער פּובליקום איז אַוועקגערוקט געוואָרן אין אַ זייט פאַרן פּאָליטישן עסקן, פאַר דעם מנהיג פון דער אָרגאַניזאַציע.

סאָקאָלאָוו האָט געהאָלפן וואָלפסאָנען אין דער פּאָליטישער אַרבעט, וואָס איז באַנייט געוואָרן נאָכן נצחון פון דער טערקישער רעוואָלוציע אין דעם איבערנעמען די מאַכט דורך די יונג־טערקען. ער איז געגאַנגען מיט אים קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, דאָרט האָט ער זיך באַטייליקט אין די אונטערהאַנדלונגען מיט די נייע הערשער אין טערקיי און האָט געבראַכט די בשורה פון ציוניזם צום ספרדישן יידנטום. אָבער עס האָט נישט לאַנג געדויערט און סאָקאָלאָוו האָט פאַרלאָזט זיין פּאָסטן. ער איז אַריבער קיין בערלין און געוואָרן איינער פון די אָנפירער פון דער ציוניסטישער אָפּאָזיציע. דאָס ערשטע מאָל און אויך דאָס לעצטע מאָל אין זיין לעבן איז סאָקאָלאָוו געוואָרן אַ מיטגליד פון דער אָפּאָזיציע און געקעמפט איר קאַמף. אָבער אויך אין יענע שווערע טעג האָט ער נישט פאַרלוירן זיין גע־לאַסענקייט און פאַרזיכטיקייט. די גאַנצע צייט, וואָס אים איז געווען שווער איבערצוטראָגן, איז ער קיינמאָל נישט אַריבער די באַשטימטע גרענעץ. די דזשענטעלמענישקייט, גענויער געזאָגט, די פּריציש־פּוילישע „פּאַנסקאָשץ״, האָט אים נישט פאַרלאָזן אויך אין די שווערסטע מאָמענטן, ווען ער האָט זיך געפילט שווער באַליידיקט.

די אָפּאָזיציע האָט געזיגט. וואָלפסאָן איז אַוועק געגאַנגען פון דער פירערשאַפט מיטן אייגענעם ווילן, סאָקאָלאָוו איז געוויילט געוואָרן אין דער לייטונג, אין יענעם ענגערן אַקציאָנס־קאָמיטעט אין בערלין, וואָס האָט אַריינגעשריבן דאָס שיינע בלאַט אין דער געשיכטע פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, דאָס איינפירן די העב־רעאישע שפּראַך אַלס למוד־שפּראַך אין די שולן פון ישוב אין ארץ־ישראל. פון דעמאָלט אָן האָט סאָקאָלאָוו נישט פאַרלאָזט די ציוניס־טישע לייטונג ביז די טעג פון ציוניסטישן קאָנגרעס אין לוצערן. די אַנטוויקלונגס־סטאַציעס פון דער ציוניסטישער באַוועגונג זענען ד לעבענס־סטאַציעס פון סאָקאָלאָוון. עס האָט אויסגעבראָכן די וועלט־

מלחמה, ביי די ציוניסטישע מנהיגים און די ציוניסטישע פאָלקס־מאַסן האָבן זיך דערוועקט גרויסע האָפענונגען, וואָס האָבן זיך פאַר־שטאַרקט ווען טערקיי איז צוגעשטאַנען צו דער מלחמה, און דער גורל פון ארץ־ישראל איז געשטעלט געוואָרן אין קאָן. אין אַלע קרייזן פון דער באַוועגונג, באַזונדערס אין די קרייזן פון דער לייטונג, האָט מען דערפילט, אַז עס דערנענטערט זיך דער גרויסער טאָג, אַז עס האַלט ביים שאַפן זיך די גרויסע געלעגנהייט, וואָס מ׳טאָר נישט פאַרזוימען, צו דערגרייכן דעם ציל, וואָס האָט אויסגעזען צו דער־ווייטערן זיך אין די יאָרן פון פאַר דער מלחמה, נאָך אייביקע נישט געלונגענע פרוון אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל.

סאָקאָלאָוו גייט אַריבער קיין לאָנדאָן און צוזאַמען מיט ווייצמאַנען און טשלענאָוו הויבט ער אָן די אויפקלערונגס־אַרבעט און גייסטיקע הדרכה צו געווינען די הערצער פון די מיטגלידער פון דער בריטי־שער רעגירונג, פון די איינפלוס־רייכע פערזענלעכקייטן צווישן יידן, כדי צו שאַפן די נויטיקע באַדינגונגען פאַר פאַרווירקליכן דעם ציוניזם.

ס׳איז נאָך נישט געקומען די צייט זיך געבויער אָפּצושטעלן אויף די אָנשטרענגונגען אין יענע טעג, פעסטצושטעלן דעם פּלאַץ און ראָל וואָס האָט דערפילט יעדער פון די דאָזיקע מנהיגים אונדזערע, און בראַנדייס אין אַמעריקע, ביים צוגרייטן דעם וווּנדער וואָס הייסט: באַלפור־דעקלעראַציע. און די פאַרעפענטלעכונג פון דער באַלפור־דעקלעראַציע איז דאָך געווען בלויז אָן התחלה פון אומגעהויערע אָנשטרענגונגען אין דער פּאָליטיק, קאָלאָניזאַציע און מאָביליזירונג פון די גרויסע מיטלען וואָס זענען נויטיק געווען דערצו. אין דעם אַלעמען איז סאָקאָלאָוו אַנטייל געווען אַ קאָלאָסאַלער. ער באַזוכט די מערב־אייראָפּעאישע הויפט־שטעט און צפון־אַמעריקע, פּאַריז, רוים, וואַשינגטאָן און ניו־יאָרק. פירט אונטערהאַנדלונגען מיט די־רעגירונגען, באַקומט פון זיי דערקלעראַציעס, צושטימונגען צו דער שאַפונג פון דער נאַציאָנאַל־היים, צום מאַנדאַט און זיינע פּאַראַגראַפן, וואָס פאַרזיכערן די דאָזיקע שאַפונג. שפּעטער נעמט ער אויף זיך די שווערע אויפגאַבע צו באַזוכן פאַרשידענע לענדער אין אייראָפּע, אַמעריקע און אַפריקע, כדי צו דערוועקן אַנהענגער פאַרן ציוניזם און מיטלען פאַר דער רעאַליזירונג. ער איז געוואָרן אַ בן־בית אין

אַלע יידישע קבוצים אויף גאָר דער וועלט, אַ בירגער פון יידישן פאָלק אין אַלע יידישע תּפוצות. אומעטום וועקט ער די הערצער, שמידט דעם ווילן פון פאָלק, קלערט אויף און לערנט די ציוניסטישע תּורה. און אין די אינערלעכע ציוניסטישע קאַמפן שטעלט ער זיך תּמיד מן הצד, דערווייטערט זיך פון שאַרפער פּאָלעמיק, וואַרפט אַריין אַ שאַרף ווערטל, אַ געשליפענעם שפּרוך דורכגעדרונגען מיט פיינער, טרעפלעכער איראָניע.

יעדעס מאָל, ווען די געמיטער צעוואַרעמען זיך און די פּאָלעמיק גייט אַריבער די גרענעץ, לאָזט סאָקאָלאָוו הערן זיין געלאַסן און געוויגן וואָרט; עס איז אַ פיינער געמיש פון קלוגע דערפאַרענקייט, אַ גינציק־פּאָטערלעכע איראָניע וואָס טרעפט אין פּינטל אָבער באַליי־דיקט נישט, אַן אַדעליקער סקעפּטיציזם פון אַ שיין־גייסט, וואָס איז נישט ביליקער חוזק נאָר העכערע חכמה. און ועל־כּולם — אַ שטאָל־פעסטע זיכערקייט איבער ענטגילטיקן נצחון פון ציוניסטישן אמת. אָבער עס זענען געווען מאָמענטן ווען אָט די העכערע רו האָט אים, סאָקאָלאָוון, פאַרלאָזן, און דעמאָלט איז ער געווען פול זאָרג, צאָרן און קאַמף־גייסט. אַזוי איז עס געווען אין די טעג פון געראַנגל פאַר אונדזערע רעכט אין דער תּקופה פון פּאַספּילד׳ן. דעמאָלט האָט מען געקענט הערן פון זיין מויל פּראָטעסטן און פאָדערונגען וואָס האָבן איבעראַשט מיט זייער ראַדיקאַליזם. און אין דער גאַנצער צייט האָט קיינער נישט געפילט אַז ער עלטערט זיך. געווען יונג, פריש, פול ענערגיע און אַרבעט־לוסט. אין די לעצטע יאָרן האָט ער צוריקגעקערט צו זיין זשורנאַליסטישער אַרבעט — זיין ליטעראַרישע אַרבעט האָט ער אַפילו אויף קיין איין מאָמענט נישט איבערגעריסן — ער האָט אָנגעהויבן ווידער לאָזן הערן זיין וואָרט פון די צייטונג־שפּאַלטן און אין זיינע אַרטיקלען האָט מען געפילט ווי עס וואָלט ווידער ביי־אויפגעלעבט די בלי־צייט פון זיין זשורנאַליסטישער אַרבעט אין וואַרשע, פאַרן פאַרמאַכן די „הצפירה״. די זעלבע קלאָר־קייט און פרישקייט, דער זעלבער גלענצענדיקער אויפקלערער און פּאָפּולאַריזאַטאָר.

סאָקאָלאָוו איז אַוועק געוואָרן פון דער אַרבעט, ווי אַ קאָמאַנדיר וועמען די קוגל פון פיינט האָט צוריסן דאָס האַרץ, בעת ער איז געשטאַנען און געגעבן זיינע באַפעלן און אָנווייזונגען, אומ־

אונטערבראָכן, ביז דער לעצטער מינוט. ער האָט זיך געגרייט פאָרן קיין דרום־אַמעריקע, זיך צוגעגרייט צו ליטעראַטור־ארבעטן, געאַר־בעט שווער צו ענדיקן זיין לעבענס־ווערק, דאָס גרויסע ווערטער־בוך פון דער לעבעדיקער העברעאישער שפּראַך, און אָט איז געקומען דער טויט און אים פון דעם אַוועקגערויבט. אין אָט דעם קאָנגרעס, וואָס שטייט פאַר גרויסע אַנטשיידונגען, איז זיין פּלאַץ אַ ליידיקער.

די שטול פון פּרעזידיום שטייט ליידיק, פאַריתום׳ט. זיין שטיל און אַדעליק געזיכט, קאָנצענטרירט אין אויסהערן די ווערטער פון די רעדנער, זעט מען נישט מער אין קאָנגרעס. פאַרשוווּנדן די טייערע געשטאַלט, דער סימבאָל פון אומאונטערבראָכענער אַרבעט, וואָס האָט נישט אַוועקגעלייגט די פעדער פון האַנט און האָט פאַרצייכענט און פאַרשריבן אַלץ אינעם נאָטיץ־בוך, וואָס איז געלעגן אָפן פאַר אים. עס וועט זיך שוין מער נישט הערן זיין רואיקע און באַרואיקענדיקע שטים אין שטורם פון דער דעבאַטע, ער וועט נישט מער ווייכער מאַכן די קעגענזאַצן, נישט גוטמוטיק שפּאַסן איבער געמאַכטן פּאַטאָס און קינסטלעכע התלהבות, וואָס זענען אויסן צו פאַרדעקן דעם מאַנגל פון געדאַנקען און שוואַכקייט פון ווילן. פאַריתום׳ט געוואָרן דער קאָנגרעס, פאַריתום׳ט געוואָרן די באַוועגונג, און מיט איר דאָס יידישע פאָלק.

*

אָט די ווערטער האָב איך געזאָגט אין יאָר תרצ״ז אין אַ געדענק־ריידע אויפן צוואַנציקסטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין ציריך. אין יענער צייט האָבן מיר זיך שווער געראַנגעלט אינעם טראַגישן פּראָב־לעם פון דער טיילונג פון ארץ־ישראל. צום ערשטן מאָל האָט זיך באַוויזן פאַר אונדז אין האָריזאָנט די ממשותדיקע געשטאַלט פון אַ יידישער מדינה אין אַ טייל פון ארץ־ישראל. מיר האָבן געפילט דאָס פעלן פון סאָקאָלאָוו. ער האָט תמיד פאַרשטאַנען ווי אויסצושיילן דעם קערן פון יעדן ענין, באַזייטיקן דעם ראָמאַנטישן שלייער, צעשטרייען דעם וואָלקן פון סברות און פלפולים. זיין ניכטערער אַנאַליז פלעגט אונדז תמיד אַרויסהעלפן ביים אָננעמען אַ פאַסיקע אַנטשיידונג אין שווערע גורלדיקע פראַגן.

דעמאָלט, אין די טעג פון אינערלעכן געראַנגל, איז אונדז נישט געקומען אויפן געדאַנק אַז מיר שטייען אויפן שוועל פון דער צווייטער

וועלט־מלחמה, אַז דער עצם־פּראָיעקט וועגן טיילן דאָס לאַנד איז איינע פון די סימפּטאָמען פון ערב־מלחמה. און אָט איז אין צוויי יאָר אַרום אויסגעבראָכן די מלחמה, וואָס איז געווען אַ פאַרטיליקונגס־מלחמה פאַר יידן. די פּוילישע יידן — דער געבוירן־שטאַם פון סאָקאָלאָוו — זענען געווען די ערשטע קרבנות פון דערנידערונג און מאָרד און די לעצטע קרבנות פון דער שחיטה און פאַרטיליקונג. פּוילן איז געוואָרן דער טאָל פון טויט און אומקום פאַר מיליאָנען פּוילישע יידן און אויך פאַר מיליאָנען יידן פון מערב או מיטל אייראָפּע און אַנדערע לענדער. זייער בלוט האָט זיך צונויפגעגאָסן אין דער גרויסער עקדה פון רומרייכן טויזנטיעריקן יידישן ישוב אין פּוילן. נישטאָ מער דאָס פּלאַצק, ווו סאָקאָלאָוו האָט פאַרבראַכט זיינע קינדער און יוגנט־יאָרן, ליידיק איז פּלאַצק פון אירע יידן. מ׳זעט זיי נישט מער דאָרט לויפן פאַרהאַוועטע, פאַרזונקען אין מחשבות, מיד און פאַרמאַטערט זוכענדיק אַ שטיקל ברויט צו פאַרדינען פאַר זייער הויזגעזינד. מ׳זעט נישט מער די קינדער לויפן יעדן פרימאָרגן אין די פאַרשיידענע שולן לערנען, מ׳הערט נישט מער זייערע פריידיקע קינדישע קולות. פאַרטרויערט און פאַריתומ׳ט זענען די ווענט אין די בתי־כנסיות און בתי־מדרשות אין „מנינים” אפילו אין די שבת׳דיקע טעג; אויסגעליידיקט די וואַרשטאַטן פון יידישע בעלי־מלאכה׳ס, מ׳הערט נישט קיין שטים פון אַ יידישן אַרבעטער און האַנטווערקער. נישטאָ מער קיין יידישע יוגנט, יידישע בחורים און מיידלעך אין פּלאַצק, אַלע האָט מען אויסגעמאָרדעט אָדער זענען פאַרפייניקט געוואָרן אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן און קאַטאָרגע־אַרבעט.

און דאָס וואַרשע, אַ עיר־ואם־בישראל, ווו סאָקאָלאָוו האָט געלעבט און געווירקט, דערוואָרבן און אַנטוויקעלט זיינע ברייטע און טיפע קענטענישן, אין איר זענען זיינע גרויסע טאַלענטן רייף געוואָרן, געזאַמעלט אוצרות פון געדאַנקען און אידייען און זיי צום אויסדרוק געבראַכט, געלערנט און פאַרשפּרייט תורה און וועלטלעכע בילדונג צווישן די מאַסן, פּראָפּאַגירט השכלה און ציוניזם, געפלאַנצט ליבע צום פּשוטן יידישן פאָלקס־מענטשן — אָט דאָס וואַרשע סאָקאָלאָווס איז נישטאָ מער, עס איז חרוב געוואָרן. פאַרוויסט געוואָרן די גאַסן וואָס האָבן געראַשט פון אַלע מינים יידן. נישטאָ מער קיין

יידן אין וואַרשע. געבליבן בלויז אָרעמע נישטיקע רעשטלעך וואָס באַהאַלטן זיך אויס, פאַרבאָרגן זייערע יידישע נעמען און יידישע פּנימער, פאַרפרעמדן זייער צונג און זייערע יידישע הערצער, פאַרן „זכות" צו קענען לעבן אַן אַנאָנים און מאַסקירט לעבן, און פאַרדינען זייער שטיקל ברויט אויף דער פּוילישער ערד. אָט דאָס וואַרשע פון סאָקאָלאָוון, וואָס האָט געזען איר טייערן זון וואָס האָט דערהויבן און באַרימט געמאַכט איר נאָמען אין אַלע ווינקעלעך ווו עס לעבן יידן אויף גאָר דער וועלט, וואָס האָט מקבל פּנים געווען סאָקאָלאָוון ווען ער איז צוריקגעקומען צו איר ווי אַ באַרופענער און געאַכטעטער יידישער מנהיג, אַזוי ווי מ'נעמט אויף אַ באַליבטן און ערווירדיקן מנהיג וואָס מ'איז שטאָלץ אויף אים — אָט דאָס וואַרשע איז אומ־געקומען און נישטאָ מער.

נאָכן חורבן פון פּוילישן יידנטום איז די געשטאַלט פון סאָקאָ־לאָוון דערהויבן געוואָרן צו אַ סימבאָל פון אָט דעם יידנטום — דער סימבאָל פון פּקחות'דיקער פּשטות, בעל־בתישער געלאַסענקייט, אומווילן קעגן יעדער עקסטרעמיטעט, קעגן איבערגעטריבענעם פאַנאַטיזם; אַ סימבאָל פון אַדעליקייט וואָס זי האָט געלערנט ביי די פּאָליאַקן, אָבער געלייטערט פון יעדן צומיש פון פּוסטער גאווה, וואָס דערוויטערט זיך פון צעיאַכמערטער טומעלדיקייט, וואָס האָט אָפּשיי קעגן גראָבקייט און פילט זיך געטראָפן פון חוצפּה וואָס רייסט זיך צום אויבנאָן. אָט די אייגנשאַפטן זענען געקומען צום אויסדרוק אין סאָקאָלאָוון מער ווי ביי יעדן אַנדערן פון די הויפּט־אָנפירער פון דעם פּוילישן יידנטום אין די לעצטע דורות פאַר דעם אומקום און חורבן.

באַגעגענישן

א.

מיר האָבן אים גערופן „הער רעדאַקטאָר", און אָט דעם נאָמען האָט ער כל ימיו מער ליב געהאַט פון אַלע נעמען און טיטלען מיט וועלכע ער איז באַשאָנקען געוואָרן. כ'געדענק, על־פּי־טעות האָב איך איינמאָל, ווען ער איז שוין געווען פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, אָנגערופן: „הער רעדאַקטאָר" אָנשטאָט „הער פּרע־זידענט", ווי איך בין געוווינט אים צו רופן אין פּוילן. ווען

כ׳האָב מיך צוריקגעכאַפּט און געוואָלט אויסבעסערן דעם טעות מיינעם, האָט ער אַ זאָג געטון: „מ׳דאַרף נישט אויסבעסערן, רוף מיך ווייטער אַזוי". כ׳האָב פאַרשטאַנען ווי ווייט באַליבט עס איז אים דער נאָמען, וואָס האָט אים דערמאָנט זיין וועלט אין וואַרשע, אין יענע יאָרן, ווען ער האָט טאָג־טעגלעך פון זיין טריבונע, די „הצפירה", געלערנט, געפּרעדיקט, און אויפגעקלערט, יענע טעג זענען געווען ביי סאָקאָלאָוון ווי די טעג פון ערשטער ליבע, פרישע מיט ליכט באַגאָסענע פרילינגס־טעג, צו וועלכע דער מענטש קערט זיך אום אין זכרון פון צייט צו צייט.

ווען כ׳בין געקומען קיין וואַרשע נאָכן ענדיקן דאָס גימנאַזיע אין פלאָצק, וווּ סאָקאָלאָוו האָט פאַרבראַכט זיינע יוגענט־יאָרן האָב איך אים געזען אין זיין גלאַנץ־תקופה: אַ שריפטשטעלער און רע־דאַקטאָר וואָס ווייסט אַז זיינע ווערטער האָבן אַ געהער, וואָס פילט אַז ער האָט באַקומען אַ נייע אויפגאַבע פּאָפּולער צו מאַכן דעם וועג פון פּאָליטישן ציוניזם, דעם וועג פון הערצלען וואָס האָט פאַר־כאַפּט דאָס האַרץ פון סקעפּטיקער און צווייפלער. ער האָט דעמאָלט דערגרייכט דעם הויך־פּונקט אין זיין זשורנאַליסטישער קאַריערע, זיין סטיל איז ווי באַנייט געוואָרן, מ׳האָט געשפּירט אַז ענדלעך האָט ער געפונען דעם ריכטיקן פּלאַץ זיינעם, און ער זעט זיין צוקונפט אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

ערשט אין דער מחיצה פון הערצלען אין דער ציוניסטישער אָר־גאַניזאַציע איז סאָקאָלאָוו אויסגעוואַקסן צו דער הויך צו וועלכער ער איז געווען באַשטימט לויט זיין טאַלענט, באַגאַבטקייט, אַלזייטי־קייט און אייראָפּייאישן פאַרנעם פון זיין פערזענלעכקייט.

אין פלאָצק האָב איך נישט געהערט צו די לייענער פון „הצפי־רה". ביי אונדז אין שטוב האָט מען געלייענט דעם „המליץ". די העברעאישע ליטעראַטור, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אויפן באַזיס פון „חיבת־ציון" האָט געשטילט מיין דורשט צום יידישען געפיל און געדאַנק. זי האָט מיך אריינגעפירט אין דער יידישער וועלט. סאָקאָלאָוו און זיין „הצפירה" וואָס האָבן, אין יענע יאָרן זיך אָריענ־טירט דער עיקר אויפן העברעאישן לייענער וואָס איז דערצויגן געוואָרן אין בית־המדרש און ישיבה, משכילישע בעלי־בתים און חסידישע יונגע־לייט וואָס האָבן ליב געהאַט צו כאַפּן אַ בליק אין דער

אויסערלעכער וועלט אַריין, און סאָקאָלאָוו האָט פּאַר זיי געעפנט אַ פענצטערל אַהין — האָט נישט צוגעצויגן די הערצער פון די יונגע מיינסגלייכן, וואָס האָבן קיינמאָל נישט פאַרזוכט דעם טעם פון „חדר״, ישיבה און בית־המדרש. דעם ענטפער אויף אונדזערע ספקות און פּראָבלעמען פלעגן מיר געפינען נישט אין זיינע אַרטיקלען און ליטעראַרישע זאַמלונגען, נאָר אין די אַרטיקלען פון אַחד־העם אין די זאַמעל־ביכער „הפּרדס״ און שפּעטער אין „השלוח״.

ווען כ׳בין געקומען קיין וואַרשע און כ׳בין אַריין אינעם ציוניס־טישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן, וואָס האָב זיך דעמאָלט אָנגעהויבן דאָרט צו אַנטוויקלען, האָב איך געפונען אַן אָרט פאַר מיר אין דעם קרייז וואָס האָט זיך גרופּירט אַרום י. ל. פּרץ און אין די „אינטעלי־גענטיש״ ציוניסטישע פאַריינען בראש פון וועלכע עס איז געשטאַנען ד״ר לוריאַ. דאָס איז געווען מיין ליטעראַרישע און ציוניסטישע שול. מיט סאָקאָלאָוון פלעג איך מיך באַגעגענען אויף די סטודענטישע פאַרזאַמלונגען אין פאַריין „ספרות״ — אַ סאָרט דיסקוסיע־קלוב — אויף שרייבער פאַרזאַמלונגען און אויף ציוניסטישע פאָלקס־פאַרזאַמלונגען, וווּ ער איז אָפט געווען איינער פון די הויפּט־רעדנער. כ׳האָב אויך געהאַט דעם זכות צו ווערן איינגעלאַדן צו די מאָנטיקדיקע פאַרזאַמלונגען, וואָס ער פלעגט איינאָרדנען אין זיין הויז, אין וועלכע עס פלעגן זיך באַטייליקן די „שפּיצן״ פונעם אינטעלעקטואַלן יידישן וואַרשע.

אָט די פאַרזאַמלונגען זענען געווען אַנדערש ווי די צוזאַמענ־קונפטן ביי פּרץ אין הויז. ס׳איז נישט געווען אין זיי קיין פשטות און אינטימקייט, מיט וועלכע די לעצטע האָבן זיך אויסגעצייכנט.

אויך סאָקאָלאָוו פלעגט אונדז מקרב זיין און גערן געזען אין זיין געזעלשאַפט. מיר האָבן אָבער קיינמאָל נישט פאַרגעסן די דיס־טאַנץ צווישן אונדז און אים. אויף די פאַרזאַמלונגען ביי סאָקאָלאָוון פלעגן מיר דעבאַטירן איבער אַלע פראַגן וואָס זענען דעמאָלט געשטאַנען אויף דער טאָג־אָרדנונג אין ציוניזם. געווען אויך שאַרפע וויכוחים און היציקע פּאָלעמיק. אָבער סאָקאָלאָוו פלעגט אונדז איינשטילן מיט אַ לייכטן שפּאַסיקן טאָן, מיט אַ גלייכווערטל, אַזוי אַז באַלד נאָכדעם האָט אונדז באַהערשט אַ געפיל פון פאַר־שעמטקייט, וואָס פלעגט אונדז נישט אָפּלאָזן עטלעכע טעג.

ווען כ׳האָב אָנגעהויבן באַטייליקן זיך אין אַט די פאַרזאַמלונגען, זענען שוין דעמאָלט געהאַט פאַרבײַ די טעג פון שטורמישע וויכוחים, וואָס זענען אַנטשטאַנען צוליב דעם דערשײַנען פון הערצלען אין ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס, וועגן קיום פון יידישן פאָלק און זײַן האָפענונג אויף גאולה. די אַסימילאַטאָרן פון דער העכערער שיכט פון דער יידישער אינטעליגענץ, וואָס סאָקאָלאָוו האָט געווירקט צווישן זיי אַ גאַנצע תקופה — מיט פּרצ׳ן און אַן אים — האָבן זיך דערווייטערט פון אים און אויפגעהערט צו באַזוכן זײַן סאַלאָן. בלויז ד״ר נוסבוים וואָס איז געווען באַקאַנט אַלס פאַנאַטיקער אַסימילאַנט, דער זעלבער וואָס האָט זיך אויף די עלטערע יאָרן געשמד׳ט כדי זיך פולשטענדיק צו אַסימילירן — ער אליין איז געבליבן; און אויב מײַן זכרון פאַרפירט מיך נישט, בין איך געווען דער גורם וואָס אויך ער האָט זיך דערווייטערט. כ׳בין שאַרף אַרויסגעטרעטן קעגן די יידיש־פּוילישע אַסימילאַנטן און ער האָט זיך געזען באַליידיקט אין זײַנע פּאַטריאָטישע פּוילישע געפילן, ער איז אויפגעשטאַנען און דערקלערט אַז ער קען נישט זיצן צוזאַמען מיט מענטשן וואָס ריידן אין זײַן אָנוועזנהייט אַזעלכע ווערטער.

מיט אַ שפּאָטישן שמייכל האָט סאָקאָלאָוו אויסגעהערט זײַנע רייד, אים נישט געמאַכט קיין פאָרוואורף און אויך נישט באַמיט אים איבערצובעטן און באַרואיקן. ער איז, זעט אויס, שוין אויך מיד געוואָרן איבערצוטראָגן די „פּוילישע" פילבאַרקייט פון די אַסימילאַטאָרן, וואָס האָבן געזען אין שאַרפע קריטיק קעגן זייער שיטה אַ שווערע באַליידיקונג פון זייערע הייליקסטע געפילן.

מיר זענען פון דעמאָלט אָן געבליבן אין סאָקאָלאָווס סאַלאָן אין דער „אייגענער משפחה" ציוניסטן נאַציאָנאַלע יידן, אידייאיש נאָענטע. די וויכוחים האָבן נישט געטראָגן מער קיין שאַרפן פּאָלעמישן כאַראַקטער. געווען חילוקי־דעות צווישן די אָנוועזנדיקע, אָבער אין גרונט־פראַגן, ווי דער קיום פון יידישן פאָלק און זײַן שטרעבונג צו נאַציאָנאַלער אויפלעבונג וואָס מוז קומען איז געווען אַן אַלגעמיינע הסכמה. מיר יונגע האָבן זיך באַטייליקט אין די וויכוחים בלויז זייער זעלטן. מיר האָבן זיך צוגעהערט און געלערנט און דער רעספּעקט פאַר די דיסקוטירענדיקע האָט אונדז אויפגעצוווּנגען דאָס שווײַגן. כ׳געדענק אָבער, אַז איינמאָל האָט אויסגע־

בראָכן אַ פּאָלעמיק צווישן מיר און צווישן סאָקאָלאָוון און פּרצ׳ן. די זאַך איז געבליבן ביי מיר אומקלאָר ביז היינט. די פּרטים זענען פאַרשוווּנדן פון מיין זכרון און ס׳איז מיר פאַרבליבן בלויז דער רושם, אַז בעת כ׳האָב גערעדט מיט גרויס התלהבות וועגן דער באַציאונג פון יידישן פאָלק צו דער יידישער רעליגיע און כ׳האָב געזאָגט, אַז דאָס יידישע פאָלק דאַרף אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם עול פון דער רעליגיע און ווערן אַ וועלטלעך פאָלק ווי אַלע אַנדערע פעלקער אויף דער וועלט, האָבן אָנגעהויבן ביידע, סאָקאָלאָוו און פּרץ, מיר דערקוטשען מיט פאַרשיידענע פראַגעס, ביז כ׳בין געוואָרן ווי צעמישט און נישט געוווּסט וואָס כ׳האָב צו ענטפערן, און כ׳בין געווען אויפגערעגט און פאַרשעמט. כ׳האָב דעמאָלט נישט פאַרשטאַנען זייערע טענות און נאָך וועניקער דעם מיין זייערן, ווייל ביידע זענען דאָך געווען פריידענקער און געהאַט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם עול פון די רעליגיעזע מצוות. פונדעסטוועגן האָבן זיי ווייזט אויס נישט געקענט זיך פאָרשטעלן די עקזיסטענץ פון יידישן פאָלק אָן אַ פאַרבינדונג צו זייערע אייביקע גייסטיקע ווערטן, וואָס זיי האָבן געפונען אין דער יידישער רעליגיע, אין דעם דאָזיקן יידנטום, וואָס יעדער פון זיי האָט געהאַט אַן אַנדערע אָנשויאונג אויף אים. די „מאָנטיקדיקע פאַרזאַמלונגען" זענען איבערגעריסן געוואָרן צוליב אַ רעוויזיע וואָס די פּאָליציי האָט געמאַכט אין סאָקאָלאָווס הויז און אין די הייזער פון אונדזערע וואָס פלעגן זיך באַטייליקן אין די פאַרזאַמלונגען. ס׳איז געווען די תקופה פאַר דער רעוואָלוציע אין יאָר 1905. די רוסישע געהיים־פּאָליציי האָט געהאַלטן אַ וואַכזאַם אויג און האָט חושד געווען אַלע קרייזן וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, טאָמער זענען זיי מיטבאַטייליקט אינעם צוגרייטן די רעוואָלוציע. אַוודאַי האָבן די קרייזן פון דער אינטעליגענץ געהאַט זייערע פאַרבינדונגען און באַציאונגען צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. אייניקע פון די אַנטייל נעמער אין די „מאָנטיק־פאַרזאַמלונגען", וואָס מ׳האָט גערופן אויף אַן אויספאָרשונג אין דער פּאָליציי, האָבן נאָך דעם דערציילט, אַז זיי האָבן זיך געוווּנדערט אויף די פראַגעס וואָס מ׳האָט זיי געפרעגט; פון די פראַגעס האָט מען געקענט דערקענען אַז דער פּאָליציי איז געווען באַקאַנט אַלץ

וואָס מ׳האָט גערעדט אויף די פאַרזאַמלונגען, די נעמען פון די רעדנער און זייערע מיינונגען. מ׳האָט גאָרנישט געטון די אָנטייל־נעמער אין די פאַרזאַמלונגען, אָבער זיי האָבן אָנגעוווירן דעם חן זייערן, און נאָך אַ קורצער צייט זענען זיי איבערגעריסן געוואָרן. ביז היינט איז נישט באַקאַנט, אויף וואָס פאַר אַן אופן און וועג זענען אָנגעקומען צו דער געהיים־פּאָליציי אַלע גענויע אינפאָרמאַ־ציעס וועגן די „מאַנטיק פאַרזאַמלונגען" אין סאָקאָלאָווס סאַלאָן.

כ׳האָב מיך באַגעגענט מיט סאָקאָלאָוון אויך אויף די סטודענטישע פאַרזאַמלונגען. מיר האָבן געהאַט אַ פאַריין פאַר לערנען יידישע געשיכטע וואָס מיר האָבן גערופן מיטן נאָמען: „ספרות", עס פלעגן דאָרט פאָרקומען רעפעראַטן און וויכוחים. כ׳געדענק איין רעפעראַט נאָך וועלכן דער וויכוח האָט זיך געצויגן איבער אַ חודש, עס האָבן זיך אין אים באַטייליקט די אָנגעזעענסטע מענטשן צווישן דער וואָר־שעווער יידישער אינטעליגענץ. אויך סאָקאָלאָוו האָט זיך באַטייליקט אין וויכוח און אויך עטלעכע חברים פון יידישן סאָציאַליסטישן לאַגער, וואָס זענען שפּעטער געשטאַנען בראש פון דער רעוואָלוציאָ־נערער באַוועגונג און אייניקע אויך פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג. ס׳איז מיר אויסגעקומען צו הערן, נאָך סאָקאָלאָווס אויפקלע־רונגען איבער פּאָליטישן ציוניזם, אַנאַליזירנדיק די אומשטענדן און באַדינגונגען, וואָס גיבן האָפנונג פאַר דער רעאַליזירונג פון ציוניס־טישן געדאַנק, ווי דער וואָרט־פירער פון די סאָציאַליסטן האָט געמוזט מודה זיין, אַז עס זענען פאַראַן אין דער יידישער געזעלשאַפט געוויסע קרייזן, וועלכע וואָלטן געקענט דינען אַלס מאַטעריאַל פאַר קאָלאָ־ניזאַציע אין ארץ־ישראל וואָס וואָלט געבראַכט נוצן סיי זיי, סיי פוילן און דער גאַנצער מענטשהייט. אין דער רעספּעקטפולע באַציאונג פונעם אָנפירער פון דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי צו סאָקאָלאָוון און זיינע זאַכלעכע און אינטערסאַנטע אויספירונגען האָב איך געלערנט, אַז טראָץ דעם שאַרפן אַנטאַגאָניזם צווישן די פאַרטייען ביי זייער אויפטרעטן אין דער עפנטלעכקייט, איז מעגלעך אַן אַנדערע, אַ מער זאַכלעכע און פאַרשטענדנישפולע באַציאונג צווישן די אָנפירער פון די פאַרטייען צווישן זיך.

מיר האָבן זיך באַגעגענט מיט סאָקאָלאָוון אויף אַסיפות און קאָנפערענצן אינעם „ענגלישן זאַל" אויף נאָווינאַרסקי גאַס. סאָקאָ־

לאָוו פלעגט ליב האָבן צו דערציילן וועגן דעם „זאַל” ווען ער פלעגט דערמאָנען די ערשטע טעג פון ציוניזם אין וואַרשע. ס'איז געווען אַ זאַל פאַר שמחות און חתונות און ס'פלעגן דאָרט איינגעאָרדענט ווערן ציוניסטישע פאָלקס־פאַרזאַמלונגען אין דער פאָרם פון תנאָים אָדער חתונה שמחות קעגן „אַן עין־הרע” פון דער פאָליציי. די פאָליציי האָט געוווסט וועגן דעם און האָט אַוועק געקוקט, זי האָט עס געהאַלטן פאַר בעסער אַז יידן זאָלן עוסק זיין אין ציוניזם און ארץ־ישראל ענינים איידער זיך פאַרנעמען מיט סאָציאַליזם און רעוואָלוציע. מ'האָט נישט געקענט דערלויבן קיין עפענטלעכע ציוניסטישע פאַרזאַמלונג אין יענע יאָרן, ווייל דאָס געזעץ האָט בכלל נישט דערלויבט איינצואָרדענען אַסיפות און מ'האָט געמוזט אָנקומען צו אַזעלכע מיטלען און וועגן איינצואָרדנען אַ פאַרזאַמלונג.

סאָקאָלאָוו איז אָפט געווען דער ראש־המדברים אויף די דאָזיקע פאָלקס־פאַרזאַמלונגען. ער האָט גערעדט אַ פשוטן פאָלקס יידיש וואָס איז געווען ווייט פון דער אינטעליגענטער יידישער שפּראַך פון פרצ'ן און אויך פון דער אַגיטאַציע און דיסקוסיע שפּראַך וואָס עס האָבן אַריינגעבראַכט אין דער יידישער גאַס דער „בונד” און שפּעטער אויך מיר, יונגע ציוניסטן, ווען מיר האָבן אָנגעהויבן אונדזער טעטיקייט אין די קרייזן פון בעלי־מלאָכה און אַרבעטער.

די ווערטער פון סאָקאָלאָוון זענען געווען קלאָר און נאָענט צום פאַרשטאַנד און געפיל פון די צוהערער. מ'האָט געקענט נישט איינמאָל, אין זיי הערן אַ שפּאַסיקן טאָן פון אַ תלמיד־חכם אַ פיקח, וואָס לאָזט זיך נישט מיטרייסן און ווערט נישט נתפעל פון סתם ווערטער וואָס ווערן טאַקע הויך און שטאַרק אויסגעשריען האָבן אָבער בלויז אַ לייכטן אָדער גאָר אַ נישטיקן תוכן. ער האָט נישט געקענט „פּראָדוצירן” באַגייסטערונג און התלהבות דורך פּאַטעטישע אויסגעשרייען; ער איז געווען דער מייסטער פונעם פיינעם געשליפענעם וואָרט. כ'דערמאָן מיך אין אַ וויכוח וור עס איז געשטעלט געוואָרן די פראַגע, פאַר וואָס באַטייליקן זיך די אין פוילן געבוירענע יידן אַזוי וועניק אין דער ציוניסטישער אַרבעט, און די גאַנצע ציוניסטישע אַרבעט ווערט געטון דער עיקר דורך ליטווישע יידן וואָס האָבן איינגעוואַנדערט קיין פוילן. מ'האָט דערמיט געגעבן אָנצוהערן אַז דער ציוניזם איז כלומר'שט „אַ פרעמדער ליטוואַקישער געוווקס” אינעם פוילישן

יידנטום. דאַרויף האָט סאָקאָלאָוו געענטפערט: „יאָ, אַזוי איז עס טאַקע, אַ דייטשער ייד אין ענגלאַנד איז אַ ציוניסט, אַ רוסישער ייד אין פוילן איז אַ ציוניסט, פונקט ווי אַ פוילישער ייד אין דייטשלאַנד פראַנקרייך אָדער ענגלאַנד".

כ'האָב אויפן אָרט, הערנדיק די ווערטער מיר נישט אָפּגעגעבן קיין דין־וחשבון וועגן דער טרעפלעכקייט און ריכטיקייט פון די ווערטער. ערשט ווען כ'האָב שפּעטער געררייזט און זיך באַקענט מיט די יידישע ישובים אין פאַרשיידענע לענדער און מיט דער ציוניסטישער באַוועגונג דאָרט, האָב איך געזען וואָס פאַר אַ טיפער אמת עס ליגט אין אָט דעם פיינעם וואָרט וואָס איז געפאַלן פון סאָקאָלאָווס מויל אַזוי כלאַחר־יד, און אפשר ווייניקע פון די דיסקוּ־טאַנטן האָבן זיך דאַפון אַ רעכנונג אָפּגעגעבן.

ב.

כ'האָב נישט אָנגעהויבן מיין קאַריערע אין דער פּרעסע אין דער „הצפירה". סאָקאָלאָוו האָט מיר נישט פאָרגעשלאָגן מיטצואַר־בעטן אין זיין צייטונג. אויך איך האָב אים נישט קיינמאָל פאָרגע־שלאָגן מיך אַריינצונעמען אין דער צייטונג. מיינע ערשטע רעדאַק־טאָרן זענען געווען ד"ר לוריאַ, דוד פרישמאַן און פּראָפ. קלויזנער. אָבער צוויי מאָל האָב איך געשיקט מיינע אַרטיקלען אין דער „הצפירה" און ביידע מאָל נישט באַזונדערס מצליח געווען. ביים ערשטן מאָל האָט דער אַרטיקל באַהאַנדעלט די פראַגע פון נאָכגעבן די פאָדערונגען פון די פרומע יידן. ס'האָט פּאַסירט אַז מיין חבר נחום סירקין האָט אָנגעהויבן ריידן העברעאיש אויף איינער פון די ציוניסטישע פאָלקס־פאַרזאַמלונגען. איינער פון די צוהערער האָט אים איבערגעריסן מיט אַ געשריי, אַז מ'טאָר נישט ריידן העברעאיש אין הוילן קאָפּ. סירקין האָט, ווייזט אויס, נישט געוואָלט דערצערנען זיינע צוהערער און האָט צוגעדעקט זיין קאָפּ. כ'האָב געהאַלטן אַז דאָס איז אַ האַנדלונג קעגן פרייהייט פון געוויסן, און כ'האָב אָנגע־שריבן אַן אַרטיקל פול פאַרביטערונג און אים געשיקט אין דער „הצפירה". דער אַרטיקל איז נישט געדרוקט געוואָרן, און איך האָב נישט געפרעגט פאַרוואָס. דער צווייטער אַרטיקל וועגן אוגאַנדע־פּראָיעקט, האָט אַנטהאַלטן שאַרפע ווערטער קעגן הערצלען און האָט

זיך באַמיט צו באַווייזן אַז דער אוגאַנדע־פּראָיעקט וועט מוזן ברענגען צו פאַרלאָזן ארץ־ישראל. דער אַרטיקל האָט יאָ זוכה געווען געדרוקט צו ווערן, אָבער סאָקאָלאָוו האָט אים פאַרזען מיט אַ שפע פון באַמערקונגען און באַוואָרענישן, אַזוי אַז ער האָט אויסגעזען ווי אַ בלאַט גמרא מיט פּירושים און באַמערקונגען.

סאָקאָלאָוו האָט מיך איינגעלאַדן מיט צו אַרבעטן אין דער אַלגעמיינער ענציקלאָפּעדיע, וואָס ער האָט געמאַכט פאַרבערייטונגען אַרויסצוגעבן. כ׳האָב מיך באַטייליקט אין דער טעכנישער אַרבעט. אָבער דאָס האָט נישט לאַנג געדויערט, ווייל דער גאַנצער ענין איז ליקווידירט געוואָרן ווייל דער נדבן אין דרום־אַפריקע האָט חרטה געהאַט פון זיין הבטחה און האָט נישט געשיקט מער קיין געלט, נאָכדעם ווי דער ערשטער סכום וואָס ער האָט געגעבן איז פאַר־צערט געוואָרן אין משך פון אַ קורצער צייט.

ס׳איז געווען איינער פון די שווערסטע קריזיסן וואָס סאָקאָלאָוו האָט דורכגעמאַכט. ס׳האָט מיר וועגן דעם דערציילט דער פאַרשטאָר־בענער פּאָדלישעווסקי, וועלכע איז געווען איינער פון די באָענטע פריינט סאָקאָלאָווס.

סאָקאָלאָוו האָט נישט געהאַלטן פון אחד־העם׳ס פּלאַן וועגן אַרויסגעבן דעם „אוצר היהדות”. ער האָט זיך נישט באַגניגט מיט שאַרפער קריטיק קעגן דער אונטערנעמונג וואָס האָט זיך באַשרענקט בלויז אין די ד׳ אַמות פון דער העברעאישער קולטור, נאָר ער האָט אָפּגעזוכט אַ נדבן וואָס האָט אים פאַרשפּראָכן צו געבן אַ באַדייטענ־דיקן סכום פאַרן צוועק אַרויסצוגעבן אַן אַלגעמיינע ענציקלאָפּעדיע אין העברעאיש. ווי נאָר ער האָט באַקומען די ערשטע ראַטע פון דער צוגעזאָגטער סומע, איז סאָקאָלאָוו גלייך צוגעטראָטן צו דער אַרבעט און אָרגאַניזירט די רעדאַקציע מיט אַ ברייטער האַנט. דאָס געלט איז זיך צעגאַנגען אין לויף פון אַ קורצער צייט און ער איז געווען געצוווּנגען איבערצורייסן די אַרבעט, ווען עס איז קלאָר געוואָרן אַז ער וועט מער קיין געלט פון דעם דערמאָנטן נדבן נישט באַקומען, און קיין אַנדער מקור האָט ער נישט געהאַט. די סומע געלט וואָס ער האָט געהאַט באַקומען פון נדבן איז נישט געווען קליין, זעט אויס, און צו דער אַנטוישונג איז נאָך צוגעקומען דאָס ביטערע געפיל, אַז ער איז נישט אימשטאַנד אָפּצוהיטן דאָס געלט, וואָס מ׳האָט אים

אָנפּאַרטרויט. ס׳איז געווען אַפילו איינער וואָס האָט אים באַשולדיקט אין פאַרשווענדן דאָס געלט, ווייל ס׳איז אים אפילו נישט געלונגען אַרויסצוגעבן אַ מוסטער־העפט ווי עס האָט געטון די רעדאַקציע פון „אוצר היהדות״, וואָס אויך זי האָט נישט אויסגעהאַלטן און אויפגעהערט עקזיסטירן צוליב מאַנגל אין מיטלען.

אינעם אוגאַנדאַ־וויכוח האָט סאָקאָלאָוו פאַרנומען אַ באַזונדערע שטעלונג. בעת די יונגע האָבן פאָרמולירט זייער שטעלונג אין פרינציפיעל־פּראַגמאַטישע פונקטן האָט סאָקאָלאָוו אונטערגעשטראָכן אין זיינע אַרטיקלען און טעטיקייט דעם עיקר העיקרים — אַז מ׳דאַרף היטן די אָרגאַניזאַציע זאָל נישט חרוב ווערן און די דיסציפּלין זאָל נישט געבראָכן ווערן. עס איז דערביי בולט געווען נישט בלויז סאָקאָלאָווס געווענלעכער אומווילן קעגן עקסטרעמע אַנטשיידונגען, קעגן דעם פרינציפּ „גזוררו״ (צושניידן!), נאָר, אין אַסך אַ גרעסערע מאָס, די גרויסע זאָרג, טאָמער וועט די גרויסע אָרגאַניזאַציע, וואָס איז מיט אַזוי פיל מי אויפגעשטעלט געוואָרן דורך הערצלן, חרוב ווערן און די יידישע וועלט וועט ווידער צוריקקערן צום מצב פון תוהו ובוהו און די אַנאַרכיע וועט ווידער געוועלטיקן אזוי ווי אין יענער תקופה פאַרן אויפקומען פון ציוניזם. „הצפירה״ איז געווען דער פרעסע אָרגאַן פון „די פאַרטיידיקער פון דער אָרגאַניזאַציע״ און סאָקאָלאָוו איז געווען זייער גייסטיקער מנהיג אין פוילן און אין רוסלאַנד.

אויפן זיבעטן קאָנגרעס איז סאָקאָלאָוו אויסגעוויילט געוואָרן אַלס מיטגליד פון אַקציאָנס־קאָמיטעט אין איינער פון די רוסישע מורשים (באַפולמעכטיקטע) און גאַנץ רוסיש־פוילן איז איבערגעגעבן געוואָרן צו זיין אָרגאַניזאַציאָנעלער קאָמפּעטענץ. איך בין איינגעלאַדן געוואָרן צו אַרבעטן אַלס סעקרעטאַר פון קרייז־ביוראָ.

צום ערשטן מאָל האָב איך אָנגעהויבן אַרבעטן אין דער מחיצה פון סאָקאָלאָוון. פאַקטיש, האָט ער ווייניק זיך אָפּגעגעבן מיט אָרגאַניזיר און אַגיטאַציע אַרבעט. ער פלעגט דעמאָלט ווייניק צייט ווײַלן אין וואַרשע, ער פלעגט אַסך רייזן קיין פעטערסבורג און קיין אויסלאַנד. עס איז דעמאָלט געווען אַ צייט ווען ער האָט געפּרווט זיינע כוחות אין פּאָליטישע אונטערהאַנדלונגען מיט דער צאַרישער רעגי־

רונג, באַזונדערס מיט וויטע׳ן, דער רוסישער פינאַנס־מיניסטער און שפּעטערדיקער פּרעמיער.

פּריילינגס־ווינטן האָבן אָנגעהויבן בלאָזן אין רוסלאַנד, ס׳האָבן זיך געהערט די ווייטע דונערן פון דער רעוואָלוציע וואָס דערנענטערן זיך. מ׳האָט אָנגעהויבן שמועסן וועגן קאָנסטיטוציענעלע רעפאָרמן, וועגן אַ פּאַרלאַמענט. אין דער רוסישער געזעלשאַפט און צווישן די אונטערדריקטע פעלקער איז געווען אַ גרויסע באַוועגונג, און ביי אָט די באַדינגונגען האָט סאָקאָלאָוו אויסגעפונען אַז עס איז געקומען דער מאָמענט אָנצוהויבן אונטערהאַנדלונגען וועגן גלייכבאַרעכטיקונג פאַר די יידן אין רוסלאַנד און אין פּוילן.

איך קען נישט די פּרטים פון די דאָזיקע אונטערהאַנדלונגען און כ׳גלויב נישט צו עמיצער פון זיינע מקורבים אין וואַרשע האָט עפּעס געוווּסט וועגן זיי. סאָקאָלאָוו האָט נישט ליב געהאַט זיך צו טיילן מיט זיינע געדאַנקען און פּלענער מיט זיינע מקורבים. פאַרשטייט זיך, אַז ס׳איז אים נישט איינגעפאַלן, צו דערציילן מיר, דעם סעקרעטאַר פון קרייז־ביוראָ, עפּעס וואָס פון אָט די אונטערהאַנדלונגען. מיר האָט ער איבערגעגעבן צו טון די ציוניסטישע אַרבעט, רעדאַגירן צירקולאַרן און בריוו צו די ציוניסטישע פאַריינען און נאָר זעלטן — ווען ער פלעגט מיר געבן עצות און אינסטרוקציעס. ווען עס האָט אויסגעבראָכן די רעוואָלוציע אין יאָר 1905 איז ער נישט געווען אין וואַרשע, און איך האָב פּאַקטיש אָנגעפירט מיט דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין פּוילן. כ׳האָב באַמיט מיך אונטערצושטרייכן די נאַציאָנאַלע און ציוניסטישע ליניע לגבי די רעוואָלוציאָנערע אַקטיוויטעטן וואָס האָבן דעמאָלט באַהערשט די יידישע גאַס אין פּוילן, מיט דער הילף פון אויפרופן און אַרטיקלען אין „טעלעגראַף" וואָס סאָקאָלאָוו האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אין יידיש. כ׳האָב פעסטגעשטעלט אונדזער באַזונדער שטעלונג אינעם רעוואָלוציאָנערן ווירוואַר, אַ ציוניסטישע און ראַדיקאַלע שטעלונג אין פּאָליטישער הינזיכט. סאָקאָלאָוו האָט נישט אָפּאָנירט קעגן דער דאָזיקער שטעלונג נישט אין בריוו און נישט אין זיינע אינסטרוקציעס. ס׳איז מיר נישט אויסגעקומען אין מיינע שמועסן מיט סאָקאָלאָוון צו באַרירן מיין מיטאַרבעט מיט אים אין אָט דער תקופה, כ׳האָב נישט געהערט פון אים, וואָס איז געווען זיין באַציאונג צו מיין דעמאָלטיקער טע־

טיקייט, כ׳האָב אָבער אַ גרונט אָנצונעמען אַז זי איז געווען אַ פּאָזיטיווע.

סאָקאָלאָוו האָט נישט געקענט געהאַט צו ריידן וועגן דער דאָזיקער תקופה עס איז געווען פאַר אים אַ תקופה פון באַזונדערע שוועריקייטן און דורכפאַלן. עס איז דעמאָלט אָפּגעשטעלט געוואָרן די „הצפירה״ און עס זענען ענטשטאַנען פינאַנסיעלע שוועריקייטן. זיינע פריינט, מיט פּאָדלישעווסקין בראָש האָבן זיך שטאַרק באַמיט אים אַרויסצופירן פון פלאָנטער.

בעת מיין טעטיקייט אינעם קרייז־ביוראָ בין איך אַרעסטירט געוואָרן, און ווען כ׳בין אַרויס פון תפיסה, אין דריי חדשים אַרום, האָב איך שוין נישט געפונען דעם „טעלעגראַף״ביים לעבן. אויך ער האָט נישט אויסגעהאַלטן און אויפגעהערט צו דערשיינען פונקט ווי די „הצפירה״ פאַר אים.

אין סאָקאָלאָווס לעבן האָט זיך פאַרענדיקט די פּוילישע און וואַרשעווער תקופה. זיין פאַמיליע האָט זיך אַריבערגעצויגן קיין אויסלאַנד און ער האָט איבערגענומען דעם פּאָסטן פון גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע אין קעלן, און זיך מער נישט צוריקגעקערט קיין פּוילן.

דער ב״ס (סאָקאָלאָוו) האָט אויפגעהערט צו זיין „הער רעדאַקטאָר״ און האָט זיך אינגאַנצן איבערגעגעבן דער ציוניסטישער אַרבעט און דער אָנפירונג פון דער אָרגאַניזאַציע.

### אַ גאַסט אין וואַרשע

סאָקאָלאָוו איז געקומען צו אונדז, קיין וואַרשע, אַלס גאַסט.

געווען צייטן, ווען מ׳האָט נישט געקענט ריידן וועגן פּוילישן יידנטום, וועגן יידישן וואַרשע, וועגן איר געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן און נישט דערמאָנען, אין ערשטער שורה, דעם נאָמען סאָקאָלאָוו. איז דאָך זיין נאָמען געווען פאַרבונדן מיט אייניקע דורות יידיש לעבן אין פּוילן, אין דער תקופה פון דער השכלה און אין דער תקופה פון דער ציוניסטישער אויפלעבונג. ער איז געווען דער וועג־ווייזער אין די דאָזיקע יאָרן, וואָס באַצייכענען דעם אַרויסגאַנג פונעם ענגן יידישן געסל אויף דער ברייטער וועלט, און דעם אויפקום פונעם נייעם לעבן וואָס מיר שטייען איצט אין זיין מיט. אין אים

האָט דאָס פּוילישע יידנטום געפונען איר גייסטיקן אויסדרוק, פון דער אינטעליגענץ וואָס איז אַרויס פון שטיבל און בית־המדרש ביז דעם פּשוטן יידישן „בעל־הבית״ און פאָלקס־מענטש. פאַר אַלעמען איז ער געווען אַ לערער און וועג־ווייזער, אַן אַנערקענטער פאָלקס־מנהיג אויף וועמען דאָס פאָלק איז שטאָלץ געווען און זיך געגרויסט מיט אים. און אָט איז ער געקומען אַלס גאַסט קיין וואַרשע, צו זיין יידישן וואַרשע, צו זיינע פּוילישע יידן. 18 יאָר איז ער נישט געווען אין וואַרשע. אין אָט דער צייט האָבן זיך פיל זאַכן געענדערט. סאָקאָלאָוו איז אויפגעשטיגן אַלס איינער פון די באַליבטע מנהיגים פונעם יידישן פאָלק. זיין נאָמען איז באַקאַנט און געאַכטעט אין דער גאַנצער יידישער וועלט. אין דער זעלבער צייט איז אויך פאָרגעקומען אַן אויפשטייג, פּאָליטיש, געזעלשאַפטלעך, און קולטורעל, פון פּוילישן יידנטום. עס איז קודם־כל געוואָרן זעלבסטשטענדיק, געוואָרן אומאָפּהענגיק פונעם רוסישן יידנטום, און שטאָלץ מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ שטייט דאָס פּוילישע יידנטום אינעם נאַציאָנאַל־יידישן קאַמף, פאַר אירע מענטשלעכע און נאַציאָנאַלע רעכט. סאָקאָלאָוו איז געווען דער אָנהויבער, אָנזאָגער און פּיאָנער פון דעם דאָזיקן קאַמף. דאָס פּוילישע יידנטום שאַפט אירע נייע לעבענס פאָרמען אין אינער־לעכן און אויסערלעכן געראַנגל, ברייטערט אויס און פאַרטיפט אירע שטרעבונגען און טעטיקייט. דאָס פּוילישע יידנטום לעבט אַ שטורמיש לעבן, רייך אין אַקטיוויטעט, אונטערנעמונגס־גייסט, שאַפונגס־כוח און השפּעה אויפן יידישן פאָלק אויף גאָר דער וועלט. און סאָקאָלאָוו, איינער פון די הויפּט־בקיער פון אונדזער ניי יידיש לעבן, וועט האָבן די מעגלעכקייט צו זען די ענדערונגען און איבערקערענישן אין טאַט און געדאַנק; ער וועט אַוודאַי דערקענען אין זיי די קערנדלעך וואָס ער פאַרזייט, ווי זיי זענען אויפגעגאַנגען, געוואַקסן און געגעבן אַ רייכע פּרוכט. ער וועט לעבעדיק מאַכן אין זכרון נישט איינעם פון די פיל אַרטיקלען אין דער „הצפירה״, אָדער אַ געדאַנק וועלכן ער האָט געפּרעדיקט צוריק מיט יאָרן.

און נישט נאָר אינעם לאַגער פון די ציוניסטן און די זיי צוגע־העריקע גרופּירונגען און קרייזן וועט ער זען די פּרוכט פון זיין מי, נאָר אויך אַסך מער אינעם לאַגער פון די קעגנער, און באַזונדערס די פון רעכטס, צו וועלכע ער האָט זיך אַמאָל געווענדעט מיטן רוף:

„לאַמיר זיך אויסטענה'ן", וואָס זיי האָט ער געווידמעט די סעריע אַרטיקלען: „למרנן ורבנן". ער וועט זיך אוודאי וואונדערן ווען ער וועט פעסטשטעלן ווי ווייט עס זענען אָנגענומען געוואָרן זיינע געדאַנקען ביי די וואָס פלעגן צומאַכן זייערע אויערן און נישט געוואָלט אים הערן.

און די ציוניסטישע באַוועגונג? אָט די באַוועגונג וואָס ער האָט אויפגעצויגן מיט וואָרט און שריפט — וואָס פאַר אַ מהלך איז זי אָפּגעגאַנגען זייט יענע ערשטע טעג! פון די צייטן פון די אַסיפות אינעם „ענגלישן זאַל" ביז אונדזערע מיטינגען היינט־צו־טאָג! — פונעם אָנהייב פון קאַמף פאַר מאַכט און השפעה אין דער וואַרשאַ־ווער קהלה, זינט די טעג ווען מ'האָט געפרווט אַריינפירן סאָקאָלאָוון אין דער פאַרוואַלטונג פון דער וואַרשעווער קהלה ביז היינט צו טאָג, ווען די ציוניסטן פאַרנעמען דעם הויפט־פּלאַץ אין דער יידישער געזעלשאַפט אין פוילן און נאָך זי שלעפן זיך נאָך אַלע אַנדערע פאַרטייען — וואָס פאַר אַ גרויסע ענדערונגען!

נאָך יאָרן פון ליידן און מאַטערניש, מי און שווערע אַרבעט זענען ווידער געקומען טעג פון ווידערזען און באַגעגענען זיך פון סאָקאָלאָוון מיטן פוילישן יידנטום, נאָך וועלכן ער האָט געבענקט אַלע יאָרן, וואָס איז געווען דער קוואַל און באָדן פון וועלכן ער האָט געצויגן זיין יניקה. ווי אין די אַמאָליקע טעג וועמענס אָנדענק עס איז אונדז אַזוי טייער, וועט אונדז סאָקאָלאָוו ווידער לאָזן הערן זיין וואָרט. ווי גרויס איז זיין ווערט, אין די דאָזיקע שווערע, זייער שווערע טעג! מיר האָבן געמיינט, אַז דער וועג איז איצט פריי פאַר אונדז, דער וועג פון אויפקום און דערלייזונג. און אָט איז דער וועג פול מכשולים און שטרויכלונגען און לאַנג און ווייט, אַז מ'זעט נישט דעם סוף זיינעם. נישט איינמאָל דרינגט אַריין דער ספק אין די הערצער און שוואַכט אָפּ די כוחות. אין אַזאַ מאָמענט לעכצן אונדזערע נשמות נאָך אַ וואָרט וואָס זאָל באַלעבן די כוחות, באַלייכטן דעם וועג, שטאַרקן די אמונה, פאַרטרייבן די מידקייט און דעם צווייפל און עפענען נייע האָריזאָנטן אויפן וועג צום געגאַרטן ציל.

און סאָקאָלאָוו וואָס האָט פיינט אויפגעבלאָזענע מליצות, דער פשטן, דער מייסטער פון מקרב זיין זאַכן צום שכל־הישר, וועט

זיכער געפינען דאָס וואָרט וועלכעס וועט געפינען דעם ריכטיקן אָפּקלאַנג אין אונדזערע הערצער. ער וועט שמידן אונדזער ווילן צו גיין ווייטער אומדערשיטערט און אַנטשלאָסן צו אונדזער אויסגע־בענקטן ציל.

## א לעצטער בריוו

עס ליגט פאַר מיר דער לעצטער בריוו פון נחום סאָקאָלאָוו, וואָס איז געשריבן דעם ניינטן אייר תרצ״ה, אינעם חודש ווען ער איז געשטאָרבן. עס איז אַן ענטפער אויף מיין בריוו, אין וועלכן איך האָב מיך באַמיט צו פאַרטייטשן און צו פאַרענטפערן דעם באַשלוס פון דער לייטונג, וואָס איז אויסגעוויילט געוואָרן אויפן ניינצעטן קאָנגרעס אין לוצערן, אין יאָר 1935. אויף יענעם קאָנגרעס איז וויצ־מאַן צוריקגעקומען אַלס פּרעזידענט און סאָקאָלאָוו איז אויסגעוויילט געוואָרן אַלס ערן־פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, „יידישער אַגענץ" און „קרן־היסוד". אַחוץ דעם — לייענען מיר אינעם באַשלוס — וואָס איז געבראַכט געוואָרן דורך ד. רמז, דער פּרעזעס פון דער פּערמאַנענץ־קאָמיסיע — „רופט דער קאָנגרעס סאָקאָלאָוון, ער זאָל איבערנעמען די אָנפירונג פון דעם נייעם קאָמי־טעט פאַר די ענינים פון קולטור, דערציאונג און העברעאישע ליטע־ראַטור אין ארץ־ישראל און צוהעלפן צו דער אָרגאַניזירונג פון העברעאישן חינוך אין גלות. דער קאָמיטעט דאַרף אָרגאַניזירט ווערן אויפן גרונט פון באַשלוס פון ניינצעטן קאָנגרעס וועגן מוסד ביאַליק".

דער באַשלוס האָט צוריקגעשטעלט דעם פריערדיקן מצב אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, ווי פאַר דעם אַכצעטן קאָנגרעס אין פּראַג אין יאָר 1933, דעמאָלט איז סאָקאָלאָוו אויסגעוויילט געוואָרן אַלס פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און יידישער אַגענץ, און די לייטונג איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן פון די פּאַר־שטייער פון אַרבעטער פליגל און דער ראַדיקאַלער פּאַרטיי. אויף דער קאָנגרעס האָט זיך, ווי באַקאַנט, געעפנט דער וועג פאַר דער־

העגעמאָניע פון די אַרבעטער (שפּעטער פון מפא"י) אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און מיט דער גרינדונג פון דער מדינה — אויך אין דער מדינה. אויפן ניינצעטן קאָנגרעס האָט זיך די העגעמאָניע אַזוי ווייט געשטאַרקט, אַז עס איז שוין מעגלעך געווען צוריקצוקערן צום סיסטעם פון אַ ברייטער קאָאַליציע מיטן מזרחי און אַלגעמיינע ציוניסטן. די השפעה פון די אַמעריקאַנער האָט נאָך נישט דערגרייכט צום הויכפּונקט וואָס היינט, און זיי האָבן אַלע אָנגעהערט צו דער גרויסער פראַקציע פון די אַלגעמיינע ציוניסטן, צוזאַמען מיט די ראַדיקאַלע ציוניסטן.

סאָקאָלאָוו איז געווען דער קרבן פון אָט דעם צוזאַמענשטעל, וואָס האָט צוריקגעקערט ווייצמאַנען צום פּרעזידענט פּאָסטן און אים באַזייטיקט פון דער לייטונג און איר אַרבעט. מ'האָט זיך באַמיט אָט די אַנטשיידונג אים צו „פּאַרזיסן"; מ'האָט אים איבערגעגעבן אַן אַרבעט וואָס ער האָט ליב געהאַט — די קולטור־אַרבעט, אָבער מ'האָט נישט באַשטימט קיין בודזשעט, און ס'איז נישט באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן אַ באַזונדערע אָפּטיילונג צו רעאַליזירן די אויפגאַבן. עס איז געווען נישט מער ווי אַן אָנשטעל. אָבער דער קלוגער סאָקאָלאָוו האָט געוואָלט גלויבן אַז דער ענין איז אַן ערנסטער. זיין ערשטער פּרווו, ביים סוף פון קאָנגרעס צו גרינדן אַן אַרבעטספּעציקן קאָמיטעט איז נישט געלונגען, אָבער אין יענעם פייערלעכן מאָמענט פון שאַפן אַ לייטונג פאַר דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע האָט סאָקאָלאָוו נישט געוואָלט אויפהויבן דעם פאַרהאַנג און אַ בליק טון אין דער ליידיקייט וואָס האָט זיך געשאַפן הינטער אים. אָבער ער האָט זיך געפילט שלעכט. עס זאָגט עדות וועגן דעם זיין געזעגנונגס און דאַנק ריידע וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן מיט די פאָלגענדיקע ווערטער: חשוב'ער קאָנגרעס! איך גיב אייך מיין האַרציקסטן דאַנק פאַר דעם כבוד וואָס איר האָט מיר צוגעטיילט אויסוויילענדיק מיך אַלס ערן־פּרעזידענט. גלויבט מיר, אַז איך האַלט טייער מיטן גאַנצן האַרצן דעם דאָזיקן גרויסן און חשוב'ן כבוד. און איר האָט מקדים געווען אַ רפואה צו דער מכה, ווייל עס איז דאָך פאָרט פאַראַן דערביי אַ ביטערער טראָפּן, ווען מ'זאָגט אַ מענטשן וואָס האָט אַזוי פיל יאָרן געאַרבעט אויף אַ וואָסער נישט איז פּאָסטן, און באַזונדערס אויף

אַזאַ פּאָסטן, וואָס איז נישט קיין פּאָסטן נאָר אַן אַמט, אַז ער דאַרף פון היינט אָן פאַרלאָזן די אַרבעט וואָס איז פאַר אים די נשמה זיינע. געוויס איז עס אַ צער און ס'איז מיר שווער צו שיידן זיך פון דער אַקטיווער פּרעזידענטשאַפט, און אָט האָט איר געזאָרגט באַצייטענס פאַר אַ רפואה און מיר געגעבן אַן אַנדערע אַרבעט.

קיין ממשותדיקע אַרבעט האָט מען אים נישט געגעבן, ער איז אָוועקגעשטעלט געוואָרן אין אַ זייט.

אינעם בריוו וואָס ליגט פאַר מיר דאַנקט מיר סאָקאָלאָוו, פאַר דעם וואָס כ'האָב געפונען צייט אין די שווערע טעג (פון די געשע־ניעשן אין יאָר תרצ"ו) צו שרייבן צו אים.

כ'האָב געשריבן וועגן „העולם" די וואָכנשריפט פון דער ציוניס־טישער אָרגאַניזאַציע, וואָס די לייטונג האָט באַשלאָסן אַריבערצופירן פון לאָנדאָן קיין ירושלים. כ'האָב באַקומעז די אויפגאַבע פון דער לייטונג צו מעלדן סאָקאָלאָוון די שלעכטע בשורה.

דער „העולם" איז געגרינדעט געוואָרן דורך סאָקאָלאָוון בעת ער איז געוויילט געוואָרן אַלס גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער לייטונג פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, בראש פון וועלכער עס איז געשטאַ־נען וואָלפזאָן; אָט די העברעאישע וואָכנשריפט האָט געדינט סאָקאָ־לאָוון אַלס אַ סאָרט ערזאַץ פאַר זיין „הצפירה". פון אָט די שפּאַלטן פון „העולם" האָט ער גערעדט צום פאָלק, געלערנט אים, געוויזן דעם וועג אין לעבן און אין קאַמף פאַר אויפקום און גאולה.

אָבער פון קעלן איז נישט מעגלעך געווען צו אינסטרואירן און אָנפירן ווי פון וואַרשע. קעלן איז געווען דעמאָלט אַ פאַרוואָרפן ווינקל אין דער יידישער וועלט, און די אָפיציעלע פאָדערונגען פון די ציוניסטן זענען נישט געווען קיין גרויסע — די טריבונע איז נישט געווען קיין אַנזעעוודיקע און אויך די געשטאַלט פון דעם מענטשן וואָס האָט גערעדט פון איר צום פאָלק איז נישט געווען גענוג אָנזעעוודיק, אין די צענטערן וווּ עס האָבן געלעבט גרויסע יידישע מאַסן. אָבער סאָקאָלאָוו האָט זיך צוגעבונדן צו דער דאָזיקער וואָכנ־שריפט זיינער און קיינער האָט נישט געוווּסט ווי ווייט שטאַרק עס

איז דער דאָזיקער בונד. ער האָט אָפּגעהיט דעם „העולם" ווי אַן אויג אין קאָפּ ער האָט מסכים געווען, אים אַריבערצופירן קיין ווילנע, קיין אָדעס, קיין לאָנדאָן, קיין פּאַריז און ווידער קיין לאָנדאָן, אַבי מ'זאָל אים נישט פאַרמאַכן. ער האָט קיינמאָל נישט פאַרגעסן צו שיקן אין „העולם" די אַרטיקלען זיינע, באַזונדערס ווען עס זענען געקומען שווערע צייטן פאַר דער צייטונג. און פּלוצים, ווען ער איז באַפרייט געוואָרן פון יעדער אַרבעט און אחריות, האָט מען אים געמעלדעט פון ירושלים, לויט די אָנווייזונגען פון דער נייער לייטונג, אַז דער „העולם" ווערט אַריבערגעפירט פון לאָנדאָן קיין ירושלים. ס'הייסט, מ'נעמט אים אַרויס פון זיין רשות און מ'פירט איבער צו דער דיספּאָזיציע פון דער נייער לייטונג. אויך דאָס איינציקע שעפעלע, וואָס אים איז נאָך געבליבן פון זיין גאַנצן רייכטום — רויבט מען אָוועק פון אים...

עס האָט זיך אָנגעהויבן דעמאָלט אַ תקופה פון קאָנצענטרירן די לייטונג אין ירושלים, פון דער ליקווידאַציע פון דער לאָנדאָנער תקופה. עס איז באַשלאָסן געוואָרן אַריבערצופירן קיין ירושלים די אָרגאַניזאַציע־אָפּטיילונג, די לעצטע וואָס איז נאָך געבליבן אין לאָנדאָן און צוזאַמען מיט איר אויך דעם „העולם". ירושלים וועט דורך דעם ווערן דער איינציקער צענטער פון דער באַוועגונג און אָרגאַניזאַציע. דער גורל פון ציוניזם וועט פון איצט אָן אָנטשיידן ווערן אין ירושלים און נישט אין לאָנדאָן. עס איז געגנוג וואָס אין דער הויפּטשטאָט פון דער בריטישער אימפּעריע זיצט דער פּרעזידענט פון דער אָרגאַניזאַציע און לייטער פון דער פּאָליטישער אָפּטיילונג פּראָפעסאָר בראָדעצקי. די אייגנטלעכע פּאָליטישע אַרבעט, די טאָג־טעגלעכע, וועט געטאָן ווערן אין ירושלים. דער בריטישער הויכקאָמיסאַר, גענעראַל וואָיקאָפּ, האָט באַקומען אומבאַגרענעצטע פולמאַכטן. אין לאָנדאָן וועלן אָנגענומען ווערן אָנטשיידונגען בלויז אין די עיקר'דיקע פראַגן. אַזוי האָט געהאַלטן און באַשלאָסן די נייע לייטונג און האָט דאַמיט אָנגעהויבן די תקופה פון ירושלים אין דער ציוניסטישער געשיכטע, וואָס האָט דערפירט צו דער תקופה פון מדינת ישראל. דאָס אַריבערפירן דעם העברעאישן פּרעסע אָרגאַן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע איז געווען אַ לאָגישער רעזול־

טאָט פֿון דעם דאָזיקן געדאַנקן־גאַנג. אוסישקין האָט אומזיסט זיך באַמיט צו באַווייזן אַז דער „העולם" וועט גאָר נישט געווינען פֿון אַריבערגיין קיין ירושלים, נישט אין תוכן און נישט אין די פֿאַרשפּרייטונג זיינער צווישן לייענער־עולם, ער וועט נישט אויסהאַלטן די קאָנקורענץ מיט די פּאַרטייאישע אָרגאַנען, און אויך די מיטגלידער פֿון דער לייטונג וועלן גערן דרוקן זייערע אַרטיקלען אין יענע צייטונגען און נישט אין „העולם". אויך איך האָב געפּרווט פֿאַרשלאָגן אַז מ'זאָל זיך רעכענען מיט סאָקאָלאָוון — אָבער אומזיסט. די גזירה איז נגזר געוואָרן און אַזוי מוז עס בלייבן. סאָקאָלאָוו האָט געשריבן צו מיר אַ בריוו פֿול תרעומות. ער האָט מיר באַוויזן מיט ק"ן טעמים אַז מ'טוט אים אַן עוולה, און אַז מ'פֿאַרביטערט אים דאָס לעבן. ער האָט זיך באַנוצט מיט מאָראַלישע און יורידישע אַרגומענטן און מיר באַוויזן, אַז ער האָט געגרינדעט דעם „העולם" און דעריבער איז ער זיין אייגענטום און ער מוז נישט מסכים זיין מ'זאָל אים אַרויסנעמען פֿון זיין רשות. ער האָט געשריבן דעם בריוו מיט דער האַנט, אין געדיכטע שורות, מיט פּערעלדיקע אותיות אויף דריי בלעטלעך — נישט איינמאָל אַפֿילו אַ וואָרט אויסגעמעקט און אונטערגעשטראָכן אַסך ווערטער. כ'האָב געלייענט דעם בריוו מיט גרויס צער. וואָס האָב איך געקענט טון? כ'האָב געבעטן מ'זאָל איבערשרייבן דעם בריוו אין אַ צאָל קאָפּיעס פֿאַר יעדן איינעם מיטגליד פֿון דער עקזעקוטיווע און האָב איבערגעשיקט דעם בריוו צו זיי. זאָלן זיי אויך לייענען, מיר וועלן נאָכאַמאָל באַהאַנדלען דעם ענין אפשר וועט מען אָפּלייגן די גזירה. אָבער מיר האָבן עס נישט באַוויזן צו טאָן. דער בריוו איז געשריבן געוואָרן דעם ניינטן אייר און אינעם זעלבן חודש איז סאָקאָלאָוו געשטאָרבן. ווען כ'האָב צוגעגרייט מיין אַרטיקל וועגן סאָקאָלאָוון פֿאַר מיין בוך „פּני הדור" האָב איך דעם בריוו נישט געפֿונען. כ'האָב געקלערט אַז דער בריוו איז פֿאַרלאָרן געגאַנגען און כ'האָב געהאַט גרויס צער דערפֿון. ווען עס איז פֿאַרעפֿנטליכט געוואָרן די ידיעה וועגן אַריבערפֿירן סאָקאָלאָווס געביין און דאָס געביין פֿון זיין פֿרוי, זיין געטרייע לעבענס חברטע, וואָס האָט געטראָגן דעם עול פֿון דער שטוב־ווירטשאַפֿט און אָנפֿירונג מיט די געשעפֿטלעכע ענינים, כדי דער מאַן איר זאָל קענען לערנען, פֿאַרפֿולקאָמען זיינע קענטנישן, שרייבן, באַרייזן לענדער און זיך באַקענען

מיט דעם „פנים פון יידישן דור״. אין איירא̈פּע — ה̈אב איך צופעליק געפינען דעם בריוו פון סאָקאָלאָוון. כ׳האָב אים געלייענט נאָכאַמאָל און ס׳האָט זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט די גרויסע טראַגעדיע פון סאָקאָלאָוון וואָס איז אַרויס פון פלאָצקער בית־המדרש אין געוואָרן דער רעדאַקטאָר פון אַ העברעאישער צייטונג אין וואַרשע, געוואָרן דער וואָרט־פירער, דערציער און וועג־ווייזער פון די פוילישע יידן און זיך איינגעשלאָסן אין דער מדינה פון הערצלען.

פריער האָט ער זיך קריטיש באַצויגן צו הערצלס בראָשור „יידנשטאַט״, אָבער ער איז אים געוואָרן אונטערטעניק ווען ער האָט אים געזען אין באַזעל, געהערט אים ריידן און זיך באַקאַנט מיט זיינע געוואַגטע פּלענער. סאָקאָלאָוו וואָס האָט אין זיינע יונגע יאָרן נישט געפונען פאַר זיך קיין רבין און מנהיג צווישן די צדיקים פון פוילן, וואָס איז אימשטאַנד געווען מיט אַ לייכטן און שאַרפזיניקן שפּאָט אַרונטערצונעמען פון זייערע הויכע פּיעדעסטאַלן די קאַריי־פייען פון דער ליטעראַטור, וואָס די גאַנצע ציוויליזירטע געזעלשאַפט איז געפאַלן אויף די קני פאַר זיי — אָט דער סאָקאָלאָוו האָט זיך געשטעלט צו דער דיספּאָזיציע פון הערצלען און געווידמעט זיינע כוחות דעם ציוניזם. זיין לעבן איז פול געוואָרן מיט אַן אינהאַלט, אַ הייליקער ציל האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר זיינע אויגן, און ער האָט נישט אויפגעהערט צו קעמפן פאַר דער רעאַליזירונג פון דעם דאָזיקן ציל זיין גאַנץ לעבן. אָט דער קאַמף האָט אים שטופּנווייז געבראַכט ביז צום הויכן פּאָסטן פון דער ציוניסטישער אָנפירונג — ביז עס איז געקומען דער ביטערער טאָג און ער איז אַוועקגערוקט געוואָרן אין אַ זייט, און ס׳איז ביי אים אַוועקגענומען יעדער אינסטרומענט פון איינפלוס, אַחוץ זיין געבענטשטער פעדער, וואָס מיט איר האָט ער זיך באַנוצט ביז דעם לעצטן אָטעם זיינעם. זיין לעצטן בריוו צו מיר ענדיקט ער מיט די דאָזיקע דערשיטערנדיקע ווערטער:

אַ דאַנק דיר פאַר דיין גוטן ווילן מיר צו העלפן אויפצובויען אין ירושלים מיין היים. דאָס איז מיין גאַנצע האָפנונג אין לעבן — עס געפעלט מיר און איך וויל גערן טוען ליטעראַרישע און קולטור־אַרבעט אין אונדזער לאַנד. אַגב, אויב עס אינטערעסירט אייך, אפשר וועט איר אַזוי גוט זיין געוווירוערן, צי איז אמת דאָס וואָס איז

פֿאַרעפֿענטלעכט געוואָרן עטלעכע מאָל אין די צייטונגען, אַז מ׳האָט באַשלאָסן צו בויען פֿאַר מיר אַ הויז, אָדער ס׳איז נישט מער ווי אַ רעקלאַמע. דערווייל בין איך איינער פֿון ווייניקע, וואָס האָב נישט אַ דאַך און נישט קיין שפּאַן ערד אויף דער ערד פֿון ישׂראל. דו ווייסט אַז איך האָב אַן עול פֿון פּרנסה. כ׳טראָג אויף מיר גרויס אַחריות פֿאַר מיין פֿאַמיליע, וואָס האָט פֿיל געליטן פֿון די נגישׂות און פֿאַרפֿאָל־גונגען (אויך מיין איידעם אין בערלין, וואָס איז געווען אַ רייכער מאַן, האָט פֿאַרלאָרן זיין פֿאַרמעגן און אַראָפּ פֿון דער מדרגה) דו ווייסט מיינע ענינים און ווייסט אַליין פֿאַרשטיין, אַז איך בין נישט מער אין דעם עלטער, ווען אַ מענטש קען וואַנדערן מיט דער משפּחה און ביבליאָטעק, נישט ווייסענדיק פֿאָרויס אַז ער האָט צוגעגרייט פֿאַר זיך אַ היים און אַ פֿעסטן גרונט אונטער די פֿיס, כּדי צו קענען אַרבעטן רואיק. אָט די זאַך, ביי דיין בעסטן ווילן, וואָס איך שאַץ זייער הויך, און דעם גוטן ווילן פֿון די חברים, וואָס כ׳האָב צו זיי צוטרוי, פֿאַרלאַנגט צייט און קען נישט געשאַפֿן ווערן איבערנאַכט. אָבער דערווייל מאַכט נישט חרוב מיין וועלט דאָ אויפֿן חשבון פֿון דער צוקונפֿט אין ארץ־ישׂראל. נעמט אין אַכט אָט די ריכטיקע ווערטער וואָס איך זאָג אייך און באַזונדערס דו, אַ געטרייער מענטש. כמעט געוואָלט דיר זאָגן, האָב נישט קיין פֿאַראיבעל — „אויך דו ברוטוס, מיין זון, ביסט קעגן מיר?״

מיר האָבן נישט געלייגט קיין אַכט אויף זיינע ווערטער און מיר האָבן זיין בקשה נישט דערפֿילט. מיר זענען געוואָרפֿן געוואָרן אינעם שטורם פֿון דער צייט און אונדזערע הערצער זענען געווען פֿאַרנומען מיט אַנדערע זאַכן, אַלגעמיינע און פּריוואַטע, מפּלות, אומגליקן, קאַטאַסטראָפֿעס און אַ ביסל נצחונות וואָס האָבן אונדז געקאָסט אַן אומגעהויערן פּרייז. און פּרייַנט ווי פֿאָדלישעווסקי האָט שוין סאָקאָלאָוו נישט געהאַט און אויך אַנדערע פֿריינט וואָס זאָלן זיין ביכולת און וועלן עפּעס טוען פֿאַר אים.

מ׳האָט נישט געבויט פֿאַר אים קיין הויז אין ירושלים, נישט ביים לעבן זיינעם און נישט צו זיין אָנדענק נאָכן טויט, און אויך צו אַ קבֿר אויפֿן באַרג פֿון די נשׂיאים האָט ער זוכה געווען ערשט אין צוואַנציק יאָר אַרום און צו אַ זשורנאַליסטן־הויז וואָס טראָגט

זיין נאָמען, דעם נאָמען פון גרעסטן זשורנאַליסט, וואָס איז מיטן כּוח פון זיין פעדער דערגאַנגען צום הויכן אַמט פון פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע, דעמאָלט ווען זי איז געווען „די מדינה אונטערוועגס".

## ד״ר יוסף לוריא

כ׳האָב מיך באַגעגענט מיט ד״ר יוסף לוריאַ אין וואַרשע אין אָנהויב פון דעם יאָרהונדערט, ווען ער איז געווען אַ לייטער פון אַ פּריוואַטער שול, אַ חדר מתוקן (רעפאָרמירטער חדר) פון דעם טיפּ, וואָס איז געווען אַ פאָרגעגנער פון דער „תרבות״־שול אין גלות און פון אונדזער שול־נעץ אין ארץ־ישראל. ער איז געווען דער ראש המדברים אויף די פאַרזאַמלונגען פון דער יידישער אינטעליגענץ אין דער דאָזיקער שטאָט אין די ערשטע יאָרן פון פּאָליטישן ציוניזם, איינער פון די יעניקע ציוניסטן צו וועלכן אויך די קעגנער פון ציוניזם פון די לינקע קרייזן, אַסימילאַטאָרישע און יידישע, האָבן זיך באַצויגן מיט כבוד. ער פלעגט דעמאָלט ריידן רוסיש און ס׳איז אים נישט איינגעפאַלן, אַז דער גורל וועט אים באַלד אַוועקשטעלן בראש פון דער ערשטער ערנסטער וואָכענשריפט אין יידיש.

ער איז אַוועקגענומען געוואָרן פון זיין שול כמעט קעגן זיין ווילן, און איבערגענומען אין זיין האַנט דאָס רעדאַגירן דעם „יוד״ וואָס איז ארויסגעגעבן געוואָרן דורך „אחיאסף״. צווישן די וואָר־שעווער שרייבער זענען געווען אַ סך וואָס האָבן געצווייפעלט אין זיין פייאיקייט אַלס רעדאַקטאָר און אין זיין טאַלאַנט אַלס שרייבער. אויך ער אַליין האָט זיך שטאַרק געוויי׳גערט איבערצונעמען די דאָזיקע אַרבעט. אָבער שוין פון די ערשטע נומערן פון דער וואָכענשריפט איז אונדז קלאָר געוואָרן, אַז מיר האָבן געפונען אַ רעדאַקטאָר וואָס איז ראוי צו דעם דאָזיקן נאָמען, אַ רעדאַקטאָר וואָס איז אומשטאַנד אַרויפצוברענגען די וואָכענשריפט צו דער הויך פון אַ חשוב׳ער טריבונע פאַר ליטעראַטור און לעבענס־פראַגן, אַ שול פאַר די לייענער און שרייבער גלייכצייטיק.

ס׳זענען אַוועק בלויז ווייניקע טעג און דער „יוד״ איז געוואָרן

אַ צענטראַלע צייטונג פאַר נאַציאָנאַלן און ציוניסטישן געדאַנק און פאַר ליטעראַטור אין יידיש. די חשובע שאַפונגען פון פרץ און שלום־עליכם זענען געדרוקט געוואָרן אין דער דאָזיקער וואָכענשריפט, דער פאַרשטאָרבענער באָמבערג און אַש וואָס האָט שפּעטער דער־גרייכט צו אַ גרויסער קאַריערע אַלס וועלט־באַקאַנטער שריפט־שטעלער, האָבן געמאַכט זייער ערשטע שריט אין דער וואָכענשריפט פון לוריאַ.

„יוד" איז נישט געווען קיין קאָמפּסלוסטיקע צייטונג. אדרבא, ער האָט זיך אויסגעצייכענט מיט זיין געלאַסענקייט. דאָס וואָס ס'איז געשריבן געוואָרן דאָרט איז געהאַלטן געוואָרן אין אַ שטילן און העפלעכן טאָן, און די צייטן זענען געווען דווקא אָנגעלאָדן מיט ערב־שטורם. הגם עס זענען געווען אַזעלכע וואָס האָבן געהאַט טענות צו לוריאַ פאַר אָט דער שטילקייט און געלאַסענקייט, האָט אָבער קיינער נישט געוואַגט צו באַהויפּטן, אַז די געלאַסענקייט שטאַמט פון פחד, אָדער פאַר גלייכגילטיקייט, ווייל אַלע האָבן געפילט אַז זי שטאַמט פון דער ערנסטער באַציאונג צו די באַהאַנ־דעלטע פראַגן און צו דער ליטעראַטור, פון דער זאָרג אָפּצוהיטן דעם כבוד פונעם געדרוקטן וואָרט און כבוד פון די לייענער.

„יוד" איז געווען אַ ציוניסטישע וואָכנשריפט אין בעסטן זין פון דעם דאָזיקן וואָרט. ער האָט זיך נישט פאַרנומען מיט ביליקער און שרייענדיקער פּראָפּאַגאַנדע. עס איז נישט געווען קיין ענג־פּאַרטיי־אישע צייטונג. עס איז געווען אין איר אַן אָרט פאַר אַלעמען וואָס האָט פאַסירט אינעם יידישן לעבן. אָבער דער „יוד" האָט געלערנט זיינע לייענער צו זען אינעם ציוניזם די קרוין פון די יידישע שטרע־בונגען צו אַ פרייען נאַציאָנאַלן לעבן, צו מאַכן אָנשטרענגונגען און פירן אַ קאַמף פאַר דערגרייכן צו אָט דעם לעבן.

די אויפלעבונגס תקופה אין דער יידישער ליטעראַטור, וואָס האָט זיך דעמאָלט אָנגעהויבן, איז געווען פאַרבונדן מיטן „יוד" וועלכן עס האָט רעדאַגירט לוריאַ. דאָס האָבן אונטערגעשטראָכן אויך זיינע קעגנער, ווען לוריאַ איז אַריבער אין „פריינד", די ערשטע יידישע טאָג־צייטונג אין יידיש, וואָס די צאַרישע רעגירונג האָט דערלויבט אַרויסצוגעבן אין דעמאָלטיקן פּעטערבורג. אין „פריינד" איז לוריאַ געווען בלויז איינער פון די רעדאַקטאָרן און

נישט געקענט אים פירן אויסשליסלעך אין זיין גייסט. ער האָט נישט באַוויזן צו מאַכן דעם „פריינד" פאַר אַן אָרגאַן פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, וואָס איז געווען דער „יוד", אָבער דאָס רוב מעלות מיט וועלכע עס האָט זיך אויסגעצייכנט דער „יוד" האָט מען געקענט געפינען אויך אין „פריינד". אויך דער „פריינד" האָט דערצויגן, געווען אַ ליטעראַרישער צענטער, אויך ער איז נישט געווען קאַמף־לוסטיק, אויך אין אים האָט געהערשט אַן אַדע־ליקער גייסט ווי אין „יוד". דאָס דערווייטערן זיך פון „פריינד" פון ציוניזם איז זיכער געווען די סבה פאַר וואָס לוריאַ האָט פאַרלאָזט די גרויסע און איינפלוסרייכע טריבונע און איז אַריבער קיין ווילנע, ווו ער האָט איבערגענומען די רעדאַקציע פון דער וואָכן־שריפט „דאָס יידישע פאָלק", דער אָרגאַן פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין רוסלאַנד.

דער ציוניזם האָט דעמאָלט איבערגעלעבט שווערע טעג. די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג וואָס האָט געוועלטיקט אויף דער יידי־שער גאַס אין רוסלאַנד האָט כמעט ליקווידירט דעם ציוניזם. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט דורכגעמאַכט אַ שווערן קריזיס נאָכן טויט פון הערצלן און דעם פאַרלאָזן פון דער ציוניסטישער אָרגאַ־ניזאַציע דורך די טעריטאָריאַליסטן. ס'האָט זיך געדאַכט אַז די ציוניסטישע באַוועגונג האָט פאַרלוירן דעם וועג, פונקט ווי זי האָט פאַרלוירן איר פירער, דער וואָס האָט אויסגעטראָטן אירע ערשטע שטעגן. דאָס אויפבוי־ווערק אין ארץ־ישראל איז נאָך נישט געהאַט אַרויף אויפן ברייטן שליאַך. די אָרגאַניזאַציע וואָס הערצל האָט געשאַפן, וואָס האָט זיך דער עיקר באַזירט אויפן גלויבן אין הערצלן אין זיין וווּנדערלעכן כוח האָט זיך גענומען איינברעכן און ס'איז געווען אַ געפאַר אַז זי זאָל איינפאַלן און נישט קענען מער צו זיך קומען.

דעמאָלט האָבן זיך אַנטקעגנגעשטעלט דער דראָענדיקער געפאַר די וואָכנשריפטן פון דער באַוועגונג און צווישן זיי „דאָס יידישע פאָלק". לוריאַ האָט געלעגט זיין שטעמפּל אויף זיין וואָכנשריפט קעגן די אויפגעבלאָזענע פוסטע פראַזן וואָס האָבן זיך דעמאָלט ברייט געמאַכט אויף דער יידישער גאַס, באַזונדערס האָבן זיך אין דעם אויסגעצייכנט די ס.ס. און סיימיסטן וואָס זענען אַוועק פון

ציוניזם און ארץ־ישראל און זיך פארוויגט אין אילוזיעס וואס האבן נישט געהאט קיין שום אנהאלט אין לעבן, האט זיך געהערט דאס רואיקע און געוואוויגענע ווארט פון לוריא לאגיש, זיכער און איבער־צייגענדיק, וואס האט די קעגנער געצוואונגען זיך צוצוהערן צו דעם און אמאל אויך עס אנצונעמען.

די דאזיקע וואכענשריפטן האבן אויסגעטרעטן פארן רוסישן ציוניזם א נייעם וועג און אים ארויסגעפירט פון דער קאניסטער־נאציע. זיי האבן צוגעגרייט די העלסינגפארסער קאנפערענץ. לוריא האט זיך אין איר נישט באטייליקט, אויב איך האב קיין טעות נישט איז ער ארעסטירט געווארן אין פעטערבורג אויף זיין וועג קיין העל־סינגפארס און נישט געקענט קומען אויף דער קאנפערענץ. אלס מיט־גליד פונעם צענטראל־קאמיטעט פון דער ציוניסט.־ארגאניזאציע אין רוסלאנד, וואס איז געוויילט געווארן אין העלסינגפארס און אלס רעדאקטאר פון זיין וואכענשריפט האט לוריא זיך באטייליקט אין דער קאלאסאלע ארבעט וואס איז געטון געווארן אין די טעג פון דער ערשטער און צווייטער דומא (רוסישער פארלאמענט). און פלוצים האט ער איבערגעריסן די דאזיקע ארבעט און האט עולה געווען קיין ארץ־ישראל פונקט ווי עס האבן אין יענער צייט עולה געווען קיין ארץ־ישראל די מענטשן פון דער צווייטער עליה. נאך א קורצע צייט איז ער אריינגעטרעטן אינעם לערער־קאלעגיום אין דער ערשטער גימנאזיע מיט דער העברעאישער למוד־שפראך. שפעטער איז ער אוועקגעשטעלט געווארן בראש פון דער לערער־ארגאניזאציע און געווען איינער פון די אנפירער אינעם שפראכן־קאמף וואס האט זיך געענדיקט מיטן נצחון פון דער העברעאישער שפראך, וועלכע איז געווארן די שול און רייד שפראך פונעם יידישן ישוב אין ארץ־ישראל. און ווען עס זענען געשאפן געווארן די באדינגונגען פארן אויפבויען די נאציאנאל־היים, איז לוריא אוועקגעשטעלט געווארן בראש פונעם דערציאונגס־ווערק אין לאנד און געבליבן אויף דעם פאסטן ביזן לעצטן טאג פון זיין לעבן.

דער קרייז פון זיין לעבן האט זיך פארענדיקט. פון א מנהל פון א „חדר־מתוקן" איז ער געווארן א רעדאקטאר ביי יידן, איינער פון די רעדאקטארן וואס האט משפיע געווען פון זיין גייסט אויף דער פובליציסטיק און ליטעראטור, און שפעטער פארלאזט די ליטע־

ראַטור און פּרעסע און צוריקגעקערט צו דער ערציאונג און שול אין היימלאַנד.

געווען אַ מענטש אַ פאַרשלאָסענער אין זיך, אַ באַשיידענער און צוריקגעהאַלטענער, נישט נאָכגעיאָגט קיין כבוד און נישט געווען להוט נאָך גבאות און הערשאַפט. ס׳איז נישט מיין אויפגאַבע זיך אָפּצושטעלן גענויער אויפן קאַפּיטל פון זיין אַרבעט אין לאַנד, וואָס כ׳האָב נישט געהאַט די זכיה צו זעען פון דער נאָענט. כ׳האָב געוואָלט דערציילן בלויז וועגן זיין לעבן אין רוסלאַנד און זיין אַרבעט אין דער ליטעראַטור און פּרעסע אויף יידיש. כ׳האָב עס געהאַלטן פאַר מיין חוב עס צו טון, ווייל עס איז פאַראַן אַ גרונט מורא צו האָבן נישט בלויז אַז מ׳וועט פאַרגעסן די דאָזיקע תקופה איבעם לעבן פון יוסף לוריאַ, נאָר מ׳וועט זיך באַמיען זי צו פאַרגעסן.

# יוסף קלויזנער

אינעם „השילוח״ פון קלויזנער און ביאַליק האָב איך אָנגעהויבן דרוקן מיינע ציוניסטישע אַרטיקלען און ספּעציעל מיינע איבערזיכטן איבער דער יידישער און העברעאישער פּרעסע. אַחד־העם וואָס איז געווען זייער דרייסט און געוואַגט אין געדאַנק און צוריקגעהאַלטן און קאָנסערוואַטיוו אין דער טאַט, האָט איבערגעגבן דאָס רעדאַגירן דעם „השילוח״ צוויי רעדאַקטאָרן, וועלכע האָבן אים געמאַכט פאַר אַ חודש־שריפט פון מוט און שווונג, פריש און זעלבסט־זיכער, און דער עיקר האָבן זיי דעם זשורנאַל באַפרייט פון דער גייסטיקער צווייאיקייט זיינער, פון דער קינסטלעכער שיידונג צווישן לעבן און קולטור פון יידישן פאָלק און דעם לעבן און קולטור פון אַנדערע פעלקער, פון דער גאַנצער מענטשהייט. קלויזנער האָט נישט אָנגענומען דעם געדאַנק פון זיין לערער און מייסטער אחד־העם, אַז די העברעאישע ליטעראַטור דאַרף זיך באַשרענקן און באַשעפטיקן זיך בלויז מיט יידישע פראַגן און פּראָבלעמען. ער האָט נישט אַרויסגענומען פונעם פּאַראינטערעסירונגס־קרייז פונעם „השילוח״ די אַלגעמיינע מענטשלעכע פּראָבלעמען. ער האָט אויפגעפּאַסט די נאַציאָנאַל יידישע און ציוניסטישע אָנשויאונגען ווי אַן אָרגאַנישער טייל פון דעם אידייען געראַנגל צווישן דער מענטשהייט. עס איז ווי אַוועק פון זשורנאַל די שווערפעלטיקייט און מרה־שחורה. מ׳האָט עס באַלד דערפילט אין די לידער וואָס מ׳האָט געדרוקט אין אים. טשערניחובסקי, פרץ, שניאור און אלע טאַלאַנטירטע יונגע, וואָס זענען דעמאָלט אַריין אין דער העברעאישער ליטעראַטור.

געווען דעמאָלט טעג פון ערב־שטורם, עס האָבן אויפגעברויזט וואָס אַמאָל שטאַרקער די רעוואָלוציאָנערע שטימונגען אין רוסלאַנד. געווען אַ שווערער קריזיס אין דער ציוניסטישער באַוועגונג און אין

איר אָרגאַניזאַציע. עס זענען געקומען די טעג פון אוגאַנדע־וויכוח און דאָס לעצטע יאָר אין הערצלס לעבן. דער „השילוח" האָט זיך גע־שטעלט אינעם צענטער פונעם אוגאַנדע־וויכוח און דעם קאַמף פאַרן ארץ־ישראל־פּרינציפּ אין דער רעגאָסאַנס־באַוועגונג פון יידישן פאָלק, אינעם צענטער פון דער פּאָליטישער אויפוואַכונג און קאַמף פאַרן געדאַנק, אַז די געגאַרטע „עמאַנציפּאַציע" איז נישט פאַרבונדן מיט פאַרלייקענען און אויפגעבן דאָס יידיש־נאַציאָנאַלע באַוווסטזיין.

און דאָס וויכטיקסטע, דער „השילוח" פון קלויזנער און ביאַליק האָט אויפגעהערט צו שטייען מן הצד צו די ענינים פון דער ציוניס־טישער אָרגאַניזאַציע. ער איז געוואָרן דער צענטער פאַר די פרישע און ברויזענדיקע כוחות פון דער יידישער געזעלשאַפט, ביי וועלכער דער ציוניזם איז געווען דער ברענפּונקט פון זיין וועלט־אַנשויאונג און זיין לעבן. קלויזנער וואָס זיין געשריבן וואָרט, און נאָך מער דאָס געזאָגטע וואָרט זענען געווען דורכגעדרונגען מיט אַ טיפן גלויבן אין דער גערעכטיקייט פון זיינע עיקר־געדאַנקן, האָט באַוויזן אויסצו־שטראַלן זיין גלויבן, טיפע זאָרג און האַרציקייט אויף זיינע לייענער און צוהערער.

ס'איז מיר פאַרבליבן אין זכרון נאָך פון די יונגע יאָרן די האַרציקייט, ליכט און וואַרעמקייט וואָס האָבן אַרויסגעשטראַלט פון זיין פערזענלעכקייט, באַנעמונג, טיפן גלויבן און דורכגעדרונגענעם וואָרט.

אין זיין מחיצה האָבן מיר יונגערע זיך געפילט ווי באַפרייט אויף א וויילע פון דער טאָג־טעגלעכער גרויער וואָכעדיקייט, ווי אין אַן אַנדער וועלט, אַן אויסגעטרוימטע, וואָס איז ליב און פילט אָן דאָס האַרץ מיט נישט געאַנטער פרייד. נאָכן חורבן פון יידישן צענ־טער אין רוסלאַנד איז קלויזנער אַריבער קיין ארץ־ישראל און דאָרט פאָרגעזעצט זיין ליטעראַרישע און וויסענשאַפטלעכע אַרבעט.

ער האָט זיך נישט איינגעשלאָסן אינעם רוב וואָס האָט געבויט דאָס לאַנד אויסנוצענדיק דעם בונד צווישן אונדז און ענגלאַנד, די מאַנדאַט מאַכט, וואָס האָט אָנגעהויבן איינשרענקן איר שליחות אין לאַנד און אירע הבטחות כלפּי אונדז. ער האָט געהערט צו דער אָפּאָזיציע קעגן דער „גענעראַלער ליניע" וואָס האָט, כלומר'שט, שלום געמאַכט מיט דעם פאַראַט פון ענגלאַנד לגבי דער מיסיע

וואָס זי האָט גענומען אויף זיך, מיטן פאַרעפנטלעכן די באַלפור־דעקלעראַציע — צו העלפן שאַפן אַ מדינה פאַרן יידישן פאָלק אין ארץ־ישראל. נאָכמער, ער האָט זיך דערנענטערט צו די אויפשטענדלער, וואָס האָבן גערעדט מיט דער שפּראַך פון די זעלאָטן און סיקריקן וואָס ביים סוף פון בית־שני.

פרעמד האָבן געקלונגען אין אונדזערע אויערן און אומפאַרשטענדלעך דער רוף צום קאַמף, צו אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד. באַזונדערס פונעם מויל פון קלויזנערן, וואָס זיין גייסטיקע פּאָן איז געווען „די יידישע עטיק", וואָס האָט זיך אויסגעקענט אינעם חשבון פון די כוחות אין דער היסטאָריע פון אונדזער פאָלק, אין די צייטן פון צוזאַמענשטויסן מיט גרויסע וועלט־כוחות, מיט וועלכע מיר האָבן זיך באַגעגנט אויפן שטח פון אונדזער געשיכטע. די היסטאָרישע אַנאַלאָגיע מיט אונדזערע באַציאונגען מיט רוים, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן מיט פריינדשאַפט און זיך געענדיקט מיט בלוטיקע מלחמות און חורבן, האָבן אונדז געבראַכט צו אַנדערע מסקנות, צו פאַרזיכטיקייט און הבלגה, כדי אויסצונוצן די מעגלעכקייטן פון בויען און קאָנצענטרירן מאַסן יידן אינעם לאַנד, אַזוי לאַנג ווי אָט די מעגלעכקייט איז פאַראַן.

מעגלעך אַז דער קלימאַט אין לאַנד, די איבערגעטריבענע פּיל־באַרקייט פון גלויביקע וואָס זעען ווי זייער גלויבן ווערט געטרעטן מיט די פיס, דאָס פאַרטרויען אין די כוחות וואָס האָבן זיך אַנטפּלעקט אין לאַנד און זייערע וווּנדערפולע שאַפונגען, און דאָס באַליידיקטע געפיל לגבי דעם פאַראַט און אָפּנאַרעריי — האָבן געבראַכט צום דערנענטערן זיך פון יוסף קלויזנער צו די פּורשים, וואָס זענען נישט מיטגעגאַנגען מיט דער מערהייט וואָס האָט, כלומר'שט, „שלום געמאַכט", צוליב וועניק אמונה און זאָרגפולן אָפּהיטן פון דעם ביסל וואָס איז געשאַפן געוואָרן מיט שווערע אָנשטרענגונגען, מיט בלוט און טרערן.

כ'האָב אים באַזוכט, אויב איך האָב קיין טעות נישט, אין יאָר 1932, ווען די אוניווערזיטעט אין ירושלים האָט שוין פאַרנומען דעם געהעריקן פּלאַץ אינעם ישוב, און ער דער וויסנשאַפט־מאַן, דער היסטאָריקער, וואָס האָט באַוויזן נאָך אין זיינע פאַרטראַגן אין דער אָדעסער ישיבה זיינע אַלזייטיקע ידיעות, זיין אָריגינעלן צוגאַנג צו

די פּראָבלעמען פון אונדזער געשיכטע אין די אור־אַלטע צייטן, אין דער תקופה פון אונדזער פּאָליטישער זעלבסטשטענדיקייט און די מלחמות צוליב איר, איז ברוטאַל דערווייטערט געוואָרן פונעם ווי־סענשאַפט־טעמפּל, וועגן וועלכן ער האָט געטרוימט נאָך אין דער מחיצה פון פּראָפעסאָר הערמאַן שאַפּיראָ, וואָס האָט דער ערשטער געפּאָדערט דעם אויפבוי פון אוניווערזיטעט. כ׳האָב אים געזען אַ באַליידיקטן און אַ פאַרביטערטן, ער האָט זיך געפילט איינזאַם און ווי מחוץ־למחנה. כ׳האָב אים מיטגעפילט. כ׳האָב געלייענט זיינע היסטאָרישע לעקציעס און בין פון זיי שטאַרק באַאיינדרוקט געוואָרן, די תקופה פון די חשמונאים איז געוואָרן אַזוי נאָענט, אַזוי טייער. צו צוליב דעם וואָס ער לעבט יענע תקופות, וועגן וועלכע ער דער־ציילט און ווייסט ווי באַליבט צו מאַכן זייערע העלדן ביי די צוהערער און לייענער — איז זיין היסטאָרישע קענטעניש פּסול? צו אָט די לעבעדיקע באַציאונג רירט מיט עפּעס אָן די געטריישאַפט צו די היסטאָרישע פאַקטן, און דער אָנשטרענג אָפּצודעקן די געהיימ־נישן אירע און דעם צוזאַמענשטויס צווישן דיווירקענדיקע כוחות און אירע פאַרשיידענע עפּאָכן, איז מיט עפּעס פּוגם די קאָמפּעטענץ פון היסטאָריקער?

ס׳איז מיר אַמאָל אויסגעקומען, אַלס רעדאַקטאָר פון דער וואָכענט־לעכער „הצפירה”, וואָס איז באַנייט געוואָרן אין פּוילן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, צו באַקומען אַן אַרטיקל איבער אַ היסטאָ־רישער טעמאָ פון איינעם וואָס האָט זיך גערעכנט אַלס גרויסער בקי אין די ענינים; ס׳איז געווען בלויז אַ הויפן פון פאַקטן פאַר־בונדן צווישן זיך מיט אַ כראָנאָלאָגישן פאָדים. עס איז נישט געווען קיין היסטאָריע נאָר היסטאָרישער שטאָף אין וועלכן מ׳האָט באַדאַרפט ערשט אַריינהויכן אַ נשמה. קלויזנער האָט געקענט לעבעדיק מאַכן די טרוקענע ביינער פון דער היסטאָריע פון יידישן פאָלק, דערוועקן ליבע פאַר אירע העלדן.

*

מוטיק און אומדערשראָקן איז קלויזנער געווען אַלע זיינע יאָרן, ער האָט זיך געהאַלטן אין זיין אמת אין לעבן און אין דער וויסענ־שאַפט. דער איינציקער צווישן אונדזערע היסטאָריקער וואָס האָט געוואַגט אָנצושרייבן אַ בוך וועגן יעזוס פון נצרת און ער האָט אים

געשילדערט ווי איינעם פון די צדיקים וואָס האָט דערגרייכט דעם הויך־פּונקט פון מאַראַל, ווי אַ געטרייער זון פון יידישן פאָלק און די עקרים פון זיין עטישער לערע. צו פאַרעפנטלעכן אַ בוך מיט אַזאַ אינהאַלט און דווקא אין ארץ־ישראל און אויף העברעאיש, איז נישט געווען קיין לייכטע זאַך. די „היטער פון דער מויער“, די פאַנאַטיקער פון דער טראַדיציע און אַפילו די אָנהענגער און פּראָפאַגאַטאָרן פון פרייהייט פון געדאַנק האָבן געזען אין אים אַ מין ביי־עם „אַחר“, וואָס פאַרטיידיקט דאָס „מינות“ (אָפּטריניקייט פון גלויבן). די געמעסיקטע האָבן אים באַדויערט: ווי האָט דער מענטש נישט פאַרשטאַנען, אַז מיט אָט דעם בוך גראָבט ער אונטער דעם פּרעכטיקן טעמפּל, וואָס ער האָט אַליין געבויט מיט זיין געטרייער אַרבעט פאַר די גרונט־יסודות פון יידיש נאַציאָנאַלער וועלט־אַנשויאונג? און קלויזנער האָט זיך נישט דערשראָקן און האָט אונדז אויפגעקלערט דעם „מעסיאַניזם“ פון יעזוס און זיינע פעלשונגען דורך זיינע תלמידים און נאָכפאָלגער צווישן די פעלקער.

אַ נייעם ליכט האָט ער געגאָסן אויף דעם אויפקום פון קריסטענטום. וואָס איז אַוועק פון יידנטום, וואָס האָט זיך געראַנגלט מיט רוים פאַר איר פּאָליטישער פרייהייט, פאַר איר תורה און גייסטיקער סוווערניטעט, און האָט גענומען אויף זיך דעם עול פון רוים און איר געזעץ. כדי צו דערמעגלעכן די רעוואָלטירנדיקע שקלאַפן, די געבילדעטע גאָט־זוכער אָנצונעמען די תורה פון יעזוס, דעם יידישן רב וואָס האָט זיך געזען אַלס משיח פון זיין יידישן פאָלק. דאָס איז געווען אַ יידישער אויפפאַסונג פונעם קריסטענטום אַלס איינע פון די משיחישע באַוועגונגען ביים סוף פון בית שני, אַ באַוועגונג וואָס איז אַוועק פונעם יידנטום און האָט איבערגענומען די הערשאַפט אין רוים מיט כוח פון דער דאָזיקער אָפּטריניקייט און געוואָרן אַ פיינט פונעם יידנטום, וואָס האָט ווייטער געלעבט און נישט אַנערקענט דאָס קריסטענטום בעת עס האָט געוועלטיקט איבער דער וועלט, פּונקט ווי זי האָט עס נישט אַנערקענט ווען דאָס קריסטענטום האָט געמאַכט די ערשטע שריט אויפן וועג פון נאַציאָנאַלער אָפּטריניקייט אין די יאָרן פון קריג צווישן יהודה און רוים. מ׳קען זיין קעגן אָט דער אויפפאַסונג פון קלויזנערן, מ׳קען אָפּוואַרפן זיין טעאָריע געענצלעך אָדער בלויז איינציקע פּרטים אירע, אָבער קיינער וועט נישט וואַגן

אָוועקצוקוקן פון זיין גרויסן אויפטו וואָס האָט אונדז באַפרייט פונעם מיסטישן פחד, וואָס האָט אונדז געמאַכט אוממעגלעך צו זען אינעם אויפקום פון קריסטענטום, אַ גרויסע דערשיינונג אינעם לעבן פון יידישן פאָלק און פאַרשטיין דעם פראָצעס פון זיין דערווייטער־רונג פון יידנטום און יידן.

אויך אין זיין בוך וועגן דער תקופה פון בית שני האָט ער געוואָרפן אַ ניי ליכט אויף דער עפּאָכע פון שיבת־ציון. ער האָט בולט געמאַכט דעם געראַנגל צווישן דעם כהן גדול און דעם יורש פון בית דוד אין וועלכן די לעצטע נביאים חגי און זכריה האָבן געזען דעם מלך המשיח.

*

כ'האָב באַזוכט קלויזנערן זומער תשי״ד און כ'האָב מיך געפרייט אים צו זען פריש און פול מיט אַרבעט־לוסט. ער האָט מיר דערציילט וועגן דער אויסגאַבע פון זיינע ווערק און וועגן פאַרענדיקן אַרבעטן וואָס ער האָט אָנגעהויבן. כ'האָב מיך צוגעהערט פול מיט התפעלות און באַוואונדערט די גרויסע שאַפונגס־כוחות וואָס שלומערן אינעם גייסט פון דעם מענטשן וואָס דערנענטערט זיך צו אַכציק יאָר און פון דער טיפעניש פון מיין האַרץ זענען אויפגעגאַנגען די ווונטשען פאַר מיין ערשטן רעדאַקטאָר, וואָס האָט מיך אַריינגעפירט אינעם טעמפּל פון דער העברעאישער ליטעראַטור, צום מאַן פון גרויסע אויפטוען און קאָלאָסאַלער שאַפונגס־קראַפט, ער זאָל נאָך לאַנגע יאָרן לעבן און זאָל קאָרעגירן אין דער לעצטער אויסגאַבע פון זיינע ווערק וואָס מ'דאַרף קאָרעגירן און פאַרענדיקן וואָס ער האָט אָנגע־הויבן. אין דער מדינת ישראל צו וועלכער מיר האָבן זוכה געווען און אַלע האָבן מיר אַ חלק אין דעם דאָזיקן זכות, זאָלן פאַרגעסן ווערן די ראַנגלענישן צווישן אונדז אויפן וועג צו דער מדינה און עס זאָל דערמאָנט ווערן בלויז יעדענס חלק אינעם אויפוועקן דעם גייסט, אינעם קלאָרמאַכן די אַנשויאונגען, אין געראַנגל און אויפ־בוי. און אויף דעם געביט איז דאָך גרויס און וואָגיק דאָס ווערק פון קלויזנערן.

# לעאָ מאָצקין

מאָצקין איז געווען אַ גרויסער חסיד הערצלס פונעם טאָג וואָס ער איז דערשינען אויף דער היסטאָרישער אַרענע פון יידישן פאָלק, ער איז אָבער אויך געווען דער ערשטער וואָס האָט זיך געשטעלט קעגן הערצלען, וואָס האָט אים קריטיקירט און געשטימט קעגן אים. כ׳געדענק נישט צי ער האָט געזאָגט די דאָזיקע ווערטער בפירוש: די באַוועגונג שטייט העכער פון מנהיג. דער כוח פון מנהיג ליגט אין דער באַוועגונג און נישט פאַרקערט; און אַפילו ווען דער מנהיג איז דער וואָס האָט געשאַפן די באַוועגונג קען דער מנהיג גייען און די באַוועגונג בלייבט. די וועלט אורטיילט וועגן מנהיג נישט בלויז לויט זיינע פערזענלעכע אייגנשאַפטן, נאָר לויט דעם כוח פון דער באַוועגונג, בראש פון וועלכער ער שטייט, לויט דעם דרוק פון די מאַסן וואָס ווילן דערגרייכן צום ציל וואָס איז פאַר זיי אָנגעצייכנט געוואָרן און זייער גרייטקייט קרבנות מקריב צו זיין פאַר דער רעאַליזאַציע פון ציל. עס איז נישטאָ אין דער באַוועגונג אַ מענטש וואָס אָן אים קען די באַוועגונג נישט עקזיסטירן און זיך ווייטער אַנטוויקלען. דאָס איז די תורה וואָס עס האָט אונדז געלערנט מאָצקין. ער האָט זי פאָרמולירט דעמאָלט ווען ער צוזאַמען מיט אַ גרופע יונגע האָבן געוואַגט צו דערשיינען פאַר הערצלען, אים צו קריטיקירן און אים שטעלן האַרבע פאָדערונגען אינעם נאָמען פון דער באַוועגונג.

און אויך שפּעטער, אין פאַרשיידענע תקופות אינעם ציוניזם איז מאָצקין געבליבן געטריי דער דאָזיקער תורה. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיך מאָצקין געשטעלט בראש פון יענע כוחות אינעם יידישן פאָלק, וואָס האָבן געוואָלט דורכפירן אַן איבערקערעניש אינעם רעזשים פון יידישן לעבן אין גלות אויפן געביט פון קאַמף פאַר אונדזערע בירגערלעכע און נאַציאָנאַלע רעכט — פונקט ווי יענע איבערקערעניש וואָס הערצל האָט דורכגעפירט מיט הצלחה אויפן געביט פון קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער גאולה. מאָצקין, וואָס האָט

אָפּגעהיט דעם דעמאָקראַטישן געדאַנק אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, האָט געשטרעבט און געמאַכט אַנשטרענגונגען איינצופירן די הערשאַפט פון פאָלק אויך אינעם יידישן לעבן אין גלות. זיין לאַנגיעריקער קאַמף זינט די טעג פון דער פרידנס־קאָנפערענץ אין פּאַריז, פונעם „קאָמיטע דע־לאַ דעלעגאַסיאָן זשוויף" ביז דעם „יידישן וועלט־קאָנגרעס" האָט געהאַט דעם ציל איינצופירן פאָלקס־הערשאַפט אינעם יידישן לעבן אין גלות. ער האָט אויך פּרובירט אויפשטעלן אַ גרויסע הילפס־געזעלשאַפט ווי דער „דזשוינט", מיטן צוועק זיך צו באַפרייען פון דער אַפּוטרופּסות פון די נאָטאַבלען, גבירים און אייננפלוסרייכע מענטשן אינעם יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן, אָבער נישט געהאַט קיין הצלחה אין דער דאָזיקער אונטערנעמונג. אויפן פּאָליטישן געביט האָט עס אויסגעזען אַז ער האָט מצליח געווען. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ רעפּרעזענטאַנץ פאַרן וועלט־יידנטום, מיט דער הילף פון די פאָרשטייערשאַפטן פון די יידישע מאַסן אין די לענדער פון מזרח־אייראָפּע. אָבער די סטאַביליטעט און שטאַנדהאַפטיקייט פון די דאָזיקע מאַסן איז נישט געווען קיין גרויסע, און די פּאָליטישע באַדינגונגען האָבן זיך אָנגעהויבן ענדערן אין אַ זייער שנעלן טעמפּאָ. און ביים סוף פון מאָצקינס לעבן איז שוין קלאָר געווען, אַז אויך דער עקספּערימענט איז נישט געלונגען אין דער מאָס, ווי מיר האָבן גערעכנט ביים אָנהויב.

אין אַ ריידע וועגן דער לאַגע פון די דייטשע יידן ביים אָנהויב פון דער היטלער־הערשאַפט ווענדעט זיך מאָצקין מיט אַ וואָרנונג, אַז מ'דאַרף זיך נישט מאַכן קיין אילוזיעס אַז עס זענען נישט מעגלעך קיין בלוטיקע אַנטי־יידישע פּאָגראָמען אין אַ מדינה ווו עס הערשט געזעץ און אָרדנונג. אויך אין רוסלאַנד, זיינערצייט, פאַרן אויסברוך פון דער פּאָגראָם כ'וואָליע, האָבן יידן אַזוי געטראַכט. דאָס „ליד" — „ווען יודן־בלוט פון מעסער ריננט איז דאַס נאָכאיינמאָל זאָ גוט" זאָגט עדות אַז עס וועט זיך ענדיקן מיט מאָרד. די גרויזאַמע נבואה איז ליידער מקויים געוואָרן, הגם מאָצקין אַליין וואָלט אַ וודאי נישט געגלויבט ווען מ'וואָלט אים פאָראויסגעזאָגט, אַז עס וועט קומען אַ טאָג ווען די דייטשען וועלן אויסראָטן מיליאָנען יידן, אין גרויליקסטע מיתות משונות וואָס שטייגט איבער יעדער טייוולאָנישע פאַנטאַזיע, און דאָך איז עס געשען.

### ענדערונגען אין דער יידישער געזעלשאַפט

אויב עס איז געווען אַמאָל אַ סאָרט וועלטלעכע מאַכט אין הער־שאַפט אין דעם צעזייטן און צעשפּרייטן יידנטום אויף דער וועלט, איז עס שטענדיק געווען אַ הערשאַפט וואָס האָט נישט געשטאַמט פון וואַלן, נאָר האָט געהאַט אַן אָנשפּאַר אויף איינפלוס ביי די נישט יידישע מאַכט־פאַקטאָרן אין די גלות־לענדער, אָדער אויפן כוח פון ווילטעטיקע אינסטיטוציעס, אָדער פּאָליטישע שתדלנות, וואָס דורך איר האָט דער שתדלן אָדער דער בעל־צדקה זיך דערוואָרבן אַ נאָמען און אויטאָריטעט און אויך אַ רעכט צו פירן און הערשן אין זיין געמיינדע. דאָס גרויסע ווערק פון הערצלן — דאָס פעסטשטעלן די קאָנגרעסן אַלס געזעצגעבערישע אַנשטאַלטן, וואָס באַזירן זיך אויף וואַלן, דאָס שאַפן אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס איז אָפן פאַר יעדן יידן — האָט געענדערט די גאַנצע אָרדנונג אין אונדזער אויפלעבונג און גאולה באַוועגונג. זינט דעמאָלט — פירן די וואָרט־זאָגער און פירער פון דער ציוניסטישער באַ־וועגונג אַ מלחמה מיט דער עקזיסטירנדיקער אָרדנונג אינעם לעבן פון יידישן כלל. פריער האָבן זיי זיך באַמיט איבער־צונעמען די מאַכט אין די קהלות, אין דער יק״א און אין דער חברה „כל ישראל חברים", בלויז כדי צו פירן דאָרט ציוניסטישע טעטיקייט; אָבער זיי האָבן ווייניק מצליח געווען אין די קהלות און אינגאַנצן נישט מצליח געווען אין די גרויסע פילאַנטראָפּישע געזעלשאַפטן.

ערשט אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און נאָך איר איז דער קאַמף אויסגעברייטערט געוואָרן און האָט אַרומגענומען אויך פּאָליטישע טעטיקייטן אין גלות, די פאַרטיידיקונג פון די רעכט פון יידן אין די גלות־לענדער, וואָס איז פריער געווען דאָס טעטי־קייט־געביט פון שתדלנים, פילאַנטראָפּן און אַנדערע איינפלוסרייכע יידישע עסקנים. בראש פון דעם דאָזיקן קאַמף איז געשטאַנען מאָצקין און אים האָט ער געווידמעט די לעצטע תקופה פון זיין לעבן. נישט איינמאָל איז ער געשטאַנען איינזאַם מיט זיין קליינע גרופּע פריינט פון פאַרשיידענע לענדער, וואָס אויך זיי האָבן געפירט דעם זעלבן קאַמף, נישט באַקומענדיק קיין גענוגענדיקע הילף פון דער ציוניס־טישער אָרגאַניזאַציע, וועמענס פאָן ער האָט געטראָגן אינעם לאַגער פון אירע נאַטירלעכע קעגנער. אָבער ווען עס איז געקומען צו אַ

פשרה צווישן ציוניזם און די מאַכט־האָבער פון די פילאַנטראָפּישע און הילפס־געזעלשאַפטן איז ער נישט אימשטאַנד געווען צו פירן ווייטער זיין קאַמף און האָט זיך אונטערגעגעבן.

ביים ענדע פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די וועלט האָט זיך געגרייט צו דער פרידענס־קאָנפערענץ, ווען דאָס אַריינטרעטן פון די פאַראייניקטע שטאַטן אין קריג און די לאָזונגען פון ווילסאָן פון איין זייט און די רוסישע רעוואָלוציע פון דער צווייטער זייט האָבן עדות געזאָגט, אַז די וועלט האַלט זיך ביים באַנייען און עס האָבן זיך געשטאַרקט די האָפענונגען אַז די נייע וועלט וועט אויפגעשטעלט ווערן אויף די יסודות פון פרייהייט און יושר — האָט אַרומגענומען די יידישע קבוצים אויף דער וועלט אַ שטרעבונג זיך צו פאַראייניקן אין דער פאָדערונג פון רעכט אויף נאַציאָנאַלע אויפלעבונג און נאַציאָנאַלער גאולה אינעם היימלאַנד און נאַציאָנאַלע רעכט אין די לענדער פון קאָמפּאַקטע יידישע צענטערן. אין פּאַריז האָבן זיך פאַרזאַמעלט די שליחים פון די יידשע קבוצים אין די מזרח־אייראָפּעאישע לענדער און האָבן זיך פאַראייניקט מיט די שליחים פון אמעריקאַנער יידישן קאָנגרעס און מיט די פאָרשטייער פון „כל ישראל חברים” און דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט געהאַט איר באַזונדערע מיסיע און אויך אַ יורידישן באַזיס אין דער ענגלישער דעקלעראַציע, און אַלע האָבן אַנערקענט איר רעכט צו פירן באַזונדער איר אַרבעט, אין איר אויסשליסלעכער קאָמפּעטענץ. זיי האָבן איר אויך געהאָלפן אין איר אַרבעט. בלויז די חברה „כל ישראל חברים” איז געבליבן טריי איר אַסימילאַטאָרישער טראַדיציע און האָט אַטאַקירט דעם ציוניזם און דעם געדאַנק אַז עס עקזיסטירט אַ יידישע נאַציאָן, וואָס שטרעבט צו זעלבסט־שטענדיקייט און סוווערניטעט אינעם אוראַלטן פאָטערלאַנד.

די פאַראייניגונג פון די דעלעגאַציעס האָט געשאַפן אַן איינהייטלעכן דעלעגאַטן־קאָמיטעט, אין אים איז מאָצקין געווען דער ראש־המדברים. אַלס באַזיס פון די פאָדערונגען וואָס האָבן מצד די יידישע פאָרשטייער גענאַרפט פאָרגעשטעלט ווערן דער פרידנס־קאָנפערענץ, איז אָנגענומען געוואָרן די שטרעבונג אָפּצוהיטן, שיצן און אַנטוויקלען די נאַציאָנאַל־יידישע אייגנאַרט און נישט די שטרעבונג צו

אסימילירן זיך און צונויפגיסן זיך מיט די פארשידענע פעלקער. דער נצחון פון די דעלעגאטן פון די מזרח אייראפעאישע יידישע קבוצים, מיט מאצקין בראש, איז געווען כמעט א פולשטענדיקער. די איינפלוס־רייכע דעלעגאטן פון אמעריקע האבן, אמת, נישט אנערקענט מיטן פולן מויל, די דאזיקע פאדערונגען, אבער זיי האבן נישט געוואגט זיך זיי אנטקעגן צושטעלן. ערשט נאך דעם דאזיקן נצחון האט זיך אנגעהויבן א קאמף ארום דער פראגע, צי מ'דארף פארוואנדלען דעם קאמיטעט פון די דעלעגאציעס אין א שטענדיקער, שטאבילער אינסטיטוציע, וואס זאל קאארדינירן די יידישע פאליטישע טעטיקייט אין גלות, זאל אכט געבן און פאדערן די רעאליזירונג פון די אינטערנאציאנאלע אפמאכן וועגן די רעכט פון די מינדערהייטן און זאל צו הילף קומען די יידישע קבוצים אין זייערע פאליטישן קאמף אין די באזונדערע לענדער.

די פארשטייער פון אמעריקאנער יידנטום, און צוזאמען מיט זיי אלע יידישע קבוצים אין מערב־אייראפע האבן זיך מיט דער גאנצער קראפט אנטקעגנגעשטעלט דער דאזיקער פאדערונג. זיי האבן נישט פארשטאנען צו וואס מ'דארף זי. דער מינדערהייטס טראקטאט איז אונטערגעחתמ'ט. אמת, די אונטערשריפטן האט באגלייט דער בריוו פון קלעמאנסא אין נאמען פון פראנקרייך צום פוילישן דעלעגאט פאדערעווסקי האט באדייטענדיק ווייכער געמאכט און אפגעשוואכט די פאראגראפן פונעם אפמאך; אבער די אמעריקאנער האבן געהאלטן, אז זייער אויפגאבע איז פולשטענדיק אויסגעפולט און מיט דעם איז דער ענין פארענדיקט. מ'דארף נישט, לויט זייער מיינונג, „שטעכן די אויגן" מיטן אויפשטעלן אן „אינטערנאציאנאלע" יידישע אינסטיטוציע וואס זאל שטיין אויף דער וואך, גלייך מ'זאל אין פאראויס נישט גלויבן אינעם יושר און לאיאליטעט פון די פעלקער צו זייערע אונטערשריפטן. דעריבער דארף מען נישט שאפן א שטענדיקן דעלעגאציעס קאמיטעט. דער קאמיטעט האט שוין דערפילט זיין אויפגאבע און ער דארף זיך פונאנדערגיין.

אפשר האבן די אמעריקאנער געהאט סיבות צו גלויבן אין אפמאכן און פאליטישע התחייבות'ן. אבער די דעלעגאטן פון מזרח־אייראפעאישן יידנטום און מאצקין בראש האבן געוווסט פון דער

ביטערער פּראַקטיק אַז מ׳קען זיך נישט פאַרלאָזן אויף אָפּמאַכן און נישט אויף פּאָליטישע התחייבות׳ן. זיי האָבן פאַרשטאַנען אַז דער קאַמף פאַר רעאַליזירן די אָפּמאַכן און דערפילן די התחייבות׳ן וועט זיין אַ סך אַ שווערערער ווי דער קאַמף זיי אָנצונעמען. עס איז פאַר מאַצקינען און פאַר די פאַרשטייער פון די מזרח אייראָפּעאישע יידישע קבוצים קלאָר געווען, אַז קיין שום יידישער קבוץ וועט נישט זיין אומשטאַנד צו פאַרטיידיקן זיינע רעכט אָן דער הילף פונעם וועלט־יידנטום, וואָס וועט זיין רעפּרעזענטירט דורך אַ שטאַבילער אינסטיטוציע וואָס זאָל רעדן אין איר נאָמען, ווייל די אַלע אָפּמאַכן, וועגן מינדערהייט־רעכט זענען דערגרייכט געוואָרן מיט דער הילף פון די פאַראייניקטע כוחות פון דעם דאָזיקן יידנטום, וואָס אין איר נאָמען האָט געווירקט דער קאָמיטעט פון די דעלעגאַציעס. אָבער דווקא אָט דער אַרגומענט האָט געשראָקן די מענטשן פון אַמעריקע און מערב־אייראָפּע. זיי האָבן נישט געוואָלט איינגייען אויף דעם פּרינציפּ אַז אין אַלע לענדער בילדן די יידן אַ נאַציאָנאַלע איינהייט, מיט אייגנאַרטיקע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען און צילן. זיי האָבן פאַרשטאַנען זייער יידישע סאָלידאַריטעט ווי אַן אויסדרוק פון אַ העכערן געפיל פון ברידערלעכקייט, וואָס פאַרלאַנגט פון זיי צו קומען צו הילף זייערע ברידער לויטן אָפּשטאַם און רעליגיע אין אַ נויט. געבענדיק זייער הילף זייערע יידישע ברידער האָבן זיי נישט פאַרלייקענט זייער אנשויאונג אַז עס עקזיסטירט נישט קיין יידישע נאַציע אויף דער וועלט. אָבער, אויב זיי וועלן זיך באַטייליקן אין אַן אינסטיטוציע וואָס דאַרף פירן אַן איינהייטלעכע יידישע פּאָליטיק אין די גלות לענדער, וועלן זיי דאָך מיט אייגענע הענט צושטערן די גאַנצע וועלט זייערע... דער דאָזיקער געדאַנקען־גאַנג איז, אין ערשטער שורה, דיקטירט געוואָרן פון פחד, טאָמער וועט די גוישע וועלט זען אין דער יידישער פּאָליטישער סאָלידאַריטעט אַ מין קאָמפּלאָט אַ געהיימען פונעם וועלט־יידנטום... און דאָרט ווו דער פחד איז משפיע אויף באַשלוסן, אויפן טוען און ווירקן, איז נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר לאָגיק און אַרגומענטן.

די אַמעריקאַנישע דעלעגאַטן האָבן פאַרלאָזט דעם קאָמיטעט און צוזאַמען מיט זיי די באַפולמעכטיקטע פון מערב־אייראָפּע. מאַצקין

און זײַנע חברים האָבן געליטן אַ דורכפאַל. ס׳איז נישט געשאַפן געוואָרן קיין יידישער פּאָליטישער מאַכט־אָרגאַן אין גלות. די אײַנ־פלוס־רײַכע יידן האָבן נישט געוואָלט שטעלן זייער כּוח און אײַנ־פלוס צום דינסט פון גאַנצן פאָלק עפנטלעך און סטאַביל. זיי האָבן געהאַלטן אַז עס איז בעסער צו גיין מיטן אַלטן וועג: צו קומען צו הילף ווען עס וועט געשען אַן אומגליק, ווען דער דרוק וועט גרעסער ווערן, ווען עס וועט קומען צו אַ קאַטאַסטראָפע. און אויך דעמאָלט וועלן זיי זיך באַמיִען נישט „צו שטעכן די אויגן" און טוען זייער אַרבעט באַהאַלטן און אָן פּרסום. זיי קענען אָבער נישט אנערקענען אַן אוניווערסאַלע יידישע אינסטיטוציע אין די יידישע תּפוצות וואָס וועט פירן אַן איינהייטלעכע פּאָליטיק און זיך באַטייליקן אין איר.

אָבער מאָצקין און זײַנע חברים האָבן זיך נישט אונטערגעגעבן. זיי האָבן פאַרגעזעצט זייער טעטיקייט אין קאָמיטעט פון די דעלע־גאַציעס. ער איז דערקלערט געוואָרן אַלס אַ סטאַבילע און שטענדיקע אינסטיטוציע. סאָקאָלאָוו איז געוויילט געוואָרן אַלס פּערמאַנענטער פּרעזידענט פון קאָמיטעט, אָבער בראש פון דער אינסטיטוציע איז געשטאַנען מאָצקין און איז געווען איר פּאַקטישער פירער. ס׳איז געווען אַ טראַגישער קאַמף פון מאָצקינען און די אַלע וואָס האָבן אים געהאָלפן אין דער אַרבעט.

די באַזונדערע פאַרשטייערשאַפטן פון יידן אין די גלות־לענדער, באַזונדערס אין מזרח־אייראָפּע, אויף זייערע ערטער, האָבן, אמת, געזען אַן אָנשפּאַר אינעם קאָמיטעט פון די דעלעגאַציעס, אין זייער קאַמף פאַר יידישער גלײַכבאַרעכטיקונג, און דעריבער האָבן זיי הויך געשאַצט דעם קאָמיטעט און אים אונטערשטיצט, אָבער זיי זענען נישט געווען בכּוח צו פאַרזיכערן זײַן עקזיסטענץ און אויס־טיילן פאַר אים די געהעריקע מיטלען, וואָס זיי האָבן אַליין געהאַט זייער ווייניק, פאַר דער לאָקאַלער פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכער און אָרגאַניזאַציאָנעלער אַרבעט. מאָצקין, אַלס אָנפירער פונעם קאָמיטעט אין פּאַריז, האָט נישט געהאַט קיין לײַכטע אויפגאַבע. ער איז געווען איינזאַם און עלנט. דאָס דעמאָלטיקע פּאַריז איז געווען אַ מין מדבר אין יידיש־נאַציאָנאַלער הינזיכט. די נײַע אימיגראַנטן האָבן נאָך

נישט געהאַט געשאַפן זייער הילפס־פעדעראַציע; די ציוניסטישע באַוועגונג איז אויך געווען שוואַך, זייער שוואַך. צווישן דער יידישער אינטעליגענץ האָבן זיך נאָך נישט געהאַט אויפגעוועקט נאַציאָנאַלע מחשבות, אַזוי ווי זיי האָבן זיך אָנטפלעקט שפּעטער מיטן אויפקומען פון דער רעאַקציע און נצחון פון נאַציזם. בלויז די באַזוכן פון די ציוניסטישע דעפּוטאַטן און פון די מזרח־אייראָפּעאישע פּאַרלאַמענטן אין פּאַריז האָבן אַביסל באַפרייט מאָצקינען פונעם געפיל פון איינזאַמקייט און עלענט. אָבער ער האָט נישט פאַרלאָזט זיין פּאָסטן. ער האָט אַרויסגעגעבן העפטן אין פראַנצויזיש וועגן פּאָליטישן געראַנגל פון די יידן אין די באַזונדערע לענדער. ער האָט פאַרפאַסט מעמאָראַנדומס, געמאַכט ווענדונגען צום פעלקער־בונד און פאַרשיידענע מדינות אין שליחות פון די באַזונדערע יידישע קבוצים, רעפּרעזענטירט דאָס יידישע פאָלק אויף אינטערנאַצאָנאַלע צוזאַמענפאָרן און דאָרט פאַרגעשטעלט יידיש־נאַציאָנאַלע פאָדערונגען. אַמאָל האָבן זיינע אינטערווענצן געהאַט אַ געהעריקע פּעולה. מ׳האָט גוט געוווּסט אין די מזרח־אייראָפּעאישע לענדער אַז אין דער הויפּטשטאָט פּאַריז איז דאָ אַ מענטש וואָס שטייט בראש פון אַ יידישער אינסטיטוציע און זאָרגט פאַר שוץ און פאַרטיידיקונג פון די רעכט פון יידן. אָבער די מעגלעכקייט פאַר דער טעטיקייט פון מאָצקינען זענען געווען באַגרענעצט. סיי צוליב דער פאַרשטאַרקונג פון דער רעאַקציע בכלל און סיי צוליב דעם וואָס פיל פון די אידעאַלן און געדאַנקען וואָס האָבן געדינט אַלס באַזיס פאַר די אָפּמאַכן וועגן רעכט פון מינדערהייטן און וועגן די רעכט פון די יידן — האָבן ביסלעכווייז אויסגעוועפּט, פאַרלוירן זייער צוציאונגס־קראַפט. אין די לענדער פון מערב־אייראָפּע וואָס האָבן באַדאַרפט אָפּהיטן דער מינדערהייט־אָפּמאַך ווי אַ טייל פון ווערסיילער טראַקטאַט, איז געוואַקסן דער אומווילן צו קאָמפּליצירן די אַזוי אויך גענוג קאָמפּליצירטע ענינים, מיטן געגוריען אָפּהיטן דעם מינדערהייט־אָפּמאַך און די יידישע רעכט. אייך אין די קרייזן פון די אָפיציעלע וואָרט־זאָגער פון פראַנצויזישן יידנטום, אין די קרייזן פון דער „קאָנסיסטאָריע" און „כל ישראל חברים" האָט זיך געשטאַרקט די קעגנערשאַפט צו מאָצקינס טעטיקייט און אידייען וואָס קענען נאָך „ברענגען אַן אומגליק" אויפן פראַנצויזישן יידנטום. אַזוי אַרום איז מאָצקינס פּאָזיציע געוואָרן ווי איזאָלירט און אָפּגע־

שוואַכט און איר איינפלוס און טעטיקייט־קרייז איז דערפירט געוואָרן ביז אַ מינימום.

*

אין די ערשטע יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיך פאַרשטאַרקט די עקאָנאָמישע נויט אין די יידישע קבוצים אין די מזרח אייראָפעאישע לענדער, וואָס זענען שווער געשעדיקט געוואָרן פון דער מלחמה עס האָט געדראָט אַ הונגער געפאַר און מ'האָט באַדאַרפט זיך צוויילן מיט ברענגען הילף פאַר זיי. די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן אָרגאַניזירט די דאָזיקע הילף פאַר אַלע נויטבאַדערפטיקע לענדער און הילף פאר יידן האָט געבראַכט דער „דזשאָינט״ וואָס האָט זיך ביי אָרגאַניזירט צו דעם צוועק, איינשליסענדיק אין זיך צדקה־חברות אין אַמעריקע. הגם די געלט־מיטלען זענען געקומען פון זאַמעל־אַקציעס צווישן די ברייטע פאָלקס־מאַסן, זענען אין דער שפיץ פון „דזשאָינט״ אַוועקגעשטעלט געוואָרן יענע קרייזן וואָס האָבן צוניישט געמאַכט דאָס שאַפן דעם קאָמיטעט פון די דעלעגאַציעס אַלס סטאַבילע און שטענדיקע אינסטיטוציע. געווען, אמת, אין „דזשאָינט״ אויך פאַרשטייער פון מיטל־קלאַס און פאַרשטייער פון די סאָציאַליסטישע יידישע אַרבעטער. אָבער די ערשטע זענען אין אַלעמען נאָכגעגאַנגען די איינפלוסרייכע גרויסע גבירים, און די לעצטע ווידער האָבן דער עיקר געזאָרגט פאַר באַקומען סובסידיעס פאַר די שולן מיט דער יידישער למוד־שפראַך און פאַר הילף פאַר די ווירטשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס פון די אַרבעטער בכלל און „בונד״ בפרט, זיי האָבן אָבער נישט געהאַט דעם מינדעסטן אינטערעס פאַר דער אַנדערער אַרבעט פון „דזשאָינט״. און די ציוניסטן— האָבן רעזיגנירט פון מאָנען זייער חלק און אין איינפלוס און אין באַשטימען די ריכטונג פון די „דזשאָינט״־טעטיקייטן. צוליב דער שטרעבונג פאַנאַדערצוטיילן די געבניטן און צו פאַרזיכערן דאָס געביט פון ציוניסטישער און ארץ־ישראל'דיקער אַרבעט פאַרן אויסשליסלעכן איינפלוס פון די ציוניסטן, האָבן זיי איבערגעגעבן די אַרבעט אין גלות אין די הענט פון די פלוטאָקראַטישע „דזשאָינט״־אָנפירער. ארץ־ישראל האָט נאָך דעמאָלט נישט פאַרנומען דעם סאַמע אויבנאָן אינעם לעבן און שטרעבן פונעם יידישן פאָלק; די לאַגע אין לאַנד איז געווען אַ

געענגטע אין די אופּנאַמס־מעגלעכקייטן זענען געווען זייער קליינע. אין די גלות־לענדער ווידער, נאָך דעם ווי די לענדער זענען טיילווייז עקאָנאָמיש צו זיך געקומען נאָכן מלחמה־חורבן, מ'האָט צוריקגע־שטעלט די קאָמוניקאַציע און פאַרבינדונגען צווישן פעלקער און לענדער, אָנגעהויבן צו באַאַרבעטן די פעלדער, אַרבעטן אין די ווידער געעפענטע אָדער נײַ אויפגעבויטע פאַבריקן — האָבן די פערעספּעק־טיוון אויף דער צוקונפט נישט אויסגעזען צו זיין קיין שלעכטע. וואָלטן דעמאָלט געעפענט געוואָרן די טויערן פון אַמעריקע וואָלטן אַוודאַי נישט וועניקער ווי אַ מיליאָן יידן עמיגרירט אַהין. דער ווילן עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל, דאַקעגן, איז נאָך נישט געווען שטאַרק, באַזונדערס אין די קרייזן פון מיטלשטאַנד, וועמענס עקאָ־נאָמישע לאַגע האָט זיך אָנגעהויבן בעסערן.

ביי אַט דער סיטואַציע איז די טאַקטיק פון די אַמעריקאַנער ציו־ניסטן געווען ממש אַ זעלבסט־מאָרד און האָט ביז גאָר אָפּגעשוואַכט זייער השפּעה. אין אייניקע יאָר אַרום איז עס געקומען דערצו, אַז די ציוניסטישע וועלט־אָרגאַניזאַציע האָט גענומען פירן אונטערהאַנד־לונגען מיט די „דזשאָינט״־מענטשן, כדי צו פאַרזיכערן זייער הילף פאַרן ציוניזם און ארץ־ישראל, האָט זיי נאָכגעגעבן אין אַ סך פרינ־ציפּיעלע ענינים, אַבי זיי זאָלן זיך איינשליסן אין דער פאַרברייַ־טערטע יידישער אַגענץ פאַר ארץ־ישראל.

אין די לענדער פון מזרח אייראָפּע האָט זיך דער „דזשאָינט״ דערוואָרבן אַן אַנטשיידנעם איינפלוס. בלויז די ערשטע צייט האָבן די „דזשאָינט״־פאָרשטייער זיך באַשעפטיקט מיט געוועגלעכע צדקה־אַרבעט, מיט פאַרטיילן שפּייז, מלבושים און רפואות. ווען עס האָט אויפגעהערט דאָס באַדערפעניש אין דעם, זענען די „דזשאָינט״־טוער איבערגעגאַנגען צו ברייטערע סאָציאַלער הילף וואָס האָט אַרומגע־נומען דאָס גאַנצע עקאָנאָמישע און קולטורעלע לעבן. מיט דעם פינאַנ־סיעלן כוח זייערן האָבן זיי געקענט משפּיע זיין און האָבן טאַקע משפּיע געווען, אויפן גאַנג פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן, אויף דעם כוחות־צונויפשטעל זייער, אויפן שאַפן פון אויטאָריטעט און מאַכט־פּאָזיציעס אינעם פאָלק. וואָלט צוגעקומען אַט דער קאָלאָסאַלער כוח צו די נאַציאָנאַלע און ציוניסטישע כוחות, וואָס האָבן איבערגענומען

די פּאָליטישע הערשאַפט און געשטאַנען בראש פונעם גערַאַנגל פאַר די רעכט פון יידן אין זייערע וווינלענדער, און וואָלט אַט דער דאָזיקער כוח געדינט ווי אַן עקאָנאָמישער און געזעלשאַפטלעכער אָנלען אויך פאַר דעם דאָזיקן פּאָליטישן גערַאַנגל, וואָלטן די יידישע קבוצים אין מזרח אייראָפּע דעמאָלט אַנדערש אויסגעזען. בראש פון זיי וואָלטן געשטאַנען די מענטשן פון דער יידישער נאַציאָנאַלער אויפלעבונג און גאולה, און די טעטיקייט פון סאָציאַלער הילף און עקאָנאָמישער רעקאָנסטרוקציע וואָלטן געווען געענדערט דעם גאַנצן לעבנס־סדר פון די יידן און געפירט זיי צו באַנייאונג און אויפלעבונג אין אַלע היגזיכטן. דער „דזשאָינט" האָט אָבער זייער ווייניק געטון אין דער דאָזיקער ריכטונג: ער האָט דערמעגלעכט אויסצוהאַלטן די יידישע שולן, האָט געגעבן די איניציאַטיוו צו שאַפן און באַנייען די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג, האָט אַריינגעבראַכט אָרדענונג אין דער הילפס־אַרבעט פאַר יתומים. אָבער אין דער זעלבער צייט האָט ער אַרויסגעצויגן פון דער פאַרגעסענקייט די גבירים, אויך די אַסימילאַטאָרן צווישן זיי, האָט פאַרשטאַרקט די „אַגודה" און דעם „בונד" און אַרויסגעשטויסן די ציוניסטן.

מאַצקין האָט באַשלאָסן אַריבערצופירן דעם קאַמף פאַר דער מאַכט אין די יידישע תפוצות אויפן פעלד פון דער הילף און צדקה טעטיקייט. צו דעם צוועק האָט ער צוזאַמען מיט די אַנדערע נאַציאָנאַלע טוער געשאַפן דעם „דעמאָקראַטישן רעליף" און האָט גערופן אַ ספּעציעלע קאָנפערענץ פאַר אויפקלערן די הילף־פּראָבלעמען. זיין ציל איז געווען צו זאַמלען אַרום אַט דער אַקציע אַלע פאָלקספאַריינען, אַלע פאַקטאָרן וואָס זענען נישט איינגעשלונגען געוואָרן פון „דזשאָינט" און זענען נישט מיטגעגאַנגען מיט אים. ס'האָט אויסגעזען תחילת אַז ער וועט מצליח זיין אין דער דאָזיקער אונטערנעמונג זיינער. די נייע חברה האָט באַקומען געלט פון אַרגענטינע און פון אַנדערע לענדער. געוויסע געלט־סומען פאַר איר אַרבעט, זי האָט אָבער נישט געקענט קאָנקורירן מיטן „דזשאָינט" וואָס האָט דיספּאָנירט מיט ריזיקע געלט־מיטלען. אָבער אויך די ציוניסטישע באַוועגונג האָט נישט געזען עס אַלס קאַמף זייגעם. אויך די וואָס האָבן אים געהאָלפן האָבן עס געטון אַן איבעריקער התלהבות, ווייל

קיינער האָט נישט געוואָלט ריזיקירן קאָליע צו מאַכן די באַציאונגען מיטן „דזשאָינט".

דעריבער איז דער דאָזיקער פּרווו מאַצקינס נישט געלונגען. די קליינע צדקה־חברה האָט געפּירט אַ שווער לעבן ביז זי איז אונטער־געגאַנגען און קיינער האָט נאָך איר אַפילו קיין „קדיש" נישט געזאָגט.

און נאָך איין עקספּערימענט איז מאַצקינען נישט געלונגען, הגם עס האָט זיך אים איינגעגעבן צו ברענגען צו אַ פאַראייניקונג פון די חברות וואָס האָבן זיך באַשעפטיקט מיט ברענגען הילף די עמיגראַנטן פון איין זייט און היאַס און יק"אַ פון דער צווייטער זייט צו איין געזעלשאַפט „עמיגדירעקט". אָבער די אַרבעט האָט געפאָדערט אַ ריזיקן קאַפּיטאַל און יק"א איז געווען געענגט אין געלט און נישט געקענט באַהערשן די יידישע עמיגראַציע־כוואַליע אין אַלע אַנדערע לענדער, אויסער ארץ־ישראל. אַזוי אַרום איז אויך די אינסטיטוציע זיך צופאַלן און יק"אַ און „היאַס" זענען געבליבן די איינציקע טער־טיקע אין דער עמיגראַציע אַרבעט.

דער דורכפאַל פון מאַצקינען איז געווען אַ פולשטענדיקער. זיין שטרעבונג, וואָס איז אויך געווען די שטרעבונג פון דער נאַ־ציאָנאַלער און ציוניסטישער באַוועגונג, צו שאַפן יידישע מאַכט־פאַקטאָרן אין גלות, איז נישט דערפילט געוואָרן. דער טרוים צו דערגרייכן דאָס גרויסע ווערק פון הערצלן דורכן איינפירן אַ נייע אָרדנונג איינעם יידישן לעבן אין גלות — איז צונישט געוואָרן. געבליבן איז בלויז דער קאָמיטעט פון די דעלעגאַציעס אין פאַריז. זיין אַרבעט איז געווען צו פאַרפאַסן מעמאָראַנדומס, פעטיציעס צום פעלקערבונד, צו פאַרשיידענע רעגירונגען, באַטייליקן אין אינטער־נאַציאָנאַלע קאָנפערענצן אָבער די ממשות'דיקע השפעה זיינע איז געווען אַ מינימאַלע.

דער דורכפאַל פון מאַצקינען און פון דעם קרייז פון זיינע חברים, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין זיין קאַמף און געטיילט מיט אים זיינע מפּלות, איז נישט געווען בלויז זייער אייגענער דורכפאַל. אויך אַנדערע פאָלקס־באַוועגונגען אין מזרח־אייראָפּע האָבן צום סוף געליטן אַ מפּלה, סיי צוליבן אויפשטייג פון דער רעאַקציע און נצחון פון פאַשיזם אין אַלע זיינע שאַטירונגען, און סיי צוליב די ענדערונגען

אין די שטימונגען ביי יידן, זייער מיד ווערן פון קאַמף אין דער פאַרשטאַרקונג פון דעפעטיזם און דעמאָראַליזאַציע. דער ציוניזם האָט נישט געקענט איבערגעבן דעם כוח צו באַהערשן די לאַגע אין די תפוצות. ס׳איז באַנייט געוואָרן דער פרוּוו צונויפצורופן אַ יידישן וועלט־קאָנגרעס וואָס זאָל שאַפן אויטאָריטעט און אָנפירונגס־צענטערן אין די תפוצות. אָבער דער פרוּוו איז נישט געלונגען.

דאָס איז געווען דער לעצטער פרוּוו צו שאַפן אַן אויטאָריטאַטיוון קאָאָרדינירונגס צענטער פאַר פאַרטיידיקן די יידישע רעכט אין די גלות לענדער, ערב דער גרויליקער קאַטאַסטראָפע פונעם אייראָפּעאישן יידנטום.

## מנחם אוסישקין

דער ציוניזם איז געווען פאַר אוסישקינען דער ציוניזם פון רעאַליזאַציע. ער האָט נישט געוואָלט וואַרטן אַפילו אַ רגע אויף מער פּאַסיקע פּאָליטישע און געזעצלעכע באַדינגונגען, און אויך נישט אויף בעסערע עקאָנאָמישע באַדינגונגען. וואָס מ׳קען רעאַליזירן היינט דאַרף מען נישט אָפּלעגן אויף מאָרגן — דאָס איז געווען זיין לאָזונג אַלע יאָרן. וואָס איז שוין געשאַפן געוואָרן און עקזיסטירט קען וואַקסן און זיך אַנטוויקלען, אָבער וואָס מ׳פאַרשפּעטיקט צו טון, קען מען שוין נישט צוריקכאַפּן און וואָס מ׳פאַרנאַכלעסיקט קען מען נישט פאַריכטן, נאָר בלויז זייער זעלטן.

שטענדיק און ביי יעדער אַרבעט זייַנער האָט מען געזען זיין שאַפּענדיקן שוווּנג און זיין פּראַקטישן חוש, זיין געוואַגטקייט און גרייטקייט אַנטקעגנצושטעלן זיך סכנות, וואָס איז געווען פאַרבונדן ביי אים מיטן טיפן גלויבן אין יידישן פאָלק, אַז ער וועט נישט בלייבן הינטערשטעליק און מען קען זיך אויף אים פאַרלאָזן. אפילו ווען ער האָט אַמאָל געטון קליינע אַרבעט, האָט ער שטענדיק געהאַט ברייטע האָריזאָנטן פאַר זיינע אויגן. אַפילו אין די שווערסטע צייטן, אין דער תקופה נאָכן טויט פון הערצלן ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען עס זענען אַנטדעקט געוואָרן מעגלעכקייטן, איז ער געווען דער ערשטער וואָס האָט געוואַגט דרייסטע אויפטוען, נישט מיט ווערטער נאָר מיט טאַטן.

ער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט אָרגאַניזירט דעם ישוב און די לעדער, בשעת אַנדערע האָבן געהאַלטן אַז מ׳דאַרף וואַרטן מיט די ענינים אויף געהעריקע פּאָליטישע און געזעצלעכע באַדינ־גונגען. אַזוי איז אויך געווען מיטן דערוועַרבן דעם עמק און אַזוי

אויך אין אַסך אַנדערע פֿאַלן, גרעסערע און קלענערע. ער האָט באַזיצט אַ מין באַזונדערן חוש פֿאַר ציוניסטישע טאַטן.

דער חוש האָט געהאַט אין זיך עפּעס אַ בראשית׳דיקע אור־קראַפֿט. מענטשן געלאַסענע, חשבונות־מאַכער וואָס האָבן געהאַט די באַגאַבונג זיך צוצופּאַסן צו די באַדינגונגען האָבן געזען אין דעם אַ גרויסן חסרון און אַפֿילו אַן אומגליק, אָבער דער פּסק־דין פֿון דער געשיכטע איז געווען כּמעט תּמיד אַן אַנדערער.

אַט דער חוש האָט אַוועקגעשטעלט אוסישקינען בראש פֿון דעם אויפֿשטאַנד קעגן אוגאַנדע־פּראָיעקט און ער האָט געזיגט; דער דאָזיקער חוש האָט געמאַכט אוסישקינען פֿאַרן אויסלייזער פֿון דער ערד פֿון ארץ־ישׂראל ער האָט נישט אויפֿגעהערט צו ווענדן אונדזער אויפֿמערקזאַמקייט צום עיקר־יסוד פֿון דער יידישער גאולה — די דערלייזונג פֿון באָדן.

די מצבֿה וואָס דער ציוניזם און דאָס גאַנצע יידישע פֿאָלק האָט געשטעלט אוסישקינען איז קודם כּל דער דערוואָרבענער באָדן וואָס אוסישקין האָט אים אויסגעלייזט און איבערגעגעבן אין די הענט פֿון געטרייע חלוצים, וואָס האָבן אים באַאַרבעט און פֿרוכטבאַר געמאַכט. און אַזוי אַרום געשאַפֿן דעם עיקר יסוד פֿאַרן יידישן אויפֿקום אינעם היסטאָרישן היימלאַנד.

## אוסישקינס ציוניזם

די לעבנסגעשיכטע פֿון אוסישקינען איז די געשיכטע פֿון דער ציוניסטישער באַוועגונג זינט די טעג פֿון חיבת־ציון און דעם פּאָליטישן ציוניזם ביז די לעצטע טעג.

אוסישקין איז געווען דער סימבאָל פֿונעם רוסישן יידנטום, וואָס האָט פֿאַרנומען דעם אויבנאָן פֿון אַלע יידישע תּפֿוצות אין ניינצעטן יאָרהונדערט און ער איז געווען דער אויסדרוק פֿון אירע אייגנשאַפֿטן און שטרעבונגען.

די שורש׳דיקייט און עכטקייט וואָס האָט כאַראַקטעריזירט דאָס רוסישע יידנטום האָט געלעגט דעם שטעמפּל אויף דעם טוען אוןווירקן פֿון מנחם אוסישקין. ער האָט אַזוי גערעדט און אַזוי געהאַנדלט גלייך ווי עס איז גאָרנישט געווען קיין איבעררייס אינעם

לעבן פון דער יידישער נאַציע פון פאַר דריי אָדער פיר טויזענט יאָר ביז היינטיקן טאָג.

ווען ער האָט געזאָגט: אונדזער הויפּט־שטאָט ירושלים, האָט ער נישט אין זינען געהאַט די אַזוי ווייטע פאַרגאַנגענהייט, נאָר אונדזערע איצטיקע טעג און דורך זיין השפעה און אַנטשיידונג איז דער צענטער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אַריבער פון תל־אַביב, וואָס האָט זיך שנעל אַנטוויקעלט, אין דער שטילער און אַלט־מאָדישער ירושלים. ביי זיין גאַנצן טיפן גלויבן אינעם יידישן פאָלק און אין זיינע מעגלעכקייטן, איז ער ווייט געווען פון בלינדער אידעאַליזאַציע און דווקא געזען די זאַכן ווי זיי זענען אין דער ווירקלעכקייט.

ווען אַחד־העם האָט פאַרעפנטלעכט זיין ערשטן אַרטיקל וועגן „אמת פון ארץ־ישראל" און האָט דערשיטערט די לייענער מיט דער שילדערונג פון ישוב מיט זיין אָרעמען אויסזען און געפרעגט די טראַגישע פראַגע: „ווען אַ פאָלק ווערט חרוב?" — האָט אים אוסישקין געענטפערט: ביסט געקומען צו דיין פעסימיסטישער מסקנה ווייל דו ביסט פאַרזונקען אין אַ מין אידעאַליזאַציע פונעם יידישן פאָלק. מ'דאַרף זען דעם יידן ווי ער איז אין דער ווירקלעכקייט און דעמאָלט קומט מען צום באַשלוס אַז דאָס וואָס בויט זיך אין ארץ־ישראל איז נישט בלויז אַ וווּנדער נאָר ממש אַ נס. אַ פאָלק וואָס וואַנדערט פון לאַנד צו לאַנד אין גלות, געפּלאָגט, געפּייניקט און צעריסן, אָט דאָס פאָלק דערוואַכט זיך צו אַ קאָלאָסאַלער טאַט צו אַ תחית־המתים, צו אַ גרויסן נס ווי דער אויפקום פון יידישן פאָלק אין ארץ־ישראל און דו פרעגסט: „עם כי יחרב?"

געוויכט איז געווען אוסישקין און נישט אַחד־העם, הגם אָט די פראַגע וואָס אַחד־העם האָט געשטעלט האָט געהאַט אַ שטאַרקן איינפלוס אויף דעם גאַנצן יונגן דור פון יענער תקופה. אוסישקין האָט געהאַט איין קריטעריום אין זיין לעבן און טעטיקייט — דער ציוניסטישער קריטעריום. דער קריטעריום האָט געפלאָסן פון אַ טיפער ליבע צום יידישן פאָלק, פון אַ גלויבן אָן אַ גרענעץ פון פולשטענדיקער זיכערקייט אַז די יידישע גאולה וועט קומען. אונטער דער השפעה פון ציוניסטישן קריטעריום האָט ער געענדערט זיינע פאָליטישע אַנשויאונגען. ער איז געווען, תחילת, אַן אָנהענגער פון אַ

קאָנסטיטוציאָנעלער מאָנאַרכיע. ביים אָנהויב פון זיין ציוניסטישער קאַריערע האָט אים פּאַסירט אַן אומגליק וואָס פון אים — זאָל מיר דערלויבט זיין צו זאָגן — איז אַרויס אַ גרויסע ברכה פאַרן ציוניזם: מ׳האָט אים נישט אָנגענומען אין דער ביל״ו־קבוצה צוליב זיינע אָנשויאונגען. אָבער ער האָט געענדערט זיינע פּאָליטישע אָנשויאונגען ווען ער האָט געזען אַז זיי זענען אַ שטערונג אין זיין ציוניסטישער טעטיקייט.

אויב עס עקזיסטירט אַ העכערער, אידעאַלער טיפּ פון אַ ציוני כללי — איז עס געווען אוסישקין. ער איז געווען באַליבט און טייער ביי אַלע ציוניסטישע פּאַרטייען און שטרעמונגען, פון רעכטס ביז לינקס אָן אונטערשיד פון „מזרחי״ פון איין זייט און פועלי ציון פון דער צווייטער זייט, אַלע אָן אויסנאַם האָבן גענאָסן פון זיין גייסטיקן רייכטום און געזען אין אים אַ לערער און מנהיג, אַ נאָענטן, אַ ליבן חבר. ער האָט קיינמאָל נישט נאָכגעפרעגט וועגן די סאָציאַלע און קולטור־אָנשויאונגען פון זיינע מיטאַרבעטער. אַ קאָמפּס־מענטש איז געווען אוסישקין. ווען ער איז געקומען צום באַשלוס, אַז מ׳דאַרף אַנטשיידן אין אַן עיקר פראַגע, פלעגט ער עס דורכזעצן, נישט געלעגט קיין אַכט אויף דער קעגנערשאַפט אויף וועלכער ער האָט זיך אָנגעשטויסן און אויך נישט אויף די קעגנער.

מיר זענען אים נאָכגעגאַנגען ווי תלמידים נאָך אַ לערער, אַ מנהיג, און ווען מיר זענען אַמאָל געווען זיינע קעגנער האָט עס מיט גאָרנישט געמינערט פון דער אַכטונג און פאַרערונג וואָס מיר האָבן געפילט לגבי אים. אַזוי איז אויך געווען אין דער תקופה פון דער פּיל־קאָמיסיע וואָס האָט פאָרגעשלאָגן די טיילונג פון ארץ־ישראל אויף צוויי מדינות אַ יידישע און אַראַבישע.

הגם ער איז געשטאָרבן אין טיפער עלטער האָט עס אין אונדזערע אויגן אויסגעזען ווי ער איז אַוועקגעריסן געוואָרן פון אונדז אינמיטן פון זיין אַרבעט, אַזוי ווי עס הייסט ביי ביאַליקן: דאָס ליד פון זיין לעבן איז איבערגעריסן געוואָרן אינדערמיט. כ׳דערמאָן מיך ווי כ׳האָב אַמאָל, ווען כ׳בין נאָך געווען אַ סטודענט אין דער אוניווערזיטעט, געהערט פון אוסישקינס מויל אָט די ווערטער: „דו קלערסט אַז איך בין נישט מסוגל צו גיין אויפן פראָנט אין אַ מלחמה פאַר

ארץ־ישראל, פאַר דער יידישער גאולה?" די ווערטער זענען מיר לאַנגע יאָרן געבליבן איינגעקריצט אין האַרצן.

אַלע יאָרן איז אוסישקין ווי אַ פּאַרכישופּ׳טער נאָכגעגאַנגען זיין אויסגעטרוימטער וויזיע, און זיין לעבן איז איבערגעריסן געוואָרן אויף דער שוועל פון איר פאַרווירקלעכונג.

ווי אמעכטיקער פעלז

ווי אַ מעכטיקער פעלז איז אוסישקין געשטאַנען אין דער באַפרייאונגס באַוועגונג פון יידישן פאָלק. זינט זיינע יוגענט־יאָרן אלס שילער אין גימנאַזיע אין מאָסקווע ביז זיינע לעצטע טעג איז ער טריי געבליבן דעם אמת וואָס האָט זיך אים אַנטפּלעקט און ער האָט געגלויבט באמונה שלימה, נישט געקוקט אויף אַלע אַנטוישונגען, צרות און נסיונות, אין דעם ענטגילטיקן נצחון פון זיין אמת. מ׳קען זאָגן אַז דער אמת האָט זיך אים נישט אַנטפּלעקט נאָר איז געגעבן געוואָרן צוזאַמען מיט זיין לעבן, ווי אַ דורותדיקע ירושה וואָס איז איינגעזאַפּט אין בלוט און אין דער נשמה. קיין שום קריזיס, קיין שום אומגליק וואָס עס איז געקומען אויף דער באַוועגונג און אויפן פאָלק, זענען נישט געווען אומשטאַנד צו דערשיטערן זיין גלויבן און זיין זיכערקייט. ער האָט בכלל נישט געוווּסט וואָס איז אַזעלכעס יאוש און ספק, הגם ער האָט געהאַט אָפענע אויגן צו זעען די ווירקלעכקייט ווי זי איז, די אומגעהויערע שטערונגען פון דרויסן, די קורצזיכטיקייט און גלייכגילטיקייט פון פאָלק. קיינמאָל האָט ער זיין וועג נישט פאַרלוירן. כ׳געדענק נאָך די טעג פון אוגאַנדע־וויכוח און דעם טעריטאָריאַליזם, נאָכן טויט פון הערצלן, און די בראָשור פון אוסישקינען: „אונדזער פּראָגראַם". אין דער דאָזיקער בראָשור האָט ער קלאָר געמאַכט וואָס עס איז צו טון, און דעם וועג וואָס מ׳דאַרף גיין כדי צו דערגרייכן צום ציל. ער האָט שטענדיק געהאַט דעם גרויסן ציל פאַר די אויגן, אַפילו ווען עס האָט אויסגעזען אַז דער וועג צום ציל איז ענג געוואָרן, פאַרוואַנדעלט געוואָרן אין אַ שמאָלער סטעזשקע, האָט ער נישט אויפגעהערט צו גלויבן אַז די באַוועגונג וועט ווידער אַרויף אויפן ברייטן שליאַך, דעם גרויסן ציל אַנטקעגן. ווי אַ פעסטער פעלז איז ער געווען פאַרן ציוניזם, דער באַוועגונג און אָרגאַניזאַציע. ער האָט געקעמפט קעמפן אומדערשיטערלעך ווען עס איז געגאַנגען וועגן עיקר ענינים. ער האָט זיך צעבונטעוועט קעגן הערצלן און מיט אים שלום געמאַכט, ווען ער

האָט זיך איבערצייגט אַז די סכנה פון אוגאַנדע און טעריטאָריאַליזם ד׳ראָט שוין נישט מער. ביי דער אויפבוי־אַרבעט אין ארץ־ישראל איז ער תמיד איינגעגאַנגען אויף פשרות וואָס דאָס לעבן האָט זיי געפאָדערט, ער האָט געפונען אַ בשותפותדיקע שפּראַך מיט די נייע כוחות וואָס זענען אויפגעקומען אין דער באַוועגונג, פון דעם לאַגער פון דער יוגענט און אַרבעטער, האָט אַוועק געקוקט פון זיינע אייגענע קאָנסערוואַטיווע אַנשויאונגען און האָט מיט דער גאַנצער אויטאָריטעט זיינער פּאַרטיידיקט דעם פּרינציפּ אַז די ערד, וואָס ווערט אויסגעלייזט דורכן קרן־קימת, דאַרף בלייבן דאָס פאַרמעגן פון פאָלק און נישט ווערן אַ סחורה וואָס ווערט פאַרקויפט אויפן מאַרק, ווו עס הערשען די געזעצן פון מסחר און רווחים.

ער האָט געהאַט אַ מין ציוניסטישן אינסטינקט, וואָס לויט אים האָט ער געריכטעט זיין וועג און טאַט. ווייל ער איז ווי געבוירן געוואָרן אַ ציוניסט, ער האָט איינגעזאַפּט אין זיך ציוניזם פון אַ טויזנט־יעריקער טראַדיציע און קיינמאָל זיך נישט באַמיט צו באַווייזן דעם אמת פון ציוניזם, ווייל ער איז געווען פאַר אים אַ נאַטירלעכע און זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך.

זיין וועלטלעכע דערציאונג איז געווען אַ רוסישע. ער איז געווען נאָענט צו דער רוסישער קולטור און האָט ליב געהאַט מאָסקווע נישט נאָר ווי די שטאָט פון זיין קינדהייט, נאָר ווי דער צענטער פון דער מענטשלעכער קולטור, אָבער מיט אַלע פעדים פון דער נשמה האָט ער געפילט אַז מאָסקווע איז נישט זיינע, זיינע עלטערנס, זיין פאָלקס. אַז זי איז אים פרעמד הגם זי איז אים ליב און נאָענט.

די עלעמענטאַרישקייט פון זיין ציוניזם האָט צוגעצויגן די הער־צער, האָט פאַרגרעסערט זיין איינפלוס און האָט געגעבן זיינע ווערטער קראַפט און באַזונדערן אויסדרוק, אַזוי אַז עס איז געווען שווער צו באַפרייען זיך פון זיין השפעה, אַפילו ווען מ׳איז געווען אַן אויסגעשפּראָכענער קעגנער זיינער.

אין זיין ריידע אויפן לערער צוזאַמענפאָר פאַר דער אַרבעט לטובת דעם קרן־הקימת אין יאָר תש״א, האָט אוסישקין געזאָגט: כ׳בין זיך מודה, אז איך בין נישט קיין חסיד פון דער באַצייכענונג „ציוניזם״ אַזוי ווי כ׳בין נישט געווען קיין חסיד פונעם נוסח „חיבת־ציון״ דער ציוניזם איז אַלט 40 יאָר און חיבת־ציון איז עלטער פון

ציוניזם מיט 30 יאָר, אָבער אונדזער באַוועגונג איז די באַוועגונג פון גאולה און זי איז אַלט צוויי טויזענט יאָר, פונעם טאָג ווען אונדזער בית־המקדש איז חרוב געוואָרן און דאָס פאָלק איז פאַרטריבן געוואָרן פון היימלאַנד". כ'בין איבערצייגט אַז אויך אין אונדזערע איצטיקע טעג וואָלט אוסישקין נישט געהערט צו די צופרידענע מינימאַליסטן. ער וואָלט אַוודאַי געזאָגט דעם פאָלק אַז די מדינת ישראל איז ערשט איינע פון די שטאַפּלען פון דער פאַרווירקלעכונג פון גאולת ישראל.

אַלע זיינע יאָרן האָט ער פיינט געהאַט דעם שקר וואָס מ'באַנוצט זיך מיט אים ווען דער גלויבן ווערט אָפּגעשוואַכט און עס פאַרשווינדעט דער מוט און די קאָמפּסלוטיקייט. ער האָט געוווּסט אַז מ'באַצווינגט נישט קיין הערצער מיט שקר, מיט קליינקעפּעלדיקן צופּאַסן זיך צו די באַדינגונגען. אַלע יאָרן האָט ער הויך געטראָגן די פאָן פון גאולה־ציוניזם, און ס'איז פאַר מיר קלאָר אַז ער וואָלט די פאָן ווידער אויפגעהויבן אין דער אויפגעשטאַנענער מדינת ישראל אין אַ טייל פון ארץ־ישראל.

## „אַזוי האָט געזאָגט אוסישקין"

אויך דאָס וואָס אוסישקין האָט געזאָגט, און די פסוקים פון אוסישקין האָבן תמיד געהאַט וואָג און קראַפט, האָט מען געקענט געפינען דעם שליסל צו זיין האַרץ און צום סוד פון זיין גרויסער השפעה אין דער באַוועגונג, וואָס איז אין זיינע אויגן געווען אַ באַוועגונג פון גאולה. אין אָט דער גאולה האָט ער געגלויבט מיטן גאַנצן האַרצן. די אמונה איז אימשטאַנד געווען בערג דורכצוברעכן, אויסצוטרעטן אַ וועג אין דער וויסטעניש. אַלע יאָרן וואָס ער האָט געחלומט דער אַרבעט פון אויפבוי פון לאַנד און אויפקום פון פאָלק, האָט ער וויגעהערט דעם שופר של משיח; אין יעדער שטערונג אין יעדער עת צרה און אומגליק וואָס איז געקומען אויף דעם ווערק פון אויפבוי פון יידישן לאַנד — האָט ער געזען די גאולה־ווייען וואָס דערנענטערן אונדז צו די טעג פון משיחן. פון דעם וואָרט: משה וועגט אַזוי פיל ווי זעקס הונדערט טויזענט יידן — האָט אוסישקין אָפּגעלערנט — אַז די זעלבע צאָל יידן וועגט אַזוי פיל ווי משה. ס'הייסט דאָס פאָלק אַליין קען זיין משיח און זיין גאולה־ווערק איז

דער אָנזאָגער פון משיחן. „נישט דאָס געלט שאַפט די מענטשן, נאָר די מענטשן דאָס געלט". און „געלט" הייסט ביי אים קודם־כל טאַקע די קליינע פאָלקס־פרוטות וואָס דאָס פאָלק ברענגט מיטן גאַנצן האַרץ פאַר זיין גאולה. ווען ער מאָנט געלט ביי די רייכע רעדט ער מיט זיי האַרבע ווערטער: „שרעקלעך וועט זיין דער אורטייל פון דער געשיכטע אויף דער גלייכגילטיקייט און האַרטהערציקייט פון די יידישע עשירים". און געלט איז נאָך נישט אַלץ. „דאָס יידישע געלט קען אויסקויפן די ערד פון די אָבות, דער יידישער אינטעלעקט קען דאָס לאַנד אויפהויבן, אָבער נאָר די יידישע אַרבעט קען פאַרוואַנדלען דאָס לאַנד אין יידיש אייגנטום אויף אייביק".

„דאָס לאַנד וועט געהערן נישט צו די אויפבויער פון די שטעט, נישט צו די וואָס אַנטוויקלען אינעם לאַנד האַנדל און אינדוסטרי און אַפילו די וואָס שאַפן אין איר ציוויליזאַציע, נאָר צו די וואָס האַלטן אין זייער האַנט די ערד — דער קוואַל פון יעדער שאַפונג". אַזעלכע זענען געווען די ציוניסטישע עקרים פון אוסישקינען.

נישט איינמאָל קומט דיר אויפן געדאַנק, אַז אויך אין די טעג פון גרויסע נצחונות און דערפאָלגן אונדזערע, איז כדאַי ווידער צו דערמאָנען דעם ציוניסטישן אַני־מאַמין פון אוסישקינען.

# אברהם אידעלסאָן

## א.

כ׳האָב זיך באַגעגענט מיט אידעלסאָנ׳ען צום ערשטן מאָל אין וואַרשע, זומער 1905. כ׳האָב מיך געוואָלט באַקענען מיט אַ חבר פון מאָסקווע וועמענס נאָמען עס איז מיר געווען באַקאַנט פון לאַנג. מיר האָבן, פאַרשטייט זיך, געשמועסט וועגן די אַקטועלע פּראָבלעמן, ארץ־ישראל און סתם א טעריטאָריע. אידעלסאָן איז געווען אַ קעגנער פון דער טעריטאָריאַליסטישער באַוועגונג, וואָס איז אנטשטאַנען אין ציוניסטישן לאַגער און האָט זיך געגרייט צו אַ שאַרפן קאַמף אויפן זיבעטן קאָנגרעס. ער האָט געקעמפט מיט דער דאָזיקער באַוועגונג אין דער ציוניסטישער וואָכנשריפט „יעווריסקאַיאַ זשיזן״ און אינעם הודש־זשורנאַל וואָס איז דערשינען אַלס ביילאַגע צו דער דער־מאָנטער וואָכנשריפט, וואָס ער האָט רעדאַגירט. מיר יונגע ציוניסטן אין פוילן האָבן ווייניק גענאָסן פון דער ציוניסטישער ליטעראַטור אין דער רוסישער שפּראַך. די שפּראַך פון דער רוסישער זשורנאַליס־טיק און איר סטיל איז אין אַ געוויסער מאָס פרעמד געווען אונדזער גייסט. אויך אויף אונדז האָט משפיע געווען די אַלגעמיינע רעוואָ־לוציאָנערע אַטמאָספער, אַלע אירע פעלקער און לענדער, אָבער דערצו איז נאָך צוגעקומען די השפעה פון דער אומאויפהער־לעכער פוילישער אויפשטענדלערישער באַוועגונג, וואָס איז געווען דורכ־געדרונגען מיט נאַציאָנאַלער ראמאנטיק און האָט אַזוי שטאַרק גע־רעדט צו אונדזערע הערצער. צווישן די באַגריפן וואָס מיר האָבן זיך איינגעאייגענט פון דער ראָמאַנטיש־אויפשטענדלערישער באַוועגונג פון די פאָליאקן איז געווען דער באַגריף „אויטשיזנאַ״, וואָס אין איר האָבן זיך צונויפגעגאָסן צוויי באַגריפן: „דאָס לאַנד פון די פעטער און היימלאַנד. די ציוניסטישע אינטעליגענץ אין רוסלאַנד איז ווייט

געווען פון דעם דאָזיקן באַגריף. די באַפרייאונגס באַוועגונג אין רוסלאַנד איז געווען דורכגעדרונגען מיט אַ ראַציאָנאַליסטישן פאָלקס־טימלעכן אָדער מאַרקסיסטישן גייסט, אויך אויף אירע ליבעראַלע פליגלען. אָט דער גייסט איז געווען נאָענט צו די נייגונגען און ראַציאָנעלע אויפפאַסונגען פון די ליטווישע יידן, וואָס זענען געווען ווייט פון דער פויליש־חסידישער פילבאַרקייט און התלהבות. אידעלסאָן איז געווען אַן אויסגעשפּראָכענער רעפּרעזענטאַנט פון יענער ראַציאָנאַליסטישקייט פון ליטווישע יידן, וואָס האָט נאָך באַקומען פאַרשטאַרקונג פון דעם רוסישן מאַטעריאַליסטיש־מאַרקסיסטישן צוגאַנג און האָט זיך מיט אים צוזאַמענגעגאָסן. אָבער ביי דעם אַלעמען איז ער נישט געווען קיין גריבלער, ווי עס זענען געווען דעמאָלט די לינקע־ציוניסטישע פובליציסטן, וואָס האָבן פאַרנומען דעם אויבנאָן אין דער ציוניסטישער ליטעראַטור אין דער רוסישער שפּראַך. ער איז געווען אַ פּשטן, באַמיט זיך צו ריידן מיט איינפאַכע ווערטער, באַנוצן זיך מיט בילדער און ביישפּילן פונעם טאָג־טעגלעכן לעבן.

אידעלסאָן איז געשטאַנען מיט ביידע פיס אין דער טאָג־טעגלעכער יידישער ווירקלעכקייט. פון איר איז אַרויסגעפלאָסן זיין ציוניזם און ער האָט קיינמאָל זיך נישט דערווייטערט פון אירע באַדערפענישן. ער האָט געחוזק'ט איבער די וואָס האָבן פּרובירט אָוועק קוקן פון דער ווירקלעכקייט, פון די נויטן און דאגות פון די פאָלקס־מאַסן. אָט דעם מין ציוניזם האָט ער באַטראַכט ווי אַ פּראָדוקט פון בטלנות און לעבענס־פרעמדקייט און ער האָט אים באַקעמפט מיט אַלע זיינע כוחות. דעריבער איז ער געווען דער ערשטער צווישן די וואָס האָבן פאַרלאַנגט פונעם רוסישן ציוניזם זיך צו באַשעפטיקן מיט אַלע לעבענס־וויכטיקע ענינים, מיט אַלע דאגות וואָס מאַטערן דאָס פאָלק. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס מוז זיין ענג פאַרבונדן מיט דער ציוניסטישער אויפפאַסונג וואָס זעט אינעם לעבן פון גלות אַן אויסגאַנגס־פּונקט צו די גאולה אַנשטרענגונגען אין ארץ־ישראל, אַ קוואַל פון אַרבעט־כוחות וואָס דאַרף באַזעצן דאָס לאַנד, קאָנצענטרירן אינעם לאַנד די פאָלקס־מאַסן וואָס ווערן אַרויסגעשטויסן פון זייערע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס אין די גלות־לענדער.

אין דעם פּונקט זענען נישט געווען צווישן אונדז קיין חילוקי־דעות. מיר זענען זיך אָבער פאַנאַנדערגעגאַנגען אין דער פראַגע וועגן

דער באַציאונג צו יידיש. אידלסאָן וואָס איז אויפגעוואַקסן אין אַ סביבה וווּ מ׳האָט גערעדט יידיש און די שפּראַך איז געווען די שפּראַך פון זיין אונטערבאַוווסטזיין האָט דווקא געהאַט אַ גרינגשעצענדיקע באַציאונג צו יידיש און נישט געגלויבט אַז יידיש וועט האָבן אַריכות ימים. ער האָט נישט גורס געווען די פּאָזיטיווע באַציאונג פון מענטשן פון מיין שניט וואָס האָבן זיך אויסגעלערנט יידיש שוין אַלס רייפע מענטשן און געזען אינעם יידישן לשון אַ מעכטיקן פּאַנצער קעגן אַסימילאַציע. ס׳האָט אים אויפגערעגט מיין וואַרעמע און פאַרערונגס־פולע באַציאונג צו דער ליטעראַטור אין דער דאָזיקער שפּראַך אין וועלכער ער האָט געזען בלויז א פאָלקס־ליטעראטור. אידעלסאָן האָט זיך געפילט געטראָפן פון דעם חשד וואָס כ׳האָב אַמאָל אַרויסגעזאָגט אין זיין אַנוועזנהייט, אַז זיין באַציאונג צו יידיש איז אַ באַציאונג פון אַ משכיל וואָס האָט פיינט זיין פאַרגאַנגענהייט אויף דער יידישער גאַס, צווישן דער אָרעמקייט, וואָס רעדט, דענקט און לעבט איר אָרעם לעבן אין דער דאָזיקער שפּראַך.

אידעלסאָן האָט געהאַלטן אַז מ׳דאַרף נישט איבערטרייבן די מעגלעכקייט פון יידיש צו דינען, אויף ווייטער מעטע, פאַר אַ פאַנצער קעגן דער אַסימלאַציע. אין קאַמף פאַר גלייכבאַרעכטיקונג און אַריינ־דרינגען אינעם קולטור־לעבן פון די פעלקער אַרום אונדז דערווייטערן מיר זיך פון דער יידישער שפּראַך, וואָס ווערט גערעדט בלויז פון די מאַסן וואָס געפינען זיך נאָך ביים אָנהויב פונעם אַרויסגיין פון דער אָפּגעשלאָסענער יידישער גאַס. דאָס עקאָנאָמישע לעבן וואס באַזירט דער עיקר אויף פאַרמיטלונג, פאָדערט אין ערשטער שורה דאָס צופּאַסן זיך צו דער שפּראַך פון די קליענטן אינעם לאַנד־פאָלק.

עס איז געווען אַ זייער רעאַליסטישער קוק אויף איינע פון די פּראָבלעמען וואָס האָט באַשעפטיקט די ציוניסטישע געזעלשאַפטלעכ־קייט אין יענע יאָרן. די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, באַזונדערס דער „בונד”, וואָס פון אַלע נאַציאָנאַלע אוצרות פונעם יידישן פאָלק איז ביי אים געבליבן בלויז די ריידע־שפּראַך פון די אַרבעטענדיקע מאַסן, יידיש, האָט געזען אין דער יידישער שפּראַך דעם עיקרדיקן נאַציאָנאַלן פאַרמעגן, וואָס מ׳דאַרף קעמפן פאַר זיינע רעכט. אידלסאָן איז אָבער ווייט געווען פון די „געשווירענע” קעגנער פון יידיש,

פון די עקסטרעמע קנאים וועמענס לאזונג איז געווען „עברית או רוסית".

ב.

לויט אידעלסאָן איז דער ציוניזם אַ בונט קעגן דער גלות ווירקלעכקייט, אַ שווימען קעגן שטראם פון דעגענעראַציע און אונטערגאַנג וואָס פאַרפלייצט דאָס יידישע פאָלק. דאָס צעשטויבטע לעבן און די גלות באַדינגונגען פירט צו אַסימילאַציע און פאָלקס־פאַרפרעמדונג. דער ציוניזם האָט דערקלערט א קאַמף אָט דעם „נאַטירלעכן" פראַצעס. דער ציוניזם ציט זיין יניקה פון דעם ליידן וואָס איז פאַרבונדן מיטן פראַצעס פון אסימילאַציע, אויפלעזונג און דעגענעראַציע. די כוחות וואס באפרייען זיך איינעם פראצעס פון דער אויפלעזונג באַמיט זיך דער ציוניזם צו ווענדן אין דער ריכטונג פון שאַפן אַ ניי לעבן, אַ געזונט און נארמאַל נאַציאנאַל לעבן וואס איז פאַרוואָרצעלט אינעם באדן פון לאַנד אין מלוכה׳שער סוווערניטעט. מ׳דאַרף אבער נישט באַשרענקן די דאזיקע שאַפונג בלויז צו דער קאלאניזאַציע און אויפבוי פון לאַנד אַליין. זי הויבט זיך אן אין די גלות לענדער. מיט דער געענדערטער באַציאונג צו דעם „נאַטירלעכן" שטראמן פון דער אַסימלאַציע, מיטן קאַמף קעגן דער קנעכטשאַפט וואס איז מיט איר פאַרבונדן, מיט דעם פרווו אויפצושטעלן אַ נייעם, נאַציאנאַל אויטאנאמישן בנין אין די גלות־באַדינגונגען.

אין דער אמת׳ן האט אידעלסאן נישט געגלויבט אַז דער פרווו וועט געלונגען, אבער ער האט אפשר געהאַלטן, אַז ער וועט באַווייזן צו פאַרלאַנגזאַמען, אין אַ געוויסער מאס, דעם פראצעס פון אויפלעזונג און דעגענעראַציע און אַלץ וואס איז מיט דעם פאַרבונדן, מעגלעך, אפשר וועט ביי די לעבענסבאַדינגונגען אין מזרח־אייראפע, אין די יידישע מאַסן־צענטערן, געלונגען אויסצוקעמפן רעכט פאַרן נאַציאנאַלן כלל, וואס וועט לייכטער מאַכן צו דערטראגן דעם עול פון גלות.

און אויב נישט, וועט דאך דער עצם געראַנגל געזונט צו מאַכן דעם גלות, זייענדיק פאַרבונדן מיטן קאַמף פאַרן אויפבויען אַ לאַנד און אַן אייגענע מלוכה׳שאַפט, סיי ביי נצחונות סיי ביי דורכפאַלן, פאַרשטאַרקן די ציוניסטישע שטרעבונגען.

מ׳דאַרף נישט אָננעמען אז אידעלסאָן האָט געהאַלטן, אז דער קאַמף

פון די יידן אין די גלות לענדער האט אייגענטלעך דעם איינציקן צוועק צוצוגרייטן דעם „עקזאדוס" (ארויסגיין פארלאזן) פון גלות. מ׳קען זאגן, אז לויט דער מיינונג פון אידלסאנען וועט דאס פאלק אלס רעזולטאט פון דעם דאזיקן קאמף זיך באקענען בעסער מיט דעם וועזן פון גלות, אז עס לאזט זיך נישט דערגרייכן אין אים צו א פרייען, נאציאנאלן לעבן אזוי לאנג ווי דאס פאלק באזיצט נישט קיין אייגענע מדינה און זיין עקאנאמישע סטרוקטור איז אן אומגעזונטע, דער געדאנקן־גאנג אידעלסאנס האט דעם קארדינאלן פעלער וואס איז כאראקטעריסטיש פאר דעם ראציאנאליסטישן צוגאנג זיינעם. מ׳קען נישט מאבילּיזירן קיין פאלקס־מאסן, און ברענגען קרבנות אויב דער ציל פון קאמף איז נישט א באדייטענדיקע פארבעסערונג פון די לעבנסבאדינגונגען, אדער גאר די פולשטענדיקע גאולה.

די תלמידים פון אידעלסאן, זיינע חברים און מיטארבעטער אין „ראזסוויעט" האבן דערפילט דעם שוואכן פונקט אין אידעלסאנס טעארעטישע אויספירונגען און האבן צוגעגעבן: אט דער גאנצער קאמף האט דעם ציל צוצוגרייטן דעם „עקזאדוס", דאס פארלאזן דעם גלות. כ׳בין מסופק צו דאס איז געווען אויך די מיינונג פון אידעלסאנען. ער האט זיך נישט אנטקעגן געשטעלט דער דאזיקער אויסטייטשונג פון זיין טעאריע; ער האט ווי בכוונה איבערגעלאזט די אומקלארקייט, ווייל ער האט נישט געזען אין איר קיין שאדן פאר דער באוועגונג און איר אידעאלאגיע.

דאקעגן האט ער מקפיד געווען אויף קלארקייט, און קאלטן שכל הישר, ווען עס האט זיך געהאנדעלט אין פראגן פון אויפבוי פון לאנד. ער האט שארף קריטיקירט די גרויסהאלטעריי אין דעם אויפבוי־ווערק, די נייגונג צו זען אין יעדער באשיידענער דערגרייכונג, אין יעדן קליינעם אויפטו — אן עולם ומלואו. ער האט נישט געקענט פארטראגן דאס צביעות׳דיקע פארפרומען זיך, דעם פחד פאר טרוקענעם חשבון און דרייסטער קריטיק, וואס האט כלומרשט געדראט „אפצושוואכן די הענט", דאס ברייט מאכן זיך פון פאנטאזיע און בטלנות, דארט ווו עס איז נויטיק ישוב־הדעת, קענטעניש און פאכמענישקייט. ער האט נישט אויפגעהערט צו שיקן זיינע גיפטיקע קריטישע פיילן אין אלע פאנטאסטישע פראיעקטן מאכער, אין וועלכע ער האט געזען שעדלעכע בטלנות, וואס שטאמט

פון וועלט־פּרעמדקייט, צו וועלכער יידן האָבן זיך געוווינט, זייענדיק אָפּגעשלאָסן אין די אייגענע ד׳ אמות, אין משך פון דורות אין גלות. אָט דער צוגאַנג זיינער האָט אים געבראַכט צו דער קעגנערשאַפט צו יענע, וואָס האָבן געפירט אַ קאַמף קעגן וואָלפסאָנען און זיין „קאָמערציעלן״ סיסטעם. אויך שפּעטער, ווען אָט דער קאַמף האָט זיך ווידערהאָלט קעגן דעם רעזשים פון „חשבון״ אין דער קאָלאָניזאַציע טעטיקייט, בעת דעם וויכוח מיט בראַנדייסן און זיין גרופּע, איז אידעלסאָן אין אַ געוויסער מאָס נוטה געווען אויף דער זייט פון די „בעלי החשבון״.

ג.

אידעלסאָן האָט זיך געהאַלטן ווייט פון הערשאַפט, פון פירערשאַפט. דאָס שרייבן איז אים לייכט אָנגעקומען. נישט איינמאָל האָט ער פאַרעפנטלעכט אין „ראַסוויעט״ עטלעכע אַרטיקלען, מיט פאַרשיידענע אונטערשריפטן, אינעם זעלבן נומער. עס זענען נישט געווען סתם אַזוי אַרטיקלען, זיי האָבן תמיד אויפגעוואָרפן געדאַנקען און פראַגן, וואָס זענען געשטאַנען אויפן טאָג־אָרדנונג, וואָס האָבן זיך גענויטיקט אין באַלויכטונג און אויפקלערונג. ער איז נישט געווען קיין רעדנער ער האָט אָבער געקענט אויפקלערן זיינע געדאַנקען קלאָר און איינפאַך. ער האָט פאַרשטאַנען ווי צו געווינען די הערצער פון דער יוגענט און וועקן אין זיי אייגענע געדאַנקען, געווען פאַר זיי אַ לערער און אַ חבר, קיינמאָל נישט אונטערגעשטראָכן זיין איבערלעגנהייט. ער האָט אַוודאי געוווּסט זיין ווערט, אָבער ער האָט זיך נישט גרויס געהאַלטן און געלאָזט זיינע חברים און תלמידים פאַרנעמען דעם פּלאַץ אויבנאָן. אפילו ווען מ׳האָט אים אָרויסגעשטויסן — און נישט שטענדיק מיט איבעריקער העפלעכקייט — איז ער נישט בייז געוואָרן. אַוועקגעגאַנגען מיט אַ שפּאָטישן שמייכל אין די אויגן. נאָר איינמאָל, געדענק איך, האָט ער זיך אויפגערעגט און פאַרטיידיקט זיין פּלאַץ אין דער באַוועגונג.

דאָס איז געווען אויף דער קאָנפערענץ פון די רוסישע ציוניסטן, וואָס איז פאָרגעקומען פאַרן עלפטן קאָנגרעס אין ווין, דער לעצטער פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. זשאַבאָטינסקי איז געקומען מיט אַ פאָרשלאַג און פאָדערונג, מ׳זאָל אים איבערגעבן די פירונג פון

דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין רוסלאַנד און באַשטימען אים אַלס הויפּט־רעדאַקטאָר פון איר אָרגאַן אין דער רוסישער שפּראַך, דער „ראַזסוויעט". זשאַבאָטינסקי, וואָס איז געווען איינער פון די תּלמידים־חברים פון אידעלסאָנען, וועלכן ער האָט באַזונדערס ליב געהאַט, האָט אפשר גערעכנט אַז אויך דאָס מאָל וועט אידעל־סאָן נאָכגעבן ווי תּמיד און אויך מיר, די נאָענטע חברים פון אידעלסאָנען האָבן נישט געקלערט, אַז ער וועט אַזוי שטאַרק רע־אַגירן אויף דעם.

דאָס ערשטע מאָל האָבן מיר אים געהערט ריידן וועגן זיך, וועגן זיין ארבעט און פּלאַץ אין דער באַוועגונג. דאָס ערשטע מאָל האָט ער געמאָנט זיין רעכט און דערקלערט קאַטעגאָריש אַז ער וועט נישט נאָכגעבן.

דער פאָרשלאַג פון זשאַבאָטינסקין, וואָס האָט אויך אָנגערירט דעם אויטאָריטעט פון אוסישקין און טשלענאָוו, איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן.

דער „ראַסוויעט" איז געווען אידעלסאָנס און בלויז זיינער אליין, הגם אויך זיינע חברים־מיטאַרבעטער האָבן ארויפגעלעגט זייער שטעמפּל אויף דער דאָזיקער וואָכנשריפט. אין די ערשטע יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז געמאַכט געוואָרן אַ פּרווו צו באַנייען דעם „ראַזסוויעט" מיט דער הויפּט־באַטייליקונג פון זשאַ־באָטינסקין, אָבער דער פּרווו איז נישט געלונגען.

אַ געוויסע צייט האָט אידעלסאָן רעדאַגירט דעם „העולם". די ערשטע יאָרן נאָך דער מלחמה זענען געווען יאָרן פון קריזיס און אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, יאָרן פון אנטוישונגען פון איבערטריבענע האָפנונגען וואָס האָט געבראַכט מיט זיך די באַלפור־־דעקלעראַציע.

אידעלסאָן האָט נישט געזען קיין שום סיבה פאַר קריזיס און נידערשלאָגנקייט, וואָס האָט באַהערשט דעם ציוניסטישן לאַגער. ער האָט בכלל נישט איבערגעשאַצט דעם ווערט פון דער באַלפור־דעקלעראַציע. אינעם סאַמע מיט פון דער באַגייסטערונג נאָך איר פאַרעפנטלעכונג, האָט ער אויף אַ זיצונג פון צענטראַל־קאָמיטעט אין פּעטראָגראַד אַנאַליזירט אין אַ ריידע דעם אינהאַלט און באַ־דייטונג פון דער דעקלעראַציע און דערוויזן, אַז אויב עס וועלן

אונדז נישט געגעבן ווערן ממשות׳דיקע רעכט וואָס זאָלן דער־לייכטערן די קאָלאָניזאַציע אַרבעט וועט די דעקלעראַציע נישט ברענגען קיין גרויסע נוצן און איר באַדייטונג וועט פאַלן. דאָס מאָל האָט ער נישט מסכים געווען מיט די פּעסימיסטן, פּונקט ווי דעמאָלט האָט ער זיך נישט געלאָזט מיטרייסן מיט די אָפּטימיסטן, אָבער זיינע אַרטיקלען האָבן נישט געהאַט יענעם עכאָ ווי יענע אין „ראַזסוויעט". די תקופה פון זיין רעדאַגירן דעם „העולם" איז געווען בלויז אַן עפּיזאָדע אין זיין לעבן, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיטן רוסישן יידנטום און מיט דער ציוניסטישער באַוועגונג אין רוסלאַנד.

## זיינע לעצטע טעג

עס האָט זיך מיר נישט געוואָלט גלויבן, אַז אויך אידעלסאָן איז געשטאָרבן. איך האָב געוווּסט, ער האָט זיך געפילט נישט אַמבעסטן אין די לעצטע צייטן, אין דער פרעמד, ווייט פון זיין פאַמיליע, וואָס איז געבליבן אין פּעטערבורג און אַנגעליטן זיך הונגער און נויט. איך האָב אים געזען אין קאַרלסבאַד אַ קראַנקן, אַ פאַרצווייפלטן און א געעלטערטן. ער, דער איינגעהאַלטענער מענטש, וואָס האָט אַלץ אין זיך פאַרבאָרגן און דערשטיקט, האָט שוין נישט געקענט אויסהאַלטן, ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אַז זיין פרוי און קינדער זענען ווידער געבליבן אין רוסלאַנד און נישט געקומען מיט די דעלגאַטן צום קאָנגרעס. דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן איז ער אַרויס מיט פּרעטענזיעס צו זיינע חברים, צו די צענטראַלע קאָמיטעטן, דאָס ערשטע מאָל האָט ער זיין רעכט גע־פאָדערט אויף אויפמערקזאַמקייט, אויף הילף. באַלד אָבער, נאָך אין דער צייט פונעם קאָנגרעס האָט ער באַקומען א ידיעה, אַז זיין פאַמיליע קומט, און עס האָט זיך געדאַכט אז אַ נייע לעבן איז אין אים אַריינגעטראָטן. מען האָט ווידער דערזען דעם לעבעדיקן וויצ־לינג, וואָס קוקט אויף אַלץ מיט זיין אַמאָל בייסנדן אַמאָל גלאַט איראָנישן שמייכל, וואָס האָט פאַר אַלץ אַ וויץ, אַ קלוג וואָרט, אַ טיפע באַאָבאַכטונג. ער האָט געדאַרפט זיך באַזעצן אין בערלין און צוריקקערן צו זיין אַלטער אַרבעט אינעם מרכז פון די רוסישע ציוניסטן, וואָס איז אויפסניי אָרגאַניזירט געוואָרן. ער האָט פראַ־

יעקטירט א קאָנפערענץ פון פאָרשטייער פון דער ציוניסטישער פרעסע, כדי מיטצוהעלפן פאָרמולירן די טעאָרעטישע גרונטלאַגן, אויף וועלכע עס דאַרף זיך שטיצן דער ציוניזם אין דער תקופה פון רעאַליזירונג, אין וועלכער ער איז אַרייַנגעטראָטן. ער האָט נאָך פיל, פיל פראָיעקטירט, נאָר עס האָט אים געפּאַקט דער טויט, און מיר האָבן פאַרלוירן אונדזער קלוגן, אונדזער געטרייען, שטענדיק לעבעדיקן אידעלסאָן, וואָס איז אַזוי שטאַרק און בייסענד געווען אין זיין גלויבן, אין זיין זיכערקייט, אַז דער ציוניזם מוז און וועט סוף כל סוף זיגן.

פון דער גאַנצער ציוניסטישער עמיגראַציע פון רוסלאַנד איז אידעלסאָן געווען דער עמיגראַנט פער עקסעלענס. ער איז געווען אַזוי אָרגאַניש צונויפגעבונדן מיטן רוסישן ציוניזם, מיט דער רוסישער יידישער סביבה, אַז ער האָט נישט געקענט געפינען אַ פּאַסיקן אָרט פאַר זיך אין לאָנדאָן. ער איז געוואָרן דער רעדאַק־טאָר פון „העולם", אָבער ער האָט אים פאַר אַ העברעאישן „ראַז־סוויעט" נישט געמאַכט. ער האָט אויך אין אים געשריבן זיינע קריטישע אַרטיקלען וועגן פאַרשיידענע געשעענישן, דערשיינונגען און פראַגן וועגן ציוניסטישן לעבן, אָבער זיי האָבן שוין נישט אַרויסגערופן יענעם אויפזען, יענעם אינטערעס און שטורעם, ווי אַמאָל זיינע אַרטיקלען אין „ראַזסוויעט". ער האָט נישט פאַרלוירן זיין שאַרפזין, זיין דרייסטקייט אין דער קריטיק, זיין פשטות און קלאָרקייט אין אַנאַליזירן און פאַרענטפערן פּראָבלעמען. אָבער ער האָט שוין נישט געהאַט די פריערדיקע צוהערער, דעם פריערדיקן איינפלוס. ס'האָט אים געפעלט די סביבה, די נאָענטע און באַקאַנטע סביבה, פון די רוסישע ציוניסטן, פון דער ציוניסטישער יוגנט אין רוסלאַנד, וואָס האָט נישט איינמאָל פּראָטעסטירט קעגן אים, וואָס איז נישט איינמאָל געווען אויפגעבראַכט אויף אים צוליב זיינע אפּיקורסישע געדאַנקען בנוגע פיל פון אירע הייליקטימער, אָבער געווינט געווען צוצוהערן זיך צו זיינע ווערטער, זען אין אים אַ לערער, וועלכן מען האָט דאָך ליב און מ'שאַצט אים ווי געהעריק. עס האָט אים געשטערט אויך, — זעט אויס — די העברעאישע שפּראַך.

ער איז געווען אַ גוטער העברעער און אַ תלמיד חכם, ער איז

געווען צוגעבונדן צו דער העברעאישער שפראַך און ליטעראַטור.
אָבער זיין העברעאישער סטיל און שפראַך איז געווען דער אַלטער
משכּילישער, האָט געשמעקט אביסל מיט בטלנות, בעת ווען זיינע
געדאַנקען און זיינע אָנשויאונגען זענען געווען ווייט פון משכּיליזם,
פון דער משכּילישער בטלנות. די סתירה האָט געבראַכט דערצו,
אַז אין העברעאיש איז ער געווען כּמעט סטיללאָז, בעת ווען אין
רוסיש האָט ער געהאַט אן אייגענטימלעכן אָפּט גלענצנדן סטיל,
הגם ער האָט זיך ווייניק גערעכנט מיטן גייסט פון דער רוסישער
שפראַך. עס איז יעדנפאַלס א פאַקט, אז אידעלסאָן, וואָס האָט
געשאַפן אַ באַזונדערן טיפּ פון אַ ציוניסטישן זשורנאַל, דעם
„ראַזוויעט", וואָס האָט געוועלטיקט איבער די געדאַנקען פון די
רוסישע ציוניסטן, האָט מיטן „העולם" קיין גליק נישט געהאַט,
אזוי ווי בכלל מיט העברעאיש.

אידעלסאָנען האָט געפעלט דער פּאַטאָס, ער איז געווען אין זיין
לעבן און שרייבן איינגעהאַלטן און באַהאַלטן פאַר אַ פרעמדע אויג.
צו די טיפעניש פון זיין נשמה האָט ער קיינעם נישט צוגעלאָזט.
זיינע ליידן, זיינע יסורים און פיין האָט ער פאַרדעקט, פאַר־
מאַסקירט מיט אַ שמייכל, מיט אַ וויץ מיט אַ בייסענדער אַמאָל
גאָר צינישער באַמערקונג. און דער עיקר האָט ער נישט ליב געהאט
צו מאַכן אַ ווען פון דעם אַלעם, וואָס איז פאַרגעקומען אין אונדזער
ציוניסטישער וועלט. „נאָר נישט אַנטלויפן פון דערווירקלעכקייט,
נאָר נישט שאַפן זיך אילוזיעס, נאָר נישט פאַרשאַנצן זיך אין עולם
הדמיון. דרייסט דאַרף מען קוקן דעם אמת אין די אויגן, מען דאַרף
נעמען די מענטשן אַזוי ווי זיי זענען. נישט מיט דער נשמה יתרה
דאַרף מען זיך רעכענען, נישט אויף איר דאַרף מען בויען, נאָר
אויף דער וואָכעדיקער נשמה, ווארום די נשמה יתרה אָדער זי
באַווייזט זיך בלויז אויף א רגע אָדער זי איז בכלל אַן אויס־
געטראַכטע זאַך".

ס'פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ מענטש מיט אַזעלכע געדאַנקען האָט
נישט געקענט אויסנעמען ביי דעם ציוניסטישן עולם אין דעם פּע־
ריאָד פון אַגיטאַציע, ווען עס האָט געוועלטיקט דער פּאַטאָס, די
אילוזיע. ער איז געוואָרן דער קריטיקער און דער קעגנער פון
כּמעט אלע ציוניסטישע אידעאָלאָגיעס און אפילו פון די, וואָס

זענען אים געווען שוין באַגנט, צו וועלכע ער האָט צוגעלייגט זיין
האַנט, אפילו צו די האָט ער זיך באַצויגן מיט אַ שמייכל פון א
פּאָטער, וואָס זעט די פעלערן, פארשטייט אָבער אַז זיי זענען
אומפאַרמיידלעך, וואָרום זיי זענען אָרגאַנישע זייער מקור איז די
נאַטור פון דער זאַך.

מיט אידעלסאָנען איז געשטאָרבן דער „ראַסוויעט" וועלכער
האָט געדאַרפט באַנייט ווערן אין בערלין, און אויך דער אייגענ־
טימלעכער רוסישער ציוניזם, דער רוסישער און נישט דער רוס־
לענדישער. נישט דער ציוניזם וואָס איז אַנטשטאַנען אין דער
משכילישער און מתנגדישער ליטע, נישט דער ציוניזם פון דעם
ענטוזיאַסטישן פּאַטעטישן דרום, פון אוקראינע, וואָס האָט געלעבט
און געאָטעמט אין אַן אַטמאָספערע פון פּאָגראָמען און בלוט־
פאַרגיסונג נאָך דער שיינער טרוקענער, ניכטערער אבער דורכ־
געטראַכטער און טיפער ציוניזם פון צפון רוסלאַנד, פון דער רוסיש־
יידישער אינטעליגענץ וואָס האָט דורכגעמאַכט אַ לעבן פול ספקות
און זוכענישן און האָט טיף פאַרבאָרגן אין זיך סיי דעם גוואַלטיקן
צער פון די גליענדע האָפנונג און דעם פעסטן גלויבן, ווייזענדיק
פאַר דער וועלט בלויז דעם איראָנישן אָפט סאַרקאַסטישן שמייכל,
פון אַ חכם א ייד.

# ד״ר יחיאל טשלענאָוו

איך בין נישט געווען פון די מקורבים צו טשלענאָוו, און אויך ער האָט מיר נישט מקרב געווען. מיר האָבן זיך באגעגענט אויף די זיצונגען פון צענטראַל־קאָמיטעט און פון די אָנפירער פון דער באַוועגונג אין רוסלאַנד, וואָס זענען פון צייט צו צייט פאָרגעקומען אין מאָסקווע.

די רעאקציע האָט דעמאָלט געוועלטיקט אין רוסלאַנד און אונדזערע זיצונגען זענען אָפגעהאַלטן געוואָרן אין פריוואַטע הייזער ביי נײַדיטשן, גורוויטשן און ביי טשלענאָוון אַליין. ער האָט דעמאָלט געפירט דאָס ביוראָ פון קרן־קימת אין רוסלאַנד און די מאכט האָט אים נישט געשטערט. אפשר דערפאַר, ווייל ער איז געווען באַקאַנט ווי א מיטגליד פונעם שטאָטישן קאָמיטעט פון דער קאָנסטיטוציאָנאַל־דעמאָקראַטישער פאַרטיי, וואָס די רעגירונג האָט זי באַטראַכט ווי אַן אָפּאָזיציאָנעלע פאַרטיי, וואָס איר טעטיקייט איז גוצלעך און געווונטשן פאַרן רעזשים, כדי ער זאָל אויסזען אין די אויגן פון מערב־אייראָפּע אַנדערש, ווי דער אַבסאָלוטיסטישער רעזשים פון דער תקופה פון פאר דער רעוואָלוציע פון 1905. טשלענאָוו האָט אויך געהאַט פאַרבינדונגען מיט די קרייזן, וואָס זענען געשטאַנען נאָענט צום אינערן מיניסטעריום, ווו עס זענען געמאַכט געוואָרן אומאויפהערלעכע באמיאונגען צו באַקומען א לעגאַליזאַציע פאַר דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

טשלענאָוו איז שטענדיק געווען דער פאָרזיצער אויף אונדזערע זיצונגען. געפירט די זיצונגען רואיק און ערנסט. קיינעם נישט אויפגעצוווּנגען זײַן מיינונג. נישט גערעדט דער ערשטער, נאָר געגעבן דאָס וואָרט דעם רעפערענט און געלאָזט דעם וויכוח זיך אַנטוויקלען. זיך צוגעהערט צו די ריידעס און נאָכדעם ווי דער ענין

איז אויפגעקלערט געוואָרן, ארויסגעזאָגט זיין אייגענע מיינונג, וואָס איז תמיד געווען אַ סך־הכל און סינטעזע פון אלע מיינונגען וואָס זענען געקומען צום אויסדרוק אין דער דעבאַטע, און איז כמעט תמיד אָנגענומען געוואָרן דורך אלע אָנוועזנדיקע. טשלענאָוו איז געווען דער מאַן פון „גאָלדענעם מיטלוועג", וואָס האָט געהיט אַז די אחדות זאָל נישט געשעדיקט ווערן. די עקסטרעמע מיינונגען האָט ער אָפּגעוואָרפן, באַזונדערס די פּארעקשנ'טע, די קאָמפּראָמיסלאָזע. יעדע מיינונגס־פאַרשידענהייט מוז סוף־כל־סוף פירן צו אַ סינטעזע, און די פאָרם פון מיינונגס־אויסטויש דאַרף זיין אַ פאַרלאַמענטאַרישע, אַ קולטורעלע. מ'טאָר נישט פאַרשאַרפן דעם אידייען־קאַמף מיט פערזענלעכע באַליידיגונגען, מיט ווארפן חשדים, מיט באַשולדיגונגען וואָס דערווייטערן חברים און פאַרוואַנדלען זיי אין זיינע פיינט.

די דאָזיקע מיינונג זיינע האָט ער קיינמאָל נישט געענדערט. ס'איז געווען אן אייגענשאַפט אזא און נישט קיין סיסטעם. ווייל טשלענאָוו האָט געהאַט זיינע אָנשויאונגען, ביי וועלכע ער האָט זיך געהאַלטן מיט דער גאַנצער קאַטעגאָרישקייט. און ווען ער האָט נישט געזען ביים קעגנער קיין ווילן צו קומען צו אַ פאַר־שטענדיקונג און פשרה, האָט ער פאַרשטאַנען ווי אָנצונעמען מיטלען קעגן דער השפעה פונעם קעגנער. אזוי איז געווען אויפן זעקסטן קאָנגרעס, ווען ער האָט געגעבן אַ צייכן די קעגנער פונעם אוגאַנדע פראָיעקט אַרויסצוגיין און געצוווּנגען הערצלען דורכדעם צו שטעלן זיך פאַר דעם לאַגער פון זיינע קעגנער און זיי איבערצייגן, אַז מ'דאַרף נישט זען אינעם באַשלוס צו שיקן אן אויספאָרשונגס־קאָמיסיע קיין אוגאַנדע אַ סימן, אַז מען רעזיגנירט פונעם געדאַנק, אַז בלויז ארץ־ישראל אליין קען זיין אַ „עפענטלעך־רעכטלעך געזיכערט'ע היים", אזוי, ווי עס הייסט אינעם באַזעלער פראָגראַם. די ציוניסטישע צובונטעווטע דעלעגאַטן האָבן זיך צוריקגעקערט אינעם קאָנ־גרעס און הערצלען, וואָס איז באַאיינדרוקט געוואָרן פון דעם, וואָס ער האָט געזען און געהערט אויף דער פאַרזאַמלונג פון די „רוסן", האָט פאַרענדיקט זיין בעילה־ריידע אויפן קאָנגרעס מיט דער שבועה: „אם אשכחך ירושלים"...

עס איז געווען דער נצחון פון טשלענאָוון, וואָס האָט צום

ערשטן מאָל אין זיין לעבן אַלס ציוניסט געבראָכן די ציוניסטישע דיסציפּלין.

פאַרשיידענע סימנים האָבן עדות געזאָגט, אַז אין די ציוניסטישע קרייזן אין מערב, האָט דער אוגאַנדע געדאַנק געפונען איינפלוסרייכע אָנהענגער און אויך אין רוסלאַנד אינעם לינקן סאַציאַליסטישן פליגל, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן נאָכן זעקסטן קאָנגרעס. אויך די פּשוטע פאָלקס־מאַסן האָבן געזען אינעם אוגאַנדע־פּראָיעקט און טעריטאָריאַליזם אַן אויסגאַנג פון דער שרעק פאַר פּאָגראָמען און דער אַנטיסעמיטישער פּאָליטיק פון דער צאַריסטישער רעגירונג. טשלענאָוו איז דעריבער באַלד אַוועק קיין כאַרקאָוו, נישט בלויז כדי צו אָרגאַניזירן דעם קאַמף פאַר דעם פּלאַץ פון ארץ־ישראל און דער ציוניסטישער באַוועגונג, נאָר אויך כדי צו צוימען אוסישקינען, זיין חבר און פריינט, אים אָפּהאַלטן פון מאַכן אַזעלכע שריט, וואָס קענען פאַרטיפן דעם תהום וואָס האָט זיך געעפנט צווישן די ארץ־ישראל־טרייע ציוניסטן און יענע וואָס האָבן געשטעלט דער עיקר אויף דער פּאָליטישער אויטאָנאָמיע, וואָס איז צוגעזאָגט געוואָרן דורך ענגלאַנד.

אויף דער זיצונג פונעם אַקציאָנס־קאָמיטעט, וואָס איז פאָרגעקומען נאָכן צוזאַמענפאָר אין כאַרקאָוו, איז געקומען צו אַ פּשרה צווישן די אָנפירער פון רוסישן ציוניזם און הערצלען און זיינע אָנהענגער.

טשלענאָוו האָט באַזייטיקט די סכנה פון פּירוד און אוסישקין האָט איבערגענומען אין זיינע הענט דאָס אָרגאַניזירן די ארץ־ישראל־טרייע, ער האָט מאָביליזירט די באַוועגונג פון „ציוני־ציון“ און זי האָט געזיגט בעת די וואַלן צום זיבעטן קאָנגרעס, וואָס איז פאָרגעקומען נאָך הערצלס טויט. דער וויכוח אין דער אוגאַנדע־פראַגע איז געווען שאַרף און שטורמיש. טשלענאָוו האָט זיך אין אים באַטייליקט און זיך אויסגעצייכנט מיט זיין רואיקער און ערנסטער אַרגומענטירונג, וואָס איז געווען פריי פון יעדער איבערגעטריבענער עמאָציאָנעלישקייט. עס איז אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע, וואָס שטעלט פעסט דעם ארץ־ישראל פּרינציפּ אַלס טייל פון פּראָגראַם, וואָס פאַרפליכטעט יעדן ציוניסט. אָט דער באַשלוס האָט גורם געווען צום פאַרלאָזן דעם קאָנגרעס דורך די טעריטאָריאַליסטן און צום

שאַפן אַ טעריטאָריאַליסטישע אָרגאַניזאַציע אונטער דער אָנפירונג פון זאַנגווילן.

אויפן זיבעטן קאָנגרעס איז טשלענאָוו געווען דער, וואָס האָט באַרואיקט די געמיטער און אויסגעמיטן דאָס אַוועקגיין פון די פּאָליטישע ציוניסטן, וואָס האָבן זיך אבערצייגט, אַז דער אוגאַנדע־פּראָיעקט ווערט בטל נישט בלויז צוליב די נעגאַטיווע אויספירונגען פון דער אויספאָרשונגס־קאָמיסיע, נאָר אויך, און דער עיקר טאַקע, צוליב דער קעגנערשאַפט פון די בריטישע קאָלאָניסטן, וואָס די לאָנדאָנער רעגירונג וויל נישט אויפצווינגען אויף זיי איר פּלאַן.

זינט דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן דער ברוך צווישן די צוויי חברים אין דער באַוועגונג, טשלענאָוו און אוסישקין, וואָס זייער לאַנגיעריקע פריינטשאַפט האָט נישט באַוויזן אויסצומיידן דעם צוזאַמענשטויס צווישן זייערע כאַראַקטערן און מיינונגען. עס איז נישט געקומען צו אַן אָפענעם קאַמף: זייער פּערזענלעכע טרייהייט צום ציוניזם איז געווען גענוג שטאַרק כדי אויסצומיידן אַן אָפענעם צוזאַמענשטויס וואָס האָט געקענט ווערן געפערלעך פאַר דער באַוועגונג.

עס איז געווען אַ גרויסער אונטערשיד אין זייער ביידענס כאַראַקטער־אייגנשאַפטן. אוסישקין איז געווען דער מענטש פון געפיל און אינספּיראַציע אין זיינע אָנשויאונגען און טעטקייט. דער ציוניסטישער גלויבן, וואָס זיין מקור איז געווען די טראַדיציע און דערציאונג אין טאַטענס הויז, האָט באַשטימט זיין באַציאונג צו יעדער פראַגע, וואָס איז אַנטשטאַנען אין דער באַוועגונג, צו יעדער שטערונג וואָס האָט זיך באַוויזן אויף איר וועג. זיין גלויבן אין דער פאַרווירקלעכונג פון ציוניזם איז געווען אזוי טיף, אז ער האָט נישט געלאָזט קיין פּלאַץ פאַר ספיקות און וואַקלענישן. אויך טשלענאָוו איז געווען טריי די ציוניסטישע פּרינציפּן אויך זיין גלויבן אין ציוניזם איז געווען אימוניזירט קעגן יעדן דורכפאַל און געפאַר, אָבער נישט אויף דעם אַלעמען זענען געווען באזירט זיין מיינונג און סיסטעם. ווי אַן אַרצט וואָס איז דערצויגן געוואָרן צו אורטיילן אויפן יסוד פון פאַקטן און געגעבענע אומשטענדן, זייערע אייגענשאַפטן און אויסווירקונגען, פלעגט ער זיך באַמיען צו אונ־

טערזוכן יעדער פּראָבלעם וואָס איז אַנטשטאַנען אין דער באַוועגונג אַלזייטיק, געזוכט צו דערגיין דעם אָביעקטיוון אמת, וואָס זאָל שטאַרקן זיין אינטואיציע און גלויבן, און זאָל אויך זיין בכוח צו איבערצייגן די שוואַך־גלויביקע.

ווען עס איז אנטשטאַנען דער אוגאַנדע־וויכוח און דער טעריטאָריאַליזם, האָט טשלענאָוו גרונטלעך אונטערזוכט דאָס פּראָבלעם. ער האָט געזאַמעלט יעדן געאָגראַפישן און קאָלאָניזאַציע מאַטעריאַל וואָס איז געווען בנימצא, כדי צו באַווייזן אַז דער גאַנצער פּלאַן איז האָפענונגסלאָז און אילוזאָריש.

אוסישקין האָט זיך נישט באַשעפטיקט מיט דעם אלעמען. פאַר אים איז געווען גענוג פעסטצושטעלן, וואָס פאַר אַ פּלאַץ ארץ־ישראל פאַרנעמט אין דער יידישער טראַדיציע און אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק.

אויפן זיבעטן קאָנגרעס, אינעם היסטאָרישן וויכוח צווישן ציוניזם און טעריטאָריאַליזם, איז טשלענאָוו געלונגען צו איבערצייגן די „פּאָליטישע", אַז דער ציוניזם וועט צוריקקערן אויף די וועגן פון די חובבי־ציון און וועט פאַרנאַכלעסיקן די הערצליאַנישע טעאָריע, וועגן די פּאָליטישע אַנשטרענגונגען פון ציוניזם.

די „פּאָליטישע" האָבן געהאַט גרויס צוטרוי צו טשלענאָוו און זיך באַצויגן מיט גרויס חשד צו אוסישקין, וואָס האָט אויסגעזען צו וועלן זיי באַזייטיקן פונעם רודער אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. וואָלפסאָן מיט דער אונטערשטיצונג פון טשלענאָוו איז אויסגעוויילט געוואָרן אלס יורש פון הערצלען און ביי זיין זייט זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן סאָקאָלאָוו און א גרופּע פּעאיקע און באַגאַבטע יוגענט, וואָס האָט זיך בעת דעם וויכוח אָנגעשלאָסן צו די „ציוני־ציון".

נאָך דער רייזע פון סאָקאָלאָוו און וואָלפסאָן קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, ווו עס האָבן געזיגט די „יונג־טערקן" און זיי האָבן ביים אָנהויב פון זייער הערשאַפט אַרויסגעוויזן אַ פּאָזיטיווע באַציאונג צום ציוניזם, איז געשאַפן געוואָרן אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל א ציוניסטישע פאָרשטייערשאַפט און ביי איר אַ רעדאַקציע פאַר צייטונגען אין העברעאיש, לאַדינאָ און פראַנצויזיש, בראש פון דער רעדאַקציע איז געשטאַנען זשאַבאָטינסקי.

אין אַ געוויסער צייט אַרום, האָט זשאַבאָטינסקי באַשולדיקט דעם מיטגליד פון דער ציוניסטישער לייטונג יאַקאָבוס קאַן אין ברענגען שאָדן דער ציוניסטישער אויפקלערונגס־אַרבעט צווישן די יונג־טערקן, דורך זיין בוך, וואָס ער האָט פאַרעפענטלעכט אין וועלכן ער האָט אויפגעדעקט, אַז דער ציל פון ציוניזם איז, דאָס גרינדן אַ יידישע מדינה אין ארץ־ישראל.

וואָלפסאָן האָט נישט מסכים געווען צו באַזייטיקן יאַקאָבוס קאַן פון דער לייטונג און זשאַבאָטינסקי האָט זיך אָנגעגעבן אין דימיסיע. אין דעם געשאַפענעם קריזיס האָט טשלענאָוו אַרויסגערוקט דעם פאָרשלאַג מבטל צו מאַכן דאָס פּרעזידיום פון דער אָרגאַניזאַציע און שאַפן אויף זיין אָרט אַ קאָאַליציע־לייטונג.

אויפן צענטן קאָנגרעס האָט דער פאָרשלאַג געזיגט און עס איז געוויילט געוואָרן די בערלינער לייטונג, אין וועלכער עס איז אריין אויך טשלענאָוו און געוויילט געוואָרן אַלס וויצע פאָרזיצער. ער איז אריבער קיין בערלין און פאַקטיש פאַרנומען דעם פּלאַץ פון פאָרזיצער.

בעת דער קאָדענץ פון דער דאָזיקער לייטונג האָט אויסגעבראָכן דער סכסוך מיט דעם „הילפס־פאַריין", צוליב דער למוד־שפּראַך אין חיפה׳ער טעכניקום, וואָס איז געשאַפן געוואָרן פון דעם פאָנד פון ק. ז. וויסאָצקי, אַן אַלטער, אָנגעזעענער חובב־ציון. אין רע־זולטאַט פון דעם שפּראַכן־וויכוח איז בטל געוואָרן דער פּאַטראָ־נאַט פון „הילפס־פאַריין" אויף די יידישע פאָלקס און מיטל־שולן אין ארץ־ישראל און עס איז געשאַפן געוואָרן אַן אַמט פאַרן דער־ציאונגס־וועזן ביי דער ציוניסטישער לייטונג, וואָס האָט איבער־גענומען אין איר רשות די אויסהאַלטונג פון די שולן, אין וועלכע העברעאיש איז איינגעפירט געוואָרן אַלס למוד־שפּראַך פאַר אַלע קעגענשטאַנדן. עס איז געווען אַ זייער דרייסטער שריט אין יענע יאָרן, באַזונדערס אין פינאַנסיעלער הינזיכט. די הכנסות פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע זענען נישט געווען קיין גרויסע אין יענער צייט, און ס'איז געווען אַ געוואַגטער שריט צו באַלאַסטן מיט אַ היפּשן דערציאונגס־בודזשעט.

עס איז געווען דער זכות פון טשלענאָוו, וואָס דער דאָזיקער גרויסער נצחון פון ציוניזם און העברעאיש אין ארץ־ישראל איז

דערגרייכט געוואָרן דעמאָלט ווען ער איז פאַקטיש געשטאַנען בראש פון דער ציוניסטישער לייטונג. טשלענאָוו האָט, שטייענדיק פּאַקטיש בראש פון דער ציוניסטישער לייטונג אין בערלין, נישט איבער געריסן זיינע פאַרבינדונגען מיט דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין רוסלאַנד. די „קאַלטע מלחמה" צווישן אים און אוסישקין האָט נישט אויפגעהערט. דאָס אריינגייען פון טשלענאָוו אין דער לייטונג פון דער ציונ. וועלט־אָרגאַניזאַציע, האָט זיך נאָך פאַרשטאַרקט. אין דער רוסישער ציונ. אָרגאַניזאַציע איז נישט געווען קיין צענטראַל־קאָמיטעט, נאָר בלויז אן אָרגאַניזאַציע־קאָמיטעט אין ווילנע. די השפעה אויף דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין רוסלאַנד איז געווען געטיילט צווישן די ביידע ציוניסטישע פערזענלעכקייטן. אין דרום האָט דאָמינירט די השפעה פון אוסישקין און אין צפון, מיט מאָסקווע און פעטערבורג אין דער שפּיץ, די השפעה פון טשלענאָוון.

אין דער זעלבער צייט האָט זיך פאַרשטאַרקט דער רעוואָלוציאָנערער אויפריר אין רוסלאַנד. די אָנפירער פון דער באַוועגונג האָבן געזען אז ציוניסטן קענען נישט בלייבן שטיין פונדערווייטנס. נאָכן צוריקקערן זיך פון זייער לעצטע זיצונג מיט הערצלען האָבן זיי פּראָקלאַמירט אין אן אויפרוף צו דער באַוועגונג, אז די ציוניסטן שליסן זיך איין אין דער פרייהייטס באַוועגונג פון די פעלקער אין רוסלאַנד, און זיי גלויבן אַז זי וועט ברענגען צו דער גלייכבאַרעכטיקונג פון יידן מיט אַלע אַנדערע בירגער פון רוסלאַנד וואָס באַפרייט זי צו אַ נייעם לעבן. דער אויפרוף האָט געבראַכט צו דער שאַפונג פון א פאַרבאַנד אויסצוקעמפן פולע גלייכבאַרעכטיקונג פאַר יידן אין רוסלאַנד. איבעם וואָרט „פולע" האָבן די יידיש נאַציאָנאַלע און ציוניסטשע קרייזן פאַרשטאַנען אויך נאַציאָנאַלע רעכט, אַנדערש ווי אין די מערב־לענדער ווו בירגערלעכע גלייכבאַרעכטיקונג איז געווען פאַרבונדן מיט פאַרלייקענען די עקזיסטענץ פון אן איינהייטלעך יידישן פאָלק וואָס שטרעבט צו נאַציאָנאַלער גאולה.

אין דער תקופה פון רעוואָלוציאָנערן אויפריר איז טשלענאָוו געשטאַנען נאָענט צו דער גרופּע פון יונגע, וואָס האָט גוגערייט אַ פּראָגראַם וואָס האָט ארומגענומען די ציוניסטישע ארבעט אין

ארץ־ישראל און אויך די „קעגענוואַרט ארבעט" ווי מ'האָט דעמאָלט גערופן דאָס באַטייליקן זיך אין דער רוסישער באַפרייאונגס באַוועגונג אונטער דער ציוניסטישער פאָן, און דער קאַמף פאַר בירגער־לעכער גלייכבאַרעכטיקונג און אָרדנען דאָס לעבן פון דער יידישער געזעלשאַפט אויף נאַציאָנאַלע יסודות. דאָס פּראָגראַם וואָס איז אויסגעארבעט געוואָרן אויף די צוזאַמענפאָרן פון די פּאָרשטייער פון דער ציוניסטישער פּרעסע האָט באַדאַרפט באַקומען די באַשטע־טיקונג פון אַ קאָנפערענץ וואָס האָט געהאַט דאָס רעכט אָנצונעמען באַשלוסן און וויילן די געהעריקע אינסטאַנצן.

אזא קאָנפערענץ איז צונויפגערופן געוואָרן קיין העלסינגפאָרס דורכן ווילנער ציוניסטישן צענטר. ביי די פּאָליטישע באַדינגונגען אין רוסלאַנד, נאָכן פונאַנדערלאָזן די ערשטע דומע אין יאָר 1906, איז נישט געווען קיין מעגלעכקייט צו באַקומען א דערלויבניש פאַר אַ ציוניסטישע קאָנפערענץ, נאָר אין די גרענעצן פון אויטאָ־נאָמען פינלאַנד. טשלענאָוו האָט מסכים געווען צו באַטייליקן זיך אין דער קאָנפערענץ און זיין איר פּאָרזיצער. אוסישקין האָט זיך נישט באַטייליקט אין איר און האָט גערעדט מיט גרינגשעצונג וועגן אירע פּאָליטישע באַשלוסן. אחד־העם האָט געעצה'ט צו שטי־מען פאר יעדן פון די דומע־קאַנדידאַטן וואָס אונטערשטיצט די פאָ־דערונג פאַר יידישער גלייכבאַרעכטיקונג און נישט רעכענען זיך מיט זיינע פּאָליטישע אָנשויאונגען, גלייך ווי די יידישע רעכט וואָלטן נישט געווען אָפּהענגיק פונעם רעזשים וואָס הערשט אין לאַנד.

טשלענאָוו האָט פּאַרשטאַנען, אז די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע קען נישט שטיין מן הצד, ווען עס קומט פאַר א רעוואָלוציע, וואָס וועט אָנטשיידן דעם גורל פון פאָלק אין דער מדינה.

דעריבער האָט ער זיך נישט געוואַקעלט צו נעמען אונטער זיין שוץ און אויטאָריטעט די קאָנפערענץ ווו דאָס הויפּט־וואָרט האָבן געפירט די יונגע. די קאָנפערענץ האָט זיך באַמיט צו שאַפן אַ פּאָליטישע פּלאַטפאָרם פאר ציוניסטישע קעגענוואַרט־אַרבעט אין גלות, פאר אַ קאַמף פאַר בירגערלעכע און נאציאָנאַלע רעכט אין גלות, וואָס זאָל אָבער נישט שטיין אין קעגנזאַץ צו דעם עיקר־ציל פון ציוניזם וואָס שטרעבט אויפצובויען אן אייגען יידיש נאַציאָנאַל מלוכה לעבן, וואָס איז מעגלעך נאָר אין אן אומאָפּהענגיקער יידישער

מדינה. טשלענאָוו האָט אָנגענומען דאָס העלסינגפאָרסער פּראָגראַם און אונטערגעשריבן, ווי דער פאָרזיצער פון דער קאָנפערענץ, די רעזאָלוציע, וואָס האָט געדאַרפט דינען אַלס דאָס קעגנוואַרט פּראָגראַם פאַר לאַנד־פּאָליטישער אַרבעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט באַדאַרפט ווירקן כּלפּי חוץ ווי אַ יידישע פּאַרטיי. אָבער ער האָט אַכט געלעגט אויף דעם, מ׳זאָל נישט באַשליסן אַז ציוניסטן טאָרן זיך נישט אָנשליסן אַלס מיטגלידער אין נישט יידישע פּאַרטייען.

טשלענאָוו האָט געזען דעם עיקר ווערט פון דער העלסינג־פאָרסער קאָנפערענץ נישט אין אירע באַשלוסן וועגן דער קעגנוואַרט־אַרבעט, נאָר אין דעם וואָס זיי האָבן פעסטגעשטעלט אַ סינטעזע צווישן דער אַרבעט פון בויען אַ יידישן ישוב אין ארץ־ישראל און דעם פּאָליטישן געראַנגל צו באַקומען דאָס געזעצלעכע אָנערקענען און די אינטערנאַציאָנאַלע אַפּראָבירונג פאַר די פאַקטן וואָס די ציוניסטן האָבן געשאַפן אין ארץ־ישראל, און רעכט וואָס זאָלן פאַרזיכערן די ווייטערע אַנטוויקלונג פון יידישן ישוב.

ד בערלינער תקופה, ווען טשלענאָוו איז געשטאַנען בראש פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און אָנגעפירט מיט דער אַרבעט צוזאַמען מיט זיינע חברים, וואָס האָט געהאַט צו פאַרצייכענען גרויסע אויפטוען און דערפאָלגן, באַזונדערס אין דער אָרגאַניזירונג פון דערציאונגס־וועזן, דער אויסברייטונג פון דער אַרבעט פון ארץ־ישראל־אַמט א. א. איז בלי ספק געווען די גליקלעכסטע אין טשלענאָווס לעבן.

די ערשטע וועלט־מלחמה האָט געבראַכט אַ סוף צו דער פּרוכט־באַרער אַרבעט פון טשלענאָוו אין דער ציוניסטישער ליטונג אין בערלין. ער איז געווען געצוווּנגען זיך אומצוקערן קיין מאָסקווע. אָבער פון דאָרט האָט ער געטאָן אַלץ וואָס עס איז אימשטאַנד געווען צו טון, כּדי אויסצונוצן די קאָניונקטור וואָס האָט אָנגעהויבן בולט ווערן נאָך דעם ווי טערקיי איז צוגעטרעטן צו דייטשלאַנד און עסטרייך אַלס פאַרבינדעטער אין דער מלחמה, און ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז טערקיי איז דער שוואַכער פּונקט אינעם קריגס־פראָנט פון דייטשלאַנד און אירע פאַרבינדעטע

די ערשטע וועלט־מלחמה איז געווען אין טשלענאָווס לעבן

אַ תקופה פון אָנגעשטרענגטע אַרבעט און אָפטע רייזעס קיין אויס־לאַנד, קיין שטאָקהאָלם, קאָפּענהאַגן און לאָנדאָן, דאָרט האָט ער זיך באַגעגנט מיט די ציוניסטישע מנהיגים פון פאַרשיידענע לענדער און מיט דער לאָנדאָנער גרופּע, מיט ווייצמאַן און סאָקאָלאָוו בראש, וואָס האָבן אָנגעהויבן אַן אויפקלערונגס־אַקציע צווערשט אין ענג־לאַנד און נאָכער אין פראַנקרייך און איטאַליע פאַרן ציוניזם און זיינע פאָדערונגען.

נאָך די זייער נאָענטע צו טשלענאָוו האָבן געוווסט דעם פּרייז וואָס טשלענאָוו האָט באַצאָלט פאַר זיינע אָנשטרענגונגען, מיט זיין געזונט. די וואָס האָבן אים געזען אויף די זיצונגען, ווי איך, האָבן געזען ווי ער טרינקט בלויז וואַרעמע מילך און זיי האָבן פאַר־שטאַנען אַז ער איז נישט געזונט. זיי האָבן אָבער נישט געוווּסט ווי שווער עס איז זיין קראַנקהייט און ווי ווינציק ס'איז די האָפנונג אַז ער זאָל געזונט ווערן. אָבער טשלענאָוו האָט זיך נישט אונטערגעגעבן זיינע ליידן און האָט דערפילט זיינע פליכטן לגבי דער באַוועגונג, אין די באַדינגונגען פון דער מלחמה, און געפאַר־פולע רייזעס.

ער האָט זיך באַטייליקט אין דער אַרבעט פון הילפס־קאָמיטעט וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין מאָסקווע, בעת די כוואַליע פון יידישע פליטים און די פאַרטריבענע פון זייערע היימען פון פּוילן און צפון־מערבדיקן געביט, צוליב די שלאַכטן און בלבולים, האָט פאַרפלייצט די גובערניעס וואָס זענען געווען נאָענט צום תחום־המושב (דער שטח ווו יידן איז דערלויבט געווען צו וווינען, אין די צאַרישע צייטן) און מאָסקווע. אַ דאַנק זיין השפעה איז די דערציאונג פון די פליטים־קינדער נישט איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פון די וואָס האָבן געהאַלטן, אַז בלויז יידיש דאַרף זיין די לערן־שפּראַך אין די שולן, און האָט געזאָרגט דערפאַר, אַז פאַר העברעאיש זאָל אויסגעטיילט ווערן אַ פאַסיקער פּלאַץ אַלס למוד־שפּראַך.

גלייכצייטיק האָט ער זיך אינטערעסירט מיט אַלעמען און געוווּסט וואָס עס קומט פאָר אין דער באַוועגונג, אויף דער וועלט און אין ארץ־ישראל, וואָס האָט זיך דעמאָלט געפונען אונטער דער

הערשאַפט פון דזשעמאַל פּאַשאַ. אין יעדן ענין האָט מען זיך באַראָטן מיט אים.

ענדע 1915 בין איך אַריבער קיין פּעטראָגראַד און נאָכדעם ווי עס איז לויטן באַפעל פון דער מאַכט, געשלאָסן געוואָרן די צייטונג „פּעטראָגראַדער טאָגבלאַט“, ווו איך בין איינגעלאַדן געוואָרן צו זיין איינער פון די רעדאַקטאָרן, האָב איך באַקומען פון טשלע־נאָוון אַ פאָרשלאַג, איך זאָל זיך באַטייליקן אין דער אַרבעט פון ציוניסטישן מרכז. כ׳האָב, פאַרשטייט זיך, מסכים געווען אויף זיין פאָרשלאַג און אַלס פאַרשטייער פון צענטראַל־קאָמיטעט פלעג אויך אים באַזוכן, באַזונדערס ווען ער איז צוריקגעקומען פון זיינע רייזעס קיין אויסלאַנד און קיין לאָנדאָן. כ׳געדענק, ווען כ׳האָב אים אין אַ שמועס געפרעגט וועגן דעם מצב אין די אונטער־האַנדלונגען אין לאָנדאָן — עס איז געווען אין יאָר 1916 — האָט ער מיר געענטפערט: „אין לאָנדאָן האָבן מיר דערגרייכט צו אַ פאַרשטענדיקונג, אָבער אין פּאַריז איז מען אַנטשיידן קעגן אונדזערע פאָדערונגען, און ענגלאַנד וועט דאָך נישט פירן קיין מלחמה מיט פראַנקרייך צוליב אונדז“. טשלענאָוו, פּונקט ווי ווייצמאַן און אַנדערע יידישע עסקנים, האָבן נישט געוווסט פונעם סייקס־פּיקאָ־אָבמאַך, וועגן דער אינטערעסן פאַרטיילונג אין די אַראַבישע לענדער צווישן ענגלאַנד, פראַנקרייך און דעם קעניג פון העדזשאַס, וואָס האָט זיך צובונטעוועט קעגן טערקיי.

שוין ביים אויסברוך פון דער ערשטער וועלט מלחמה, האָט טשלענאָוו געפילט אַז עס דערנענטערן זיך גורל׳דיקע טעג פאַרן ציוניזם. ער האָט אָבער געהאַלטן, אַז אַזוי לאַנג ווי טערקיי בלייבט נייטראַל איז נאָך פריצייטיק פאַר אונדז אַנצוהייבן אַ געהעריקע פּאָליטישע אַקציע. זיין צוגאַנג צו פּאָליטישע ענינים איז תמיד געווען אַ קילער און אַ ניכטערער. ער איז נישט מיטגעריסן געוואָרן פון די צאָרן־געפילן, וואָס עס האָבן ארויסגערופן די צאַריסטישע מאַכט־האָבער און זייערע היציקע קאָמאַנדירן, פּונקט ווי ער האָט נישט געגלויבט אַז דאָס אַרויסווייזן און מאַניפעסטירן רוסישן פּאַטריאָטיזם קען מיט עפּעס וואָס משפיע זיין אויף די העכסטע רוסישע קרייזן און מיליטערישער הויפּט אָנפירונג. עס איז פאַר אים קלאָר געווען, אַז די מיליטערישע הויפּט־אָנפירונג זוכט צו פאַר־

ענטפּערן אירע מפּלות אין אַלע שלאַכטן מיטן דייטשן מיליטער, און געפינט די סיבה אין אַ יידישער שפּיאָנאַזש־נעץ לטובת דייטש־לאַנד, וואָס האָט צונישט געמאַכט אַלע אירע מלחמה־פּלענער, און קריגס־אַקציעס קעגן דייטשלאַנד. צוזאַמען מיט זיינע חברים אין דער ציוניסטישער לייטונג, האָט ער פעסטגעשטעלט די נייט־ראַליטעט־שיטה פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל נישט שאָדן ברענגען דער זעלבסשטענדיקייט פון די באַזונדערע לאַנד־אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן באַדאַרפט בלייבן לאָיאַל צו זייערע רעגירונגען, אַז עס איז זיי דערמעגלעכט געוואָרן אויפצוקלערן פאַר זייערע רעגירונגען די ציוניסטישע פאָדערונגען און משפּיע צו זיין אויף זייערע פרידנס־פּלענער. די נייטראַליסטישע שיטה האָט דערמעגלעכט איין טייל פון דער ציוניסטישער לייטונג, וואָס איז פאַרבליבן אין בערלין צו מאָביליזירן איר השפּעה אין דעם דייטשן אויסערן־מיניסטעריום, כדי צו צוימען דזשעמאַל־פּאַשאַ אין זיין אַנטי־ציוניסטישער אַקציע, נאָכדעם ווי די טערקישע רעגירונג האָט נישט געוואָלט אָדער נישט געקענט עס מער טוען. ערשט די אינטערווענץ פון די פאַראייניקטע שטאַטן, אַזוי לאַנג ווי זיי זיינען נאָך געווען נייטראַל, און פון דער דייטשער פאַרשטייער־שאַפט, האָט געראַטעוועט דעם „ציוניסטישן ישוב" פון חורבן, לויט דעם באַפעל פון דזשעמאַל פּאַשאַ. די נייטראַליטעט שיטה האָט אויך דערמעגלעכט די פּאָליטישע אַרבעט פון ווייצמאַן און סאָקאָלאָוו, וואָס איז געקרוינט געוואָרן מיט דער פּראָקלאַמירונג פון דער באַלפור־דעקלעראַציע, וואָס האָט געדינט אַלס יסוד פאַרן איבערגעבן דעם מאַנדאַט אויף ארץ־ישראל אין די הענט פון ענגלאַנד, מיט דעם תנאי זי זאָל העלפן שאַפן אַ נאַציאָנאַל־היים פאַרן יידישן פאָלק.

טשלענאָוו האָט געזען אין אַלע פּלענער פון דירעקטער הילף פאַר ענגלאַנד אַ ברוך פון דער נייטראַליטעט און ער האָט געקעמפט קעגן דעם. ער האָט זיך באַמיט משפּיע צו זיין אויף זשאַבאָ־טינסקין ער זאָל זיך אָפּהאַלטן פון זיין מיליטאַריסטישער טעטיקייט, פון שאַפן דעם לעגיאָן, וואָס וועט הייסן אַ שווערער ברוך פון דער נייטראַליטעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און וועט שטעלן דעם יידישן ישוב אין ארץ־ישראל אין אַ סכנה פון רדיפות

און פאַרטיליקונג. אָבער עס איז נישט געקומען צו קיין פאַר־שטענדיקונג צווישן אים און זשאַבאָטינסקין, און זשאַבאָטינסקי איז ווייטער אָנגעגאַנגען מיט זיין אַגיטאַציע צווישן די לאָנדאָנער יידן און מיט די אויפקלערונגס אַקציע אין די קרייזן פון די ברי־טישע פּאָליטיקער.

דער נצחון פון דער רוסישער רעוואָלוציע אין מאַרס 1917, האָט באַזייטיקט דעם פחד פון די יידישע מאַסן אין רוסלאַנד, פּוילן, ענגלאַנד און אַמעריקע, טאָמער וועט רוסלאַנד זיגן מיט דער הילף פון די גרויסע מערב מלוכות. רוסלאַנד איז איבער־נאַכט געוואָרן א דעמאָקראַטישע רעפּובליק, וואָס האָט איבער־געשטיגן מיט אירע פרייהייטלעכע טענדענצן און פּראָגרעסיווע פּלענער די אייראָפּייאישע מדינות און אַמעריקע. די באַציאונג צו יידן האָט זיך געענדערט צום גוטן, נישט בלויז ווי צו בירגער אין לאַנד נאָר אויך ווי צו אַ פאָלק וואָס האָט אַ רעכט צו אַן אייגן פאָטערלאַנד און פּאָליטישע פרייהייט, צו נאַציאָנאַלע רעכט אַלס נאַציאָנאַלע מינדערהייט. דאָס צאַריסטישע רוסלאַנד, וואָס מ׳האָט זיך, עווענטועל, באַדאַרפט רעכענען מיט איר אינעם ענין פון צוטיילן טערקיי, האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן.

אין אָט דער אַטמאָספער איז צונויפגערופן געוואָרן דער זיבעטער צוזאמענפאָר פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין רוסלאַנד. גרויסע מאַסן האָבן זיך אָפּגערופן און געשיקט דעלעגאַטן אויף דעם צוזאַמענפאָר. נאָכן דערגרייכן בירגערלעכע גלייכבאַרעכטיקונג איז געקומען די ריי פאַר אָרגאַניזירן דאָס רוסישע יידנטום ווי אַ נאַציאָנאַלע איינהייט, וואָס זאָל זיין אימשטאַנד צו אָנטשיידן אינעם געראַנגל פאַר דער גאולה פונעם צושפּרייטן און צעזייטן פאָלק אויף דער וועלט און קאָנצענטרירן אים אין זיין היימלאַנד.

די מפּלה פון טערקיי ביים סועץ־קאַנאַל און די פאָרבאַריי־טונגען פונעם בריטישן מיליטער אַריינצודרינגען קיין ארץ־ישראל, האָבן אָנגעזאָגט די פאַרטיילונג פון דער אָטאָמאַנישע אימפּעריע און דאָס אַנטשטיין פון גינסטיקע באַדינגונגען פאַרן פאַרווירקלעכן די ציוניסטישע פאָדערונגען.

די דערעפענונגס־ריידע פון טשלענאָוו האָט געגעבן א פייערלעכן אויסדרוק דער דאַזיקער סיטואַציע, דער פאָדערונג צו באַפרייען

דאָס יידישע פאָלק פון זיין גלות, פונקט ווי עס האָבן געהאַלטן ביים באַפרייט ווערן פון זייער יאָך אַנדערע קליינע פעלקער, וואָס זענען פאַרבליבן אין זייער היימלאַנד און נישט געגאַנגען אין גלות אַריין.

טשלענאָוו איז געוויילט געוואָרן אלס פאָרזיצער און איך האָב רעפערירט וועגן פּאָליטישן פראָגראַם און די נאַציאָנאַלע פאָדערונגען, וועגן די יסודות פונעם ניי־אָרגאַניזירטן יידיש־נאַציאָנאַלן לעבן, אויפן באַזיס פון דעמאָקראַטישע קהלות, וואָס זאָלן זיך באַשעפטיקן מיט אַלע פראַגן וואָס זענען נוגע דעם יידישן לעבן. כ׳האָב מיך אין מיין רעפעראַט באַשעפטיקט מיט די אינערלעכע פראַגן אינעם קהלה־וועזן און דעם פּלאַץ פון דער רעליגיע אינעם קהלה־לעבן. די לינקע פאַרטייען, ציוניסטישע און נישט ציוניסטישע, האָבן ארויסגעשטעלט די פאָדערונג אָפּצוטיילן די רעליגיע פון דער קהלה. איך האָב פאָרגעשלאָגן, אַז ביי דער זייט פון דער קהלה־פאַרוואַלטונג, וואָס וועט זיך באַשעפטיקן מיט וועלטלעכע ענינים, זאָל עקזיסטירן אַ רעליגיעזער רעסאָרט, וואָס זאָל געוויילט ווערן דורך רעליגיעזע יידן און זאָל זיך באשעפטיקן מיט אַלע רעליגיעזע ענינים. דער דאָזיקער פאָרשלאַג מיינער האָט ארויסגערופן אַ שטורם. די ציוניסטישע מנהיגים, ווי אויסישקין און דער פאָן־טרעגער פון דער העברעאישער דערציאונג און קולטור, זלאַטאָפּאָלסקי, און פיל אנדערע, זענען אַרויסגעטרעטן קעגן מיר און דערוויזן אַז מיין פאָרשלאַג איז נישט קיין פשרה נאָר גראָבט אונטער די עקזיסטענץ־יסודות נישט בלויז פון יידישן דת, נאָר אויך פון יידישן פאָלק, וואָס זיין לעבן איז אַ געמיש פון קודש וחול וואָס מ׳קען זיי נישט פאַנאַנדערטיילן.

אַן איבערוועגנדיקער רוב האָט געשטימט קעגן מיין פאָרשלאַג. כ׳בין געווען זער דערשטוינט ווען עס זענען באַקאַנט געוואָרן די רעזולטאַטן פון דער אָפּשטימונג. כ׳האָב געקענט פיל פון די, וואָס האָבן געשטימט קעגן מיין פאָרשלאַג, וואָס זענען געווען ווייט פון אָפּהיטן מצוות, און האָב געזען אין זייער האַנדלונג צביעות און פחדנות. כ׳בין אויפגעשטאַנען און פאַרלאָזט דעם זאַל, נאָך מיר האָבן ארום פערציק־פופציק דעלעגאַטן אויך פאַלאָזט דעם זאַל, אַלע יונגע. ס׳איז אַנטשטאַנען אַ סכנה פאַר אַ שפּאַלטונג

אין דער אָרגאַניזאַציע און אַן אָפּשוואַכונג פון אירע כוחות אין אין דער גורלדיקער שעה אין וועלכער מיר האָבן זיך געפונען. טשלענאָוו האָט זיך נישט באַטייליקט אין וויכוח, אָבער דאָס אַוועק־גיין פון מיר און מיינע חברים, וואָס זענען זיך צונויפגעקומען אויף אַ באַזונדערע זיצונג, האָט דערוועקט ביי אים אַ גרויסע זאָרג. ער האָט איבערגעריסן די זיצונג פון דער קאָנפערענץ און איז דערשינען אויף אונדזער זיצונג. ער האָט זיך נישט געווענדעט צו מיר, נאָר ער האָט געפרעגט די פאַרזאַמעלטע. כ׳האָב געענטפערט אין זייער נאָמען, אַז מיר האָבן נישט בדעה ארויסצוטרעטן פון דער אָרגאַניזאַציע. אָט די דערקלערונג האָט באַרואיקט טשלענאָוון און ער האָט פאַרלאָזט אונדזער זיצונג.

אויף אונדזער באַראַטונג האָט דער רוב מסכים געווען אַז מיר בלייבן אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און וועלן דערפילן אונדזערע אַלע פליכטן, אָבער מיר וועלן זיך נישט באַטייליקן אין קיין איינער פון אירע אינסטיטוציעס, און פאָרזעצן דעם קאַמף פאַר אונדזערע אָנשויאונגען.

מיר זענען צוריקגעקומען אויף דער זיצונג, וואָס איז אינ־צווישן באַנייט געוואָרן און האָבן דאָרט אָפּגעגעבן אונדזער דער־קלערונג. די קאָנפערענץ האָט אונדז אויסגעהערט און איז אריבער צו דער טאָג־אָרדנונג. אינעם צענטראַל־קאָמיטעט, וואָס איז געווילט געוואָרן אויף דער קאָנפערענץ בין איך נישט אריין, טשלענאָוו האָט זיך נישט געווענדעט צו מיר און זינט דעמאָלט האָב איך מיך מער מיט אים נישט באַגעגענט.

אין יולי האָט אויסגעבראָכן דער אויפשטאַנד פון די באָל־שעוויקעס. טשלענאָוו איז דאַן געווען אין פעטראָגראַד אויפן וועג קיין לאָנדאָן, ווו אהין ער איז גערופן געוואָרן דורך ווייצמאַן און סאָקאָלאָוו, כדי זיך צו באַטייליקן אין דער אָנגעשטרענגטער פאָ־ליטישער ארבעט וואָס האָט ענדלעך געבראַכט צו דער פאַר־עפנטלעכונג פון דער באַלפור־דעקלעראַציע.

קליבאָוו, וואָס האָט באַזוכט טשלענאָוון האָט זיך באַמיט צו ווירקן אויף אים ער זאָל אָפּלעגן די רייזע, צוליב די אומרועןן און אומ־זיכערקייט אין לאַנד אין צוזאַמענהאַנג מיטן אויפשטאנד פון די

באַלשעוויקעס. טשלענאָוו האָט נישט מסכים געווען און געזאָגט דראיק מיט אַטרויעריק שמייכעלע אויף זיין געזיכט:

— איך האָב נישט וואָס מורא צו האָבן... איך בין אַ פאַר־משפט׳ער מענטש, דער נאָענטער טויט לויערט אויף מיר הינטער מיין רוקן. כ׳ווייס, אַז איך וועל שוין לאַנג נישט לעבן און גאָט ווייסט, ווי אַזוי איך וועל קומען אַהין ווו איך פאָר, און צו וועל איך בכלל אַהין קומען. צו מיינסטו, אַז איך מעג נישט פאָרן איצט, ווען מ׳פאַרלאַנגט מיין קומען אַהין? צו איז דען בעסער דער טויט אין סאַנאַטאָריום נעבן מאָסקווע פונעם טויט אויף מיין ציוניסטישן פאָסטן? — דער אַרצט טשלענאָוו האָט גוט פאַרשטאַנען זיין לאַגע און געוווסט וואָס אים דערוואַרט.

ער איז אַוועקגעפאָרן. דעם וועג ביז צו דער באַן־סטאַציע איז ער געגאַנגען צופוס אין דער באַגלייטונג פון אַ יונגען פריינט.

אים איז געלונגען דורכצומאַכן דעם גאַנצן וועג ביז קאָפּענהאַגן בשלום, דאָרט איז ער פאַרבליבן ביז אָקטאָבער. אין דעם דאָזיקן חודש איז ער אָנגעקומען קיין לאָנדאָן, בעת די באַלשעוויקעס, וואָס האָבן געליטן אַ מפלה אינעם יולי־אויפשטאַנד, האָבן געזיגט און פאַרכאַפּט די מאַכט.

עס איז דעמאָלט, ביי זיין אָנקומען קיין לאָנדאָן, אָנגעגאַנגען אַ שווערער געראַנגל וועגן דער פאָרמולירונג פון דער באַלפור־דעקלעראַציע. די יידישע פאָרשטייער האָבן געמוזט מסכים זיין צום נוסח: „נאַציאָנאַל־היים אין ארץ־ישראל". אָנשטאָט „ארץ־ישראל אַלס נאַציאָנאַל־היים", נאָכדעם וואָס אויך ווילסאָן האָט זיך ארויס־געזאָגט פאַר דעם ענגלישן פשרה־נוסח.

טשלענאָוו איז אינצווישן קראַנק געוואָרן. תחלת האָט מען געמיינט אַז עס איז בלויז אַ לייכטע גריפּע. שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז עס איז א שווער קראַנקהייט וואָס באַדראָט זיין לעבן.

אין דער צייט פון זיין קראַנקהייט איז באַקאַנט געוואָרן אַז דאָס בריטישע מיליטער איז אריין קיין ירושלים. פון דעם האָט זיך געלאָזט אָנבעמען אַז ארץ־ישראל איז א וויכטיקער ענין פאַר די ענגלענדער, און די ענגלישע דעקלעראַציע וועגן שאפן א נאַצי־

אָנאַלע היים פאַרן יידישן פאָלק וועט זיי דערמעגלעכן איבערצו־
געמען אין זייערע הענט דעם פּאַטראָנאַט איבער ארץ־ישראל.

טשלענאָוו האָט זיך זער געפרייט און מיט דער האָפנונג
אַז עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע תקופה פאַר דער פאַרווירק־
לעכונג פון ציוניזם איז ער געשטאָרבן, י״ח טבת תרע״ח.

## זאב זשאבאטינסקי

פון די שווערד־מענטשן צווישן אונדז איז געווען זשאַבאָ־טינסקי, פון דער ערשטער מינוט זינט טערקיי איז אריינגעצויגן געוואָרן אין דער וועלט־מלחמה און דער גורל פון ארץ־ישראל איז געשטאַנען אויף דער וואָגשאָל. ער האָט געפּאָדערט מלחמה ממש, מאָבילאיזירן יידישע לעגיאָנען, וואָס זאָלן איינעמען דאָס לאַנד, זיי זאָלן ארויסציען די שווערד פון די חשמונאים, וואָס האָבן ווידער באַנייט דאָס קעניגרייך פון יהודה, די שווערד פון די זעלאָטן (קנאים) און די העלדן פון בר־כוכבא, וואָס האָבן געקעמפט ביזן לעצטן טראָפּן בלוט פאַר דער פרייהייט פון אונדזער פאָלק און לאַנד. ער האָט זיך נישט באַגניגט מיט בלויז פּרעדיקן, נאָר ער איז געגאַנגען און אָרגאַניזירט צוזאַמען מיט טרומפּעלדאָרן דעם ערשטן יידישן לעגיאָן קעגן דעם ווילן פון דער העכסטער ציוניס־טישער אָנפירונג, קעגן די שטימונגען פון דער מערהייט אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. בלויז ווייניקע זענען נאָכגעגאַנגען טרומפּעלדאָרן, און נישט קיין ארץ־ישראל נאָר קיין גאַליפּאָלי, און זייערע כוחות זענען צעשמעטערט געוואָרן ביי דער דאָזיקער פּעס־טונג, ווייט פונעם לאַנד פון זייערע שטרעבונגען.

זשאַבאָטינסקי איז אַוועק פון זיי, ווייל זיי האָבן מסכים געווען צו גיין קיין גאַליפּאָלי. ער איז זיך געגאַנגען זיין וועג און געפּרעדיקט צו מלחמה; ער האָט ווייטער גערופן צו אָרגאַניזירן לעגיאָנען, אָן באַזונדערן דערפאָלג, ביז ער איז אַריין אין דער ענגלישער ארמיי און געווען צווישן די באַטאַליאָנען וואָס האָבן איינגענומען ארץ־ישראל. ווען ארץ־ישראל איז איינגענומען געוואָרן איז ער דאָרט געבליבן און ווידער געגאַנגען זיין באַזונדערן וועג און ארויסגערופן קעגן זיך דעם אומווילן פון דער ענגלישער

אַדמיניסטראַציע, ביז ער איז אַרעסטירט געוואָרן צולב דעם אָרגאַ־
ניזירן די זעלבסט־שוץ, קעגן די אַראַבישע באַנדעס, וואָס זענען
באַפאַלן די יידן אין ירושלים. ער האָט זוכה געווען צו ראַטעווען
דעם כבוד פון יידישן פאָלק און אפשר נישט בלויז דעם כבוד
זיינעם; ער האָט זוכה געווען צו זיין דער, וואָס האָט דער ערשטער
געוויזן די אַראַבער, די ענגלענדער און דער גאַנצער וועלט, אַז
יידן שרעקן זיך נישט און ווערן נישט אָפּהענדיק אין אַ סכנה. ער
איז געוואָרן אַ פאָלקס־העלד, צו אַ סימבאָל פון די מוטיקע, וואָס
וואַגן מיט דער שווערד אין האַנט דאָס לאַנד איינצונעמען און
צו באַזעצן ווי די נחלה און אייגענטום פון פאָלק.

עס האָט אים נישט אָפּגעגליקט צו שטיין בראש פון די, וואָס
האָבן איינגענומען דאָס לאַנד אין שטורעם פון מלחמה, אָבער די
הערצער פון זיינע חברים וואָס האָבן זיך פון אים דערווייטערט,
די הערצער פון זיינע לאַנד און פאָלקס־גענאָסן איז אים געלונגען
צו געווינען. דער ליבלינג פון דער באַוועגונג געווען פונעם
טאָג אָן וואָס ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אין איר און מ׳האָט אים
געזען אויף די ציוניסטישע טריבונעס צווישן די שעפער פונעם
ציוניזם און זיינע פירער. מיט שטורעם און דראַנג זענען תמיד
געווען געלאָדן זיינע ווערטער און פאַרשלאַגן, נישט איינמאָל
זענען אויך מיטגעריסן געוואָרן די אַלטע, דערפאַרענע פירער. אַן
עקסטרעמער געווען שטענדיק, אַן אומבויגזאַמער. אין זיין דרייסטער
און שווונגפולער פאַרשטעלונגס־קראַפט האָט ער פריער פון אלע
געזען די אַנטוויקלונג פון די געשעענישן און לויט דעם געפורעמט
זיינע פּלענער. אַמאָל האָט זיך אים איינגעגעבן אויפצוצווינגען
זיין ווילן אויף די פירער. אָבער ס׳רוב איז ער געבליבן איינזאַם
אויף זיין אייגענעם וועג, פאַראויסלויפענדיק מיט אַסך קילאָמעטער
אויף דעם פאַרפּאָסטן פון דער ארמיי.

אַזוי האָט אים פּאַסירט אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־
מלחמה. ער איז געקומען און האָט פאָרגעשלאָגן: מאָביליזירט לעג־
יאָנען און שליסט זיך אָן אין דער ענגלישער אַרמיי און גייט
איינעמען ארץ־ישראל. מ׳האָט אים אויסגעהערט און מ׳איז געווען
דערשטוינט. ער רופט צו מלחמה קעגן די מלוכות פון צענטראַל־
אייראָפּע וואָס האַלטן אין איין זיגן, ער רופט צו מלחמה קעגן

טערקיי, וואָס אין אירע הענט געפינט זיך ארץ־ישראל, וואָס איך בכוח מיט איין באפעל חרוב צו מאַכן אינגאַנצן דעם קליינעם יידישן ישוב, וואָס מיר האָבן אויפגעבויט מיט אזוי פיל מי און אזוי פיל קרבנות. וואָס וועט זיין אז מ׳וועט פאַרניכטן דעם יידישן ישוב אין ארץ־ישראל און ס׳וועט נישט בלייבן קיין זכר פון אים, ווי אַזוי וועלן דעמאָלט אויסזען אונזערע האָפנונגען און דער־וואַרטונגען?

מיר האָבן נישט געקענט פאַרשטיין, ווי ער זעט נישט און פילט נישט די שטימונגען פון די יידישע מאַסן, זייערע געפילן, באַזונדערס אין רוסלאַנד. אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען דער צאַרישער רעזשים האָט שווער געדריקט אויפן יידישן פאָלק, ווען די רדיפות קעגן יידן זענען געווען שווער נישט איבערצוטראָגן, ווען אלעמענס הערצער זענען פול געווען מיט האַס און צאָרן קעגן דער צאַריסטישער מאַכט — קומט ער און מאָנט פון אונדז אז מיר זאָלן מיטהעלפן דער רעגירונג פון רשעות און אומגערעכטיקייט? צו זעט ער נישט אז די יידישע פאָלקס־מאַסן אין רוסלאַנד זענען נישט אימשטאַנד צו באַנעמען זיינע ווערטער? אז אויך אין ווייטשעפל און אין נויאָרקער יידישן פירטעל זענען די שטימונגען פון די יידישע מאַסן קעגן רוסלאַנד?

אָבער ער האָט נישט געזען, נישט געפילט און נישט פאַר־שטאַנען, ווייל ס׳איז געלעגן אין דער נאַטור זיינער צו ווערן מיטגעריסן מיטן שוונק פון זיינע אידייען און נישט אַריינצוקלערן טאָמער איז דאָ אַ פגם אין איר, ווייל זי איז געקומען פריציייטיק.

און אין דער לעגיאָן־אידייע האָט מען איינגעזען אָט דעם פגם. דער געדאַנק איז צעטאַכלעוועט געוואָרן, ער האָט אָנגעווירן זיין גלאַנץ. זשאַבאָטינסקי האָט געשטורעמט, פאַרגעוואָרפן קורצ־זיכטיקייט די פירער פון דער אָרגאַניזאַציע, ער איז אָבער געבליבן איינזאַם מיט זיין טרוים וואָס איז נישט פאַרווירקלעכט געוואָרן. שפּעטער ווען עס זענען אָנערקענט געוואָרן אונדזערע רעכט אויף ארץ־ישראל, ווען עס איז פאַרביי דער כעס און די פאַרביטערונג, וואָלטן מיר זיך דאָך געקענט פרעגן: צו האָבן מיר דען נישט אַ טעות געהאַט? ס׳איז נישט בלויז אַ טעאָרעטישע פראַגע. עס

איז אַ צאַפּעלדיק־לעבעדיקע און גורלדיקע פּראַגע. מיר האָבן דאָך געזען ווי די פּוילישע לעגיאָנען פון פּילסודסקין און די טשעכישע לעגיאָנען האָבן געהאַט אַ גרויסן חלק, נישט בלויז אין דער באַפרייאונג פון זייערע מדינות, נאָר אויך אין זייער אויפבוי. כוח און פיזישע מאַכט איז פאַרלויפיק אַן אנטשיידענדיקער פאַקטאָר אינעם לעבן פון פעלקער און לענדער. אַזוי איז דער סדר־העולם, ווער ווייסט צו עס וועט אייביק נישט אַזוי זיין.

אַזוי האָט עס פאַרשטאַנען זשאַבאָטינסקי, אַזוי האָט ער אָפּגעפילט די געשאַפענע געלעגנהייט אין דער יידישער געשיכטע און גערופן דאָס פאָלק אַרויסצוגיין מיט שטאַרקער האַנט און געהויבענעם אָרעם פון פאַסיוון וואַרטן, צו דער אַקטיוויטעט פון מלחמה פון „קאַמף" מיטן וואָפן פון גייסט צו ממשות׳דיקן קאַמף מיטן געווער אין דער האַנט.

אַבער נישט ווי אַלע פעלקער איז דאָס פאָלק ישראל. אַ טויזענטיעריקע טראַדיציע לאָזט זיך נישט אַזוי שנעל מיט דער האַנט אַוועקמאַכן, אין איין אָטעם אָפּשאַפן. ס׳האָט נאָך געמוזט אַוועק אַ דור איידער דאָס אַלטע גלות־פאָלק, זיינע בראַווע און מוטיקע זין, האָבן פעסט גענומען וואָפן אין זייערע הענט, און אָפּגעווישט די שאַנדע פון שוואַכקייט און הילפסלאָזיקייט פון די פאַרפייניקטע דורות.

דער נאָמען און אָנדיינק פון די ערשטע וואָס האָבן געוואַגט, זענען טייער אַלעמען, זיי זענען דער סימבאָל פון גבורה, דער סימבאָל פון כוח, וואָס קעןליידן, קעמפן און זיגן.

## די וויזיע פון קפיצת הדרך

זייער יונג איז געווען זשאַבאָטינסקי ווען ער איז אויפגעטרעטן צום ערשטן מאָל אויף דער טריבונע פון פינפטן קאָנגרעס. אינעם סטענאָגראַפישן פּראָטאָקאָל איז געבליבן בלויז אַ זכר דערפון. עס איז פאַרצייכנט: זשאַבאָטינסקי רעדט רוסיש. מען האָט דערציילט, אַז די ריידע האָט אַרויסגערופן אַ צעמישונג צווישן די דעלעגאַטן וואָס האָבן פאַרשטאַנען רוסיש, אַזוי אַז הערצל, וואָס איז בעת דער ריידע נישט געווען אין זאַל, איז צוריקגעקומען און געפאָדערט

פון אים ער זאָל ענדיקן זיין ריידע. קיינעם איז דעמאָלט נישט איינגעפאַלן, אַז עס וועט קומען אַ טאָג, ווען זשאַבאָטינסקיס אויפ־טריט אויף דער קאָנגרעס־טריבונע וועט זיין איינע פון די אינטערע־סאַנטעסטע און וויכטיקסטע דערשיינונגען. אין זיין אויטאָ־ביאָ־גראַפיע ווידערהאָלט זשאַבאָטינסקי דעם אינהאַלט פון דער דאָזיקער ערשטער ריידע זיינער. ער האָט פאַרטיידיקט די רייזע פון הערצלן צו פלעווען, דעם צאַריסטישן אינערן־מיניסטער, וואָס מ׳האָט געהאַלטן פאַר פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן קישענעווער פּאָגראָם, וואָס מיט אים האָט זיך אָנגעהויבן אַ בלוטיקע פּאָגראָמען־תקופה אין רוסלאַנד. זשאַבאָטינסקי האָט זיך באַמיט צו באַווייזן, אַז מ׳דאַרף אונטערשיידן צווישן דער עטיק און דער פּאָליטישער טאַקטיק ביי וועלכער עס פאַרפליכטן נישט די עטישע נאָרמען. ווער עס וועט זיך דערמאָנען אין די שטימונגען וואָס האָבן געהערשט צווישן דער אינטעליגענטער יידישער יוגענט אין רוסלאַנד, אירע אָנשוי־אונגען און מיינונגען, וועט זיך נישט וואונדערן אויף דעם כעס און אויפרעגונג, וואָס זשאַבאָטינסקיס ווערטער האָבן ארויסגערופן. זשאַבאָטינסקי האָט זיך נישט דערשראָקן פאַר אַזעלכע שטימונגען אויך ביים אָנהויב פון זיין פּאָליטישער קאַריערע. ער האָט געהאַט אין זיך די גבורה און מוט, נישט בלויז צו פאַרטיידיקן זיינע אָנשויאונגען אין אַן אָנגריפס־שלאַכט, נאָר אויך צו באַצאָלן פאַר זיי דעם סאַמע טייערסטן פרייז, דעם פרייז פון השפעה און שטיין בראש פון דער באַוועגונג. ער האָט געהאַלטן, אַז זיין מיינונג איז דער איינציקער, אויסשליסלעכער אמת. און אויב דער עולם פאַר־שטייט עס נישט דאַרף מען אים אויפקלערן, און אויב דאָס אויפקלערן העלפט נישט, איז אַ סימן אז ער ווייסט דעם אמת און וויל אים נישט אָנעמען, דאַרף מען דעריבער אים דעם אמת אויפצווינגען.

עס זענען געווען דעמאָלט טעג פון שטאַרקן אויפברויז, טעג פון טיטאַנען־געראַנגל, טעג פון גרויסע האָפענונגען און מורא׳דיקע אַנטוישונגען, טעג פון צער און צאָרן, ווי ביאַליק האָט זיי גערופן. עס זענען געווען טעג פון אויפשטייג און שוונק פאַרן ציוניזם אין רוסלאַנד, טעג פון העזה און געוואַגטקייט און באַזונדערס, טעג פון גלויבן.

דעמאָלט, אפשר דאָס ערשטע מאָל אין לעבן פון גלות, האָט מען אָנגערופן דעם נאָמען זעלבסטשוץ, אָרגאַניזירטע זעלבסטשוץ קעגן פּאָגראָמטשיקעס און אָנגרייפער, טראָץ אלע פּאָליטישע חשבונות און סכנות, וואָס זענען געווען מיט דעם פאַרבונדן, טראָץ דעם, וואָס עס זענען נישט געווען קיין שום האָפענונגען צו זיגן אינעם קאַמף קעגן די אָנגרייפער.

פאַרשטייט זיך, אז זשאַבאָטינסקי איז געווען צווישן די, וואָס האָבן אָרגאַניזירט די זעלבסט־שוץ און אייגער פון אירע פּרעדיקער. אינעם סאַמע ברען פון דער רעוואָלוציאָנערער התלהבות, ווען עס האָט זיך אויסגעדאַכט אַז באַלד וועלן די רוסישע יידן אריין אינעם סאַלאָן פון בירגערלעכער גלייכבאַרעכטיקונג ווי זייערע ברידער אין מערב־איירּאָפּע און ס'וועט מער נישט נויטיק זיין קיין ציוניזם, זענען געשטאַנען זשאַבאָטינסקי און זיינע חברים און האָבן אָן רחמנות צעשטערט די אילוזיעס פון דער רעוואָלוציע. זיי האָבן באַנייט און אָפּגעפרישט די באַוועגונג, וואָס איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן בעת דעם אוגאַנדע־וויכוח, און האָבן איר צוריק געגעבן דעם כוח פון אָנגריף און אָפענזיווע. אין די ווילנער געשפּרעכן פון די ציוניסטישע פּרעסע־פאָרשטייער און שפּעטער אויף דער העלסינגפאָרסער קאָנפערענץ, איז געשאַפן געוואָרן אַ בריק צווישן דעם געראַנגל פון די יידן אין גלות פאַר זייערע בירגערלעכע און נאַציאָנאַלע רעכט אין דעם קאַמף פון פאָלק פאַר זיין גאולה, צווישן דער פּאָליטישער אַרבעט און אויפבוי פון ארץ־ישראל, ביי אלע באַדינגונגען.

זשאַבאָטינסקי איז געווען דער ראש המדברים, וואָס האָט פאַרמולירט די עקרים פון דער נייער תורה, און שוין דעמאָלט האָט ער געזען דעם עיקר־העיקרים פון ציוניזם אינעם „עקזאָדוס", פאַרלאָזן דעם גלות, און אין די קאַמפן אין גלות האָט ער געזען בלויז דאָס אָרגאַניזירן דעם עקזאָדוס און זיך צוגרייטן צו אים. ער האָט נישט געגלויבט אין דער מעגלעכקייט פון שאַפן מער אָדער ווייניקער גינסטיקע באַדינגונגען פאַרן פרייען אויסלעבן זיך פון יידן אין גלות. אויך אין דער פּאָליטישער ארבעט און טעטיקייט אין גלות האָט ער געזען דער עיקר א מין ציוניסטשע הכשרה פאַר פאַרלאָזן דעם גלות און גייען קיין ארץ־ישראל.

די ערשטע רוסישע רעוואָלוציע האָט געבראַכט אַ זער קליינעם דערפאָלג. אינעם יידישן תחום האָט זי בכלל נשט מצליח געווען: ס'איז נישט בטל געוואָרן אפילו קיין איין באַגרענעצונג פון די, וואָס האָבן געדריקט אויף די רוסישע יידן. נאָכמער, עס האָט זיך ארויסגעוויזן אַז די פּאָגראָמען און די אַנטיסעמיטישע העצע איז אַ שאַרף און עפעקטיוו געווער אין די הענט פון די וואָס פאַרטיידיקן דעם עקזיסטירנדיקן רעזשים.

זשאַבאָטינסקי האָט געפּרוווט אויסגעוויילט ווערן אין דער רוסישער דומע, און זיך שטעלן בראש פון דער נאַציאָנאַל־יידישער פּאָליטיק — און האָט נישט מצליח געווען. נאָכן דורכפאַל ביי די וואַלן צו דער דומע און דער פאַרשטאַרקונג פון דער רעאַקציע, האָט ער זיך צוריקגעצויגן פון אָט דעם ארבעט־פעלד. איידער ער האָט זיך צוריקגעצויגן פולשטענדיק פון דער לאַנד־פּאָליטישער אַקטיוויטעט, האָט ער נאָך געוואָרפן אין דער ציוניסטישער און יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין רוסלאַנד די רעוואָלוציאָנערע לאָזונג אויפן געביט פון יידישן שול דערציאונגס־וועזן, אַז מ'דאַרף איינפירן די העברעאישע שפּראַך אלס למוד שפּראַך פאר אַלע קעגענשטאַנדן אין דער יידישער שול. ער האָט זיך באמיט צו באַווייזן די נויטיקייט פון דער זאַך, ער האָט אָבער נישט אָנגעוויזן די וועגן ווי אזוי עס צו רעאַליזירן.

אָט די אייגענשאַפט זיינע צו זען בלויז דעם ענדציל און נישט אַנצייכענען גענוי די וועגן און אומוועגן וואָס פירן צו אים, איז געווען דער שווערער פּונקט אין זיין לערע, אין זיין טון און ווירקן און איז אויך געוואָרן די טראַגעדיע פון זיין לעבן.

ער האָט געשטרעבט צו שאַפן אַ רעאַלן כוח, אַ באַוואָפנטן כוח צום דינסט פאַרן פאָלק, דעריבער האָט ער געגרינדעט דעם יידישן לעגיאָן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, און אין די ערשטע יאָרן נאָך דער מלחמה האָט ער נישט אויפגעהערט פאָדערן, אַז מיר זאָלן שטעלן דעם לעגיאָן בראש פון אונדזערע פאָדערונגען פון מאַנדאַט מאַכט, און ווען די דאָזיקע פאָדערונג זיינע איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן, ווייל זי האָט זיך נישט ארייננגעפּאַסט אין דער דעמאָלטיקער ווירקלעכקייט, האָט ער פאַרלאָזט די ציוניסטישע

עקזעקוטיווע און זיך מער צו איר נישט אומגעקערט, אַלע יאָרן איז ער טריי געבליבן דער וויזיע פון אַ באַוואָפנטן יידישן כוח, וואָס וועט אַנטשיידן אין דער באַפרייאונגס־מלחמה, אַזוי ווי ער אַנט־שיידט ביי אַלע אנדערע פעלקער און זייערע רעוואָלוציעס און באַפרייאונגס באַוועגונגען, און אַזוי ווי ער האָט זיינערצייט אַנטשידן דעם גורל פון פאָלק אין דער תקופה פון די מכבים.

געוויס האָט ער געזען אין כוח דעם אַנטשיידנדיקן פאַקטאָר ביים לעזן פּראָבלעמען וואָס לאָזן זיך נישט לעזן אויף אַן אנדער וועג. ער האָט אָבער אויך געגלייבט אינעם צויבער וואָס עס האָט אין זיך די וויזיע, די אויפקלערונג, אַגיטאַציע און אַלע פאַרטלען פונעם אָרגאַניזירטן אידייען און מיינונגס געראַנגל. דער עיקר האָט ער נישט געהאַלטן פון דער געלאַסענער געמעסיקייט וואָס גייט טריט פאַר טריט, האָט מורא פאַר ריזיקע און געוואָגטע שריט, וואָרט אויף דער גינסטיקער געלעגנהייט, אויף דער קאָניונקטור. ס׳איז געווען ביי אים אַן אמונה אין נס, וואָס מוז געשען. דאָס געפיל אַז אַלע אונדזערע דערגרייכונגען זענען אין דער אמתן אייגנטלעך אַ וווּנדער, האָט אין אים געשטאַרקט דעם דאָזיקן גלויבן. עס קען אָבער אויך זיין אַז זיין אָפּגעריסענקייט פון זיין שטאָם־סביבה, נאָכן חורבן פון רוסישן יידנטום, האָט אָפּגעשוואַכט זיין חוש פאַר דערווירקלעכקייט, די פּייאיקייט אָפּצושאַצן די וואָג פון די וויר־קענדיקע כוחות, און צוצופּאַסן זיך צו אָט דער אָפּשאַצונג.

ביי זיין שטאַרקן ווילן צו דערגרייכן צום ציל דורך קפיצת הדרך, האָט ער זיך ווי אומגעקערט צום „קאַטאַסטראָפע"־ציוניזם, פון חורבן, וועלכן מיר האָבן צוזאַמען אָפּגעוואָרפן אין העלסינגפאָרס. ער איז געווען זיכער, אַז עס וועט אים געלינגען אַוועק־צורוקן אין אַ זייט די עקזיסטירנדיקע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט לויט זיין מיינונג פאַרלוירן איר אָנגריפס־קראַפט, צו ירש׳נען זי פּונקט ווי הערצל האָט געירש׳נט דעם פּלאַץ פון חיבת־ציון.

אָבער ער האָט נישט גענומען אין חשבון דעם אומשטאַנד, אַז אַ חוץ דעם שטאַרקן שטויס פאָרויס וואָס הערצל האָט געגעבן דעם ציוניזם מיט זיין מוט, טאַלאַנט און שווּנג, האָט ער אויך

געשאַפן רעאַליזאַציע־מכשירים, מיט קאַלטער אויסרעכענונג און חוש פאַרווירקלעכקייט, און זיי האָבן געשטאַרקט און באַפעסטיקט זיין הערשאַפט אין דער ציוניסטישער וועלט.

## באַגעגענישן

צום ערשטן מאָל האָב איך מיך באַגעגנט מיט זשאַבאָטינסקין אין ווילנע, אין אַפּריל 1906. כ'האָב געוואָלט באַהאַנדלען מיט אים פּראָבלעמען פונעם רוסישן יידנטום און ציוניסטישע ענינים. נאָך פריער האָב איך געהערט פון אים און געלייענט זיינע אַרטיקלען. מיר האָבן דעמאָלט באַשלאָסן צונויפצורופן די פאָרשטייער פון דער ציוניסטישער פּרעסע, כדי צו פאָרמולירן צוזאַמען נייע ריכט־ליניעס פאַר דער ציוניסטיש־פּאָליטישער ארבעט, וועלכע זאָלן נעמען אין אַכט די געשאַפענע לאַגע אין יענער תקופה.

די געדאַנקען וואָס זענען דעמאָלט ארויסגעזאָגט געוואָרן אויף אונדזער באַגעגעניש זענען שפּעטער אַנטהאַלטן אינעם „העלסינג־פאָרסער פּראָגראַם".

די העלסינגפאָרסער קאָנפערענץ האָט, ווי שוין דערמאָנט, גענומען אויף זיך צו געפינען, און האָט עס געטון פאָרמולירט, אַ סינטעזע פאַר ציוניסטישער ארבעט אין גלות און דעם אויפקום־ווערק אין ארץ־ישראל. הגם אין פּרינציפּיעלער הינזיכט זענען מיר ביידע געווען ביי דער זעלבער מיינונג, זענען מיר שוין דעמאָלט געווען מחולק, אין א געוויסער מאָס, מער אפשר וואָס אַנבעלאַנגט דעם טעמפּאָ אין דער אויספירונג ווי אינעם עיקר וועזן פון די באַהאַנדעלטע פּראָבלעמען.

זינט יענער באַגעגעניש האָבן מיר זיך צוזאַמענגעטראָפן אומ־צייליקע מאָל, סיי אויף קאָנגרעסן און ציוניסטישע צוזאַמענפאָרן, סיי אויף פּריוואַטע שמועסן און מיינונגס־אויסטוישן אין ציוניס־טישע ענינים.

אין אלע יאָרן פון זיין ציוניסטישער טעטיקייט זענען פאָר־געקומען געוויסע הפסקות ווען ער פלעגט בעלם ווערן פון אונדזער האָריזאָנט, כדי צו דערשיינען ווידער אין א קורצער צייט אַרום. ס'איז אפשר געווען אַ פועל־יוצא פון זיין אומגעדולדיקייט. ער איז

געקומען צו אונדז, פאָרמולירט אַ נייעם געדאַנק וואָס ס׳איז אים געקומען אויפן געדאַנק און אים איינגאַנצן באהערשט, געפּרוווט מיט אַלע כוחות, מיט זיין גאַנצער איבערצייגונגס־קראַפט צו גע־ווינען אונדז פאַר דעם דאָזיקן געדאַנק, אליין גרייט־זייענדיק צו גיין אין פייער און אין וואַסער פאַר דעם דאָזיקן געדאַנק. ווען די מערהייט האָט זיין געדאַנק נישט אָנגענומען איז ער געווען אַנטוישט, אַמאָל אויך באַליידיקט און פול יאוש, זיך צוריקגעקערט צו זיינע פּריוואַטע ענינים, אָדער צוגעגרייט דעם באָדן פאַר אַ נייעם שפּרונג. זשאַבאָטינסקי איז געווען געבענטשט מיט אויסער־געוויינלעכע פעאיקייטן אין אַלע געביטן. ער האָט געהאַט גאוני־שע בליץ־איינפאַלן. ער פלעגט אָבער ס׳רוב זען די פּראָבלעמען בלויז פון איין זייט זייערע. אזוי איז געווען אין אַ גאַנצע ריי פראַגן און סיטואַציעס. אזוי למשל, זיין קאַמף פאַר העברעאיש אין גלות. ער איז געווען דער עקסטרעמסטער פון אונדז אלע, און האָט געהאַלטן אז עס זענען נישט פאַראַן קיין אויסזיכטן אויפצוצוויגגען די העברעאישע שפּראַך אויף די מאַסן, סיידן מיר וועלן זיין עקסטרעם און פשוט פאַרביטן דאָס באַנוצן זיך מיט אַן אַנדער שפּראַך. אַזעלכע זאַכן זענען נאָר מעגלעך אינעם אייגענעם יידישן היימ־לאַנד. מיר האָבן געטענה׳ט, די גאַס, דער מאַרק, דער וואַרשטאַט, דאָס געוועלב וועלן צונישט מאַכן אונדזערע אָנשטרענגונגען איינ־צופירן העברעאיש אַלס די הערשענדיקע שפּראַך אין אונדזער לעבן.

אָט דאָס איז אייגענטלעך געווען אויך דער באָדן פון דער מחלוקת אינעם ענין לעגיאָנען. אין אָנהויב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז זיין פאָרשלאַג צו שאַפן אַ יידישן לעגיאָן, וואָס זאָל מלחמה האַלטן אויף דער זייט פון ענגלאַנד, פראַנקרייך און רוסלאַנד געווען אזוי אָפּגעפרעגט און ווייט פון שכל הישר, אז ס׳איז קיין רייד נישט געווען פון אונטערשטיצן מיט וואָס עס איז די דאָזיקע פאָדערונג. ראשית, איז נאָך דעמאָלט טערקיי נישט געהאַט אריינגעטרעטן אין דער מלחמה, צווייטענס איז געווען כמעט אומעג־לעך צו פאַרלאַנגען פון די יידישע מאַסן זיי זאָלן זיך שטעלן אויף דער זייט פון צאַרישן רוסלאַנד, וואָס האָט אזוי אכזריותדיק

געראודפט די יידן, דריטענס האָט מען נישט געקענט סתם מאָביליזירן יידן צו אַ לעגיאָן, נישט האָבענדיק פריער צוגעגרייט דעם באָדן פּאָליטיש, מיליטעריש, א. א. וו. מיט די באַרופענע פּאַקטאָרן, פירטענס האָבן אלע מורא געהאַט צו ברענגען אַ סכנה פאַר דעם יידישן ישוב אין ארץ־ישראל.

זשאַבאָטינסקי האָט זיך פון די אלע טענות נישט געלאָזט אָפּשרעקן אין דער קלענסטער מאָס. ער איז געווען איבערצייגט אז דער גרונט־געדאַנק זיינער איז אַ ריכטיקער און דעריבער האָט ער פאַרגעזעצט דעם קאַמף זיינעם ביז צום סוף.

אינעם ערשטן שמועס וואָס איך האָב געהאַט מיט אים נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, בין איך געווען איבעראשט ווען כ׳האָב געזען ווי דער מענטש האָט זיך געענדערט. ס׳איז שוין נישט געשטאַנען מער פאַר מיר דער רוסישער אינטעליגענט וואָס כ׳האָב געקענט פון פריער, נאָר אַן אָפיציר. כ׳האָב געשפירט די השפעה וואָס די מלחמה האָט געהאַט אויף אים. זיין פאַראייניזאַמקייט אין דעם קאַמף זיינעם פאַרן לעגיאָן, האָט געלעגט איר חותם אויף אים, עס האָט זיך געפילט אין אים פאַרביטערונג און האַרבקייט. כ׳האָב געשפירט ווי אַ מחיצה וואָלט זיך אויפגעשטעלט צווישן אונז, אָט די מחיצה איז שוין נישט באַזייטיקט געוואָרן אויך אין די קומענדיקע יאָרן.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן מירביידע מיט־געאַרבעט אין די ראַמען פון דער ציוניסטישער לייטונג. די בשותּ־פות׳דיקע ארבעט האָט נישט לאַנג געדויערט. אין יאַנואַר 1923, האָט זשאַבאָטינסקי דימיסיאָנירט פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע. אויף דער זיצונג פון ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט, וואָס איז אין יענעם יאָר פאָרגעקומען אין בערלין בין איך אויסגעוויילט געוואָרן אַלס פאָרזיצער פון דער פּאָליטישער קאָמיסיע. עס איז אנטשטאַנען אַ וויכוח אַרום דעם ריוויו פון דוד ילין און יצחק בן־צבי, די אָנפירער פון ועד־הלאומי, וועגן דער פאַרנעפּעלטער און אומזיכערער פּאָליטישער לאַגע אין ארץ־ישראל. זשאַבאָטינסקי האָט אַטאַקירט די ציוניסטישע עקזעקוטיווע, האָט זי באַשולדיקט אין אַ נאָכגיביקער באַציאונג לגבי הערבערט סעמועל, און געפאָדערט א שאַרפע

שטעלונג קעגן ענגלאַנד, און אויסער דעם באַטאָנט די נויטווענ־דיקייט פון שאַפן אַ יידיש־מיליטערישן כוח אין ארץ־ישראל. ער האָט געהאַלטן, אז אזוי לאַנג ווי מיר האָבן נישט קיין מיליטערישן יידישן כוח אין ארץ־ישראל, וועלן מיר נישט קענען פאַרמיידן אַראַבישע אָנפאַלן און בלוטיקע אומרועו, וואָס שטעלן אין סכנה דאָס גאַנצע ציוניסטישע אויפבוי־ווערק. מיר האָבן נישט געקענט מסכים זיין מיט אים. מעגלעך אז די גרונט־הנחה זיינע איז געווען אַ ריכטיקע, אָבער האָט מען דען געקענט גלויבן אין דעם, אַז ענגלאַנד וועט מסכים זיין צו שאַפן יידיש מיליטער אין ארץ־ישראל, נאָר צוליב דעם וואָס מיר וועלן עס ענערגיש פון איר פאָדערן? דער פאָרשלאַג איז באַין אופן נישט געווען אין איינקלאַנג מיט דער ווירקלעכקייט. מיר האָבן נישט געקענט מיט אים גיין צוזאַמען און פירן די ארבעט. כ׳האָב עס אים בפירוש געזאָגט. אין מיין ריידע אין דער דעבאַטע, אז ער מוז דימיסיאָנירן פון דער עקזעקוטיווע, ווייל מ׳קען נישט דערלויבן קיין ברוך אין דער איינהייטלעכקייט פון דער עקזעקוטיווע. זשאַבאָטינסקי האָט געשיקט זיין דעמיסיע־בריוו אויף מיין אַדרעס און זינט דעמאָלט איז ער אַריבער אין אַן אָפענער אָפּאָזיציע.

אין אַ קורצער צייט שפּעטער האָב איך אים געהאָלפן באַקומען אַ וויזע פאַר אַ פּראָפּאַגאַנדע־רייזע קיין פוילן. מ׳האָט אין פוילן געדענקט זיין קעגנערשאַפט צו שענקען פוילן אומאָפּהענגיקייט. נאָך אין יאָר 1912 איז ער אַרויסגעטרעטן מיט שאַרפע ארטיקלען אין דער פראַגע. זיין חשבון איז געווען, אַז די לאַגע פון יידן אַלס מינדערהייט וועט זיין זיכערער, ווען עס וועט נישט אַנטשטיין קיין זעלבסטשטענדיק פוילן. ווען כ׳בין געקומען אין מיניסטעריום פאַר־לאַנגען אַ וויזע פאַר זשאַבאָטינסקין האָט מען מיר דערמאָנט דעם דאָזיקן חשבון. כ׳האָב געזאָגט: מ׳טאָר נישט פירן אַזאַ לאַנג־יעריקע בוכהאַלטעריע. מ׳האָט פאַר מיר אויסגעדריקט די מורא, טאָמער וועט זיין פאָרלעזונג־טור אַרויסרופן אַ כוואַליע פון אומרועו. כ׳האָב מסכים געווען צו גאַראַנטירן פאַר דער אָרדענונג. מ׳האָט מיך געפרעגט: מיט וואָס? — כ׳האָב געענטפערט: מיט מיין סיים־מאַנדאַט. מיין מיטשמועסער, אַ וויצע־אויסערן־מיניסטער, איז געווען

דערשטוינט, און מסכים געווען צו מיין בקשה. זשאַבאָטינסקי איז געקומען קיין פוילן, כ׳בין געווען פאָרזיצער אין פאַרזאַמלונגען ווו ער האָט רעפערירט, הגם איך בין געווען אַ קעגנער פון זיינע אַנשויאונגען.

מיטן אַנטשטיין פונעם רעוויזיאָניזם, האָבן זיך די ענינים אויס־קריסטאַליזירט בין א קלאָרן אידייען־קאַמף: די ליניע פון וויצמאַן קעגן דער ליניע פון זשאַבאָטינסקי. כ׳האַלט, אַז ד״ר וויצמאַן איז געווען דער איינציקער פּאָליטיקער צווישן אונדז, וואָס האָט געוווסט ווי אומצוגיין זיך מיט די ענגלענדער אין די ערשטע מאַנדאַט־יאָרן. כ׳ווייס נישט, צו די געשעענישן וואָלטן זיך אַנט־וויקעלט אַזוי ווי זיי האָבן זיך אַנטוויקעלט ביז 1929, ווען ד״ר וויצמאַן וואָלט נישט אָנגעפירט מיט דער פּאָליטיק און פאַרשטאַנען זיך צוריקצוציען ווען מ׳דאַרף. די ענגלענדער האָבן נישט פאָרויס געזען מיט וועלכע שטערונגען עס וועט זיין פאַרבונדן די רעאַלי־זירונג פון דער באַלפור־דעקלעראַציע. וואָלטן אין יענע תקופה געווען זיך פאַרשאַרפט די יידיש־בריטישע באַציאונגען, וואָלטן אפשר די ענגלענדער רעזיגנירט פונעם מאַנדאַט נאָך פריער, און דעמאָלט וואָלט דאָך נאָך נישט עקזיסטירט א יידישער ישוב, וואָס זאָל זיין בכוח קעגנצושטעלן זיך די אַראַבער און איבערנעמען די מאַכט אין לאַנד אין זיין האַנט. מיר וואָלטן נישט געהאַט גענוג כוח זיך אַנטקעגן צושטעלן די אַריינדרינגלער פון די אַראַבישע מדינות און זיי צו באַזיגן.

פאַרשטייט זיך, אַז די השפעה פון זשאַבאָטינסקי איז געווען אַ גרויסע, ער האָט געמאָנט וואַכזאַמקייט, געדינט ווי אַ דינאַמישער, באַוועגנדיקער כוח.

אין 1927 האָבן זיך אונדזערע וועגן ווידער באַגעגנט אויף אַ געוויסער צייט. כ׳האָב געהערט דעמאָלט צו דער אָפּאָזיציע קעגן דער ליניע פון דער לייטונג. ס׳איז געמאַכט געוואָרן אַ פּרווו צו געפינען אַ בשותפותדיקע שפּראַך, צו שאַפן אַן איינהייטלעכן פראָנט, אָבער צוליב פאַרשיידענע סבות, דער גרעסטער טייל פון זיי האָט געשטאַמט פון דער באַציאונג צו דער אַרבעטער־באַוועגונג, איז די זאַך נישט צושטאַנד געקומען.

אויך מיט זיין פּרעדיקן עוואַקואַציע, האָב איך געזען אַן עקס־טרעמע אָנשויאונג, וואָס רעכענט זיך נישט מיט די אומשטאַנדן אין דערווירקלעכקייט. צו האָט זשאַבאָטינסקי באמת געגלויבט, אַז פּוילן וועט איינגיין אויף אַ סכסוך מיט ענגלאַנד צוליב די עליה־באַגרענצונגען קיין ארץ־ישראל? פּוילן איז פאַרשטייט זיך, געווען פאַראינטערעסירט פּטור צו ווערן פון אַ גרויסן טייל פון אירע יידן, צו פאַרקלענערן דורך דעם, דעם אַנטיסעמיטישן דרוק פון די „ענדעקעס" (באַציאָנאַל־דעמאָקראַטן), די גרעסטע אָפּאָ־זיציאָנעלע פּאַרטיי צו דער רעגירונג פון פּילסודסקין און זיינע אָנהענגער, און פון דער צווייטער זייט אָפּשוואַכן די אַגיטאַציע פאַר יידישער גלייכבאַרעכטיקונג.

בעת מיין באַזוך אין פּוילן נאָך מיין באַזעצן זיך אין ארץ־ישראל, האָב איך אין אַ שמועס מיטן פּוילישן אויסערן־מיניסטער, יוזעף בעק, אים געפרעגט, צו האָט פּוילן בדעה אויסצואיבן אַ דרוק אויף ענגלאַנד און אַריין מיט איר אין אַ סכסוך צוליב דעם פּראָבלעם פון דער יידישער עליה קיין ארץ־ישראל? ער האָט מיר געענטפערט, אַז פּוילן האָט נישט בדעה קאַליע צו מאַכן אירע באַציאונגען מיט ענגלאַנד צוליבן ציוניזם, הגם ס'וועט אַ וודאַי קומען צו אַ מיינונג־אויסטויש צווישן דיביידע רעגירונגען אין דער פראַגע פון דער עליה פון פּוילישע יידן קיין ארץ־ישראל.

וואָס שייך דער פראַגע: צו וואָלט זשאַבאָטינסקי געווען גע־קומען צו דער מאַכט ווען ער זאָל נישט געווען ארויסטרעטן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, נאָכדעם ווי ער האָט שוין געהאַט דערגרייכט צו א פראַקציע פון 52 דעלעגאַטן אויפן קאָנגרעס אין 1931? — עס איז שווער צו ענטפערן אויף דער פראַגע. יעדענפאַלס, איז לויט מיין מיינונג, דאָס ארויסטרעטן פון זשאַבאָטינסקין פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע געווען אַ פאַטאַלער טעות. ער איז דורך דעם געשטעלט געוואָרן פאַר אַ ליידיקן חלל. ס'איז נישט צו פאַר־שטיין ווי אזוי איז אים עפּעס געקומען אויפן געדאַנק, אז ער וועט אימשטאַנד זיין מלחמה צו האַלטן מיט אלע און אלעמען. ס'איז דאָך פון תמיד אַן נישט לייכט געווען צו קעמפן מיט אינערציע, מיט אַן אַפּאַראַט, מיט אן איינגעפונדעוועטע אָרגאַ־

ניזאַציע, וואָס האָט פאַנדן, אינסטיטוציעס, זידלונגען און השפעה, און אין אַ געוויסער מאָס אויך די מאַכט.

אָבער אָט דער צוגאַנג זיינער האָט זיך דווקא געפּאַסט צו זיין כאַראַקטער. ווען ער איז געווען איבערצייגט אין דער גערעכ־טיקייט פון זיין גרונט־טעזע, איז ער געגאַנגען דעם וועג ביז צום סוף און שוין נישט געקענט צוריקקערן. אַלע שטערונגען און שטרויכלונגען האָבן אים נישט אָפּגעשראָקן. אַזוי איז געווען בעת ער האָט געשאַפן דעם לעגיאָן און אַזוי איז אויך געווען ווען ער האָט געגרינדעט די נייע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע.

אלטאלענא

ער איז געזעסן מן הצד, ווייט פון די דעלעגאַטן־שורות, באַענט צו דער טיר. גלייך ווי ער האָט געוואָלט אונטערשטרייכן, אַז זיין קומען אויף דעם קאָנגרעס איז אים אָנגעקומען מיט גרויסער אָנ־שטרענגונג, און ער איז נישט זיכער צו האָט ער גוט געטון. ער איז געווען די סענסאַציע פון קאָנגרעס און דער העלד זיינער. בעת ער איז דערשינען אויף דער טריבונע האָבן די גאַלעריעס אים אויפגענומען מיט שטורמישע אָוואַציעס. זיי האָבן מאַני־פעסטירט זייער סימפּאַטיע פאַר זייער ליבלינג ביי יעדער אויפ־טריט זיינעם אויף דער טריבונע, וואָס איז געווען פאַר אים אַ „קאַנאָסאַ". ער האָט עס אליין געזאָגט מיט אויפריכטיקער פאַר־ביטערונג. אָבער די גאַלעריע האָט אים פאַרזיסט דעם גאַנג קיין „קאַנאָסאַ" אין אַזאַ מאָס, אַז אין געוויסע מאָמענטן האָט זיך דער פּרעזידענט ווייצמאַן נישט געקענט צוריקהאַלטן און האָט געפונען פאַר נייטיק צו דערמאָנען, אַז זשאַבאָטינסקי האָט נישט מער ווי אַ גרופּע פון פיר דעלעגאַטן. און שטייענדיק אין „קאַנאָסאַ" האָט ער געוואָרפן אין זאַל אריין זיינע מיינונגען און פאָדערונגען, זיין אומדערשראָקענע שיטה, אין וועלכער די שווערד דערפילט אַן אַנט־שיידענדיקע ראָל. ער האָט קעפּ איינגעבויגן מיט דער קראַפט פון זיין לאָגיק, האָט אַריינגעבראַכט דאָס פּובליקום אין התפעלות מיט זיין רעדנער־טאַלענט, און האָט גורם געווען אַ נחת־רוח פאַר אַלע אַן אויסנאַם. אָבער עס איז אים נישט געלונגען צו געווינען די

הערצער פון דער מערהייט פאַר זיינע געדאַנקען וואָס ער האָט פאַר־געשלאָגן אין אזא ענטציקענדיקן פאָרם פאַר די דעלעגאַטן, וואָס האָבן זיך צוגעהערכט צו זיינע ווערטער מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם ממש. אַלץ וואָס ער האָט געזאָגט האָט אויסגעזען צו זיין אזוי ריכטיק, געבויט אזוי האַרמאָניש, די ווערטער באַזירט אויף אַזאַ פעסטן פונדאַמענט און דערהויבן האָבן זיי זיך אזוי הויך — הימלען האָבן זיי געשפּאָלטן... און דאָך זענען די מאַסן דעלעגאַטן אים נישט נאָכגעגאַנגען. אַפילו די היץ־קעפּ פון לינקס זענען נישט אַריינגעפאַלן אין התלהבות פון זיינע ווערטער. נאָכמער, אַ געפיל פון כעס און שנאה האָט אויסגעבראָכן ווען ער האָט געוואָלט ריידן לענגער ווי די האַלבע שעה וואָס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן פאַר יעדן רעדנער. „גענוג" — האָט מען געשריען און אים דער־מאָנט זיין אַרטיקל אין וועלכן ער איז ארויסגעטראָטן קעגן די אַרבעטער.

איך ווייס נישט צו וואָס פאַר אַ מסקנות ער איז דערגאַנגען פון אָט דעם קאָנגרעס. צו זענען געשטיגן זיינע האָפנונגען צו געווינען דעם פּאַרטרויען און די סימפּאַטיע און אָנגענומען ווערן אַלס מנהיג און פירן די באַוועגונג נאָך זיך, אָדער האָט ער זיך ווידער אַנטוישט און חרטה געהאַט אויף דעם גייען קיין „קאַנאָסאַ". די גאַנצע צייט האָט ער געמאַכט דעם איינדרוק פון דער פאַלמע, וואָס וועגן איר דערציילט אין זיין רירענדיקער דערציילונג דער יונג־פאַרשטאָרבענער רוסישער שרייבער, גאַרשין. געווען אַמאָל אַ פאַלמע אין אַ וואַרם־גלאָז, געשטאַמט האָט זי פון די ווארעמע לענדער. געווען הויך די פאַלמע, שיין, גראַד און שלאַנק און שטענדיק געחלומט וועגן דער ברענענדיקער זון און דער לויטערער אַטמאָספער אין איר געבוירן־לאַנד. אלע יאָרן זיך באַמיט צו דער־לאַנגען צום גלעזערנעם דאַך און ארויסרייסן זיך אין דרויסן. געוואַקסן און הויך געוואָרן ביז זי האָט דערגרייכט צום דאַך און אים געשפּאָלטן. און אין דרויסן — איז איר אַנטקעגן געקומען א קאַלטער ווינט און אַ שניי.

מיט זשאבאָטינסקין האָט עס אָפּט, זייער אָפּט פּאַסירט. נישט אומזיסט פלעגט ער אונטערשרייבן זיין גלענצענדיקע פעליעטאָנען מיטן נאָמען פון דער דאָזיקער פאַלמע: אַלטאַלענאַ.

# שלום אש

אַש האָט אַרויסגעפֿירט די יידישע ליטעראַטור פֿון איר ווינקעלע אין דער ברייטער וועלט אַריין. זיינע שאַפֿונגען זענען איבער־געזעצט געוואָרן אויף די שפּראַכן פֿון פיל אַנדערע פֿעלקער און זענען געוואָרן לייען־שטאָף פֿאַרן אינטעליגענטן לייענער, צווישן די שאַפֿונגען פֿון די באַרימטע אייראָפּעאישע שרייבער. אַש׳ס שאַפֿונגען זענען געוואָרן אַ טייל פֿון דער וועלט ליטעראַטור, הגם עס איז אין זיי געשילדערט געוואָרן, דער עיקר, דאָס יידישע לעבן אין דער קעגנוואַרט און אין דער פֿאַרגאַנגענהייט, און די פּראָבלעמען זענען לעבנס פּראָבלעמען פֿון יידן. אַש האָט באַוויזן דורכצוברעכן די מויער וואָס שליסט אָפּ דאָס יידישע ווינקעל און שטעלט אויף אַ מחיצה צווישן דעם יידן און דער גרויסער וועלט. עס איז אים געלונגען צו ווייזן די דרויסנדיקע צושויער נישט בלויז אַ שטיק יידיש לעבן, נאָר דעם יידן ווי אַ מענטש מיט מענטשן גלייך, נאָענט און פֿאַרשטענדלעך פֿאַר יעדן איינעם פֿון דער דרויסנדיקער וועלט.

דער צוגאַנג פֿון שלום אַש צום יידישן לעבן איז שטענדיק געווען און געבליבן תמיד אַ מענטשלעכער, הגם ער האָט קיינמאָל נישט אויסבאַהאַלטן און נישט אונטערדריקט אין זיין האַרץ זיינע יידישע געפֿילן, די ליבע און שנאה, וואָס עס האָבן דערוועקט אין אים פֿאַרשיידענע דערשיינונגען אינעם יידישן לעבן. עס איז נישטאָ קיין טענדענציעזע שילדערונגען, קינסטלעכע פֿאַרקרימונגען אין אַש׳ס בילדער און טיפֿן פֿון יידישן לעבן. אַלץ טראָגט דעם חותם פֿון עכטקייט און נאַטירלעכקייט. אַלץ איינס, צי שילדערט ער דאָס פּאַטריאַרכאַלישע יידישע לעבן אינעם יידישן שטעטל, אָדער דעם פּיין פֿון די יידן אין כמעלניצקיס צייטן אָדער אין רוים פֿון

מיטלאַלטער; צו דערציילט ער וועגן לעבן פון אַ יידישן אינטע־ליגענט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה אָדער נאָך איר, וואָס ווייסט נישט פון קיין זעלישע רו און ער וואַנדערט פון איין עק וועלט ביז דער צווייטער און קען פאַר זיך קיין רו און קיין תכלית נישט געפינען, אָדער ווען ער שילדערט די יידישע עמיגראַנטן אין אַמעריקע. אַש האָט ליב זיינע העלדן, ביי יעדן פון זיי געפינט ער זיין נשמה יתירה און דאָס אייביק מענטשלעכע. עס איז אים פרעמד שנאה און פאַראַכטונג, אפילו צו אַזאַ מענטשן־טיפּ ווי שאַפּשעוויטש. צוליב דעם איז יעדע שילדערונג, יעדע דערציילונג פון אַשן פול מיט האַרציקייט, וואַרעמקייט און ליבע, טראָץ דעם, וואָס די ליידענשאַפטן אין די אַש־דערציילונגען ברויזן, זענען אומגעצוימט, און דאָס לעבענס־בילד איז אָפן און ברוטאַל, אכזריות׳דיק און טראַגיש, ווי עס איז טאַקע אין דער ווירקלעכקייט. אַש געהער נישט צו די דיכטער, וואָס זענען געווען געצוווּנגען צו צוברעכן עפּעס ארום זיך און אין זיך, כדי אריינצורייסן זיך אין דער גרויסער, ברייטער וועלט אַרום. דער עול פון תורה און יידישקייט, האָט קיינמאָל נישט אונטערדריקט זיין שאַפּענדיקן גייסט און נישט אונטערגעשניטן זיינע פליגל. ער האָט נישט אָב־געטראָפן אויף זיין וועג אין לעבן אויף גרויסע שטערונגען, וואָס האָבן אים פאַרשטעלט אָדער פאַרשלאָסן דעם וועג זיינעם. זיין יידישקייט איז נישט געוואָרן קיין שטערונג אין זיין לעבן, פאַר־קערט, דער באַטירלעכער חן פון זיין טאַלאַנט איז נאָך פאַרגרעסערט געוואָרן דורך זיין יידישקייט, דורך דער עקזאָטישקייט אירער, דורך זיין יידישן לשון. זיין וועלט איז נישט פאַרפינצטערט געוואָרן צוליב דעם ליידן פון זיין פאָלק, צוליב גלות השכינה. דער פּיין פון גלות, האָט נישט איינגעהילט זיין נשמה אין פינצטערניש, נישט דערוועקט אין אים געפילן פון צאָרן און מאַכטלאָזע שנאה, געפילן וואָס דערשלאָגן און צעפרעסן די נשמה. ליבע און רחמנות, א פול האַרץ און אַ טרערענדיק אויג האָבן אין אים געוועלטיקט. קיינמאָל נישט געביילט די פויסטן, נישט פול געווען זיין האַרץ מיט כעס און צאָרן, נישט פאַרצערט געוואָרן פון האַס און שנאה.

אזוי האָבן מיר געזען אשן נאָך אין פריץ צייטן, וואָס האָט

ארייגגעהויכט אַ נייעם גייסט אין אונדזער ליטעראַטור, אַ מענטשלעך יידישן גייסט. אַזאַ איז ער פאַרבליבן מיט אַסך יאָרן שפּעטער, ווען זיין טאַלאַנט האָט זיך אַנטוויקעלט און זיין שאַפונגס־כוח איז געוואַקסן און געוואָרן טיפער און אַלזייטיקער, דאָס אויג שאַרפער און דורכדרינגלעכער און דער האָריזאָנט ברייט און וועלט־וויטער.

כ׳האָב געהערט וועגן זיינע רייזעס קיין פּעטערבורג און וועגן זיינע דערפאָלגען ביי די גדולים פון דער רוסישער ליטעראַטור, טראָץ דעם וואָס זיין קענטניש אין דער רוסישער שפּראַך איז נאָר געווען זייער אַ שוואַכע אין יענע ציטן. ער האָט אָבער געהאַט אין זיין האַנט אַ גאָלדענעם שליסל, וואָס האָט געעפנט פאַר אים אַלע טירן: זיין גרויסער טאַלאַנט האָט געלויכטן ווי א גרויסער בריליאַנט, און געוווּנען די הערצער און אויגן פון אַלע. אויך אין קראָקע, וווּ עס האָבן זיך קאָנצענטרירט די קאָריפייען פון דער פּוילישער דיכטונג און ליטעראַטור, די פיינע סטיליסטן פון דער פּוילישער שפּראַך, האָט פּאַסירט מיט אַשן דאָס זעלבע וואָס עס האָט מיט אים פּאַסירט אין פּעטערבורג. מ׳האָט נישט געלעגט קיין אַכט אויף זיין געבראָכענעם פּוילישן לשון און מ׳האָט אים מקרב געווען ווי אַן אייגענעם. דאָס לעבן און די דאָזיקע באַגעגענישן האָבן זיך אָפּגעשפּיגעלט אין זיין שאַפונג פאַרטיפט און אויס־געברייטערט זיינע מעגלעכקייטן, באַזונדערס האָט אויף אַשן משפּיע געווען זיין רייזע קיין אַמעריקע, דאָרט האָט ער געפונען אַ ברייט פעלד פאַר זיינע שאַפונגען אין יידיש און אין דער איבערזעצונג אויף ענגליש, וואָס האָבן אים ארויסגעפירט פון ענגן תחום פון דער יידישער ליטעראַטור און אַריינגעפירט אין דער וועלט־ליטע־ראַטור. ער האָט זיך באַזעצט אין נויאָרק, אָנגענומען די אַמערי־קאַנישע בירגערשאַפט און באַאיינפלוסט געוואָרן פון איר קולטור. אין אַמעריקע האָט ער אויך אויסגעברייטערט און פאַרטיפט זיין יידישע און אַלגעמיינע בילדונג. אַש האָט געשילדערט דאָס לעבן פון דער יידישער גאַס אין נויאָרק, דעם יידישן עמיגראַנט וואָס פּאַסט זיך צו צו די נייע באַדינגונגען, דערווייטערט זיך פון די לעבענספאָרמען פונעם קליינעם שטעטל אין פּוילן, צו וועלכע ער

בענקט מיט אַלע פּעדימלעך פון זיין נשמה, פּאַסט זיך צו גערן און אומגערן צו דער נייער לעבענס־פאָרם אין אמעריקע.

כ׳קען נישט געגוי פעסטשטעלן ווען כ׳האָב מיך ווידער באַ־געגענט מיט אַשן אינעם זאַקסישן גאָרטן אין וואַרשע. מעגלעך אַז עס האָט פּאַסירט נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. מיר האָבן זיך ביידע דערפרייט מיט דער באַגעגעניש און נאָך אַ קורצן שמועס וועגן דעם, וואָס עס מאַכט און וואָס עס טוט איינער און דער אַנדערער, האָט מיר אַש אָנגעהויבן דערציילן וועגן תוכן פון ראָמאַן, וואָס ער האָט בדעה צו שרייבן וועגן אָנהויב פון דער קריסטלעכער עפּאָכע און די אַנטפּלעקונג פון דעם מאַן פון נצרת, רבי ישוע, ווי ער הייסט אינעם ראָמאַן.

עס האָט אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק זיין צוגאַנג צו דער טעמע, וואָס האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט צו דערציילן וועגן קריסטוסן ווי עס האָט אים געזען אַ רוימישער אָפיציר, אַ געהילף פון פּילאַטוס, דער רוימישער שטאַטהאַלטער אין יהודה און דער תלמיד פון ישוע, יהודה איש קריות דער צווייפלער, וועלכער איז פול גלויבן און ביטערע ספקות גלייצייטיק, ווי אויך דער תלמיד פון רבי נקדימון, איינער פון די אָנפירער פון די פּרושים אין יענער תקופה.

בעת אינעם „מאַן פון נצרת״ איז דער לייוונט אַ ברייטער, די שילדערונגען זעלבסטשטענדיקע, דער אַריינבליק אין דער דעמאָלטיקער יידישער און געצענדינערישער וועלט אָרגינעל, דרייסט און באַלאַנסירט, איז אַש אין זיין בוך וועגן דער מוטער פון קריסטוס, מרים, נישט געגאַנגען ווייטער אויף דעם דאָזיקן וועג. דאָ איז ער נאָכגעגאַנגען בלויז נאָך די קריסטלעכע קוועלן און אַרויסגערופן קעגן זיך אַ מין אַלגעמיינעם חרם פון דער יידישער פּרעסע צווישן זיי אויך „פאָרווערטס״, וווּ ער האָט געאַרבעט די גאַנצע צייט. פון דער שילדערונג פון לעבן פון דער מוטער פון קריסטוס, האָט מען באַקומען דעם איינדרוק ווי אַש וואָלט אַלץ געזען מיט די אויגן פון די גלויביקע קריסטן, ס׳האָט אים נישט געקלעקט מער קיין שאַפערישע פאַרשטעלונגס־קראַפט אַרומצונעמען די גאַנצע קריסטלעכע עפּאָכע, זינט איר געבוירן ווערן אין יהודה, ביז אירע דערגרעבערונגען אין דער גריכישער און רוימישער וועלט.

יצחק גרינבוים

## באגעגענישן

מיר ביידע, איך און אַש, זענען אַריין אין פּרצס „חדר״ אין איין יאָר, אין 1900. מיר האָבן זיך נישט דערנענטערט איינער צום אַנדערן. נישט געווען ענג באַפריינדעט. הגם אַש האָט געוווינט מיין האַרץ, פּונקט ווי ער האָט געוווּנען דאָס האַרץ פון פּרצן און די איינגייער אין פּרצס הויז, מיט זיינע ערשטע שאַפונגען, וואָס ער האָט אָפּגעדרוקט אין „ייד״ און אין אַנדערע יידישע צייטונגען. ער האָט זיך באַפריינדעט מיט נאָמבערגן, וועלכער האָט אויך אינעם זעלבן יאָר אָנגעהויבן אַריינצוגיין צו פּרצ׳ן, און מיט דעם דיכטער רייזן, וואָס איז שוין געווען דעמאָלט באַקאַנט ווי אַ יידישער דיכטער. זיי זאַלבעדריט האָבן אָנגעהויבן „אויספּאַרשן״ דאָס לעבן אין דער יידישער גאַס אין וואַרשע, בייטאָג און ביינאַכט, און ס׳איז נישט געווען, ווי מ׳האָט דערציילט, אַפילו אַ ווינקל וווּ זיי זענען נישט אַריינגעדרונגען. אַש און נאָמבערג זענען ביידע געקומען פון קליינע שטעטלעך און זייער נייגיריקייט און דורשט צו דער גרויסער שטאָט, איז געווען זייער גרויס.

אין די ערשטע דערציילונגען אַשס קען מען געפינען די איינדרוקן, וואָס עס האָבן אויפגענומען זיינע דורכדרינגענדיקע אויגן ווי אַ פיינער פאָטאָגראַפישער אַפּאַראַט, דעם פּייסאַזש פון דער יידישער גאַס אין וואַרשע, די פיזיאָנאָמיעס, שטייגער און געמיט פון אירע איינוווינער מיט אַלע שטריכן, קנייטשן און טיפּענישן.

אָבער אָט די ערשטע דערציילונגען האָבן נישט אַוועק געשטופּט אין אַ ווינקעלע די דעראינערונגען פון די קינדער און יוגענט־יאָרן, אין קליינעם געבורט־שטעטל, און ער איז געוואָרן דער דיכטער פון שטעטל, וואָס האָט דערציילט וועגן ליכט און לויטערקייט פון לעבן מיט גרויסער ליבע. נישט געווען ביי אים אפילו אַ טראָפּן פון שנאה צום לעבן אין קליינעם שטעטל, וואָס איז געווען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר די השכלה־שרייבער, וואָס האָבן געזען דאָס שטעטל כמעט ווי אַ תּפיסה אַ פינצטערע, און זיי זענען פון דאָרט אַנטלאָפן אין דער גרויסער וועלט אַריין. אַש איז נישט אַנטלאָפן, נאָר פּשוט אַריבער אין דער גרויסער שטאָט אריין, דאָרט האָט ער געפונען אין פּרצן אַ לערער און אַ רבין, וואָס האָט אים מקרב געווען און געעפנט פאַר אים די וועלט פון דער

ליטעראַטור. ער האָט אויך אפשר געשטאַרקט אין אים די ליבע צום פשוטן יידן, דעם האָרעפּאַשניק, וואָס לעבט אין דחקות, אָבער פאַרלירט נישט זיין בטחון אין גאָט. עס האָט אַשן נישט געצויגן דאָס לערנען אין אוניווערזיטעט, ער איז נישט געוואָרן קיין „עקסטערניק״, ווי דער מנהג איז געווען אין יענע יאָרן, זיין ליבשאַפט צום שטעטל און זיינע איינוווינער, וואָס ער האָט געמאָלט און געשילדערט אין זיינע דערציילונגען האָט צוגעצויגן די הערצער און געגאָסן אַ העל און וואַרעם ליכט אויף דעם דאָזיקן לעבן, וואָס מ׳פלעגט געוויינטלעך אויסמאָלן ווי אַ נעסט פון דעגענע־רירטער אָרעמקייט, ברוד און מיאוסקייט מכל המינים. אויך די געסלעך פון יידישן וואַרשע, די נאָרעס פון אָרעמקייט און פאַרברעכן, האָט ער געקענט באַלייכטן מיטן ליכט פון זיין ליבע. מיט אָט דער באַציאונג זיינער האָט ער זיך באַליבט געמאַכט ביי אונדז און געוווּנען אונדזערע הערצער מיט זיין גרויסן טאַלאַנט און מיט זיין ליבע צו דער וועלט וואָס ער האָט געשאַפן אין זיינע דער־ציילונגען ראָמאַנען און טעאַטער־שטיק.

כ׳פלעג מיך באַגעגענען מיט אַשן אין פּרצס הויז אין די שבתדיקע טעג און ביי סאָקאָלאָוון אין דער עפּאָכע פון דער רע־וואָלוציע אין 1905 און די פּאָגראָמען אין דרום־רוסלאַנד וואָס האָבן אויסגעבראָכן אין רעזולטאַט פון די רעוואָלוציאָנערע מאַניפעס־טאַציעס. נאָכער איז פאָרגעקומען אַ הפסקה אין אונדזערע באַגע־געגישן, און אַ לענגערע צייט האָבן מיר זיך נישט געזען.

און נאָך געדענק איך אונדזערס אַ באַגעגעניש אין לאָנדאָן. אַש האָט מיך פאַרבעטן אין זיין צימער אין האָטעל און מיר פאָרגעלייענט אַ קאַפּיטל פון זיין בוך „דער תהלים ייד״. אינעם בוך שילדערט אַש אַ פרומען יידן, וואָס היט אָפּ מצוות מיטן גאַנצן האַרץ און נשמה, וואָס שעפּט זיין גאַנצע לעבענס חכמה פונעם ספר תהלים, מיט וועלכן ער שיידט זיך קיינמאָל נישט. כ׳געדענק נישט דעם אינהאַלט פון קאַפּיטל וואָס ער האָט מיר פאָרגעלייענט, נאָר בלויז דעם שטאַרקן איינדרוק וואָס עס האָט אויף מיר געמאַכט הערענדיק אים לייענען. ס׳איז מיר נישט אויסגעקומען צו לייענען נאָך אזא בוך, ווו עס ווערן מיט אַזאַ קראַפט געשילדערט מענטשן

גלוביקע, וועמענס גלויבן איז אזוי גאַנץ, תמימות׳דיק און טיף, ווי אין אַשס בוך „דער תהלים ייד״.

און ווידער האָבן מיר זיך באַגעגנט אין ווארשע, בעת כ׳בין געווען סיים־דעפוטאַט. מיר האָבן ביידע מיטגעאַרבעט פארן „קרן־היסוד״. ס׳איז געווען אָפּגערעדט, אז אַש זאָל שרייבן דעם אויפרוף צו דער יידישער באַפעלקערונג און איך זאָל זיין אַ סאָרט משגיח אויף ציוניסטישער כשרות. כ׳געדענק אָבער, אז אַשן איז אָנגעקומען שווער דאָס שרייבן דעם אויפרוף. כ׳בין געווען געצוווּנגען אליין אים אָנצושרייבן.

מער איז מיר ניט אויסגעקומען זיך צו באַגעגענען מיט אַשן.

# יאַן קירשראַט

בעת יאַן קירשראַט האָט אָנגעהויבן זיין ציוניסטישע ארבעט, ווען ער איז נאָך געווען אַ שילער פון וואַרשעווער טעכניקום און שפּעטער ווען ער האָט געווידמעט זיין גאַנצע ענערגיע דער פאַך־אויסבילדונג און דער אָרגאַניזאַציע פון די בעלי מלאכה, צווישן לאָדזשער יידן און ווען ער איז ליידער אזוי יונג און פול שאַפונגס־כוחות פון אונדז אַוועק, — איז אַלץ ארום אונדז, אין פוילן בכלל און אין דער יידישער געזעלשאַפט בפרט, געווען פאַרנעפּעלט, ווי צוגעדעקט מיט אַ שלייער וואָס איז געוועבט מיט פעדימלעך פון האָפנונג. מיר האָבן דערוואַרט אז גרויסע זאַכן זאָלן קומען. אמת, מיר האָבן דורכגעלעבט די ערשטע גרויסע אַנטוישונג מיטן דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע אין 1905. דער בלוטיקער שאָטן פון די פּאָגראָמען האָט צושטערט אַסך אילוזיעס פון דער אינטעליגענץ. ביי דעם אַלעמען האָט אונדז אַדורכגעפּיבערט אַ געפיל פון דער־וואַרטונג, אַז עפּעס גרויסעס דאַרף קומען און געשען.

אין אונדזער ציוניסטישער און קולטורעלער ארבעט האָבן מיר פאַרזייט, אויסגעריסן די שעדלעכע גראָז אין צוגעגרייט דעם באָדן. יאַן קירשראַט האָט אויסגעקליבן פאַר זיך אַ ווינקעל וואָס איז געווען ווייט פון שטויב און טומל, דאָס ווינקל פון פאַך־אויסבילדונג. ער האָט אָרגאַניזירט די יידישע בעלי־מלאכה, כדי צו פאַרשטאַרקן דעם פּרינציפּ פון ארבעט אינעם יידישן לעבן, און אויפצוהויבן דעם כבוד און אָנזען פונעם יידישן בעל־מלאכה, דאָס חשיבות פון זיין ראָל און מיסיע אינעם יידישן לעבן. ער האָט אויסגעוויילט די שטאָט לאָדזש פאַר זיי אַרבעטס־פעלד. ס׳איז געווען אַ שווערער און אומדאַנקבאַרער פּלאַץ. אין דער דאָזיקער שטאָט איז געלט געווען א מין קעלט: יידן האָבן געראַש׳ט און געטומלט אין דער

דאָזיקער אינדוסטרי־שטאָט, געהאַנדעלט, געהאָרעוועט, און געמאַכט פאַרמעגענס. אין דער דאָזיקער שטאָט האָבן זיך באגעגענט חסידים מיט אַסימילאַטאָרן־קאַפּיטאַליסטן, מיט אינטעליגענטן, מיט ליטווישע יידן וואָס האָבן פּראָפּאַגירט דעם נייעם יידיש נאַציאָנאַלן געדאַנק, מיט אַלע די „ליטוואַקעס״ וואָס זענען זיך צונויפגעקומען אין לאָדזש פון אַלע ווינקעלעך פון ליטע, ווייס־רוסלאַנד און אוק־ראינע. אָבער ווי אינעם „אונטערגרונט״ האָט דאָרט, אין לאָדזש, געוועלטיקט אַן אַנדער, כלומרשט, נישט אָנזעעוודיקער כוח, די אַרבעט; זי איז ווי פאַרטריבן געוואָרן פון די טומלדיקע און „לעבעדיקע״ גאַסן אין די פאָרשטעט וווּ עס האָבן זיך געפינען די פאַבריקן און די אָרעמקייט.

יאַן קירשראַט האָט פיינט געהאַט דאָס רעש׳דיקע האַנדעלס־לעבן, דאָס געיעג נאָך געלט און רייכטום. ער האָט געטרוימט צו בויען דאָס יידישע לעבן אויף דער באַזיס פון אַרבעט. זיין אידעאַל איז געווען צו שאַפן און באַפעסטיקן אַ רעזשים פון אַרבעט אינעם יידישן לעבן.

ער איז געווען אַ זון פון אַן אַסימילירטער משפחה. זיין פאָטער האָט דאָס מזל נישט צוגעשפּילט ער האָט נישט געהערט צו דער פאַרמעגלעכער אינטעליגענץ ווי זיין פעטער, איינער פון די באַרימ־טעסטע פּוילישע אַדוואָקאַטן, וואָס האָט זיך צו זיין יידישן נאָמען צוגעגעבן אויך אַ פּוילישן נאָמען פּראַוניצקי (רעכטס־קענער). יאַן קירשראַט איז אויפגעוואַקסן אין אַן אַטמאָספער פון אַ פּויליש־ראָמאַנטישער טראַדיציע, וואָס איז געווען אָנגעזאַפּט מיט דערינע־רונגען פון דער פאַרגאַנגענהייט און חלומות וועגן דער צוקונפט. פרעמד געווען פאַר אים דאָס לעבן פון די יידן. וואָס ער פלעגט זען דורכגיין אין זייער משונה׳דיקן לבוש, נישט ווייט פון זיין וווינונג אויפן גזשיבאָוו פּלאַץ. אָט די מאַסן פלעגט מען אין דער סביבה וווּ קירשראט איז אויפגעוואַקסן און דערצויגן געוואָרן, רופן „די פינצטערע מאַסע״. לייענען און פאַרשטיין יידיש האָט ער זיך אויסגעלערנט זייענדיק אַ סטודענט אין וואַרשעווער טעכניקום, און אויך דעמאָלט ווען ער האָט געלערנט אינעם באַרימטן שאַרלאָטענ־בורגער טעכניקום. דאָרט איז ער געוואָרן אַ ציוניסט. עס האָבן אויף אים משפיע געווען זיינע וואַרשעווער חברים און די באַוועגונג פון

די יונגע ציוניסטן פייוועל, בובער, ליליען און אַנדערע, ביי וועלכע עס האָט זיך דערוועקט בענקשאַפט צו זייער יידישן שטאַם.

קירשראַט איז צוריק געקומען פון בערלין קיין וואַרשע, אַ ציוניסט. זיין ציוניזם האָט געהאַט א באַזונדערן מקור — דאָס לעבן פון יאַן קירשראַט און זיין סביבה. ער איז געבוירן געוואָרן פון אַן עטיש־מאָראַליש באַוווסטזיין, וואָס האָט זיך געפילט געטראָפן פון דעם אַלעמען וואָס ער האָט געזען ביי זיך אינדערהיים און נאָך מער אינעם הויז פון זיין פעטער, פונעם ליגן פון דער אַסימילאַציע. פונעם פאַרלייקענען און שעמען זיך מיטן יידישן אָפּשטאַם. ער האָט זיך געגערט פון שטאַרקן פּראָטעסט קעגן אַ לעבן פון אנוסים, וואָס טראָגן ס׳גאַנצע לעבן אַ מאַסקע ביז צום פאַרגעסן דאָס אייגענע פנים אפילו צו שנאה צום אייגענעם פנים, ווען עס פלעגט ווערן קענטיק און בולט, טראָץ אַלע אַנשטרענגונגען.

אינעם זאַמעלבוך „ספרות“, וואָס איז ארויס אין דער פוילישער שפּראַך אונטער דער רעדאַקציע פון קירשראַט, מאָלט ער אין אַל־געמיינע שטריכן די דעגענעראַציע פון דער אַסימילאַטאָרישער באַ־וועגונג און דאָס רייף ווערן פון די אנטיסעמיטישע געפילן ביי דער פאַרגעשריטענער פוילישער געזעלשאַפט, וואָס האָט אָנגעהאַלטן די טראַדיציע פון אַ יידישער אַסימילאַציע מיטן פוילישן פאָלק, אינעם אַנבליק פון דער עקאָנאָמישער און גייסטיקער אַנטוויקלונג אויף דער יידישער גאַס, דאָס אויפוואַכונג פון די יידישע מאַסן און זייער קאָנצענטרירן זיך אין אָרגאַניזירטע לאַגערס פאַר נאַציאָנאַלער טע־טיקייט. קירשראַט באַווייזט עס קלאָר אַז די פּאָליאַקן, די פריינט און די שונאים, זעען אין די יידן, אין אַלע יידן, בלויז אַ געצייג צו פאַרווירקלעכן זייערע אייגענע פּלענער, און רעכענען זיך נישט מיט די נויטן, שטרעבונגען און ליידן פון די יידן.

גלייכצייטיק, פאָרטראָגענדיק זיינע געדאַנקען אין דער פוילישער שפּראַך, באַמיט זיך קירשראַט קלאָר צו מאַכן פאַר דער פוילישער געזעלשאַפט, אַז די יידיש נאַציאָנאַלע באַוועגונג דאַרף נישט דער־וועקן דעם אומבאַגרינדעטן חשד, אַז אַ פיינטלעכער כוח צו די לעגעטימע נאַציאָנאַל־פוילישע באַשטרעבונגען אַנטשטייט אינעם פוילישן לאַנד, נאָר פאַרקערט, די ריינקייט פון די יידישע שטרע־בונגען, דער אמת און אויפריכטיקייט וואָס שטראַלט ארויס פון זיי

וועט געפינען אַ וועג צו פּוילישע הערצער און וועט ברענגען צום פאַרשטיין דעם נייעם וועג אויף וועלכן עס זענען אַרויף די טרעגער פון דער פאָן פון אויפלעבונג פון יידישן פאָלק אין זיין אייגענעם לאַנד.

אין דעם דערמאָנטן זאַמעלבוך שרייבט קירשראַט אויך וועגן דער טעריטאָריאַליסטישער באַוועגונג, וואָס האָט אָנגעהויבן געווינען אָנהענגער אין שייכות מיטן אוגאַנדע פּראָיעקט וועלכן הערצל האָט געבראַכט פאַרן זעקסטן ציוניסטישן קאָנגרעס, אין וועלכן קירשראַט האָט זיך באַטייליקט. זיין בענקשאַפט צו יידישער גאַנצקייט האָבן אים געבראַכט צום פאַרשטיין די פאַרבינדונג צווישן דער נאַציאָנאַלער גאולה באוועגונג און דעם לאַנד פון די אבות, וואָס דאַרף אויפסנייַ ווערן דאָס היימלאַנד פון פאָלק. די בענקשאַפט נאָך יידישן לעבן האָבן געבראַכט קירשראַטן אין הויז פון זיין חבר קערנבער און האָבן אים פאַרבונדן מיט ליבע־געפילן צו זיין יונגער שוועסטער, וואָס האָט געוווינען זיין הארץ מיט די יידישע פאָלקס־לידער וואָס זי פלעגט זינגען.

די דעראינערונג פונעם פאַרלאָרענעם פאָטערלאַנד, דער ווייטאָק און צער וואָס לעבן אין פאָלק און גייען איבער פון איין דור צום צווייטן — זענען געווען אין קירשראַטס אויגן אַ גרויסער באַוועגונגס־כוח פאַר ליבע, בענקשאַפט, פאַר אַקטיוויטעט און געראַנגל. דער טעריטאָריאַליזם איז פאַר אים נישט מער ווי אַן אויסגעקליגעלטער שפּינוועבס, וואָס זיין קינסטלעכקייט שטויסט אָפּ און דערווייטערט. די טעאָריעס וועגן כוח פון עמיגראַציע, וואָס וועט פון זיך אליין ברענגען צו אַ קאָנצענטרירונג אין א לאנד וואָס וועט דארפן ווערן אַ היימלאַנד — האָבן נישט גערעדט צו זיין האַרץ. ער האָט פאַרשטאַנען אַז יידישע עמיגראַציע קאָנצענטרירט זיך בדרך־הטבע אין גרויסע שטעט, ווו מ׳קען געפינען ארבעט, פרנסה און אויך רייכטום. יידישע עמיגראַציע טוט נישט קיין פּיאָנערן־ארבעט, איז נישט בכוח אומצוקערן דעם פאָלק דאָס פאַרלוירענע פאָטערלאַנד ווו מ׳דאַרף זיך צוריק קערן, דעראָבערן עס מיט ארבעט, מי און בלוט דורכן גאַנצן פאָלק, צו אָט דער פּיאָנערן־אַרבעט אינעם פאַרוואָרלאָזטן לאַנד דאַרף מען זיך צוגרייטן. און ער, קירשראַט, וועט זיין צווישן די וואָס גרייטן צו דאָס פאָלק צו שיבת־

ציון, די וואָס וועקן אויף ליבע צו ארבעט, צווישן די וואָס אָרגאַניזירן די אַרבעט־כּוחות און זיי וועלן זיין די וואָס וועלן דאָס לאַנד דעראָבערן. ער האָט דעריבער געזען אינעם פאַרשפּרייטן פאַך־קענטענישן צווישן די יידישע מאַסן — אַ בריק צום יידישן היימלאַנד.

ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט געלעגט דעם יסוד פאַר א אָרגאַניזאַציע פון יידישע בעלי־מלאָכה אין אַ מאָדערנער פאָרם, וואָס זאָל דינען פאַר זיי ווי א שוץ אין קאַמף פאַר זייערע לעבענס־אינטערעסן.

דער קלוב פון יידישע בעלי־מלאכה וואָס ער האָט געשאַפן אין לאָדזש, האָט געגעבן אַ שטאַרקן שטויס פאַר דער אָרגאַניזירונג פון די יידישע האַנטווערקער אין גאַנץ רוסיש־פוילן, צו א גרויסער באַוועגונג פון יידישע האַנטווערקער, וואָס האָט פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ אין דער יידישער געזעלשאַפט און זיין פּאָליטיש־ווירטשאַפטלעכן געראַנגל נאָך דעם ווי פוילן איז ווידער אויפגעשטאַנען ווי אן אומאָפּהענגיקע מדינה.

קירשראַט האָט עס נישט דערלעבט. דער טויט האָט אים פרי־צייטיק אוועקגעריסן פון זיין ארבעט, פון זיין פאָלק, פון זיינע חברים און ער איז דאָך נאָך געווען אזוי יונג, פול כּוח און ענערגיע. ער איז געבראַכט געוואָרן צו קבורה אויפן וואַרשעווער בית־עלמין. מיר האָבן זיך געזעגנט מיט אים מיטן געזאַנג פון דער „התקוה". צום ערשטן מאָל האָבן זיך געהערט די קלאַנגען פון האָפנונג אויף גאולה ביים אָפענעם קבר פון איינעם וואָס איז געקומען פון אַן אסימילירטער היים און געפונען דעם וועג צו זיין פאָלק און זיין נאַציאָנאַלער אויפלעבונגס־באַוועגונג.

# די מוטער

אויפן קבר פון רחל ווייצמאַן

כ׳געדענק: כ׳בין געקומען קיין פינסק בעת מיין ערשטער רייזע איבער די ליטווישע שטעט. כ׳האָב געוואָלט זען די „ליט־וואַקעס", וואָס האָבן געבראַכט אונדז — די יונגע ציוניסטן איז פוילן — די זאַפטיקע יידישע פאָלקסטימלעכקייט, צוזאַמען מיט דער בשורה פון נאַציאָנאַלער באַפרייאונג; כ׳האָב געוואָלט זען זיי ביי זיך אין הויז, אין זייערע שטעט, ביי זייערע פאַמיליעס. מיט די יונגע ווייצמאַנס האָב איך מיך באַגעגענט אין וואַרשע און כ׳האָב מיך באַפריינדעט מיט אייניקע פון זיי. האָב איך דעריבער אויסגעקליבן פינסק, זייער שטאָם־שטאָט.

ווען כ׳בין צום ערשטן מאָל אריינגעקומען אינעם הויז פון דער פאַמיליע האָב איך מיך באַלד דערפילט אין אָט דער אַט־מאָספער נאָך וועלכער איך האָב געבענקט. עס שטייט נאָך פאַר מיר לעבעדיק דאָס בילד פון דער מוטער פון דער משפחה, מיט איר שטראַלענדיק געזיכט, וואָס שפּרייט אויס ליכטיקייט און וואַרעמקייט ארום. דאָס גאַנצע הויז איז געווען פאַרגאָסן מיט אָט דעם ליכט, מיטן ליכט פון דער מוטערלעכקייט, דער אשת־חיל.

כ׳האָב עס געפילט: אָט אַזאַ איז זי די יידישע מוטער, וואָס טראָגט דעם עול פון די קינדער, זייער דערציאונג און וואַקסן, וואָס שטראַלט אויס אויף זיי איר לויטערע ליכטיקייט, ביי וועלכער זיי וואַרעמען זיך דאָס גאַנצע לעבן. דאָס איז די מוטער וועמענס ליבע און רחמנות באַגלייטן די קינדער דאָס גאַנצע לעבן. דאָס איז די מוטער צו וועלכער מ׳קערט זיך אום אין די שווערע מינוטן, אין טעג פון אַנטוישונג און יאוש און מ׳געפינט ביי איר טרייסט און דערמונטערונג. נישט מיט ווערטער און רייד, נאָר מיט אָט דער

האַרץ־שפּראַך פון אַ מאַמען, וואָס פּילט מיט אַלע פּעדימלעך פון דער נשמה אַלע מאַטערנישן פון איר קינד.

אַלע יאָרן איז זי געווען דער צענטער פון דער משפּחה. אירע זין און טעכטער וואָס האָבן זיך צעשפּרייט אויף דער גרויסער וועלט און יעדער איינער פון זיי האָט זיך געפונען זיין וועג אין לעבן, צו דער וואָס האָט דערגרייכט צו אַ הויכער מדרגה, אָדער דער וואָס איז געפאַלן אין שווערע ראַנגלעניש, אַלע פלעגן זיך אומקערן צו איר, כדי באַשטראַלט צו ווערן פון איר מוטערלעכן ליכט, כדי צו דערקוויקן זייער נשמה פונעם קוואַל פון ליבע און רחמנות אירן.

אָט דאָס באַהאַלטענע מאַמע־ליכט האָט געלעבט אין איר האַרצן ביז אין איר טיפן עלטער.

און נאָך לאַנג וועט לייכטן דאָס ליכט פאַר די וועלכע האָבן כאָטש איינמאָל זוכה געווען ביי אים זיך צו וואַרעמען.

# זעליג ווייצמאַן

## דאָס לעבן פון א ציוניסטישן זעגער

עס איז נאָך פריש אין מיין זכרון די ערינערונג פון יענער ציוניסטישער פאַרזאַמלונג אין פלאָצק, ווו כ'האָב מיך צום ערשטן מאָל באַגעגנט מיט זעליג ווייצמאַן. מ'האָט אים פאָרגעשטעלט פאַר אונדז מיט זיין פוילישן נאָמען זיגמונד. ער האָט רעפערירט וועגן ציוניזם וואָס האָט דעמאָלט, נאָכן ערשטן קאָנגרעס, אויפגערירט די געמיטער אין יידישן צבור אין פוילן. ער האָט גערעדט פויליש, און דאָס איז געווען אַ זייער זעלטענע זאַך אין יענע ערשטע יאָרן פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין פוילן, ווען יידישע אינטעליגענץ, וואָס פויליש איז געווען איר שפּראַך, איז געשטאַנען ווייט און געווען פרעמד דער באַוועגונג און איר ציל. צו אָט דער אינטעליגענץ אין פלאָצק האָט ווייצמאַן גערעדט, געוואָלט געווינען די הערצער זייערע פאַר ציון. צווישן די צוהערער זענען געווען גימנאַזיע־שילער פון די העכערע קלאַסן און צווישן זיי אויך איך. איך געדענק נאָך דעם הויפּט־אַרגומענט אויף וועלכן ווייצמאַן האָט אויפגעבויט זיין רעפעראַט. אין יענער צייט איז פאַרשאַרפט געוואָרן די יידן־פראַגע אין רומעניע. די רומענישע רעגירונג האָט נישט געוואָלט אָנערקענען די יידישע איינוווינער אין רומעניע פאַר רומענישע בירגער. ווייצמאַן האָט אונטערגעשטראָכן דעם דאָזיקן פאַקט און האָט דערפון ארויסגעצויגן די מסקנה, אז עס זענען פאַראַן פיל יידן, וואָס האָבן נישט קיין אנדער ברירה ווי צו פראָקלאַמירן זייער אָנגעהעריקייט צום יידישן פאָלק, האָבן נישט קיין אַנדער וועג פאַר אַ בייעם לעבן ווי דער וועג קיין ציון.

דער רעפעראַט האָט ארויסגערופן שטורמישע וויכוחים, דער גרעסטער טייל פון די דיסקוסאנטן איז געווען קעגן דעם ציוניזם,

זיי האָבן זיך באַמיט צו באַווייזן אז די לאַגע פון די יידן איז גאָר נישט אזוי שלעכט, ווי די ציוניסטן שטעלן פאָר, אז דער ציוניזם לאָזט זיך נישט פאַרווירקלעכן. כ׳האָב אים געהאָלפן אין וויכוח ווי ווייט כ׳האָב געקענט און נאָך דער פאַרזאַמלונג בין איך צו־געגאַנגען צו אים און אָנגעהויבן מיט אים א שמועס. צום סוף פון וועלכן מיר האָבן פאַרשפּראָכן איינער דעם אנדערן אַז מיר וועלן צוזאַמען ארבעטן פאָר דער ציוניסטישער אידיי ווען כ׳וועל קומען קיין וואַרשע און לערנען אין אוניווערזיטעט. די הבטחה האָבן מירביידע דערפילט. ער איז געווען אַ באַאַמטער אין אַ געוועלב אָדער פאַבריק אין לאָדזש. כ׳האָב מיך דעמאָלט נישט פאַראינטע־רעסירט מיט דעם. ווער האָט עפּעס אין יענע יאָרן געפרעגט זיין אידייען־חבר ווער ער איז, וואָס איז זיין פרנסה, זיין פּריוואַט לעבן, זיינע פאַמיליע־דאגות? ווייצמאַן האָט מיר בלויז דערציילט אז ער האַלט ביים פארלאָזן לאָדזש און אריבערגיין קיין ווארשע, ווו ער וועט זיין באַשעפטיקט אין אַן אַנגראָ־געשעפט פאַר שיך.

וועגן זיין לעבן און אפשטאם האט ער מיר דעמאלט גאר נישט דערציילט, אויך שפעטער ווען מיר האבן צוזאמען געארבעט אין ווארשע. מיט יאָרן שפעטער בין איך צופעליק געוויר געווארן, אז ער איז געבאָרן געוואָרן אין ווישעגראָד, ביי דער ווייסל, אַ קליין שטעטל, ווו עס איז אמאָל געווען אַ סטאַציע פאר מסחר מיט תבואה. דער פאטער זיינער האט געפירט א געשעפט נישט ווייט פון שטעטל און איז געווען א משכיל. די דערציאונג זיינע איז געווען א פרייע אבער ער האט געלערנט העברעאיש און האט עס ליב באקומען און נישט פארגעסן די שפראך אין משך פון דער צייט.

ווייצמאן האט מיר קיינמאל נישט דערציילט וועגן זיינע עלטערן און פאמיליע, אפילו דעמאלט ווען מיר זענען שוין געווען זייער נאענט איינער צום אנדערן.

כ׳האב געקענט זיין ברודער וואס איז געווען א סוחר אויף דער באלעווקי גאס און געוווסט אז ער האט א שוועסטער אין וולאצ־לאוועק וועמען ער גיט אונטערשטיצונג.

ווייצמאן האט געענדיקט די קראנענבערג־שול, איינער פון יענע יידן וואס האבן געמאכט א פארמעגן אין די צייטן פון גענעראל פאשקעוויטש און אנגעהויבן אויפשטעלן פאבריקן און אנטוויקלען

דאס לאנד. צום סוף האבן זיי זיך געשמד׳ט און אריין אין דער העכערער פוילישער געזעלשאפט אין זכות פון זייער געלט און פילאנטראפיע פאר פוילישע געזעלשאפטלעכע צוועקן און אמאל אויך פאר יידישע. די קראָנענבערג־שול איז געווען א רעאל־שול. די אַטמאָספער אין איר איז געווען א פויליש־פּאַטריאָטישע און דער רוב פון די תלמידים זענען געווען יידן, צווישן די לערער זענען געווען די הויפּט־אנפירער פון די אסימילאנטן ווי פּראָפעסאָר שמואל דיקשטיין און אנדערע. אט די שול — האט דאס ווישעגראדער ייִנגל נישט אפגעפרעמדט פון זיין יידישן מקור און ער איז טריי געבליבן זיין ערשטער ליבע, זיין פאלק, זיין שפראך און קולטור און ער האָט זיך אָנגעשלאָסן צו דער ציוניסטישער באַוועגונג נאָך אין אירע ערשטע טעג.

פאר א יונגן מענטשן, וואָס האָט געענדיקט די קראָנענבערג־שול און איז אריין אין דער הויכער באאמטענשאפט, אין די געשעפטן און האנדלס־הייזער, איז אין יענע צייטן נישט לייכט געווען צו זיין א ציוניסט.

אינעם יידישן סוחרישן לעבן אין פוילן האבן דעמאלט דאמי־נירט צוויי עיקרדיקע טיפּן: דער חסידישער ייד וואָס איז געבליבן אין זיין חסידישער וועלט, הגם א סך פון זיי האבן געפירט גרויסע געשעפטן מיט דער נישט יידישער וועלט, און יידן אינטעליגענטע, משכילים, וואס זענען ארויס פונעם טראדיציאנעלן יידישן לעבן, האבן גערעדט אינדערהיים פויליש און זיי זענען געווען גענייגט צו אסימילאציע; אויך צווישן דער יידישער באאמטענשאפט פון די האנדעלס־הייזער און פאבריקן זענען געווען באאמטע, וואס האבן נאָך געשטעקט אין זייער טראדיציאנעל־יידישער סביבה, גערעדט יידיש, און אפילו געטראגן קאפאטעס, און מיט זייער לעבענס־שטייגער זיך מיט גארנישט אונטערשיידעט פון די יידן פון זייער סביבה, אויסער דעם וואס זיי האבן אפשר אביסל מקיל געווען אין מצוות און אין דינן, און באאמטע וואס זייער שפראך איז געווען פויליש, האבן זיך געקליידט אייראפעאיש און זיי זענען געווען געניגט, גרעסטענטיילס צו אסימילאציע.

צווישן די ערשטע באאמטע איז געווען שטארק די השפעה פון

„בונד", צווישן די לעצטע — פון דער פ.פ.ס. און דער אסימילאציע אין אלע אירע שאטירונגען.

דער ציוניזם אין זיין נייער פארם, וואס הערצל האט אים געגעבן, האט געהאט קעגן זיך א מלחמה פון אלע זייטן נאר ווייניקע זענען געווען אָנהענגער פון ציוניסטישן געדאַנק, און האָבן אויסגעזען אין די אויגן פון די אנדערע ווי מענטשן וואס זענען פארכאפּט געווארן פון עפּעס א משונה'דיקער פאנטאזיע א סארט „אפּיקורסים" און „ליכט־ווידערשפעניקע" גלייכצייטיק, אביסל נישט ביים קלאָרן פארשטאנד און חסר־דעה'ניקעס ממש.

די באַאמטע פונעם צווייטן טיפּ האָבן געגרינדעט אין וואַרשע א חברה פאר קעגנזייטיקער הילף, פון די געציילטע חברות, וואס די רוסישע מאַכט האָט דערלויבט פאַר יידן. די חברה איז געווען איינע פון די הויפּטזיילן פון דער אסימילאציע, דער צענטער פון דער העכערער יידישער באאמטענשאפט. ווייצמאן איז געווען א מיטגליד פון דער דאזיקער חברה און א געוויסע צייט איז ער דארט געווען זער אקטיוו און דארט געקעמפט פארן ציוניזם און קעגן פארשיידענע אסימילאטארישע פּראיעקטן פון אירע אנפירער.

דער גרעסטער טייל פון די מיטגלידער, פון דער דאזיקער חברה איז געווען פון דעם סארט מענטשן וואס האט געזוכט צו מאכן א קאריערע אין לעבן, די ווידער, וואס האבן געהאט א געפיל און א געהער פאר דער נויט פון פראסטן פאלק, האבן זיך געזען ווי אנגעהעריקע צו דער פוילישער וועלט, אדער גאר צו דער מענטשהייט בכלל, און אויב עמיצער פון זיי האט געהאט א געוויסע פארבינדונג מיטן יידישן ארבעטער, האט ער נוטה געווען צום סאָציאַליזם אינעם נוסח פון „בונד". ווייצמאן איז געווען אייבער פון די ווייניקע יונגע יידישע אינטעליגענטן, וואָס האָבן געשטאַמט פון א קליין שטעטל און זייער שפּראך איז געווען פויליש, וואס האָבן זיך אין יענע צייטן אָנגעשלאָסן אינעם ציוניסטישן לאגער, וואָס אין אים האָבן געוועלטיקט ליטוואַקעס, וואָס פוילן איז געווען פאר זיי א פרעמד לאנד, מיט איר שפּראך און קולטור, און אויך די פוילישע יידן האבן זיי אויסגעזען פרעמד און משונה'דיק מיט זייער לבוש און מנהגים, און מיט זייער גלויבן אין צדיקים און באָענטקייט צו פוילן און אירע אַספּיראַציעס.

יצחק גרינבוים



אין אונדזער קליינע גרופע יונגע אקטיווע ציוניסטן איז זעליג ווייצמאן געווען דער מאַן פון פּראַקטישער ארבעט, דער קאַסירער, וואס האט געהאלטן אין זיין האנט די אויספירונג פון דער ארבעט. שטענדיק רואיק און געצוימט, זעלבסט־זיכער און באלאנסירט. אזוי, סיי ביי געווינטלעכע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציאָנאַל־פּראָפּאַ־גאנדיסטישע ארבעט און סיי ביי ענינים וואס זענען געווען פאַר־בונדן מיט סכנה, ווי דאָס אָרגאַניזירן אַ יידישע זעלבסט־שוץ אין וואַרשע. תמיד האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט זיין רואיקייט און זעלבסט־זיכערקייט. ער האט זיך קיינמאל נישט אפגעשראקן פאר אן ארבעט וואס איז געווען פארבונדן מיט א סכנה, אויב דאס איז געווען נויטיק און נוצלעך. כ׳געדענק א פארזאמלונג אינעם הויז פון א רייכן ווארשעווער יידן, אין וועלכער עס האבן זיך באטייליקט אויך פוילישע סאציאליסטן און דעמאקראטן און אויך יידישע סאָציאַליסטן פון פאַרשיידענע פאַרטייען. ס׳איז דעמאָלט געווען אן אומרואיקע צייט און מ׳האט מורא געהאט פאר אנטי־יידישע פאגראמען. מיר האבן אנגעהויבן ארגאניזירן א יידישע זעלבסט־שוץ. געוויסע פוילישע קרייזן זענען געווען גרייט אונדז מיטצוהעלפן אין דער ארבעט. ווייצמאן איז געווען זער טעטיק ביי דער אָרגאַניזירונג פון דער זעלבסט־שוץ, ער איז געווען דער קאַסי־רער און מאַגאַזינער. אים איז איבערגעגעבן געוואָרן די אויפגאַבע צו מאַגאַזינירן דאָס געווער און פאַרטיילונג פון געווער צווישן די חברים. ווי א היטער באאמטער אין א גוט גייענדיקן געשעפט האט ער געהאט א העכערע געהאלט ווי אנדערע און פלעגט זיך לאזן קאסטן פאר די באדערפנישן פון דער באוועגונג זער גערן און מיט א ברייטער האנט.

זעליג ווייצמאן און זיין גלייכן זענען געווען די, וואָס האָבן געלעגט דעם פונדאמענט פאר פאלקסטימלעכן, וועלטלעך דעמא־קראטישן ציוניזם אין פוילן, וואס האט שפעטער אסימילירט צווישן זיך אויך די ליטוואַקעס־ציוניסטן און געבילדעט איין לאַגער פון דעמאָקראַטיש פאָלקס־געטרייען פוילישן ציוניזם.

ער איז געווען דער ערשטער אין אונדזער גרופע וואס האט פארלאזט פוילן נאך דער ערשטער רוסישער רעוואלוציע און

האט עולה געווען קיין ארץ־ישראל. ער האט פארלאזט א גוטן און זיכערן פאסטן און אן וואקלענישן אוועק מיט זיין פרוי און ערשטן קינד זייערן קיין ארץ־ישראל.

עס איז געווען אין יאר 1907 און זיינע חברים האבן געהאט גרויסע ספקות בנוגע דעם דאזיקן שריט זיינעם. מיר האבן מורא געהאט, טאמער וועט אים, ביי דער דעמאלטיקער שווערער לאגע אין לאנד, נישט געלינגען זיך איינצוארדענען און ער וועט מוזן צוריקקומען. ווייצמאן האט זיך גאר נישט געמאכט פון די אלע ספיקות און חששות פון זיינע חברים. ער האט זיך באזעצט אין חיפה און אנגעהויבן זיין ארבעט. אין א קורצער צייט ארום איז ער אריין אינעם לעבן פונעם קליינעם יידישן ישוב אין דער פארט־שטאט חיפה, און אינעם יידישן ישוב אין לאנד בכלל.

געווען דעמאלט די צייט פון דער צווייטער עליה, די ארגאניזירונג פון „הפועל הצעיר" און „השומר". ווייצמאן איז געווען טעטיק אין „השומר", געזארגט פאר וואפן און געהעריקע ארגאניזאציע, ווי פריער אין ווארשע ביים ארגאניזירן דעם יידישן זעלבסט־שוץ. ער האט זיך באטייליקט אין יעדער ארבעט וואס האט געהאט דעם צוועק אויפצוהויבן דעם קולטור־ניוואָ פון ישוב אין לאנד, און מיטגעארבעט ביי דער גרינדונג פון דער חיפה'ער רעאל־שול. עס האט זיך אויסגעדאכט, אז ער האט זיך גוט פארווארצעלט אינעם לעבן פון ישוב. אבער ער האט געמוזט פארלאזן זיין פאסטן, די געזעלשאפט וווּ ער האט געארבעט האט נישט מצליח געווען אין אירע געשעפטן. ער האט גענומען זוכן א נייעם פאסטן. ביי דער דעמאלטיקער לאגע אינעם יידישן ישוב אין ארץ־ישראל איז עס נישט געווען פון די לייכטע זאכן. ווייצמאן איז געבליבן אן א מעמד־פרנסה. פון ווארשע האט אים זיין ברודער געשריבן, אז מ'האט אים פארגעשלאגן צו ארבעטן אין א גרויס געשעפטס־הויז. ער האט באשלאסן צוריקצוקערן קיין ווארשע, בלויז אויף א געוויסער צייט. ער האט געקלערט אפצושפארן אין פוילן א סומע געלט, וואס זאל אים דערמעגלעכן צו שאפן זיך א זעלבסט־שטענדיקע עקזיסטענץ־מעגלעכקייט אין ארץ־ישראל.

ווען ער איז צוריקגעקומען קיין ווארשע, האבן מיר אים ווידער אריינגענומען אין אונדזער קרייז און ער האט זיך ווייטער

באטייליקט אין דער ציוניסטישער ארבעט. געווען אבער דעמאלט אין פוילן ווי אין גאנץ רוסלאנד, די צייט פון דער רעאקציע און די ציוניסטישע ארבעט איז געווען א באגרענעצטע.

ביים אָנהויב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן זיך תחילת דערוועקט האפנונגען אויף בעסערע צייטן ביי די יידן אין רוסלאנד און אין רוסיש־פוילן, אבער באלד האט זיך דאס רעדל איבער־געדרייט. די מפלות פון רוסישן מיליטער און דער פארמארש פון די דייטשן, האבן גורם געווען צו בלבולים אויף יידן, אז זיי זענען נוטה צו די דייטשן, אז זיי העלפן זיי א.א.וו. ס'האט זיך אנגעהויבן אן אנטי־יידישער טעראר, גירושים פון דער יידישער באפעלקערונג פון די שטעטלעך ארום ווארשע, טויט־אורטיילן. דאס ערגסטע איז געווען די ווירטשאפטלעכע סאטאגנאציע, די אפגעשוואכטע פארבינדונגען מיטן רוסישן מארק. א סך געשעפטן האבן זיך געשלאסן. וויצמאן איז ווידער געבליבן אן א פאסטן. זיין פרוי און קינדער האבן זיך צוריקגעקערט אין לאנד אריין, פארן אויסברוך פון דער מלחמה. ער האט געזאלט נאכקומען נאך זיי, און דא האט אויסגעבראכן די מלחמה און ער איז פארבליבן אין ווארשע. עס האט זיך אנגעהויבן די גרויסע הילפס־ארבעט פאר די פליטים און פארטריבענע פון זייערע וווינערטער. וויצמאן האט זיך אויסגעצייכנט אין דער ארבעט, וואס האט פארלאנגט ארגאניזיר־פעאיקייט, פארטרויען און איבערגעבענקייט און מ'האט זיך אויך באדארפט אויסקענען אין אומגיין מיט די מאכט־פאקטארן: פוילישע און דייטשישע.

בעת דער דייטשער אקופאציע, אין דער ערשטער וועלט מלחמה אין פוילן, נאָך דעם ווי דער פראָנט האָט זיך אַביסל דערווייטערט און דאס לעבן האט זיך ווי עס איז געווען נארמאליזירן, האט מען ווידער אנגעהויבן די ציוניסטישע ארבעט, וואס האט געהאט דעמאלט פרייע מעגלעכקייטן פאר ארגאניזאציאנעלער, דערצי־ערישער א.א.וו. טעטיקייט.

וויצמאַן האָט זיך געשטעלט בראש פון דער יידישער סקאוטן־באוועגונג, וואס האט זיך א נאמען געגעבן „השומר הצעיר", ווייזט אויס, צוליב דער צוגעבונדענקייט און סענטימענט צו דעם „השומר" אין ארץ־ישראל, וואָס וויצמאן האָט אים געווידמעט אַסך מי און

ליבשאַפט. פון אָט דער באַוועגונג איז שפּעטער אַנטשטאַנען דער „השומר הצעיר", וועמענס חברים ווייצמאַן האָט שפּעטער געזען ביי דער אויפבוי־ארבעט אין לאַנד. נאָך דער מלחמה, ביי דער ערשטער געלעגנהייט, באַקומענדיק דעם ערשטן סערטיפיקאַט, איז ווייצמאַן מיט זיין פאַמיליע צוריקגעפאָרן קיין ארץ־ישראל, זיך אומגעקערט אין זיין היימלאַנד, וואָס ער האָט צייטווייליק פאַרלאָזן, דאַסמאָל נישט ווויסנדיק אַפילו צי עס זענען פאַראַן אויסזיכטן פאַר אים צו באַקומען דאָרט ארבעט און פּרנסה.



זיין לעבענס־תקופה אין ארץ־ישראל האָט זיך אויפסניי אָנגעהויבן. ער האָט אָנפאַנגס באַקומען ארבעט אין „ועד הצירים" (די ציוניסטישע פּאָליטישע רעפּרעזענטאַנץ אין ארץ־ישראל). זיין לאַגע איז געווען אַ שווערע, באָר אַ דאַנק דער ארבעט פון זיין פרוי, אַ דענטיסטקע, איז דער פאַמיליע דערמעגלעכט געוואָרן אַ באַשיידענע עקזיסטענץ. שפּעטער איז ער געוואָרן לייטער פון דער פיליע פון דער פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפט „פעניקס" און זיין פּרנסה איז געווען אַ געזיכערטע. אין שווערע ווי אין גוטע צייטן, האָט ער נישט אויפגעהערט צו ווידמען זיינע כּוחות און ענערגיע פאַר געזעלשאַפטלעכע ארבעט, באַזונדערס, אויף דעם געביט פון הגנה און זיכערהייט. ער האָט זיך אָבער אויך באַטייליקט אין אַנדערע ארבעט: קולטור און דערציאונג, ארגאַניזירונג פון באַנק־וועזן און אַנדערע. אַלץ געטאָן געטריי און איבערגעבן, נישט געבויגט זיך און נישט פאַרלאַנגט קיין כּבוד און הערשאַפט. די יאָרן פון זיין ארבעט אין „פעניקס" זענען געווען די רואיקסטע און גליקלעכסטע אין זיין לעבן. ער האָט געקענט ווידמענען צייט און כּוחות פאַר כּלל־ארבעט, די קינדער זענען אויסגעוואַקסן, ער איז געווען בכּוח צו בויען אַ באַשיידענע ווירטשאַפט פאַר זיין זון אין תּל־מונד, און אַ קליין הויז פאַר זיין טאָכטער אין רחביה. און ווידער האָט זיך דאָס רעדל איבערגעקערט. די געזעלשאַפט „פעניקס" האָט באַנקראָטירט. ווייצמאַן האָט פאַרלאָרן דעם פּאָסטן. די פאַרזיכערטע, וועלכע מ'האָט נישט צוריקגעצאָלט דאָס גאַנצע געלט וואָס זיי האָבן אינוועסטירט, האָבן געהאַט טענות צו ווייצמאַנען, גלייך ווי ער וואָלט געווען דער אייגנטימער פון

„פעניקס“ און נישט א באאמטער וואס האט געמוזט אויספירן די דירעקטיוון פון דער לייטונג. ווידער זענען געקומען שווערע טעג פאר ווייצמאנען. ער האט געמאכט גרויסע אנשטרענגונגען זיך ארויסצוקריגן פון דער קלעם און ס׳איז אים נישט געלונגען. קיינער האט נישט געוואלט אויסשטרעקן א האנט צו העלפן, ראַטעווען נאָך וואָס עס לאָזט זיך פון דער באַנקראָטירטער פארזיכערונגס־געזעלשאפט. שפעטער, ווען ער איז באשטימט געווארן אלס קאנטראלער פון דער סוכנות אינעם שטאב פון דער הגנה, איז זיין עקאנאמישער מצב בעסער געווארן.

אויך אין די שווערע צייטן האט ער נישט איבערגעריסן זיין ארבעט אויפן געביט פון כלל־טעטיקייט; ווי תמיד געטריי, ערלעך אן אייגענוציקן אינטערעס אדער כבוד און הערשאפט גלוסטן.

אט אזא איז די געשיכטע פון איינעם א ציוניסט וואס האט זיך נישט געשטופט אין די ערשטע שורות, הגם ער איז געווען דער שוואגער פון חיים ווייצמאן, דער פרעזידענט פון דער ציוניס־טישער ארגאניזאציע. געווען א מאל פון די הויפט זיילן פון ציוני־ניסטישער ארבעט, און ווען מ׳האט אים מער נישט באדארפט, האט ער זיך אָפּגערוקט אין א זייט, אין זיין ווינקעלע. אַזאַ איז די געשיכטע פון איינעם א ציוניסט, וואס האט קיינמאל נישט געהאט קיין תרעומת, נישט געווען פארביטערט אויף קיינעם, וואס האט מקבל באהבה געווען דאָס שלעכטע און דאָס גוטע. ער איז געווען אין מיינע אויגן ווי איינער פון די ל״ו צדיקים, וואס אין זייער זכות, לויט דער אגדה, עקזיסטירט די וועלט.

# אברהם פאדלישעווסקי

(פון די שבת־יום־טוב׳דיקע יידן)

מ׳האט דערציילט, אז נאך מיט צוואנציק יאר פאר זיין טויט, — ער איז נפטר געווארן אלט זייענדיק 68 יאר, — האבן אים די דאָקטוירים אָפּגעזאָגט דאָס לעבן. ער האָט זיך גאָרנישט איבער־גענומען מיט דעם, זיין שטאַרקער לעבנסווילן האָט געשטאַרקט זיין קראנק הארץ, האט גובר געווען זיין קראנקהייט. און אט די צוואנציק געשענקטע יאר זיינע זענען דאך געווען יארן פון שווערער אָנגעשטריינגטער ארבעט. ער האָט זיך ממש איינגע־בויגען אונטערן עול פון אייגענע, פריוואטע און אויך כלל דאגות און צרות. עס זענען דאך עפעס געווען יארן פון פאגראמען, רעוואלוציעס, מלחמות, חורבנות פון גרויסע יידישע קבוצים. און פאדלישעווסקי איז תמיד געשטאנען אין צענטר פון די אלע גע־שעענישן און געווייטאקט צוזאמען מיט די קרבנות און געראנגעלט זיך צוזאמען מיט זיי אין זייער שווערן קאמף. און דערצו נאך די יסורים פון זיין אייגענעם פריוואטן לעבן, דער טויט פון זיין פרוי און שפעטער די אומהיילבארע קראנקהייט פון זיין איינציקער טאכטער און דאן: עקאנאמישער רואין און דאגות פרנסה. אך! ווי שטארק איז געווען דער מענטש און ווי גרויס איז געווען דער לעבענס־כוח אין אים און ווי מעכטיק איז געווען זיין לעבענס פרייד. אויב ער האט באוויזן דאס אלץ אריבערצוטראגן און ביז זיינע לעצטע טעג איז ער נישט געפאלן ביי זיך, זיך נישט אונטער־געגעבן! ער האט זיך געראנגעלט מיטן קראנקן גוף און האט אים בייגעקומען.

און אָט האָט עס פּאַסירט, ער האָט זיך איינגעבראָכן און געפאַלן אינעם געראנגל זיינעם. אויסגעגאנגען דער לעבענס־קוואל, וואס

ערשט דא נישט לאנג צוריק האט ער געשראמט מיט אזא גרויסער קראפט.

כ׳פלעג אים זען זיצן ביי מיר און חוזק׳ן פון די דאָקטוירים וואס פארשטייען גארנישט און עצה׳ן אים צו זיצן אין שטוב, בעת ער רייסט זיך צו ארבעט, צו לעבן, צו טאטן.

ניין, ער וועט נישט זיצן אין שטוב, ער וועט זיי נישט הערן. און מיר זיצן און שפאַסן און לאַכן, ניין ער טאָר איצט נישט שטארבן. ווער וועט זיך איצט באשעפטיקן מיט זיין לוויה, בעת אלע אונדזערע מחשבות זענען פארנומען מיטן קאמף קעגן די סכנות וואס דראָען דער פארווירקלעכונג פונעם אידעאַל פון אונדזער לעבן, די רעאַליזאציע פון ציוניזם.

און ווער ווייסט צו די געשעענישן אין לעצטן יאר האבן נישט אפגעשוואכט זיינע לעבענס־כוחות און פארשטאפט זייער קוואל? דער ציוניזם איז דאך געווען זיין גלויבן, דער תוכן פון זיין לעבן, זיין נשמה. ער איז געווען פון נאטור אן אפטימיסט, אבער אין די לעצטע יארן זיינע איז נישט לייכט געווען צו געפינען ארגומענטן זיך אליין איבערצייגן, אז די צרה וועט פאַרביי, אז באלד וועט ווידער די זון אויפשיינען און צעשטרייען די שווארצע וואלקענס.



אין פאדלישעווסקי האבן זיך צונויפגעגאסן מוט, לעבענס־פרייד און ברייטהאַרציקייט. וויפיל מאָל בין איך געשטאנען פול התפעלות און נישט פארשטאנען, פונוואנען נעמט זיך צו דעם דאזיקן סוחר אזא טיפע און פיינע פארשטענדניש פון דער מענטש־לעכער נשמה, אזוי פיל געדולד, אזא הארציקע באציאונג צו די כלערליי „שקצים" וואס האבן אים דאס לעבן פארביטערט, און אים נישט געשוינט אינעם אידעאישן קאמף. ווי האט דער סוחר פון דער גענשא גאס געקענט פארשטיין די ברויזענדיקע יוגנט, נישט מורא האבנדיק פאר איר פרייען גייסט, פאר איר „רויט־קייט" און איר רעוואלוציאנערישקייט? ער פלעגט אויסהערן זייערע „שרעקלעכע" רייד און א שמייכל אגוטהארציקער איז געלעגן אויף זיין געזיכט, ער האט בשום אופן נישט געקענט פארשטיין, פאר וואס איז מען בייז אויף זיי, פאר וואס פירט מען קעגן זיי

א קאמף. אט די „שקצים" גיבן דאך זייער לעבן פארן ציוניזם, זענען עולה קיין ארץ־ישראל, ארבעטן דאָרט, בויען, וואָס וויל מען פון זיי? האט קיינמאל זיך גישט געשראקן פארן סאציאליזם. די אלטע אקטיוויסטן פון „בונד" האבן געקענט דערציילן בלויז גוטס וועגן זיין אויפפירונג אין די צארישע צייטן. צום ציוניסטישן סאציאליזם האט ער זיך באצויגן מיט באזונדערן דרך־ארץ. צוליב דער דאזיקער באציאונג זיינע האט מען געשפאסט און חוזק געמאַכט פון אים אין דער תקופה פון דער פערטער עליה.

ער איז געווען א זון פון יענעם דור יידישע בעלי־בתים וואס זענען געוואקסן און אויפגעקומען אינעם יידישן לעבן צוזאמען מיטן ציוניזם, מיט דער יידישער אויפלעבונגס־באוועגונג. שוין פון אָנהויב איז זיין ציוניזם געווען אַ וואָרצעלדיקער און פון ברייטן פארנעם, אבער אין לויף פון דער צייט האבן זיך די ווארצלען נאך מער פארטיפט און דער האריזאנט נאך ברייטער געווארן. די בני־הדור זיינע האבן געלערנט צו טראכטן אין באגריפן פון וועלט־יידנטום, צו ווירקן ווי קינדער פון א גרויס פאלק, וואס האבן גענומען אויף זיך א קאלאסאלע אויפגאבע פון בויען א נייע וועלט. זיי האבן פארשטאנען ווי זיך צו באפרייען פון ענגע אייגענע אינטערעסן, געבויט פאר אנדערע, זיך געראנגעלט און געליטן פאר אנדערע, און ביי זייערע זוכונגען נאך גערעכטיקייט און יושר, גאולה און באנייאונג, פלעגן זיי פארגעסן זייער באזונדערן, פריוואטן אינטערעס. זייער שבת׳דיקע נשמה איז געווען ריין פון יעדן פגם פון וואכעדיקייט. זיי זענען געקומען צום ציוניזם מיט א שבת׳דיקער נשמה. אט די שבת־יום־טוב׳דיקע יידן, ווי פרץ האט זיי אנגערופן, זענען געוואקסן מיט זייער גלויבן און ווערק און האבן דורכגעהאלטן אלע בייזע שטורעמס פון דער שווערער צייט.



פאדלישעווסקי האט געהערט צום ערשטן דור פון פאליטישן ציוניזם, צו אט דעם דור, וואס איז פארכאפט געווארן פונעם מלוכה׳שן שוונג און ברייטע האָריזאָנטן פונעם ציוניזם, ווי הערצל האט אים פארמירט. פאר פאדלישעווסקין ווי פאר אלע זיינע בני־הדור, האט דער ציוניזם געעפענט האריזאנטן פון דער גרויסער

וועלט, די וועלט פון פאליטישע באציאונגען פון גרויסע פלענער און גרויסע ווערק, פון „הויך פאליטיק" וווּ מיר יידן הויבן אויך אן שפילן אגעוויסע ראָל, הגם א זער קליינע. סיי די קליינאַרבעט פון חיבת־ציון, סיי די אָפּגעשלאָסענקייט און די בעלי־הבית'יש מיר־שב'דיקייט, צוריקגעהאַלטענקייט און פּאַרזיכטיקייט פון אחד־העמיזם האבן אים נישט געצויגן און געבליבן פרעמד פאַר אים. פאדלישעווסקי איז מיטגעגאנגען מיט הערצלן און שטענדיק ווייט געווען פון דער אפאזיציע קעגן אים וועמענס גייסטיקער אָנפירער עס איז געווען אחד־העם. ער איז טריי געבליבן הערצלן און זיין גרויסן ציוניזם און זיין גרויסער באוועגונג וואס ער האט געשאפן. ער איז געווען א חסיד פון דער גאנצקייט און איינהייטלעכקייט פון דער באוועגונג און ארגאניזאציע. אבער ער האט זיך געשטעלט אין אפאזיציע צו וואלפסאן, פאר וועלן ארייינפירן א מין „קאָ־מערציעלן גייסט" אינעם ציוניזם.

ער איז געווען א סוחר און אפילו שטאלץ געווען אויף דעם בארוף זיינעם, אויף דעם גוטן נאמען זיינעם אלס ארענטלעכער סוחר, ער איז אבער געווען געגן אייַנפירן א מין סוחרישן רעזשים אין דער ציוניסטישער באוועגונג. ער האט פארשטאנען אז די באוועגונג דארף געפירט ווערן דורך אינטעליגענטע, טאלאנטירטע כוחות וואָס קענען אינספּירירן און באגייסטערן די אנדערע.

דעריבער איז ער דווקא געווען אביסל נאענט צו די לינקע קרייזן אינעם ציוניזם. ער האָט געוואַכט איבער דעם אַז דער גייסט פון איבערגעבענקייט, אידעאליסטישן ברען און קרבנות־גרייטקייט זאל רוען אויף דער באוועגונג, ער האט עס געהאלטן פאר דעם סאמע עפעקטיווסטן וואפן.

פאדלישעווסקי איז נישט געווען קיין קאמפס־מענטש. געווען צופיל גוטהארציק פאר דעם. אבער זיין ציוניזם איז געווען א קעמפערישער. ער האָט אויפגעהויבן די פאָן פון קאַמף קעגן דער אסימילאציע וואס האט געוועלטיקט אין דער ווארשעווער קהלה. ער האט אויך אין ציוניזם נישט געהערט צו די מינימאליסטן און מצדיק הדין. אזוי אויפן אינערלעך פאַרטיי־ציוניסטישן פראָנט און אזוי אויך אין גרויסן קעגן דער פיינטלעכער שטעלונג און אומגערעכטע האנדלונגען מצד ענגלאנד, דער מאנדאט־מאכט.

פרץ האט מיך אריינגעפירט צו פאדלישעווסקי אין שטוב אריין נאָך דעמאָלט ווען איך בין געווען אַ יונגער סטודענט. כ׳האָב נאָך דעמאלט נישט פארשטאנען, וואס אזעלכעס האט פרץ דערזען אינעם דאזיקן סוחר, פארוואס האט ער געפונען פאר נויטיק מיך מיט אים צו באקענען.

ווען כ׳האב מיך שפעטער מיט אים זיך נענטער באקאנט און באפריינדעט, האט זיך פאר מיר אנטפלעקט א מענטש וואס איך האָב ליב באַקומען און באוווּנדערט. זינט דעמאָלט זענען מיר געווען פאַרבונדן אין בשותפות׳דיקער ארבעט און ראַנגלעניש, ליידן און פרייד, מער ליידן ווי פרייד.

זאל נישט אויסגעלאשן ווערן דער אנדענק פון די שבת־יום־טוב׳דיקע יידן אין דער ציוניסטישער באוועגונג.

# לעאַן לעוויטע

ווען כ׳האָב מיך באַגעגנט מיט לעוויטען, אינעם ערשטן יאָר נאָך מיין קומען קיין וואַרשע, איז ער שוין געווען אַ ציוני וותיק, וואָס האָט זיך ענערגיש באַטייליקט אין פֿאַרשפּרייטן די אַקציעס פֿון ציוניסטישן קאָלאָניאַל־באַנק פֿאַרן צווייטן קאָנגרעס. אויב כ׳האָב קיין טעות נישט איז ער געווען איינער פֿון די אָנ־פֿירער פֿון דער אַקציע, וואָס האָט געדינט פֿאַר אַ צייכען פֿאַר דער סימפּאַטיע פֿון די יידישע מאַסן פֿאַרן ציוניזם און דער פּראַק־טישער לייסטונגס־פֿעאיקייט פֿון דער ניי־געגרינדעטער אָרגאַניזאַציע.

די אַקציע איז געלונגען, און ווען אַלע וואָס האָבן זיך פֿאַר־פֿליכטעט צו קויפֿן די אַקציעס זאָלן געווען נאָכקומען זייערע התחיבות׳ן וואָלט דער קאַפּיטאַל וואָס איז געווען נויטיק פֿאַר דער דערעפֿנונג פֿון דער באַנק געווען בעין נאָך פֿאַר דער פֿאַראויס־געזעצנער צייט און נאָך אַ גרעסערן סכום.

צווישן די יונגע ציוניסטן, וואָס זענען געשטאַנען אין דער ערשטער שורה פֿון די אַקטיווע טוער פֿון דער באַוועגונג אין יענע יאָרן, האָט לעאָן לעוויטע פֿאַרנומען איינעם פֿון די ערשטע ערטער מיט זיין איבערגעבענקייט, ענערגיע און איניציאַטיוו. ער האָט געהערט צו די מענטשן פֿון פּראַקטישער אַרבעט, ער האָט אָבער נישט גרינגעשעצט די טעאָרעטיש־אידעאָלאָגישע זייט אינעם פּאָלי־טישן און געזעלשאַפֿטלעכן קאַמף. דעריבער האָט ער זיך דערנענ־טערט צו אונדזער גרופּע ציוניסטישע סטודענטן, וואָס האָבן זיך באַמיט אויסצוטרעטן נייע וועגן פֿאַרן פּוילישן ציוניזם, אַנדערע ווי די אָפֿיציעלע.

לעוויטע איז שטענדיק געווען אַן אומצופֿרידענער, פֿול טענות און קריטיק. ער האָט געשטרעבט צו גרויסע אויפֿטוען, שטורמישע

און שווינגפולע, תמיד געווען ווי א פלאם פייער. אט די אייגנ־שאפט האט אים געבראכט צו דער אפאזיציאנעלער גרופע, פון די אויסטרעטער פון נייע וועגן אין ציוניזם.

ער איז געווען א זון פון א פארמעגלעכן און אנגעזעענעם סוחר און געווען באשעפטיקט אין פאטערס האנדעלסהויז, וועלכער איז געווען א געוויסע צייט דער גרעסטער אנגרא־סוחר פאר רוסישע טעקסטיל סחורות אין פוילן. ער האט געהאט גוטע פארבינדונגען מיט דער ציוניסטישער אנפירונג בכלל און דער ארגאניזאציע אין פוילן בפרט. אבער ער האט נישט פארטראגן די זעלבסט־צופרידנקייט און געלאסענקייט וואס האט געהערשט אין דער אנ־פירערשאפט. שטענדיק געמאנט איניציאטיוו, פארגעשלאגן פלענער, גערופן צו אַקטיוויטעט, אזוי אז מיר יונגערע פון אים, האָבן געמוזט באמיען זיך אים צו צוימען און בארואיקן.

כ׳געדענק, ס׳איז געווען די צייט פון רעאקציע נאכן דורכפאל פון דער ערשטער רוסישער רעוואלוציע און די אפשוואכונג פון דער ציוניסטישער טעטיקייט, באך הערצלס טויט און דער ליק־ווידאציע פונעם אוגאנדע־קריזיס. מיר האבן אלע געפילט אז מיר זענען אריין אין א קלעם אן אן אויסגאנג.

און אט איז אויסגעבראכן די רעוואלוציע אין טערקיי און עס האט זיך אויף א מאמענט אויסגעדאכט, אז עס שאפן זיך נייע פאָליטישע מעגלעכקייטן ארויסצוגיין פון דער קלעם.

מיר האבן געהאלטן אז מ׳דארף גלייך אנהויבן א ברייט־פאר־מאסטענע אַקציע, באזונדערס אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. מ׳דארף אָר־גאַניזירן די יידן אין טערקיי, שאַפן דאָרט אַ כוח און אָרגאַניזאַציע וואס זאל קעמפן פארן ציוניזם אין דער דאָזיקער מדינה. עס איז געווען פאר אונדז קלאר, אז מ׳דארף גלייך צוטרעטן גרינדן צייטונגען, וואס זאלן פּראָפּאַגירן אונדזערע שטרעבונגען און פאָדערונגען כלפּי פּנים און כלפּי חוץ. עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו קומען מיט דעם דאָזיקן פאָרשלאַג פאר דער ציוניסטישער אָנפירונג אין רוסלאנד און פארן ענגערן ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט, ווו סאָקאָלאָוו איז געווען דער גענעראַל־סעקרעטאר. כדי דער פאָרשלאַג זאל נישט זיין סתם דבורים, האט לעוויטע דעמאלט באשלאָסן אז ער אליין גיט די ערשטע באשטייערונג

זיינע — פינף טויזנט רובל לטובת דעם פאָנד פאַר צייטונגען.

עס איז געווען א היפשער סכום — מ׳האט יענע יאָרן נישט געשפענדעט קיין טויזנטער רובלען, נישט בלויז אין רוסלאנד אויך נישט אין דער ציוניסטישער וועלט בכלל, און לעוויטע האט נישט געהערט צו די גרויסע גבירים און די סומע געלט איז אוודאי געווען דער גרעסטער טייל פון זיין פריוואַט פארמעגן. א דאנק דעם פאָרשלאָג און דער געשפענדעטער געלט סומע זענען שפעטער געגרינדעט געוואָרן אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל א טאָג־צייטונג און א וואָכענשריפט אין פראַנצויזיש און א וואָכנבלאט אין העברעאיש. עס האבן זיך אין זיי באטייליקט יאַקובסאָן, זשאַבאָטינסקי און ליכטהיים, וועלכע האבן אנגעהויבן א ברייטע פאָליטישע און דערציערישע טעטיקייט.

די ארבעט האט נישט געבראכט די געהאפטע פעולה. עס זענען געווען געגנוג סבות דערצו. די יונג־טערקן האבן נישט געהאַט קיין פערטרויען צו אונדז און אויך נישט געוואָלט זיך איינרייסן מיט די אראַבער צוליב אונדז.

די פארבינדונגען פון האנדעלס־הויז לעוויטע מיט מאָסקווע האבן אים געצוווּנגען אריבער אהין ביים אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. לעאָן לעוויטע האט געפירט דאס געשעפט נאכן פאטערס טויט. איך בין דעמאלט געווען אין פעטראָגראַד און נישט איינמאל באזוכט לעוויטן אין מאָסקווע.

ער האָט מצליח געווען אין זיינע געשעפטן ווי ס׳רוב וואַר־שעווער יידן וואס זענען אריבער קיין רוסלאנד, און האט געהאפט אויף דער מעגלעכקייט פאַר א גרויסער נאַציאָנאלער און ציוניסטישער ארבעט, ווען דער צאַרישער רעזשים וועט פאלן.

און אט האט אויסגעבראכן די רעוואָלוציע אין מערץ 1917, יידן זענען ארומגעגאנגען ווי פארחלומ׳טע, ווען זיי האבן געזען ווי דער עול פון רעכטלאָזיקייט און באגרענצונגען וואס האבן געדריקט אויף זיי איבער הונדערט יאָר איז צעבראָכן געוואָרן.

לעוויטע האט זיך אריינגעוואָרפן אין דער ציוניסטישער ארבעט מיט דער גאנצער ענערגיע און איבערגעבענקייט. ער האט נישט געזארגט ווי אנדערע צו פארזיכערן דאס אייגענע פארמעגן, נאר געווען פארטון מיט כלל־ארבעט.

ער איז געווײלט געוואָרן אינעם צענטראַל־קאָמיטעט פון די ייִדישע קהלות אין רוסלאַנד און זיך באַטייליקט אין אויפשטעלן די ייִדיש נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע — וואָס האָט באַדאַרפט אַפּראָבירט ווערן פון דער קאָנסטיטואַירענדיקער פאַרזאַמלונג פון די פעלקער אין רוסלאַנד. ווי באַוווּסט זענען די האָפנונגען נישט דערפילט געוואָרן. די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע האָט זיך אָנגעשטויסן אין אַ מעכטיקן ווידערשטאַנד נאָכן ערשטן יאָר וואָס איז געווען פאַרהעלטעניסמעסיק רויִק, און נאָכן צעטרייבן די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, אינעם ערשטן טאָג ווען זי איז זיך צונויפגעקומען. עס האָט אויסגעבראָכן אַ טעראָר און בירגער־קריג. טייכן בלוט האָבן פאַרפלייצט גאַנץ רוסלאַנד.

די ביז איצטיקע לעבענס־יסודות האָבן זיך צוזאַמענגעבראָכן ביי ייִדן ווי ביי אַלע אַנדערע בירגער אין רוסלאַנד.

אין דער זעלבער צייט האָבן די מערב־מלוכות באַזיגט דייטשלאַנד און פּוילן איז באַפרייט געוואָרן, לעוויטע איז צוריקגעקומען קיין וואַרשע אָבער זיין פּלאַץ אינעם ווירטשאַפטס־לעבן, וואָס ער האָט פאַרנומען פאַר דער מלחמה אַלס רעפּרעזענטאַנט פון דער רוסישער טעקסטיל־אינדוסטריע, האָט ער, פאַרשטייט זיך, נישט געקענט מער פאַרנעמען. די ווירטשאַפטלעכע פאַרבינדונגען צווישן פּוילן און רוסלאַנד, וואָס האָבן געדינט ווי אַ פונדאַמענט און באַזיס פאַר דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג און פאַרפעסטיקונג פון די פּוילישע ייִדן פאַר דער מלחמה, זענען אינגאַנצן איבערגעריסן געוואָרן. דאָס עקאָנאָמישע אַרבעט פעלד פון די ייִדן איז איינגעשרומפּן געוואָרן און זיך באַגרענעצט בלויז אויפן אינערלעך פּוילישן מאַרק. דאָ ווידער האָט דער ייִדישער האַנדעלס־קלאַס באַקומען אַ שטאַרקן קאָנקורענט, וואָס הינטער אים איז געשטאַנען די מאַכט, וואָס האָט זיך באַמיט מיט אַלע מעגלעכקייטן צו שאַפן אַ קלאַס פון פּוילישע סוחרים און געשעפטס־מענטשן. פּוילישע ייִדן האָבן זיך נישט אַזוי לייכט אונטערגעבן און אָנגעהויבן אַ קאַמף. לעוויטע האָט זיך דאָס מאָל נישט באַטייליקט אין דעם קאַמף. ער האָט געפונען פאַר זיך אַ ברייט אַרבעט־פעלד, אַ ציוניסטיש, ארץ־ישראלדיקס, אין וועלכן ער איז געווען אַריינגעטאָן מיט לייב און לעבן. ער איז געשטאַנען בראש פון ארץ־ישראל־

אַמט און געפירט די עליה פון פוילן און אוקראַינע, וואס איז געגאנגען דורך פוילן. די מענטשן פון דער דרטער עליה, וועמענס וועג קיין ארץ־ישראל האט געפירט דורך ווארשע, האבן געפונען אין אים א מענטשן וואס האט געזאָרגט פאר זייער עליה און באַדערפענישן, א שותף פאַר זייערע אנשטרענגונגען און שטרע־בונגען. כ׳געדענק מיט וואס פאר א התלהבות לעוויטע פלעגט דערציילן וועגן די בחורים און מיידלעך, וואס זענען געשיקט געווארן דורך דעם ארץ־ישראל־אמט קיין ארץ־ישראל.

בעת איך און מיינע חברים זענען געווען אריינגעטאַן אין לאנד־פּאָליטישער ארבעט, אין פארטיידיקן די יידישע רעכט אין פוילן, האָבן לעוויטע און פּאָדלישעווסקי איבערגענומען אין זייער האַנט די אנפירונג פון די ריין־ציוניסטישע און ארץ־ישראל ענינים. מיר האָבן געהאַלטן אז לעוויטע איז דער אמייסטן פּעאיקער צו דער ארץ־ישראל ארבעט.

צו די קאָנפערענצן פון די יידישע פאַרשטייער אין פּאַריז האבן מיר געשיקט דווקא לעוויטן און קיינער פון אונדז איז נישט געפאָרן נישט קיין פּאַריז און נישט קיין לאָנדאָן צו דער ערשטער יערלעכער קאָנפערענץ פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע נאָך דער מלחמה. די ארבעט פּאַרטיילונג צווישן אונדז האט נישט גורם געווען קיין שום חילוקי־דעות, נישט געבראכט צו קיין שום פּירוד. אמת, די טענות און תרעומת פון לעוויטן האָבן זיך וואָס אַמאָל מער פאַרשטאַרקט. זיי זענען אָבער געווען געווענדעט קעגן דעם מצב און ארבעט־סיסטעם אין דער באַוועגונג בכלל. ער איז געווען אומצופרידן פונעם פאמעלעכדיקן טעמפּאָ פון דער ארבעט, מאַנגעל פון קאָאָרדינאַציע, נישט אַנטשפּרעכענדיקן פאַר־נעם פון דער טעטיקייט, אין אָנבליק פון דער גרויסער היסטאָ־רישער שעה פאַרן ציוניזם. עס זענען געווארן ביי אים וואס אמאל מער שטאַרקער די שטרעבונגען און פּאָדערונגען צו באַקומען די געהעריקע מיטלען, די געלט־קוועלן, וואס אָן זיי קען מען נישט לאָזן אין גאַנג, אין געהעריקן טעמפּאָ, דעם אויפבוי־מעכאניזם, וואָס זאָל זיין צוגעפּאסט צו די באַדערפענישן פון דער גרויסער היסטאָרישער שעה. זינט דעמאלט האט זיך ביי אים אנגעהויבן אויסקריסטאַליזירן דער געדאַנק, אז צוליב אונדזער

צו שטארקער בייגונג צו אט די ליבע בחורים, מיט ווערמענס עליה קיין ארץ־ישראל לעוויטע האט זיך באשעפטיקט מיט אזויפיל התלהבות, שטויסן מיר אוועק די קאפיטאליסטן, די פארמעגלעכע שיכטן, וואס וואלטן געקענט צואיילן דעם אויפבוי פון ארץ־ישראל. אין דער מאָס וואָס אט די געדאַנקען, טענות און פאדערונגען מצד לעוויטן זעי־ען געווארן שטאַרקער און שאַרפער, האבן מיר זיך אנגעהויבן דערווייטערן איינער פון אנדערן, ביז אונדזערע וועגן זענען זיך פונאנדערגעגאנגען.

ווען אויף דער טאָג־אָרדנונג איז געשטעלט געוואָרן די פראגע פון פאַרברייטערן די „יידישע אַגענץ", דורך אַנשליסן אין איר מענטשן מיט קאַפיטאַל און השפעה, איז לעוויטע געווען באַגייס־טערט און מיטן גאנצן הארץ אונטערשטיצט דעם פאָרשלאָג. ער האט געזען אין אים דעם ריכטיקן וועג וואס וועט אונדז ארויס־פירן פון דער קלעם פון דער ווירטשאַפטלעכער דעפרעסיע און פינאַנסיעלע שוועריקייטן אין וועלכע די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט זיך געפונען די גאנצע צייט. ער האָט געהאַלטן אז מ׳וועט קענען דורך אים באַקומען באַדייטענדיקע געלט־מיטלען, אוועק־שטעלן די אויפבוי־ארבעט אין לאַנד אויף געזונטע, ווירטשאַפטלעכע און פינאַנסיעלע יסודות.

דער אריינטריט פון פראַקטישע מענטשן, פאַבליט און קאַפי־טאַליסטן אין דער „אגענץ" לייטונג וועט באפרייען דאס אויפבוי פון דער פארטייאישער דילעטאַנטישקייט, און פאַרטיי־הערשאַפט. ער האט געהאלטן אז עס איז כלל נישט געווונטשען צו פאַוואָ־ריזירן דאס דאָרף און די לאַנדווירטשאַפט אין דער אויפבוי־ארבעט פונעם לאַנד. פארקערט, מ׳דאַרף גיין אויפן נאַטירלעכן וועג, ס׳הייסט פארשטארקן און אונטערשטיצן די שטאָטישע קאָלאָ־ניזאציע, דאס אויפשטעלן אן אינדוסטרי, אנטוויקלען דעם מסחר און אלע אנדערע שטעטישע פאַכן.

עס איז געגאַנגען אַ שאַרפער קאַמף אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין פוילן צווישן די אַנשויאונגען פון לעוויטן און די אַנשויאונגען פון מיר און מייגע חברים.

לעוויטן איז געלונגען צו געווינען די מערהייט אין דער אָרגאַניזאַציע און ער איז געווילט געווארן אלס פאָרזיצער, און

דעמאלט איז אים באפאלן א פחד פאר דער אחריות וואס ער האט גענומען אויף זיך. נישט געקוקט אויף זיין זעלבסט־זיכערקייט און איבערצייגונג, אז זיין וועג איז א ריכטיקער, האט ער געהאט ספיקות אין דעם, צו ער האט גוט געטון וואס ער געפינט זיך איצט מחוץ פון דער גרופע פריינט מיט וועלכע ער האט מיט־געארבעט די גאנצע צייט. דאס מזל האט אים נישט צוגעשפילט אין זיין אנפירן מיט דער ציוניסטישער ארגאניזאציע אין פוילן. אין דער באוועגונג האט געזיגט דער געדאנק פון פארברייטערן די אגענץ, אבער נישט אין פארם ווי עס האט זיך פארגעשטעלט לעוויטע. אין דער פוילישער ציוניסטישער ארגאניזאציע איז ער געבליבן אין דער מינדערהייט און איז געווען געצוווּנגען קעגן זיין ווילן ארויסצוטרעטן פון איר און אנשליסן זיין גרופע „עת לבנות" אין דער פאראייניקונג פון די אלגעמיינע ציוניסטן. תחלת האט ער זיך מיטבאטייליקט אין דער לאנד־פאליטישער ארבעט פון פוילישן צענטראל קאמיטעט, שפעטער אבער, ווען דער ציוניסטישער צענטראל־קאמיטעט אין פוילן האט זיך געשטעלט אין קאמף מיט דער אנטי־יידישער פאליטיק פון דעם פילסודסקי־רעזשים, האט ער זיך אויפן לאנד־פאליטישן געביט אנגעשלאסן צו די גאליצישע חברים אין דער פאראייניקונג פון די אלגעמיינע ציוניסטן, אזוי זענען זיך די וועגן פונאנדערגעגאנגען, און א תהום האט זיך געעפענט צווישן חברים און פריינט פון סאמע אנהויב פון דער ציוניסטישער ארבעט. לעוויטע האט זיך געזען אוועק־געשטויסן אן א זייט, אין א ווינקעל. ער האט געפרווט שאפן פאר זיך אן אייגענעם ארבעט־פלאץ, די ארץ־ישראלדיקע האנדעלס־קאמער. ער האט געהאפט ארויסצוגיין דורך איר אויף א ברייטן שליאך אין דער אויפבוי־ארבעט, און די הצלחה האט אים נישט צוגעשפילט. ווען ס'האט זיך אנגעהויבן די באיקאט־באוועגונג קעגן נאצי־דייטשלאנד, האט ער זיך געשטעלט בראש פונעם קאמיטעט וואס איז געשאפן געווארן צו דעם צוועק. נאכן באזעצן פוילן דורך די דייטשן האט ער זיך געמוזט אויסבאהאלטן און ער איז שוין געווען דעמאלט שווער קראנק. ביי דער ערשטער געלעגנהייט האט ער עולה געווען קיין ארץ־ישראל.

שווערע זענען געווען די ווייניקע פאר יאר וואס ער האט

געלעבט אין ארץ־ישראל. ער האט עולה געווען ווי א פּליט אין לאנד אריין און נישט ווי א מנהיג, וואס האט פיל מי אריינ־געלעגט אינעם אויפבוי ווערק זיינעם און געוואלט נאך ווייטער פארזעצן זיין דינסט און ארבעט פארן לאנד. מ׳האט אים געדענקט דעם חסד פון זיינע יונגע יארן און מ׳האט אים געהאלפן גרינדן פאר זיך אן עקזיסטענץ. אבער עס איז אים נישט געלונגען. זיין שווערע קראַנקהייט האָט אים געשטערט, הגם די ענערגיע זיינע איז נאר א ביסל אפגעשוואכט געווארן, און דער רוגז און פארביטערונג האבן נאכגעלאזן. האט ער שלום געמאכט מיט פיל זאכן מיט וועלכע ער האָט פריער באין אופן נישט געוואלט שלום מאכן. האט ער אפשר געזען אין לאנד א סך חלומות און שטרעבונגען זיינע וואס זענען פארווירקלעכט גע־ווארן? ס׳איז מיר קיינמאל נישט אויסגעקומען צו שמועסן מיט אים וועגן דעם.

ער האט נישט געקענט גובר זיין זיין קראַנקהייט פון וועלכער ער איז געשטארבן.

*

א לעבן־לאנג געווידמעט דעם דינסט פון פאלק און זיין אויפ־לעבונגס באוועגונג. און ווען ער איז אוועק פון דער וועלט אין דער ערשטער גרויסער יידישער שטאט, צווישן זיין פאלק און אין זיין לאנד, וואָס דינט פאר ארעטונגס־האָפן פאר די רעשטלעך פון יידישן פאלק אין אייראפּע, האט ער געקענט זאגן אין די לעצטע מינוטן פון זיין לעבן: „באמת, נישט אומזיסט געווען מיין מי, נישט אומזיסט געליטן און מקריב געווען אַלץ וואָס כ׳האב געקענט. אסך, זער אסך, איז דערגרייכט געוואָרן, און אין דעם אלעם וואָס איז דערגרייכט געוואָרן איז אויך פאַראַן אַ טראָפּן פון מיין בלוט און מארך. אויך מיר, זיינע חברים, וואס זענען מיטגעגאנגען מיט אים דעם לאנגן און שווערן וועג, אמאל מיט אים אמאל קעגן אים, קענען אים, מיט פולער זיכער־קייט, נאכזאגן די דאָזיקע ווערטער.

# משה נחום סירקין

אין וואַרשע האָט סירקין אָנגעהויבן זיין ציוניסטישע און ליטעראַרישע אַרבעט. אין וואַרשע איז ער צום ערשטן מאָל אַרויס־געטרעטן מיט זיינע פּלאַמיקע ריידעס, געווען נאָך יונג דעמאָלט, א שילער פון פּאָליטעכניקום. איינצעלנע, איינזאַמע אין זייער ציוניסטישע און נאַציאָנאַלע טרוימען, האָבן די יונגע אנגעהויבן זוכן איינער דעם אנדערן, געשלאָסן פריינטשאַפט און חברשאַפט צווישן זיך. עס זענען געווען די ערשטע טריט וועלכע מ׳איז נאָך נישט געגאַנגען אזוי זיכער.

אויך סירקין האָט געהערט צו די דאָזיקע יונגע, זיין וועג אָבער איז געווען פאַר אים, שוין אין סאַמע אָנהויב, קלאָר און זיכער. נישט געווען קיין גריבלער און קיין זוכער. געווען א פּשטן בטבע, און זיין נשמה האָט געגליט אין התלהבות. געווען עלטער פון אונדז, עלטער אין יאָרן און אין וויסן און קענטעניש, באַזונ־דערס אין קענען די העברעאישע שפּראַך און דאָס יידנטום. ער איז געווען א תלמיד חכם אקעגן אונדז. אָבער אלערער אונדזערער איז ער נישט געווען. געקענט אונדז באַגייסטערן, אָבער נישט אויפצווינגען אויף אונדז זיין מיינונג. ער האָט זיך גערעכנט פאַר איינעם פון די בעסטע רעדנער, זיינע רעדעס האָבן באַגייסטערט, האָבן אָבער נישט געהאַט קיין השפּעה אויפן געדאַנק. געווען אַ פאָלקס־טריבון און געקענט באַגייסטערן זיינע צוהערער.

ער איז געווען דער ליטוואַק אין אונדזער פּוילישער גרופּע. געבוירן אין א קליין ליטוויש שטעטל. נישט דערווייטערט זיך פון די טראַדיציאָנעלן יידישן לעבן ווי מיר. נישט איבערגעריסן אַלע פאַרבינדונגען מיט דער רעליגיעזער פּראַקטיק און מנהגים. עס איז אים פרעמד געווען אונדזער אייפער אויפצוהיטן אונדזער

פרייהייט און רעליגיעזע ענינים. אן אגיטאַטאָר פון גאָטעס גנאָד, דורך און דורך פּאַטאָס און באַגייסטערונג. אויך אונטער פּרץ׳ס איינפלוס האָט זיך גאָרנישט געענדערט אין דער דאָזיקער נאַטור זיינער. פּרץ אליין און פיל פון זיין סביבה, זענען געווען צווייפלער און זוכער. ביי סירקינען האָבן נישט עקזיסטירט קיין ספקות, נאָר אמונה, נישט קיין טיפע געדאנקן, נאָר שטאַרקע געפילן, פּשוטע און עלעמענטאַרע. אהעלפט פון זיין קורצן לעבן האָט ער פאַרבראַכט אין קיעוו און אין דער אוקראַינע. אין די ערשטע מלחמה יאָרן, האט ער זיך באַטייליקט אין דער הילף־אַרבעט: ער איז געווען איינער פון די אָנפירער פונעם פּאָליטישן קאָמיטעט אין קיעוו, אָבער זיין פּרוכטבאַרע אַרבעט האָט זיך אָנגעהויבן ערשט נאָך דער רעוואָלוציע, ווען קיעוו איז געוואָרן דער צענטר פון דער אוקראַינישער באַוועגונג און שפּעטער די הויפּט־שטאָט פון דער אוקראַינישער פאָלקס־רעפּובליק. דאַכט זיך, אז ס׳וועט נישט זיין קיין גוזמה, ווען איך וועל זאָגן, אז בלויז ווייניק מענטשן האָבן אַזוי געגלויבט און אַזוי טריי געווען דער רעפּובליק ווי ער. אין זיינע ריידעס און ארטיקלען האָט ער פּראָפּאַגירט זיינע אידייען וועגן דער פרייהייט און זעלבסטשטענדיקייט פון אוקראַינישן פאָלק. עס זענען געווען ציוניסטן און יידישע נאַציאָנאַלע טוער, וואָס האָבן געהאַט ספקות, צו וועט נישט אַמאָל ארויסקומען א רעה פאַר יידן פון דער פעדעראַטיווער אָרדנונג, וואָס וועט איינגעפירט ווערן אין רוסלאַנד, און נאָכער, פונעם אויפקומען פון א זעלבסטשטענדיקער אוקראַינע? סירקין האָט געהאַלטן, אז יידן טאָרן זיך נישט אַנטקעגן שטעלן די נאַציאָנאַל־מלוכה׳שע אַספּיראַציעס פון אונטערדריקטע פעלקער. סירקין און זיינע חברים, וואָס זענען אויסגעוויילט געוואָרן אין דער אוקראַינישער ראַדאַ, האָבן אלס ציוניסטן אונטערשטיצט די אוקראַינישע רעגירונג. שפּעטער געווען אין אָפּאָזיציע, נאָך דער מפּלה פון דער דאָזיקער רעגירונג. אונטער דעם רעזשים פון העטמאַן סקאָראָפּאַדסקי און די דייטשן נאָך שפּעטער, געווען פון די ערשטע, וואָס זענען געגאַנגען מקבל פּנים זיין די אוקראַינישע אָנפירער וואָס האָבן זיך אומגעקערט קיין קיעוו. וואַרטענדיק אין א קאַלטן ווינטערדיקן טאָג אויף דעם צוג, מיט

וועלכן זיי זענען געקומען, האט ער זיך פאַרקילט, קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן.



ער קאָט געהאַט אַ קראַנק האַרץ, און ער האָט נישט געטאָרט זיך באַשעפטיקן מיט דערמידענדיקער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. אָבער די טעג זענען געווען גרויסע און היסטאָרישע און סירקין האָט נישט געקענט בלייבן שטיין פונדערווייטנס, ווען עס אַנט־שטייט אַן אוקראַיניש מלוכה און עס ווערט אין איר רעאַליזירט די האָפנונג אויף דער יידישער אויטאָנאָמיע. און ער האָט טאַקע געזען ווי עס אנטשטייט אַ יידישע פאָלקס־קהלה אין קיעוו. ער איז געווילט געוואָרן אַלס פאָרזיצער פון דער קהלה, ווו עס האָבן געהערשט אַמאָל די גרויסע גבירים, די בראָדסקיס און זייער גלייכן; יידן באַקומען אַ נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָ־נאָמיע אין גלות, און אַ חוץ דעם האָט ער דערלעבט צו זען דעם אָנהויב פון דער פאַרווירקלעכונג פון דער האָפנונג פון זיין לעבן, פון ציוניזם: די ענגלישע באַלפור־דעקלעראַציע.

און אָט דעמאָלט, ווען די חלומות האָבן אָנגעהויבן אָנטון הויט און ביינער, בעת עס האָט אויסגעזען, אז זיין טאָג איז געקומען, צו שטיין בראש פון די מאַסן אַלס פאָלקס־טריבון, צו באַגייסטערן, צו רופן און פירן דאָס פאָלק צו גאולה און אויפקום, איז ער פון אונדז אַוועקגעריסן געוואָרן, אַלט זייענדיק נישט מער ווי פערציק יאָר.

דאָס קראַנקע האַרץ האָט געפּלאַצט, פון אַסך אַרבעט, פון שטאַרקע און איבערמעסיקע געפילן.



אַריבער שוין צענדליקער יאָרן — יאָרן איבערפולטע פון געשעענישן, קאַטאַסטראָפעס, וואָס מאַכן דיך פאַרגעסן יעדע דערגרייכונג און הצלחה, היסטאָרישע יאָרן, און עס איז מיר נאָך לעבעדיק פאַרבליבן אין זכרון יענע גרויסע פאָלקס־פאַר־זאַמלונג, אויף וועלכער עס איז אָנגעקומען די ידיעה וועגן פלוצלונגען טויט פון נחום סירקין אין קיעוו. כ'האָב אים געווידמעט האַרציקע ווערטער אין אַ קורצן הספד. כ'האָב אונטער־געשטראָכן די האָפנונגען, וואָס מיר האָבן געלעגט אויף אים, דעם

וויכטיקן פלאַץ וואָס ער האָט פאַרנומען אין קיעוו, די הויפּט־שטאָט פון דער אוקראַינע. כ'האָב מיך אָפּגעשטעלט אויף דעם וווּנדער, וואָס ער, געבוירן אין א שטעטל אין דער געגענט פון ביאַליסטאָק, וואָס האָט באַקומען זיין נאַציאָנאַלע און געזעל־שאַפטלעכע דערציאונג אינעם פּוילישן און יידישן וואַרשע, האָט געשיינקט זיינע גרויסע כוחות דער אוקראַינישער רעוואָלוציע, אין דער זיכערקייט, אַז יידן וועלן געניסן אין דער אוקראַינישער רעפּובליק פון פולער נאַציאָנאַל־פּערסאָנאַלער אויטאָנאָמיע.

די אוקראַינישע „ראַדא" (פּאַרלאַמענט) וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין קיעוו, האָט די ערשטע אנערקענט די רעכט פון יידישן פאָלק אויף נאַציאָנאַלע און נישט בלויז בירגערלעכע רעכט, אויך אויף אן אינערלעך יידישער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע. אינעם צענטער פון אָט די דערגרייכונגען איז געשטאַנען מ. נ. סירקין. זיין רעדנער טאַלאַנט, זיין איידעלקייט און אינטעליגענץ האָבן אים באַליבט און פּאָפּולער געמאַכט אין דער יידישער געזעלשאַפט און אויך ביי דער אוקראַינישער אינטעליגענץ, וועלכע האָט דעמאָלט געחלומט וועגן אויפבויען א פרייע אוקראַינישע רעפּובליק, וואָס זאָל זיין באַזירט אויף יושר און גערעכטיקייט, לגבי אלע קלאַסן, אונטערדריקטע און ליידענדיקע, לגבי די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אין דער אוקראַינע און צווישן זיי אויך די יידן. אבער עס האָט נישט לאַנג געדויערט, און די חלומות זענען צערונען געוואָרן. די נצחונות פון ראַטן־רוסלאַנד האָבן געצוווּנגען די אוקראַינער צו בעטן הילף ביי די דייטשן, און דער בריסקער שלום־טראַקטאַט האָט אָפּגעטיילט אוקראַינע פון רוסלאַנד און געלעגט דעם יסוד פאַר אן אוקראַינישער פאָלקס־רעפּובליק. אָבער די שמחה פון די אָנפירער פון אָט דער רעפּובליק איז געווען א פריצייטיקע. די דייטשן האָבן באַזעצט אוקראַינע, האָבן צעטריבן די „ראַדאַ" און באַשטימט אַלס פירער פון אוק־ראַינע דעם העטמאַן סקאָראָפּאַדסקי, וועלכער האָט מסכים געווען צו שטעלן זיך צום דינסט פון די דייטשן. עס האָבן זיך אָנגעהויבן טעג פון רעאַקציע און תוהו ובוהו, וואָס פון זיי האָבן אין ערשטער ריי געליטן די יידן. מ'האָט געמוזט אָנהויבן אן הילפס־אַקציע פאַר די יידישע מאַסן אין די קליינע שטעטלעך, וואָס

האָבן געליטן פון כוליגאַנישע אָנפאַלן און רויבערייען.

די סקאָראָפּאַדסקי־ממשלה האָט נישט לאַנג געדויערט. די נצחונות פון די אַליאַנטן אין מערב האָבן געצוווּנגען די דייטשן זיך צוריקצוציען פון אוקראַינע, און די אוקראַינישע מיליטער־אָפּטיילונגען מיט פּעטלורען בראש האָבן ווידער פאַרנומען קיעוו. עס האָט זיך געדאַכט, אַז עס קומען ווידער די גלאַנץ־טעג פון דער אוקראַינישער „ראַדאַ". אויך סירקין איז געווען צווישן די וואָס האָבן, בראש פון א יידישער דעלעגאַציע, מקבל פּנים געווען די אוקראַינישע רעגירונג, וואָס האָט צוריקגעקערט קיין קיעוו. ס'איז אים נישט געקומען אויפן געדאַנק, אַז די תקופה וועט זיין פאַר די יידן אין אוקראַינע, אַ בלוטקע תקופה פּונקט ווי אין כמעלניצקיס צייטן, און אַז דער דאָזיקער פּעטלורע, וועמען ער איז געגאַנגען מקבל פּנים זיין, טראָגט זיין קראַנקהייט, וועט באַדעקן זיין נאָמען מיט אייביקער שאַנד, ווי איינער פון די רוצחים פון מאַסן יידן.



אַ קללה ליגט אויף די באַציאונגען צווישן אוקראַינישן און יידישן פאָלק. באָגדאַן כמיעלניצקי, דער אָנפירער פון גרויסן אויפשטאַנד פון די אוקראַינישע קאָזאַקן, קעגן דער פּוילישער הערשאַפט, איז געוואָרן דער סימבאָל פון די אוקראַינישע פרייהייטס־באַוועגונגען, וואָס זענען תמיד באַגלייט געוואָרן מיט יידישע פּאָגראָמען. די יידישע מאַסן קענען זיך נישט באַטייליקן אין זייער פרייהייטס־קאַמף, ווייל זיי פאַלן די ערשטע א קרבן פון דעם דאָזיקן רעוואָלוציאָנערן אויפריר.

די הערשאַפט פון פּעטלורן האָט זיך באַלד אָנגעשטויסן אינעם ווידערשטאַנד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. דער דרוק פון דער רויטער אַרמיי איז געוואָרן וואָס אמאל שטאַרקער. פּעטלורעס מיליטערישע אָפּטיילונגען האָבן נישט אויסגעהאַלטן דעם דרוק און אין גאַנג פון זייער ריקצוג און מפּלות האָבן זיי אָנגעהויבן פּאָגראָמירן יידן, געמאָרדעט, גערויבט און חרוב געמאַכט זייערע שטעטלעך.

פּעטלורע און די איבריקע אָנפירער, האָבן נישט באַוויזן צו צוימען די בלוטיקע אָרגיעס פון זייערע מליטערישע אָפּטיילונגען. ס'איז אומעגלעך — האָט געזאָגט דער פירער און סאָציאַליס־

טישער שרייבער ווינישעווקאָ — זיך איינרייסן מיט דער אַרמיי, דער איינציקער אָנשפּאַר פון דער רעפובליק, צוליב די יידן... דער פּרוּוו זיך ארויסצוהעלפן מיט אַנטיסעמיטיזם און מיט יידן־שחיטות קעגן דרוק פון די קאָמוניסטן און זייערע ארמייען, האָט זיך פעטלורן נישט איינגעגעבן, פונקט ווי עס האָט זיך נישט איינגעגעבן די פירער פון אנדערע פעלקער. דאָס פאַרגאָסענע יידישע בלוט האָט נישט געבראַכט קיין נצחון; עס האָט אויפסניי אָפּגעפרישט אין יידישע הערצער דעם אָנדענק פון די קרבנות פון כמעלניצקי אין זיבעצעצנטן יאָרהונדערט און די גרויל־טאַטן פון גאָנטע און זשעלעזניאַק און זייערע היידאַמאַקעס אינעם אַכצעטן יאָרהונדערט, און פעטלורע, וועמענס נאָמען עס איז דערמאָנט געוואָרן צו שאַנד פונקט ווי זיינע פאָרגייער איז געטויט געוואָרן דורך א יידישן נקמה־נעמער...

יאָרן זענען פאַרגאַנגען און ווידער איז געמאַכט געוואָרן א פּרוּוו צו פאַרגעסן די פאַרגאַנגענהייט און בשותפות גיין אין קאַמף פאר א בעסערע צוקונפט. אין פוילן איז עס געקומען צו א בונד צווישן יידן און אוקראַינער אין דער וואַל־קאַמפּאַניע צום פוילישן סיים. צוויי מאָל האָבן יידן און אוקראַינער אין וואָלין און אין מזרח־גאַליציע פאַראייניקט זייערע כוחות אין איין פּאָליטישן קאַמפּס־פראָנט. עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אז זיי האָבן געשלאָסן צווישן זיך א בונד, וואָס וועט האָבן א קיום.

און אָט זענען געקומען די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. פוילן און אויך גאַנץ אוקראַינע איז באַזעצט געוואָרן פון נאַצי דייטשלאַנד. די אוקראַינישע פאַשיסטישע פאַרטייען האָבן געזען אין די נאַציסטן זייערע רעטער און דערלייזער. און הגם עס האָט לאַנג נישט געדויערט, און זיי האָבן זיך איבערצייגט, אז די נאַציס האָבן זיי אָפּגענאַרט און האָבן נישט געשאַפן די גרויס־אוקראַינישע מלוכה, נאָר האָבן אָפּגעטיילט מזרח גאַליציע וואָס זיי האָבן איינגעשלאָסן אין פוילישן גענעראַל־גוווערנאַמענט, פון וואָלין און רוסיש־אוקראַינע ווו זיי האָבן איינגעפירט אָן אָקופּאַציע־רעזשים. טראָץ דעם האָבן די אוקראַינער ווייטער געטריי מיטגעאַרבעט מיט די נאַציס. פון זייערע רייען זענען געשאַפן געוואָרן אָפּטיילונגען פאַר פאַרטיליקונגס־אַקציעס קעגן יידן, און

ווידער זענען מאסן־יידן געהרג׳ט און פאַרניכטעט געוואָרן דורך אוקראַינער. אויך דאַסמאָל האָט זיך ארויסגעוויזן אז א גרויזאַמע קללה ליגט אויף די באַציאונגען צווישן די צוויי פעלקער, נאָך פון די צייטן פון קאָזאַקן־אויפשטאנד קעגן דער פוילישער שליאכטע.

סירקין האָט געגלויבט אַז די באציאונג פון דער אוקראַינישע „ראדא" אין קיעוו צו די יידן און זייערע נאַציאָנאלע שטרע־בונג וועט מכפר זיין, אָפווישן די זינד, פון דער בלוטיקער פאַר־גאַנגענהייט, אז עס וועלן זיך אָנהויבן טעג פון שלום און בשות־פות׳דיקן שאַפן פוןביידע פעלקער. זיין אָנטייל אין דער דאָזיקער דערנענטערונג איז געווען א גרויסער, און ער איז געגאנגען פון דער וועלט, טראָגענדיק אין הארצן די דאָזיקע דערמונטערענדיקע האָפנונג. ס׳איז אים באַשערט געווען נישט צו זען דעם חורבן פון זיינע האָפנונגען און די אויסמאָרדונג פון זיין פאָלק.

דער אָנדענק פון נחום סירקין איז פאַרבונדן מיט די זכרונות פון יענער תקופה, ווען מיר זענען ארויס אין קאַמף, דורכגע־דרונגען מיטן גלויבן אינעם נצחון פון דער גערעכטיקייט און פארטרויען אין אונדזערע יונגע און ברויזענדיקע כוחות, דורכ־צוטראָגן דעם קאַמף ביז עס וועט קומען דער נצחון. ווי שווער איז זיך אָפצורייסן פון יענע ליכטיקע זכרונות און זיך ווידער אומקערן מיט די געדאנקען צו דער שווערער, אכזריות׳דיקער ווירקלעכקייט, וואָס דער גורל האָט צוגעגרייט פאַר אונדזער דור, אין די יארן וואָס זענען געקומען נאָכדעם.

# אפאלינארי מאקסימילאן הארטגלאס

האַרטגלאַס איז געבוירן געוואָרן אין יאר 1883 אין ביאַלאַ, א קליין שטעטל אין פוילן, וואס האָט זיך געפונען אונטער דער צאַריש־רוסישער הערשאַפט. דער פאָטער זיינער, איז געווען אן אַדוואָקאַט און די מוטער האָט געשטאַמט פון א וואַרשעווער משפחה, אין וועלכער עס האָט געהערשט די פוילישע שפּראַך און די שטרעבונג צו דערווייטערן זיך פון דער פּראָסטער פאָלקס־מאַסע. דאָס הויז פון דער פאַמיליע האַרטגלאַס, איז געווען דאָס איינציקע יידישע הויז אין שטעטל, ווו מ׳האָט גערעדט פויליש און מ׳האָט דערצויגן די קינדער זיי זאָלן זיך דערווייטערן פון דער יידישער פאָלקס־מאַסע. די שפּיל־חברים אין דער קינדהייט פון האַרטגלאַסן זענען געווען פּאָליאַקן. אפילו זיין יידישן נאָמען האָבן אים די עלטערן נישט אויסגעזאָגט און נישט איינמאָל האָט ער זיך אָנגעשלאָגן אין דער פראגע און נישט געקענט געבן קיין תשובה אויף איר.

אריינטרעטענדיק אין דער וואַרשעווער אוניווערזיטעט, אַלט זייענדיק קוים זיבעצן יאָר, איז ער שוין געווען דורכגעדרונגען מיטן גייסט פון דער גרויסער נאַציאָנאַלער און ציוניסטישער דערוואכונג פון יענע טעג. ער האָט זיך נישט געחבר׳ט מיט פּוילישע נאָר יידישע סטודענטן. אין די קרייזן פון דער אַקאַדע־מישער יידישער יוגענט האָט געבריזט, מ׳האט הייס און שטורמיש דיסקוטירט דאָס פּראָבלעם פון יידישער עקזיסטענץ, וועזן און כאַראַקטער, לעבעגס וועג און צוקונפט. אויף די עלטערע, אָנגע־זעענסטע מענטשן פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין וואַרשע, האָבן זיך באַטייליקט אַלס רעפערענטן און דיסקוסאַנטן אין די דאָזיקע פאַרזאַמלונגען און דיסקוסיע־אָוונטן.

דער יונגער האַרטגלאַס איז זיך געזעסן אין א ווינקעלע

און זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט צו די ווערטער פון די דער־וואַקסענע און דערפאַרענע, און צו די אָנפאַנגער־ריידעס פון זיינע חברים. אוודאי האָבן די געדאַנקען, וואָס זענען ארויסגעזאָגט געוואָרן אויף די דאָזיקע פאַרזאַמלונגען געהאַט זייער השפעה אויף דער אויסבילדונג פון דער ציוניסטישער וועלט־אַנשויאונג פון האַרטגלאַסן. אָבער דער עיקר פון האַרטגלאַס ציוניזם האָט געשטאַמט פון זיין הויך־ענטוויקעלטן געפיל פון אייגענעם כבוד, וואָס האָט זיך געפילט שווער געטראָפן פונעם שפּל׳ן מצב פון יידישן פאָלק. דווקא די אַסימילאַטאָרישע דערציאונג זיינע, די הכנעה׳דיקייט לגבי פוילישער געזעלשאַפט מצד דער אַסימי־לירטער יידישער אינטעליגענץ, האָט אים געפירט צום ציוניזם. ער אליין, פערזענלעך, האָט קיינמאָל נישט אָנגעטראָפן קיין שלעכטע באַציאונג צו אים אין א פוילישער סביבה. אדרבה, זיין ציוניזם האָט דווקא געהויבן זיין אָנזען אין די אויגן פון די פוילישע אינטעליגענטן, מיט וועלכע עס איז אים אויסגעקומען זיך צו טרעפן.

ער איז געווען איידל, שטאָלץ און אומדערשראָקן. ער האָט זיך באַטייליקט אין די פאַרזאַמלונגען קעגן די רעאַקציאָנערע פראָפעסאָרן, אויך קעגן דער רוסישער רעגירונג און איר אַנטי־פוילישער פּאָליטיק. ער איז געווען פאַרביטערט אויף זיינע חברים וואָס האָבן זיך נישט מיטבאַטייליקט אין דער פראָטעסט־מאַניפעס־טאַציע אינעם פוילישן טעאַטער, קעגן אַן אנטיסעמיטישע פאָר־שטעלונג מיטן נאָמען: „דאָס גאָלדענע קאַלב״. צוליב די דאָזיקע מאַניפעסטאַציעס איז האַרטגלאַס געווען אַרעסטירט אייניקע וואָכן און ס׳האָט אים געדראָט די סכנה, מ׳זאָל אים נישט צולאָזן צו די ענד־עקזאַמענס. דורך אַ צופאַל איז אים געלונגען אויסצומיידן די שטראָף און ער האָט געענדיקט די יורידישע פאַקולטעט מיט אויסצייכענונג, אַלט זייענדיק בלויז 21 יאָר. ער האָט זיך גע־מעלדעט אַלס פרייוויליקער אין דער רוסישער אַרמיי. עס איז געווען דעמאָלט די צייט פון דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה. נאָכן ענדיקן דעם מיליטער־דינסט האָט ער זיך אָנגעהויבן צו־גרייטן, ביים פּאַטער אין הויז, צו זיין באַרוף אַלס אַדוואָקאַט. אין ביאַלע האָט ער זיך אָנגעהויבן דערנענטערן צו די יידישע

פּאָלקס־מאַסן, אָבער ער האָט געפילט אַז עפּעס אַ מחיצה טיילט אים אָפּ פון אָט דער פּשוטער פּאָלקס־מאַסע, מסתמא זענען עס געווען געוווינהייטן און מנהגים, צו וועלכע ער האָט זיך דאָס גאַנצע לעבן זיינס נישט געקענט צופּאַסן.

אין די שטורמישע טעג פון דער רעוואָלוציע אין יאָר 1905, איז ער געווען אין ביאַלע. אָנהויב 1906, איז ער גערופן געוואָרן צו באַטייליקן זיך אין דער רעדאַקציע פון ציוניסטישן אָרגאַן אין דער פּוילישער שפּראַך: „גלאָס זשידאָווסקי". נאָך זייענדיק אויף דער אוניווערזיטעט, האָבן זיינע חברים אנדעקט אין האַרט־גלאָסן אַ פּובליציסטישן טאַלאַנט. אינעם „גלאָס זשידאָווסקי" האָט ער געשריבן אַרטיקלען וועגן ציוניסטישע פּראָבלעמען און אַק־טועלע פראַגן און אויך פאַרעפנטלעכט וויציקע פעליטאָנען און געלונגענע קאַריקאַטורן (ער איז געווען א באַגאַבטער מאָלער און צייכנער). ער איז אין שליחות פון דער צייטונג געשיקט געוואָרן אויסצופאָרשן דעם פּאָגראָם וואָס איז פאָרגעקומען אין שעדלעץ, געשריבן באריכטן וועגן דעם אין דער צייטונג און האט גורם געווען דערצו אז די רוסישע מאַכט האָט געשלאָסן דאָס וואָכנבלאַט. לויט דעם פאַרלאַנג פון זשאַבאָטינסקן, מיט וועמען ער האט זיך באַגעגענט אין ביאַליסטאָק, האט ער געשיקט אַ באַריכט וועגן שעדלעצער פּאָגראָם, אין א גרויסער רוסישער צייטונג „רוסקאַיאַ סטאַרינאַ", ער איז דערפאַר געשטעלט געוואָרן פאַרן געריכט, פאַר העצן קעגן דער רעגירונג. ס'האָט אים גע־דראָט א סכנה, מ'זאָל אים באַזייטיקן פונעם אַדוואָקאַטן־שטאַנד. און ווידער האָט ער געפונען אַ פאָרטל, לויט דער עצה פון די ציוניסטישע דעפּוטאַטן אין דער ערשטער דומע, יאַקאָבסאָן און ראָזענבלום, אויסצומיידן די שטראָף, שפּעטער האָט ער זיך באַזעצט אין שעדלעץ און דאָרט פּראַקטיצירט אַלס אַדוואָקאַט. אין שעדלעץ האָט ער געווירקט אַלס ציוניסט און געזעלשאַפטלעכער עסקן, און האָט זיך באַליבט געמאַכט ביי דער יידישער באַפעל־קערונג, וועלכע האָט געזען אין אים איר פאָרשטייער און באַ־שיצער אין אן עת־צרה.

ער האָט זיך באַטייליקט אין דער העלסינגפאָרסער פּלאַט־פאָרם וואָס איז אויף איר אָנגענומען געוואָרן. דער אינטעגראַלער

און פּראָגרעסיווער ציוניזם וואָס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אויף דער העלסינגפאָרסער קאָנפערענץ איז געווען דער ציוניזם וועלכן האָרטגלאָס איז טריי געבליבן אַלע זיינע יאָרן.

די ערשטע וועלט־מלחמה האָט אים פאַרכאַפּט אויסער פּוילן. ערשט הערבסט 1915 איז ער צוריקגעקומען קיין שעדלעץ און דאָרט פאָרגעזעצט זיין פּראַקטיק אַלס אַדוואָקאַט.

אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע אין פּוילן, בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט ער זיך אַרויסגעוויזן ווי אַ שטאָלצער, געטרייער ייד, אַן ערלעכער און איידעלער מענטש און אויך אַ געטרייער פּוילישער בירגער, וועמענס ציוניזם איז נישט סותר זיין גרייטקייט צו קעמפן פאַר דער באַפרייאונג פון פּוילן. אָט די אייגנשאַפטן זיינע זענען נאָך מער בולט געווארן בעת זיין פּאָליטישער אַרבעט אין וואַרשע, ווו ער איז אריבער, נאָכדעם ווי ער איז אויסגעוויילט געווארן ווי אַ דעפּוטאַט אינעם קאָנסטיטואירענדיקן סיים. ער האט זיך באַרימט געמאַכט אין זיין קאַמף פאַר דער קלייכבאַרעכטיקונג פון יידן אין פּוילן אַלס בירגער און אלס נאַציאָנאַלע מינדערהייט. ער איז געווען דער אָנפירער פון יידישן נאַציאָנאַל־ראַט אין פּוילן, וואָס האָט זיך באַשעפטיקט מיט געבן יורידישן שוץ די יידן, קעגן שיקאַנעס מצד דער מאַכט. ער האָט רעפּרעזענטירט די יידישע פּאַרלאַ־מענטאַרישע פאָרשטייערשאַפט אין די סיים־קאָמיס־עס, מיט זיינע שאַרפזיניקע ריידעס אויפן סיים־פּלענום און אונטערהאַנדלונגען מיט די מיניסטאָרן און דער רעגירונג.

אין די אינערלעכע קאַמפן אין דער יידישער פּאָליטישער פאָרשטייערשאפט האָט ער געהערט צו די קעגנער פון דער „אוגאדע״, באָכגיביקייט און אונטערטעניקייט, און געווען אַן אָנהענגער פון דער פּאָליטיק פון מינדערהייט־בלאָק. אינעם אינער־ציוניסטישן פּאָליטישן פראָנט, האָט ער זיך באַטייליקט אין קאַמף קעגן דעם אוגאנדע־פּראָיעקט און שפּעטער געהערט צום ראַדי־קאַלן און דעמאָקראַטישן לאַגער אינעם ציוניזם.

ער האָט נישט געהערט צו די מענטשן פון שטורם וואָס ברעכן דורך נייע וועגן. ער איז אָבער געשטאַנען אין דער ערשטער שורה אויפן קאַמפּס־פראָנט. נישט געווען קיין פאַנאַ־

טיקער און ווען די פּאָלעמיק און חילוקי דעות האָבן דערגרייכט דעם העכסטן פּונקט, האָט ער פאַרשטאַנען אויסצוגלייכן די מיינונגס־פאַרשידענהייטן און געפינען א וועג פאַר פאַרשטענ־דיקונג צווישן די קעגנער.

ער איז דעריבער געווײלט געוואָרן אַלס פּאָרזיצער פון דער יידישער פּאַרלאַמענטאַרישער פאָרשטייערשאַפט („קאָלאָ") אין דער תקופה, ווען די באַציאונגען צווישן די קעגנער האבן זיך פאַרשאַרפט. שפּעטער ווען דער פילסודסקי־רעזשים האָט אָנגע־וואָרפן דעם לאַנד אַ ניי וואַל־געזעץ, לויט וועלכן די סיים־קאַנ־דידאַטן האָבן באדאַרפט פריער באַשטעטיקט ווערן דורך דער רעגירונג, האָט ער, אַלס פּאָרזיצער פון ציוניסטישן צענטראַל־קאָמיטעט, משפיע געווען אויף זיינע חברים, זיי זאָלן בויקאָטירן די וואלן, און נישט נעמען אויף זיך די ראָל פון באַכשלעפּערס פון דער רעגירונג.

ווען די נאַצי־האָרדעס זענען אריין קיין וואַרשע, האָט זיך אָנגעהויבן אַ צייט פון שווערע ליידן פאַר האַרטגלאָזן. די געס־טאַפּאָ האָט אים אָנגעהויבן פאַרפאָלגן און ער האט געפילט אַז די סכנה פאַר זיין לעבן ווערט גרעסער פון טאָג צו טאָג. ס'איז נאָך דעמאָלט געווען א מעגלעכקייט זיך ארויסצובאַקומען פונעם אָקופּירטן פוילן קיין ארץ־ישראל, און אים איז געלונגען אַנטרינען צו ווערן פון די הענט פון דער געסטאַפּאָ, און עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל.

ער האָט זיך באַזעצט אין ירושלים און געארבעט דאָרט אין וועד ההצלה (רעטונגס־קאָמיטעט) וואָס איז דעמאָלט געשאַפן געוואָרן; אָבער ער האָט נישט געגלויבט, נישט געקענט אויפ־ברענגען אין זיך דעם כוח צו גלויבן, אין די קלאַנגען וועגן דער פאַרניכטונג פון די יידן, וואס זענען דערגאנגען קיין ארץ־ישראל. אבער ווען די קלאַנגען האָבן זיך באַשטעטיקט אין זייער גאנצער גרויל, האָט ער מער פאַר זיך קיין רו נישט געפונען ער האָט זיך נישט געקענט מוחל זיין, וואָס ער האָט פאַרלאָזט זיין פאָלק, אין אַ צייט פון נויט און אומגליק, וואָס ער איז געבליבן לעבן, בעת זיינע ברידער און שוועסטער אין פוילן זענען אויסגעמאָרדעט געוואָרן. ער האָט געפּרוּווט באַגיין זעלבסט־

מאַר״ד, און מ׳האָט אים קוים אָפּגעראַטעוועט, נאָך א שווערע קראַנקהייט. ער האָט נישט געפונען זיין געהעריקן פּלאַץ אינעם אויסגעבענקטן פאָטערלאַנד. בטבע געווען א צוריקגעהאַלטענער, א באַשיידענער מענטש, נישט געקענט זיך שטופּן אין אזעלכע טירן, וואָס האָבן זיך נישט פאַר אים ברייט געעפענט. אויסער דעם האָט ער נישט געהאַט די דרייסטקייט צו ריידן העברעאיש עפּענטלעך, הגם ער האָט שוין געשריבן אַרטיקלען אין דער דאָזיקער שפּראַך און זיי זענען געדרוקט געוואָרן אין „העולם״. און אָט איז געקומען דער געראַנגל פאַר שאַפן די יידישע מדינה — דער טרוים פון זיין לעבן — און ער איז אוועקגעשטעלט געוואָרן אין א זייט. מ׳האָט נישט געדענקט, נישט אים און נישט זיינע פעאיקייטן.

ווען כ׳בין גערופן געוואָרן אין דער צייטווייליקער רעגירונג האָב איך גלייך איינגעלאַדן האַרטגלאַסן און איבערגעבן אין זיינע הענט די לייטונג פון אינערן מיניסטעריום. אונדזערע בשותפות׳דיקע אַרבעט איז באַנייט געוואָרן. דאָס זענען געווען די ווענקיקע גליקלעכע חדשים אין האַרטגלאַס לעבן אין לאַנד. ער האָט זיך געזען ווי אייגער פון די וואָס האָבן געלעגט דעם פונדאַמענט פאַר דער אויסגעבייגקטער מדינה, וואָס פאַר איר האָט ער געקעמפט זיין גאַנץ לעבן. ווען כ׳האָב פאַרלאָזט די רעגירונג איז האַרטגלאַס געבליבן אַלס ראַטגעבער אינעם אינערן־מיניסטעריום, אָבער די ראַמען פון זיין קאָמפּעטענץ זענען נישט פעסטגעשטעלט געוואָרן. ווידער האָט ער זיך געפילט ווי אַן איבעריקער. ער איז קראַנק געוואָרן. ער האָט נישט באַוויזן אויפֿצוברענגען די כוחות איבערצוטראָגן די טראַגעדיע פון זיין לעבן. זיין פאַלק אין פוילן האָט מען אויסגעמאָרדעט און ער אַליין אין דער יידישער מדינה איז אַן איבעריקער. נישט געוואָלט זיך אונטערגעבן דער קראַנקהייט, פאַרגעזעצט די אַרבעט וואָס מ׳האָט אים צוגעטיילט, ביז די קראַנקהייט האָט אים בייגעקומען. ער איז פול פאַרביטערונג געגאַנגען פון דער וועלט. נישט געהאַט דעם זכות צו ווידמענען זיינע פעאיקייטן און דערפאַרונג זיין פאָטערלאַנד און מדינה.

נישט צוליב זיין שולד.

# משה קערנער

## א.

די ערשטע יאָרן פון צוואַנציקסטן יאָר־הונדערט האָבן זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון, ווי די שענסטע יאָרן אין פוילן, וואָס איז דעמאָלט געווען אַ חלק פון רוסלאַנד. עס זענען געווען לויטערע פרילינגס־יאָרן. אפשר דאַכט זיך מיר אַזוי, ווייל דאָס זענען געווען מיינע יוגענט־יאָרן און אויך די יוגענט־יאָרן פון די יידישע נאַציאָנאַלע און סאָציאַליסטישע באַוועגונגען. דער ציוניזם האָט דעמאָלט געמאַכט די ערשטע דעראָבערונגען זיינע. דער יידישער סאָציאַליזם האָט צום ערשטן מאָל אָנגעהויבן ארויס־צופירן די יידישע אַרבעטער־מאַסן אויף די גאַסן און זיי לערנען און דערציען צו רעוואָלוציאָנערן קאַמף.

מיר זענען געווען דעמאָלט אַ קליינע גרופּע פון סטודענטן פון אוניווערזיטעט און פּאָליטעכניקום אין וואַרשע, פול לעבן און ענערגיע. פול דערוואַרטונג און אומאויפהערלעכע שפּאַנונג פלעגן מיר דורכגיין די גאַסן פון דער שטאָט און זוכן אין זיי די צייכענס פון מאָרגן, דעם וווּנדער וואָס דאַרף געשען, דער וווּנדער פאַר וועלכן מיר האָבן זיך געראַנגעלט, אים גערופן, וועגן אים געטרוימט. אייניקע פון אונדזערע חברים זענען געגאַנגען פאַר דער צייט פון דער וועלט, א טייל פון זיי — נאָך פאַר דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע און ערשטער וועלט־מלחמה. זיי האָבן בישט געזען דעם בלוטיקן מבול. אנדערע זענען געשטאָרבן אין דער צייט פון דער מלחמה. זיי זענען געשטאָרבן, פול מיט האָפענונג, אַז די וועלט וועט ארויס פון דער מלחמה א באַנייטע, א בעסערע און א מער גערעכטע, און דאָס יידישע פאָלק וועט זוכה זיין צו פאַרווירקלעכן זיינע אידעאַלן. עס זענען אוועק פון אונדז יאָן

קירשראָט, נוח דאַווידזאָן, נחום סירקין. זיי זענען געווען פון די ערשטע, וואָס האָבן זיך געשטעלט בראש פון דער באַוועגונג און אָנגעצייכענט דעם וועג. די וואָס זענען געבליבן לעבן, האָבן נישט איבערגעריסן זייער מאַרשרוט אויפן וועג פון קאַמף און אויפבוי, נישט געקוקט אויף אלע אַנטוישונגען, חרוב געוואָרענע אילוזיעס אין די טייכן בלוט און ליידן פון די יידישע מאַסן נאָך פאר דער מלחמה. זיי האָבן נישט פאַרשעמט זייערע יונגע יאָרן, און זיי זענען נישט געבליבן אומטריי דעם לויטערן און איידעלן געפיל, וואָס האָט באַלויכטן די ערשטע פרילינגס־יאָרן.



משה קערנער איז געווען אייגער פון די עלטערע סטודענטן אין אונדזער גרופע, וואָס האָט אויפגעהויבן די פאָן פון נאַציאָ־נאַלער זעלבסטשטענדיקייט און אָנגעהויבן אן ענערגישע ציוניס־טישע טעטיקייט.

קערנער איז געווען א מענטש מיט א רוהיקן טעמפעראַמענט. נישט גערעש׳ט, נישט געברויזט, נישט געזוכט און נישט געגרי־בעלט. נישט באַמיט זיך צו אנטלויפן פון זיין סביבה און פון זיין געוויינטלעכן לעבענס־שטייגער. אים איז געלונגען צו קאָאָר־דינירן זיין פריוואַט און פראָפעסיאָנעל לעבן מיט זיין ציוניס־טישער טעטיקייט. ער איז געווען מער אַרכיטעקט און אויספירער ווי א קעמפער און מנהיג. זייענדיק אן אינזשעניער פון באַרוף, אַ מענטש פון טאַט און פראַקטיק, איז ער אויך מיטגעריסן געוואָרן פון גרויסע שטרעבונגען, ער האָט אָבער געקענט אַוועק פון טומעל אין זיין ווינקעלע און דאָרט טוען זיין שטילע, גרויסע טאָג־טעגלעכע אַרבעט. דעמאָלט האָבן זיינע חברים געוווסט, אז ערגעץ אין אַ פאַבריק אין ביאַלאַ־פּאָדלימסקי אדער לידע, נעבן ווילנע זיצט קערנער, איינער פון זיי, און לעבט מיט פונדער־ווייטענס זייערע ראַנגלעניש.

געווען דעמאָלט א גרויסע צייט. די יאָרן נאָך הערצלס טויט און דעם דורכפאַל פון דער רוסישער רעוואָלוציע. די הויכע כוואַליעס פון די יידישע און נישט יידישע באַוועגונגען זענען אראָפּגעפאַלן נידריק און טיף. יעדער האָט זיך אָפּגעשלאָסן

אין די ד׳ אמות פון זיין פריוואַטן לעבן. די וואָס זענען נאָך געשטאַנען אויף די פאַסטענס האָבן אַלץ געטאָן אַז דאָס פייער זאָל נישט אויסגעלאָשן ווערן, אַז עס זאָל זיך ווידער צופלאַקערן אויפסניי ביי דער ערשטער געלעגנהייט.



די ערשטע וועלט־מלחמה האָט צעזייט און צעשפּרייט אונדזער גרופּע. אייניקע זענען געבליבן אין פּוילן, אַנדערע זענען געווען געצוווּנגען אַריבער קיין רוסלאַנד צוליב דער פּרנסה זייערער. קערנער האָט געהערט צו די לעצטע. אין רוסלאַנד האָט ער זיך געפילט ווי אין גלות. ער האָט זיך נישט באַטייליקט אין קיין שום אַרבעט. מיטן ערשטן רעפּאַטריאַנטן־צוג איז ער צוריקגעקומען קיין פּוילן, וווּ עס זענען געבליבן זיין פרוי און צוויי קינדער.

אין דעם זעלבסטשטענדיקן פּוילן האָט זיך געעפנט פאַר אים אַ ברייט אַרבעט־פעלד. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז די מלחמה־יאָרן זענען נישט געגאַנגען לאיבוד. מיר האָבן דער־וואָרבן דעם צוטרוי פון יענע ציוניסטישע קרייזן, וואָס זענען געשטאַנען בראש פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט. פיל פון אונדזערע חלומות וועגן וועלכע מיר האָבן געפירט שעה׳ן־לאַנגע דיסקוסיעס זענען געוואָרן ווירקלעכקייט. מיר האָבן באַ־דאַרפט באַווייזן, ווי ווייט מיר זענען בכוח צו רעאַליזירן אונדזערע טעאָריעס און טרוימען אין דער געגעבענער ווירק־לעכקייט. אַט אַזאַ ראָל האָט קערנער צוזאַמען מיט אונדז דערפילט אינעם וואַרשעווער שטאָט־ראַט און שפּעטער אין שטאָט־מאַגיס־טראַט און אין פּוילישן סענאַט.

זיין פעאיקייט צו באַנעמען יעדן ענין פון דער קאָנסטרוק־טיווער זייט זיינער, האָט זיך בולט אַרויסגעוויזן אין זיין גאַנצער חשיבות. זיין פּרעסטיזש איז געוואַקסן נישט נאָר ביי אייגענע, נאָר אויך ביי פרעמדע און קעגנער. קערנער האָט זיך תמיד אויסגעצייכנט מיט זיין יושר און ערלעכע כוונות. נישט געהאַט קיין חוש פאַר פּאָליטישן „שפּיל״, נישט באַזיצט קיין טאַלאַנט

פאר פּאָליטישע פּארטל און אינטריגעס. שטענדיק מורא געהאַט און זיך געהיט אז זיין נאָמען זאָל נישט בלאַמירט ווערן.

ב.

ווען קערנער איז אַלט געוואָרן 60 יאָר, זענען געקומען שווערע טעג פאר די יידן אין פוילן, פארן ציוניזם, און פאר אים אַליין. ער האָט נישט געקענט געפינען זיין פּלאַץ צווישן מנהיגים, וואָס אפשר זייער איינציקע מעלה איז געווען, זייער פעאיקייט צו פשרות־מאכן, לאווירירן, כדי צו קענען בלייבן אויף זייער פלאַץ. אין יענער תקופה איז קערנער געשטאנען מן הצד.

אין באַפרייטן פוילן, האָט קערנער אויסגעפירט פאַרשיידענע אויפגאַבעס, אין וועלכע ער האָט ארויסגעוויזן פעאיקייט, פליי־סיקייט און איבערגעבענקייט.

אפילו די פוילישע נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטן (ענדעקעס) שונאי־ישראל, האָבן זיך באַצויגן צו אים מיט כבוד. אין פוילישן סענאַט האָט ער באַלד פארנומען איינעם פון די ערשטע ערטער. ער איז געשטאַנען דאָרט אויף דער וואַך, צו פאַרטיידיקן די יידישע אינטערעסן.

אין דער יידיש־געזעלשאפטלעכער אַרבעט, האָט ער זיך אָפּגע־געבן מיט אויפבוי־ארבעט ממש. ער האָט אויפגעבוט דאָס יידישע אַקאַדעמיקער־הויז, די צענטראַלע־ביבליאָטעק, וואָס האָט אויך גע־דינט פאר א לערן פלאַץ, פאַרן איסטיטוט פון יודאַאיסטישער וויסענשאַפט.

ביידע בנינים שטייען נאָך ביז היינטיקן טאָג, אָבער דאָס ביבליאטעק־הויז איז איבערגעגבן געוואָרן יידן. עס געפינט זיך דאָרט דער אינסטיטוט פאר פאָרשן דעם יידישן אומקום און אַ צענטר פאר פאָרשן די יידישע געשיכטע אין פוילן.

קערנער האָט געהאַט מזל, ער האָט פארלאָזט פוילן אין די ערשטע חדשים פון דער צווייטער וועלט־מלחמה און האט עולה געווון קיין ארץ־ישראל.

איצט געפינט ער זיך דא אין לאַנד, לעבט א באשיידן לעבן און עס איז אים נישט געגעבן געוואָרן די מעגלעכקייט צו טאָן

די ארבעט וועלכע ער איז בכוח צו טון, לויט זיינע קענטעניש פאך־וויסן און דערפאַרונג. אָבער ווי תמיד איז ער נישט דער מענטש פון פּראָטעסטירן, פאָדערן און זיין פאַרביטערט. ער באַגניגט זיך מיט זיין באַשיידענער ארבעט און אייגענעם ווינקעל. זייענדיק געאַכטעט פון זיינע חברים און פריינט, וואָס געדענקען זיין געטרייע און ערלעכע ציוניסטישע און כלל ארבעט אין דער פאַרגאַנגענהייט.

## פּראָפעסאָר מ. בובער

כ׳געדענק נאָך אונדזער ערשטע באַגעגעניש אין בערלין אין 1905. כ׳האָב געוויילט אייניקע חדשים אין בערלין, נאָכן ענדיקן מיין שטודיום אין דער וואַרשעווער אוניווערזיטעט. כ׳האָב מיך געוואָלט באַקענען מיט דער גרופּע יונגע, וואָס האָט פּראָפּאַגירט דעמאָקראַטישן ציוניזם, סאָציאַלע גערעכטיקייט, מאָדערנע קול־טור, שיינקייט און באַנייאונג. נאָך אין וואַרשע האָב איך מיך באַגעגענט מיט פייוועלן, א חבר פון דער דאָזיקער גרופּע און ער האָט מיך פּשוט באַצויבערט מיט זיין איינפאַכקייט, באַגאַבט־קייט און פריילעכקייט.

וועגן בובערן האָבן מיר געהערט אַז ער איז דער מוח פון דער גאַנצער גרופּע און ווען כ׳האָב מיך מיט אים צום ערשטן מאָל באַגעגענט אין בערלין, האָב איך אים געוויזן די גרונט טעזן פון א נייעם ציוניסטישן פּראָגראַם, וואָס איך האָב פאַרפאַסט אויפן יסוד פון וויכוחים אין אונדזער קרייז אין וואַרשע. בובער האָט פון מיר גענומען דעם מאַנוסקריפּט, געזאָגט א גוטע מיינונג וועגן חבור, כ׳געדייבק נישט, צו צוליב העפלעכקייט אָדער אָנערקענען און הסכמה — און מער האָבן מיר זיך נישט באַגעגנט אין יענער צייט.

נאָך דעם ווי די מלחמה האָט אויסגעבראָכן, בעת איך בין געווען אין פּעטערבורג, ווייט פון אונדזער באַוועגונג אין פּוילן, זענען צו מיר דערגאַנגען ידיעות וועגן דער חודש־שריפט „דער יודע״ וואָס בובער האָט אַרויסגעגעבן און וואָס אַרום איר האָבן זיך קאָנצענטרירט אַלע חשובע דענקער אין דער יידישער אויפ־לעבונגס־באַוועגונג אין דייטשלאַנד. ווען כ׳בין צוריקגעקומען קיין פּוילן האָב איך געזען די השפּעה פון בובערן און זיין חודש־

שריפט אויף דעם „השומר הצעיר", וואָס האָט זיך דעמאָלט אָנגעהויבן אָרגאַניזירן און אנדערע יוגענט־גרופן, וואָס האָבן געזוכט אַ סינטעזע צווישן די געדאַנקען פון מענטשלעכער און נאַציאָנאַלער באַנייאונג און די שטרעבונג צו רעוואָלוציע.

כ'האָב מיך שפּעטער באַגעגנט מיט בובערן אויפן צוועלפטן ציוניסטישן קאָנגרעס. כ'בין שוין דעמאָלט געווען סיים־דעפּוטאַט. מיר זענען ביידע געווײלט געוואָרן אין דער פּאָליטישער קאָמיסיע פונעם קאָנגרעס.

בובער האָט געזוכט זיין אויפגאַבע אין דער דאָזיקער קאָמיסיע צו ברענגען צו באַשלוסן, וואָס האָבן דעם צוועק צו דערווייטערן פון די הערצער פון די אַראַבער יעדן חשד, טאָמער וועלן די יידן וואָס וועלן זיך באַזעצן אין ארץ ישראל שעדיקן זייער רעכט. ער האָט, זעט אויס, שטאַרק געגלויבט אין דעם, אז די דעקלעראַציעס וועלן באַרואיקן די אַראַבער און וועלן האָבן אן אנט־שיידנדיקע השפעה אויף זייער באַציאונג צו די יידן.

כ'האָב אים אונטערשטיצט אינעם גרעסטן טייל פון זיינע פאָר־שלאָגן. מיר האָבן דאָך אויך געשטעלט ענלעכע פאָדערונגען אין נאָמען פון די יידן אין פּוילן, און ס'איז געווען קלאָר פאַר מיר אז מיר וועלן אין ארץ־ישראל געבן פולע רעכט אַנדערע בירגער, אין דער זעלבער מאָס, ווי מיר פאַרלאַנגען זיי פאַר זיך. כ'האָב אָבער שוין דעמאָלט געפילט דעם פּרינציפּיעלן אונטערשייד פון מיין שטעלונג און די מיינונג פון בובערן. מיר האָבן פאַרשטאַנען אַז יידן דאַרפן ארויפלעגן זייער חותם אויף ארץ־ישראל און אויפן רעזשים וואָס וועט הערשן אין לאַנד, בעת די אראבער וועלן האָבן די פולע מעגלעכקייטן פאַר לעבן און אנטוויקלונג אלס בירגער און אָנגעהעריקע צו זייער נאציאָנאַליטעט. בובער אָבער האָט געהאַלטן, אז ביידע פעלקער דאַרפן צוזאַמען רעגירן דאָס לאַנד און באַשטימען בשותפות דעם גורל און די קאָנסטיטוציאָנעלע אָרדנונג אין לאַנד.

בובער האָט געגלויבט באמונה שלמה, אַז מיט אזעלכע דעקלע־ראַציעס, לויט וועלכע עס זאָל געפירט ווערן די אויפבוי־ארבעט, קען מען פאַרזיכערן א פרידלעכע אנטוויקלונג. ביז היינט צו טאָג גלויבט ער אין דעם, און ער זעט די סיבות וואָס האָבן ביז איצט

געבראַכט צו אַן אַנדער ווירקלעכקייט, אין ערשטער שורה אין אונדז און אין אונדזער טעטיקייט.

ווייל אויך בנוגע צו דער אַנטוויקלונג אין ארץ־ישראל האָט בובער דעם זעלבן צוגאַנג וואָס מיר האָבן אים געקענט אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע: בלינדער גלויבן, אַז דער מענטש איז אימשטאַנד צו באהערשן דעם פּראָצעס פון קאָנפליקטן צווישן קלאַסן און פעלקער, אַז דער עלעמענט פון ליבע קען און וועט גובר זיין דעם עלעמענט פון שנאה, און דעמאָלט וועט מען קענען אויסמיידן פאַרניכטונג און רציחות און מענטשן וועלן אָפּהיטן זייער צלם אלוהים, ער זאָל נישט געשעדיקט ווערן.

דער גלויבן איז געוואָרן ביי אים א רעליגיע. אָט די שרעק פאַר דעם נעגאַטיוון און צערשטערערישן פון די רעוואָלוציעס, די שרעק וואָס איז שותפות׳דיק פאַרן גאַנצן דור אונדזערן, האָט, זעט אויס, געפירט בובערן צו דער פאָרשונג פון די רעליגיעס, נבואה און חסידות, וואָס בובער איז געוואָרן זייער קאָמענטאַטאָר און ער שעפּט אַרויס פּערל פון זייערע אָפּגרונטן.

פאַרשטייט זיך אַז די רעליגיעזיטעט פון בובערן זענען נישט די מצוות און דער רעליגיעזער ריטוס. דאָס איז אידעאלע רעליגיע, וואָס האָט אַ פילאָזאָפיש־וויסנשאַפטלעכן באַזיס, דער עיקר מיין און זין אירער איז דער גלויבן און די שטרעבונג, אַז דער מענטש זאָל גובר זיין די פאַקטאָרן פון צעשטערונג און האַס און זאָל באַהערשן די לעבענס־פּראָצעסן, כדי זיי צו באַפרייען פון אָט די פאַקטאָרן.

בובער האָט געהאַט מזל, וואָס ער האָט זיך באַזעצט אין לאַנד דעמאָלט, ווען אונדזער ענטוויקלונג דאָ האָט דערגרייכט צו אזא הויכער מדרגה, אַז אלע פיינטלעכע כוחות האָבן זיך צו־זאַמענגענומען כדי איבערצורייסן דעם גאַנג פון דער דאָזיקער אַנט־וויקלונג, איינצוברעכן אונדזער כוח. בובער ווייסט, אַז מיר האָבן קיין אַנדער אויסוועג נישט גאָר זיך צו פאַרטיידיקן און שיצן אונדזערע דערגרייכונגען, אָבער זיין ווילן און שטרעבונג איז, אַז מיר זאָלן אַלץ טון, אפילו מקריב זיין גרויסע קרבנות, און זיך נישט אונטערגעבן דעם גייסט פון כוח און צעשטערונג און אָפּהיטן די ריינקייט פון אונדזער ווערק.

# מרדכי לעדערער־גלדאי

נאָך אַלס סטודענט בין איך מיט אים באקאנט געוואָרן. ער האָט אויף מיר געמאַכט עפּעס אַ געהיימנישפולן איינדרוק. אַ מענטש שוין נישט קיין יונגער, אין פערגלייך מיט מיר און מיינע חברים, און דרייט זיך ארום בלויז צווישן יוגענט, לעבט ווי אן עקסטערן, אריינגעטון ראשו ורובו אין געזעלשאַפטלעכע ארבעט, אין ציוניזם, תמיד פול מיט עפּעס א רואיקער פריילעכקייט, מיט א גוטמוטיקן שמייכל, פלינק און ענערגיש — איז ער פאר מיר געווען גאָר אומגעוויינלעך, מלא סוד.

איך געדענק נישט, ווי אזוי איך בין מיט אים באקאנט געווארן. געוויס אוף א געהיימער פארזאמלונג מיט יונגע ארבעטער אָדער חסידישע לערנער. ער האָט דערפילט אין יענע צייטן די ראָל פון א מין „פארבינדונגס־אָפיציר" צווישן אונדז, דער יונגער ציוניסטישער אינטעליגענץ, דער ציוניסטישער סטודענטן־גרופּע, וואָס האָט געזוכט דעם וועג צום פאָלק און צווישן די פאָלקס־מאסן. ער האָט אונז צוגעשטעלט תלמידים, מיט וועלכע מיר האָבן געלערנט, אַנטוויקעלט. ער האָט פאַר אונדז געשאַפן גרופּן, מיט וועלכע מיר האָבן „געקנעלט" וועגן ציוניזם, וועגן געזעלשאַפט־לעכע פּראָבלעמען, וועגן ארבעטער־פּראָבלעמען און יידישער פראגע. ער האָט די יונגע לייט אויפגעזוכט, גרופּירט און צונויפגעפירט מיט אונדז, ביי אים אין קליינעם צימער האָבן זיי געהאַט אַ מקום מקלט, ווו זיי האָבן זיך געפילט גאַנץ היימיש. וואָרום לעדערער איז געווען פאר זיי א חבר און נישט קיין לערער, נישט קיין פירער, הגם ער האָט פאר זיי געעפענט ברייטע וועגן. נישט איינער פון די, וואָס שטייען היינט אין צענטר פון דער ציוניסטישער ארבעטער־באוועגונג אין ארץ־ישראל און אפילו אין צענטר פון

אנדערע סאָציאַליסטישע באַוועגונגען, האָט אים צו פאַרדאַנקען, וואָס ער איז ארויסגעריסן געוואָרן פון זיין פארשימעלטער און וועלט־פרעמדער סביבה.

אויף אונדזערע פאַרזאַמלונגען איז ער געזעסן און געשוויגן. איך קאָן מיר נישט דערמאָנען קיין איין ריידע זיינע, קיין איין פראַגע, קיין איין ענטפער אויף א פראַגע, וואָס איינער פון זיינע יונגעלייט האָבן געשטעלט. ער האָט זיך צוגעהערט רואיק און גוטמוטיק צו דעם, וואָס מיר האָבן גערעדט, צו אלע אונזערע סברות, צו אונזערע געדאנקען, וואָס האָבן אלץ פאַרענטפערט, און ער האָט געשוויגן. גערעדט האָט ער, ווייזט אויס בלויז אין געשפרעכן, וואָס ווערן געפירט אינטים, אין געשפרעכן, אין וועלכע עס רעדן פיל מער די נשמות, ווי דער שכל, און דערפאר טאקי זענען די ווערטער זיינע געווען אזוי קנאַפּ אָפּט אומקלאָר, אבער תמיד אזוי וויכטיק, תמיד אזוי פולזאָגענדיק.

איך שעם מיך איצט אויסצוזאָגן: איך האָב קיין איין מאָל אזא געשפרעך מיט אים נישט געפירט. אפשר דערפאַר, ווייל מיר האָבן קיין צייט דערצו נישט געהאט, אפשר דערפאר, ווייל מיר האבן — ביידע — קיין באדערפניש נישט געפילט דעריך, און אפשר, פשוט, ווייל ס'איז דערצו נישט געקומען. איך ווייס, אז פאר מיר איז ער געווען — דער עיקר אין די ערשטע צייטן — געהיימניש־פול. איך האָב מיך פשוט געשעמט, ממש מורא געהאט אריינצו־דרינגען אין דעם סוד זיינעם ער האָט מיך אויך נישט אריינ־געפירט אין אים. און אזוי האָבן מיר צוזאַמען דורכגעמאַכט אַ גאַנצן קאַפּיטל פונעם פוילישן ציוניזם, וואָס האָט באקומען באלד א באַדייטונג פארן ציוניזם בכלל און פאר די פראָלעטארישע ציוי־ניסטישע שאטירונגען בפרט. מיר זענען געשטאנען ביי איינעם פון די וויגעלעך פונעם פרייהייטלעך־דעמאָקראטישן און פראָלעטאַריש־סאָציאַליסטישן ציוניסטישן געדאנק — ער ווי א געטריייע, גוטע, הארציקע ניאנקע.

איך האָב תמיד געפילט, אז דאָס איז דאָס וואָרט, וואָס פּאַסט אַמבעסטן צו לעדערערן. ער האָט געלעבט איינזאם, אָן א פאַמיליע, און געהאַט אין זיך פיל פון דער צאַרטער גוטסקייט, פון דער ליבע פון א „ניאנקע". אין ווארשע האָט ער די דאָזיקע אייגענ־

שאַפט זײַנע אַרויסגעוויזן אין זײַן אַרומגײן אַרום די יונגע־לײַט פון די בתּי־מדרשים און ישיבות, אַרום די אַרבעטער, וואָס האָבן זײער גאָט געזוכט. ווען די צײַט פון אַזאַ אַרומגײן איז פאַרבײַ, ווען די עפּאָכע פון אַזאַ „ביאַנטשען" זיך, פון קולטור־טרעגערײַ, פון קלײזלעך־אַרבעט האָט זיך בײַ אונדז געענדיקט, ווען ס׳האָבן אָנגעהויבן ווירקן מאַסן נאָך דער רעוואָלוציע פון 1905, ווען אַזוי פיל האָפענונגען זענען נישט מקוים געוואָרן, איז לעדערער פאַרשוווּנדן געוואָרן, ער האָט זיך באַזעצט אין ירושלים, ווו ער איז געוואָרן אַן אמת׳ע „ביאַנקע" אינעם ירושלימער אינסטיטוט פאַר בלינדע.

איך ווייס נישט ווי אַזוי ער איז אַוועק קײן ארץ־ישראל. אונזערע באַציאונגען זענען איבערגעריסן געוואָרן. עס זענען פאַרשווּנדן די קרײזלעך, עס איז אויך פאַרשוווּנדן דער, וואָס האָט די קרײזלעך אָרגאַניזירט, וואָס האָט געזאָרגט, אַז זײ זאָלן באַקומען לערער, אויפקלערער. די גאַנצע אַרבעט האָט באַקומען גאָר אַן אַנדער אויסזען. מיר, די סטודענטן, מיט וועלכער לעדערער האָט געהאַט צו טאָן, זענען אויך געוואָרן אַנדערע, אַוועק אין דער ברײטער וועלט, יעדער אין זײַן ווינקל. נתפּרדה החבילה. לעדערער, ווי אַנדערע פון יענע גרופּן, איז אַוועק קײן ארץ־ישראל.

זײַן לעבן און אַרבעט אין ארץ־ישראל קען איך נישט. זײַן נאָמען האָט מען, זעלטן געקאָנט טרעפן אין די באַריכטן וועגן דער אַרבעט אין ארץ־ישראל. ער האָט זיך אין זײַן ווינקל פאַרשטעקט און געטון זײַן שליחות, צו וועלכער עס האָט אים געצויגן. אפשר האָט ער אויך אין ירושלים געהאַט אַרום זיך קלײזלעך פון יונגע לײַט, וועלכע ער האָט געהאָלפן אַרויסצורײַסן זיך אויף דער ברײטער וועלט? און, איבעריגענס, וואָס איז געווען צו טון אין יענע צײַטן אַזוי פיל יאָרן פאַר דער מלחמה, ווען אַלץ איז געווען אַזוי קלײן און ענג?

לאַנג איז לעדערער געבליבן שטעקן אין זײַן ווינקל. ער איז נישט אַרײַן אין קײן פּאַרטײ און קײן פּאָליטישן קרײַזל. געבליבן אין ירושלים אײנזאַם, פאַרבאָרגען. אַ „ביאַנקע", פון וועלכער ס׳האָבן געוווּסט די גאָר נאָענטע.

יצחק גרינבוים

ווען כ׳האָב מיך באַזעצט אין ארץ־ישראל, איז מיר נישט אויסגעקומען דורכשמועסן זיך מיט אים. ווידער האָט זיך מיר געדאַכט, ווען איך האָב אים געטראָפן אין אונדזערע ביוראָען און געכאַפּט א קליינעם שמועס מיט אים, אַז עפּעס אַ סוד הילט אים איין, ווידער האָב איך זיך געקליבן אַריינצודרינגען אין דעם דאָזיקן סוד זיינעם, אָבער ס׳איז נישט באַשערט געווען. אין מיטן פון זיין ארבעט, איז ער געשטאָרבן.

צוריקקומענדיק פון מיין רייזע קיין אויסלאַנד, האָב איך שוין איבערגעלעזן בעקראָלאָגן וועגן אים. נישט באשערט געווען אפילו צו געזעגענען זיך מיט אים, דערמאָנען צוזאַמען אַמאָליקע יאָרן, דערוואַרמען זיך ביים פייער, וועלכן מיר האָבן צוזאַמען אַמאָל געהאַט אָנגעצונדן.

# יעקב לעשצינסקי

אַ סאָציאָלאָג, אַ שרייבער, אַ פֿאָרשער, א פּאָליטישער עסקן און פֿירער. ער האָט זיינערצייט געשאַפֿן א ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, וואָס האָט זיך באַזירט אויף עקסטרעמער נעגאַציע (פֿאַרנייגונג) פֿון גלות, ווו ס'איז נישט פֿאַראַן קיין צוקונפֿט פֿאַרן יידישן פֿאָלק, סיידן עס וועט זיך ערגעץ געפֿונען פֿאר אים אטעריטאָריאַלער באַזיס, אין איינעם פֿון די לענדער פֿון דער וועלט.

דער נצחון פֿון דער רוסישער רעוואָלוציע, ביים סוף פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט דערוועקט אין אים א האָפֿנונג, אז אין די באַדינגונגען פֿון רעוואָלוציאָנערן רעזשים, וועט מען קענען שאַפֿן אַ נאַציאָנאַל־פּערסאָנאַלע אויטאָנאָמיע פֿארן יידישן פֿאָלק, וואָס איז צעשפּרייט אין דער גרויסער רוסישער מדינה, און ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער א. ג. „פֿאַראייניקטער פּאַרטיי" (ס. ס. און „סיימיסטן"), און אין דער אמת'ן, אין דער אוקראַינישער פֿאָלקס־רעפּובליק, וואָס איז אַנטשטאַנען נאָך דער מפּלה פֿון צאַריזם, האָבן די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן און צווישן זיי אויך די יידן באַקומען פּערסאָנאַלע אויטאָנאָמיע, און איינער פֿון די מנהיגים פֿון דער „פֿאַראייניקטער פּאַרטיי", איז באַשטימט געוואָרן אלס מיניסטער פֿאַר יידישע ענינים.

לעשצינסקי האָט זיך פֿאַרהאַלטן אויף דער שוועל פֿון „בונד" און קאָמוניזם און געפֿונען אן אַזיל און שוץ פֿאַרן קאָמוניסטישן רעזשים, נישט אין פּוילן, וואָס האָט זיך באַפֿרייט פֿון פֿרעמדן עול, נאָר אין ווײמאַר־דייטשלאַנד, דאָרט האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט סאָציאָלאָגישער אוןווירטשאַפֿטלעכער פֿאָרשונג; ער האָט זיך פֿאַרטיפֿט אין לערנען און פֿאָרשן דאָס לעבן פֿון יידישן פֿאָלק אין די לענדער פֿון זיין פֿאַרשפּרייטונג, זייענדיק פֿריי פֿונעם

איינפלוס פון יעדער פּאַרטייאישער טעאָריע און פּראַקטיק.

כ׳געדענק, סאָקאָלאָוו האָט מיר אַמאָל, אין איינעם פון זיינע אינטערעסאַנטע שמועסן דערציילט, אז ער האָט איינמאָל אויף איינער פון זיינע רייזעס אין דרום רוסלאַנד, באַגעגענט אויף א פאַרזאַמלונג אַ יונגן סטודענט, אַנגעטון, ווי די רעוואָלוציאָנערע „מאָדע״ איז דעמאָלט געווען, אין א „רובאַשקע״, און דער סטודענט האָט גערעדט אויף דער פאַרזאַמלונג העברעאיש און נישט געלייגט קיין אַכט אויף דעם, צו דער עולם פאַרזאַמעלטע פאַרשטייט דאָס לשון וואָס ער רעדט. סאָקאָלאָוו האָט זיך נישט געקענט אָפּ־וואונדערן: פונוואנען נעמען זיך ביי אונדז אָט די יונגע סטודענטן? יעקב לעשצינסקי איז געווען פון די דאָזיקע יונגע לייט.

כ׳דערמאָן מיך נישט ווו מיר האָבן זיך דאָס ערשטע מאָל באַגעגענט. כ׳געדענק בלויז אַז ער האָט אָנגעהויבן ריידן צו מיר העברעאיש. יידיש בין איך נאָך נישט געווען געוווינט צו ריידן און רוסיש האָט לעשצינסקי נשט געוואָלט ריידן אין פוילן, און אזוי אָרום איז העברעאיש געוואָרן אונדזער ריידע־שפּראַך, די גאַנצע צייט פון אונדזער בשותפות׳דיקער ארבעט אין ווארשע.

אין יענער צייט פלעגט ער זיך באַמיען צו ריידן העברעאיש מיט יעדן יונגען יידן, מיט וועלכן ער האָט זיך באַגעגענט. געווען דעמאָלט אַ צייט פון פערמענט און אויפברויז אינעם ציוניסטישן לאַגער, אין פוילן און אין גאַנץ רוסלאַנד.

מיר יונגע ציוניסטן, האָבן גענומען זוכן דעם וועג צו „עמך״, צום יידישן ארבעטער, צום מענטשן פון מי און פּראַצע, וואָס איז געווען ווי געפאַנגען ביי די אנטי־ציוניסטישע פּאַרטייען. לעשצינסקי האָט געעפענט פאַר אונדז דעם וועג. מיר האָבן אָנגע־הויבן אַרויסגעבן נישט־לעגאַלע בלעטלעך אויף יידיש מיטן נאָמען „אונדזער צוקונפט״, כדי צו ברענגען און אויפקלערן דעם ציוניס־טישן געדאַנק פאר די אַרבעטער. איך און לעשצינסקי, מיר זאלבע צווייט, האָבן געפירט די ארבעט. מיטן פאַרשפרייטן די אומלע־גאַלע בלעטלעך האָט זיך דער עיקר באַשעפטיקט לעשצינסקי. כ׳האָב נישט געוווּסט זיין אַדרעס. ער פלעג זיין זער פאָרזיכטיק ווי איינער וואָס געהערט צו אַ פּאָליטישן אונטערערד. כ׳האָב אויך נישט געוווּסט פון וואָס ער לעבט און מיט וואָס ער באַ־

שעפּטיקט זיך. כ׳האָב מיך משער געווען, אַז ער לעבט ווי אַלע „עקסטערניקעס״, וואָס גרייטן זיך צו אַבאַטורע, כדי צו קענען אָנגענומען ווערן אין דער אוניווערזיטעט, האָט פּרנסה פון געבן העברעאישע לעקציעס און פירט אָן גרופּן ווו ער קלערט אויף די נייע געדאַנקען פון דער דעמאָקראַטישער פראַקציע אין ציוניזם, פון ווייצמאַן, מאָצקין און בובער, צו וועלכער אויך איך האָב אָנגעהערט.

דער פּאָגראָם אין קישענעוו האָט טיף אויפגעטרייסלט די ציוניסטישע יוגענט. מיר האָבן אַרויסגעלאָזט אַ בראָשור אין וועלכער מיר האָבן זיך באַמיט אויפקלערן די לאַגע פון אונדזער ציוניסטישן שטאַנד־פּונקט. מיר האָבן אָפּגעוואָרפן די טעזע וועגן אָרגאַנישן אַנטיסעמיטיזם, וואָס שטאַמט פון „נאַטירלעכע״ שנאה צו יידן. מיר האָבן באַטראַכט דעם אַנטיסעמיטיזם, ווי אַ רעזולטאַט פון דער לאַגע פון די יידן אויף דער וועלט, נישט ווי אַ פּראָדוקט פון „אייביקער שנאה צום אייביקן פאָלק״, אָדער אַן אומהיילבאַרע קראַנקהייט, פאַר וועלכע די איינציקע רפואה איז, דער ציוניזם.

מיר האָבן זיך באַשעפטיקט מיט אָרגאַניזירן די „זעלבסט־שוץ״, זאַמלען געלט פאַר קויפן געווער און מאָביליזירן. די אַרבעט האָט געפירט דער עיקר ווייצמאַן. ווען עס האָט אויסגעבראָכן דער פּאָגראָם אין האָמעל, האָבן מיר געשיקט לעשצינסקין, אַלס פאַר־שטייער פון אונדזער גרופּע, אויספאָרשן די אומשטענדן פון פּאָגראָם.

דעם באַריכט פון לעשצינסקין האָבן מיר פאַרעפנטלעכט אינעם דריטן נומער „אונדזערע צוקונפט״. די בראָשור איז מיר פאַרלוירן געגאַנגען. ווי ווייט מיר איז באַקאַנט, איז דער באַריכט פון לעשצינסקין וועגן האָמעלער פּאָגראָם נישט געוואָרן פאַרעפנטלעכט, אַ שאָד, צום ערשטן מאָל האָט זיך אַן אָרגאַניזירטע יידישע זעלבסט־שוץ גרופּע אַנטקעגן געשטעלט די פּאָגראָם באַנדעס; לעשצינסקי האָט געשילדערט דעם אויפטריט פון דער דאָזיקער גרופּע.

דער זעקסטער ציוניסטישער קאָנגרעס האָט גורם געווען צו אַ ריס צווישן אונדז. מיר האָבן געשיקט לעשצינסקין אַלס דעלע־גאַט צום קאָנגרעס. די בריוו וואָס ער האָט געשיקט צו אונדז פון

קאָנגרעס, זענען געווען פול פאַרביטערונג און אַנטוישונג. אַלע ענינים וואָס דער קאָנגרעס האָט באַהאַנדעלט האָבן אויסגעזען אין זיינע אויגן קליין און נישטיק, אַ חוץ דער ענין פון אוגאַנדע־פּראָיעקט. אָבער הערצלס צוגאַנג צו דעם פּראָיעקט האָט לעש־ציינסקין אויסגעזען נישט ריכטיק און באַזונדערס נאָרדויס פאַר־טיידיקן אים אלס צייטווייליקן „נאַכט־אַזיל", פאַר יידן וואָס זוכן אַ לאַנד אויס מורא פאַר פּאָגראָמען. אין דעם „נאַכט אַזיל" וואָס וועט געשאַפן ווערן אין אוגאַנדע, וועלן יידן לעבן ביז עס וועט קומען די שעה און ארץ־ישראל וועט פאַר זיי געעפנט ווערן.

לעשצינסקי האָט געהאַלטן, אז אין דעם לאַנד וואָס גרויס־בריטאַניע שלאָגט פאָר, דאַרף מען זען דאָס היימלאַנד, דאָרט דאַרף געשאַפן ווערן די יידישע מדינה.

ווען לעשצינסקי איז צוריק געקומען פון קאָנגרעס, האָט זיך אין אונדזער גרופּע אָנגעהויבן א דעבאַטע וועגן קאָנגרעס און זיינע רעזולטאַטן. לעשצינסקי האט געהאַלטן, אז מ'קאָלאָניזירט נישט קיין לאַנד ס'זאָל דינען ווי א צייטווייליק באהעלטעניש אָדער איבערגאַנגסשטאַנציע אין א צווייט לאַנד, וואָס רעכנט זיך ווי אן אמת היימלאַנד, אַ לאַנד פון די פעטער. ער האָט געזען אין ענגלישן פאָרשלאַג א געלעגנהייט וואָס וועט זיך נישט אומקערן אויב מיר וועלן נישט אָננעמען דעם פּראָיעקט און קאָנצענטרירן אַלע כוחות פון פאָלק פאר קאָלאָניזירן און אַנטוויקלען דאָס פאָרגעשלאָגענע לאַנד.

כ'האָב געפרעגט: ווי קען מען שאַפן און דערהאַלטן א גאולה־באַוועגונג נישט אינעם לאַנד פון די פעטער, נאָר סתם אין א לאַנד, וואָס מ'דאַרף ערשט זוכן אויף דער מאַפּע? ווי אזוי קען מען אויפוועקן שאַפענדיקע רעוואָלוציאָנערע כוחות אין פאָלק, בעת דער ענד־ציל האָט נישט קיין געשטאַלט און אַ פאַרהייליקטן פּלאַץ אינעם היסטאָרישן זכרון פון פאָלק און אין דעם גערעַנגל פון זיינע דורות?

די תשובה איז געווען: ס'איז נישטאָ קיין צוריקקער אין א לאַנד פון וואַנען דאָס פאָלק איז אויסגעריסן געוואָרן מיטן וואָרצל. עס איז א וויסט לאַנד. אַ לאַנד פון דער טויטער פאַרגאַנגענהייט.

לעשצינסקי און זיינע חברים האָבן פּראָקלאַמירט די גרינ־

דונג פון אַ נייער פּאַרטיי, וועלכע מ׳האָט גערופן אין רוסלאַנד און אין פּוילן מיטן נאָמען ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע ס. ס. איך האָב מיך נישט אָנגעשלאָסן אין איר. אונדזערע וועגן האָבן זיך צעשיידט, אויף לאַנגע, זער לאַנגע יאָרן.

מיר האָבן זיך צושיידט אָבער דער אָנדענק פון דער קורצער תקופה פון אונדזער בשותפותדיקער ארבעט איז נישט אויסגע־מעקט געוואָרן פון אונדזערע הערצער. אויפן זיבעטן ציוניסטישן קאָנגרעס זענען מיר געשטאַנען יעדער אין זיין פּאָליטישן לאַגער. די טעריטאָריאַליסטן און צוזאַמען מיט זיי די טעריטאָריאַליסטן־סאָציאַליסטן, וואָס זענען געבליבן אין דער מינדערהייט, האָבן פאַרלאָזט דעם קאָנגרעס און די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע מיט א שטאַרקן קלאַפּ מיט דער טיר. זייער אוועקגיין האָט נישט געבראַכט קיין גרויסן שאָדן; זייער פּלאַץ אויפן לינקן פליגל האָט פאַרנומען די פּאַרטיי פּועלי־ציון, מיט באָראָכאָוון בראש.

דער גאַנצער ענין איז דערווייל ליקווידירט געוואָרן, נישט אַזוי צוליב דעם נעגאַטיוון באַריכט פון דער ציוניסטישער קאָמיסיע וואָס איז אַהין געשיקט געוואָרן, נאָר דער עיקר צוליב דער קעג־נערשאַפט פון די בריטישע קאָלאָניסטן. לעשצינסקי און זיינע חברים האָבן אָנגעהויבן אַ שאַרפן אָנגריף אויפן ציוניזם און אויפן „בונד", זייערע צוויי הויפּט־קעגנער.

לעשצינסקי האָט זיך באַשעפטיקט מיט באַגרינדן די טעאָריע פון דער דעגענעראַציע פון יידן אין גלות, אז עס איז נישט פאַראן קיין האָפענונג פאַר אַ יידישן קיום אין גלות, און פון דער צווייטער זייט פּאַסט נישט ארץ־ישראל פאַר אַ טעריטאָריע ווייל עס איז פאַרבונדן מיט דער רעליגיעזער טראַדיציע, וואָס וועט צונישט מאַכן יעדע באַנייערישע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג.

עס האָט זיך פאַרשטאַרקט דער רעוואָלוציאָנערער אויפברויז אין רוסלאַנד. דער אַלגעמיינער שטרייק פון די באַן־אַרבעטער, וואָס האָט פאַראַליזירט דאָס לעבן פון דער רוסישער אימפּעריע פון מזרח ביז מערב, האָט געצוווּנגען דעם צאַר־אַליינהערשער אונטערצושרייבן אַ פייערלעכן מאַניפעסט, וואָס האָט אָנגעזאָגט די בשורה פון אַ נייער עפּאָכע פון פרייהייט פון וואָרט, דרוק און

פאַראייניגען און אויך דאָס שאַפן אַ געזעצגעבערישע הויז (דומאַ), וואָס זאָל שאַפן געזעצן פאַר דער מדינה. אינעם מאַניפעסט האָבן אָבער מעשה־שטן, געפעלט אַסך בשורות וועגן דעמאָקראַ־טישע רעכט, צווישן זיי גלייכבערעכטיקונג פון אַלע בירגער פון דער רוסישער אימפעריע, און באַזונדערס דאָס בטל מאַכן אַלע באַגרענעצונגען וואָס האָבן געדריקט אויף די יידן און גערויבט ביי זיי די בירגערלעכע רעכט. זיי האָבן באַקומען דאָס רעכט צו וויילן אין דער דומע, אָבער אַלע אַנדערע באַגרענעצונגען וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמעלט פון די צייטן פון דער פאַרטיילונג פון פוילן און די אַנעקסיע פון אוקראַינע און ווייס־רוסלאַנד — וואָס האָבן געבילדעט דעם תחום המושב, זענען געבליבן אין קראַפט. יידן האָבן מאַרשירט מיט שמחה אונטער די רויטע פאָנען אין די מאַ־ניפעסטאַציעס, לכבוד דעם נצחון פון דער רעוואָלוציע, נישט קוקענדיק אויף דעם, וואָס זיי זענען אייגענטלעך געשטעלט געוואָרן מחוץ פון אַלע אַנדערע גלייכבאַרעכטיקטע בירגער.

און אָט זענען אַרויס אַנטקעגן זיי קעגן־מאַניפעסטאַציעס מיט הייליקע פאָנען און בילדער פון צאַר, און האָבן זיך צוזאַמענ־געשטויסן מיט די אַנדערע מאַניפעסטאַנטן, און אַ כוואַליע פון בלוטיקע פאָגראָמען, וואָס אַזעלכע זענען נאָך נישט פאָרגעקומען אינעם פאָגראָם־לאַנד רוסלאַנד, האָט זיך צעגאָסן און פאַרפלייצט דעם תחום־המושב, באַזונדערס אין דרום־רוסלאַנד, ס׳הייסט: אין אוקראַינע אין ערשטער שורה. די רעוואָלוציע האָט באַקומען אַ צעשמעטערנדיקן קלאַפּ, און די יידישע גאַס האָט באַהערשט אַנטוישונג און יאוש; ס׳איז דערשיטערט געוואָרן דער גלויבן פון די יידן אין די מאַסן פון די רוסלענדישע פעלקער. די פירער פון „בונד" האָבן געפּרוווט אויפמונטערן די געמיטער, אונטער־שטרייכענדיק מט טרויריקער הכנעה, אז אזוי מוז עס זיין, יידיש בלוט דאַרף דינען ווי בוימעל אויף די רעדער פון דער רעוואָ־לוציע — און האָבן אַרויסגערופן אַ שטורעם פון פאַרביטערונג און צאָרן, ס׳איז געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך געטרייסט כלומרשט מיט דער איינרעדעניש, אַז דאָס זענען די לעצטע צאַפּלען פונעם צאַריסטישן רעזשים — און די מאַסן האָבן אָבער נישט געגלויבט אין דעם און עס האָבן זיך געשטאַרקט די פאָדערונגען, יידן זאָלן

קעמפן זייער קאַמף זעלבסטשטענדיק און זיך נישט פאַרלאָזן אויפן חסד פון דער רעוואָלוציע.



דער דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע, די אַנטי־יידישע פאָג־ראָמען און דער נצחון פון דער רעאַקציע, האָט געבראַכט צו אנטוישונג און יאוש אויף דער יידישער גאַס. די עסקנים פון די רעוואָלוציאָנערע פאַרטייען זענען געוואָרן ליטעראַטור־קריטי־קער, קולטור־טוער. די דרייסטע נאַציאָנאַלע לאָזונגען זענען אויס־געליידיקט געוואָרן פון זייער תוכן און ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז זיי האָבן נישט געהאַט קיין באַזיס אין דערווירקלעכקייט. בלויז איין שטרייט־פראַגע איז נישט אַראָפּ פון דער טאָג־אָרדנונג. אדרבא, האָט זיך נאָך מער פאַרשאַרפט: דער שפּראַכן־שטרייט, די פראַגע פון פלאַץ פון יידיש אינעם לעבן פון פאָלק.

אויף דער טשערנאָוויטשער קאָנפערענץ איז יידיש פּראָקלאַ־מירט געוואָרן אַלס די נאַציאָנאַלע שפּראַך פון יידישן פאָלק. ביי פיל פון די טעריטאָריאַליסטישע סאָציאַליסטישע מנהיגים איז שווער געווען אויסצורייסן די העברעאישע שפּראַך פון זייער האַרץ, נאָך פיל שווערער ווי עס איז זיי אָנגעקומען דאָס אויס־רייסן ארץ־ישראל. דאַכט זיך, אז לעשצינסקי איז געווען איינער פון זיי. ווי ווייט איך געדענק, איז ער נישט געווען צווישן די, וואָס האָבן פּראָקלאַמירט די קולטור־איבערקערעניש וואָס האָט מיט אמאָל פאַרוואַנדעלט דאָס יידישע פאָלק, אַ פאָלק פון אַ טויזנטער יעריקער קולטור און אייביקע גייסטיקע ווערטן, אין אַ פאָלק פון אַן אָרעם לשון און אַ נעבעכדיקן קולטור־פאַרמעגן.

כ׳קען מיר נישט פאָרשטעלן, אַז דער מענטש וואָס האָט דער ערשטער גערעדט מיט מיר העברעאיש, האָט אויסגעריסן פון זיין האַרץ זיין ערשטע ליבע צום לשון פון די אבות, וואָס זייערע קינדס־קינדער האָבן זי אויפגעהיט ווי דאָס אויג אין קאָפּ אויף זייערע וואַנדער־וועגן. ער האָט, אמת, אויפגעהערט שרייבן העב־רעאיש, אָבער ער, ווי אַסך אַנדערע זיינסגלייכן, האָבן נישט פאַרלוירן דעם סענטימענט פאר דער העברעאישער שפּראַך, וואָס האָט באַגלייט אַלע יידישע דורות אין אלע לענדער פון יידישן גלות. איינער פון די פירער פון די טעריטאָריאַליסטן־סאָציאַליסטן

שמואל ניגער, האָט פֿאַרעפֿנטלעכט אינעם „העולם" וואָס איך האָב דעמאָלט רעדאַגירט אין ווילנע, א גרויסן אַרטיקל אונטערן נאָמען: „הכצעקתה", געשריבן אין א שיינעם, רייכן העברעאיש, אין וועלכן ער האָט זיך באַמיט צו דערווייזן, אז ער און זיינע חברים האָבן נישט די כוונה אויסצורייסן העברעאיש פֿונעם יידישן לעבן.



די אנטוויקלונג אין דער טעריטאָריאַליסטיש־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי איז געוואַקסן וואָס אמאָל גרעסער פֿון יאָר צו יאָר, באַך דער מפּלה פֿון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע. בעת אנדערע יידיש־סאָציאַליסטישע פּאַרטייען האָבן זיך באמיט פּאָרטצוזעצן זייער טעטיקייט אין דער האָפֿנונג, אז באלד וועט זיך די רעוואָ־לוציאָנערע כוואַליע ווידער הויבן, האָט שוין לעשצינסקי פֿאַרזוכט דעם טעם פֿון זיצן אין תּפֿיסה: אין קרעמענטשוג, אין אָדעס און אפֿילו אין וואַרשע. אַסך פֿון זיינע חברים זענען מיטגעריסן געוואָרן מיטן עמיגראַציאָנס־שטראָם אויף יענער זייט פֿונעם אַט־לאַנטישן ים. א קליינער טייל פֿון זיי האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער צווייטער עליה קיין ארץ־ישראל. בערל קאַצענעלסאָן האָט עולה געווען קיין ארץ־ישראל און געוואָרן דער מנהיג פֿון די ארבעטער. אויך מיין יונגער חבר יואל גולדע, אויך א טעריטאָ־ריאַליסט־סאָציאַליסט האָט עולה געווען קיין ארץ־ישראל, געווען דער אָנפֿירער פֿון דער קבוצה כנרת, אָבער ער האָט נישט אויס־געהאַלטן דעם נסיון און איז צוריק געקומען קיין אייראָפּע און איז אוועק קיין רוסלאַנד; נאָכן נצחון פֿון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע איז ער געווען טעטיק אין דער באַנייטער יידישער קאָלאָניזאַציע ארבעט אין דרום רוסלאַנד און אין צפֿון פֿונעם האַלב־אינדזעל קרים.

יעקב לעשצינסקי האָט זיך נישט אָנגעשלאָסן צווישן די, וואָס האָבן עולה געווען קיין ארץ־ישראל. ער האָט פֿאַרלאָזט רוסלאַנד, אריבער אין דער שווייץ, באַזעצט זיך אין ציריך און דאָרט פֿאַרפֿולקומט זיין בילדונג אין סאָציאַלע און עקאָנאָמישע וויסנ־שאַפֿטן. ער האָט געארבעט סטאַביל אין „היינט" וואָס איז גע־גרינדעט געוואָרן אין וואַרשע דורך יאַצקאָן און פֿינקעלשטיין, וואָס זענען געווען גענייגט צו טעריטאָריאַליזם.

נאָכן נצחון פון דער רעוואָלוציע אין פרילינג 1917, האָבן זיך, תחילת געשטאַרקט די האָפנונגען, אַז די יידישע פראַגע וועט געפינען איר לעזונג אינעם באַפרייטן רוסלאַנד, נישט בלויז אין הינזיכט פון בירגערלעכע גלייכבארעכטיקונג, נאָר אויך אין הינזיכט פון דעראָבערן אויטאָנאָמישע נאַציאָנאַל־פערסאָנאַלע רעכט אַלס נאַציאָנאַלע מינדערהייט, גלייך ווי אַלע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אין דער רוסלענדישער אימפעריע. טראָץ דעם האָבן זיך דווקא פאַרשטאַרקט די ציוניסטישע שטימונגען, אויך אונטער דעם איינפלוס פון דער פאַרעפנטלעכטער באַלפור דעקלעראַציע. אויף דער יידישער גאַס. עס איז דורכגעפירט געוואָרן א פאַראייניקונג צווישן די טעריטאָריאַליסטן סאָציאַליסטן און די סיימיסטן, יעקב לעשצינסקי האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער פאַרטיי, הגם ער איז אַלע יאָרן געווען באַקאַנט ווי אַ שאַרפער „גלות־פאַרניינער״, נישט געגלויבט אין דער מעגלעכקייט פון א יידישן קיום אין גלות בכלל.

כ׳האָב אים דעמאָלט אָנגערופן אין אן אַרטיקל אינעם „פעטראָגראַדער טאָגבלאַט״ וואָס איך האָב רעדאַגירט, מיטן נאָמען „דאָן זשואַן״, ס׳הייסט, ער טוישט אידעאָלאָגיעס ווי יענער דאָן זשואַן זיינע געליבטע... כ׳האָב נאָך דעמאָלט נישט געוווסט אַז עס וועט קומען אַ טאָג ווען לעשצינסקי וועט זיך אָנשליסן אין „בונד״ נאָך דער אָקטאָבער רעוואָלוציע.

די „פאַראייניקטע פאַרטיי״, אין וועלכער עס האָט זיך געשטאַרקט די השפעה פון די אַמאָליקע סיימיסטן, האָט זיך געשטעלט בראש פון דער ארבעט צו אָרגאַניזירן די גרויסע יידישע מינדערהייט אין דער אויטאָנאָמער אוקראַינישער רעפובליק, וואָס האָט באַקומען איר אייגענע רעגירונג און פאַרלאַמענט, אויפן יסוד פון פערסאָנאַלע אויטאָנאָמיע.

בראש פון דער יידיש־נאַציאָנאַלער פאַרמאַציע איז געשטעלט געוואָרן א רעפּרעזענטאנטן־פאַרזאַמלונג און אַ מיניסטער פאַר יידישע ענינים — איינער פון די פירער פון דער „פאַראייקטער פאַרטיי״.

די אָנפירונג פון דער דאָזיקער פאַרטיי האָט זיך קאָנצענטרירט אין קיעוו, אויך לעשצינסקי האָט געהערט צו איר, געווען

אמיטרעדאַקטאָר פונעם פּאַרטיי־אָרגאַן פון דער „פּאַראייניקטער פּאַרטיי״. דער נאָמען פון לעשצינסקין איז אָבער נישט דערמאָנט אינעם בוך פון זילבערפאַרבן — דער ערשטער מיניסטער פאַר יידישע ענינים אין דער אוקראַינע — ווו עס ווערט באַהאַנדעלט דער אויפבוי פון די יידישע דעמאָקראַטישע קהלות, אין דער קורצער תקופה פון דער יידישער אויטאָנאָמיע, וועלכע איז שנעל געקומען צו איר טראַגישן סוף אונטער די קלעפּ פון בירגער־קריג וואָס איז געווען באַגלייט מיט בלוטיקע פּאָגראָמען אויף יידן.

אין זיין בוך וועגן חורבן אין די היטלער יאָרן, וואָס איז אַרויס אין יאָר 1952, שילדערט לעשצינסקי די פּאָגראָמען אין אוקראַינע. מיט די אייגענע אויגן האָט לעשצינסקי געזען דאָס גרויל־בילד פון א יידישער אויטאָנאָמע וואָס ווערט געשאַפן און ווערט חרוב אין א גיהינם פון בירגער־קריג און בלוטיקע פּאָגראָמען, וואָס אזעלכע האָט נישט געזען דאָס מיט יידיש־בלוט אָנגעטרונקענע אוקראַינע, זינט די צייטן פון כמעלניצקי.

פונעם חורבן אין אוקראַינע און פון די אַנטוישונגען אין ראַטן־פאַרבאַנד געפינט נישט לעשצינסקי פאַר זיך קיין מקום־מקלט אין ווארשע ווי זילבערפאַרב, דער מיניסטער פאַר יידישע ענינים אין דער אוקראַינישער רעגירונג, און ווי זיין ברודער יוסף וואָס איז אַריבער אין „בונד״. דאָס באַפרייטע פּוילן האָט אים נישט דערצויגן, ער וויל איצט שטיין מן הצד, ווייט פון פּאַרטיי־אישן געראַנגל אויף דער יידישער גאַס. ער וויל אָבסערווירן, פאַרצייכענען, אונטערפירן סך־הכל׳ן. אין בערלין די הויפּטשטאָט פון דער וויימארער רעפּובליק, האלט ער פאַר פּאַסיקער פאַר דעם דאָזיקן צוועק.

יעקב לעשצינסקי איז געוואָרן דער סאָציאָלאָג פונעם יידישן פאָלק, וואָס לעבט און ראַנגעלט זיך פאַר זיין קיום און צוקונפט אַלס פאָלק. מ׳הערט זיך צו צו זיינע ווערטער. זיי זענען תמיד געבויט אויף פאַקטן און ציפערן. ווי אַן אָבסערוואַטאָר, אַ סאָציאָלאָג און אַ סטאַטיסטיקער, איז ער נישט קיין חסיד פון עפּעס אַ גלויבן אָדער דאָגמע. ער דערלויבט זיך ספיקות און וואַקלעניש. אָבער זיין עובדה איז נישט בלויז אונטערצופירן סך־הכלן און פעסטשטעלן פאַקטן און מסקנות. זיין האַרץ איז ווארם און

ער האָט מיטליַיד מיט די וואָס מאַטערן זיך, ראַנגלען זיך, ער האָט פיינט זייערע פאַרפאָלגער, וואָס ווילן זיי אומברענגען; זיין האַרץ בלוטיקט צוקוקענדיק זיך צו פּיין, ליידן און אונטערגאַנג. ער לאָזט זיך נישט פאַרפירן, און באַמיט זיך אָן רחמנות אָפּוועגדן און צעשטערן אַלערליי רעוואָלוציאָנערע אילוזיעס.

ער לאָזט זיך נישט פאַרפירן פון די פּראָיעקטן פון יידישע געגענטן אין דרום־ראַטן־פאַרבאַנד און אין צפון פון קרים און נאָכער אין ביראָבידזשאַן, וואָס זייער מיין איז צו געווינען די הערצער פון די אמעריקאַנער יידן, וואָס וועלן קומען צו הילף אָט די אונטערנעמונגען, דערוויַיטערנדיק זיך פון ציון און ציוניזם. לעשצינסקיס קריטיק האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס ריכטיקע. פון די יידישע געגנענטן אין דרום־רוסלאַנד זענען געבליבן בלויז חור־בות. נאָכדעם ווי זיי זענען פאַרניכטעט געוואָרן דורך די נאַצי־דייטשן, וואָס האָבן דערגרייכט אין זייער נצחון־מאַרש ביז צו דער וואָלגע, זענען זיי נאָך דער מפּלה פון די נאַציס און באַפרייען דאָס לאַנד נישט ווידער אויפגעבויט געוואָרן, ווייל צוליבן ווידעראויפבויען פון די יידישע געגענטן פאַר די יידן וואָס קערן זיך צוריק אין זייערע פריערדיקע וווינערטער, דאַרף מען דאָך זיך איינרייסן מיט די אוקראַינער, וואָס האָבן פאַר־נומען זייער פלאַץ און צוגענומען זייער פאַרמעגן; וואָס פאַר א מאַכט וועט עס וואַגן צו באַזייטיקן „אויטאָרטאָנע בירגער" פון די פאַרמעגענס פון יידן, וואָס זענען אויסגעמאָרדעט געוואָרן אָדער אַנטלאָפן, און זיי ווידער אָפּגעבן די, וואָס זענען דורך אַ נס ניצול געוואָרן?

ווען היטלער האָט איבערגענומען די מאַכט, האָט לעשצינסקי פאַרלאָזט דייטשלאַנד און איז אוועק קיין אַמעריקע.

אין ניו־יאָרק האָט לעשצינסקי זיך אָפּגעגעבן מיט ליטעראַ־רישער און וויסענשאַפטלעכער ארבעט. ער האָט באַקומען אַ נאָמען אַלס פאָרשער פון דער איירָאָפּעאישער תקופה, און אַלס סאָציאָלאָג.

אינעם גרויסן יידישן קיבוץ אין אַמעריקע, דער יורש פון גרויסן יידישן צענטער אין אייראָפּע וועלכער איז אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַצישע תלינים, מיט דער הילף פון די פעלקער אין די אָקופּירטע לענדער, ביי דעם שענדלעכן שטילשוויַיגן מצד

די פעלקער וואָס האָבן געקעמפט מיט דער נאַציסטישער בעסטיע, האָט לעשצינסקי געהאט די לעצטע יאָרן די מעגלעכקייט, אונטערצוציען דעם סך־הכל פון דער לעצטער תקופה אין אונדזער גלות־געשיכטע, און אָט וואָס ער שרייבט וועגן גלות:

„גלות איז נישט דער טייטש, שחיטות, מאָרדן, פאַרפאָלגונגען און נגישות, באַגרענעצונגען און עקסטערמינאַציע — גלות הייסט גרויסע אומגליקן וואָס קומען אין א גרויסער מאָס צוליב דער לאַגע אין גלות. און אויך דאָס שעפט נישט אויס דעם גאַנצן היסטאָרישן מיין פונעם באַגריף „גלות". דער ברייטער און טיפער טייטש איז: א לעבן אין דער פרעמד, אין א פרעמד לאַנד, אויף פרעמדן באָדן, אונטער פרעמדע הימלען זיין אונטערגעבן די השפעות פון א פרעמדן לעבענס־סטיל, צו א פרעמדן גייסט און קולטור. גלות איז א גרויליקע אַנאָמאַליע, וואָס איר כלומרשט נישט לאָגישע פאָרמול איז: אַסך פרייהייט — ווייניק יידעשקייט! אַ שטאַרקע סימפּאַטיע פון דער פרעמדער סביבה און אַנטקעגן דעם ווייניק ברידערלעכקייט און פאַרבינדונג צווישן יידן, צווישן די תפוצות".

זענען עס נישט די ווערטער, וואָס יעקב לעשצינסקי האָט געזאָגט נאָך זיין קומען אין ווארשע אין יאָר 1912, די ווערטער וואָס זענען אויפגעשריבן געוואָרן אויף אונדזער פאָן אין דער אומלעגאַלער אויסגאַבע אונדזערער „אונדזערע צוקונפט"? לעשצינסקי האָט זיך אומגעקערט צו זיין מקור, נאָך אַ לאַנגן וועג פון יסורים און אַנטוישונגען.

## מיין באגעגעניש מיט נחמן סירקין

ביי פּאָדלישעווסקין אין הויז האָב איך מיך באַקענט מיט נחמן סירקין. כ׳האָב, פאַרשטייט זיך, נאָך פריער אַסך געהערט און געלייענט וועגן סירקינען. ס׳איז מיר געווען באַקאַנט זיין מוט און דרייסטקייט, זייענדיק פאַראייניזאַמט מיט זיינע אידייען וועגן אַרבעטער־ציוניזם אין די ערשטע קאָנגרעסן.

דער שמועס אויף אונדזער באַגעגעניש איז געווען אַן אַל־געמיינער, און האָט נישט באַרירט בשותפות׳דיקע דעראײנערונגען, וואָס פירן בדרך־הטבע צו אַן אינטימע אַטמאָספער און דערנענטערן די שמועסער איינער צום אנדערן. דער שמועס איז אַרויף באַלד אויף דער באַציאונג צווישן ציוניזם און סאָציאַליזם. ד״ר סירקין האָט זיך באַמיט צו באַווייזן, אַז עס זענען נישט פאַראַן קיין מעג־לעכקייט צו קאָלאָניזירן מאַסן אויפן באָדן אין ארץ־ישראל, אויב מ׳וועט נישט אָנעמען די סאָציאַליסטישע שיטה. אין דעם פּונקט זענען זיך אונדזערע מיינונגען פונאנדערגעגאַנגען. ס׳איז מיר נישט איינגעפאַלן, נישט מיר און נישט מיינע חברים, זיך אַנטקעגן צושטעלן דער קיבוצישער קאָלאָניזאַציע. מיר זענען גרייט געווען זיי צו פאַרטיידיקן אין איין פראָנט מיט די סאָציאַליסטישע אר־בעטער פראַקציעס אינעם ציוניסטישן לאַגער, אָבער, עס איז מיר שווער געווען צו פאַרשטיין, ווי אַזוי קען מען אויפבויען אַ סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט, בעת די מאַכט איז נישט אין אונדזערע הענט און נישט מיר שאַפן די באַדינגונגען וואָס הערשן אין לאַנד, און דער ישוב איז געצוואונגען זיך צוצופאַסן צו זיי. כ׳האָב געפּרוווט אויפקלערן סירקינען מיין שטאַנדפּונקט אין דעם ענין און כ׳האָב נישט מצליח געווען.

פאַרשטייט זיך, ער האָט געגלייבט אין דער שאַפונגס־קראַפט

פון סאָציאַליסטישן געדאַנק און אין דער קרבן־גרייטקייט פון זיינע אָנהייגער, וואָס זענען בכוח צו פאַרמירן די לעבענס־תנאים לויט זייער ווילן און אידעאַל איך ווידער האָב געזען פאַר זיך די באַדינגונגען וואָס שאַפן זיך אַ דאַנק די כוונות און די אינטע־רעסן וואָס זענען אונדז פרעמד, וואָס מיר זענען נישט אימשטאַנד זיי צו ענדערן, נאָר מיר מוזן זיך צופּאַסן צו זיי. יעדער איז ווי דער שטייגער איז, געבליבן ביי זיין מיינונג. מיר האָבן זיך פריינטלעך געזעגנט. זינט דעמאָלט האָבן מיר זיך מער נישט באַגעגנט און נישט געקומען אין באַרירונג איינער מיטן צווייטן.

*

אויפן פירטן יאָר נאָכן שאַפן די מדינת־ישראל, איז אַריבער־געפירט געוואָרן אינעם לאַנד דאָס געביין פון נח סירקין, דעם אָנזאָגער פון דער סינטעזע צווישן דער סאָציאַליסטישער און ציוניסטישער תורה.

דער מאַן וואָס האָט נאָך אין יאָר 1898 — צוויי יאָר נאָכן דערשיינען פון הערצלס „יודענשטאַט" — פאַרעפנטלעכט זיין אַרטיקל וועגן סאָציאַליסטישן יודנשטאַט, וואָס האָט פּראָקלאַ־מירט, אַז די יידישע מדינה וועט זיין אַ סאָציאַליסטישע, זיין געביין איז געבראַכט געוואָרן אין דער מדינה, וואָס ער האָט נישט זוכה געווען צו זען ביים לעבן, בעת בראש פון דער מדינה שטייען די וואָס זענען געווען זיינע חברים, וועמענס סאָציאַליסטישע פאָדערונגען זענען נאָך געווען ראַדיקאַלער ווי זיינע.

ווערן די אידעאַלן, אַזוי ווי סירקין האָט זיי געזען, געגלויבט אַז זיי וועלן פאַרווירקלעכט ווערן אין דער יידישער מדינה, באמת רעאַליזירט אינעם גייסט פון סירקינס וויזיע? מ'קען צווייפלען אין דעם. עס איז אַן אָנגענומענע אַקסיאָמע ביי אונדז, אַז די מדינה וועט קענען זיך אַנטוויקלען און פּראָגרעסירן נאָר דעמאָלט ווען איר עקאָנאָמיק וועט זיך באַזירן אויף אַ פשרה צווישן סאָצי־אַליסטישן סעקטאָר און דעם סעקטאָר פון דער פּריוואַטער איני־ציאַטיוו. סירקין האָט דאָך געזען אין דער פּריוואַטער איניציי־אַטיוו דעם פיינט פון דער יידישער מדינה וועגן וועלכער ער האָט געחלומט, צו וועלכער ער האָט געשטרעבט. אָט איז די מאַכט אין דער מדינה אין די הענט פון אַ סאָציאַליסטישער אַרבעטער

פּאַרטיי, וואָס סירקין איז געווען איינער פון אירע גרינדער. אָבער דער כבוד פון דער אַרבעט אויף וועלכער עס איז באַזירט דער אויפבוי פון דער מדינה, וואָס וועגן איר האָט מען געזונגען אין די ערשטע צייטן פון ישוב „די אַרבעט איז אונדזער לעבן" פּאַלט, און דער אָנזען פון דער פּריוואַטער איניציאַטיוו האַלט אין שטייגן.

עס איז פאַרגעסן געוואָרן די תורה פון סירקין. אין יענע טעג ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן אויסקריסטאַליזירן די סאָציאַליסטשע באַוועגונג אינעם יידישן און ציוניסטישן לאַגער — איז אונדז נישט איינגעפאַלן אַז אַ סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, וואָס וועט שטיין בראש פון דער יידישער מדינה, וועט גיין אויף אַזאַ נישט סאָ־ציאַליסטישן וועג און וועט זיך צופּאַסן צו דער לאַגע, נישט מאַכן אפילו קיין געהעריקן אָנשטרענג זי גובר צו זיין.

אזוי זענען די געשאַפענע באַדינגונגען מנצח די שאַפונג גופא און איר עיקר אידעאל, אזוי פּאַסט זיך צו די שטאַלצע און אַמ־ביציעזע שאַפונג צו די גרויע, וואָכעדיקע באַדינגונגען.

אָבער דערפאַר באַמיען זיך די וואָס פּאַסן זיך צו פון צייט צו צייט אָפּצופרישן זיך אין א מין עלית־נשמה, זיי פאַרטיפן זיך אין די זכרונות פון דער פאַרגאַנגענהייט, פאַראייניקן זיך מיט די נשמות און לערע פון די אָנזאָגער פון ציוניסטישן סאָציאַליזם, וואָס האָבן געגלויבט אַז דער שאַפונגס־כוח קען גובר זיין די באַ־דינגונגען, און ווען די מינוטן פון קדושה גייען פאַרביי, קערן זיי צוריק צו דערווירקלעכקייט, צו דער צופּאַסונג צו אירע באַדינגונגען...

# ד״ר יוסף קרוק

דאָס ערשטע מאָל האָבן מיר זיך באַגעגענט אין יאָר 1902 אין לאָדזש אויף א פאַרזאַמלונג ווו עס האָט רעפערירט מיין פאַר־שטאָרבענער יוגענט־פריינט און חבר, קירשראַט.

זייט יענער באַגעגעניש איז אריבער אַסך יאָרן און איך האָב נישט געזען קרוקן און גאָר נישט געהערט וועגן אים. שפּעטער האָב איך געהערט, אַז קרוק האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער ס. ס. פּאַרטיי און האָט געווײַלט אין וואַרשע אין יאָר 1905, בעת דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע. ער איז אויך געווען אין פּעטראָ־גראַד אין די טעג פוןביידע רעוואָלוציעס — די מאַרס און אָק־טאָבער רעוואָלוציע אין יאָר 1917. כ׳בין דעמאָלט אויך געווען אין פּעטראָגראַד און האָב רעדאַגירט אַ צייטונג אין יידיש — און מיר האָבן זיך נישט באַגעגענט. כ׳האָב בלויז געהערט, אז ער האָט באַוויזן אין משך פון דער צייט, צווישן די דריי רעוואָלוציעס, צו לערנען אין בערלין, אין דער שווייץ, אריבער קיין לאָנדאָן, ווערן אַ חסיד פון זאַנגווילן, דער אָנפירער פון דער טעריטאָריאַליסטן־אָרגאַניזאַציע, זיך צו באַקענען מיט די גדולים פון דער ענגלישער לייבור־פּאַרטיי, און אפילו צו ווערן באַפריינדעט מיט אייניקע פון זיי.

מיר האָבן זיך ווידער באגעגנט אין וואַרשע. די פּאַרטייען צו וועלכע קרוק האָט אַמאָל אָנגעהערט, זענען אינצווישן פאַר־שווונדן, אָבער קרוק איז געבליבן טריי דעם סאָציאַליזם און געפונען פאַר זיך אַ תיקון אין אַלינקע סאָציאַליסטישע גרופּע וואָס האָט זיך אָפּגעשפּאָלטן פון פּ.פּ.ס. (פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי), אין וועלכע עס זענען אריין יידן און פּאָליאַקן. די בייע פּאַרטיי האָבן געגרינדעט צוויי יידן, קרוק און דראָבנער. זיין

אַקטיוויטעט אין דער פּאַרטיי, האָט אים געבראַכט קיין קאַרטוז־בערזע, ווו עס האָט זיך געפונען אַן איזאָלאַציע־לאַגער פאַר פּאָליטישע פאַרברעכער, וואָס האָט זער אַ שלעכטן נאָמען. אָבער קרוק האָט זיך נישט איינגעבראָכן אין דעם לאַגער. ווען ער איז באַפרייט געוואָרן, האָב איך זיך מיט אים באַגעגענט פון צייט צו צייט. עס זענען געווען דעמאָלט די לעצטע יאָרן מיינע אין פּוילן, פאַר מיין עולה זיין קיין ארץ־ישראל. קרוק איז געווען מעסיק אין א געזעלשאַפט וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט יידישער עמיגראַציע קיין אַמעריקע און אנדערע לענדער. ארץ־ישראל איז נישט געווען איינע פון די לענדער.

נאָך פאַר מיין עליה, האָב איך געהאַט דעם זכות צו זען לינקע פּועלי־ציון, וואָס האָבן זיך געווענדעט צו מיר מיט דער בקשה צו געבן זיי עליה סערטיפיקאַטן קיין ארץ־ישראל, וועלכע איז געווען ביי זיי נאָר אַ פּונקט אין פּראָגראַם, אָבער נישט קיין לאַנד פון מאַסן־עליה. קרוק איז נישט געווען צווישן זיי.

כ׳בין זיכער, אַז יוסף קרוק איז געגאַנגען זיין וועג, אין ריינעם און טיפן גלויבן אין זיין אמת.

אַ וועג פון ליידן איז געווען קרוקס וועג, באַזונדערס אין פּוילן, דאָרט האָט ער אויך געפילט דעם טעם פון אַ פּוילישן „איזאָלאַציע־לאַגער״. פונעם טאָג אָן, זינט ער האָט זיך אָנגעשלאָסן צו די סאָציאַליסטן־טעריטאָריאַליסטן, פלעגט ער ווי אַנטלויפן פון ארץ־ישראל. די השפעה פון פּוילן און די טראַדיציע פון איר נאַציאָנאַלן און סאָציאַליסטישן קאַמף, האָט נישט באַוויזן אַריינצודרינגען אין זיין באַוווסטזיין דעם באַגריף „פאָטערלאַנד״, וואָס מיר פּוילישע ציוניסטן זענען, דאַכט זיך, געווען די ערשטע וואָס האָבן אים אריינגעבראַכט אינעם ווערטער־אוצר פון די רוסישע ציוניסטן. אַ פאָטערלאַנד איז נישט אַ לאַנד וואָס מ׳זוכט עס אויף דער מאַפּע. אַ היימלאַנד איז אַ לאַנד פון די פעטער, דאָס געבוירן־לאַנד פון פאָלק, ווו דאָס פאָלק האָט אַמאָל געוועלטיקט, אַ לאַנד מיט וועלכן דער בונד איז נישט איבער־געריסן געוואָרן אַפילו דעמאָלט, ווען ס׳איז אויסגעליידיקט געוואָרן פון יידן, און עס איז נישט אויסגעלאָשן געוואָרן דער גלויבן אַז עס וועט ווערן אַ פאָטערלאַנד פאַר מיליאָנען יידן.

קרוק וואָס האָט נאָך אַ לאַנגן וועג פון יסורים און וואַנדערן געפונען זיין פאָטערלאַנד אין דער יידישער מדינה, האָט נישט זוכה געווען זיינע קענטעגישן און פעאיקייט צו שטעלן אין דינסט פון מדינת ישראל, דאָס איז אַ עונש, ביודעים אָדער בלא יודעים, פאַר יעדן איינעם, וואָס האָט זיך נישט באַטייליקט אין דער בראשית־שאפונג אינעם ארץ־ישראל ישוב.

# ישראל עפּרויקין

...און אָט האָט עס פּאַסירט, אַז איך שרייב אַ געדענק־וואָרט וועגן ישראל עפּרויקין, אויף יידיש דווקא, אין דער מדינת־ישראל. א מערקווירדיקע און אינטערעסאַנטע קאַריערע האָט געהאַט הינטער זיך ישראל עפּרויקין, וועלכער האָט פאַרענדיקט זיין וועג אין לעבן אַלס ראש פון אַ יידישער קהלה אין פּאַריז.

✶

ווי ווייט זענען די יאָרן, ווען אין יעדער גרעסערער שטאָט אין פּוילן און אין רוסלאַנד און אין פיל קליינע שטעטלעך אינעם יידישן תחום המושב אינעם צאַרישן רוסלאַנד, זענען אויסגע־וואַקסן ווי פון דער ערד, יוגנט־גרופּן — געוועזענע ישיבה־בחורים — וואָס האָבן זיך געגרייט אַלס עקסטערניסטן צו מאַטורע, סטודענטן פון אוניווערזיטעט און אנדערע הויכשולן. און ארום זיי ארבעטער אין קליינע פאַבריקלעך, בעלי־מלאכה געהילפן, האַנדעלס אָנגעשטעלטע און באַאַמטע אין געוועלבער און האַנדעלס־הייזער. סך הכל אַ 50 יאָר זענען אוועק זייט דעמאָלט, און שוין איז עס געשיכטע פון ווייט פאַרקלונגענער פאַרגאַנ־גענהייט.

עפּרויקין איז געווען איינער פון יענעם דור. ווען זיין נאָמען איז מיר באַקאַנט געוואָרן אין אָנהויב פון יענער תקופה, איז ער געווען טעטיק אַלס אַגיטאַטאָר אין וויטעבסק און אין די אַרומיקע שטעטלעך ביז סמאָלענסק, אונטער דעם פּסעוודאָנים אַלעקסאַנדער. זיין אויפגאַבע איז געווען צו ווערבירן אַרבעטער און יוגענט, צו שאַפן קעמערלעך פאַר דער יידיש סאָציאַליסטישער פאַרטיי, וואָס האָט זיך גערופן אויף רוסיש: „וואָזראָזשדעניע" („אויפלעבונג"). ווי אנדערע סאָציאַליסטישע יידישע פּאַרטייען

איז אויך „וואָזראַזשדעניע" געווען א סינטעזע פון ציוניסטישע און סאָציאַליסטישע פרינציפּן.

אַנדערש אָבער ווי די קאָנסעקווענטע ציוניסטן האָט די „וואָז־ראַזשדעניע" נישט נעגירט דעם גלות און געהאַלטן אַז עס איז מעגלעך פאַרצוזעצן יידישן קיום אין גלות ווען עס וועלן געשאַפן ווערן פּאָליטישע באַדינגונגען פאַר נאַציאָנאַל־קולטורעלן אויס־לעבן זיך פון יידישן פאָלק.

אין דער תקופה פון שאַרפן קאַמף צווישן די ציוניסטן און טעריטאָריאַליסטן האָט די „וואָזראַזשדעניע" פאַרנומען אַ בייטראַלע שטעלונג, מיט דער טענה, אַז די פראַגע וועט געפינען איר לעזונג אינעם יידישן סיים (פּאַרלאַמענט), וואָס וועט האָבן די מעגלעכקייט אַרויפצולייגן שטייערן אויף די יידן, כדי צו שאַפן אַ פינאַנסיעלן באַזיס פאַר דער קאָלאָניזאַציע טעטיקייט אין ארץ־ישראל, אָדער אין יעדן אַנדערן לאַנד, ווו מ׳וועט קענען שאַפן אַ יידישע מדינה.

איצט ווען כ׳פּרוּוו פאָרמולירן די אידיאָלאָגיע פון „וואָז־ראַזשדעניע" אין אירע הויפּט ליניעס, וועלנדיק אָפּהיטן פולע אָביעקטיוויטעט, גיב איך מיר אָפּ אַ דין וחשבון, אַז אָט דעם לייענער וואָס האָט איבערגעלעבט די געשעענישן זינט 1939, וועט נישט לייכט זיין צו פאַרשטיין די דאָזיקע געדאַנקען. אָבער עס זענען געווען דעמאָלט אַזעלכע צייטן ווען די אַלע געדאַנקען האָבן אויסגעזען צו זיין נאַטירלעכע, מ׳האָט געגלויבט און גע־טרוימט אז נאָכן פאַלן פון צאַריסטישן רעזשים וועלן זיך אָנהויבן גוטע צייטן פאַר אַלע אונטערדריקטע מינדערהייטן אין אויך פאַר יידן. ביז עס איז געקומען די אויסניכטערונג, נאָך די אָקטאָ־בער־פּאָגראָמען אין יאָר 1905 אין דרום רוסלאַנד, נאָכן אונטער־דריקן דעם מאָסקווער אויפשטאַנד און די פויערים רעוואָלטעס, און נאָך דער פינצטערער רעאַקציע פון די יאָרן 1908 — 1912. אַלע יידישע פּאָליטישע פּאַרטייען, סאָציאַליסטישע און נישט סאָציאַליסטישע האָבן כמעט אויפגעהערט צו עקזיסטירן. די אָנ־פירער פון די יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען ווי ווייט זיי זענען בכלל נישט פאַרשוואונדן פון דער עפנטלעכער אַרענע.

האָבן זיך בעיקר באַשעפטיקט מיט יידישער ליטעראַטור און געטון קולטור־אַרבעט אין יידיש.

✶

מיר האָבן זיך ווידער באַגעגענט אין פּעטראָגראַד, אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. נאָכן נצחון פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע. עפּרויקין איז שפּעטער געווען אַ „פאָלקיסט״ פון היסטאָריקער שמעון דובנאָווס שול. דער „פאָלקיזם״ האָט געזאָלט זיין אַ מין „פּראַקטישע״ און „תכלית׳דיקע״ פשרה צווישן די זיך באַקעמפנדיקע אידעאָלאָגיעס אויף דער יידישער גאַס.

ווען כ׳בין, אין די ערשטע יאָרן נאָך דער מלחמה געווען אין בערלין, האָב איך דאָרט געפונען עפּרויקינען אַריינגעטאָן אויך אין פּראַקטישע און תכלית׳דיקער אַרבעט. ער האָט געאַרבעט אין דער פּאַראייניקטער עמיגראַציע געזעלשאַפט „עמיגדירעקט״.

✶

שפּעטער האָב איך אים צופעליק באַגעגענט אין פּאַריז. אויב איך בין מיך נישט טועה, אז ער געקומען אויף א זיצונג צו מאַצקינען אין ביוראָ, דאָס ביוראָ פון קאָמיטעט פון די יידישע דעלעגאַציעס, וועלכער האָט זיך דעמאָלט באַמיט צו אָרגאַניזירן די פּאַרטיידיקונג פון די יידישע רעכט אַלס נאַציאָנאַלע מינדערהייט, אויפן יסוד פון די מינדערהייטס־טראַקטאַטן וועלכע זענען אָנגענומען געוואָרן אויף דער ווערסיילער פרידנס־קאָנפערענץ. אין דעם מאָמענט ווען די זיצונג האָט זיך געענדיקט איז עפּרויקין נעלם געוואָרן. מ׳האָט מיר דערציילט אז ער „פאָרשט״ דאָס נאַכט־לעבן אין פּאַריז.

אין יענער צייט האָט עפּרויקין באַשלאָסן צו פאַרלאָזן די געזעלשאַפטלעכע אַרבעט, און רייך ווערן, פּראָסט־פּשוט, מאַכן אַ פאַרמעגן. צוזאַמען מיט נאָך אַ יידן אַן אָפיציר פון דער געוועזענער וויים־גוואַרדיסטישע אַרמיי, האָט ער געעפנט א גרויס רייזע־ביוראָ און איז באמת נתעשר געוואָרן. זיין פּראַקטישער שכל האָט אים בעסער געדינט אין געזעלשאַפטלעכע ענינים, ווי אין יידישער פּאָליטיק אין גלות. ער האָט געפירט רוסישע עמיגראַנטן קיין דרום־אַמעריקע און געוואָלט אויך באַהערשן דאָס

טראַנספּאָרטירן די עולים קיין ארץ־ישראל. ביי גויים האָט ער געמאַכט אַ פּאַרמעגן, אָבער ביי די געשעפטן מיט יידן האָט ער געהאַט היזק און אָנגעווירן. אָבער אין דער אונטערשטער שורה איז ער נתעשר געוואָרן און איז אריין אינעם קרייז פון די גבירים. ער האָט נישט איבערגעריסן זיינע פאַרבינדונגען מיט זיינע פריערדיקע חברים און אונטערשטיצט זייערע אונטערנע־מונגען, אָבער אַליין איז ער געשטאַנען מן הצד. אין יענער תקופה, איז עפרויקין געווילט געוואָרן אינעם נישט ציוניסטישן טייל פון דער יידישער אַגענץ און איז אויך געווען אַ מיטגליד פון דער פעדעראַציע פון די יידישע לאַנדסמאַנשאַפטן, ער האָט זיך נוהג געווען ווי אַ גביר, וואָס פאַרלייקענט נישט און בלייבט געטריי די אידעאַלן פון זיינע יוגענט־יאָרן.

אין די לעצטע יאָרן, האָט זיך עפרויקין דערנענטערט צו ארץ־ישראל און צו מפא״י, אָבער ער איז געבליבן געטריי זיין פּאָזיטיווער באַציאונג צום יידישן לעבן אין גלות און צו יידיש. ער האָט געפּרווט רעאַליזירן זיינע אַלטע אידייען וועגן אַ יידישער פאָלקס־קהילה אין דער איינגער ראַם פון יידישן לעבן אין פּאַריז. ער האָט געגרינדעט און ארויסגעגעבן אין פּאַריז דעם זשורנאַל „קיום", וואָס האָט געמיינט צו זאָגן, אַז דער עיקר איז דער קיום פון יידישן פאָלק און נישט די לעבענס־פאָרמען און דער אינהאַלט, וועלכע ענדערן זיך אינעם לויף פון די צייטן.

אַזאַ איז געווען דער לעבנסוועג פון איינעם פון די בני הדור, וואָס האָבן פאַרלאָזן אונדז און גייען אַוועק. שטאַרקע פליגלען האָט ער געהאַט. דער דור האָט זיך פאַרמאָסטן הויך צו פליען, און — אונטער דער שווערער לאַסט פון דער גרויי־זאַמער ווירקלעכקייט, פון יידישן גורל — זיך איינגעבראָכן.

# ד״ר מאיר קלומעל

## א.

ס׳איז נישט קיין גוזמא צו זאָגן, אז די ציוניסטישע אָרגאַ־ניזאַציע אין פוילן איז שולדיק אַ דאַנק דעם ד״ר קלומעל פאַר דעם, וואָס עס איז איר געגעבן געוואָרן די מעגלעכקייט צו אַנטוויקלען א טעטיקייט פון פאַרנעם און שווונג, וואָס האָט זי געמאַכט פאַר דער שטאַרקסטער פון אַלע פאַרטייען, וואָס האָבן געווירקט אין דער יידישער געזעלשאַפט אין פוילן. ער איז געווען באַגאַבט מיט פאַנטאַזיע און שווונג, מיט אַ ווארם האַרץ, ער־לעכקייט און חברישע איבערגעבענקייט.

ער האָט אַליין געטראָגן די פינאַנסיעלע לאַסט פון פערשידענע ציוניסטישע אַקציעס. דערביי געווען שטענדיק אָפטימיסטיש, נישט געשראָקן זיך פאַר ריזיקאָ, נישט געווען קליינלעך־אויסגערעכנט. געהאַט אַן אָפענע האַנט פאַר אינסטיטוציעס אין וועלכע ער האָט געזוכט נישט דווקא כבוד און מאַכט, הגם ער איז געווען אמת, אַ פארמעגלעכער מענטש, אָבער ווייט נישט געהערט צו די גבירים.

קלומעל איז געווען אַן אינטעליגענט, אין אייראָפעאישן און יידישן זין, וואָס איז געוואָרן אַ סוחר. אָבער ער האָט נישט פאַרלוירן די אייגענשאַפטן פון אַן אוהב ספר, פון א תלמיד־חכם. קלומעל איז געווען אַ קינד פון דעם דור, וואָס האָט אריינגעבראַנגט אין יעדער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, דאָס ליכט פון יום־טוב, פון דער שמחה פון דער נשמה יתירה.

נו, מיר האָבן דערלעבט צייטן, ווען מ׳רעדט מיט גרינג־שעצונג און שפאָס וועגן די מענטשן מיט אַזעלכע אייגענשאַפטן. אין בעסטן פאַל שענקט מען אַ וואַרם וואָרט מיט אַ שמייכל פון רחמנות פאר אָט די „ראָמאַנטיקער״. אָבער אזעלכע זענען

זיי געווען, די מענטשן ווי ד"ר קלומעל, דער ציוניזם, ווי די געזעלשאַפטלעכע אַרבעט וואָס איז געווען מיט אים פאַרבונדן און געווען פאַר זיי די פּאָעזיע און דער גלויבן פון זייער לעבן און נישט אַ פּראָזאַאישער און וואָכעדיקער ענין.

..אָט זע איך אים, ווי ער זיצט אין זיין ארבעט־צימער אויף דער גראַניטשנע גאַס אין וואַרשע. ביכער־שראַנק און פּאַ־ליצעס פולע מיט ביכער פאַרדעקן די ווענט פון צימער, און אזוי שמועסנדיק, שטעלט ער זיך אויף פון זיין פּלאַץ, גייט צו דער ביכער־שראַנק און נעמט אַרויס א בוך, ווייזט עס מיר מיט שטאָלץ, מיט ליבשאַפט און התלהבות דערציילט ער וועגן דעם בוך. ס'רוב איז עס אַ בוך פון דער מיטעל־אַלטערלעכער ליטע־ראַטור, אַ מאָל דער זוהר, וואָס ער האָט געלערנט און געפונען אין אים זאכן וואונדערלעכע מיט זייער שיינקייט און טיפקייט. געווען אַלע יאָרן אַ מענטש פון בוך, ליב געהאַט און געזאַמעלט ביכער, און זיין האַרץ האָט ממש געבלוטיקט, ווען די שווערע צייטן האָבן אים געבראַכט דערצו, אז ער זאָל מוזן פאַרקויפן די דאָזיקע אוצרות זיינע. ווער עס וועט אורטיילן וועגן דער רייכקייט פון קלומעלען לויט זיין שפּענדן און נדיבות, לויט זיין אָפענער האַנט, וועט אַוודאי האַלטן, אַז ער איז געווען אַ גרויסער גביר. אָבער, אין די סאַמע בעסטע צייטן זיינע איז ער נישט געווען מער ווי אַ פערמעגלעכער מענטש. אָבער ער האָט געגעבן און געטון שטענדיק איבער די כוחות. די ציוניסטישע אָרגאַני־זאַציע, און באַזונדערס די דערציאונגס־אַנשטאַלטן פון „תרבות", אין די ערשטע יאָרן, האָבן געגאָסן נישט איינמאָל פון זיין ברייט־האַרציקער שטיצע און פון זיין איידעלן זשעסט — נישט אַריינ־צולאָזן זיך אין איבעריקע חשבונות.

ב.

קלומעל האָט זיך געשטעלט בראש פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין פּוילן, נאָך בעת דער דייטשער אָקופּאַציע, אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. ער האָט באַנייט די באַוועגונג און אויפגעבויט די אָרגאַניזאַציע. ביי דער ערשטער געלעגנהייט וואָס האָט זיך געשאַפן, האָט ער אָנגעהויבן אַ ברייטע ארבעט

אויפן געביט פון דער העברעאישער קולטור, געשאפן שולן, לערער־סעמינארן, און געשאפן פאר דער דערציאונגס געזעלשאפט „תרבות", בראש פון וועלכער ער איז געשטאנען, די נויטיקע מיטלען — פון „דזשאינט" און אנדערע קוועלן. ער איז נישט געווען דער מנהיג פון דער באוועגונג, הגם ער האט געקענט אין זיינע רעדעס אנרירן אינטימע פעדים אין די הערצער פון די צוהערער, באגייסטערן מיט א בילד אדער א משל, הגם ער איז אסך יארן געשטאנען בראש פון דער ארגאניזאציע. ער איז געווען דער געטרייער מענטש און עיקר אנשפאר פון דער ארגאניזאציע, אן וועלכן זי וואלט קיין קיום נישט געהאט.

און ווי איידל און ריין איז געווען דער מענטש! — נישט געהאט אין זיך אין דער מינדעסטער מאס דעם עגאאיזם: אייגנ־ליבע, מאכט און כבוד־געלוסטן פון די אלע וואס האבן זיך אזוי ברייט געמאכט אינעם ציוניסטישן לאגער ווען עס זענען געקומען די טעג פון פארווירקלעכונג. ער האט געהערט צו יענעם מין כלל־ציוניסטן, וואס האבן נישט בודק געווען די פאטריאטישע אנגעהעריקייט צום אידעאל, צו ארבעט, צו חלוצישער הגשמה. מיטן גאנצן הארצן איז ער געווען אויף דער זייט פון דער יוגנט, וואס פארווירקלעכט דעם ציוניסטיש חלוצישן אידעאל, זיך נישט געלאזט מיטרייסן פון קנאה־שנאה ווי אנדערע פון זיין שטאנד און סביבה.

*

ווען עס האט אויסגעבראכן דער ווירטשאפטלעכער קריזיס אין פוילן, זענען געקומען שווערע צייטן פאר קלומעלן. זיין דרייסטע פאנטאזיע האט אים פארפירט, און ער איז אריין אין שוועריקייטן, וואס האבן אים גורם געווען ביטערניש און יסורים. עס זענען געקומען טעג פון ירידה אין זיין פריוואטן און אויך אין זיין געזעלשאפטלעכן לעבן. ער האט דעמאלט באשלאסן עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל און אנהויבן אניי לעבן, ער איז שוין געווען דעמאלט איבער זעכציק יאר און א קראנקער מענטש.

און דער ישוב האט נישט די מידה פון העפלעכקייט און רחמנות, לגבי די בויער און שאפער פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע אין די גלות־לענדער, וואס קומען זיך באזעצן אין לאנד.

ווען זייערע כוחות זענען שוין אָפּגעשוואַכט. ער איז זיך נישט נוהג זיי מקרב צו זיין און רחמנות צו האָבן אויף זיי, ער שטויסט זיי אָפּ און פאַראייגזאַמט זיי. ווי פאַרלאָזענע יתומים, עלענטע דרייען זיי זיך ארום אין דער שאַפערישער וועלט אין לאַנד. זיי קענען זיך נישט אָנשליסן צו די שאַפער און בויער, און זיי זענען דאָך געווען אין די גלות־לענדער צווישן די, וואָס האָבן צוגעגרייט, געהאָלפן, געליפערט די מאַטעריעלע און גייסטיקע מיטלען. גלייכצייטיק איז עס שווער צו געפינען פאר זיי אן אָרט אינעם לעבן וואָס שאפט זיך אין לאַנד און זיי שטייען כעני בפתח ביים פּרעכטיקן בנין וואָס בויט זיך און קומט אויף פאר זייערע אויגן, וואָס אויך זיי, די פון גלת געקומענע, האָבן זיך געמיט און געמאַטערט ביי זיין אויפבוי. און אַמאָל ווערט זייער האַרץ פול מיט ביטערניש, וואָס ווערט פאַרוואַנדעלט אין שנאה. אויך קלומעל איז געשטעלט געוואָרן אין דעם נסיון. אויך אים האָט מען פאַרשטויסן. אין א פאַרוואָרלאָזט ווינקעלע ער האָט זיך געפייניקט און געליטן אַסך אין זיינע ערשטע טעג אין לאַנד. אָבער ער האָט נישט געלאָזט אז די ביטערניש זאָל אים באַהערשן, דערווייטערט פון האַרץ יעדן געפיל פון פאַרדרוס, האַס און שנאה. ער האָט נישט געהערט צו די בייזע צינגער, וואָס באַשמוצן און באַריידן. זיין האַרץ איז געבליבן געטריי דעם ציוניזם פון יענע גוטע צייטן, נאָר די התלהבות איז געלאָשן געוואָרן און עס איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן אין אים דער גלויבן אין זיך און אין זיינע כוחות.

און דאָך איז ער נישט געווען געפאַלן ביי זיך. ווי א מענטש וואָס צאַפּעלט און רייסט זיך צום לעבן אין א שטאַרקן וואַסער־שטראָם, האָט ער געזוכט און געפונען פאַר זיך פרנסה און אן אינהאַלט אין לעבן. ער האָט אָנגעהויבן זיך באַשעפטיקן מיט בויען בשותפות'דיקע הייזער פאַר מענטשן פון מיטלשטאנד. ער האָט ווידער באַקומען אינטערעס און געשעפּט התלהבות אין זיין ארבעט, און געזען אין איר גרויסע און וויכטיקע זאַכן. און ווער ווייס, אפשר האָט ער געגלויבט, אז נאך און נאָך אן אָנשטרענג און עס וועלן זיך ווידער אומקערן יענע טעג אין פוילן וואָס זענען געווען פול מיט ליכט און געטרייע אַרבעט פאַרן ציוניזם, פאַר

דער העברעאישער קולטור און פאַר דער פאַרבעסערונג פונעם ווירטשאַפטלעכן לעבן פון די פאָלקס־מאַסן, וואָס גייען אויס אין אָרעמקייט.

און אַט איז אים באַפאַלן אַן אכזריותדיקע קראַנקהייט פון וועלכער ער איז געשטאָרבן.

ווי גרויס איז די טראַגעדיע פון דעם דאָזיקן ציוניסטישן דור, וואָס איז געשטאַנען אויף דער פראָנט־ליניע אין גלות, און געווען אַ געטרייער און זיכערער אָנשפאַר פאַר די וואָס זענען געשטאַנען אינעם קאַמפּס־פראָנט אינעם פאָטערלאַנד! זייער וועלט אין גלות איז חרוב געוואָרן פאַר זייערע אויגן, און זייער וועלט אינעם פאָטערלאַנד האָבן זיי נישט באַוויזן ווידער אויפצובויען.

קלומעל האָט געזען דעם חורבן פון זיין וועלט אין פוילן און האָט זיך געראַטעוועט פון די רואינען, כדי צו באַנייען זיין לעבן אין דעם לאַנד, וואָס ער האָט אַלע זיינע יאָרן געהאָלפן עס אויפבויען. ער האָט נישט זוכה געווען און אויפן שוועל פון זיין באַנייטן לעבן, נאָך וועלכן זיין נשמה האָט געלעכצט, איז זיין לעבן אויסגעגאַנגען.

## ד״ר נוח דאַווידזאָן

אַזוי האָב איך אָנגעהויבן מיין הספד אויף נוח דאַווידזאָן:

אין מיטן אַ שווערן געראַנגל פאַר די רעכט און כבוד פון אונדזער פאָלק, האָט אונדז דערשיטערט די ידיעה וועגן טויט פון ד״ר נוח דאַווידזאָן. עס איז אַוועק פון אונדז איינער פון אונדזערע בעסטע זעלנער, וואָס האָט געוווסט ווי צו טון און דערפילן די סאַמע שווערסטע ארבעט: צו געהאָרכן, אויספירן דעם באַפעל, מאַרשירן אין דער ריי, און היטן די דיסציפלין. ער האָט נישט גערעדט וועגן דיסציפלין, וואָס מ׳דאַרף אַרויפלייגן אויף אַ צווייטן, ער האָט די דיסציפלין קודם אַרויפגעלעגט אויף זיך אַליין.

ווען קירשראָט איז געשטאָרבן, איז עס געווען ווי אַ קאַטאַס־טראָפע, וואָס איז פּלוצים אַראָפּגעפאַלן אויף אונדז. ווען סירקין איז אַוועק פון אונדז, איז עס געווען אַן אומגליק, וואָס האָט אונדז געטראָפן אין דער בלוטיקער תקופה פון דער רעוואָלוציע, בירגער־קריג און פּאָגראָמען. נוח דאַווידזאָן איז געשטאָרבן אין זיינע בעסטע יאָרן, און עס איז שווער זיך צו באַפרייען פון דער דערדריקענדיקער מחשבה, אז ער איז דער ערשטער פון אונדזער גרופּע, וואָס דער אכזריות׳דיקער טויט האָט אים ארויס־געריסן פון אונדזערע רייען, און עס איז אזוי שווער דעם ווייטאָק איבערצוטראָגן.

פאַרזונקען אין אונדזער טרויער זענען מיר געשטאַנען אַרום זיין ארון, וואָס איז געווען איינגעוויקלט אין אונזער ציון־פאָן, און דערשטיקט אין זיך דאָס געוויין, ער זאָל זיך נישט אַרויסרייסן פון אונדזערע העלזער. מיר האָבן אַראָפּגעלאָזט די אויגן אונדזערע, כדי נישט צו זען די אויגן פון די חברים וואָס קענען קוים איינהאַלטן דאָס געוויין, די טרערן אין זייערע אויגן.

עס גייען פאַרביי אין אונדזער זכרון בילדער פון דער נישט ווייטער פאַרגאַנגענהייט. אָט איז ער דער סטודענט דאַווידזאָן, וואָס האָט מיט א הייפעלע חברים אָנגעהויבן אַ קאַמף קעגן דער אַסימילאַציע וואָס האָט זיך אין איר פאַריסענקייט פאַרמאָסטן צו אונטערדריקן, דערנידעריקן, צו נישט מאַכן יעדע דערשיינונג און סימן פון נאַציאָנאַל-יידישן לעבן; אָט איז דער יונגער דאָקטאָר וואָס האָט אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן דאָס יידישע פאָלק אין פוילן אין פאָליטישער הינזיכט, וואָס האָט געשאַפן דעם ערשטן יידיש נאַציאָנאַלן קלוב, ווי א קאַמפּ-אָרגאַניזאַציע פאַר נאַציאָנאַלע רעכט; אָט איז דער אָנפירער פון וואַל-קאַמף צו דער וואַרשעווער קהלה-פאַרוואַלטונג און צו די ערשטע רוסישע דומעס. און דאָס סאַמע וויכטיקסטע, דאַווידזאָן דער ציוניסט, דער באַשיידענער מענטש, דער איינפאַכער זעלנער, וואָס האָט געמאָנט דיסציפּלין און אָר־גאַניזירטקייט און האָט געדינט פאַר אונדז אַלע, אַלס ביישפּיל מיט זיינע פיינע מידות. אַ בילד נאָך אַ בילד. אָט איז זיין געזיכט, אויף וועלכן עס ליגט אויסגעגאָסן יסורים און צער, און אַנטשיידענקייט וואָס גרענעצט מיט עקשנות און כוח, וואָס נאָר אַ טיפער און ריינער גלויבן איז אימשטאַנד צו שענקען אַ מענטשן. סאָקאָלאָוו האָט מיר אַמאָל דערציילט, אַז ווען ער האָט אין אַסך יאָרן ארום געזען דאַווידזאָנען בראש פון מאַסן-יידן, האָט ער אויסגעזען אין זיינע אויגן ווי אַ סימבאָל פון יסורים און גבורה.

און אזוי האָט ער אויסגעזען ביי אונדז אַלע. מ'האָט געקענט מיט אים שאַרף פּאָלעמיזירן, זיך אַנטקעגן שטעלן זיינע מיינונגען, אָבער עס איז געווען אוממעגלעך אים נישט ליב צו האָבן, נישט צו פאַרערן אים.

אין דער טיפעניטש פון זיין נשמה האָט ער געטראָגן אזא צער און שמערץ דאָס גאַנצע לעבן זיינס, ער פלעגט זיך באַמיען צו פאַרבאָרגן עס פאַר מענטשלעכע אויגן. נאָר זעלטן פלעגן אָט די געפילן זיינע זיך ארויסרייסן אין דרויסן, אַוודאי וואָלט אים געווען לייכטער געוואָרן, ווען ער זאָל געווען זיך אויסריידן דאָס האַרץ פאַר פריינט און חברים. אָבער עס זענען געבליבן א באַהאַל־

טענער סוד אפילו פאַר די סאַמע נאָענטסטע מענטשן — זיינע מענטשלעכע און יידישע ליידן.

כ׳געדענק: ער האָט מיך אַמאָל געפרעגט, נאָכדעם ווי ער האָט צוריקגעקערט פון רוסישן מיליטער, ווו ער האָט געדינט אַלס אַרצט בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, וואָס וואָלט איך געזאָגט, ווען ער האָט חתונה מיט אַ נישט יידישער פרוי. כ׳האָב אים געענטפערט, אַז אויב די פרוי וועט נאָכגיין איר געליבטן און די קינדער וועלן דערצויגן ווערן אלס יידן, זע איך נישט אין דעם קיין שום חטא. ער האָט אויסגעהערט און איבערגעפירט דעם שמועס אויף אַן אנדער ענין. ערשט דעמאָלט ווען כ׳בין געוויר געוואָרן וועגן זיין ליבע צו דער טאָכטער פון גענעראַל רוזסקי, וואָס איז געווען איינער פון די באַקאַנטע רוסישע קאָ־מאַנדירן אין דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָב איך פאַרשטאַנען פאַר וואָס ער האָט מיר געפרעגט די פראַגע זיינע, און וואָס עס האָט באַדייט פאַר אים מיין ענטפער. ער האָט חתונה געהאַט מיט דער פרוי רוזסקי און געבראַכט צו זיך אין הויז אריין, און געווען איז ער אַן אייניקל פון וואַרשעווער הויפט־רב, וואָס וואָס איז געווען באַקאַנט ווי א גרויסער תלמיד־חכם און רייכער סוחר. כ׳האָב אים קיינמאָל נישט געפרעגט ווי ער האָט געאָרדענט זיין פאַמיליען־לעבן. ווי אזוי האָט זיך דער פאָטער זיינער באַצויגן צו אים און צו זיין פרוי. ער ווידער האָט מיר קיינמאָל נישט געגעבן די מינדעסטע אָנצוהערעניש וועגן דעם. ווי ער האָט גע־אָרדענט זיין פריוואַט לעבן. און קראַנק איז ער אויך געווען, געלעבט צווישן איין אַטאַק און דעם אַנדערן. דערצו איז נאָך געקומען דער טויט פון זיין איינציקע טאָכטער, וואָס האָט געמאַכט אַן ענדע צו זיין פאַמיליע־לעבן, זיין שטוב איז אויסגעליידיקט געוואָרן.

צעבראָכן געוואָרן זיין כוח, זיין אייזערנער כוח. דאָס לעבן איז געווען פאַר אים אַ לאַסט, וואָס ער האָט נישט געקענט מער טראָגן. ער פלעג אויסשפילן די אויפגאַבן וואָס ער האָט אַליין גענומען אויף זיך, אָבער ער איז געווען טויט־מיד. אזוי איז אויסגעלאָשן געוואָרן זיין לעבן און געלאָזט אַ טיפן טרויער אין די הערצער פון זיינע חברים און פריינט.

# ד"ר יוסף דאווידזאן

מיין ערשטע באַגעגעניש מיט ד"ר יוסף דאַווידזאָן, איז פאָרגעקומען בעת די וואַלן צו דער פירטער רוסישער דומע, אין יאָר 1912. ער איז אַריין אין דער ווילער ליסטע, וואָס עס האָט פאָרגעשלאָגן דער יידיש־נאַציאָנאַלער קאָמיטעט, וואָס איז צו־זאמענגעשטעלט געוואָרן אונטער דער השפעה פון די ציוניסטן מיט פאָדלישעווסקין בראש. דער קאָמיטעט האָט נישט געהאַט קיין באזונדער פראָגראַם. ער האָט בלויז פאַרלאַנגט, אז דער דעפוטאַט וואָס וועט געווילט ווערן אין וואַרשע, זאָל זיך מתחייב זיין פאַר זיינע יידישע ווילער, אז ער וועט קעמפן פאַר די רעכט פון יידן אין פוילן און אין גאַנץ רוסלאַנד.

אין דער פוילישער געזעלשאַפט האָבן דעמאָלט עקזיסטירט צוויי ריכטונגען און עס האָבן קאָנקורירט צווישן זיך צוויי קאַנדידאַטן: ראָמאַן דמאָווסקי און קוכאַרזשעווסקי. ראָמאַן דמאָווסקי איז געווען דער פירער פון די נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטן (ענדעקעס), וואָס האָבן געהאַלטן דעמאָלט פון דערנענטערן זיך צו רוסלאַנד, און האָבן געהאָפט, אז זייער קאַמף פאַר ארויסשטופן די יידן פון זייערע עקאָנאָמישע פאָזיציעס, וועט שאַפן אַ בריק צווישן פוילן און דעם צאַריסטישן רעזשים און זיינע אָנהענגער צווישן דער פוילישער שליאַכטע און דער שטאָטישער פוילישער בורזשואַזיע.

יאַן קוכאַרזשעווסקי, אַ באַקאַנטער היסטאָריקער, איז געווען דער פירער פון דער ראַדיקאַלער פאַרטיי, וואָס האָט זיך אָפּ־געשפּאָלטן פון די „ענדעקעס" צוליב די „אוגאָדע" (פשרה, אויס־גלייך) טענדענצן מיט רוסלאַנד, און ער האָט רעפּרעזענטירט די פּאָליטיק וואָס האָט זיך באַזירט אויף דעם קאַמף פאַר אומאָפּהענ־

גיקייט און אויף דער האָפנונג, אַז אין דער נאָענטער מלחמה וואָס פאַרשיידענע סימנים האָבן געוויזן אַז זי איז נישט ווייט, וועט פוילן קענען אויסנוצן די געשאַפענע לאַגע, כדי צו קומען צו אַ פאַרשטענדיקונג מיט די פיינט פון רוסלאַנד, וואָס וועלן זיכער זיגן אין דער מלחמה און שענקען פוילן זעלבסשטענדיקייט. אין דער יידענפראַגע איז קוכאַרזשעווסקיס אָנשויאונג געשטאַנען נאָענט צו דער ענדעקישער, אָבער ער איז נישט אזוי ווייט געגאַנגען ווי זיי און געווען אַ קעגנער פון ברוטאַלן אַנטי־סעמיטיזם, וואָס איז נישט איבערקלויבעריש אין זיינע מיטלען.

ווארשעווער יידן זענען געווען אין א קלעם. זיי האָבן געוווסט אז איןביידע פאַרטייען וועט זיך נישט געפינען קיין מענטש, וואָס וועט וואַגן אָנצונעמען דעם מאַנדאַט פון די הענט פון אַ יידישער מערהייט מיט די פאַרגעזעצטע באַדינגונגען. ווען די פ.פ.ס. וואָלט ארויסגעשטעלט איר קאַנדידאַט, וואָלטן די יידן אפילו איין מאָמענט נישט געצווייפעלט און וואָלטן געשטימט פאַר איר קאַנדידאַט. אָבער די פ.פ.ס און אירע נאָכגייער פון צווישן דער אינטעליגענץ, האָבן זיך שוין דעמאָלט צוגעגרייט צו דער נאָענטער מלחמה און האָבן געקלערט געבויט צו ווערן פון עסטרייך־אונגארן, וואָס אין איר זענען וואָס אמאָל שטאַרקער געוואָרן די שטרעבונגען צו פאַרוואַנדלען די דואַליסטישע מאָנאַר־כיע אין פעלקער פעדעראַציע, צווישן זיי אויך די פאָליאַקן, וואָס וועלן אָנשליסן רוסיש־פוילן צו דעם טייל פוילן, וואָס איז געווען אונטער דער ממשלה פון דער האַבסבורגער מאָנאַרכיע. דעריבער האָבן די פ.פ.ס באָיקאָטירט די וואַלן. עס איז דעמאָלט אַנטשטאַנען דער געדאַנק אין דער יידישער געזעלשאַפט, אפשר איז גלייכער אויסצונוצן די געשאַפענע קאָניונקטור ביז צום סוף און אויסוויילן אַ יידן? מ׳האָט געזאָגט: די פאָליאַקן וועלן בייז ווערן און פאַרשטאַרקן די אַנטיסעמיטישע העצע, אויב יידן וועלן וואַרפן ביידע פוילישע קאַנדידאַטן און וועלן ווילן אַ קאַנדידאַט — אַ פאָליאַק, וואָס וועט זיי געפעלן. איז אפשר בעסער אַז דאָס „פאַרברעכן" זאָל ברענגען דעם מעגלעך בעסטן נוצן, און עס זאָל אויסגעוויילט ווערן אַ ייד, דעמאָלט וועלן פוילישע יידן האָבן צוויי פאַרשטייער אין דער דומאַ, איינעם פון לאָדזש, ווו אלע

האָבן מסכים געווען אַז דאָרט דאַרף געוויילט ווערן אַ ייד, און דעם צווייטן פון וואַרשע. וועגן דעם ענין האָט דאַווידזאָן גערעדט מיט מיר ביי יענער ערשטער באַגעגעניש אונדזערע. ער האָט געוווּסט, אַז אויך אין מיין איניציאַטיוו איז אָנגענומען געוואָרן דער פּלאַן, אַז אין לאָדזש זאָל געוויילט ווערן אַ ייד און אין וואַרשע, איבעם האַרץ פון פּוילן, אַ פּאָליאַק, וואָס זאָל זיך פאַרפּליכטן צו קעמפן פאַר יידישער גלייכבערעכטיקונג. ער האָט מיך געפּרוּווט איבער־צייגן, אַז עס איז בעסער אויסצוויילן אויך אַ יידן אין וואַרשע. איך האָב מיך נישט געלאָזט איבערצייגן. לויטן רוסישן וואַל־געזעץ האָט וואַרשע באַקומען צוויי מאַנדאַטן, איינער אַ פאָרשטייער פון דער נישט רוסישער באַפעלקערונג און דער צווייטער אַ פאָר־שטייער פון די רוסן, וואַרשעווער איינוווינער. דאָס אָוועקנעמען דעם איינציקן פּוילישן קאַנדידאַט פון זייער הויפּטשטאָט, האָב איך געהאַלטן פאַר אַ באַליידיקונג וואָס לאָזט זיך נישט באַרעכטיקן מיט קיין שום אַרגומענט. דאַווידזאָן האָט נישט אויפגעהערט צו באַאיינפלוסן דאָס ווילער־קאָלעגיום, אַז מ'זאָל אָנעמען זיין מיינונג. ער האָט געהאָפט, אַז ער וועט געוויילט ווערן אַלס קאַנדידאַט. דאָס ווילער קאָלעגיום האָט טאַקע באַשלאָסן אויסצוויילן אַ יידישן קאַנדידאַט, אַ יונגן אַרצט, ד"ר ליפּשטאַדט, וואָס איז ביז דעמאָלט נישט געווען באַקאַנט אַלס כלל־טוער, אָבער יענער האָט שפּעטער מוותר געווען אויף זיין קאַנדידאַטור און עס איז אָנגענומען געוואָרן דער ציוניסטישער פאָרשלאָג צו שטימען פאַר אַ פּאָליאַק, וואָס וועט פאַרזיכערן, אַז ער וועט מיטהעלפן אין קאַמף פאַר יידי־שער גלייכבאַרעכטיקונג. צווישן די דריי ארבעטער קוריעס האָט זיך געפונען אזא קאַנדידאַט און ער איז געוויילט געוואָרן מיט די שטימען פון די יידן און די אַרבעטער־פאָרשטייער.

די ערשטע באַגעגעניש אונדזערע האָט אונדז נישט דער־נענטערט אייער צום אדערן. ער איז געווען בייז אויף מיר און אויף די ציוניסטן. ער האָט זיך דערווייטערט פון אונדז און ער האָט זיך געווידמעט זיין פּראָפעסיע אלס ארצט און געעפענט אַ סאַנאַטאָריום מיטן נאָמען „בריאות" אין אָטוואָצק. ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט גרויסער ענערגיע, געפירט געשעפטן און מצליח געווען אין זיי. ער האָט געגרינדעט די ערשטע יידישע טאָג־

צייטונג אין דער פוילישער שפראַך „פשעגלאָנד דאדזיענני”, וואָס דער וואָרט־פירער אין איר איז געווען סאָקאָלאָווס איידעם, דער מאַן פון זיין טאָכטער, סטאַניסלאַוו מענדעלסאָן, איינער פון די גרינדער פון פ.פ.ס. און דער אידעאָלאָג פון דער פּאַרטיי, וואָס האָט זיך אין משך פון דער צייט אַנטוישט אין סאָציאַליזם און זיך צוריק געקערט צו יידן און זייערע פּאָליטישע קאַמפּן. ער האָט זיך דערנענטערט צום ציוניזם, אָבער אין אַלגעמיינע פראַגן איז ער געווען געבויגט צו קאָנסערוואַטיזם לויטן ענגלישן נוסח. נאָכן טויט פון רעדאַקטאָר איז די צייטונג געשלאָסן געוואָרן. דאַווידזאָן האָט פאַרלוירן אין דער צייטונג גרויסע געלט־סומען. ער האָט געקענט פאַרלירן פונקט ווי ער האָט געקענט פאַרדינען.

מיטן אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה, איז ער אַריבער קיין מאָסקווע און נאָך דער אָקטאָבער רעוואָלוציע איז ער צוריק געקומען קיין ווארשע. ער האָט זיך נישט אָנגעשלאָסן אין קיין שום פּאַרטיי. ווען מיר האָבן געוויילט דעם יידישן נאַציאָנאַל־ראַט אין פוילן, האָט דאַווידזאָן צוזאַמען מיט דעם אין ווארשע פּאָפּולערן אַרצט ד״ר גרשון לעווין, דער גרינדער פון „הזמיר”, ליטעראַט און עסקן, ארויסגעלאָזט אַן אייגענע רשימה, וואָס האָט באַקומען אַ קליינע צאָל שטימען.

ווען דער יונגער שרייבער אָפּענשלאַק און אַ גרופּע יידישע ליטעראַטן און זשורנאַליסטן, וואָס האָבן געשריבן פּויליש, האָבן געגרינדעט א יידישע צייטונג אין דער פוילישער שפּראַך מיטן נאָמען „נאַש קוריער”, האָט זיך דאַווידזאָן אָנגעשלאָסן צו זיי און איבערגענומען די פינאַנסירונג פון דער דאָזיקער צייטונג. די צייטונג האָט נישט לאַנג עקזיסטירט און די מיטאַרבעטער פון דער צייטונג האָבן שפּעטער געגרינדעט אַ קאָאָפּעראַטיוו און ארויס־געגעבן אַ נייע צייטונג מיטן נאָמען „נאַש פשעגלאָנד”, וואָס האָט עקזיסטירט ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. אין דער מלחמה צווישן פוילן און ראטן־רוסלאַנד איז דאַווידזאָן מאָבי־ליזירט געוואָרן אלס אַרצט אין פוילישן מיליטער. נאָך דער מלחמה וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיטן נצחון פון פוילן און אָנשליסן אוקראַינישע און ווייס־רוסישע לאַנד־שטחים אין דער פוילישער רעפּובליק, זענען פּראָקלאַמירט געוואָרן סיים־וואַלן. עס איז דעמאָלט

געשאַפן געוואָרן דער בלאָק פון די מינדערהייטס־פעלקער אין פוילן, אָבער דאַווידזאָן האָט זיך אין אים נישט אָנגעשלאָסן, נישט געגלויבט אין זיין דערפאָלג. ער האָט געגלויבט אין די הבטחות פון דעם „פאָלקיסטישן" פירער פרילוצקי און אין זיין פּראָגנאָזע, אַז יידן וועלן נישט שטימען פאַרן נאַציאָנאַליטעטן־בלאָק אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט אויך אוקראַינער פון וואָלין, וועלכע זאָלן זיך האָבן, לויט זייער מיינונג, באַטייליקט אין די אַנטי־יידישע פּאָגראָמען פון פּעטלורע. ער האָט פיגורירט אויף דער וויילליסטע פון די פאָלקיסטן און נישט געווילט געוואָרן. דער נאַציאָנאַליטעטן־בלאָק האָט געהאַט אַפּולשטענדיקן נצחון און פון דער פאָלקיסטישער ליסטע איז געווילט געוואָרן בלויז פרילוצקי אליין.

ביי די וואַלן צום צווייטן סיים און סענאַט, זענען מיר אויך געגאַנגען מיטן נאַציאָנאַליטעטן־בלאָק, און אויך דאָס מאָל האָט דער בלאָק געזיגט, הגם אין אַסך אָקלענערען פאַרנעם ווי דאָס ערשטע מאָל. דאַווידזאָן איז דאָס מאָל געגאַנגען מיט אונדז און איז געווילט געוואָרן אין סענאַט. זינט דעמאָלט איז דאַווידזאָן געווען אַן אַקטיווער חבר אין אַלע אַקציעס פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. ביי די וואַלן צום דריטן סיים האָבן מיר געליטן אַ דורכפאַל צוליב די שיקאַנען און רדיפות מצד דער רעגירונג. נאָך צוויי מאַנדאַטן האָבן מיר באַקומען, איינעם אין ווארשע און איינעם אין לאָדזש. אָבער דאַווידזאָן איז געבליבן אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און אין דער פראַקציע „על המשמר". ער איז אריין אינעם צענטראַל־קאָמיטעט און ער האָט זיך אינגאַנצן איבערגעגעבן דער אַרבעט.

ווען כ'האָב מיך דערוווסט, וויינענדיק אין פּאַריז מיט מיין משפּחה, אַז דאַווידזאָן האָט ליקווידירט אַלע זיינע געשעפטן און ער האָט עולה געווען קיין ארץ־ישראל מיט די רעשטלעך פון זיין פאַרמעגן — בין איך געווען דערשטוינט. כ'האָב געוווסט אַז ער איז זער קאָנסעקווענט און האָט ליב אַרויסצוציען מסקנות פון זיינע אָנשויאונגען, אָבער כ'האָב נישט געקלערט אַז ער וועט עס ברענגען דערצו ער זאָל פאַרלאָזן וואַרשע. טיפע וואָרצלען האָט די משפּחה דאַווידזאָן געהאַט אין וואַרשע, און האָט זיך גע־

רעכענט צו די רייכע יידן וואָס האָבן געהאַט גרויס איינפלוס אין דער יידישער געזעלשאַפט...

און אַט האָט ער אין איינעם אַ טאָג איבערגעריסן אַלע זיינע פאַרבינדונגען מיט פוילן און האָט עולה געווען קיין ארץ־ישראל. עס איז אים נישט לייכט אָנגעקומען. ער איז געווען געצוווּנגען גובר צו זיין דעם ווידערשטאַנד פון זיין פרוי און פאַמיליע. בלויז זיין זון און טאָכטער, וואָס זענען געווען ווי ער, דאָקטוירים און ציוניסטן נאָך פון דער צייט, ווען זיי האָבן שטודירט אויף דער אוניווערזיטעט, האָבן אים אונטערשטיצט. ער האָט עולה געווען מיט אַ יאָר פריער ווי איך.

ווען איך האָב עולה געווען סוף 1933, האָב איך אים געזען אין תל־אָביב אַביסל אנטוישט און בייז. ער האָט נישט געפונען זיין פּלאַץ אינעם ישוב דעמאָלט, וואָס איז געווען אינגאַנצן אַריינ־געטון אין דער רעטונגס־אַקציע פון די דייטשע יידן און זייער אינטעליגענץ האָט גרינג געשעצט די דאָקטוירים וואָס זענען געקומען פון פוילן און אַנדערע לענדער.

נאָך מיין עליה איז דאַווידזאָן מיט גרויסע שוועריקייטן אָנ־גענומען געוואָרן אלס אַרצט אין דער עליה־אָפּטיילונג און ס'איז אים איבערגעגעבן געוואָרן די מעדיצינישע השגחה אויף די עולים וואָס זייער צאָל איז געוואָרן וואָס אַמאָל גרעסער אין דער אמט־צייט פונעם הויכקאָמיסאַר ווויקאָפּ, איידער עס האָבן זיך באַוויזן די דראָענדיקע וואָלקענס מצד די ארץ־ישראל אראבער און היטלערן, וואָס האָט איבערגענומען די מאַכט אין דייטשלאַנד און צענטראַל אייראָפּע, בטל מאַכענדיק אַלע פאַרפליכטונגען וואָס דייטשלאַנד האָט גענומען אויף זיך אין ווערסיילער טראַקטאַט.

דער קליינער פּאָסטן האָט נישט צופרידנגעשטעלט דאַווידזאָנס שטרעבונגען צו אַרבעט און השפּעה. זיינע באַציאונגען מיט די דאָקטוירים פון קופּת־חולים זענען נישט געווען קיין זער גוטע.

בעת עס איז געגרינדעט געוואָרן דער „מפדה האזרחי“, אין דער צייט פון ווירטשאַפטלעכן קריזיס, און ס'איז איבערגעגעבן געוואָרן אין זיין רשות אַ פאָנד פון צוועלף טויזענט ארץ־ישראל

פונטן, איז דאַווידזאָן אויסגעוויילט געוואָרן אין דער פאַרוואַלטונג פון דער נייער געזעלשאַפט, אַלס דער פאַרטרעטער פון סופּראַסקי וועלכער איז געוויילט געוואָרן אַלס פאַרזיצער. דאַווידזאָן האָט זיך גאַנץ איבערגעגעבן צו דער אַרבעט, וואָס איר אויפגאַבע איז געווען קאָנסטרוקטיווע הילף פאַרן קליינעם מענטשן, וואָס האָט נישט געהאַט קיין שוץ און קיין אַפּוטרופּוס. דאַווידזאָן האָט געווידמעט דער אַרבעט אין „מפדה האזרחי״ כמעט אַ גאַנצן טאָג און געווען דער הויפּט־מאָטאָר אירער. אַזוי לאַנג ווי די אָנפירער פון מפדה האזרחי סופּראַסקי און דאַווידזאָן האָבן געלעבט, האָט די געזעל־שאַפט געגעבן איר הילף יעדן, וואָס האָט זיך אין איר געווענדט, נישט געפרעגט צו וועלכער פּאַרטיי אָדער לאַגער ער געהערט.

אלע יאָרן איז ער געווען קראַנק און נאָר מיט דער הילף פון אינסולין האָט ער דערהאַלטן זיין לעבן און אַרבעטס־פעאיקייט.

עס זענען געקומען די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה און די יאָרן פון געראַנגל. דאַווידזאָן איז באַשטימט געוואָרן אַלס אַרצט פאַר די פרייוויליקע וואָס האָבן זיך געמאָלדן צום בריטישן מיליטער און נאָכדעם צו דער יידישער בריגאַדע. דאָרט האָט ער באַקומען אַרבעט און באַשעפטיקונג לויט זיין גייסט און קענטעניש, וואָס ער האָט דערוואָרבן אין דער פּוילישער אַרמיי. דער יידישער אומגליק און קאַטאַסטראָפע, בעת וועלכער ער האָט פאַרלוירן זיין געליבטע טאָכטער און איר מאַן, האָבן אים זער דערשלאָגן. היטלערס מפּלה און דער קאַמף וואָס איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער אין לאַנד פאַר יידישע פרייהייט האָבן אים אויפגעמונטערט. כ׳בין דעמאָלט געווען אין פראַנקרייך פאַרזונקען אין מיינע אייגענע צרות, און בלויז אָפּגעריסענע ידיעות וועגן דאַווידזאָנען, זיין אַרבעט און טעטיקייט, האָבן דערגרייכט צו מיר.

ווען איך בין צוריקגעקומען אין לאַנד אריין אין יאָר 1946, האָב איך געפונען דאַווידזאָנען קראַנק און שוואַך. אין אַ קורצער צייט אַרום בין איך אַרעסטירט געוואָרן און געזעסן אין לאַטרון ביז נאָוועמבער אין יענעם יאָר.

ווען כ׳בין באַפרייט געוואָרן זענען די וועגן צווישן ירושלים און תל־אַביב געווען פול סכנות. עס האָט זיך אָנגעהויבן די

אַראַבישע באַלאַגערונג, און די פאַרבינדונג צווישן אונדז איז אָפּ־געשוואַכט געוואָרן.

אין יאָר 1947 איז דאַווידזאָן געשטאָרבן. ער האָט נישט זוכה געווען צו זען די באַפרייאונגס־מלחמה און דאָס אויפקום פון מדינת ישראל.

## יוסף רגב (גראָוויצקי)

דער סוף פון דער דייטשער אָקופּאַציע און ערב דעם אויפקום פון פּוילן אלס זעלבסשטענדיקע מלוכה, כ׳בין דעמאָלט צוריק געקומען פון פּעטראָגראַד, נאָך אַ דריי־יעריקער אָפּוועזנהייט, קיין וואַרשע. בלויז איין יאָר איז פאַרביי נאָך דער פאַרעפנטלעכונג פון דער באַלפור דעקלעראַציע און דאָס איינעמען ארץ־ישראל דורכן בריטישן מיליטער, צווישן וועלכן עס זענען אויך געווען יידישע אָפּטיילונגען, אָט די לעגיאָנען וואָס עס האָט פאָרגעשלאָגן זשאַבאָטינסקי, און דער שטרייט וועגן זיי האָט אויפגערודערט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אויף גאָר דער וועלט, אויך אין די לענדער וואָס זענען געווען אונטער דייטשער אָקופּאַציע.

אַ יאָר איז פאַרביי נאָכן נצחון פון דער אָקטאָבער רעוואָ־לוציע, וואָס האָט פריער גערופן אַלע אייראָפּעאישע פעלקער נאָכצוטון איר ביישפּיל, און באַלד אין בריסק געמוזט נאָכגעבן די דייטשע זיגער, וועלכע האָבן אויסגענוצט דעם בירגער־קריג, וואָס האָט אויסגעבראָכן אין רוסלאנד — און באזעצט אוקראינע און ווייס־רוסלאַנד.

די יידישע יוגענט האָט דערפילט, אַז דאָס יידישע פאָלק אויף דער גאַנצער וועלט און באַזונדערס אין פּוילן, געפינט זיך אויפן שוועל פון אַ נייער תקופה, פול מיט האָפענונגען. די יידישע יוגענט האָט געוואָלט הערן פון מיר, וואָס איך טראַכט וועגן די ענדערונגען וואָס זענען פאָרגעקומען, סיי די וואָס זענען פאַר־געקומען אין רוסלאַנד און סיי די נייע מעגלעכקייטן, וואָס האָבן זיך געעפנט, אַ דאַנק דער באַלפור דעקלעראַציע און דאָס באַזעצן ארץ־ישראל דורך די ענגלענדער.

אין מיין רעפעראַט אינעם „מרכז הצעירים" אין וואַרשע,

האָב איך גערופן די יוגענט נישט אַוועקצוגיין פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אויף די סאָציאַליסטישע פליגלען, וואָס האָבן זיך אָרגאַניזירט ווי זעלבסשטענדיקע פאַרטייען. כ׳האָב באַטאָנט, אַז אין דעם פאַל וועט באַלד אַנטשטיין די פראַגע, וואָס איז בילכער, ציוניזם צו דער סאָציאַליזם וואָס ווערט רעאַליזירט ? כ׳האָב געזאָגט, אַז דאָרט ווו עס זענען קאָנצענטרירט גרויסע יידישע מאַסן, וואָס זייערע ווירטשאַפטלעכע און קולטורעלע יסודות קענען דערשיטערט ווערן אינעם תוהו־ובוהו, וואָס וועט זיך שאַפן אינעם צוזאמענשטויס פון דער רעוואָלוציע מיט אירע קעגנער — דאַרף געגעבן ווערן די בכורה דעם ציוניזם, פאַר וועלכן עס האָבן זיך געעפענט נייע האָריזאָנטן, מיטן נצחון פון מערב און דער צעטיילונג פון טערקיי. די ציוניסטישע וועלט אָרגאַניזאַציע דאַרף זיך שטעלן אַלס אויפגאַבע, אויפן גרונט פון דער באַלפור־דעקלעראַציע, אויפצובויען די נאַציאָנאַל־היים, וואָס פון איר וועט זיך אַנטוויקלען און אויפקומען די יידישע מדינה.

אין יענע טעג האָב איך באַגעגענט גראַוויצקין. ער האָט זיך צו מיר דערנענטערט. פון דעמאָלט אָן איז ער געשטאַנען ביי מיין זייט. ער איז אריין אַרבעטן אינעם צענטראַל־קאָמיטעט און אין דער רעדאַקציע פון „דאָס יידישע פאָלק", וואָס איז געוואָרן אַ טאָג־צייטונג. גראַוויצקי איז געבוירן געוואָרן אַ זשורנאַליסט, נישט קיין פובליציסט, נאָר אַ זשורנאַליסט. ער האָט געהאַט אַ געפיל פאַר דעם אַקטועלן געשעעניש, געוווסט ווי בולט צו מאַכן דעם וויכטיקסטן פונקט אין יעדער געשעעניש, א גרעסערס צו אַ קלענערס.

ווען דער „היינט" האָט זיך פאַראייניקט מיטן „יידישן פאָלק", האָבן מיר אריינגעפירט אונדזערע זשורנאַליסטן און שרייבער אין דער „היינט"־רעדאַקציע. גראַוויצקי איז, פאַרשטייט זיך, געווען איינער פון זיי. ער האָט געאַרבעט נעבן מיר אינעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און אין איר פרעסע.

די רעדאַקציע פון „היינט", האָט אים באַשטימט אַלס איר קאָרעספּאָנדענט אין סיים, ער איז געווען אַן עדות פון אונדזער פאַרלאַמענטאַרישן קאַמף, און ער האָט וועגן דעם דערציילט די

לייענער פון „היינט". ער האָט געהאַט גוטע פאַרבינדונגען מיט די פוילישע סיים־זשורנאַליסטן און נישט איינמאָל פלעג ער מיך אינפאָרמירן וועגן דעם, וואָס קומט פאָר אין סיים. און איך האָב נישט געוווסט וועגן דעם.

זיין גרויסע שעה איז געקומען ווען עס איז געשאַפן געוואָרן דער מינאָריטעטן בלאָק און ער איז באַשטימט געוואָרן אלס סעקרעטאַר פון יידישן וואַל־בלאָק.

די אַרבעט פון מינדערהייטן־בלאָק איז געווען אַ קאָמפּליצירטע. מיר האָבן געהאַט אַ צענטראַל־קאָמיטעט פון די יידישע פּאַרטייען און אויך אַ קאָמיטעט, וואָס איז געווען צוזאַמענגעשטעלט פון רעפּרעזענטאַנטן פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דעם בלאָק: אוקראַאינער, ווייס־רוסן, רוסן, דייטשן, ליטווינער, און די יידן האָבן פאַרנומען דעם אויבנאָן. מ'האָט געמוזט אַכט געבן אויף דער איינציקייט פון אָט דער קערפּערשאַפט, וואָס איז צונויפגעשטעלט געוואָרן פון פאַקטאָרן, וואָס זענען אַזוי פאַרשיידן און אַזוי ווייט איינער פון אַנדערן. אפילו אין אונדזער אייגענעם צענטראַל־קאָמיטעט איז נישט געווען קיין פולע אחדות. ס'האָבן זיך אין אים באַטייליקט פאַרשטייער פון אגודת־ישראל, פון סוחרים פאַריין, אַ חוץ די פאַרשטייער פונעם צייטווייליקן נאַציאָנאַל־ראַט, וואָס איז געווען צוזאַמענגעשטעלט פון פאָרשטייער פון ציוניסטישן צענטראַל קאָמיטעט, „מזרחי", התאחדות" און פון אומפּאַרטייאישע יידן, און בראש פון זיי — בעלי־מלאכה. מ'האָט געמוזט אַכט לייגן אויף זיי, זיי זאָלן זיך נישט צעבריקלען און פונאַנדערפאַלן.

יוסף גראַוויצקי איז געווען נישט בלויז דער סעקרעטאַר, נאָר אויך דער אָרגאַניזאַטאָר און לייטער. קיין באַאַמטן־אַפּאַראַט האָבן מיר נישט געהאַט. מ'האָט אים ערשט געדאַרפט שאַפן. ס'פלעגן קומען צו אונדז יונגע לייט פון דער גאַס ממש און געבעטן מיר זאָלן זיי באַשעפטיקן מיט אַרבעט ביי אונדז, ס'רוב אָן יעדער באַלוינונג. מ'האָט באַדאַרפט מאַכן פון זיי אַ דיסציפּלינירטע קערפּערשאַפט, אַן אַקטיווע, און קאָנטראָלירן זייער אַרבעט. אַלץ זאָל גייען ווי עס געהער צו זיין, אַז אַלץ זאָל זיין גרייט צום יום־הדין אין וואַרשע און אין די אַנדערע ערטער. דער אָרגאַניזאַ־

טאַרישער טאַלאַנט פון גראַוויצקין איז אויסגעפרוווט געוואָרן און זיך בולט אַרויסגעוויזן אין דער דאָזיקער אַרבעט. דאָס וואַל־ביורא איז שטענדיק געווען פול מיט מענטשן פון וואַרשע און פון אַלע עקן פון פוילן. דער רעש און געפילדער האָט דאָרט נישט אויפגעהערט און גראַוויצקי האָט זיך דאָרט געפילט ווי אַ פיש אין וואַסער. די כוואַליע פון סימפּאַטיע פאַרן מינאָריטעטן־בלאָק איז פון טאָג צו טאָג אַלץ מער געשטיגן צווישן די יידישע מאַסן. גראַוויצקי איז געטראָגן געוואָרן אויף דער דאָזיקער כוואַליע, אָבער דער רודער איז נישט אַרויסגעפאַלן פון זיינע הענט. אזוי איז געקומען דער נצחון, וואָס האָט נישט געהאט זיין גלייכן. די פוילישע פּאַרטייען האָבן זיך דערשראָקן פאַרן כוח פון מינ־דערהייטן־בלאָק; וואָס האָט געהאט אַ השפּעה אויף די וואַלן פון ערשטן פּרעזידענט פון דער פוילישער רעפּובליק. דער פּרעזידענט איז געפאַלן טויט פון די הענט פון אַ רוצח, ווייל ער האָט געוואַגט אָנצונעמען דעם הויכן אַמט פון די הענט פון פוילישן לינקן פליגעל און דעם מינדערהייטן בלאָק.

אַלס פּועל־יוצא פון דעם האָט זיך דער לינקער פליגעל אין סיים דערשראָקן און ער האָט מסכים געווען אויפן קאַנדידאַט פון די רעכטס־שטייענדיקע פּויערים און פּילסודסקין. ס׳איז גע־שאַפן געוואָרן אַ ריין פוילישע מערהייט און דער מינדערהייטן־בלאָק האָט אויפגעהערט צו אַנטשיידן. דער יידישער פּאַרלאַ־מענטאַרישער קלוב האָט פאַרגרעסערט די צאָל מיטגלידער זיינע נישט בלויז אַ דאַנק דעם נצחון פון מינדערהייטן־בלאָק, נאָר אויך צוליבן אָנשליסן אין זיך די מזרח־גאַליצישע יידישע דע־פּוטאַטן, וואָס האָבן גענאָסן פון דעם וואַל־באָיקאָט וואָס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן מצד די דאָרטיקע אוקראַינער. אָבער עס האָט נישט לאַנג געדויערט ביז עס האָבן אויסגעבראָכן חלוקי דעות צווישן די גאַליציש־יידישע דעפּוטאַטן און זייערע חברים פון פוילן און די גרענעץ־געביטן.

עס האָבן זיך אויסקריסטאַליזירט מיינונגס־פערשידענהייטן צווישן די וואָס זענען דערצויגן געוואָרן אין דער עסטרייכישער פּאַרלאַמענטאַרישער שול און די מעטאָדן פון פּאָליטישן קאַמף וואָס פוילישע יידן האָבן זיך אָנגעאייגנט אין פּאָליטישן קאַמף

אין צאַרישן רוסלאַנד, אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע און דער דייטשער אָקופּאַציע. אין זיינע סיים־באַריכטן איז גראַוויצקי געשטאַנען אויף דער זייט פון די לעצטע. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין פּוילן איז געבליבן טריי דער פּאָליטישער ליניע פון דער נאַציאָנאַל־ראַט פראַקציע; אַזוי האָט זיך גערופן דער יידישער טייל פונעם מינדערהייטן־בלאָק.

אָבער דעמאָלט האָט אויסגעבראָכן אַ שאַרפע פּאָלעמיק אין דער פּוילישער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע צוליב ווייצמאַנס פאָרשלאָג, אַריינצונעמען אויך נישט ציוניסטן, באַזונדערס די נאָטאַבלען אין אַמעריקע, אין דער יידישער אַגענץ, מיטן צוועק צו פאַרברייטערן און פאַרגרעסערן אירע פינאַנסיעלע מיטלען. עס איז אַנטשטאַנען אַן אָפּאָזיציע אינעם ציוניסטישן צענטראַל־קאָמיטעט קעגן דעם הערשענדיקן סיסטעם אין דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע און אויף דער זיבעטער לאַנד־קאָנפערענץ אין יאָר 1925 האָט זי באַקומען אַ מערהייט.

דער צענטראַל קאָמיטעט, וואָס איך בין געווען פאָרזיצער, האָט זיך אָנגעגעבן אין דעמיסיע אַלס רעזולטאַט פון דער אָפּשטימונג.

דעמאָלט איז געשען עפּעס אונגעוויינלעכעס: אַלע באַאַמטע פון צענטראַל קאָמיטעט האָבן זיך אָנגעגעבן אין דעמיסיע, צווישן זיי דער גענ. סעקרעטאַר ד"ר ליפשיץ און אויך גראַוויצקי.

מיר האָבן געשאַפן אַן אָפּאָזיציאָנעלע פראַקציע. גראַוויצקי איז געווען דער, וואָס האָט פאָרגעשלאָגן זי אַ נאָמען צו געבען „על המשמר". מיר האָבן אָנגעהויבן אַ קאַמף פאַר אונדזערע אָנשויאונגען אינעם ציוניזם. עס איז געווען אַ שווערער קאַמף וואָס איז געפירט געוואָרן אין פּוילן און אַלע קאָנגרעסן קעגן דעם פאָרשלאָג אויסצוברייטערן די אַגענץ, ביז עס איז אָנגענומען געוואָרן אויף אַ פייערלעכן אופן אויפן קאָנגרעס אין ציריך. דער גאַנצער לינקער פליגל, דער צענטער און דער רעכטער פליגל האָבן זיך אָנגעשלאָסן צו ווייצמאַנען, מיר זענען געווען קעגן. עס איז געווען אַ פאַרצווייפלטער קאַמף פאַר וועלכן מיר האָבן באַצאָלט אַ טייערן פּרייז.

אין דער גאַנצער אָרגאַניזאַציע האָט מען נישט פאַרשטאַנען

פאַר וואָס מיר זענען קעגן דעם מ׳זאָל אַריינגעמען אין דער אַגענץ יידן וואָס ווילן געבן זייער הילף, געלט און אייגפלוס, פאַרן אויפבוי פון לאַנד.

מיר האָבן אַרויסגעגעבן אונדזער פרעסע־אָרגאַן אויף יידיש מיטן נאָמען „ציוניסטישע בלעטער״, פריער אלס צוויי וואָכן־שריפט און שפעטער אַלס וואָכן־שריפט. גראַוויצקי האָט געשריבן דאָרט זער שאַרפע אַרטיקלען.

בעת עס האָט זיך אָנגעהויבן די פירטע עליה, די „גראַבסקי עליה״, האָט זיך אונדזער קאַמף אויסגעברייטערט.

מיר זענען אַרויסגעטרעטן קעגן דער קאָנצענטראַציע אין שטאָטישע ישובים אויפן חשבון פון דער דאָרפיש לאַנדווירשאַפטלעכע קאָלאָניזאַציע. אודזערע אידייען האָבן משפיע געווען אויף דעמאָ־קראַטישע קרייזן אין אויסלאַנד און עס זענען געגרינדעט געוואָרן סניפים אין דייטשלאַנד, טשעכיע, עסטרייך און רומעניע. דער אָנזען פון אונדזער גרופע, ראַדיקאַלע ציוניסטן איז געוואַקסן אין פוילן און אינעם יידיש־ציוניסטישן אויסלאַנד. אין דעם דאָזיקן קאַמף איז גראַוויצקי געשטאַנען אין דער ערשטער שורה.

דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע האָט נישט מצליח געווען אין זיין אַרבעט און די אָנפירונג איז ווידער אַריבער אין אונדזערע הענט. אָבער דער עקאָנאָמישער מצב פון די יידן האָט זיך פאַרערגערט. די פּאָליטישע מאַכט איז אַריבער אין די הענט פון פילסודסקין און זיינע מיטהעלפער די קאָלאָנעלן (פּולקאָווניקעס), וואָס האָבן נאָך אַ קורצער צייט באַזייטיקט די אינטעליגענץ און די פּ.פּ.ס. און אָנגעהויבן אַליין מער זיך דער־בענטערן צו די מעטאָדן פון די „ענדעקעס״ לגבי די יידן. אונדזער השפּעה אויף די מאַסן איז געוואָרן שוואַכער. עס איז זיי שווער געווען אויסצוהאַלטן דעם אַדמיניסטראַטיוון און עקאָנאָמישן דרוק. דער פּרוּוו צו דערגיין צו אַ פּשרה מיט דער ענדעקישער רעגירונג, וואָס איז געמאַכט געוואָרן דורך ד״ר טהאָן און ד״ר רייך אונטער־שרייבענדיק די באַקאַנטע „אגודע״, וואָס דער גרונט־געדאַנק אירער איז געווען, אַז די יידן דאַרפן גיין ביי יעדן מלוכה׳שן ענין מיט די פּאָליאַקן, און דער פאַר באַקומען גלייכע רעכט, האָט אַריינגעבראַכט אַ דעמאָראַליזאַציע אין די רייען פון דער „אגודה״ און די גרויסע

סוחרים. מיר האָבן דערקלערט א קאַמף קעגן דער דאָזיקער פּאָליטיק. אין ערשטן פּעריאָד נאָך דער פּילסודסקי איבערקערעניש האָט זיך געדאַכט אַז עס האָבן זיך פאַרשטאַרקט די אויסזיכטן פאַר אונדזער קאַמף. מיר האָבן באַנייט דעם מינדערהייטס־בלאָק און האָבן מצליח געווען, הגם נישט אין אַזאַ מאָס ווי אין 1922. גראַבויצקי האָט זיך באַטייליקט אינעם דאָזיקן קאַמף און אין דער ערשטער ליניע. אָבער אונדזערע כוחות האָבן נישט באַוויזן אויס־צוהאַלטן די כוואַליע וואָס האָט פאַרפלייצט די יידישע געזעלשאַפט. ביי די וואַלן צום דריטן סיים האָבן מיר געליטן אַפּולשטענדיקן דורכפאַל. מיר האָבן אלע געפילט אַז אונדזער ראָל אין פּוילן איז געענדיקט. אין יאָר 1932 בין איך אַריבער אויף א געוויסער צייט קיין פּאַריז און אינעם זעלבן יאָר האָט גראַבויצקי עולה געווען קיין ארץ־ישראל. עס איז איבערגעריסן געוואָרן דעם קאָנטאַקט צווישן אונדז און כ׳האָב נישט געוווסט מיט וואָס ער באַשעפטיקט זיך אין לאַנד.

פאַר דעם אַכצענטן קאָנגרעס האָב איך פאָרגעשלאָגן גראַבויצקין ער זאָל זיך באַמיען ארויסצושטעלן אַ ליסטע פון אונדזער גרופּע צום קאָנגרעס. מיר האָבן באַקומען אייניקע הונדערט שטימען. דער ישוב איז דעמאָלט נאָך געווען קליין און די צאָל שטימען איז געווען געבוג צו באַקומען א מאַנדאַט. אויפן קאָנגרעס אין פּראַג האָט אַנטשיידן אונדזער קליינע פראַקציע: דער לינקער פליגל האָט באַקומען אַ מערהייט. עס איז ארויסגעקליבן געוואָרן אַן עקזעק־קוטיווע, אָן די אַלגעמיינע ציוניסטן און אָן דעם מזרחי, בלויז פון לינקן פליגל און דער ראַדיקאַלער פראַקציע.

נאָך מיין אָנקומען אין לאַנד אַריין, איז גראַבויצקי אַריבער אַרבעטן אין דער אַגענץ, צוערשט אין פּרעסע־ביוראָ און שפּעטער אין „פּאַלקאָר". עס איז באַנייט געוואָרן אונדזער בשותפות׳דיקע אַרבעט אין דער אַלגעמיין ציוניסטישער פּאַרטיי, וואָס איז גע־שטאַנען נאָענט צו דער אַרבעטער באַוועגונג. נאָך אַ געוויסע צייט האָט גראַבויצקי אָנגעהויבן אַרויסווייזן אומצופרידענקייט מיט דער אַרבעט אין דער כלל־ציוניסטישער פּאַרטיי. זיין פּראָפּאַגאַנדיסטישע אַרבעט האָט אים פאַרבונדן מיט שרת און בן־גוריון. איינמאָל איז ער אַריינגעקומען צו מיר אין צימער אריין און מיר געזאָגט

אַז ער האָט באַשלאָסן אַריינצוטרעטן אין מפא״י. כ׳האָב נישט געפרעגט וועגן פּרטים און נישט געשטעלט קיין פראַגעס.

אונדזערע וועגן זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען. עס זענען גע־קומען די טעג פון „מאבק״ (קאַמף) מיט דער מאַנדאַט מאַכט. דער גרעסטער טייל פון דער עקזעקוטיווע מיט בן־גוריון בראש, איז אַריבער קיין תל־אַביב. גראַוויצקי איז געבליבן אין ירושלים. אויך איך בין געבליבן אין ירושלים. די פאַרבינדונג מיט תל־אַביב איז געוואָרן וואָס אַמאָל שווערער. דער באַלאַגערונגס־גאַרטל אַרום ירושלים איז געוואָרן ענגער. עס איז אַנטשטאַנען פאַר מיר אַ מעגלעכקייט אַרויסצוגעבן אַ צייטונג אין דער באַלאַגערטער שטאָט. כ׳האָב אויסגענוצט די געלעגנהייט און האָב איינגעלאַדן גראַ־וויצקין מיטצואַרבעטן אין דער צייטונג. ער האָט מסכים געווען, אָבער ער האָט געשריבן בלויז קורצע נאָטיצן.

ווען ס׳איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די מדינת ישראל, בין איך באַשטימט געוואָרן אלס אינערן־מיניסטער, אין דער צייטווייליקער רעגירונג און בין אַריבער קיין תל־אביב. כ׳האָב איינגעלאַדן קלינאָוון און גראַוויצקין אינעם פּרעסע־ביוראָ וואָס איך האָב געשאַפן אין מיין אַמט. גראַוויצקי איז געווען דער פאַרבינדונגס־מאַן צווישן דעם אינערן־מיניסטעריום און דער פּרעסע.

די ארבעט איז געגאַנגען איר גאַנג, אָבער די נאָענטקייט וואָס איז געווען צווישן אונדז אין אונדזער בשותפות׳דיקער ארבעט איז נישט באַנייט געוואָרן, הגם די פערזענלעכע באַציאונגען האָבן זיך נישט געענדערט.

עס זענען געקומען די וואַלן צו דער גרינדונגס־פאַזאַמלונג, וואָס האָט שפּעטער געהייסן די ערשטע כנסת. מיין פראַקציע איז ארויסגעטרעטן פון דער אַלגעמיין־ציוניסטישער פאַרטיי און זיך נישט אָנגעשלאָסן אין דער פאַראייניקונג פון „העובד הציוני״ און די „עליה חדשה״, וואָס האָט זיך אַ נאָמען געגעבן פּראָגרעסיווע פאַרטיי. דעמאָלט איז פּלוצים געקומען צו מיר גראַוויצקי און מיר געזאָגט, אַז איך מוז ארויסשטעלן מיין קאַנדידאַטור צו דער כנסת. כ׳האָב אים געענטפערט: ווי קען אַרויסשטעלן מיין קאַנ־דידאַטור, בעת עס זענען נישטאָ קיין אויסזיכטן איך זאָל געווילט ווערן״. כ׳האָב גערעכנט אַז ער וועט איבערנעמען דעם סעקרע־

סאָריאָס פון וואַל־קאָמיטעט פון מיין פּאַרטיי־גרופּע, אַז ער וועט אָנפירן מיט דער פּאַרוואַל־קאָמפּאַניע, און כ׳האָב מיך נישט געקענט אַנטקעגן שטעלן דעם פּאַרלאַנג פון מיינע חברים וואָס אויך זיי האָבן זיך נישט אָנגעשלאָסן אין דער פּראָגרעסיווער פּאַרטיי. כ׳האָב באַשלאָסן צו קאַנדידירן און כ׳האָב מיך געווענדעט צו גראַ־וויצקין ער זאָל אָנפירן מיטן וואַל־קאָמיטעט. ער האָט מיר געענטפערט: „איך בין דאָך אַ חבר אין דער מפא״י״. כ׳האָב אים מער קיין וואָרט נישט געזאָגט, און מיר זענען זיך צוגאַנגען. מיר זענען געבליבן פריינט, אָבער מיר פלעגן זיך זעלטן באַגע־גענען. כ׳בין נישט געוויילט געוואָרן אין דער כנסת און בין נישט אַריין אין דער רעגירונג. כ׳האָב געהערט אַז גראַוויצקי איז אַריבער אינעם אַמט פון פּרעמיער און נאָכער האָט ער רעדאַגירט דעם „אומר״. ווען ס׳איז מיר איבערגעגעבן געוואָרן דאָס רעדאַגירן דאָס בוך „וואַרשע״ אין דער ענציקלאָפּעדיה של גלויות, האָב איך פּאַר־געשלאָגן גראַוויצקין ער זאָל שרייבן דאָס קאַפּיטל וועגן דער פּרעסע אין יידיש. צו מיין באַדויערן איז זיין אַרבעט נישט געווען קיין פולקאָמע, ווי איך האָב געהאָפט. מ׳האָט מיך דערפאַר שאַרף קריטיקירט און איך האָב אים נישט געקענט פּאַרטיידיקן. ער האָט זיך געפילט זער געטראָפן. אין דער לעצטער צייט האָט ער אָנגעהויבן אַרבעטן אין „קרן היסוד״. כ׳האָב געהערט אַז ער האָט באַקומען אַ האַרץ־קראַנקהייט. עס זענען אַוועק לאַנגע חדשים און איך האָב אים נישט געזען. פּלוצים איז דערגאַנגען צו מיר די ידיעה: רגב, ס׳הייסט גראַוויצקי איז געשטאָרבן! פאַר מיר איז ער געווען נישט רגב, נאָר יענער גראַוויצקי, וואָס איז מיט מיר מיטגעגאַנגען אַ לאַנג שטיק וועג.

עס פּאַסירט אַז עס צעגייען זיך די וועגן פון אַ לערער און זיין תלמיד, אָבער עס בלייבן דאָך אין זכרון די בשותפות׳דיקע זכרונות, אידעאַלן פאר וועלכע מ׳האָט זיך צוזאַמען געראַנגעלט, נצחונות, מפּלות, און זייערע ליידן און פריידן. עס איז מיר געבליבן טייער דער אָנדענק פון יוסף גראַוויצקי. בלויז 55 יאָר איז ער אַלט געווען ווען ער איז געשטאָרבן.

# אברהם גאָלדבערג

דאָס איז געשען אין די טעג פון אַ וואַל־קאַמפּאַניע צום פּוילישן סיים. נישט אין יענע גרויסע טעג פון 1922, ווען פּוילישע יידן זענען געגאַנגען מאַסענווייז צו דער וואַל־אורנע, זיכער אין זייער כוח און זייערע פאַרבינדעטע די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, נאָר אין די וואַלן פון יאָר 1928, ווען עס האָבן זיך שוין אָנגעהויבן באַווייזן שפּאַלטן אינעם יידישן וואַל־בלאָק און נאָך מער אינעם בלאָק פון די אַנדערע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, און ווען די פּילסודסקי־רעגירונג האָט געוואָרפן די גאַנצע וואָג פון אַדמיניסטראַטיווע שיקאַנעס און רעפּרעסיעס קעגן דעם מינדערהייט בלאָק. דעמאָלט איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן די קאַנדידאַטור פון אברהם גאָלדבערג אין איינעם פון די וואַל־ראַיאָנען אין קאָנגרעס־פּוילן, וווּ עס זענען געווען קנאַפּע אויסזיכטן אַז אַ ייד זאָל געוויילט ווערן, ווייל עס זענען דאָרט נישט געווען קיין נאַציאָנאַלע מינדערהייטן און די צאָל יידן איז נישט געווען גענוג צו באַקומען אַ מאַנדאַט. כ׳בין אַרויסגעפאָרן מיט אים אויף אַן אַגיטאַציע טור אין די שטעטלעך פונעם וואַל־ראַיאָן, וואָס דאָס רוב איינוווינער זייערע זענען געווען יידן. די חסידישע התלהבות פון די יידן אין די קליינע שטעטלעך איז געקומען צום אויסדרוק אויך אין זייער באַציאונג צו זייערע מנהיגים און פּאָליטישע וואָרט־פירער.

גאָלדבערגן, האָבן די קליינשטעטלדיקע יידן געקענט פון „היינט", דער גרעסטער טייל פון זיי זענען געווען זיינע טרייע לייענער, אָבער ביז איצט האָבן זיי אים בלויז געלייענט, און איצט האָבן זיי באַקומען די מעגלעכקייט צו זען אים פּנים־אל־פּנים און הערן אים ריידן, אויפקלערן, און רופן צו אַקטיווער טעטיקייט. וואַרעם און האַרציק איז געווען די באַגעגעניש. די טעג פון

אונדזער רייזע זענען געווען פאַר גאָלדבערגן איין גרויסער און לאַנגדויערנדיקער יום־טוב. א יום־טוב פול ליכט, ליבע און פאַר־ערונג ווען כ׳האָב געקוקט אין זיין שטראַלענדיק געזיכט, וואָס האָט געהאַט עפּעס ווי קינדערישע פרייד און התפּעלות, וואָס ער איז פּלוצים אזוי רייך באַלוינט געוואָרן אומדערוואַרטעט, — האָב איך פאַרשטאַנען ווי ווייט ווערטפול דער דירעקטער קאָנטאַקט און באַרירונג מיט די פאָלקס־מאַסן איז פאַר אַ זשורנאַליסט און פּובליציסט.

„מיר זענען געקומען צו דער יידישער פּרעסע נישט ווי צו אַן ענין פון פּרנסה, אדער פּראָפעסיע, נאר די פּרעסע איז געווען פאר אונדז א מיטל און א וועג צו פאַרווירקלעכן דעם אידעאל פון אונדזער לעבן. א צייטונג וואָס דינט אָט דעם גרויסן ציל מוז קודם־כל זיין ריין; א צייטונג וואס פּראָפּאַגירט א הייס אידעאל קען נישט זיין בלויז א צייטונג פאר אינפאָרמאַציע און פאַרווייַלונג. נאר דאַרף זיין א טריבונע פון די נישט צופרידענע און אומרואיקע און נישט פון די זאַטע, צופרידענע און מהיכי־תיתיניקעס״.

אַזוי האָט גאָלדבערג פאַרשטאַנען די ראָל פון אַ טאָג־צייטונג ביי יידן, און ווען ער איז געוואָרן דער רעדאקטאר פון „היינט״ וווּ ער האט געאַרבעט אלס זשורנאליסט און פּובליציסט פון זינט אַן ער איז געגרינדעט געוואָרן, האָט ער אָנגעהויבן פאַרווירקלעכן אט דאס פּראָגראַם. און עס איז נישט אוועק קיין סך צייט ביז דער „היינט״ איז געוואָרן דער צענטראַלער אָרגאַן פון דער נאַציאָנאַל־יידישער און ציוניסטישער געזעלשאַפטלעכקייט אין פּוילן.

ער איז געגאַנגען בראש פון דער געזעלשאַפט און האט געפירט די יידישע מאסן, געווען א וועג־ווייזער און א לערער אין אלע וויכטיקע און אנטשיידענדיקע פראַגען וואס זענען געשטאַנען אויף דער טאָג־אָרדנונג.

גאָלדבערג האט נישט געזען אין דער צייטונג א שול פאר אנפאַנגער, נישט אפּגעגעבן זיך מיט קאָרעגירן, און רעדאַגירן זייערע אַרטיקלען, נאָטיצן און דערציילונגען, נישט געלערנט און נישט געוויזן דעם וועג ווי מ׳ווערט א גוטער זשורנאַליסט, פּוב־ליציסט אדער שרייבער.

ער איז געווען אין דער צייטונג ווי א קאָמאַנדיר וואס שטייט

אויף א קאמפּס־פּראַנט ער האָט געזאָרגט דערפאַר אַז די אַרטיקלען אין דער צייטונג זאָלן אַרויסרופן אַן אויפרוּר, זאָלן באַאומרואיקן, אַרויסרופן פּראָטעסט אָדער בייפאַל, אָבער בשום אופן נישט לאָזן דעם לייענער בלייבן גלייכגילטיק צו דעם געשריבענעם.

ווען אויף דער טאָג־אָרדנונג איז נישט געשטאַנען עפּעס אַ ברענעדיקע פראַגע וואָס האָט אַרויסגערופן אינטערעס און אויפגעברויזט די געמיטער, איז ער אַרומגעגאַנגען אַ בייזער און זיך באַקלאַגט אויף דער שטילקייט און לאַנגווייליקייט, ער האָט געהאַלטן אַז די צייטונג דאַרף אומאויפהערלעך וועקן דעם לייענער־עולם, צו דענקן, צו אָנשטרענגען און טאָט, ווארום אויב נישט — צו וואָס דאַרף מען אַ צייטונג.

ער פלעג זיך נישט דווקא פאַרטיפן אינעם פּראָבלעם וואָס ער האָט באַהאַנדעלט, נישט געהאַלטן פאַר נויטיק גרונטלעך און אַלזייטיק דאָס פראָבלעם צו פאָרשן און פאָרמולירן, נאָר געררופן צו באַלדיקע און דרינגלעכער אַקטיוויטעט אין די ענינים וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר וויכטיק און לעבענס־נויטיק. דערביי איז ער אין זיין שרייבן נישט געווען קיין קאָמפּס־מענטש. פאַרקערט, דער סטיל זיינער איז געווען אַן אויפקלערערישער אין זיינע פאַרשלאָגן און פאָדערונגן זענען געווען זאַכלעכע און קאָנקרעט־פּראַקטישע.

זיין עיקר כּוח איז געווען אין רעדאַגירן, אין אָנפירן מיט דער צייטונג. זיין געדאַנק, גייסט און איניציאַטיוו האָבן געטראָגן די צייטונג, אַרויפגעלייגט אויף איר דעם שטעמפּל זיינעם.

געווען נאָך יונג און פול מיט פרישע כּוחות ווען ער איז געגאַנגען פון דער וועלט, אין „היינט" האָט מען געפילט זיין אָפּוועזנהייט, נישט געווען ווער עס זאָל פאַרנעמען זיין פּלאַץ. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און אַ גרוילִיקע קאַטאַסטראָפע האָט זיך אויסגעגאָסן אויפן פּוילישן יידנטום, עס איז חרוב געוואָרן, עס איז כּמעט גאָרנישט געבליבן פון דעם. יענע קליינשטעטעלדיקע יידן, וואָס האָבן אַריינגעבראַכט אינעם ציוניזם דעם חסידישן ברען, דאָס תמימות און פרישקייט פון דער ערשטער ליבע צו זייער אויסגעטרוימטן אידעאַל, אָט די אַלע יידן זענען אין זייער גרעסטן טייל פאַרברענט געוואָרן אין די קאָלכאָזווענס, אין די פאַרניכטונגס־לאַגערן.

דער „היינט״ האט איבערגעריסן זיין לעבן נאכן איינעמען פוילן איבערגעריסן אויף אייביק. אָבער זיין פּלאַץ אין דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין צייטן פון קאַמף און שאפן, די ראָל וואָס עס האָט אין אים דערפילט אברהם גאָלדבערג, זענען איינגעקריצט טיף אין געדעכעניש פון זיינע לייענער, וואָס זענען לעבנגעבליבן ווי די רעשטלעך פון יענעם גרויסן און רומרייכן יידנטום און אין דער געשיכטע פון פוילישע יידן און דער ציוניסטישער באַוועגונג.

# נוח פינקעלשטיין

צום ערשטן מאל האבן מיר זיך באגעגנט בעת די וואלן צום זיבעטן ציוניסטישן קאנגרעס. כ׳האב דעמאלט געהאט צוריקגעקערט קיין וואַרשע פון דייטשלאַנד, וווּ כ׳האָב געענדיקט צוויי סעמעסטרן אין לייפציק און בערלין. ס׳איז געווען ערב דער רעוואָלוציע פון 1905, אינעם ציוניסטישן לאגער איז געגאנגען א שארפער קאמף צווישן די ציוניסטן און טעריטאריאליסטן־אוגאנדיסטן. פינקלשטיין, וואס איז געווען פריער טעטיק אלס ציוניסט אין זיין געבורט־שטאט בריסק, האט געהאט די אויפגאבע אויפצופאסן אויף דער כשרות פונעם וואל־אקט אינעם פאריין וווּ איך בין געווען א חבר. די וואלן דעמאלט זענען פארגעקומען נאכדעם ווי עס זענען אפגעהאלטן געווארן וויכוחים צווישן די פארשטייער פון די צדדים וואס האבן זיך באטייליקט אין די וואלן. כ׳געדענק אז דעמאלט איז צום ערשטן מאל ארויסגעטרעטן מיט א שארפע ריידע קעגן מיר דער פארשטייער פון דער באַראָכאָוו פאַרטיי, ראַסקין, און נעבן אים טאַבענקין, וואָס האט געהערט צו דער גרופע צוהערער פון מיינע לעקציעס. פינ־קעלשטיין האט אויסגעהערט מיין ריידע און די ריידעס פון מיינע קעגנער און האט גוטמוטיק געשמייכעלט.

ער איז געווען דעמאלט א פארמעגלעכער סוחר, אן איבער־געבענער ציוניסטישער עסקן, וואָס איז געווען אן אַנהענגער פונעם אוגאנדע־פראיעקט און שפעטער פון טעריטאריאליזם. מיט אַ יאָר שפעטער האָט ער געשלאָסן א שותפות מיט שמואל יאַצקאַן, וואס האט אנגעהויבן ארויסגעבן דעם „טאגבלאט״ א קליינע און ביליקע צייטונג, וואס האט אין משך פון געציילטע טעג דערגרייכט אַ גרויסע מאַסע לייענער, וואָס זענען ביז דעמאָלט געשטאַנען וויִיט, סיי פון אַ העברעאישער סיי פון אַ יידישע צייטונג. זינט

דעמאָלט איז דער בונד צווישן נחום פינקעלשטיין און זיין ברודער נחמיה און יאַצקאַנען נישט איבערגעריסן געוואָרן. אין אייניקע יאָרן ארום האָבן זיי צוזאַמען געגרינדעט דעם „היינט", א גרויסע צייטונג, וואס איז שפעטער, דורכמאכענדיק פארשיידענע תקופות, נאָך דער באפרייאונג פון פוילן, געווארן דער צענטראל־ארגאן פון פוילישן יידנטום און דער ציוניסטישער באוועגונג אין פוילן.

די ערשטע יאָרן פון דער עקזיסטענץ פון „היינט", זענען געווען זער גוטע. ער האט געפונען דעם וועג צום לייענער־פובליקום און האט דערגרייכט צו א פארשפרייטונג וואס איז כלל נישט געווען באַקאַנט אין דער יידישער פרעסע, אין אלע אירע שפּראַכן.

פיל האבן פאריבעל געהאט אויף די סענסאציאנעלע בולוואר־ראמאנען, לויטן מוסטער פון די פאריזער בולוואר־בלעטער, וואס זענען אין דער צייטונג געדרוקט געוואָרן, אויף די שרייענדיקע אַרטיקלען זיינע וווּ עס האָט נישט געפעלט קיין פארי־סענקייט און חוצפה. דערפאַר אָבער האָט זיך די צייטונג באַליבט געמאַכט ביי דער יידישער מאסע, און מ׳מוז מודה זיין, אז וואס מער די צייטונג האָט זיך מאטעריעל באפעסטיקט און איר פארשפרייטונג האט זיך פארגרעסערט, איז איר סטיל געוואָרן פיינער און איר אינהאַלט האָט זיך פאַרבעסערט אין פובליציסטישער און ליטערארישער הינזיכט. דערמיט איז דער געשמאק פון לעזער־עולם פארבעסערט געוואָרן. דער „היינט" האָט דערצויגן זיינע לייענער צו פאַרשטיין און הנאה האבן פון בעסערער פובליציסטיק און ערנסטער ליטעראטור, האט ביי זיי באליבט געמאכט שלום־עליכמ׳ן, פרצן און פריש־מאַנען און נאָך פיל אנדערע שרייבער, וואָס האָבן געשריבן אין דער יידישער פרעסע, כמעט אלע האבן זיי געארבעט אין „היינט".

די רעדאַקציע איז, ווייזט אויס, נישט געווען אויסשליסלעך אין דער האַנט פון יאַצקאַנען. אָבער מ׳קען נישט וויסן ווי ווייט פינקעלשטיין האָט אויך געהאַט השפעה אין איר. ער פלעג שטענדיק נעמען אויף זיך די מיטפאראנטווארטלעכקייט פאר דער צייטונג, איר אינהאַלט און סטיל. אָבער ווען עס זענען געקומען שלעכטע צייטן פאר דער צייטונג, און דער „היינט" האָט זיך פאַראייניקט מיטן „יידישן פאָלק", דער אָרגאַן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע וואָס האָט געמאַכט א שטארקע קאָנקורענץ דעם „היינט", איז יאַצקאַן נישט

געווען מער רעדאקטער פון דער פאראייניקטער צייטונג „היינט", וואָס איז געוואָרן דער צענטראַל אָרגאַן פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אינעם באַפרייטן פוילן.

שפעטער האבן די שותפים יאצקאן און פינקעלשטיין געגרינדעט אַ יידישע צייטונג („פאַריזער היינט") אין פאַריז, וואָס האָט אויפגעהערט צו דערשיינען נאָך דעם בזעצן פראנקרייך דורך היטלערס ארמיי. ווען אין פוילן איז אויסגערופן געוואָרן א באָיקאָט קעגן יידן נאָך די וואלן צו דער פירטער רוסישער דומע אין יאר 1912, האב איך צוזאמען מיט פינקעלשטיינען געארבעט אין א קאמיטעט וואס האט געהאט די אויפגאַבע נאָכצושפירן נאָך די צייטונגען, וואָס האָבן געפירט די באָיקאָט־אַקציע און די אַנטי־סעמיטישע העצע.

ווען די ערשטע וועלט־מלחמה איז אויסגעבראָכן, האָט דער קאָמיטעט פאַרגעזעצט זיין ארבעט, ווייל די פּאָליאַקן וואָס האָבן געפירט די באָיקאָט־אַקציע, האָבן אנגעהויבן מאַכן בלבולים אויף יידן ביי דער רוסישער מאכט, צוגעשטעלט מסירות וועגן פאַרבינדונגען צווישן די יידן און די דייטשן און עסטרייכער, און שפּיאָנאזש אקציעס לטובת דעם פיינט.

אלס פועל־יוצא פון די דאזיקע מסירות זענען אנגענומען געוואָרן רעפּרעסיעס קעגן יידן: אומשולדיקע יידן זענען געפירט געוואָרן צו דער תליה, מאסן יידן זענען ארעסטירט געוואָרן, גאנצע יידישע קהילות זענען פאַרטריבן געוואָרן פון זייערע וווינערטער. די אויפגאבע פון קאמיטעט איז געווען צו זאמלען מאטעריאל וועגן די גרוילטאטן פון דער רוסישער אַרמיי, און אים איבערגעבן אין די צענטרן פון דער רוסישער אפאזיציע, קיין אמעריקע, ענגלאנד און פראַנקרייך, און פּרוּווען קומען אין קאָנטאַקט מיט די פּאַרטייען אין דער דומע זיי זאָלן אויסאיבן א דרוק אויף דער רעגירונג, זי זאָל אָפּשטעלן אָדער פאַרלייכטערן די רעפּרעסיווע אַקציעס. דער קאָמיטעט האט זיך באמיט צו דערפילן אט די אויפגאבן. פאַר דער מאטעריאלער זייט, פאַר די געלט הוצאות וואס זענען געווען פאַרבונדן מיט דער ארבעט פון קאמיטעט, האט געזארגט פינקעלשטיין. ער האָט עס געטון ווי אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך, קיינ־

מאָל זיך נישט באַקלאָגט, אַז עס איז אים שווער אַליין דעם עול צו טראָגן. ווען איך בין שפּעטער אריבער קיין פּעטראָגראַד איז די אַרבעט פון קאָמיטעט אפּגעשטעלט געוואָרן.

ווען דער „היינט" איז געוואָרן, אינעם באַפרייטן פּוילן דער אָרגאַן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע האָט די געשעפטלעכע זייט פון דער צייטונג געפירט נוח פינקעלשטיינס ברודער, נחמיה. נוח האָט דעמאָלט געוווינט אין פּאַריז.

די אין פּאַריז געגרינדעטע צייטונג דורך די שותפים יאַצקאַן און פינקעלשטיין, „פּאַריזער היינט", האָט נישט געהאַט קיין הצלחה, און האָט געקעמפט פאַר איר עקזיסטענץ. די עמיגראַציע פון פּוילן איז נישט געווען אימשטאַנד צו שאַפן אַ גרויסן לייענער־עולם פאַר אַ נאַציאָנאַל, יידישע און ציוניסטישע צייטונג. פינקעלשטיין און יאַצקאַן האָבן זיך באַמיט צו באַקומען שטיצע פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע פאַר דער צייטונג, אָבער זייערע אָנשטרענגונגען אין דער ריכטונג זענען נישט געקרוינט געוואָרן מיט דערפאָלג.

די ציוניסטישע עקזעקוטיווע האָט נישט געהאַט קיין פאַר־שטענדיקונג פאַר דער חשיבות פון אַ יידישער צייטונג אין מערב אייראָפּע, וואָס האָט געקענט טאָן וויכטיקע דינסט פאַר דער אָרגאַניזאַציע און דער באַוועגונג בכלל. אָבער פינקעלשטיין האָט זיך פאַרבונדן מיט אַ פאַרמעגלעכן יידן וואָס האָט אינוועסטירט פרישן קאַפּיטאַל אין דער צייטונג און אַזוי אַרום איז דער קיום פון דער צייטונג געזיכערט געוואָרן און זי האָט עקזיסטירט ביז דעם אַריינמאַרש פון היטלערס אַרמיי קיין פראַנקרייך. יאַצקאַן איז געשטאָרבן נאָך פריער. אין דער מלחמה צייט האָב איך פאַרלוירן יעדע פאַרבינדונג מיט פינקלשטיינען, און כ'האָב געקלערט אַז ער איז אומגעקומען ווי אַנדערע צענדליקער טויזנטער יידן אין פּאַריז, וועלכע זענען געשיקט געוואָרן אין די פאַרניכטונגס־לאַגערס אין פּוילן. ווען כ'בין געקומען קיין פּאַריז, סוף אויגוסט 1945, האָב איך מיך דערוווּסט אַז נוח פינקעלשטיין לעבט. ער איז קראַנק געוואָרן אויף אַ געפערלעכע קראַנקהייט און די דאָקטוירים האָבן געהאַלטן אַז זיינע טעג זענען געציילטע, אָבער ער אַליין האָט נישט געוווּסט דערפון. כ'האָב באַקומען פון אים אַ פריינטלעכן בריוו, וואָס איי

געווען פאר מיר, אין די שווערע טעג וואס כ׳האב דעמאלט איבער־געלעבט, א גרויסע טרייסט, אין בריוו האט ער מיט ווענִיקע, איינגעהאלטענע ווערטער דערציילט וועגן זיינע ליידן. כ׳האב געטאן אלץ וואס מיר איז מעגלעך געווען אום צו העלפן. כ׳האב געוואלט אז ער זאל וויסן אז די וועלכע האבן אים געקענט און געוווסט צו שעצן זיין ווערט האָבן אים נישט פאַרגעסן.

ווען ער איז צוריקגעקומען פון ביצאַ, ווו ער האָט געוווינט אַ לענגערע צייט ביי זיינער אַ קרובה, קיין פּאַריז, האָב איך אים עטלעכע מאָל באַזוכט. כ׳האָב אים דערציילט פּרטים וועגן זיין טאָכטער, וואָס איז ניצל געוואָרן און האָט חתונה געהאַט מיט אַ יידן וואָס פאַרנעמט דעם אַמט פון אַ פּראָקוראטאָר אין לאָדזש, און זי וויל אים זען, נאָר עס איז שווער אַרויסצובאַקומען רייזע־דאָקומענטן. וועגן זיין לעבן אונטער דער היטלער אָקופּאַציע אין פּאַריז, האָב איך אים נישט געפרעגט, ס׳איז מיר שווער געווען אַסך צו ריידן מיט אים, וויסענדיק זיין שרעקלעכן מצב, וואָס ער אַליין האָט נישט געוווסט וועגן אים, נאָר בלויז געפילט אַז ער ווערט וואָס אַמאָל שוואַכער און שוואכער.

ער האָט זיך נאָך באַטייליקט אין מיין שמחה, ווען כ׳האָב געקענט פאַרלאָזן פּאַריז און זיך צוריק קערן אין ארץ־ישראל. כ׳האָב אים צוגעזאָגט אלץ צו טון, וואָס עס וועט מעגלעך זיין, ער זאָל קענען עולה זיין קיין ארץ־ישראל. אָבער עס איז נישט אַוועק אַסך צייט און ס׳איז אָנגעקומען צו מיר די ידיעה אז ער איז געשטאָרבן.

געווען אַ באַשיידענער מענטש פינקעלשטיין, אין די צייטן ווען ער איז געווען רייך און אָנגעזען, ווען זיין „היינט" איז געווען די ערשטע יידישע צייטונג אין אייראָפּע לויט דער פאַר־שפּרייטונג און השפעה. ער האָט נישט געהאַט אין דער מינדעסטער מאָס די גאווה פון יענע גבירים וואָס יאָגן זיך נאָך כבוד. באַשיי־דענקייט און ענווות זענען געווען די עיקרדיקע אייגענשאַפטן פון זיין כאראַקטער, דערצו אז נאָך צוגעקומען איידעלקייט, גוט־האַרציקייט און שטאַרקע געטריישאַפט. געווען אַזעלכע טיפן, יידישע בעלי־בתים, מענטשן מיט האַרץ, גלויבן און פאַנטאַזיע, אין דער

תקופה פון דער גרויסער דערוואַרטונג וואָס האָט אַרומגענומען ייִדישע קרייזן אין פוילן און רוסלאַנד; זיי זענען אַרויס פון זייער ווינקל אויף דעם ברייטן פעלד פון געזעלשאַפטלעכער אַרבעט און געטאָן זייער געבענטשטן דינסט אויף פאַרשידענע שטחים אינעם ייִדישן לעבן. „שבת־יום־טוב'דיקע ייִדן" האָט זיי פרץ גערופן. נוח פינקעלשטיין איז געווען איינער פון זיי.

# ד״ר יהושע טהאָן

נישט געווען קיין קאַמף־מענטש ד״ר טהאָן, נישט קיין מלחמה האָט ער בדעה געהאַט צו פירן ווען ער איז אַריין אין פוילישן סיים, ווען ער איז געשטאַנען בראש פון שאַפּענדיקן און ווירקענדיקן לאַגער איבעם פוילישן יידנטום. נישט איינמאָל האָט ער געקלערט אַז בויען און שאַפן האָט גאָר נישט בשותפות׳דיקעס מיט צושטערן, נישט איינמאָל געטראַכט, אַז עס וועט אים געלינגען צו דער־ווייטערן זיך פון יעדן קאַמף וואָס צושטערט. ער האָט געשטרעבט צו פּאָזיטיווער ארבעט. אָבער ער האָט זיך אַליין גענאַרט, כמעט בכוונה זיך גענאַרט, אין דער אמת׳ן איז ער געשטאַנען אין קאַמפּס־פראָנט און קאָמאַנדירט מיט אַ קעמפענדיקער מחנה. דאָס איז געווען דער טראַגיזם פון זיין לעבן און ווערק.

כ׳געדענק מיין ערשטע באַגעגעניש און שטרייט מיט ד״ר טהאָן. עס איז געווען אויפן ציוניסטישן קאָנגרעס אין ווין, פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. מיר, וועלכע זענען געקומען פון וואַרשע פון קאַמף־פראָנט פון דער באָיקאָט־אַקציע, וואָס עס האָבן געפירט קעגן אונדז די פוילישע פּאַרטייען, נאָך די וואַלן צו דער פירטער רוסישער דומע, האָבן געוואָלט דערציילן וועגן דער עקאָנאָמישער מלחמה, וואָס ווערט געפירט קעגן אונדז, פון דער הויכער קאָנגרעס טריבונע, לאָזן וויסן וועגן דעם, דעם וועלט־יידנטום און די גאנצע וועלט. מיר האָבן געוווּסט, אַז דער קאָנגרעס, אויב ער וועט נישט אָננעמען קיין רעזאָלוציע וועגן דעם, זאָל ער כאָטש אויסהערן, וואָס מיר וועלן דערציילן וועגן דעם קאַמף וואָס ווערט געפירט קעגן אונדז און זיינע סיבות. טהאָן האָט זיך ענטקעגענ־געשטעלט אונדזער פאָרשלאָג מיט אלע כוחות און ער האָט באַאיינפלוסט זיינע חברים פון גאַליציע, זיי זאָלן שטימען קעגן

דעם פֿאַרשלאַג און דער ענין זאָל בכלל נישט געבראַכט ווערן פֿאַרן קאָנגרעס, אין קיין שום פֿאָרם. ער האָט געהאַלטן, אַז אַ ריידע אויפֿן ציוניסטישן קאָנגרעס וועגן דעם אַנטי־יידישן באָיקאָט אין רוסיש־פּוילן אפילו ווען עס וועט נישט אָנגענומען ווערן קיין שום רעזאָלוציע, וועט אַרויסרופֿן אַ באָיקאָט־באַוועגונג קעגן יידן אויך אין מערב־גאַליציע, ווו די בייזע כוואַליע פֿון אַנטי־סעמיטיזם און באָיקאָט האָט נאָך נישט דערגרייכט. ער האָט נישט געוואָלט זיין צווישן די וואָס האָבן אָנגעהויבן די מלחמה הגם ער האָט פֿאַרשטאַנען אז זי וועט קומען, אַז דער אַנטיסעמיטיזם פֿון קאָנגרעס־פּוילן וועט פֿאַרפּלייצן אויך גאַליציע. ער האָט געזיגט און איך האָב דאָס וואָרט נישט באַקומען.

איך דערמאָן דעם עפּיזאָד, דער עיקר צוליב דעם וואָס ער מאַכט בולט די אייגנשאַפֿט פֿון ד״ר טהאָן אַלס פּאָליטיקער, וואָס האָט אים געמאַכט פֿאַר אַ טראַגישע פּערזענלעכקייט אינעם יידישן לעבן אינעם זעלבסשטענדיקן פּוילן. אָט די אייגענשאַפֿט איז שוין דעמאָלט בולט געווען הגם ער האָט עס נאָך נישט געבראַכט דעמאָלט צו דער אַלגעמיינער פּאָליטישער פֿאָרמול וואָס ער האָט שפּעטער פעסטגעשטעלט:

מיר פֿירן נישט קיין מלחמה, מיר פֿאַרטיידיקן זיך בלויז.

דעריבער גרייפֿט ער קיינמאָל נישט אָן. ער וויל באַווייזן, איבערצייגן, אַריינדרינגען אין די הערצער פֿון די צוהערער, ריידן צו זיי אין זייער שפּראַך און סטיל, זיי זאָלן נישט זען אין אים דעם פֿרעמדן און פֿיינט. אזוי פֿלעגט ער ריידן אין פּוילישן סיים, און די סיים־דעפּוטאַטן האָבן אים רואיק אויסגעהערט.

אַ סך מאָל האָט ער גערעדט אין סיים, און געפֿאָדערט רעכט, אויך נאַציאָנאַלע רעכט, פֿאַר פּוילישע יידן, און קיינמאָל האָט ער נישט אַרויסגערופֿן קיין כעס און צאָרן, מצד די רעכטע סיים־דעפּוטאַטן.

ער איז געקומען פֿון אַ מערב־אייראָפּעאישע פּאָליטישע שול, באַזונדערס פֿון עסטרייך, אינעם פּוילישן סיים אין וואַרשע, וואָס האָט נאָך געלעבט אין דער אַטמאָספֿער פֿון וועלכער עס האָט נאָך נישט אויסגעוועבט דער רוסישער ריח. די רוסישע קאַמס־דרכים, דער פּאָלעמישער נוסח, צו וועלכן מ׳איז געווען געוווינט

אין רוסלאַנד, אָפענע און קלאָרע דבורים, שאַרפע און האַרבע ווערטער און לאָזונגען און נישט אָנצוהערענישן — דאָס אַלץ איז געווען פרעמד פאַר טהאָנס גייסט און סטיל.

ער וויל פירן פּאָליטיק, ער וויל אונטערהאַנדלען, זיך אויס־טענה׳ן, ער וויל געווינען איינפלוס, אָבער ער איז געצוווּנגען צו פירן אַ פּאָליטיק פון אַ ראַדיקאַלער אָפּאָזיציע, וואָס מוז אַמאָל אַרויס פון די ראַמען פון פאַרטיידיקונג און דעפענזיווע.

אַ מאָל פּאַסירט עס, אַז דער קעגנער גרייפט דיך כלומרשט נישט אָן, אָבער ער רעכענט זיך נישט מיט דיר, איגנאָרירט דיך, שענקט דיר אפילו נישט די מינדעסטע אויפמערקזאַמקייט און טוט דאָס אַלעס אין אַן עלעגאַנטער פאָרם, אין אַ צביעות׳דיקער מאַסקע. דאַרף מען די מאַסקע אַראָפּרייסן אויפדעקן דעם פרצוף, ווי זעט עס אויס אין דער אמתן. דעמאָלט קען מען זיך נישט באַגנינגען מיט פאַרטיידיקונג און דעפענזיווע, עס איז אומעגלעך אַ פאַרטיידיקונג וואָס איז נישט אַ מאָל אויך אַן אָנגריף. און דאָס איז געווען די טראַגעדיע פון טהאָנען — ער האָט אָנגעהויבן מיט שלום און נישט אויפגעהערט מלחמה צו האַלטן, געוואָלט בויען און געמוזט אויך צושטערן. און אָט די טראַגישע סיטואַציע און די ראָל זיינע דערביי, האָט אים גורם געווען צער און יסורים, וואָס נאָר ווייניקע האָבן פאַרשטאַנען און געוווּסט וועגן זיי.

## ב.

טהאָן האָט געהערט צום ערשטן ציוניסטישן דור אין גאַליציע. אויב איך האָב קיין טעות נישט, איז טהאָן אַריין אין דער העב־רעאישער און ציוניסטישער פּובליציסטיק צוזאַמען מיט ד״ר ערנפּרייז און דוד ביימארק. זיין צוגאַנג צום ציוניזם האָט געהאַט אַ סך בשותפות׳דיקס מיט אחד־העם׳ס אָנשויאונגען, אָבער דער פאַרנעם איז געווען אַ ברייטערער, אַ מאָדערנער, אַן אייראָפּיי־אישער. פון אָט דער גרופּע איז טהאָן געווען דער איינציקער, וואָס האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין אָרגאַניזירטער ציוניסטישער אַרבעט און קאַמף, נישט בלויז אין דער ליטעראַטור, נאָר אויך אין לעבן.

צום סוף פון דער הקדמה צו דעם אַרטיקלען־זאַמלונג, וואָס איז דערשינען אינעם פאַרלאַג „אחיאסף“, שרייבט ד״ר טהאָן: „געווען

צייטן ווען כ׳האָב געוואָלט שאַפן א וויסענשאַפטלעכע באַגרינדונג פונעם ציוניזם. כ׳האָב געפאָרשט די היסטאָרישע און עקאָנאָמישע געזעצן, כ׳האָב מיך פארטיפט אין געזעלשאַפטלעכע פסיכאָלאָגיע, כ׳האָב געלערנט די בשותפות׳דיקע לעבענס־דערשיינונגען ביי מענטשן און געפאָרשט דאָס לעבן און אַנטוויקלונג פון עטנישע און נאַציאָנאַלע גרופּן. אויפן גרונט פון דעם אַלעמען, האָב איך געוואָלט אויפבויען אַ גאַנץ סיסטעם פון וויסענשאַפטלעכן ציוניזם און שאַפן פאַרן ציוניזם א פילאָזאָפישן באַזיס, אָבער פון דעם אלעם איז אַרויס בלויז פראַגמענטן, אָנשטאָט אַ בוך — בלויז אַרטיקלען. עס איז געקומען די שטורמישע כוואַליע פון לעבן, פול טאָג־טעגלעכע דאגות, כ׳בין מיטגעריסן געוואָרן אינעם ים פון אַגיטאַציע און אָרגאַניזיר־אַרבעט צווישן די מאַסן פון מיין פאָלק און ס׳האָט מיר פאַרפעלט די נויטיקע צייט צו קענען קאָנצענטרירן מיינע מחשבות. דער מאָמענטאנער אויגענבליק האָט מיך אינגאַנצן פאַר־שלונגען, צעשטרייט מיינע געדאנקען און אויסגעביטן מיינע ווערט־פולע מטבעות אויף קליינגעלט״.

אָבער די זאַך איז אים נישט גורם קיין עגמת־נפש — גיט ער צו. ער האָט געפונען זיין סאַטיספאַקציע אין דער ארבעט צו וועלכער ער האָט זיך אינגאַנצן איבערגעבן. אירע רעזולטאַטן האָבן אים צופרידנגעשטעלט. ער האָט געזען ווי דאָס פאָלק וואַכט־אויף און מאָנט זיין פלאַץ אין לעבן און זיין חלק אין דער פרייהייט. און דאָך, דאַכט זיך, אַז תמיד האָט טהאָן געבענקט אין דער טיפעניש פון זיין נשמה נאָך דער שטילער וויסענשאַפטלעכער ארבעט איבערן ציוניזם און פארן ציוניזם. און די גאַנצע צייט האָט ער די פעדער נישט אַרויסגעלאָזט פון זיין האַנט. ער האָט פיל געשריבן אין די צייטן פון ארבעט און געראַנגל, פיל מער ווי אין רואיקע צייטן, ווען ס׳האָט זיך אים געדאַכט אז ער שאַפט דעם וויסענשאפטלעכן ציוניזם. אָבער דאַכט זיך, אַז טהאָן האָט זיך שטענדיק באַצויגן מיט אַ געוויסער גרינגשעצונג צו זיין פובליציסטישער טעטיקייט, ווייל עס זענען דאָך בלויז צייטונגס אַרטיקלען...

טהאָן האָט געוואָלט שאַפן און פאָרשן, ער האָט געשטרעבט צו פאַרטיפן די ווערק פון אנדערע, אָבער זיין מזל האָט עס גורם

געוועןי, אז עס האָט אים פּאַסירט דאָס, וואָס עס פּאַסירט נאָר ביי מענטשן פון גרויסער לעבענס־קראַפט און באַגאַבונג — ער האָט אָנגעהויבן צו שאַפן און אויסצושמידן דאָס לעבן אליין. פון אַ לערער איז ער געוואָרן א מנהיג, פון אַ פאָרשער און פאַרטייטשער — אַן עסקן און קעמפער. מסתמא האָט ער געפילט ווי שווער עס איז די לאַסט, אָבער ער האָט עס גוט געוווסט, אַז דאָס לעבן און דער שעפערישער־קאַמף שטייט איבער אלעמען.

ג.

טהאָן איז געווילט געוואָרן אינעם קאָנסטיטוציע־סיים אין קראָקע אוף א באַזונדער ליסטע. אין ווארשע איז ער פארשטייט זיך, אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס כבוד, קאָאָפּטירט געוואָרן צום צייטווייליקן נאַציאָנאַל ראָט, איינגעלאַדן געוואָרן זיך צו באַטייליקן אין דער „הצפירה" אין „דאָס יידישע פאָלק" און אין „היינט", נאָך דער פאַראייניקונג פוןביידע צייטונגען.

אין סיים האָבן מיר געשאַפן אַ פרייע פאַראייניקונג פון די יידישע דעפּוטאַטן, וואָס אין איר צענטר איז געשטאַנען דער קלוב פון צייטווייליקן נאַציאָנאַל־ראָט, צו וועלכן אויך טהאָן האָט אָנגעהערט. עס זענען נישט געווען קיין אָפּשטימונגען און די באַש־לוסן זענען אָנגענומען געוואָרן מיט דער הסכמה פון אלע דעפּוטאַטן.

טהאָן איז באַשטימט געוואָרן אלס סעניאָר פון דער „פאַר־אייניקונג" און האָט זיך באַטייליקט אינעם סעניאָרן־קאָנווענט פון די סיים־דעפּוטאַטן.

לויטן רעגולאַמין פון סיים, האָט בלויז אַ פראַקציע וואָס איז באַשטאַנען פון לפחות צוועלף מיטגלידער, געקענט זיך באַטייליקן אין די באַזונדערע סיים־קאָמיסיעס, און ווייל עס האָט אונדז געפעלט איינער צו די נויטיקע צוועלף, איז נישט געווען פאַר אונדז קיין פּלאַץ אין די קאָמיסיעס. כדי צו קענען זיך ווענדן מיט אינטערפּעלאַציעס צו דער רעגירונג האָט מען געמוזט האָבן אונטערשריפטן פון פופצן דעפּוטאטן און כדי אַריינצוטראָגן אַ פאָרשלאַג — דרייסיק. דאָ זענען מיר געווען געצוווּנגען צו בעטן די אונטערשריפטן וואָס האָבן אונדז געפעלט, ביי דער סאָציאַליס־טישער פראַקציע, וועלכע איז געווען די איינציקע צו וועלכער

מיר האָבן געהאַט די מעגלעכקייט זיך צו ווענדן, און אויך זי האָט נישט תמיד דערפילט אונדזער בקשה.

די פּאָליטישע שיטה פון ד״ר טהאָן איז באַלד געקומען צום אויסדרוק אין די ערשטע טעג פון סיים. אין דער פראַגע פון וויילן אַ סיים־מאַרשאַלעק (פּאָרזיצער), האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער סיים וועט זיך טיילן אויף צוויי כמעט גלייכע טיילן און אונדזערע שטימען וועלן אַנטשיידן. דער קאַנדידאַט פון לינקס, וואָס איז אונטערגעשטיצט געוואָרן פונעם מלוכה־שעף פּילסודסקי, איז געווען דער ראש פון דער גאַליצישער פויערים־פּאַרטיי, וויטאָס, קעגן אים איז אַרויסגעשטעלט מצד דעם רעכטן פליגל אין סיים דער ראש פון דער פּוילישער פּאַרטיי אינעם פּרייסישן פּאַר־לאַמענט — טראַמפּטשינסקי, אַ מיטגליד פון דער נאַציאָנאַל־דעמאָ־קראַטישער (ענדעקישער) פּאַרטיי, וואָס האָט נישט איבערגעריסן איר קאַמף קעגן יידן וואָס זי האָט אָנגעהויבן נאָך אין די צייטן פון דער רוסישער הערשאַפט.

פאַר אונדז, די סיים־דעפּוטאַטן פון געוועזענעם רוסיש־פּוילן, איז געווען קלאָר, אַז מ׳קען נישט שטימען פאַר טראַמפּטשינסקין און ס׳איז בעסער צו גיין מיטן לינקן פליגל און מלוכה־שעף. טהאָן אָבער איז געווען קעגן דעם. ער האָט באַשולדיקט וויטאָסן, אַז זיין פּאַרטיי האָט געמאַכט פּאָגראָמען אויף יידן אין יידישע שטעטלעך אין מערב־גאַליציע, ווען ס׳איז זיך צעפאַלן די עסטריי־כישע מאַכט דאָרט.

מיר האָבן נישט אָנגענומען זיין מיינונג. איז געגאַנגען טהאָן, און זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיטן רעכטן סיים־פליגל און האָט אונדז געבראַכט אַ פאָרשלאָג, אַז פאַרן פּרייז פון שטימען פאַר טראַמפּטשינסקי, וועט ער אונז געבן אַ פּלאַץ אין דער קאָנ־סטיטוציע קאָמיסיע — פאַר מיר.

מיר האָבן נישט געקענט וויטאָסן און געגלויבט טהאָנען. אָפּ־האַלטן זיך פון שטימען האָבן מיר נישט געקענט, ווייל דורך דעם וואָלטן מיר פאַרשטאַרקט אונדזער איזאָלאַציע און די גרינגשעצונג לגבי אונדז. וואָלטן מיר געשטימט פאַר וויטאָסן, וואָלטן מיר דער־מעגלעכט דעם לינקן פליגל ענגער צו מאַכן זיין בונד מיט אַ גרויסער פויערים־פּאַרטיי און גורם געווען צו דער שאַפונג פון

אַ לינקער רעגירונג, וואָס זאָל זיך שטיצן אויף די ארבעטער און צוויי פויערים־פּאַרטייען. אָבער ווי קען מען שטימען פאר אַ מענטשן וואָס איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר פאָגראָמען איף יידן? און דערצו — דאָס שטימען פאַר טראָמפּטשינסקין עפּעגט פאַר אונדז די טיר פון איינער פון די וויכטיקסטע קאָמיסיעס אין סיים, בעת דער לינקער פליגל האָט נישט געהאַט די מעגלעכקייט צו פאַר־זיכערן אונדז דאָרט אַ פּלאַץ אָן דער הסכמה פון רעכטן פליגל.

מיר האָבן דעריבער מסכים געווען צו טהאַנס פאָרשלאַג און געשטימט פאַר טראָמפּטשינסקין. די אָפּשטימונג האָט ארויסגערופן קעגן אונדז אַ שטורעם אין דער יידישער געזעלשאַפט און אין די לינקע פוילישע קרייזן. טהאָן האָט זיך געשטעלט צום קאַמף קעגן אלע קעגנער זיינע און געגעבן דער יידישער געזעלשאַפט אינעם געוועזענעם רוסישן „זאַבאָר״ (רוסיש פוילן) אַ לעקציע אין פּראַקטישער פּאָליטיק, וואָס רעכענט זיך בלויז מיט קאָנ־קרעטע, ממשות׳דיקע דערגרייכונגען. מיר האָבן זיך פאַרענטפערט מיט דעם ארגומענט, אַז מען קען באין אופן נישט שטימען פאַר אַ מענטשן וואָס איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַנטי־יידישע פּאָג־ראָמען אינעם נייעם פּוילן. כ׳האָב זיך לענגער אָפּגעשטעלט אויף דעם ערשטן צוזאַמענשטויס מיט טהאָן, בעת וועלכער מיר האָבן אָנגענומען זיין מיינונג. ער האָט אונדז געוויזן דעם וועג פון פּאָליטישע אונטערהאַנדלונגען וואָס האָבן באַדאַרפט ברענגען צום דערפילן אונדזערע פאָדערונגען פאַרן פרייז פון פּאָליטישע קאָמ־פּענסאַציעס פון אונדזער זייט. אָט די שיטה איז אונדז פרעמד געווען. מיר זענען געגאַנגען אין סיים אַריין צו פירן אַן אָפענעם קאַמף פאר אונדזערע פּאָליטישע רעכט.

דער נצחון זיינער איז שוין נישט געווען קיין פולקומער. ס׳איז ענטשטאַנען די פראגע, ווער עס זאָל לייענען אונדזער דעקלעראַציע אין דער ערשטער סיים דעבאַטע און וואָס זאָל זיין איר אינהאַלט. טהאָן האָט, נאַטירלעך, פאָרגעשלאָגן ער זאָל לייענען די דעקלעראציע. ער איז געווען דער עלטסטער צווישן אונדז און האָט געהאַט פּאָליטישן סטאַזש, וואָס ער האָט דערוואָרבן אין אַ לאַנד וו עס האָט געהערשט אַ פרייער, קאָנסטיטוציאָנעלער רע־זשים. מיר האָבן נישט מסכים געווען און באַמיט זיך צו דערווייזן,

אז אונדזער קאַמף מיט די קעגנערישע יידישע פּאַרטייען איז אונדז מחייב דערצו, אַז אַ פאָרשטייער פון די ציוניסטישע דעפּוטאַטן פון געוועזענעם רוסישן „זאַבאָר" זאָל ריידן אין נאָמען פון אַלע יידן אין דער פּוילישער מלוכה. טהאָן האָט אונדז נאָכגעגעבן און איך בין געווײלט געוואָרן פאָרצולייענען די דעקלאַראַציע. די דעקלאַראַציע איז פאַרפאַסט געוואָרן דורך מיר און טהאָנען. אָבער נישט דער תוכן פון דער דעקלעראַציע נאָר מיין דערשיינען אויף דער סיים־טריבונע איז נישט געפעלן געוואָרן דעם רעכטן פליגל. איך האָב באַקומען דאָס וואָרט אַלס דריטער פון די יידישע פאָר־שטייער, „אגודה" און „פאָלקיסטן", הגם אונדזער פראַקציע איז געווען די גרעסטע אין דער „פאַראייניקונג פון די יידישע סיים־דעפּוטאַטן". און דער טומעל און פיינטלעכע אויסגעשרייען וואָס האָבן באַגלייט מיין אויפטריט אויף דער סיים־טריבונע איז געהעריק רעזשיסירט געוואָרן, כדי צו מאַניפעסטירן זייער אומצופרידנקייט מיט דעם, וואָס איך בין געווײלט געוואָרן אַלס רעדנער און נישט טהאָן.

טהאָן איז געווען זער דערשטוינט און דערשלאָגן פון דעם שטורעם וואָס האָט אויסגעבראָכן אין סיים ווען איך בין דער־שינען אויף דער סיים־טריבונע. ער האָט געזען ווער עס האָט געמאַכט דעם סקאַנדאַל, נישט דער לינקער פליגל, וועמענס קאַנ־דידאַט אַלס סיים־פאָרזיצער מיר האָבן אָפּגעוואָרפן, נאָר דווקא די רעכטע מיט וועמען מיר זענען געקומען צו אַ הסכם.

דעמאָלט האָט אויך טהאָן איינגעזען אַז בלויז דער לינקער פליגל אין סיים איז זיך נוהג מיט אונדז ווי מיט גלייכע פאַרטנערן און העלפט אונדז אַמאָל אין אונדזער געראַנגל, געבענדיק אונדז די נויטיקע אונטערשריפטן פאַר אינטערפּעלאַציעס און פאָרשלאָגן. מיט אַ געוויסער צייט שפּעטער האָט דער פאָרשטייער פון די לינקע אינעם „סעניאָרן־קאָנווענט" דערפירט צום באַשלוס, מ'זאָל אַנעמען אונדזער פאָרשטייער אין די וויכטיקסטע סיים־קאָמיסיעס. דאָס האָבן די סאָציאַליסטן געטאָן אויף זייער אייגענער איניציי־אַטיוו, נישט אַלס רעזולטאַט פון אונטערהאַנדלונגען מיט אונדז.

אונדזער מזל האָט גורם געווען אַז מיר האָבן מיט אונדזערע שטימען אנטשיידן לטובת דער דורכפירונג פון דער אַגראַר־רעפאָרם

אין פוילן, קעגן וועלכער דער רעכטער סיים־פּליגל האָט געפירט אַ פאַרצווייפעלטן קאַמף ממש. דאָס האָט אַ ביסל אָפּגעווישט אונדזער זינד פון שטיין פאַר טראַמפּטשינסקין.

טהאָן איז געווען אַ מיטגליד פון דער אויסערן־קאָמיסיע אין סיים און דאָרט רעפּרעזענטירט אונדזער שטאַנדפּונקט אין דער אויסערן פּאָליטיק, און אַ מאָל אויך געלייענט די דעקלעראַציעס אין אונדזער נאָמען, נאָך דעם עקספּאָזע פון יעדער נייער רעגירונג.

טהאָן איז געווען דער שליח פון וואַרשעווער יידישן נאַציאָנאַל־ראַט צום צוזאַמענפאָר פון די יידישע דעלעגאַציעס אין פּאַריז און איך בין געבליבן אויף מיין פּאָסטן אין דער קאָנסטיטוציע־קאָמיסיע, וואָס האָט זיך באַמיט אויסצומיידן די באַשטעטיקונג פון מינדערהייט טראַקטאַט, בעת דער באַהאַנדלונג פון די נאַציאָנאַלע רעכט פאַר מינדערהייטן. די פּאָליאַקן האָבן אין רעזולטאַט פון די באַשטימונגען פון ווערסיילער טראַקטאַט, און דרוק פון די מערב מלוכות, טאַקע געמוזט אונטערשרייבן דעם מינדערהייט־טראַקטאַט וועלכער האָט פאַרזיכערט די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן צווישן זיי אויך די יידן פולע בירגערלעכע און נאַציאָנאַל־קולטורעלע רעכט, אָבער אין דער זעלבער צייט האָבן זיי געטאָן אַלץ, סיי דורך כלומרשט מאַסקירטער, אנטי יידישער געזעצגעבונג און סיי דורך אַדמיניסטראַטיווע שיקאַנען, פאַראָדנונגען, צו באַגרענצן ווי וויט מעגלעך די יידישע רעכט אלס בירגער און נאַציאָנאַלע מינדערהייט. די קאַדענץ פון קאָנסטיטוציע־סיים האָט זיך פאַרענדיקט מיטן אָנעמען אַ וואַל־געזעץ, וואָס האָט איבערגעלאָזט פאַר יידן נאָר אייניקע וואַל־קרייזן, ווו עס איז געוואָרן די מעגלעכקייט עס זאָל געווילט ווערן אַ יידישער פאָרשטייער אויב עס וועט קומען צו אַ פאַראייניקונג צווישן דער מערהייט פון די יידישע פאַרטייען.

כ׳האָב דעמאָלט פאָרגעשלאָגן צו שאַפן אַ בלאָק פון מינדערהייטן און אין זיינע ראַמען אַ בלאָק פון די יידישע פאַרטייען, וואָס וועלן מסכים זיין זיך אָנצושליסן אינעם מינדערהייטן־בלאָק. כ׳האָב דאָס דערקלערט אין איינער אַ ריידע בעת דער דעבאַטע איבערן וואַל־געזעץ, אָבער קיין איינציקער פון די סיים אָנפירער האָט נישט געגלויבט אין דער מעגלעכקייט פון שאַפן אַזאַ

בלאָק וואָס וועט פּאַראַלייזירן די יידן מיט די סלאַווישע מינדער־הייטן און זיי אַלע צוזאַמען מיט די דייטשן אין פּויזן און שלעזיע.

טהאָן האָט געצווייפעלט אין דער עפעקטיוויטעט פון אַזאַ בלאָק און האָט מורא געהאַט, טאָמער וועט ער אַרויסרופן אַן אַלגעמיינעם ווידערשטאַנד מצד די פּוילישע פּאַרטייען. ער האָט געשטרעבט צו אַן אַלגעמיין יידישן בלאָק און אויף אים געלייגט אַלע האָפ־נונגען זיינע. מיר האָבן אויף אַ סך זיצונגען אינעם צייטווייליקן נאַציאָנאַל־ראַט דעבאַטירט וועגן דער שאַפונג פון מינדערהייטן־בלאָק. אַ מאָל האָט זיך אויסגעדאַכט אַז טהאָן האָט זיך געלאָזט איבערצייגן פון די אַרגומענטן פון מיר און מיינע חברים, אָבער יעדעס מאָל ווען ער איז צוריקגעקומען פון קראָקע, האָבן זיך די ספקות ביי אים פאַרשטאַרקט. אָבער דאָך איז טהאָן נישט אַרויס אין קאַמף קעגן מיין שיטה. ער האָט מיר נישט דערקלערט אַז ער וויל נישט פיגורירן אויף דער ליסטע פון נאַציאָנאַליטעטן־בלאָק, אָבער ווען כ׳בין געווען געצוווּנגען נאָכצוגעבן די פאָדערונגען פון אונדזערע רעליגיעזע פּאַרטייען, צו געבן זיי אַ פּלאַץ אויף דער ליסטע פאַר טהאָנען, האָב איך געזען, אַז די מאָס איז איבער־געכאַפּט געוואָרן און טהאָן וועט עס מיר נישט פאַרגעסן. אָבער אויך דעמאָלט האָט ער נישט דערקלערט אַז ער איז מוותר אויף זיין פּלאַץ אויף דער ליסטע פון מינדערהייט־בלאָק, און האָט אפילו געגעבן זיין שריפטלעכע הסכמה דערצו, לויט דער פאָדערונג פון געזעץ. גלייכצייטיק האָט ער אַרויסגעשטעלט זיין קאַנדידאַטור אויף דער יידישער ליסטע אין קראָקע, וואָס האָט זיך נישט אָנגעשלאָסן אינעם מינדערהייט־בלאָק.

דער נצחון פון דער מינדערהייטן־ליסטע איז איבערגעשטיגן אַלע אונדזערע דערוואַרטונגען. מיר זענען געוואָרן איינע פון די גרויסע פּאַרטייען אין סיים און וואָלטן מיר ווייטער אָנגעהאַלטן דעם בונד מיט די איבעריקע רעפּרעזענטאַנטן פון די מינדער־הייטן, וואָלטן מיר צוזאַמען געבילדעט אַ פּאַרטייען־פּאַראַליזירונג, וואָלט געקענט צייטנווייז האָבן אַן אַנטשיידנדיקע באַדייטונג אינעם פּוילישן פּאַרלאַמענט. זי האָט טאַקע אַנטשידן די וואַלן פון פּרעזידענט, און מיט איר שטימען איז געוויילט געוואָרן דער קאַנדידאַט פון פּילסודסקין און די לינקע: אינזשענער נאַרוטאַוויטש.

די ענדעקעס און מיט זיי די איבריקע רעכטע פאַרטייען, האָבן געענטפערט מיט אַ גרויסער מאַניפעסטאַציע, זיי האָבן געוואָלט נישט דערלאָזן צו דער זיצונג, אויף וועלכער דער פרעזידענט האָט באַדאַרפט אָפּגעבן די טרייהייט שבועה צו פּוילן. אָבער עס איז זיי נישט געלונגען: די זיצונג איז פאָרגעקומען און נאַרוטאָוויטש איז געוואָרן דער געזעצלעכער פרעזידענט.

די רעכטע פרעסע האָט נישט אויפגעהערט צו העצן קעגן אים פאַר וואָס ער האָט אָנגענומען די פרעזידענטשאַפט פון אַ פּוילישער מינדערהייט וואָס האָט זיך אויסגעהאָלפן מיט די פאָרשטייער פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן און דערמיט געבראָכן דעם פּרינציפּ אז אין פּוילן דאַרף הערשן אַ פּוילישע מערהייט, ס'הייסט אָנגעעריקע צום פּוילישן פאָלק. עס האָט זיך געפונען אַ מאָלער, וואָס האָט באַשלאָסן צו היילִיקן דעם פּרינציפּ מיטן בלוט פון ערשטן פּוילישן פרעזידענט און מיט זיין אייגענעם בלוט. ער האָט געלויערט אויפן פרעזידענט, ווען ער איז געקומען באַזוכן אַן אויסשטעלונג פון פּוילישע מאָלער און סקולפּטאָרן אינעם קונסט־פּאַלאַץ און ער האָט אים דערמאָרדעט און אויפן אָרט גלייך באַגאַנגען זעלבסט־מאָרד. עס איז דאַן אויסגעווילט געוואָרן דער קאַנדידאַט פון דער רעכטשטייענדיקער פויערים־פּאַרטיי פאר וועמען עס האָט געשטימט אַ פּוילישע מערהייט. פּילסודסקי האָט זיך נישט אַנטקעגנגעשטעלט.

די רעגירונג וואָס איז דעמאָלט גערופן געוואָרן צו דער מאַכט, מיט גענעראַל שיקאָרסקין בראש, האָט געהאַט די אויפגאַבע צו באַרויִקן די געמיטער. צוליב דעם האָט זיך שיקאָרסקי באַמיט נישט צולאָזן מער צו דער שאַפונג פון אַ פּאַרטייען־בונד פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. אים איז געלונגען צו געווינען די אוקראַינער און ווייסרוסן מיט הבטחות צו דערפילן זייערע פאָדערונגען אויפן געביט פון דער שפּראַך און קולטור.

די פּוילישע פרעסע האָט פעסטגעשטעלט אַ נייעם פּאָליטישן פּרינציפּ, לויט וועלכן נאָר טעריטאָריאַלע מינדערהייטן, ס'הייסט אַזעלכע וואָס זענען קאָנצענטרירט אויף אַ געוויסן שטח אין דער מלוכה, האָבן רעכט צו גענִיסן פון נאַציאָנאַלע רעכט, די נישט טעריטאָריאַלע מינדערהייטן ווי יידן, דייטשן און רוסן, וואָס האָבן

נישט קיין באַזונדערע ווין שטחים אין פּוילן, זענען דאָצו נישט באַרעכטיקט.

די ענדעקישע פּאַרטיי האָט באַנייט איר אַנטיסעמיטישע העצע און האָט פאָרגעשלאָגן צו באַגרענעצן די צאָל יידן וואָס קענען אָנגענומען ווערן אין די אוניווערזיטעטן און אַלע אנדערע הויכשולן.

כדי אַנטקעגן צושטעלן זיך אָט דעם פאָרשלאָג, איז טהאָן באַשטימט געוואָרן אַלס פאָרשטייער פון דער יידישער פראַקציע אין דער קאָמיסיע פאַר בילדונג און רעליגיעס, ווו עס איז אָנגעגאַנגען דער קאַמף וועגן פעסטשטעלן א „נומערוס קלאוזוס" פאַר יידן אינעם געזעץ. טהאָן האָט מוטיק געקעמפט קעגן דעם גרויסן רוב פון דער קאָמיסיע וואָס האָט געוואָלט באַגרענעצן די רעכט פון די יידן, און אויך שפּעטער ווען דער געזעצפּראָיעקט איז געבראַכט געוואָרן פאַרן סיים פּלענום, פאַר ענטגילטיקער באַשטעטיקונג. דער לינקער סאָציאַליסטישער פליגל און די פאָרשטייער פון די מינדערהייטן האָבן אים געהאָלפן אין זיין געראַנגל, אָבער עס איז געווען קלאָר, אַז דער פּראָיעקט וועט אָנגענומען ווערן. פאַר דער דריטער לעזונג איז די דעבאַטע איבערגעריסן געוואָרן כדי צוצופּאַסן די אריינגעטראָגענע אויסבעסערונגען צום נוסח פון געזעץ. דער נאַציאָנאַל ראַט וואָס איז געשטאַנען אין שטענדיקן קאָנטאַקט מיט דעם קאָמיטעט פון די לענדער־דעלעגאַציעס אין פּאַריז אונטער דער אָנפירונג פון מאָצקינען, האָט פאַרלאַנגט פון אים ענערגישע שריט, נישט צו דערלאָזן אָנצונעמען דאָס געזעץ. מאָצקינען איז געלונגען אויפצורירן די געזעלשאַפטלעכע מיינונג אין פראַנקרייך און די אויפמערקזאַמקייט פון איר רעגירונג לגבי דעם געזעץ וואָס באַגרענעצט די רעכט פון די יידן. עס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ בריוו פון פראַנצויזישן פּרעזידענט פּונקאַרע צום פּוילישן מלוכה־פּרעזידענט אין וועלכן עס איז געווען אַ פריינטלעכע וואָרנונג קעגן אָננעמען אַ געזעץ וואָס שטייט אין סתירה צו דער בירגערלעכער גלייכבאַרעכטיקונג פון די יידן. דער בריוו האָט געטראָפן ווי א דונער אין מיטן העלן טאָג. צו דער דריטער לעזונג איז עס נישט געקומען און דער פּראָיעקט איז אַראָפּ פון דער טאָג־אָרדנונג אויף תמיד. אַנשטאָט דעם געזעץ

צו באַגרענעצן דאָס אויפנעמען יידן אין די הויכשולן, זענען געקומען אַדמיניסטראַטיווע פאַראָרדנונגען און באַשלוסן פון די אַקאַדעמישע סענאַטן און די הויכשולן, וואָס האָבן געהאַט דעם זעלבן ציל.

צו יענער צייט איז עס קלאָר געוואָרן, אַז די פינאַנסיעלע רעפאָרם פון וולאַדיסלאַוו גראַבסקי, דער ענדעקישער פּרעמיער, וואָס האָט באַדאַרפט סטאַביליזירן די פּוילישע וואַליוטע אויפן אינטערנאַציאָנאַלן מאַרק, וועט נישט קענען דורכגעפירט ווערן סיידן פּוילן וועט באַקומען אַ הלוואה פון די פאַראייניקטע שטאַטן. צו דעם דאָזיקן צוועק האָט מען באַדאַרפט ריין מאַכן דעם נאָמען פון פּוילן, וואָס האָט זיך געמאַכט אַ שם אויף דער וועלט ווי אַ מלוכה וואָס באַגרענעצט די רעכט פון יידן און אנדערע מינ־דערהייטן. דער ברודער פון פּרעמיער פּראָפעסאָר סטאַניסלאַוו גראַבסקי, וואָס איז דעמאָלט געווען בילדונגס־מיניסטער און דער אויסערן־מיניסטער גראַף סקשינסקי האָבן באַקומען די אויפגאַבע צו זאָנדירן די שטימונגען אין דער יידישער פראַקציע און אויב זיי וועלן זיך ארויסווייזן פאַר פּאַסיקע, אָנצוהייבן פאַרהאַנדלען מיט איר.

טהאָן און רייך, וואָס איז דעמאָלט געשטאַנען בראש פון דער יידישער פאַרלאַמענט־פראַקציע האָבן אָנגעהויבן אונטערהאַנדלונגען. איך בין דעמאָלט געווען אָפּוועזענד פון פּוילן און כ׳האָב מיך נישט פאַראינטערעסירט נאָך מיין צוריק קומען, צו די אונטער־האַנדלונגען האָבן זיך אָנגעהויבן אויפן גרונט פון אַ בפירושן באַשלוס פון דער פראַקציע, אָדער דורך איר הסכמה דערצו בדיעבד.

יעדנפאַלס די אונטערהאַנדלונגען האָבן זיך נישט געפירט עפנטלעך ווי עס איז געווען אין די צייטן פון קאָנסטיטוציע־סיים. עס זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן מעלדונגען וועגן איינ־לאַדונגען פון די יידישע פאַרשטייער אויפן מיטאָג און אָווענט־מאָל, איינמאָל דורכן אויסערן־מיניסטער אַ צווייט מאָל דורכן בילדונגס מיניסטער. עס איז געווען אַ צייכן אַז די אונטערהאַנדלונגען פירן זיך אין אַ פריינטלעכער אַטמאָספער און מ׳קען האָפן אַז זיי וועלן זיך גינסטיק פאַרענדיקן. צום סוף פון די אונטערהאַנדלונגען איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ קאָמוניקאַט וועגן אַ פייערלעכע אויפ־

נאָמען פון די יידישע פאַרשטייער דורכן פרעמיער מיניסטער. זיי האָבן דעקלאַרירט וועגן דער לאָיאַליטעט פון יידן לגבי פוילן און דער פרעמיער האָט געענטפערט אז ער האָט מיט צופרידענקייט אָנגענומען די יידישע דעקלעראַציע און ער וועט זאָרגן פאַר זייערע באַדערפעניש אין נויטן.

פונעם הסכם זענען באקאנט געוואָרן נאָר צוועלף פּאַראַגראַפן וואָס האָבן באַרירט רעליגיעזע ענינים און די ענינים פון די קהלות.

די לעזונג פון דער פראַגע פון זונטיק־רו און ווירטשאַפטלעכע און נאַציאָנאַלע פראַגן בכלל, זענען פאָרמולירט געוואָרן, ווי עס האָבן דערציילט די יידישע פאַרשטייער, אין באַזונדערע פּאַראַגראַפן, וואָס זענען נישט פאַרעפנטלעכט געוואָרן און זענען באַהאַלטן געוואָרן אויף אַ געוויסער צייט. מ׳האָט נישט געקענט דערגיין, וואָס זייער אינהאַלט איז, און די ענדעקישע פּרעסע, וואָס האָט אויפגענומען דעם הסכם מיט אַ ברוגז פנים, האָט דערקלערט אַז די צוועלף פונקטן וואָס זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן זענען גענוג, און מ׳דאַרף נישט מער צוגעבן צו זיי.

דער ווידערשטאַנד צו דער „אוגאָדע״ (הסכם, אויסגלייך) אין דער יידישער געזעלשאַפט איז געוואָרן וואָס אַ מאָל שטאַרקער. אויך די אגודה האָט זיך אָנגעשלאָסן צו די קריטיקער. אָבער דער סוד פון די באַהאַלטענע פּאַראַגראַפן איז אַ צייט לאַנג נישט אויפגעדעקט געוואָרן. די רעגירונג האָט אָפּגעלעגט דאָס פּובליקירן די באַהאַלטענע פּאַראַגראַפן ביז זי וועט זיך איבערצייגן צו די יידן דערפילן באמת די פאָדערונג פון לאָיאַליטעט צו דער פּוילישער מערהייט אין מלוכה־ענינים. די לאָיאַלטעט־דעקלעראַציע, וואָס איז אָפּגעגעבן געוואָרן אין נאָמען פון די יידן בעת דער פייערלעכער אויפנאַמע, האָט מען נישט געהאַלטן פאַר גענוג. די רעגירונג האָט געהאַט ספיקות, צי וועלן די יידישע מנהיגים אימשטאַנד זיין משפיע צו זיין אויף די יידישע מאַסן, זיי זאָלן גיין אין דעם פאַר איר געווונטשענעם וועג.

טהאָנען און רייך איז שווער געווען אויסצוהאַלטן די שאַרפע קריטיק פון אַלע זייטן. ווען ד״ר רייך האָט דערמאָנט פאַר די זשורנאַליסטן די באַהאַלטענע פונקטן פון דער „אוגאָדע״, האָט

סטאַניסלאַוו גראַבאָווסקי אָפּגעלייקענט אַז זיי פּאַרפּליכטן די רעגירונג.

די „אוגאָדע" האָט געפּלאַצט און איז צעשוווּמען געוואָרן, און דער יידישער צבור האָט זיך אַרומגעקוקט און דערזען אַז די רעגירונג האָט באַדאַרפט נויטיק האָבן אַ דעקלעראַציע פון יידישער לאָיאַליטעט און נישט מער. די מנהיגים האָבן זיך געלאָזט פאַרפירן פון די שיינע הבטחות.

די פּילסודסקי איבערקערעניש פון יאָר 1926 און דאָס שאַפן די רעגירונג פון פּראָפעסאָר באַרטעל, פון וועלכער עס זענען דערוואַרטעט געוואָרן די ענדעקעס, האָט די לאַגע גרונטלעך געענדערט. דער פּרעמיער האָט דערקלערט, אַז ער וועט נישט גיין אויפן וועג פון אָפּמאַכן מיט די בירגער פון דער רעפּובליק, נאָר ער וועט זיך נוהג זיין מיט די מינדערהייטן ווי מיט גלייכבאַרעכטיקטע בירגער און וועט זיך נישט באַציען צו זיי ערגער ווי צו אַלע אַנדערע בירגער. טהאָן האָט זיך געפילט שלעכט און זיך געשטעלט אין אַ זייט. רייך האָט זיך אָנגעגעבן אין דימיסיע. אַלס פּרעזעס פון יידישן סיים־קלוב איז געווײלט געוואָרן האַרטגלאַס, אויף מיין פאָרשלאַג. כ'האָב נישט געוואָלט פאַרשאַרפן די באַציאונגען. די באַציאונגען צווישן יידישן סיים־קלוב און די רעגירונג פון באַרטלען זענען געווען גוטע. עס זענען דערפולט געוואָרן אַ טייל פון די נאַציאָנאַלע פאָדערונגען אויפן געביט פון דערציאונג. די אַטמאָספערע לגבי יידן און די רעגירונגס־אַמטן אין דער הויפּט־שטאָט און אין לאַנד בכלל איז געוואָרן ריינער און גינסטיקער. דערווייל האָט זיך געענדיקט די קאַדענץ פונעם סיים און עס זענען פאָאָרדענט געוואָרן וואַלן צום ניי׳עם סיים. עס האָט זיך דעמאָלט אַרויסגעוויזן אַז די פּילסודסקי־איבערקערעניש, וועט נישט ברענגען צו קיינע גרונטלעכע געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע ענדערונגען. עס זענען געענדערט געוואָרן בלויז די פּאַראַגראַפן אין דער קאָנסטיטוציע, וואָס האָבן באַשרענקט די מאַכט פון דער רעגירונג און פּרעזידענט. זייער מאַכט איז פאַרשטאַרקט און אויסגעברייטערט געוואָרן דורכן סיים. אָבער די רעגירונג, טראָץ דער אויסברייטונג פון איר קאָמפּעטענץ, האָט זיך נישט געאיילט דורכצופירן די רעפאָרמעס, וועלכע עס האָבן

דערוואַרט די פעלקער אין פוילן. זי האָט פּראָיעקטירט אַ גאַנצע רייע רעפאָרמעס, אָבער זי האָט אָפּגעלייגט אויף שפּעטערע צייטן יענעם טייל זייערן, וואָס האָט איר אויסגעזען צו זיין געפערלעך, ווייל זיי וואָלטן געפירט צו ווייטערדיקע פאַרבעסערונגען אין דער לאַגע פון די פויערים און אַרבעטער און נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. די צייט פון זייער פאַרווירקלעכונג איז אָפּגעלייגט געוואָרן ביז אויף נאָכדעם, ווי דאָס רעגירונגס סיסטעם וועט זיך גאַנץ און פולשטענדיק פאַרפעסטיקן. די יידן און זייערע פאָדערונגען זענען געשטאַנען אויפן לעצטן פּלאַץ אין דער רשימה.

ווען די זאַך איז קלאָר געוואָרן, איז אינעם ציוניסטישן צענטראַל־קאָמיטעט און נאַציאָנאַל־ראַט באַשלאָסן געוואָרן צו באַגייען דעם נאַציאָנאַליטעטן־בלאָק. אָבער אין דער צווישן־צייט האָבן זיך געשטאַרקט די אַנטוישונגען מצד די אוקראַאינער און ווייס־רוסן, לגבי דעם פּילסודסקי־רעזשים. צווישן זייערע מאַסן האָבן זיך גשטאַרקט די פּראָ־קאָמוניסטישע נייגונגען. עס איז אַנטשטאַנען אַ רעוואָלוציאָנערער אונטערערד. מ׳האָט נישט געקענט שאַפן מיט זיי קיין וואַל־בלאָק. אָבער אָנשטאָט זיי, זענען דערשינען אלס פּאָליטישע פּאַרטנערן די אוקראַאינער אין מזרח־גאַליציע, וואָס האָבן באַשלאָסן דאָס מאָל זיך צו באַטייליקן אין די וואַלן און זיך אָנשליסן אין מינדערהייטן בלאָק.

די באַנייאונג פון מינאָריטעטן בלאָק איז אויפגענומען געוואָרן מיט אַ צאָרניק פּנים מצד דער רעגירונג און דער פּילסודסקי־פּאַרטיי. זיי האָבן געשאַפן אַ מין „אומפּאַרטייאישן בלאָק״, וואָס זיין אויפגאַבע איז געווען אונטערצושטיצן די רעגירונג, און איז אויפגענומען געוואָרן מיט אָפענע אָרעמס. די „אגודה״ און יידישן סוחרים־פאַריין, וואָס האָבן דערקלערט גרייטקייט זיך אָנצושליסן אין דעם „בלאָק״. עס איז געווען קלאָר, אַז די לאָקאַלע מאַכט אין די באַזונדער וואַל־ראַיאָנען וועלן זיך אַריינמישן אין די וואַלן און וועלן מיט אַלע מיטלען שטערן די פּאַרטייען וואָס האָבן זיך פאַראייניקט אינעם מינדערהייטן בלאָק.

טהאָן און רייך האָבן געהאַלטן אַז עס האָט זיך געשאַפן אַ מעגלעכקייט פון דערנענטערן זיך צום פּילסודסקי־רעזשים. דורכן נישט גיין אין איין בלאָק מיט די מזרח־גאַליצישע אוקראַאינער

האָט די רייך־גרופּע געהאַט די געלעגנהייט צו ווייזן אז זי איז נייטראַל אינעם דאָרטיקן (גאַליצישן) קאַמף צווישן אוקראַינער און פּאָליאַקן.

טהאָן האָט אפילו נישט באַדאַרפט דעקלאַרירן וועגן אָט דער נייטראַליטעט, ווייל אין קראָקע זענען כלל נישט געווען קיין אוק־ראַינער. זיין ליסטע אין קראָקע איז געווען אַ זעלבסטשטענדיקע און פריינטלעך געשטימט צו דער רעגירונג, וועלכע האָט אַריינ־גענומען אין איר חשבון אז אין קראָקע ווערט געווילט ווערן אַ ייד.

אין מזרח־גאַליציע האָט זיך די רעגירונג נישט גערעכנט מיט די לאָיאַליטעט־דערקלערונגען פון די דאָרטיקע יידישע פירער און האָט אַוועקגענומען ביי די יידן אַלע מאַנדאַטן וואָס זי האָט נאָר געקענט צונעמען. די צאָל פון די געווילטע יידן אינעם געווע־זענעם עסטרייכישן „זאַבאָר" (גאַליציע) איז שטאַרק געפאַלן לגבי זייער צאָל אינעם פריערדיקן סיים, אויך די צאָל פון די יידישע דעפּוטאַטן וואָס זענען געווילט געוואָרן אין דער ליסטע פון מינדערהייטן־בלאָק איז געפאַלן אויף אַ העלפט לפּחות, לגבי זייער צאָל אין פריערדיקן סיים. די ליסטע פון די אוקראַינער אין גאַליציע האָט געהאַט אַ נצחון, פון דער ליסטע איז געווילט געוואָרן ד"ר אברהם אינזלער, וואָס האָט פיגורירט, אַלס איינציקער ייד אויף דער ליסטע.

דער סיים, אין וועלכן די מערהייט איז געווען קעגן פּילסודסקין האָט נישט מאריך ימים געווען.

דער סיים איז פונאַדערגעלאָזט געוואָרן נאָך אַ קורצער דראַמאַטישער עקזיסטענץ. צו די וואַלן אין יאָר 1930 האָט מען שוין נישט געקענט שאַפן קיין מינדערהייטן־בלאָק. די גאַליצישע אוקראַינער האָבן געהאַלטן אז עס לוינט זיך זיי נישט צו גיין מיט די יידן אין איין בלאָק, בעת די גאַליציש־יידישע אָנפירער־שאַפט אונטערשטיצט די רעגירונג. מיר האָבן געוואָלט אויפשטעלן אַ ציוניסטישע ליסטע, אָבער די פאָרשטייער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין גאַליציע האָבן דערקלערט אינעם טאָג ווען די ליסטעס זענען אַריינגעטראָגן געוואָרן אין דער וואַל־קאָמיסיע, אז זיי האָבן דערלאַנגט אן אייגענע ליסטע. מיר זענען אויך געווען געצוואונגען אַריינצוטראָגן אַ סעפּעראַטע ליסטע.

ביידע ליסטעס האָבן געליטן אַ מפּלה. אָבער אונדזער מפּלה איז געווען אַן אַנטשיידנדיקע. די רעגירונג האָט געקעמפט קעגן אונדז מיט איר גאַנצער קראַפט.

פון דער מפּלה זענען אונדז געבליבן נאָך צוויי מאַנדאַטן, איינער אין וואַרשע און אײנער אין לאָדזש. די יידישע מאַסן האָבן נישט אויסגעהאַלטן דעם דרוק און האָבן אויפגעהערט צו גלויבן אין אַ קאַמפּס־פּאָליטיק.

טהאָן איז געוואָרן דער ראש המדברים אין דער יידישער לאַנד־פּאָליטיק. כ׳האָב עס דערקלערט באַלד נאָכדעם ווען עס זענען באַקאַנט געוואָרן די רעזולטאַטן פון די וואַלן. אין סיים האָט געהערשט אַ מערהייט וואָס איז געווען געטריי די רעגירונג. די טעטיקייט פון סיים איז באַשרענקט געוואָרן בלויז צו באַשטע־טיקן דעם מלוכה בודזשעט אין אַ ספּעציעלער סעסיע, וואָס איז צוליב דעם צונויפגערופן געוואָרן. אַ צווייטע סעסיע אין יאָר איז צונויפגערופן געוואָרן נאָר לויט דעם פאַרלאַנג פון דער רעגירונג.

די רעגירונגס־פּאַרטיי האָט זיך באַמיט דורכצופירן שפּאַלטונגען אין די קעגנערישע פּאַרטייען. זי האָט אָנגענומען רעפּרעסיע מיטלען קעגן די פירער פון די אָפּאָזיציע פּאַרטייען. אַ סך געוועזענע ענדעקעס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער רעגירונגס־פּאַרטיי. די אָנגעשלאָסענע ענדעקעס אַנטיסעמיטן אין דער רעגירונגס־פּאַרטיי און די „ענדעקעס" וואָס זענען געבליבן אין דער אָפּאָזיציע און באַקעמפט די רעגירונג מיטן „יידישן אַרגומענט" — ביידע האָבן געהאַט די השפעה אויף דער רעגירונג זי זאָל אַרויף אויף דעם לייכטן און „אויסגעטראָטענעם" וועג פון אַנטי־יידישע עקסטער־מינאַציעס.

דער ערשטער אָנגריף איז געמאַכט געוואָרן אין די הויכשולן. די סטודענטן האָבן אָנגעהויבן פאַרפאָלגן די יידן, געצוואונגען זיי צו זיצן אויף באַזונדערע בענק, און געפאָדערט צו באַגרענעצן זייער צאָל. ס׳האָבן זיך אפילו געפונען פּראָפעסאָרן, וואָס האָבן זיך סאָלידאַריזירט מיטן אַנטי־יידישן טעראָר מצד די סטודענטן.

אַרויסגייענדיק פון די הויכשולן, פלעגן די סטודענטן, באַ־זונדערס אין וואַרשע, באַפאַלן דורכגייענדיקע יידן און אפילו אָנגרייפן יידישע גאַסן, כדי אַרויסצורופן פּאָגראָמען מיט דער

הילף פון המון, וואָס וועט זיי נאָכגיין. אָבער די לעצטע האָבן געזען אַז די פּאָליציי שטייט נישט אויף דער זייט פון די אָנפּאַלער. און זיי שטויסן זיך אפילו אָן אין אַן אַקטיוון ווידערשטאַנד מצד יידן, בעלי־עגלות, קצבים און ארבעטער, און זענען דעריבער גע־בליבן מן הצד. די רעגירונג האָט געשטעמפּעלט די אָנפאַלן און עקצעסן מצד די סטודענטן, זי האָט זיך אָבער פאַרענטפערט אַזוי אַז זי איז גאָר נישט בכוח צו טון קעגן דעם, ווייל דאָס געזעץ דערלויבט נישט אַריינצופירן פּאָליציי אין די הויכשולן, סיידן עס פאַרלאַנגט עס די אוניווערזיטעט־מאַכט, די אויטאָנאָמישע אינ־סטאַנצן פון די הויכשולן.

טהאָן האָט זיך, פאַרשטייט זיך געראַנגעלט, געפּאָדערט שוין פאר די געטרודפ׳טע סטודענטן און פארלאַנגט צו צוימען דעם ווילד־קיר פון די צעיושעטע פאָגראָם־אַקאַדעמיקער, אָבער עס איז אים שווער געווען אוועקצוקוקן פונעם פּרינציפּ פון אויטאָנאָמיע פון די הויכשולן, וואָס איז געווען ביי אים אַ פאַרהייליקטער פּרינציפּ נאָך פון זיינע אייגענע אוניווערזיטעט־יאָרן. און דאָך האָט ביי אים גובר געווען זיין פליכט לגבי די געטרודפטע יידן און ער האָט געשטימט פאַר דעם געזעץ־פּראָיעקט וואָס באַגרענעצט די אויטאָ־נאָמיע פון די הויכשולן און פאַרגרעסערט די פאַראַנטוואָרט־לעכקייט פון דער רעגירונג פאַר דעם וואָס עס קומט פאָר אין די הויכשולן.

שטייענדיק אין געראַנגל קעגן די יידישע שונאים אין פוילן גופא, איז אָנגעקומען די ידיעה אז היטלער און זיין נאַצי־פּאַרטיי האָבן איבערגענומען די מאַכט אין דייטשלאַנד און אָנגעהויבן אַ טעראָר־אַקציע קעגן יידן. עס זענען געטראָפן געוואָרן אויך פּוי־לישע יידן וואָס זענען אַ סך יאָרן געזעסן אין דייטשלאַנד. זיי זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון דייטשלאַנד און זיך צונויפ־געקומען אין דער גרענעץ־שטאָט, זבאַנשטין, ביז מ׳האָט זיי דער־לויבט אַריינצוקומען קיין פוילן. די רעגירונג האָט דאָס מאָל דערקלערט, אַז יידן פוילישע בירגער שטייען אונטער איר שוץ.

טהאָן האָט אין זיינעם אַן אַרויסטריט אויף דער סיים־טריבונע געדאַנקט דער פוילישער רעגירונג, וואָס האָט גענומען אונטער

איר שוץ אירע יידישע בירגער און זיך מוטיק געשטעלט קעגן דעם נאַציישן רעזשים.

אפשר איז צו אים דערגאַנגען דער קלאַנג וועגן פּילסודסקיס פאָרשלאַג צו דערקלערן קריג דייטשלאַנד און אונטערדריקן די נאַצישע באַוועגונג שוין ביים סאַמע אָנהויב. אפשר האָט ער אים געוואָלט דערמוטיקן צו דער געפּלאַנטער אונטערנעמונג זיינער און אים געבן אָנצוהערן וואָס עס פילן די יידן זעענדיק אַז די רעגירונג וויל אָנעמען אַן ענערגישע שטעלונג לגבי דייטשלאַנד, צוליב דעם נאַציישן רעזשים וואָס געוועלטיקט אין איר.

אָבער די סוגעסטיעס און פאָרשלאגן מצד פּילסודסקין אין דער דאָזיקער ריכטונג האָבן אים באַוויזן, אַז די מערב־מלוכות זעען אין דייטשלאַנד אַ שטאַרקע פעסטונג, וואָס איז בכוח אויפצוהאַלטן דעם פאָרמאַרש פון קאָמוניזם, מער ווי פוילן, און עס איז נישטאָ קיין האָפנונג אַז זיי זאָלן אונטערשטיצן און אויפמונטערן זי אָנצוגרייפן היטלער־דייטשלאַנד.

עס איז דעריבער פאַר פּילסודסקין קלאָר געוואָרן, אַז פוילן געפינט זיך צווישן האמער און שמיד־אייזן — צווישן אירע צוויי היסטאָרישע פיינט, דייטשלאַנד און רוסלאַנד, אז אויב זיי וועלן זיך דערנענטערן איינער צום אנדערן וועט פוילן ווידער שטייען ביים ברעג פון אָפּגרונט.

עס איז באַלד געקומען אַ ראַדיקאַלע ענדערונג אין דער פוילישער פּאָליטיק. די ענדערונג האָט אָנגעזאָגט דאָס אָפּוואַרפן מצד די פוילישע סוחרים דעם יידישן פאָרשלאַג אָנטייל צו נעמען אין דער באָיקאָט־אַקציע קעגן דייטשן האַנדל.

אויך די רעגירונג האָט געקוקט קרום אויף דער טעטיקייט פון די יידן, און אירע טרייע אָנהענגער פון דער אָנפירונג פון סוחרים־פאריין האָבן אָנגעהויבן זיך צוריק־צוציען פונעם קאָמיטעט וואָס האָט געפירט די באָיקאָט־אַקציע. מ'האָט געפילט אַז צווישן בערלין און וואַרשע ווערן געצויגן אין געהייט פעדים פון פאַרשטענדעניש און פארבינדונג און פלוצים איז די געזעלשאַפט אין פוילן איבעראשט געוואָרן דורכן פריינטלעכן באזוך פון מאַרשאַל גערינג און זיין באַטייליקן זיך אין געיעג אין די ביעלאָוויזשער וועלדער ביי ביאַליסטאָק. דער שפּיץ פון דער דערנענטערונג צווישן

פוילן און נאַצי־דייטשלאַנד איז געווען געווענדעט קעגן ראַטן־פאַרבאַנד. די אַנטיסעמיטן פון אַלע מינים האָבן אויפגעהויבן דעם קאָפּ. דעמאָלט איז טהאָן ארויסגעטרעטן מיט אַ שאַרפער ריידע, וואָס האָט דערמאָנט זיינע ערשטע טעג אינעם פוילישן סיים, ער האָט אויפעשטורמט דעם סיים קעגן זיך. ער האָט געדונערט קעגן דער פאַשטענדיקונג פון פוילן מיט נאַצי־דייטשלאַנד.

די מיניסטאָרן און זייערע פאַרטיי־חברים אין סיים האָבן נישט געקענט פאַרשטיין, וואָס האָט פאַסירט מיט דעם געמעסיקטן און געלאַסענעם טהאָן, פאַר וואָס איז ער אַרויס פון די כלים. ער האָט דאָך שטענדיק געהאַלטן אז די העכערע פּאָליטישע אינטערעסן פון דער מלוכה שטייען איבער אַלעמען. טהאָן האָט דאָס מאָל זיך נישט גערעכנט מיט דעם אָנגענומענעם פּרינציפּ אז דער מלוכה־אינטערעס שטייט איבער אַלעמען. ער האָט געפילט אין די טיפענישן פון זיין נשמה די סכנה וואָס דערנענטערט זיך, דעם ים פון בלוט און טרערן מיט וועלכן היטלער, די נאַציס און גאַנץ דייטשלאַנד וועלן פאַרפלייצן פוילן און די פוילישע יידן. עס איז געווען זיין לעצטע היסטאָרישע ריידע אין סיים. עס איז אין איר בולט געקומען צום אויסדרוק די גרויליקע טראַגעדיע זיינע און די טראַגעדיע פון די יידן אין פוילן וואָס ווילן טריי בלייבן פוילן, לאָיאַל מיטאַרבעטן לטובת פוילענס מלוכה־אינטערעסן און זיי קענען נישט, ווייל זי לאָזט זיי אויף הפקר ביי יעדער היסטאָרישער ווענדונג.

אין אַ קורצער צייט אַרום איז טהאָן נפטר געוואָרן און נישט געזען ווי פוילן איז אליך מער געזונקען אין אַקטיוון ווירטשאַפט־לעכן אַנטיסעמיטיזם, און געמאַכט אלע אָנשטרענגונגען פטור צו ווערן פון די יידן, ביז זי איז שפּעטער צוטיילט געוואָרן צווישן נאַצי־דייטשלאַנד און דעם סטאַליניש ראַטן־פאַרבאַנד.

# אפרים פישל ראטענשטרייך

די לעצטע צען יאָר פונעם פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט זענען געווען אין מזרח־גאַליציע יאָרן פון שטאַרקן אויפברויז אין דער יידישער געזעלשאַפט. די זון פון דער אַסימילאַציע און חסידות האָט אָנגעהויבן אונטערצוגיין און אויך די השפעה פון דער בער־לינער השכלה, וואָס איר שפּראַך איז געווען דייטש, האָט געהאַלטן אין פאַלן. די פוילישע שפּראַך און איר ליטעראַטור האָבן אריינ־געדרונגען אינעם לעבן פון יונגן דור, וואָס האָט באַקומען זיין דערציאונג אין די פאָלקס און מיטל־שולן, וואָס זענען געשטאַנען אָפען פאַר יידן, אַ דאַנק די עסטרייכישע געזעצן, און דער שטרע־בונג פון די פּאָליאַקן וואָס אין זייערע הענט איז געווען די מאַכט, אינעם אויטאָנאָמישן גאַליציע, איינצוגלידערן די יידן אין זייער געזעלשאַפט פּאָליטיש און קולטורעל. ווייל אין לאַנד איז אויפ־געקומען און אָנגעהויבן פאָדערן זיינע רעכט דאָס אוקראַאינישע פאָלק, וואָס די פּאָליאַקן האָבן אלע יאָרן געהאַלטן בלויז פאַר אַ שבט וואָס דאַרף זיך צווישן זיי אַסימילירן. און דאָס אָיינגלי־דערן די יידן אין דער פוילישער געזעלשאַפט איז געווען נויטיק פאַר די פּאָליאַקן, כדי זיי זאָלן קענען פאַרשטאַרקן זייער הער־שאַפט איבער די אוקראַאינער.

אָט אין יענע טעג איז דערגאַנגען צום יונגען יידישן דור אינעם דאָזיקן לאַנד, דער ערשטער דור וואָס האָט באַקומען פוילישע בילדונג, די בשורה פון דעם זיך בויענדיקן ארץ־ישראל, די בשורה פון ציוניזם.

די בשורה האָט געוווּנען די הערצער און צעפלאַמט די גע־מיטער. אין די מיטל־שולן האָבן זיך אָרגאַניזירט גרופן יידישע

שילער וועלכע האָבן אָנגעהויבן זוכן דעם וועג צו דער קולטור פון זייער פאָלק און צו זיין נאַציאָנאַלער דערליידזונג.

אפרים פישל ראָטענשטרייך, וואָס איז דעמאָלט אריבער פון חדר אין אַ פוילישער גימנאַזיע, האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער דאָזיקער באַוועגונג און באַקומען אין איר זיין נאַציאָנאַלע און ציוניסטישע דערציאונג. הערצל פון דער ווייט און די ערשטע ציוניסטן אין גאַליציע, טהאָן און מאַלץ, שטאַנד און ציפער און שפעטער שילער, פון דער נאָענט — זענען געוואָרן די לערער פון די דאָזיקע יונגע. אין די בלעטלעך וואָס די יוגענט האָט פאַרשפרייט אין געהיים האָבן זיי ווידערהאָלט די געדאַנקען און ווערטער פון די עלטערע, האָבן געוועבט די חלומות פון דער גאולה און געגעבן אַן אויסדרוק דער שנאה און פאַראַכטונג, וואָס זיי האָבן געפילט צו דער אסימילאציע און אירע פירער פון צווישן דער אינטעליגענץ און די חסידים, וואָס האָבן זיך אליין פארקנעכטעט און געוואָלט אויך דאָס פאָלק פאַרשקלאַפן צום ווילן פון די פוילישע הערשער און געוועלטיקער.

ראָטענשטרייך איז אַריבער אין דער אוניווערזיטעט אין ווין, און אויך דאָרט האָט ער געשאַפן אַציוניסטישן פאַריין מיטן נאָמען „טעאָדאָר הערצל". זיין ציוניזם האָט זיך אלץ מער אויסקריס־טאָליזירט און געוואָרן דאָס ליכט פון זיין לעבן.

אַט דער ציוניזם האָט געהאַט אַן אייגענאַרטיקן, גאַליצישן פאָלקסטימלעכן קאָלאָריט. צו דער שטרעבונג צו גאולה איז צוגעקומען דאָס דערקענטעניש, אַז מ'קען זיך נישט דערוויטערן פון די טאָג־טעגלעכע נויטן און באַדערפענישן פונעם פאָלק, אז מ'קען עס נישט לאָזן אויף הפקר אין די הענט פון די געוועלטיקער און אויסנוצער פונעם אַסימילאַטאָרישן און רביש־חסידישן לאַגער, וואָס דינען אזוי געטריי זייערע פוילישע האַרן.

די גאַליצישע גרופּע איז געווען די ערשטע וואָס האָט אריינ־געבראַכט אינעם ציוניזם די זאָרג פאַרן גורל פון די יידישע פאָלקס־מאַסן אין גלות, דעם קאַמף פאר זייער נאַציאָנאַלן אויפ־קום און פאר זייער רעכט. זי איז געווען די ערשטע וואָס האָט פּראָקלאַמירט די עקזיסטענץ פונעם יידישן פאָלק, וואָס שטרעבט צו זיין פולער גאולה אין ארץ־ישראל און וואַרפט גלייכצייטיק פון

זיך אַראָפּ דעם יאָך פון אַסימילאַציע אין די גלות־לענדער און פאָדערט זיין רעכט פאר אַ נאַציאָנאַלן לעבן. די גאַליצישע ציוניסטן פון יונגערן דור, וואָס ראָטענשטרייך איז געוואָרן איינער פון זייערע פירער, האָבן אָנגעהויבן פאָדערן אַז מ׳זאָל זיך מיט זיי רעכענען ווי מיט א דריטן כוח, ביי דער זייט פון די אַנדערע פאַקטאָרן אין לאַנד די פּאָליאַקן און אוקראַינער. אַט דער קאַמף האָט די ציוניסטן דערנענטערט צו די אוקראַינישע נאַציאָנאַלע קרייזן, וואָס האָבן זיך באַצויגן צו זיי מיט סימפּאַטיע שוין בלויז צוליב דעם, ווייל זיי האָבן זיך אָפּגעטיילט פון די פּאָליאַקן און נישט געוואָלט דינען ווי אַ פּאָליטיש ווערקצייג אין זייערע הענט.

אינעם אָנהויב פונעם לויפנדיקן יאָר־הונדערט איז די עסטרייכישע מאָנאַרכיע ארויף אויפן וועג פון דעמאָקראַטישע רעפאָרמען און איינגעפירט דאָס אַלגעמיינע וואַל־רעכט. פאַר די גאַליצישע ציוניסטן האָט זיך געעפענט אַ ברייטער וועג פאַר אַ פּאַרלאַמענטאַרישן קאַמף פאַר די רעכט פון זייער פאָלק. אין דער ערשטער וואַל־קאַמפּאַניע האָבן זיי אָפּגעהאַלטן אַ נצחון און פיר יידיש־ציוניסטישע פאָרשטייער זענען געשיקט געוואָרן אינעם ווינער פּאַרלאַמענט, וווּ עס איז געשאַפן געוואָרן דער ערשטער פּאַרלאַמענטאַרישער ציוניסטישער קלוב, וואָס האָט זיך עפנטלעך דערקלערט אַלס יידיש נאַציאָנאַלע רעפּרעזענטאַנץ און פּראָקלאַמירט די יידישע גאולה־שטרעבונגען. דאָס איז געווען דער נצחון פונעם יונגען ציוניסטישן דור, וואָס איז ארויס צום פאָלק און אים גערופן זיך זאַמלען אונטער זיין פאָן.

ראָטענשטרייך און זיינע חברים האָבן געקעמפט ווי סאָלדאַטן אין דעם לאַגער בראש פון וועלכן עס זענען געגאַנגען זייערע לערער און וועג־ווייזער.

אָבער ער האָט שוין געקענט דערקענען אַז באַלד וועט קומען זייער ריי און זיי וועלן זיך שטעלן בראש פון דער באַוועגונג.

און זייער ריי איז געקומען אין שווערע און דראַמאַטישע טעג, אין די טעג פון שווערע נסיונות אין דער ערשטער וועלט־מלחמה און די שווערע צערשטערונגען, וואָס זענען געקומען נאָך איר, עסטרייך, וואָס האָט געליטן אַ פולשטענדיקע מפּלה אין דער

דאָזיקער מלחמה, איז זיך פונאַנדערגעפאַלן אויף עטלעכע מדינות. און אין מזרח גאַליציע האָבן זיך צוזאַמענגעשטויסן צוויי פעלקער, וואָס יעדער פון זיי האָט געוואָלט זיין דער יורש פון דער מאָנאַרכיע אין דעם לאַנד. אין דער זעלבער צייט ווען עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן דאָס ווידעראויפשטיין פון פּוילן, האָבן אויך די אוקראַינער אין גאַליציע פּראָקלאַמירט זייער אייגענע מלוכה׳שע זעלבסשטענדיקייט און אָנגעהויבן אָרגאַניזירן די „מערב אוקראַי־נישע מלוכה" און האָט באַלד דערקלערט, אַז די יידן אין גאַליציע באַקומען נאַציאָנאַלע רעכט אַ חוץ אַלגעמיין־בירגערלעכע גלייכ־באַרעכטיקונג.

אָט דאָס האָט צוגעצויגן די יידן זיך צו באַטייליקן אינעם אויפבוי פון דער דאָזיקער אוקראַינע, הגם זיי האָבן זיך נישט באַטייליקט אינעם פּאָליטישן און מיליטערישן קאַמף זייערן. צווישן האַמער און שמיד־אייזן — האָבן די יידן אויסגעקליבן פאַר זיך די נייטראַליטעט. באַזונדערס ווען עס איז געקומען צו אַ בלוטיקער מלחמה צווישן די אוקראַינער און פּאָליאַקן וועגן לעמבערג און איר סביבה. די אוקראַינער וואָלטן געקענט שאַפן זייער מלוכה מיט דעם הסכמה פון די גרויסמאַכטן, וואָס האָבן באַזיגט דייטשלאַנד און עסטרייך, ווען זיי וואָלטן געוועזן רעזיגנירט פון לעמבערג און דעם דראָהאָביטשער נאַפט־געביט. אָבער זיי האָבן זיך איינ־געעקשנט, און זיי האָבן אַלץ פאַרלאָרן. אין דער מלחמה זענען זיי באַזיגט געוואָרן דורכן פּוילישן מיליטער.

ראָטענשטרייך, דער פאָרזיצער פון יידישן נאַציאָנאַל־ראַט אין דעם טייל גאַליציע, וואָס איז פריער געווען פאַרנומען דורך די אוקראַינער, האָט זיך פון דער נאָענט צוגעקוקט, צו אָט דעם געראַנגל און זיינע רעזולטאַטן, און אָט די לערע פון דעם דאָזיקן געשעעניש איז טיף אריינגעדרונגען איז זיין באַוווסטזיין, און דאָס האָט אויף אים משפיע געווען אָנצונעמען אַ פּאָזיטיווע שטעלונג אין דער פראַגע פון שאַפן א יידישע מדינה אין איין טייל פון ארץ־ישראל...

פאַר זיין טעטיקייט אין יענע שווערע טעג אין דער אוקראַי־נישער מלוכה וואָס איז חדוב געוואָרן, נאָך איידער זי האָט זיך

געשטעלט אויף די פיס, האָט ראָטענשטרייך באַצאָלט מיט חדשים אַרעסט אין דער תפיסה פון ניי־אויפגעשטאנענעם פוילן, וואָס האָט באַזיגט די אוקראַינער.



אַ ביי קאַפּיטל האָט זיך אָנגעהויבן מיטן אויסוויילן ראָטענ־שטרייכן אינעם פוילישן סענאַט. אינעם נייעם פוילן מיט איר דעמאָקראַטישער קאָנסטיטוציע האָט זיך תחילת אויסגעדאַכט אז דער יידישער סיים־קלוב, צוליב זיין צאָל און השפעה, פאַרבונדן מיט די פאָרשטייער פון די אנדערע נאַציאָנאַל מינדערהייטן, אונ־טערשטיצט דורכן לינקן פוילישן פליגל, וועט מצליח זיין אין זיין קאַמף, נישט בלויז צו פאַרזיכערן גלייכבאַרעכטיקונג פאַר די יידישע מאַסן, נאָר וועט זיך אויך דערשלאָגן צו דער פאַרווירק־לעכונג פון נאַציאָנאַלע רעכט פאַר יידן.

אָבער עס האָט זיך באַלד ארויסגעוויזן, ווי ווייט שווער און קאָמפּליצירט עס איז די לאַגע, אין וועלכע די יידישע פאָרשטייער אין פוילישן פאַרלאַמענט האָבן זיך געפונען, און נאָך מער — די יידישע פאָלקס־מאַסן אין פוילן און אין גאַליציע בפרט, ווו מ׳האָט אָנגעהויבן באַגרענעצן די יידן אין אַזעלכע רעכט וואָס זיי האָבן געהאַט בעת דער עסטרייכישער הערשאַפט. אַנשטאָט אַן אָנגריפס־מלחמה פאַר גרעסערע רעכט, פאַר דער רעאַליזאַציע פון מינדערהייטס־טראַקטאַט וואָס האָט אויך די יידן פארזיכערט נאַ־ציאָנאַלע רעכט, איז מען געווען געצוווּנגען צו פירן אַ פאַר־טיידיקונגס קאַמף פארן דערהאַלטן יענע רעכט וואָס מ׳האָט געהאַט נאָך פאַר דער מלחמה. באַזונדער איז געגאַנגען אַ שווערער קאַמף אויפן ווירטשאַפטלעכן געביט.

ראָטענשטרייך האָט דעראָבערט פאַר זיך א חשובן פּלאַץ צווישן דער יידישער פאָרשטייערשאַפט פון גאַליציע. ער האָט נישט געהערט צו יענע, וואָס האָבן געווידמעט זייער גאַנצע ענערגיע דעם אינערלעכן געראַנגל, וועגן דער ריכטונג פון דער יידישער פּאָליטיק און איר אָנפירונג. ער האָט אָנגעהויבן מיט פּאָזיטיווער ארבעט, האָט אַרויסגעוויזן זיינע פעאיקייטן און זיינע גרויסע קענטעניש אין דער ווירטשאפט. מיט דער דאָזיקער אַרבעט זיינער

האָט ער דעראָבערט פאַר זיך פרעסטיזש און אָנזען, נישט בלויז ביי יידן, נאָר ביי אַ סך מיטגלידער פון פוילישן סענאַט. ער האָט דאָרט פאַרנומען אַ פלאַץ פון איינער פון די באַרופענע מומחים אין ווירטשאַפטלעכע פראַגן.

אָבער די גאַנצע פאַכמענישקייט זיינע און די געטרייע און איבערגעבענע ארבעט, און נאָך ווענקער פון דעם, דאָס דער־ווייטערן זיך פון דער פאָליטישער שיטה פון צוזאַמענגיין מיט די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן און פאַרבינדונג מיטן לינקן פליגל אין סיים — האָבן נישט געהאָלפן. די לאַגע פון יידן אין פוילן איז געוואָרן וואָס אַ מאָל ערגער. די רעכט פון די גאַליצישע יידן זענען איינגעשרומפן געוואָרן. די האָפנונג, אז די יידישע פאַר־שטייערשאַפט וועט באַווייזן מיט איר קאַמף און איינפלוס צו פאַרזיכערן די יידן בירגערלעכע גלייכבאַרעכטיקונג און נאציאָנאַלע רעכט — איז נישט מקויים געוואָרן. עס זענען געקומען טעג פון ריקצוג פאַרן פוילישן יידנטום, און די אויפגאַבע פון די יידישע פאָרשטייער איז באַשטאַנען אין דעם, צו היטן, און ווי ווייט מעגלעך צו פאַרמיידן אז דער ריקצוג זאָל נישט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַפולשטענדיקער מפלה און א בהלה׳דיקן אַנטלויפן.

די גאַנצע צייט ווען ער האָט געווידמעט זיין עיקר ארבעט דעם פוילישן פאַרלאַמענט, האָט ער אויך נישט איבערגעריסן זיין טעטיקייט אויפן ציוניסטישן אַרבעט־פעלד. ווען ער האָט פאַרלאָזט די ארבעט אויפן סיים־פראָנט, האָט ער פארשטאַרקט זייז אַקטי־וויטעט אויפן פראָנט פון ציוניסטישע און ארץ־ישראל ארבעט. זיינע פאַרטיי און ארבעט חברים האָבן געהאַלטן, אז ער דאַרף אריין אין דער סוכנות־לייטונג. ער אַליין האָט געפילט, אַז עס איז געקומען די צייט ער זאָל עולה זיין קיין ארץ־ישראל, זיך באַזעצן אין לאַנד און ווידמען זיינע כוחות און פעאיקייטן דער אויפבוי־אַרבעט אין לאַנד.

אויפן קאָנגרעס אין לוצערן איז זיין שטרעבונג דערפילט געוואָרן, ער איז אַריבער מיט זיין פאַמיליע קיין ארץ־ישראל און אָנגעהויבן ארבעטען. ס׳איז געווען אַ שטילע און געטרייע אַרבעט. דאָס געביט וואָס איז אים איבערגעגעבן געוואָרן איז געווען פערנאַכלעסיקט, און ער האָט אָנגעהויבן עס אַוועקשטעלן

אויף נייע יסודות. פאַמעלעך האָט ער אָנגעהויבן אַריינדרינגען אינעם ווירטשאַפטלעכן לעבן אין לאַנד, געפּרווט שאַפן אַ געהעריקן מעכאַניזם, וואָס זאָל דערמעגלעכן צו לייזן די קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען פונעם האַנדעל און אינדוסטריע אין אונדזער לאַנד. אָבער ער האָט שוין נישט געהאַט קיין כוחות דערצו. זיין שווערע קראַנקהייט פון וועלכער ער איז געשטאָרבן, האָט זיך שוין געלאָזט גוט דערקענען אויף אים. איך געדענק — איינמאָל זענען מיר ביידע צוריקגעגאַנגען אַ היים פון אַ שווערן שמועס אין איינעם פון די פּוילישע מיניסטעריומס. מיר האָבן נאָך געשמועסט גייענדיק אויף דער גאַס וועגן רעזולטאַט פון שמועס — און פּלוצים איז ראָטענשטרייך שטיין געבליבן און שיעור נישט געפאַלן אין חלשות. דאָס איז געווען דער אָנהויב פון דער קראַנקהייט פון וועלכער ער האָט נישט געקענט מער צו זיך קומען.

דריי יאָר האָט ער זיך געראַנגעלט מיט דער קראַנקהייט. דריי יאָר האָט ער זי גובר געווען און נישט איבערגעריסן די אַרבעט זיינע, ער האָט נישט געלייגט קיין אַכט אויף די פאָדערונגען פון די דאָקטוירים און ווייטער געאַרבעט. סאיז אים נישט איינגעפאַלן אז אין די געפאַרפולע צייטן, זאָל ער פאַרלאָזן זיין פּאָסטן. נישט איינמאָל האָט ער דורכגעמאַכט אַ שלאָפלויזע נאַכט, אַ נאַכט פון יסורים, און אין דער פרי, איז ער געקומען אין זיין אַמט אַריין, געזעצט זיך ביי זיין טיש און געטון זיין אַרבעט ווי געוויינלעך.

ראָטענשטרייך איז אַריין אין דער לייטונג פון דער סוכנות ווי אַ פאָרשטייער פון אַ פּאַרטיי, וואָס האָט געהאַט אַן אָפּאָזיציאָנעלע שטעלונג לגבי דער לייטונג, וואָס איז אויסגעוויילט געוואָרן אין פּראַג. אָבער זיצענדיק אין דער לייטונג, האָט ער באַוויזן, אַז ער איז ווייט נישט אַן ענג־האַרציקער פּאַרטיי־מענטש. ער האָט געזוכט, מיט וואָס ער האָט נאָר געקענט, צו העלפן דעם קליינעם מענטשן, וואָס האָט זיך זער אָפט געפונען אין אַ פאַרצווייפעלטער לאַגע.

די וואָס האָבן געקלערט אז ער וועט אַרויס אין קאַמף קעגן דער „אַרבעטער העגעמאָניע“, האָבן זיך זיכער אַנטוישט. נישט געווען קיין קאַמפּס־מענטש פון דער נאַטור ראָטענשטרייך, נאָר

אַ מענטש פון ארבעט, געהאַט אָפענע אויגן צו זען די ווירקלעכקייט ווי זי איז באמת, און שטענדיק געהאַט אַן אָפן האַרץ אויפצונעמען זאַכן און אמת׳ן וועגן וועלכע ער האָט פריער נישט געוווּסט. ביי די שטרענגע פּאַרטיי לייט איז ער אפשר נישט געווען אָנגענומען, דערפאַר האָט ער אָבער געפונען פאַרשטענדניש ביי זיינע ארבעט־חברים, וועלכע האָבן אים גערן געגעבן מעגלעכקייטן פאַר איינפלוס און אַקטיוויטעט.

און אַזוי איז ער פאַרברענט געוואָרן אין ארבעט און מי — און ער איז בסך הכל אַלט געווען 56 יאָר. ווי אַ זעלנער האָט ער זיין פּאָסטן נישט פאַרלאָזט ביז די לעצטע מינוטן פון זיין לעבן.

# אברהם לעווינסאָן

אברהם לעווינסאָן האָט זיך באַטייליקט אינעם היסטאָרישן קאַמף פונעם פוילישן יידנטום אין דער ערשטער תקופה נאָכן אַנטשטיין פון דער פוילישער רעפובליק.

ער און זיין פאַרטיי זענען געווען די איינציקע פון דער באַוועגונג פון ארבעטענדיקן ארץ־ישראל, וואָס זענען מיטגעגאַנגען מיט דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין פוילן, זיך באַטייליקט אין איר פּאָליטישן קאַמף.

כ׳האָב געקענט לעווינסאָנען ווי איינעם פון די חשוב׳סטע אַקטיוויסטן פון דער „התאחדות״, וואָס האָט דעמאָלט עקזיסטירט, אַ מענטש אַ פעאיקער און טאַלאַנטירטער, אַ פיינפילענדיקער און איידעלער. ווען מיר האָבן פאַרטיילט די פלעצער אין אונדזער יידישער ליסטע, אין דער אַלגעמיינער בלאָק־ליסטע פון די נאַצי־אָנאַלע מינדערהייטן אינעם ערשטן געווינלעכן סיים, האָבן מיר באַשטימט דעם קרעמעניצער ראַיאָן אין וואָלין פאַר אברהם לעווינסאָן.

דאַכט זיך אַז איך דאַרף נישט דערמאָנען, אז אין די רייען פון אַרבעטענדיקן ארץ ישראל זענען געווען מענטשן, וואָס האָבן זיך באַצויגן מיט אַ געוויסן ביטול צום פּאָליטישן קאַמף פאַר יידישע רעכט אין גלות, וואָס עס האָבן געפירט באַזונדערס די ציוניסטן אין פוילן; „סיים־ציוניזם״ — האָט מען עס גערופן. ס׳הייסט ציוניסטן וואָס באַשעפטיקן זיך מיט אַזעלכע זאַכן, וואָס האָבן נישט קיין באַדייטונג פאַר דער אַנטוויקלונג פון ציוניזם.

אין דער היסטאָרישער פערספּעקטיוו — און איך באַטראַכט דאָס לעבן פון אברהם לעווינסאָן ווי אַ טייל פון דער ציוניסטישער

געשיכטע בכלל און פון פוילישן ציוניזם בפרט — דאַרף מען אָפּוואַרפן דעם דאָזיקן באַליידיקענדיקן צונאָמען.

עס איז נישט ריכטיק צו זאָגן, אַז די אַלע וואָס זענען געשטאַנען בראש פון פּאָליטישן קאַמף אין פּוילן, האָבן באַדאַרפט פאַרלאָזן די פון זיי געפירטע פּאָלקס־מאַסן, עולה זיין קיין ארץ־ישראל און זיך אָנשליסן אין די ארבעטענדיקע כוחות אין לאַנד. טאַקע אינעם אינטערעס פון ציוניזם און ארץ־ישראל־אויפבוי האָבן ציוניסטן געדאַרפט שטיין בראש פון קאַמף פאַר בירגערלעכע און נאַציאָנאַלע רעכט אין גלות.

ווען איך בין צוריקגעקומען פון פּעטראָגראַד — היינט לעניני־גראַד — קיין פּוילן האָב איך געפונען דעם פּאָלקיזם פון פּרילוצקין הערשן אויף דער יידישער גאַס. כ׳וויל מיך נישט אָפּשטעלן דאָ גענויער אויף דעם מהות פון פּאָלקיזם, אָבער, ס׳איז גענוג צו זאָגן, אז אין דער דעמאָלטיקער סיטואַציע, ווען פּוילן האָט געמאַכט די ערשטע שריט אַלס זעלבסטשטענדיקע מלוכה און אויף דער יידישער גאַס האָט געהערשט אַ דעז־אָריענטאַציע און כאַאָס, און פערשיידענע דעמאַגאָגן און צוויי־פּעלהאַפּטע „פּאָליטיקער״ האָבן זיך אין איר ברייט געמאַכט, האָט מען נישט געקענט לאָזן זי אויף הפקר, מ׳האָט געמוזט אָנהויבן אַ קאַמף פאַר די נשמות פון די פּאָלקס־מאַסן, געווינען זיי, אָרגאַניזירן זיי, אויסבילדן פון זיי אַ פּאָליטישן קאַמפס־פּריינט סיי פאַר זייערע רעכט אַלס בירגער, סיי אַלס אידייאישע און חלוצישע קאַדרען צו פאַרווירקלעכן די ציוניסטישע שטרעבונגען.

אברהם לעווינסאָן איז געגאַנגען מיט אונדז אויף דעם וועג, ער און זיין פּאַרטיי, וואָס איז געוועזן אַ טייל פונעם לאַגער פון ארבעטענדיקן ארץ־ישראל.

אברהם לעווינסאָן האָט דערגרייכט די הערצער פון די יידן אין קרעמעניץ און איר אומגעגנט. אָבער דעם מאַנדאַט זיינעם האָט ער באַקומען אַ דאַנק די אוקראַינער וואָס האָבן געשטימט מאַסנווייז פאַרן מינאָריטעטן־בלאָק. אין די דריי וואַל־ראַיאָנען אין וואָלין זענען געווילט געוואָרן בלויז אוקראַינער און יידן. לעווינסאָן איז אריין אין סיים, האָט זיך באַטייליקט אין אונדזער קאַמף, אָבער נישט מיט דער גאַנצער נשמה. אין משך פון דער

גאַנצער צייט האָט ער בסך־הכל געהאַלטן איין ריידע, און געווען איז ער אַ רעדנער פון גאָטס־גענאָד. ער האָט געקענט פויליש. ער האָט געקענט משפיע זיין. אָבער עפּעס האָט אים געשטערט. איך קען זיך איצט נישט פאָרשטעלן, וואָס אַזעלכער עס איז געווען דער „עפּעס" וואָס האָט געשטערט.

ער האָט געהאַט אַ פּאָעטישע נשמה און די איבערזעצונג פון פּושקינס לידער האָט באַנומען זיין גאַנץ וועזן. ער האָט אונדז גורם געווען אַן אַנטוישונג. מיר האָבן נישט געזען דעם לעווינ־סאָן וועלכן מיר האָבן געקענט אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. און אויך אינעם אינערן געראַנגל אין דער יידישער פּראַקציע האָט ער זיך נישט באַטייליקט — נישט געהאַט קיין אינטערעס פאַר דעם. ער האָט געשטימט מיט אונדז, ער האָט פאַרשטאַנען אז מיר קעמפן קעגן א פּאָליטיק פון אונטערטעניקייט צו יעדער מאַכט און הערשער, קעגן דער דערנידערונג פון יידן צו אַ ווערק־צייג אין די הענט פון הערשענדיקן פאָלק.

דער סיים האָט פאַרענדיקט זיין קאַדענץ. בעת די וואַלן אין יאָר 1928, האָבן מיר באַנייט דעם מינאָריטעטן־בלאָק — די רעגי־רונג האָט זיך אַריינגעמישט, געוואָרפן אַ פּחד אויף אַ טייל פון דער אוקראַינישער און יידישער באַפעלקערונג, אַ טייל פון זיי געקויפט, אַ טייל פון זיי פאַריאָגט אין אונטערערד און מיר האָבן פאַרלוירן אַ העלפט מאַנדאַטן אין דער פוילישער אוקראַינע. לעווענסאָן איז נישט אַריין אין סיים.

דעמאָלט האָט זיך געשאַפן א געלעגנהייט פאַר מיר אים אריינצופירן אין אן אנדער פּאָליטישער ארבעט. עס זענען געקומען צו מיר ציוניסטן פון בריסק, ווו עס האָבן באַדאַרפט פאָרקומען וואַלן אין דער שטאָט פאַרוואַלטונג. די ציוניסטן האָבן דאָרט געהאַט גרויס השפעה. אין בריסק און אין די גרענעץ־געגענטן האָבן זיך די פּאָליאַקן זייער גערעכענט מיט די יידן, זיי האָבן אָבער פאַרלאַנגט אז דער בירגערמייסטער פון שטאָט זאָל זיין אַ פּאָליאַק און בלויז זיין פאַרטרעטער זאָל זיין אַ ייד.

ביים אָנהויב פון דער פוילישער הערשאַפט אין יענע געגנטן, פלעגן מיר שיקן אַהין אונדזערע מענטשן זיי זאָלן פאַרמיטלען צווישן די פּאָליאַקן און יידן, וואָס האָב זיך נאָך נישט צוגעוווינט

צו דער פּוילישער הערשאַפט. די יידישע אינטעליגענץ דאָרט האָט גערעדט ס׳רוב רוסיש, יידיש האָבן גערעדט בלויז די פאָלקס־מאַסן. די פּוילישע מאַכטהאָבער האָבן מורא געהאַט פאַרן רוסישן איינפלוס, ס׳הייסט פאַרן קאָמוניסטישן איינפלוס. מ׳האָט געמוזט אַהין שיקן מענטשן וואָס זאָלן באַזיצן דעם צוטרוי פון יידן און זאָלן אויך קענען משפיע זיין אויף דער אָרטיקער פּוילישער מאַכט.

עס איז מיר איינגעפאַלן פאָרצושלאָגן דעם פּאָסטן לעווינ־סאָנען. איך האָב זיך באַשטעלט מיט אים אין קאַפע. ווען איך בין אריינגעקומען האָב איך אים געזען זיצן אין דער געזעלשאַפט פון א יונג מיידל. זי האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון א מיידעלע. איך בין צוגעגאַנגען צו זיי און ער האָט מיר געזאָגט ווי אלס ענטפער אויף א שטומער פראַגע: מיין כלה.

כ׳האָב אים פאָרגעשלאָגן ער זאָל איבערנעמען דעם פּאָסטן פון וויצע־בירגערמייסטער אין בריסק. די ציוניסטישע אָרגאַני־זאַציע וועט אים אונטערשטיצן, ער וועט געווילט ווערן און אויך באַשטעטיקט ווערן מצד דער מאַכט. ער האָט אָפּגעלייגט זיין ענטפער. כ׳האָב נישט געוווסט פאַר וואָס. שפּעטער בין איך געוווירר געוואָרן פון דער פרוי לעווינסאָן, אַז ער האָט געהאַט אַן אַנדער פאָרשלאָג עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל און אריינ־טרעטן אין דער רעדאַקציע פון „דבר״.

נאָך אַ געוויסע צייט האָט מען מיר מודיע געווען אז ער האָט אָנגענומען דעם פּאָסטן אין בריסק. ער האָט דאָרט געטון גוטע אַרבעט. די יידן זענען געווען צופרידן פון אים און די פּאָליאַקן האָבן נישט געהאַט קיין טענות.

ער האָט עולה געווען אין לאַנד אַריין אין אָנהויב פון די דרייסיקער יאָרן.

אין יענע יאָרן האָט זיך געענדערט די לאַגע אין ארץ־ישראל און נאָכמער אין פּוילן. בעת די וואַלן צום סיים אין יאָר 1930 האָבן מיר נישט געקענט באַנייען דעם מינאָריטעטן־בלאָק. דער קאָמוניזם האָט זיך פאַרשטאַרקט צווישן די אוקראַאינער און ווייס־רוסן. מיר האָבן באַשלאָסן צו גיין אליין — און די רעגירונג איז געווען קעגן אונדז. די יידן זענען געווען מיד און מורא געהאַט

פאַר שטראָפן און רעפּרעסיעס אויב זיי וועלן שטימען פאַר אונדז. מיר האָבן געליטן אַ מפּלה. עס זענען געקומען די טעג פון דער סאַנאַציע (פּילסודסקי) הערשאַפט יעדע אָפּאָזיציע איז אונטער־דריקט געוואָרן; עס האָט זיך פאַרשטאַרקט דער אַנטיסעמיטיזם און די קאָרופּציע, עס איז דערגאַנגען ביז צו דעם פּראָיעקט פון פאַרביטן די שחיטה לויטן יידישן דין.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַמף פאַר די יידישע „סטראגאנעס״ (פאַרקויף־שטעלן) אויף ירידים, און אַלס רעזולטאַט פון דעם, בוליגאנישע אָנפאַלן און פּאָגראָמען אויף יידן. פּוילן האָט געשלאָסן אַ בונד מיט נאַצי־דייטשלאַנד אין דער האָפנונג, אַז דאָס וועט זיין אַ שוץ פאַר איר קיום, זי האָט געמאַכט אַ טעות אין חשבון: דייטשלאַנד האָט עס געהאַלטן פאַר גינסטיקער פאַר איר צו פאַר־בינדן זיך מיט ראַטן־פאַרבאַנד און צעטיילן זיך מיט פּוילן נאָך איר פולשטענדיקער מפּלה.

אין מיטן פון די דרייסיקער יאָרן האָבן זיך אָנגעהויבן די בלוטיקע געשעענישן אין ארץ־ישראל. לעווינסאָן איז שוין דעמאָלט געווען אין לאַנד. אין יענער צייט האָט ער פאַרעפנטלעכט זיין בוך וועגן דער העברעאישער באַוועגונג אין גלות און געשטעלט אַ מצבה פאַר דער העברעאישער פאָלקס און מיטל־שולע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין פּוילן, ליטע, בעסעראַביע און לאַטוויע. עס האָט אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה. די בלוטיקע געשעענישן אין ארץ־ישראל האָבן זיך אָפּגעשטעלט און ס׳האָבן אָנגעהויבן אָנקומען פון פּוילן גרויליקע ידיעות. ווי איוב־בשורות, וועגן פייניקן און מאָרדן יידן אין אַלע לענדער וועלכע זענען באַזעצט געוואָרן דורך נאַצי־דייטשלאַנד, וועגן געטאָס, קאָנצענ־טראַציע לאַגערס, הונגער, קראַנקהייט און קאַטאָרגע ארבעט, און אַ חוץ דעם אַלעמען, מאַסן אויסמאָרדונג. לעווינסאָן האָט איבער־געלעבט פונדערווייטנס דאָס לעבן פונעם פאַרפייניקטן, צערטרע־טענעם און פאַרניכטעטן פאָלק, ער האָט זיך אַ וודאי געפרעגט: צו איז ער נישט באַגאַנגען אַ זינד פאַרלאָזענדיק די פאָלקסמאַסן וועמענס וועג־ווייזער ער איז געווען, פאַרגרעסערנדיק די צאָל „גענעראַלן״ אין לאַנד, פאַר וועלכע עס זענען נישטאָ גענוג פּלעצער אין איר? איך ווייס נישט, צו האָבן אים געמאַטערט אָט

די ביטערע געדאַנקען. ער איז אריין אין דעם סאַמע תוך פון דער אַרבעט אין ארץ־ישראל, אין דער אָנפירענדיקער פּאַרטיי, וואָס דיריגירט, וואָס טוט, בויט און אַנטשיידעט — און געשריבן האָט ער אַ בוך וועגן לעבן פון די ווארשעווער יידן. ער האָט מיר געבראַכט דעם כתב־יד און מיך געבעטן איך זאָל אים איבערקוקן. כ'האָב דערפילט זיין בקשה, כ'האָב געלייענט און אים געזאָגט, אַז ער וואָלט געקענט בעסער שרייבן ווי ער האָט געשריבן. ער האָט געשריבן א צווייט און א דריט מאָל, געוועזן איינגאַנצן אריינגעטאָן, פאַרזונקען אינעם לעבן פון וואַרשעווער יידן.

כ'האָב זיך באגעגנט מיט אים אין אַן אָפּרו־פּענסיאָנאַט, ער איז שוין קראַנק געווען. ער איז נאָך ארומגעגאַנגען, גערעדט, געשמועסט אָבער מ'האָט שוין גוט אָנגעזען אַז ער איז קראַנק אויף א שווערער פּאַראַליזש־קראַנקהייט.

כ'האָב אים געזען איייניקע מאָל בעת זיין קראַנקהייט און אויך זיין פרוי, וועלכע האָט אים געטריי געהיט און געפלעגט. זי האָט אָבער נישט געקענט אויפהאַלטן זיין לאַנגזאַמען טויט.

## ד״ר מנחם (מאקס) סאלאווייטשיק (סוליאלי)

עס לעבט נאָך אין מיין זכרון דער יונגער סאָלאָווייטשיק, דער רעדאַקציע־מיטגליד פון אידעלסאָנס „ראַסוויעט״, ווו ער האָט זיך פאַרפולקומט אין ציוניזם, זשורנאַליסטיק, אין פארשטיין די פּאָלי־טישע פאַסירונגען, זייער אַנטוויקלונג, אויסווירקונג און השפעה אויפן לעבן פון יידישן פאָלק און זיין באַפרייאונגס־באַוועגונג. ער האָט נישט געהערט צו דעם „כאַלאַסטרע״, וואָס האָט ליב געהאַט צו רודערן און האָט זיך באשעפטיקט מיט אַלץ און אלעמען.

זיין טראַדיציאָנעלע דערציאונג אין אַ גוטער און פאַרמעג־לעכער היים, זיינע נייגונגען צו וויסענשאַפטלעכער פאָרשונג פון תנ״ך האָבן משפיע געווען אויף זיין פערזענלעכקייט אין דער ריכטונג פון פאַרטיפן זיך אין ציוניסטישע, יידישע און וויסענ־שאַפטלעכע פּראָבלעמען און נישט אין דער צעהיצטער און אויבענ־אויפיקער פּאָלעמיק מיט קעגנער אויפן ראנד פון די אַקטועלע געשעענישן.

אין דער שול פון אידעלסאָנען אין „ראַסוויעט״, האָט ער געלערנט יענעם ציוניזם וועמען עס איז נישט פרעמד די בויטן פון דער שעה און ער באַמיט זיך צו ענדערן דעם לעבענס־סדר אין גלות אומעטום ווו די צאָל יידן, זייער לעבענס פאָרם און די אומשטענדן פאַרלאַנגען עס.

און עס האָט זיך אַזוי געמאַכט, אז אויף זיין גורל איז אויסגעפאַלן צו טון א נישט געוויינלעכע שליחות אלס מיניסטער פאר יידישע ענינים אינעם זעלבסשטענדיקן טאַריבאָ (קאָוונער) ליטע.

די פירער פון ליטווישן פאָלק, אַ פאָלק פון פויערים, אין וועלכן עס האָט זיך אָקאָרשט געגומען אויסבילדן אַ דינע שיכט

פון אינטעליגענץ, וועמענס אַדעל־קלאַס איז געווען אַ פּוילישע אין משך פון הונדערטער יאָרן בשותפות׳דיקן מלוכה־לעבן צווישן פּוילן און ליטע פון קעניג יאַגיעלאָס צייטן ביז דער צעטיילונג פון פּוילן — האָבן געזען אין יידן נאַטירלעכע פאַרבינדעטע, אַ שטאַטיש קליינבירגערלעכן קלאַס וואָס האָט געפעלט, און וואָס איז געווען בכוח צו דינען אַלס פאַרבינדונגס־פאַקטאָר מיט דער מערב׳דיקער וועלט, וועלכע האָט וועניק אָדער כמעט גאָרנישט געוווסט וועגן לעבן, וועזן און פּראָבלעמען פון דעם קליינעם ליטע.

ליטע האָט זיך געזען אַרומגערינגעלט פון פּוילן וועלכע האָט ביי איר אַוועקגענומען ווילנע, איר פאַרצייטיקע הויפּט־שטאָט, און האָט מורא געהאַט טאָמער וועט פּוילן איר אויפ־צווינגען די באַנייאונג פון דער מלוכה׳שער שותפות פון אַ מאָל. הילף האָט ליטע געקענט באַקומען פון דייטשלאַנד און ראַטן־פאַרבאַנד, אָבער אויך מצד אָט די מעכטיקע שכנים אירע האָבן איר געדראָט גרויסע סכנות. ביי די יידן האָבן זיך, לויט דער מיינונג פון ליטווישע פאָלקס־מנהיגים געפונען די שליסלען צו די מערב־גרויסמאַכטן.

דעריבער איז אין ליטווישן מיניסטאָרן־קאַבינעט געזעסן נישט בלויז א מיניסטער פאַר יידישע ענינים, נאָר אפילו דער פאָרטפעל פון אויסערן־מיניסטער איז איבערגעגעבן געוואָרן א יידן, אַ ציוניסט, אַן אַדוואָקאַט פון מינסק, שמשון ראָזענבוים, וואָס האָט נאָך בעת דער דייטשער אָקופּאַציע געקעמפט פאַרן געדאַנק פון שאַפן א גרויסע און שטאַרקע ליטע, וואָס זאָל דערגרייכן ביז צו די היסטאָרישע גרענעצן פון ליטווישן גרויספירשטענטום, ווי עס איז פעסטגעשטעלט אינעם בונד (אוניע) מיט פּוילן.

די ליטווישע מנהיגים, די בויער פון זעלבסשטענדיקן ליטע, האָבן זיך דערשראָקן פאַרן שוונק און פאַנטאַזיע פון די יידן, וואָס האָבן געשטרעבט צו א מין פעדעראַציע פון פעלקער מיט די ליטווינער בראש, וואָס זאָל אַרומנעמען אויך די פּאָליאַקן, די ליטווישע יידן און ווייס־רוסן.

די ליטווינער האָבן געהאַלטן בעסער פון אַ קליינע ליטע, אין וועלכער דער רוב פון דער באַפעלקערונג זענען ליטווינער, וואָס

ודעלן מיט דער צייט אויסבילדן פון זיך אן אינטעליגענץ און אַ שטאָטישן מיטל־קלאַס.

ווער פון די יידן אויף דער גאָרער וועלט, אויסער ליטע, האָט געשענקט אויפמערקזאַמקייט צו די שטרעבונגען און אַנט־וויקלונגס־טענדענצן אין די ערשטע טעג פון דער עקזיסטענץ פון זעלבסשטענדיקן ליטע, וועלכע די יידן זענען די אונטערפירער וואָס האָבן אריינגעפירט ליטע אין דער מערב־וועלט, האָבן שלום געמאַכט צווישן איר און ראטן־רוסלאַנד און איינגעשטעלט באַצי־אונגען מיט ווייַמאַר־דייטשלאַנד? בלויז שלום מיט פוילן איז זיי נישט געלונגען צו שליסן, טראָץ די באַמיאונגען פון ראָזענבוימען. כ׳געדענק ווי ער איז פלוצים דערשינען ביי מיר אין שטוב און געווינט ביי מיר די גאַנצע צייט וואָס ער האָט געוויילט אין וואַרשע, אין וועלכער ער האָט געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט פוילן וועגן שלום. ער האָט מיר נישט דערציילט זיינע סודות און איך האָב אים נישט געפרעגט; ער האָט נישט געבעטן מיין הילף און איך האָב אים זי נישט פאָרגעשלאָגן.

אין דער זעלבער צייט אין סאָלאָווייטשיק געווען באַשעפ־טיקט מיט אויפשטעלן דעם בנין פון דער יידישער אויטאָנאָמיע, מיט שאַפן פאָלקס־קהלות, מיט אַנטוויקלען און אויסבויען דאָס יידישע דערציאונגס־וועזן, אויפן יסוד פון דער שפּראַכן־פּשרה וואָס איז אַקצעפּטירט געוואָרן אינעם ציוניסטישן לאַגער: העבּ־רעאישע פאָלקס־שולן נעבן יידישיסטישע, פיל העברעאישע מיטל־שולן און בלויז וועניקע יידישיסטישע. די ארבעט איז נישט געווען קיין באַזונדערס שווערע. עס האָט נאָך דעמאָלט נישט עקזיסטירט קיין אַסימילאַטאָרישער, קולטורעלער דרוק מצד דעם הערשענדיקן פאָלק אין ליטע. די השפעה פון דער פוילישער אָדער רוסישער שפּראַך איז פארשטייט זיך נישט פאַרוואַריזירט געוואָרן מצד די ליטווישע מלוכה פאַקטאָרן. דער גייסט פון ליטע און איר אור־אַלטע שפּראַך וואָס איז נאָענט צו סאַנסקריט האָט נאָר וואָס גענומען אַריינדרינגען אין די קרייזן פון דער יידישער אינטע־ליגענץ, דורך די מיטל־שולן און דער ליטווישער אוניווערזיטעט. אויף דער יידישער גאַס האָט געהערשט יידיש, די פאָלקס־טראַ־דיציע און דער רעליגיעזער לעבנס שטייגער. א דאַנק דער

טראַדיציע האָט העברעאיש פאַרנומען א שטאַרקערע פּאָזיציע ווי יידיש אין שול און דער יונגער דור איז, ס׳רוב, דערצויגן געוואָרן אויף דער דאָזיקער שפּראַך. די יידן וואָס האָבן באַזוכט ליטע אין יענער צייט, האָט זיך געדוכט אַז דאָרט איז א מין פאָרצימער פון ארץ־ישראל.

סאָלאָווייטשיק האָט אָרגאַניזירט די יידישע אויטאָנאָמיע אין ליטע און איז דערשינען אויפן צוועלפטן קאָנגרעס (אין יאָר 1921), דער ערשטער נאָכן ווערסאַלער פרידן. מיר האָבן זיך גרויס געהאַלטן מיט אים, מיט אַ יידישן מיניסטער, דער ראש הגולה פון די יידן אין ליטע, און ער איז אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס כבוד.

שמואל ראָזענפעלד, דער באַקאַנטער העברעאיש־יידישער זשור־נאַליסט און פובליציסט, וואָס האָט אים געקענט פון זיינע קינדער יאָרן, האָט געשריבן וועגן אים אין איינעם פון זיינע אַרטיקלען איבער דעם צוועלפטן קאָנגרעס, אַז ער איז א ניי אויפגייענדיקער שטערן אין דער יידישער וועלט און אין דער ציוניסטישער באַ־וועגונג. אויף יענעם קאָנגרעס איז סאָלאָווייטשיק אויסגעוויילט געוואָרן אלס מיטגליד פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע.

מיטן באַפעסטיקן זיך פון דער ליטווישער מלוכה׳שאַפט און דעם פאַלן פון יידישן איינפלוס אין די מערב לענדער און אין אמעריקע בכלל, האָט זיך אין ליטע געענדערט די באַציאונג צו יידן.

די האָפנונגען וואָס די ליטווינער האָבן געלייגט אויף דעם געבן אויטאָנאָמיע די יידן זענען נישט מקויים געוואָרן. ווילנע און איר געגענט איז אריבער צו פוילן, און די ווילנער יידן, אפילו זייערע פירער, וועלכע האָבן בעת דער דייטשער אָקו־פּאַציע געפּרעדיקט דעם געדאַנק פון גרויס ליטע מיט ווילנע אלס הויפּט־שטאָט, האָבן שלום געמאַכט מיט דעם אָנשליסן ווילנע צו פוילן, אין וועלכע יידן האָבן געקעמפט פאַר פולער גלייכבאַ־רעכטיקונג און נאַציאָנאַלע רעכט אין דערציאונגס־וועזן, דעמאָ־קראַטישע קהלות, און זייערע דערגרייכונגען זענען כלל נישט געווען קיין גרויסע.

ווען מען האָט געפרעגט סאָלאָווייטשיקן, פאַרוואָס ער איז גרייט

צו פאַרלאָזן ליטע, האָט ער געענטפערט, אַז זיין אַרבעט ביים אויפבויען די יידישע קולטורעלע אויטאָנאָמיע אין ליטע איז פאַרענדיקט און ער וויל איצט ווידמען זיינע כוחות פאַר אויפבויען ארץ־ישראל, פאַר דער רעאַליזאַציע פו ציוניזם. און באמת האָט ער געלייגט גרויסע האָפנונגען אויף זיין אַריינגיין צוזאמען מיט זשאַבאָטינסקין אין דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע אין לאָנדאָן. נאָכן באַשלוס אין סאַן־רעמאָ האָט מען אין די קרייזן פון דער ציוניסטישער ליטונג און אינעם ציוניסטישן לאַגער, און באַזונדערס אינעם ארץ־ישראל ישוב געהאַט דאָס געפיל, אז די פאַרווירקלעכונג פון דער באַלפור־דעקלעראציע גייט נישט אויף דעם געהאָפטן ברייטן שליאַך, נאָר אויפן וועג פון איבערגעטריבענער פאָרזיכטיקייט. כדי זיך נישט איינצורייסן מיט די אַראַבער. די אומרוען אין יפו און שפעטער אין ירושלים האָבן אָנגעהובן די תקופה פון אַראַבישן קאַמף קעגן דער פארווירקלעכונג פון די הבטחות פון דער בריטישער רעגירונג און געבראַכט צו איינשרענקונגען אין דער אויסטייטשונג פון זייערע פרינציפן. אין די הערצער פוןביידע פרעזידענטן, וויצמאַן און סאָקאָלאָוו האָט זיך דערוועקט אַ חשד, טאָמער האָט די בריטישע פאָליטיק די כוונה צו ליקווידירן דעם גאַנצן פלאַן, וואָס איז באַזירט אויף דער באַלפור דעקלעראַציע. דעריבער האָבן זיי געזען אַלס זייער עיקר אויפגאַבע אין שטיין אויף דער וואַך און היטן דאָס דערגרייכטע און נישט אין אָנהויבן אַ קאַמף פאַר אויסברייטערן די פירושים צום מאַנדאַט אין איינקלאַנג מיט די האָפנונגען פון ציוניסטישן לאגער, און אין פאָדערונגען צו פאַרשטאַרקן דעם פאָליטישן קאַמף.

סאָלאָווייטשיק איז נישט געגאַנגען אין די וועגן פון זשאבאָטינסקין, ער האָט אָבער אויך נישט מסכים געווען מיט וויצמאַנס פאָליטיק, וואָס האָט שלום געמאַכט מיט דער איינשריינקונגספאָליטיק, וואָס האָט געהאַט דעם צוועק צו געווינען די גונסט פון די אראבער און דערמוטיקט זיי אין זייער קאַמף. נאָכן באַשטעטיקן דעם בריטישן מאַנדאַט איז אָנגעגאַנגען אַן אינערלעכער געראַנגל אין דער ציוניסטישער ליטונג וועגן די מעטאָדן פון קאַמף און דאָס זוכן מיטלען אויסצובריטן די אויפבוי־ארבעט

אין לאנד און פאַרגרעסערן די עליה. די בריטישע רעגירונג איז דעמאָלט געקומען צום באשלוס, אַז דאָס אָפּרייסן עבר־הירדן פון ארץ־ישראל וואָס איז באשטימט פאר יידישער קאָלאָניזאַציע וועט צוהעלפן צום שאפן א נאַציאָנאַל־היים פאַרן יידישן פאָלק, באַכדעם ווי עס וועט קלאָר ווערן פאַר די אַראַבער, אַז די בריטישע רעגירונג האָט נישט בדעה צו מאַכן גאַנץ ארץ־ישראל פאַר א יידישע מדינה.

דער קאַמף מיט דער לייטונג איז געווען א שווערער, און נאָך שווערער איז געווען דער קאַמף מיט דער בריטישער רעגירונג, וואָס האָט געזען אין דער שאפונג פון אַראַבישן עמיראַט אין עבר־הירדן דעם איינציקן וועג, וואָס קען ברענגען די אַראַבער אין ארץ־ישראל און אויסער איר, שלום צו מאַכן מיט דער באַלפור־דעקלעראַציע. כדי צו ברעכן דעם ווידערשטאַנד פון דער ציוניס־טישער אָנפירונג האָט טשערטשיל געדראָט מיט רעזיגנירן פון ארץ־ישראל־מאַנדאַט. דאַקעגן האָט ער מסכים געווען אריינצונעמען אינעם נוסח פון מאַנדאַט פאַראַגראַפן וואָס פאַרשטאַרקן די פאָ־זיציע און סטאַטוס פון ציוניזם.

די דראָאונג צו רעזיגנירן פונעם מאַנדאַט האָט געוואָרפן אַ פחד אויף דער לייטונג און האָט דערמוטיקט די אַלע וואָס זענען געווען גרייט זיך אונטערצוגעבן. אַלע עקזעקוטיווע מיט־גלידער האָבן מסכים געווען שלום צו מאַכן מיטן פּלאַן פון דער בריטישער רעגירונג, וואָס איז פאָרמולירט געוואָרן אין טשערטשילס ווייס־בוך און מיט דער שאפונג פון די אראבישער מדינה אויף מזרח זייט פון ירדן, וואָס האָט פאַרשלאָסן יעדע מעגלעכקייט פון יידישער קאָלאָניזאציע אין מזרח־טייל פון ארץ־ישראל, ביז אויף היינטיקן טאָג.

סאָלאָווייטשיק האָט זיך אונטערגעגעבן און זיך נישט גע־בונטעוועט ווי זשאַבאָטינסקי. אָבער ער האָט פאַרלוירן דעם חן אין ווייצמאַנס אויגן און דאָס אויסגעיילן אים אין דער עקזעקוטיווע אויפן דרייצענטן קאָנגרעס האָט זיך אָנגעשטויסן אין שוועריקייטן, וואָס זענען באַזייטיקט געוואָרן ערשט נאָך גרויסע אָנשטרענ־גונגען.

אָבער סאָלאָווייטשיק האָט נישט שלום געמאַכט מיט ווייצמאַנס

פּאָליטיק, און ער האָט זיך שפּעטער אָנגעגעבן אין דעמיסיע. ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער אָפּאָזיציאָנעלער גרופּע וואָס האָט זיך אָרגאַניזירט אין ווארשע און אין בערלין.

סאָלאָווייטשיק האָט פאַרלאָזט לאָנדאָן און איז אַריבער קיין בערלין. דאָרט איז ער אַריינגעטרעטן מיט ד״ר קלאַצקין און ד״ר נ. גאָלדמאַן אין דער רעדאַקציע פון דער יידישער ענציקלאָפּעדיע אין דער דייטשער שפּראַך, וואָס ביז צום איבערנעמען די מאַכט דורך היטלערן זענען דערשינען כמעט אלע בענדער אירע אין דייטש און צוויי בענדער אין העברעאיש.

זיין ארבעט אין דער ענציקלאָפּעדיע האָט אים, גלויב איך, גורם געווען אַ גרעסערן נחת־רוח ווי זיין ארבעט אין דער ליטווישער רעגירונג. די נייגונגען פון סאָלאָווייטשיקן צו וויסענשאַפטלעכער ארבעט און דער תנ״ך פאָרשונג, ביי וועלכער ער האָט ארויסגעגעבן צוזאַמען מיט שזר׳ן אַ פיינע העפט וועגן ביבל־קריטיק, האָבן פאַרשפּראָכן גרויסע זאַכן, אָבער עס האָבן אים גובר געווען אין זיין לעבן זיינע שטאַרקע ליידענשאַפטן, וואָס האָט אים געמאַכט פאַר א טראגישע פערזענלעכקייט, אים אַראָפּגעפירט פון גלייכן וועג און אים פאַרשטויסן ביים סוף פון זיינע טעג אין אַ ווינקעל. אין דער בערלינער תקופה פון זיין לעבן, האָט ער מיטגעארבעט מיט דער ראַדיקאַלער גרופּע אין איר קאַמף קעגן דער פאַרברייטערונג פון דער אַגענץ און ווייצמאַנס פּאָליטיק.

אויפן ציריכער קאָנגרעס אין יאָר 1929 איז ענדגילטיק באַשלאָסן געוואָרן די אויסברייטונג פון דער אַגענץ, נאָכן אָנשליסן זיך פון די אָנפירער פון אַמעריקאַנישן יידישן קאָמיטעט, וואָרבורג און מאַרשאַל אין דער אַגענץ. די אַראָבער האָבן באַלד נאָך דעם אָרגאַניזירט בלוטיקע אָנפאַלן, וואָס האָבן ווידער געבראַכט צום איינשרענקען די יידישע רעכט לויטן ווייסבוך פון פּאַספּילדן. עס האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן דער נישטיקער ווערט פון פאַרברייטערטן אַגענץ־ראַט. אָבער דער קאַמף קעגן דער פּאַספּילד־פּאָליטיק האָט ארויפגעלייגט דעם חוב אויף דער אָפּאָזיציע, אויסער זשאַבאָטינסקיס פּאַרטיי, זיך צו שטעלן ביי דער זייט פון דער עקזעקוטיווע.

די בערלינער תקופה איז אוודאי געווען די גליקלעכסטע אין סאלאווייטשיקס לעבן, זי איז איבערגעריסן געווארן מיטן איבער־נעמען די מאכט אין דייטשלאנד דורך די נאציס. אין 1933 האט סאלאווייטשיק עולה געווען קיין ארץ־ישראל און זיך באזעצט אין חיפה.

אין זיין לעבן אין ארץ־ישראל איז נישט געווען קיין עליה, נאר ירידה. ער האט נישט פארנומען אין ישוב דעם פלאץ, וואס האט געפאסט צו זיין פארגאנגענהייט. מיטן אנטשטיין פון דער מדינה איז ער באשטימט געווארן אלס ראש פון דער ראדיא־לייטונג און נאכער אינעם ראט פון „קול־ישראל", און ווידער זענען נישט מקויים געווארן די האפנונגען וואס מ'האט ארויפ־געלייגט אויף אים אין דעם נייעם אמט זיינעם. שפעטער איז ער באשטימט געווארן דורך דער ציוניסטישער לייטונג אלס איר פאר־שטייער אינעם ציוניסטישן באנקן־קאנצערן און האט דערפילט ווי געהעריק זיין אויפגאבע, אבער זיין ראל און איינפלוס איז נישט באזונדערס בולט געווען. ער איז געבליבן מן הצד ביז דעם חורבן און פארניכטונג פון יידישן גלות־אייראפע, און אין איר אויך ליטע, וועלכער ער האט אפגעגעבן זיינע בעסטע כוחות און געזען פונדערווייטנס דעם צעווילדעוועטן אנטיסעמיטיזם דארט, און דאס מיטארבעטן מיט די נאציס ביים אומברענגען פון יענעם יידנטום, ווו ער איז אויסגעוואקסן און דערגרייכט צום הויכפונקט אין זיין געזעלשאפטלעכן לעבן.

שווער און טראגיש איז געווען זיין לעבן אין די לעצטע יארן. ער האט זיך אפגעשלאסן אין זיינע ד' אמות און מ'האט אים נאר געזען אויף די זיצונגען פון באנקן־ראט און דירעקטאריום פון „בנק לאומי".

פון זינט זיין עליה אין לאנד אריין, האט ער זיך דערווייטערט פון זיינע חברים און געשטאנען מחוץ פון ציוניסטישער טעטיקייט. ער האט געענדערט זיין פאמיליען־נאמען אויף דעם אויסטער־לישן העברעאישן נאמען — סוליאלי. אינעם לעצטן יאר מען געהערט אז ער איז קראנק געווארן אויפן הארץ, די קראנקהייט האט געפירט צו זיין טויט. דער שטערן וואס איז אויפגעגאנגען אויף די הימלען

פונעם אייראָפּייאישן יידנטום, איז פאַרלאָשן געוואָרן אין ארץ־ישראל, אין דער מדינת ישראל.

דווקא אין דער מדינת ישראל, וואָס ער האָט נישט געהאָפט צו זען פאַרווירקלעכט ביי זיין לעבן, איז זיין ליכט געזונקען און אויסגעגאַנגען. נישט אַזוי האָט אונדז אויסגעזען דער גאַנג און אַנטוויקלונג פון זיין לעבן אויף יענעם צוועלפטן קאָנגרעס, וואָס איז געווען פול ליכט און דערוואַרטונג פאַר „דער פאַרווירקלעכונג פון אַלע טרוימען".

## ד״ר שלמה מינץ

### אַ שטילע טראַגעדיע

ד״ר שלמה מינץ איז געווען איינער פון די סעגיאָרן פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין פּוילן, און איינער פון די בעסטע פאָרשטייער פון דער יידישער אינטעליגענץ. ער איז געווען אַ מאַן פון גרויסער אַלגעמיינער בילדונג, נישט בלויז אין זיין פאַך, די מעדיצין, אַ ייד מיטן גאַנצן האַרצן און נשמה און אַ פּאָליאַק לויט דער שפּראַך און קולטור, אינעם גייסט און נוסח פון דער יידיש־פּוילישער אינטעליגענץ ביים סוף פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט.

אַ זון פון אַ יידיש־ליטווישער משפחה, וואָס האָט זיך באַזעצט אין פּוילן אין אַ קליין שטעטל נעבן פּלאָצק, האָט ער געענדיקט די פּלאָצקער גימנאַזיע און באַקומען אינעם פאָטערס הויז אַ גוטע יידישע דערציאונג און ברייטע קענטענישן אין דער העברעאישער שפּראַך און תנ״ך. גרויס איז געווען זיין ליבע צום תנ״ך און ער האָט נישט אויפגעהערט צו לייענען אים ביז זיינע לעצטע טעג. ער האָט נישט געהאַט אויסצושטיין אַ קאַמף מיט די עלטערן, ווי דער מנהג איז געווען אין יענע צייטן, זיי זאָלן אים דערלויבן צו לערנען אין גימנאַזיע און שפּעטער אויף דער אוניווערזיטעט. ער האָט נישט דורכגעמאַכט קיין אינערלעכע קריזיסן, נישט געמוזט צושטערן די אַלטע וועלט כדי צו בויען אַ נייע.

אויף אַ נאַטירלעכן אופן האָט זיך אין אים האַרמאָניש פאַר־אייניקט תורה און חכמה, יידישע קולטור און אַלגעמיינע בילדונג, טראַדיציאָנעלע יידישקייט און פּוילענטום. בעת זיין לערן־צייט אין דער מאָסקווער אוניווערזיטעט, איז ער געקומען אין באַרירונג מיט דער חובבי־ציון באַוועגונג און איז געוואָרן אַ חבר אינעם בני־ציון קרייז, אין וועלכן עס האָבן געווירקט טשלענאָוו, אידעל־

סאַן, אוסישקין און נאָך פיל אַנדערע פון די פאָרשטייער פון דער יונגער יידישער אינטעליגענץ וואָס האָט איינגעזאַפּט אין זיך דעם גייסט און די ווערטן פון דער פאָרגעשריטענער רוסישער קולטור. אינעם לויף פון דער צייט האָבן די חברים פון בני־ציון־קרייז דערפילט די ראָל פון מנהיגים אינעם יידישן לעבן.

אינעם דאָזיקן קרייז איז רייף געוואָרן דער ציוניסטישער באַוווסטזיין און גלויבן פון ד״ר מינץ. עס איז געווען אַ פעלזן־פעסטער גלויבן, וואָס קיין שום קריזיס איז נישט בכוח געווען צו דערשיטערן. נישט די השפּעה פון פּרצן, מיט וועלכן מינץ איז געווען זייער באַפריינדעט און נישט דער דרוק פון זיין ווייבס משפּחה, פון דערהיים גאָלדע אין פּלאָצק, אין וועלכע עס זענען געווען אָנפירענדיקע מענטשן פון דער פּויליש־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי האָבן אויף אים געווירקט. עס האָט אים געקאָסט גרויסע אָנשטרענגונגען טריי צו בלייבן זיינע ציוניסטישע אידעאַלן. ער איז געווען ווי אַ געפאַנגענער אין אַ פּאָלאָניזירטער יידישער פאַמיליע, און אין דעם קרייז פון דער יידיש־פּוילישער אינטע־ליגענץ אין וועלכער ער האָט געלעבט, זינט ער האָט זיך פאַרבונדן מיט זיין בילד־שיינער פרוי. ער האָט געצאָלט פאַר דעם אַ טייערן פּרייז: מיט זיין לעבענס־שטייגער, מיט דער דערציאונג פון זיינע קינדער, וועלכע האָבן זיך פאַרוואָרצעלט אין דער וועלט פון נאַ־ציאָנאַל־פּוילישע אידעאַלן, פון דער פּוילישער קולטור. דאָס איז געווען די טיפע און שטילע טראַגעדיע פון ד״ר שלמה מינץ.

וועגן דער משפּחה פון זיין פרוי וואָלט מען באַדאַרפט שרייבן אַ באַזונדערע מאָנאָגראַפיע אָדער ראָמאַן.

אין דער דאָזיקער פאַרמעגלעכער משפּחה, וועמענס רייכטום האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן, זענען די טעכטער געווען ס׳רוב אַסימילירט און די זין זענען זיי נאָכגעגאַנגען. די מענער, דער צווייטער דור פון מתנגדים משכּילים, האָבן נאָך אָפּגעהיט אַ געוויסע פאַרבינדונג מיט יידישן לעבענס־שטייגער. אַ לענגער צייט האָבן זיי אָנגעהאַלטן דעם מנהג פונעם גרינדער פון דער משפּחה און האָבן אויסגעהאַלטן אַ מנין ווו עס פלעגן דאַוונען די משכּילים און „אפּיקורסים״, וואָס האָבן זיך נאָך נישט אינגאַנצן דערווייטערט פון דער יידישער טראַדיציע. אָבער די פרויען פון דער משפּחה

האָבן זיך שטאַרק דערווייטערט פון אַלץ וואָס איז יידיש. בראש פון די דאָזיקע פרויען איז געשטאַנען די צווייטע שנור פונעם פאָטער פון דער משפחה, וואָס האָט דערצויגן אַ דור פויליש־ריידנדיקע פרויען אין פלאָצק. די דאָזיקע פרוי איז געווען זייער ענערגיש, אינטעליגענט און טיכטיק, זי האָט געהאַט אַן אומגעהייער גרויסן איינפלוס אויף דער גאַנצער פאַמיליע. זי איז געווען דורכגעדרונגען מיטן פוילישן גייסט און פוילישער קולטור. זי האָט שטאַרק געהאָלפן דעם ראַדיקאַלן און סאָציאַליסטישן פליגל פון פוילישן פרייהייטס־לאַגער אין זיין קאַמף. איר יינגערע שוועסטער איז געווען אַן אַקטיווע טוערין אין דער פוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. דאָס הויז פון ד״ר מינץ איז נישט געווען קיין טרעף־פונקט פאַר יידישער אינטעליגענץ אָדער ציוניסטיש געשטימטער יוגענט, נאָר אַ פאַרזאַמלונגס־אָרט פאַר פ.פ.ס. אַקטיוויסטן, פּאָליאַקן און יידן.

אין הויז האָט געוועלטיקט די אַטמאָספער פון פוילישן סאָציאַליזם, פון דער פוילישער ראַדיקאַלער אינטעליגענץ; די פוילישע פרייהייטס־אידעאַלן.

ד״ר מינץ מיט זיינע ציוניסטישע אידעאַלן, העברעאישער שפּראַך און יידישער קולטור, איז אָוועקגערוקט געוואָרן, נישט פילענדיק עס אפילו, אין אַ ווינקל.

ער האָט געפּרוּווט קעמפן און האָט עס דורכגעפירט, אַז זיין זון זאָל לערנען העברעאיש. וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָט עס דען געקענט האָבן, בעת אַלץ אין דעם דאָזיקן הויז איז געווען קעגן אים? ער איז נישט איינמאָל אליין מיטגעריסן געוואָרן פון אָט דעם שטאַרקן שטראָם. זיין פּראַקטיק אַלס אַרצט און די דאגות פרנסה האָבן אים געצוווּנגען איבערצולאָזן דאָס הויז און די דערציאונג פון די קינדער אויף דער השגחה פון דער פרוי, און זי איז געגאַנגען מיטן שטראָם. אַזוי איז פון יאָר צו יאָר אַלץ גרעסער געוואָרן זיין שטילע טראַגעדיע. מיט אַ האַרץ פול וויטאָק האָט ער עס צוגעזען, ווי זיינע קינדער דערווייטערן זיך פון אים און באַהעפטן זיך מיט אַ פרעמדער וועלט, וואָס איז נישט זיין וועלט. ער האָט נישט געזען קיין המשך פון זיין

אייגענעם איך אין זייגע קינדער. דער גאָלדענער פאָדעם, וואָס ער האָט געהאַלטן אין זיין האַנט איז איבערגעריסן געוואָרן.

אין די לעצטע יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער דערלעבט אַ קליינע טרייסט, זיין פרוי האָט זיך דערנענטערט צו זיין גייסטיקער וועלט און האָט זיך באַטייליקט אין זיין גייסטיקן לעבן. אָבער די קינדער זיינע זענען געבליבן ווייט פון אים, זיי זענען פאַרלוירן געגאַנגען אין דער פוילישער וועלט, זיך איינגעגלידערט אינעם לעבן פון פוילישן פאָלק און זיין מלוכה־שאַפט. מינץ איז איינזאַם געגאַנגען זיין לעבנס־וועג.

*

איך ווייס נישט צו האָב איך גוט געטון, וואָס איך באהאַנדעל ברייטער די שטילע טראַגעדיע פון מיין פריינט, וואָס מיט אים פאַרבינדן מיך זכרונות פון דער קינדער און יוגענט צייט. זיינע קינדער לעבן, און הגם איך בין זיכער, אַז קיינער פון זיי וועט נישט לייענען אָט די ווערטער מיינע, קען דאָך אפשר עמיצער זיי דערציילן וועגן דעם שטיין וואָס איך האָב צוגעגעבן צו דער מצבה פון זייער פאָטער. אָבער איך האָב נישט געקענט אַריבערגיין מיט שטיל־שווייגן די דאָזיקע טראַגעדיע. עס איז דאָך נישט געווען בלויז זיין טראַגעדיע. יעדער איינער פון אונדז איז געווען מער אָדער ווייניקער איר קרבן. ס׳איז די נאַטור פון מענטשן ער זאָל זען זיך און זיינע קינדער און קינדס־קינדער. דאָס איז די אמתע אומשטערבלעכקייט, דאָס איז די פּראָיעקציע אין דער אייביקייט. צו אזא אומשטערבלעכקייט האָבן זוכה געווען בלויז ווייניקע פון דער נאַציאָנאַל־יידישער און ציוניסטישער אינטעליגענץ, זייער אָפט, שטעקט די סיבה אין דער פרוי, וואָס שאַפט אַ פרעמדע סביבה אין שטוב; אַמאָל איז די סיבה די אָרור־מיקע לעבענס־באַדינגונגען, מיט וועלכע מיר ראַנגלען זיך אָן דער־פאָלג און שטייען הילפלאָז קעגן זיי.

ד״ר שלמה מינץ איז ארומגעגאַנגען אַלע יאָרן מיט זיין שטילער טראַגעדיע אין הארצן. ער איז נישט געווען דער איינ־ציקער וועלכער האָט געבראַכט זיינע קינדער פאַר אַ קרבן פאַרן מולך פון גלות, פונק ווי פיל אנדערע זיינסגלייכן.

# יחיאל היילפערין

ווי ווייט און ווי נאָענט זענען יענע טעג...

פאַר מיינע אויגן גייט פאַרביי דער ערשטער העברעאישער קינדער גאָרטן אין גלות, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך יחיאל היילפערין מיט מיין מיטהילף. קליינע קינדערלעך, צווישן זיי מיינע צוויי זין, זינגען העברעאישע לידער, קינדער־לידער, וואָס הייל־פערין האָט זיי פאַרפאַסט, שפּילן זיך אין פאַרשיידענע שפּילן, פּלוידערן העברעאיש, זיצן ביי קליינע טישלעך און זענען באַ־שעפטיקט ווער מיט צייכענען ווער מיט שפּילצייג, נעבן זיי שטייען מיידלעך וואָס ריידן מיט זיי, ענטפערן אויף זייערע פראַגן, באַ־רואיקן זיי ווען זיי קריגן זיך איינער מיטן אַנדערן, שרייען אָדער וויינען. די שפּראַך פון די קינדער איז נאָך דערווייל פּויליש, אַמאָל יידיש, אָבער די פּלעגערינס ריידן אַלע העברעאיש און אַמאָל ענטפערן די קינדער אויף העברעאיש, און אַ טייל ריידן צווישן זיך אין דער דאָזיקער שפּראַך, בעת זיי קריגן זיך, שרייען אָדער וויינען, הערט מען העברעאישע ווערטער פאַלן פון זייער מויל. און איך שטיי און קוק, הער זיך צו אויפמערקזאַם: יאָ, ר'יכטיק, אונדזערע קינדער הויבן אָן פּלוידערן העברעאיש, דער וואונדער וועגן וועלכן מיר האָבן געטרוימט ווערט ווירקלעכקייט.

און אָט איז אַן אַנדער בילד פאַר מיינע אויגן. אַרום דרייסיק יונגע מיידלעך געקומען פון אַלע עקן פון „תחום־המשוב" (ווו יידן אין געווען דערלויבט צו וווינען אין צאַרישן רוסלאַנד) און אפילו פון רוסישע גובערניעס מחוץ פון „תחום־המושב", זיצן אויף נידריקע בענק, אויף די קינדער־בענק און זייערע אויגן הענגען איבעם לערער וואָס רעדט, טראָגט פאָר פאַר זיי. ער רעדט העברעאיש — נישט בלויז וועגן די געזעצן פון דער שפּראַך,

וועגן איינעם פון די ספרים אין תנ״ך, וואָס ער לייענט פאַר פאַר זיי און קאָמענטירט, קלערט אויף, נאָר וועגן פעדאַגאָגישע ענינים און אנדער קעגענשטאַנדן. העברעאיש איז די לערן־שפּראַך אינעם ערשטן אין גלות סעמינאר פאַר העברעאישע פּרעבליסטינס, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין ווארשע פאַר דערציאונג פון פּרעבליסטינס, וואָס וועלן עפענען קינדער־גאָרטענס אין זייערע שטעטלעך, וואָס וועלן זיך אָפּגעבן מיטן דערציען זייערע קינדער אַנשטאָט די פּוילישע, רוסישע, דייטשע, פראנצויזישע אָדער ענגלישע „באָנעס״, זיי וועלן איבערגעבן יידיע קינדער דאָס קענען פון דער העברעאישער שפּראַך נאָך ביים סאַמע פרימאָרגן פון זייער קינדהייט. און אָט זע איך מיך ווי איך שטיי פאַר זיי און טראָג פאַר זיי קאַפּיטלען געשיכטע פון אונדזער פאָלק, פרעג זיי און באקום תשובות פון זיי און אלץ אין העברעאיש, וואָס לעבט אין אָט דעם אַנשטאַלט, ווי איינע פון די לעבעדיקע שפּראַכן וואָס ווערן גערעדט אין דער שטאָט וואַרשע, די הויפּט־שטאָט פון פאַרשקלאַפטן פוילן, א עיר ואם בישראל.

און איבער דעם אלעם דיריגירט יחיאל האַלפּערין.

אַ יונגער מענטש, אַ העברעאישער לערער, פון יענע לערער, וועמענס נשמה עס פלאַקערט ווי אַ נר תמיד וואָס זייערע ווערטער, זייער התלהבות מונטערן, וועקן און צווינגען אויף דעם גלויבן אין נסים וואָס פּאַסירן, וואָס מוזן פּאַסירן. שטענדיק האָט ער גע־שפּרודעלט מיט פרייד, שטענדיק פול געווען מיט פּלענער און געדאַנקען. ער איז דער לייטער פון דער אַנשטאַלט. ער איז דער לערער און לעקטאָר וועגן דער טעאָריע און פּראַקטיק פון דער פרעבל־שול בכלל און דער העברעאישער בפרט. ער פאַרפאַסט אַליין שפּילן, לידער, פּאַסט צו צו די לידער פאָלקס־מעלאָדיעס, זוכט און געפינט קאָמפּאָזיטאָרן און דיכטער, זיי זאָלן שרייבן לידער און קאָמפּאָנירן מעלאָדיעס, ער ברענגט אריין די שכינה פון העברעאיש און איר קולטור אין דעם נייעם אַנשטאַלט, וואָס איז דורכאויס העברעאיש, א העברעאישער אינדזל וואָס איז פאַרפלייצט אַרום פון א ים אַנדערע שפּראַכן.

און שטענדיק ווען איך פלעג קומען אין דעם דאָזיקן הויז אויף דער לעשנאָ גאַס, ווו עס האָבן זיך געפונען דער קינדער־

גאָרטן און סעמינאַר, פלעג איך מיך פרעגן: פון וואַנען נעמט זיך צו אָט דעם יונגען מענטשן, וואָס האָט נישט געלערנט אין אוניווערזיטעטן, נישט געגאָסן קיין תורה פון גרויסע פעדאַגאָגן, וואָס איז געבוירן און אויפגעוואַקסן ערגעץ אין א פּאַרוואָרפענעם שטעטל אין וואָלין, אַלץ אַליין זיך אויסגעלערנט, אַלע זיינע קענטענישן און אַלגעמיינע לימודים, זיין גאַנצע בילדונג דער־וואָרבן ווי אן אויטאָדידאַקט — פון וואַנען נעמט זיך צו אים די ווונדערלעכע באַגאַבונג די פעדאַגאָגישע פעאיקייטן און טאַלענט צו שאפן אַ יש מאַין, אָנצושטעקן יעדן מיט זיין גלויבן, אָנ־צוצינדן מיט התלהבות יעדן וואָס דערנענטערט זיך צו אים, יעדער וואָס קומט אריין אין זיין מחיצה? די דערהויבענע פרייד וואָס פילט אויס זיין האַרץ שטענדיק, שפּאַרט ארויס, שטראַלט ארויס פון זיין נשמה, לייכט און דערוואַרעמט. א שעפעריש פרייד...



מיר האָבן זיך דעמאָלט, געדענק איך, געמאַטערט מיט דעם שווערן פּראָבלעם: ווי אזוי וועלן מיר איבערגעבן די העברעאישע שפּראַך אונדזערע קינדער, איינפלאַנצן אין זייערע הערצער ליבע צו איר קולטור אין אַ פרעמדער סביבה, ווו עס הערשט די פּוילישע שפּראַך און איר קולטור, וואָס לעבט אַ פול און ברויזענדיק לעבן און רייסט מיט אַלץ אין גאַס, אין שטאָט און אין לאַנד? מיר האָבן זיך אָפּגעגעבן א דין וחשבון דערפון אז די אַלטע, טראַדיציאָנעלע פאָרם פון יידישער דערציאונג קען נישט מער דערפילן איר אויפגאַבע, און קען נישט ענטפערן אויף די פאָדערונגען און נויטן אונדזערע אין די ארומיקע באַדינגונגען. מ׳מוז שאפן א נייע פאָרם פון דערציאונג פאר די קינדער, שוין אין די סאַמע פריעסטע יאָרן פון זייער קינדהייט. עס דאַרפן געבילדעט און געשולט ווערן דערציערינס יידישע־העברעאישע, צו וועלכע מען זאָל קענען איבערגעבן די דערציאונג פון די קינדער — אינעם ליכט פון דער שכינה פון יידישן פאָלק, וואָס וואַכט אויף צו אַ נייעם לעבן, צו גאולה.

כ׳געדענק נישט גענוי, ווען און ווי אזוי עס איז צושטאַנד־געקומען מיין באַגעגעניש מיט יחיאל היילפּערין. איין שמועס אָדער צוויי האָט געניגט און מיר האָבן באַשלאָסן צו שאַפן אין

וואַרשע אַ העברעאישן קינדער־גאָרטן און אַ סעמינאַר פאַר פרעבליסטינס. היילפערין האָט, פאַרשטייט זיך, גענומען אויף זיך די גאַנצע אַרבעט צו אָרגאַניזירן די אונטערנעמונג, און איך די פינאַנסירונג. דאָס דעקן די דעפיציטן, וואָס מיר זענען זיכער געווען ביידע, אַז מיר וועלן זיי נישט אויסמיידן. צו די פינאַנ־סיעלע דאגות האָט מיר נאָך היילפערין צוגעגעבן נאָך אַ דאגה. ער האָט מיך איינגעשפּאַנט אין זיין וואָגן און געמאַכט פון מיר אַ לעקטאָר פון יידישע געשיכטע א לערער פאַר די מיידלעך וואָס האָבן געשטרעבט צו ווערן פלעגערינס און דערציערינס. כ׳האָב נישט געגלויבט אין מיין פעאיקייט און קענטעניש, אָבער ער האָט מיך נישט צו רו געלאָזט, פונקט ווי ער האָט נישט נאָכ־געלאָזט די אַלע אנדערע לערערס און קאָמפּאָזיטאָרן, וואָס ער האָט איינגעשפּאַנט אין זיין ווערק — און איך האָב מסכים געווען. ביזן אָנהויב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָב איך פאָרגע־טראָגן מיינע לעקציעס. אַסך האָב איך אַליין געלערנט — דאָס איז געווען קלאָר פון פאָראויס. וואָס עס האָבן גענאָסן מיינע שילערינס פון מיין לערנען זיי — ווייס איך נישט. אָבער איך ווייס גוט וואָס די דאָזיקע אַנשטאַלט האָט געגעבן די שילערינס און דורך זיי דעם יידישן דערציאונגס וועזן אין פוילן, דעמאָלט ביים אָנהויב פון זיין אַנטשטיין און אנטוויקלונג.

ער האָט ארויסגעגעבן פרעבליסטינס און לערערינס, וואָס זענען געגאַנגען אין די שטעט און שטעטלעך אין לאַנד, האָבן פאַרשפּרייט די העברעאישע שפּראַך און קולטור, האָבן אויסגע־טראָטן דעם וועג פאַר דער העברעאישער שול וואָס איז שפּעטער געשאַפן געוואָרן. צווישן די ערשטע תלמידות וואָס די אַנשטאַלט האָט ארויסגעגעבן זענען געווען — חנה ראָווינאַ, די גרעסטע העברעאישע אַרטיסטין און די דיכטערין קאַדיאַ מאָלאָדאַווסקאַ און אַנדערע וואָס האָבן זיך קונה־שם געווען אַלס לערערינס און דערציערינס.

נאָר צוויי יאָר האָב איך געהאַט דעם זכות מיטצוהעלפן היילפּערינען אין זיין ווערק. עס איז מיר נישט שווער געווען צו שאַפן די נויטיקע געלט. כ׳האָב עס באַקומען נישט בלויז אין וואַרשע גופא, נאָר דערהאַלטן אויך פון מאָסקווע און פון דער

חברה „מפיצי השכלה" („פאַרשפּרייטער פון בילדונג") אין פּעטער־בורג. און עס האָט זיך באַלד געפונען אַ לערער וואָס האָט נאָכגעטון דעם ביישפּיל פון יחיאל היילפּערין, און ער האָט געעפנט אין וואַרשע דווקא, אַ העברעאישן קינדער־גאָרטן און אַ פּרעבל־סעמינאַר. דאָס איז געווען אַלטערמאַן, דער פאָטער פון דיכטער נתן אַלטערמאַן.

ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכן האָבן מיר מער נישט געקענט אויסהאַלטן די אַנשטאַלט. די דייטשן האָבן באַזעצט וואַרשע נאָך אינעם ערשטן יאָר פון דער מלחמה. היילפּערין האָט פאַרלאָזט וואַרשע פּונקט ווי איך, ער איז געגאַנגען קיין דרום, קיין אָדעס, און איך קיין צפון, קיין פּעטערבורג. אונדזערע וועגן האָבן זיך צעשיידט און מיר זענען זיך פונאַנדער געגאַנגען.

אין די מלחמה־יאָרן זענען דערגאַנגען צו מיר ידיעות אַז אויך אין אָדעס האָט היילפּערין געעפנט אַ העברעאישן קינדער גאָרטן און אַ פּרעבל־סעמינאַר און ער האָט געפונען מענטשן וואָס האָבן אים אונטערשטיצט אין זיין ארבעט. כ'האָב גוט געקענט די איבערגעבענקייט זיינע צו זיין ווערק און זיין פעאיקייט אויסצושטראַלן זיין גייסט און גלויבן אויף אַנדערע. דער גאַנג פון דער מלחמה און די רוסישע רעוואָלוציע האָבן פאַריאָגט היילפּערינען פון רוסלאַנד און ער איז אריבער קיין ארץ־ישראל. איך האָב מיך צוריקגעקערט קיין פּוילן און מיך אריינגעוואָרפן אין דער פּאָליטישער אַרבעט צו וועלכער די קולטור־ארבעט איז געווען בלויז אַ צוגאָב. ווען עס איז געשאַפן געוואָרן די „תרבות" אָרגאַניזאַציע און איר טעטיקייט האָט זיך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען און אויסצוברייטערן זענען געווען צווישן די שולן וואָס זי האָט געגרינדעט און געפירט אויך קינדער־גערטנער און פּרעבל־סעמינאַרן. דער זאָמען וואָס היילפּערין האָט פאַרזייט — האָט געגעבן רייכע פּרוכט.

ווען כ'האָב עולה געווען אין לאַנד אריין, האָב איך ווידער באַגעגענט היילפּערינען, ער איז געשטאַנען בראש פון אַן ענלעכער אַנשטאַלט, וואָס מיר האָבן געגרינדעט אין וואַרשע. אָבער דאָ איז מער נישט געווען אין דעם קיין נייער אויפטו, קיין אָריגינעלער „מעשה בראשית". האָט ער זיך דעריבער טאַקע שווער געראַנגעלט

מיט זיין שווערן גורל. זיין אַנשטאַלט איז געווען אַ פּריוואַטער ווי אינעם פּוילישן וואַרשע. ער איז שוין דעמאָלט קראַנק געווען און אַלט געוואָרן פֿאַר דער צייט.

זיין לעבענס קאַפּיטל אין ארץ־ישראל קען איך נישט. מיר האָבן זיך זייער זעלטן באַגעגענט. אונדזערע ארבעט געביטן זענען געווען פֿאַרשיידענע און דאָס מאָל האָט ער ביי מיר קיין הילף נישט געבעטן. נאָר אין זיין לעצטן לעבענס יאָר בין איך אימשטאַנד געווען אויסצושטרעקן אים אַ העלפֿענדיקע האַנט. און אָט איז היילפֿערין געשטאָרבן און איך האָב נישט געוווּסט אז ער איז אזוי שווער קראַנק און אַז זיינע טעג זענען געציילטע.

ווען איך האָב געלייענט די ידיעה וועגן זיין טויט און זיין לוויה האָבן זיך צונויפגענומען און ווידער לעבעדיק געוואָרן אין מיין האַרץ די זכרונות פון די פֿאַרגאַנגענע טעג — די אזוי ווייטע און אזוי נאָענטע טעג.

האָב איך דאָס פֿאַרצייכענט דאָ אויפֿן פּאַפּיר. זאָל דאָס זיין אַ באַשיידענע בלום אויפֿן קבר פון א לערער — א שעפער אין ישראל.

# אברהם יעקב פאפיערנא

כ׳האָב אים קענען געלערנט אין פּלאָצקער גימנאַזיע וווּ ער איז געווען אַ לערער פאַר יידישער רעליגיע. אין די נידעריקערע קלאַסן האָט ער זיך נישט דערנענטערט צו אונדז, זיינע תּלמידים, אויך נישט צו די, וואָס ער האָט געוווּסט אַז זיי לערנען העברעאיש און לייענען העברעאישע ביכער. ער איז נישט געווען זייער האָרב מיט אונדז ביים לערנען. ער האָט דעמאָלט אָנגעהויבן שרייבן זיינע זכרונות און ער האָט זיי געגעבן איבערצושרייבן מיין חבר שלמה מינץ, וואָס האָט געוווינט ביי אונדז אין הויז און געלערנט אין אַ העכערער קלאַס פון מיר. מיינע קענטעענישן אין העברעאיש זענען נאָך נישט געווען גענוג איך זאָל קענען פאַרשטיין דעם אינהאַלט פון די זכרונות, כ׳האָב בלויז געכאַפּט אַ בליק אין זיי. עס זענען געווען קאַפּיטלעך זכרונות וועגן סעמינאַר אין זשיטאָמיר וווּ פּאַפּיערנא האָט געלערנט און וועגן די לערער וואָס האָבן דאָרט אונטעריכטעט.

מיר האָבן געוווּסט אַז אונדזער רעליגיע־לערער איז אַ העב־רעאישער שרייבער און איז אריין אין דער ליטעראַטור אַלס קרי־טיקער, וואָס וואַרפט אַראָפּ פון הויכן פּיעדעסטאַל די אָנגע־זעענסטע דיכטער פון דור. מיר האָבן געהערט וועגן זיין בראָשור „קנקן חדש מלא ישן” („אַ נייער קרוג פול מיט אַלטן געטראַנק”), אין וועלכער ער האָט צושמעטערט די אָפּגעטער פון דער העב־רעאישער דיכטונג און האָט געמאַכט עכטע פּאָעזיע, נאַטירלעכע, און נישט באַכגעמאַכטע, פאַלשע וואָס איר גאַנצע שיינקייט זענען תּנ״ך מליצות און נאָכמאַכונג פון רוסישן און דייטשן פּסעוודאָ־קלאַסיציזם. ווען איך בין געווען אַ שילער אין די העכערע גימ־נאַזיע־קלאַסן, ווו מיר האָבן געלערנט די געשיכטע פון דער רו־

סישער ליטעראַטור האָב איך גענומען די דאַזיקע באַקאַנטע בראַשור זיינע, וואָס כ׳האָב אָפּגעזוכט צווישן פּאַטערס ספרים און זי דורכ־געלייענט. זי האָט נישט געמאַכט אויף מיר קיין איינדרוק און כ׳האָב נישט פאַרשטאַנען פאַר וואָס איר מחבר איז באַשענקט געוואָרן מיט דעם טיטל: „צערשמעטערער פון די אָפּגעטער״. אָבער אין יענער תקופה האָט די בראָשור פון פּאַפּיערנאַ געהאַט אַ באַדייטענדיקן ווערט.

נאָכן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס ווען אויף דער יידישער גאַס האָט געהערשט אַ געהויבענע שטימונג, האָט ער זיך צו אונדז דערנענטערט. ס׳האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט געוואָלט מיט אונדז צוזאַמען אויפקלערן געוויסע פראַגן וואָס האָבן אים באַאומרואיקט. עס זענען דעמאָלט פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין „השילוח״ אחד־העם׳ס אַרטיקלען וועגן קאָנגרעס און אין „וואָסכאָד״ (וואָכענבלאַט אין דער רוסישע שפּראַך) — בריוו וועגן אַלטן און נייעם יידנטום, פון שמעון דובנאָוו. די לעצטע פלעגן מיר לייענען בעת די לעק־ציעס און דיסקוטירט איבער זיי.

פּאַפּיערנאַ האָט געהאַט צוויי זין וואָס זענען פאַרבליבן אין רוסלאַנד און איינער פון זיי איז געווען אַ רוסישער שרייבער, וואָס האָט זיך באַטייליקט אין דער אויסגאַבע פון פּאַוולענקאָוו אין דער ביאָגראַפיע פון שפּינאָזאַ, אויב איך האָב קיין טעות נישט. דער צווייטער איז, דאַכט זיך, געווען אַן אַרצט. ביידע האָבן באַקומען אַ רוסישע דערציאונג און ווען זיי זענען געקומען צום פאָטער אויף אַ קורצן באַזוך, האָבן זיי זיך נישט באַמיט צו באַקענען בעסער מיט דער יידישער שטודירענדיקער יוגענט אין שטאָט. ער האָט אויך געהאַט אַ בת־זקונים, וואָס איז שוין געבוירן געוואָרן אין פּוילן און געלערענט אין דער טעכטער־גימנאַזיע. כ׳בין אומגעריכט איינגעלאַדן געוואָרן אויף אַ פייערונג פון דער טאָכטערס געבורטס־טאָג.

כ׳האָב געפונען אינעם הויז פון פּאַפּיערנאַ, די חבר׳טעס פון פריילין פּאַפּיערנאַ, מיינע חברים און אייניקע געסט פון דער פאַמיליע גאָלדע און צווישן זיי אויך אסתר, וואָס האָט צוריק־געקערט פון דער פאַרשיקונג אין רוסלאַנד און געוואַרט אויף אַ דערלויבעניש צו מעגן אריבער קיין וואַרשע. זי האָט איבערגע־

גומען אין איר האַנט די „אָנפירונג" פון אָווענט און ארויפגעלייגט אויף אים איר חותם. זי האָט איניציאירט פוילישע טענץ, פּאַט־ריאָטישע רעוואָלוציאָנערע לידער פון די צייטן פון פוילישן אויפ־שטאַנד קעגן רוסלאַנד. דער אָוועט אינעם הויז פונעם גימ־נאַזיע־לערער האָט באַקומען דעם כאַראַקטער פון אַ פּוילישן אָוונט. לויטן נוסח און שטייגער פון דער פּ.פּ.ס. פּאַפּיערנאָ האָט, פאַר־שטייט זיך, נישט פּראָטעסטירט. פאַרקערט, ער איז געווען צופ־רידן פון דער שמחה, וואָס האָט געברויזט צווישן דער יוגענט און געזעסן צווישן דער עלטערער געזעלשאַפט, געשמועסט מיט זיי וועגן אַקטועלע ענינים און וועגען די שטימונגען וואָס הערשן צווישן דער יוגענט. כ׳געדענק, אַז איך בין צוגעגאַנגען צום טיש פון די „אלטע" און בין אריין אין א שמועס מיט זיי. כ׳בין געווען דער איינציקער ציוניסט צווישן די שמועסנדיקע און כ׳האָב אָנגעהויבן מיט יוגענטלעכן ברען פאַרטיידיקן דעם ציוניזם און אַנטוויקלען מיינע געדאנקען וועגן דער טעטיקייט פון דער באַוועגונג און איר צוקונפט. פּאַפּיערנאָ האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט צו מיינע ווערטער, ווי עס וואָלט זיך פאַר אים אַנט־פּלעקט אַ נייע וועלט פון שטרעבונגען וואָס זענען דורכגעדרונגען מיט גלויבן און בטחון וואָס זענען אים פרעמד געווען.

„גרויס איז דער גלויבן פון אָט דעם יונגען מענטשן" — מיט די דאָזיקע ווערטער, וואָס כ׳האָב נישט פאַרגעסן ביז היינטיקן טאָג, האָט ער פאַרענדיקט דעם שמועס. עס איז געווען אין די ווערטער פאַרוואונדערונג, אין וועלכער עס האָט זיך געפילט אַ שטילער טרויער, פאַר וואָס ער קען נישט זיין קיין שותף צו אָט דעם גלויבן. ס׳איז פאַר מיר קלאָר געוואָרן, ווי גרויס עס איז די פאַריתום׳טקייט און צער פון די השכלה שרייבער, וועמענס קינדער האָבן זיך דערווייטערט פון יידישן פאָלק, פון זיינע האָפנונגען און שטרעבונגען און פאַרשלונגען געוואָרן אין א פרעמדער נישט יידישער וועלט.

כ׳האָב נישט געשמועסט מער מיט פּאַפּיערנאָ. כ׳האָב פון אים גאָרנישט געלערנט, פונקט ווי אלע אנדערע מיינע חברים. אין יאָר 1907 האָט ער מיט זיין פאַמיליע פאַרלאָזט פלאָצק, וווּ ער האָט געלעבט פערציק יאָר.

שפעטער, ווען כ׳האָב מיך אָנגעהויבן צו פאַראינטערעסירן מיט דער געשיכטע פון יידן אין פוילן, האָב איך מיך אויך דערוווּסט וועלכע עס זענען די שטרעבונגען און אָנשויאונגען פון פּאַפּיערנאָ און זיינס גלייכן.

נאָך דער דערמאָרדונג פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, האָט די רעגירונג פון אַלעקסאַנדער דעם דריטן אָנגעהויבן דורכפירן אַרוסיפיקאַציע אין פוילן, אין די געריכטן, אַמטן און דערציאונגס־וועזן. די לערן־שפּראַך אין אַלע שולן, פון די בידריקע ביז דער אוניווערזיטעט איז געווען רוסיש. אין די גימנאַזיעס האָט מען געלערנט פויליש אויפן שפּיץ מעסער, און די לערער האָבן מורא געהאַט איבערצושרייטן די גרענעץ פון פאָרגעשריבענעם פּראָג־ראַם. פאַר יידן פויליש צווישן זיך פלעגן די שילער באַשטראָפט ווערן. אין די פאָלקס־שולן האָט מען בכלל נישט געלערענט קיין פויליש. אין פּעטערבורג האָט מען געהאָפט, אַז ווען פוילישע יידן וועלן זיך אויסלערנען רוסיש וועלן זיי זיך דערשלאָגן צו רעכט אין דער רוסישער אימפּעריע.

פּאַפּיערנאָ האָט געהערט צו די משכילים־רוסיפיקאַטאָרן, בראש פון וועלכע עס איז געשטאַנען לעוואַנדע, וואָס האָט געלייגט דעם יסוד פאַר שיינער ליטעראַטור אין דער רוסישער שפּראַך וועגן יידישן לעבן.

קומענדיק קיין פוילן האָט זיך פּאַפּיערנאָ געווענדעט מיט א מעמאָראַנדום צו דער רוסישער מאַכט אין לאַנד, וועגן די בעסטע מעטאָדן ווי דורכצופירן די רוסיפיקאַציע, און עס ווייזט אויס, אַז פאַר אָט דער טעטיקייט זיינער האָט מען אים אריבערגעפירט קיין פלאָצק און באַשטימט אַלס לערער אין אַ שול פאַר יידישע קינדער און שפּעטער אַלס לערער אין גימנאַזיע.

אָבער די יידישע סביבה אין צענטראַל־פוילן איז געווען שטאַרקער פון דער השפּעה פון די רוסיפיקאַטאָרן. די יידישע אינטעליגענץ איז געבליבן טריי פוילן און איר קולטור און האָט געגלויבט, אַז א פוילישע מאַכט וואָלט געגעבן יידן פולע ביר־גערלעכע רעכט. די פאָלקס־מאַסן האָבן נישט אויפגעהערט צו ריידן יידיש, און געשאַפן אַ שטאַרקן באַזיס פאַר דעם אויפ־

קומען פון אַ ליטעראַטור און שפּעטער אויך פון שולן אין דער דאַזיקער שפּראַך.

די יידישע אינטעליגענץ אין פּוילן ווי ווייט זי איז נישט אַוועק מיטן שטראָם פון אַסימילאַציע און פאַרפרעמדונג פון יידישן פאָלק, האָט שפּעטער געפונען איר וועג צום ציוניזם אָדער אַנדערע יידיש נאַציאָנאַלע אָדער פּראָלעטאַרישע באַוועגונגען, זי האָט זיך אָבער קיינמאָל נישט געלאָזט מיטרייסן פון די רוסיפיקאַטאָרישע שטרעבונגען פון די רוסישע הערשער אין פּוילן.

## הענריק באריסאוויטש שלאסבערג

שלאָסבערג איז געשטאָרבן אין פּאַריז אין טיפן עלטער. די אָקטאָבער רעוואָלוציע אין 1917, האָט אים פאַרטריבן פון רוסלאַנד. ער איז געוואָרן אַן עמיגראַנט ווי אַסך אַנדער רוסישע בירגער, ווענמען דער באָלשעוויסטישער שטורעם האָט צוזייעט ווי שטויב איבער אייראָפּע. צווישן אָט דער עמיגראַציע האָבן יידן פאַרנומען אַן אָנגעזעען אָרט. פאַר די יידן איז עס לייכטער געווען זיך צוצופּאַסן צו די נייע לעבענס־באַדינגונגען אין אויסלאַנד. זיי האָבן אומעטום געפונען ברידער, וואָס האָבן זיי אויפגענומען און זיי געהאָלפן גובר זיין די שוועריקייטן פון דער ערשטער צייט אין אַ פרעמד לאַנד. אָבער די יידישע עמיגראַנטן האָבן נישט איבערגעריסן זייערע פאַרבינדונגען מיט דער רוסישער עמיגראַציע, באַזונדערס מיט יענעם טייל פון דער רוסישער אינטעליגענץ וועלכע האָט מיטגעאַרבעט און זיי מיטגעהאָלפן אין די שווערע צייטן, אינעם פאַרצווייפעלטן קאַמף קעגן צאַריזם און אין די טעג פון נצחון, די ליכטיקע טעג פון דער מאַרס־רעוואָלוציע אין יאָר 1917.

שלאָסבערג איז געווען איינער וואָס האָט זיך באַטייליקט אין דעם דאָזיקן קאַמף. אין דער אמתן איז ער נישט געווען קיין קעמפער נאָר אַ שתדלן, אינעם בעסערן זין פון וואָרט. זיין האַרץ איז געווען וואַך פאַר די ליידן פון זיינע יידישע ברידער און ער איז תמיד גרייט געווען צו דינען מיט טאַט און עצה די באַוועל׳טע און גערודפטע צווישן זיי. אַלע זיינע יאָרן אינעם צאַרישן פּעטער־בורג האָט ער געווידמעט זיין ענערגיע און צייט פאַר השתדלות לטובת זיינע ברידער וואָס זענען באַוועלט געוואָרן דורכן רעזשים. ער האָט אויסגענוצט יעדע געלעגנהייט, יעדע געזעצלעכע מעג־

לעבקייט כדי ארויסצורייסן די קרבנות פון די נעגל פון רעזשים, צו אָרגאַניזירן אַ פּאַרטיידיקונג, שיצן זיך קעגן בלבולים און פּאָגראָמען אויף יידן. אַלע יאָרן האָט ער געטון אָנגעשטרענגטע אַרבעט קעגן אָוועקרויבן די רעכט פון יידן, קעגן דער הפקר־באַציאונג און קעגן דעם מאַסן־טעראָר, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן מצד די פּאַרטיידיקער פונעם צאַרישן רעזשים. די דאָזיקע פּאַרטיידיקער האָבן געהאַלטן אַז יידישעליידן, דאָס אָוועקרויבן זייערע בירגערלעכע און מענטשלעכע רעכט, דאָס הפקר מאַכן זייער בלוט, איז די בעסטע רפואה קעגן דעם גיפט פון דער רעוואָלוציע, און סאָציאַליזם, און אַן אויסגעפּרוווט מיטל צו שטאַרקן דעם רע־זשים, ער זאָל זיך קענען האַלטן קעגן דעם שטורעם פון דער רעוואָלוציע און זי גובר זיין.

די יידן זענען דערקלערט געוואָרן אַלס די נאַטירלעכע שונאים, פיינט פון צאַר און פיינט פון רוסלאַנד, וואָס קוקען אויס אויף דעם חורבן פון דער מלוכה און גראָבן אונטער מיט זייער עצם עקזיסטענץ, די יסודות פון דער מלוכה. זיי האָבן דעריבער געפירט אַ קאַמף קעגן יידן מיט אַלע מיטלען וואָס זענען געשטאַנען אין רשות פון דער רעאַקציאָנערן אונטערדריקונגס־רעזשים. זיי האָבן געהעצט די צוריקגעשטאַנענע פאָלקס־מאַסן, וואָס פלעגן זיך מיט ווילדן צאָרן וואַרפן אויף די שוצלאָזע יידן, געמאָרדעט, פאַרניכטעט, געשענדעט און צעשטערט.

שלאָסבערג איז בישט געווען קיין רעוואָלוציאָנער. ער האָט מורא געהאַט פאַרן אויסברוך פון דער רעוואָלוציע, פילענדיק אינ־סטינקטיוו, ווי מיר האָבן עס אַלע געפילט, אַז די יידן וועלן באַצאָלן איר פרייז מיט זייער בלוט. באַזונדערס האָט ער מורא געהאַט פאַר דער פאַרטיפונג פון דער רעוואָלוציע, וואָס ברענגט אויף איר וועג אַלע מכשולים און שטערונגען, ער האָט מורא געהאַט פאַר דער צעשטערונג און גרויל וואָס זי וועט ברענגען מיט זיך. ער איז געווען אַ געמעסיקטער דעמאָקראַט און אַ ליבע־ראַל לויט די באַגריפן פון מערב־אייראָפּע און ער האָט געטרוימט וועגן אַ קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע אין רוסלאַנד, לויטן ענגלישן מוסטער, ווו די מאַכט וועט זיך געפינען אין די הענט פון פאַר־

געשריטענע קולטור־מענטשן, קאָנסערוואטיווע וואָס וועלן אָפּהיטן די געזעלשאפטלעכע גלייכגעוויכט.

שלאָסבערג און זיינע בני־הדור האָבן דערלעבט צו זען מיט אייגענע אויגן דעם חורבן פון צאַרישן רעזשים און דעם זיג פון דער „בלוטלאָזער" רעוואָלוציע, וועגן וועלכער עס האָבן דורות געטרוימט אין אונטערערד. ער האָט געהאַט דעם זכות זיך צו באטייליקן אין אויסארבעטן דעם געזעץ, וואָס האָט אומגעוואָרפן דעם פאַרשאָלטענעם בנין פון באַגרענעצן יידישע רעכט און פאַר־שליסן פאַר זיי לעבענסוויכטיקע וועגן, מעגלעכקייטן פאַר ארבעט און פרנסה. ער האָט זוכה געווען צו זען די פאַרווירקלעכונג פון אלע זיינע טרוימען וועגן רוסלאַנד, אין וועלכן דער ייד איז געוואָרן גלייכבאַרעכטיקט אַלס בירגער, און עס זענען געעפענט געוואָרן פאַר אים אלע וועגן אין לעבן. אין דעם ליכטיקן און אומפאַר־געסלעכן פסח פון יאָר 1917 האָט די צייטווייליקע רוסישע רעגי־רונג דערלאַנגט די יידן א דערהויבענע מתנה: פולע גלייבאַרעכ־טיקונג.

אָבער עס איז אַזוי נגזר געוואָרן און די רוסישע רעוואָלוציע האָט זיך פאַרטיפט. עס זענען געקומען די טעג פון אָקטאָבער, דער נצחון פון די באָלשעוויקעס, די יאָרן פון בירגער קריג, פאָגראָמען אויף יידן אין אוקראַינע און דרום־רוסלאַנד. די שטראַ־לענדיקע וועלט, וואָס איז געוואָרן פון אַ טרוים אַ ווירקלעכקייט, האָט אַ גרויליקער שטורעם איבערגעקערט. שלאָסבערג איז גע־גאַנגען אין גלות אריין, אַ דאָפּעלטער גלות, אַ רוסישער און יידישער. שלאָסבערג און זיינע חברים האָבן נישט געקעמפט בלויז אלס יידן, נאָר ווי אַ טייל פון דער רוסישער אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך באַצויגן צו זיי ווי צו קאַמפס־חברים. דער קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם האָט די דאָזיקע אינטעליגענץ געזען ווי איר אייגענעם קאַמף. זינט דעם פאָגראָם אין קישינאָוו האָט זיך די פאָר־געשריטענע רוסישע אינטעליגענץ באַטייליקט און מיטגעפילט דעם געראַנגל און דעם צער פון די יידן, אַלע מאָל זיי אַנט־קעגן געטראָגן א העלפענדיקע האַנט און מאַניפעסטירט אירע געפילן עפענטלעך. זי האָט נישט געקענט איבערטראָגן די ברע־נענדיקע שאַנד, זעענדיק ווי מען פאַרפאָלגט און מ׳פייניקט די

יידן. זי האָט נישט מורא געהאַט טאָמער וועט מען זי באשולדיקן אז זי איז פאַרקויפט צו יידן, פאַרקערט, זי האָט פאַרשטאַנען אַז דער אַנטיסעמיטיזם ווערט אויסגענוצט דורכן געהאַסטן רעזשים כדי צו שיצן זיך און אָנצוגרייפן. דעריבער האָט זי געשטעלט אינעם צענטער פון איר קאַמף, דאָס ארויסרייסן מיטן וואָרצל דעם אנטי־סעמיטיזם אין אלע זיינע פאָרמען און דערשיינונגען.

אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן האָט שלאָסבערג געזען ווי דער אַנטיסעמיטיזם פארפלייצט איין לאנד נאָכן אנדערן און דעראָבערט איין פאָזיציע נאָך דער אנדערע, צעשטערט דאָס יידישע לעבן און די מענטשלעכע קולטור. פונדערווייטענס האָט ער מיט שרעק צוגעקוקט און געזען ווי עס קערט צוריק צום לעבן די פאַרשאָלטענע צאַריסטישע תקופה.

ער האָט געזען ווי לייכט דעם אַנטיסעמיטיזם באַהערשט די מאַסן און ווי שוואַך עס איז דער ווידערשטאַנד קעגן אָט דער מוטנער, מענטשן־פיינטלעכער כוואַליע. מסתמא האָט ער געקלערט וועגן יענע צייטן ווען עס האָבן געלעבט און געווירקט ערלעכע און שטאַרקע כאַראַקטערן, וועלכע האָבן זיך נישט צוגעפּאַסט צו די שטימונגע אין גאַס, נישט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ, נאָר געפירט אַ מוטיקן און אָפענעם קאַמף קעגן דעם באַרבאַרישן אַנטיסעמיטיזם.

# פּראָפעסאָר דוב ברוצקוס

עס איז דאַכט זיך געווען — כ'געדענק נישט גענוי — נאָכן דריטן קאָנגרעס. נאָך א שווערן קאַמף איז אויפן קאָנגרעס געגריג־דעט געוואָרן אַ קאָמיסיע פאַר קולטור־ארבעט. כ'האָב געהאַט דעם זכות צו זיין סעקרעטאַר פון אַט דער סוב־קאָמיסיע, וואָס אויף איר איז ארויפגעלייגט געוואָרן די אויפגאבע אָנצוהויבן אַ קולטור־אַרבעט צווישן דער יוגענט.

דער פּלאַן איז געווען ארויסצוגעבן צירקולארן און בראָשורן וועגן פאַרשיידענע יידישע און ציוניסטישע פראַגן, און איך, לוריא און ד"ר עליאשעוו־בעל־מחשבות, וואָס זענען געשטאַנען בראש פון דער דאָזיקער ארבעט, האָבן פאָרגעשלאָגן אַז מען זאָל זיך ווענדן צו עטלעכע עסקנים פון דער יידישער אינטעליגענץ אין רוסלאַנד און צווישן זיי איז אויך געווען באָריס דאָווידאָוויטש ברוצקוס. כ'האָב געשריבן צו אים און באַקומען ענטפער. כ'וויים נישט פאַרוואָס דער ענטפער זיינער איז מיר פארבליבן אין זכרון. אפשר דערפאַר וואָס מיר איז נישט איינגעפאַלן אז עס איז מעגלעך אַז אַ יידישער אינטעליגענט אין רוסלאַנד זאָל זאָגן מיטן פולן מויל, אַז דער מאַרקסיזם וועט ברענגען דעם גרעסטן אומגליק אויף די רוסישע יידן, און די אויפגאַבע פון דער דאָזיקער קאָ־מיסיע דאַרף זיין פריער פון אלעמען — אַ קאַמף קעגן דער השפּעה פון מאַרקסיזם אויף דער יידישער און ציוניסטישער יוגענט.

כ'בין דעמאָלט געווען אַ סטודענט אויף דער אוניווערזיטעט. דער מאַרקסיזם איז געווען ביים גרעסטן טייל פון אונדז א תורת־אמת, כמעט אַ הייליקע תורה וואָס מ'טאָר נישט צווייפלען אין איר, און אָט זאָגט מען אונדז, אַז מאַרקסיזם איז אַן אומגליק און

מ׳דאַרף פירן קעגן אים אַ קאַמף. פון דער גאנצער ארבעט פון דער „קולטור־קאָמיסיע״, איז גאָר נישט ארויסגעקומען. ברוצקוס איז זיך געגאַנגען זיין וועג און איך מיינעם, און מיר האָבן זיך שפּעטער כמעט נישט באַגעגענט. אָבער עס זעט אויס, אז די זאַך איז געבליבן נישט בלויז ביי מיר אין זכרון נאָר אויך אין זיינעם. ווען מיר האָבן זיך באַגעגענט אין ארץ־ישראל האָבן מיר זיךביידע דערמאָנט אין אָט דער פּאַסירונג אין אונדזער לעבן.

ברוצקוס האָט געהערט צו יענעם קרייז פון דער רוסיש־יידישער אינטעליגענץ, וועגן וועלכער מ׳קען זאָגן אָן גוזמא, אז זי איז געוועזן דער שענסטער און דערהויבענסטער אינטעליגענטן־טיפּ וואָס מ׳קען בכלל געפינען אין אַ וואָסער נישט איז פאָלק.

פאַר דער ציוניסטישער יוגענט אין פוילן, האָט דער דאָזיקער טיפּ אינטעליגענט געהאַט אַ באַזונדערן צויבער. מיר האָבן געקענט די פוילישע און יידישע אינטעליגענץ, אויך די אָנפירעגדיקע צווישן זיי, תמיד ווי אַ פאַרשלאָסענע אינעם אייגענעם וועלטל, אין דער וועלט פון פוילישן פאָלק, און זיי זענען כמעט נישט מסוגל געוועזן צו פאַרשטיין דעם ווייטאָק און צער פון אנדערע פעלקער.

די יידיש־פוילישע אינטעליגענץ איז געוועזן אינגאַנצן אריינ־געטאָן אין דער פּוילישער קולטור, אירע אידעאלן און שטרעבונגען און זי האָט זיך געהאַלטן אין דערווייטערן פון יעדער יידישער אָנגעלגענהייט.

אַנדערש איז געוועזן די יידיש־רוסישע אינטעליגענץ. זי האָט ווי אויסגעפונען א סינטעזע צווישן דער רוסישער קולטור און יידישע עניגים. אַ באַטירלעכע סינטעזע. אין דער זעלבער צייט וואָס זיי האָבן בייגעשטייערט פון זייער טאַלאַנט און כוח פאַר דער רוסישער קולטור, פאַרן רוסישן פאָלק און פאר זייער בשות־פותדיקן היימלאַנד, האָבן אַסך פון זיי געוווסט — נישט אַלע, פאַרשטייט זיך, אָבער זער אסך פון זיי — ווי צו דערפילן זייער חוב פאר זייער אייגענעם יידישן פאָלק. די סינטעזע האָט זיך דערנענטערט צו אַ גייסטיקער גאַנצקייט. זיי האָבן געהאַט אינ־טערעס פאר פּראָבלעמען פון רוסלאַנד און רוסישן פאָלק און נישט אין אַ קלענערער מאָס פאַר יידישע פּראָבלעמען, פארן

יידישן פאָלק, אפשר האָבן זיי געטרוימט וועגן דעם, אַז אינעם באַפרייטן רוסלאַנד וועט אַנטשטיין א מין פעלקער־געמיינשאַפט, אין וועלכער עס וועט אויך זיין א פלאַץ פאַר יידן זיך אויס־צולעבן ווי א פריי פאָלק.

ברוצקוס איז געווען איינער פון אָט דער אינטעליגענץ. ער איז נישט געווען קיין ציוניסט ער האָט אבער אויך נישט געהערט צו די קעגנער פון ציוניזם. ער האָט געהאַט אינטערעס פאַר ארץ־ישראל און איר אויפבוי. ער איז געווען איינער פון די יידיש־רוסישע אינטעליגענטן פון זיין שניט, וואָס האָבן זיך אמשטאַרקסטן באַמיט זיך צוצופאַסן צו די ניי־געשאַפענע באַדינגונגען אין דעם נאָך־אָקטאָבער רוסלאַנד. ערשט נאָך א ריי יאָרן האָט ער פאַרלאָזט, אַן אנטוישטער, סאָוויעט־רוסלאַנד.

די וועלט פון דער יידיש־רוסישער אינטעליגענץ איז חרוב געוואָרן מיט גרויס אכזריות. מיר האָבן דעם חורבן שוין פארגעסן. נאָך דעם היטלער־חורבן איז יענער הורבן ווי פארגעסן געוואָרן. אָבער, מ׳קען זאָגן אז מיט זיינע גייסטיקע רעזולטאַטן איז ער געווען נישט ווייט פונעם חורבן פון דייטשן יידנטום. אויך דאָרט איז חרוב געוואָרן די סינטעזע, די פערספעקטיוון וואָס יענער דור האָט געזען פאַר זיך.

ברוצקוס איז אריבער קיין דייטשלאַנד, די ערשטע סטאַציע פון דער יידישער עמיגראַציע פון רוסלאַנד. שפּעטער איז ער אריבער קיין פאַריז. ס׳האָט מיר אויסגעזען אַביסל אומפאַרשטענד־לעך, וואָס ברוצקוס איז אריינגעפירט געוואָרן דורך דעם קרן־קימת אינעם טעמפל פון דער ציוניסטישער קולטור, אין דער העברע־אישער אוניווערזיטעט אין ירושלים. ווען מיר האָבן זיך באגעגענט האָב איך פאַרשטאַנען, אז עס זענען נישט פאָרגעקומען קיין שום ענדערונגען אין זיינע אנשויאונגען, אָבער זיין זעלישע באַציאונג האָט זיך געענדערט. ס׳איז פאַר אים קלאָר געוואָרן אַז זיין לעצטע סטאציע איז ארץ־ישראל. ער האָט זיך באַמיט צו פאַרוואָרצלען אין לאַנד, געוואָלט זיך צונויפגיסן מיט דער באַוועגונג, וואָס אלע זיינע יאָרן איז ער געשטאַנען נאָענט צו איר, אָבער איר שוועל נישט אריבערגעטרעטן, און אָט האָט דער גורל געוואָלט, אַז עס איז געווען פאַר אים די לעצטע סטאַציע, דער סוף פון זיין לעבן.

א געוויסע צייט פאַר זיין טויט האָט ער מיך באַזוכט און מיר דערציילט, אַז ער האָט אָכטב־יד אין העברעאיש, וואָס ער אליין האָט עס איבערגעזעצט אויף העברעאיש. דאָס בוך איז ארויס פריער אין רוסיש, אין אַ קאָמוניסטישן פאַרלאַג הגם ברוצקוס איז געווען אַן אָפּענער קעגנער פון לאַנדווירטשאַפטלעכען רע־זשים אין ראטן־רוסלאַנד האָט מען דאָס בוך זיינס דאָרט ארויס־געגעבן און ס'האָט אפילו געדינט אַ טעמע פאַר וויכוחים. כ'האָב אים צוגעזאָגט צו טון וואָס איך וועל קענען, כדי צו דערפילן זיין פאַרלאַנג. ס'איז מיר נישט איינגעפאַלן אַז מיר וועלן עס מוזן טון שוין נאָך זיין טויט, עס זאָל זיין אַ מצבה פאַר אַ יידישן אינטעליגענט וואָס האָט אלע זיינע יאָרן געווידמעט דעם אינטע־לעקטואלן דינסט פאַרן כלל, פאַר אַ פרעמדן כלל, און ביים סוף פון זיינע יאָרן זיך באַמיט איינצוגלידערן אין דער נייער יידישער קולטור וואָס שאַפט זיך און קומט אויף אין אייגענעם יידישן היימלאַנד.

# וויקטאר יאקאבסאָן

„מיינע כוחות גייען ביסלעכווייז אויס. די קלענסטע אָנ־שטרענגונג אָדער די מינדעסטע אויפרעגונג רואינירן מיין געזונט. דעם באַרג־אַראָפּ פון אייער אַלטן פריינט איז נישט מער אויפ־צוהאַלטן. די דערציילונג גייט צו ענדע, און כ'האָב מורא, אין אַ צו געאיילטן טעמפּאָ.

דאָס לעבן איז דאָך שיין געווען און איך האָב געהאַט דאָס גליק אָנטייל צו נעמען אין אַ גרויס ווערק, און ווען אויך בלויז וועניקע קענען מיין ארבעט און שעצן זי, פארקלענערט עס מיט גאָרנישט די דערקענטניש, אַז איך האָב מיין חוב דערפילט. נעמט גאָר נישט אַראָפּ פונעם ווערט פון מיין ארבעט און פון געפיל פון מיין גליק".

אזוי האָט געשריבן יאַקאָבסאָן צו אַ פריינט, נאָך דעם ערשטן אַטאַק פון זיין קראַנקהייט, פון וועלכער מ'האָט אים קוים, מיט גרויסע אָנשטרענגונגען, געראַטעוועט און דערהאַלטן ביים לעבן. כאָטש אזוי, האָט ער נישט איבערגעריסן זיין ארבעט, זיך באַ־טייליקט אין קאָנפערעגצן, געמאַכט פּלענער א. א. וו. אבער דער טויט האָט שוין געלויערט אויף אים. מיט א חודש שפּעטער, נאָך דעם ווי דער בריוו איז געשריבן געוואָרן, איז ער געשטאָרבן.

יאַקאָבסאָן איז געווען איינער פון די ערשטע, וואָס האָט זיך נאָך איינעם צאַרישן רוסלאַנד געשטעלט אין דינסט פון דער ציו־ניסטישער באַוועגונג. זיין ציוניסטישע דערציאונג האָט ער באַ־קומען אינעם בערלינער סטודענטן־קרייז, וואָס פון אים זענען ארויס אזוי פיל ציוניסטישע מנהיגים. דער ציוניזם איז זינט דעמאָלט געוואָרן דער תוכן פון זיין לעבן. זיינע באַזונדערע לעבענס־עטאַפּן האָבן זיך איינגעגלידערט אין די געשעענישן פון ציוניזם, זיינע ווערק און אויפטועו.

אין סימפעראָפּאָל, אין קרים, האָט ער אָנגעפירט מיט אַ גאַנצן ציוניסטישן ראיאָן. ער איז געווען אַן אָנהענגער פון פּראַקטישער קאָלאָניזאַציע און קולטור־ארבעט אין ארץ־ישראל, הגם ער האָט פּאָליטיש געהערט צו די הערצליאַנער. בעת דעם אוגאַנדע־קריזיס האָט ער זיך אָנגעשלאָסן צו די קעגנער פון דעם אוגאַנדע־פּראָיעקט.

ווען עס איז געשאַפן געוואָרן די פיליאַלע פון אַנגלאָ־פּאַ־לעסטינאַ־באַנק אין ביירוט, איז יאַקאָבסאָן געשטעלט געוואָרן בראש פון איר, און ווען עס איז אויפגעשטעלט געוואָרן, נאָך דער טערקישער רעוואָלוציע אַ פּאָליטישער און פינאַנסיעלער ציוניסטישער צענטער אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, איז יאַקאָבסאָן באַ־שטימט געוואָרן אלס לייטער פון דעם דאָזיקן צענטער. אויף אָט דער פּאָזיציע האָט מען געלייגט גרויסע האָפנונגען. אַלס דיפּ־לאָמאַטישער פאָרשטייער אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָט זיך יאַקאָב־סאָן באַטייליקט אינעם ענגערן אַקציאָנס־קאָמיטעט (אזוי האָט מען דעמאָלט גערופן די ציוניסטישע עקזעקוטיווע), וואָס זיין זיץ־אָרט איז געווען אין בערלין. אין דער ביייער תקופה וואָס האָט זיך אָנגעהויבן נאָכן סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז יאקאָבסאָן באַשטימט געוואָרן אלס פאָרשטייער פון דער ציוי־ניסטישער אָרגאַניזאַציע ביים סעקרעטאַריאַט פון פעלקער־בונד אין זשענעוו. אויף דעם דאָזיקן פּאָסטן האָט ער געאַרבעט ביז זיין טויט. אין זשענעוו האָט ער געפונען זיין אייביקע רו.

אַ באַשיידענער מענטש געווען, אַן איידעלע נשמה, אַ שטילע, אַ געטרייע, אַ דערהויבענע, רואיק און לויטער האָט געפלאַקערט איר פלאַם ביז זי איז אויסגעגאַנגען.

אינעם ציוניזם פון יאַקאָבסאָן איז געווען אַסך פון יענער דערהויבענקייט און פּאַטאָס פון דער ראָמאַנטיש־רעוואָלוציאָנערער רוסישער באַוועגונג, וואָס האָט געהייסן „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ". אין דער געשיכטע פון דער דאָזיקער באַוועגונג דאַרף מען זוכן די אינספּיראַציע און אידייאישן קוואַל נישט בלויז פאַר די אָנשוי־אונגען פון יאַקאָבסאָנען, נאָר אויך פון פיל פון זיינע חברים, וואָס האָבן פאַרנומען אַן אָרט אויבנאָן אין דער ציוניסטישער באַווע־

גונג אין רוסלאַנד און געוואָרן שפּעטער מנהיגים פון דער וועלט־אָרגאַניזאַציע.

דער ציוניזם פון יאַקאָבסאָנען האָט אין זיך אַנטהאַלטן די גאַנצע אַדעלקייט און שיינקייט פון רוסישן ליבעראַליזם, וואָס איז געווען דעמאָקראַטיש, סאָציאַליסטיש און הומאַניש. דעריבער האָט זיך יאַקאָבסאָן נישט געלאָזט מיטרייסן מיט דער כוואַליע, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, א כוואַליע פון קנאה און שנאה צום אַרבעטער בכלל און צום יידישן אַר־בעטער ציבור אין ארץ־ישראל בפרט.

נאָר ווייניקע האָבן געקענט און געוווּסט ווי צו שעצן זיין אַרבעט. נאָר ווייניקע האָבן געוווּסט און פאַרשטאַנען, ביים לייענען דאָקומענטן און ריידעס, אַז דאָס זענען די רעזולטאַטן פון דער שטילער איבערגעבענער אַרבעט פון יאַקאָבסאָנען, וואָס האָט נישט ליב געהאַט פּרסום און רעקלאַמע. די וואָס האָבן עס געוווּסט האָבן עס געמוזט האַלטן בסוד, כדי נישט צו ברענגען שאָדן זיין אַרבעט און נישט פאַרשליסן פאַר אים די מעגלעכקייט פאַר ווייטערדיקע דערפאָלגן. די ציוניסטישע מאַסן איז ער געווען אומבאַקאַנט. זיין אַרבעט־געביט איז די לעצטע צייט געווען אין פראַנקרייך, זיינע אַרטיקלען און בריוו זענען געשריבן געוואָרן פראַנצויזיש — און פונוואַנען האָבן די ציוניסטישע מאַסן געקענט עפּעס וויסן וועגן אים?

מ׳האָט געזאָגט וועגן יאַקאָבסאָנען, אַז זיין ציוניזם איז געווען אַזוי שטיל און עניוות׳דיק ווי ער. מענטשן פון שלעכטן ווילן און רכילות־טרייבער האָבן דערציילט אַז יאַקאָבסאָן איז א מינימאַליסט אין ציוניזם און אין דעם זין דערלויבט ער זיך פאַרצושטעלן דעם ציוניזם פאַר די דיפּלאָמאַטן. עס איז אַ ליגן. יאַקאָבסאָן איז אַלע זיינע יאָרן טריי געבליבן דעם טרוים פון זיין יוגענט, דעם חלום פון אַ יידישע מדינה, און ער האָט נישט אויפגעהערט אין די לעצטע יאָרן פאָדערן, אַז מ׳זאָל אָנהויבן ריידען וועגען אָט דעם אידעאַל נישט ווי וועגן אַן ענדציל נאָר ווי וועגן אַן אַקטועלן ענין, וואָס לאָזט זיך פאַרווירקלעכן שוין באַלד, אין געוויסע גרענעצן. ער האָט אַ טעות געהאַט, דער טעות האָט געשטאַמט דערפון, וואָס ער האָט געשטרעבט צו דערגרייכן די פּאָליטישע מאַכט כאָטש אויף

א קליינעם שטח. מיר פוילישע יידן וויסן אז ענלעכע געדאַנקן האָבן געהערשט אין פאַרשיידענע צייטן אין די מוחות פון די סאַמע חשוב׳סטע פוילישע פרייהייטס־קעמפער. די געשיכטע לערנט אונדז, אַז פון דעם קליינעם פיעמאָנט איז אויסגעוואַקסן דאָס גרויסע און פאַראייניקטע איטאַליע פון היינט. דער ציוניזם פון יאַקאָבסאָנען איז געוועזן גרויס און דערהויבן, פונקט ווי זיין ליבע און טרייהייט צו אים.

# יצחק ניידיטש

איינער פון די וואָס זענען געבליבן פון די ערשטע אין רוסישן ציוניזם, פון די הויפּט־זיילן פון דער רוסישער ציוניס־טישער אָרגאַניזאַציע אין די יאָרן פון איר בליאונג און וואַקסן. נאָך דעם חורבן פון רוסישן ציוניזם און דעם געוואַלטזאַמען אָפּרייסן פון רוסישן יידישן קיבוץ פונעם וועלט יידנטום איז ניידיטש גע־גאַנגען נישט קיין ארץ־ישראל נאָר קיין פראַנקרייך.

אין דעם דאָזיקן לאַנד איז ער אריין אינעם ציוניסטישן און יידישן לעבן און פאַרנומען דאָרט אַ פּלאַץ אויבנאָן און אזוי אויך אין דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע. אין דער לאַנדאַנער תקופה איז ער געווען איינער פון די וואָס האָבן געהאַט דעם גרעסטן און אנטשיידענדיקסטן איינפלוס, באַזונדערס אין פינאַנ־סיעלע ענינים, צווישן די מקורבים און אָנהענגער פון חיים ווייצמאַן. קיינמאָל האָט ער נישט געהערט צו די אָנפירער פון דער באַ־וועגונג, אָבער דורך זיין איינפלוס אין די ענינים פון דער באַ־וועגונג און דער אָרגאַניזאַציע האָט ער נישט איינמאָל געלייגט זיין חותם אויף דער ציוניסטישער טעטיקייט.

און אָט איז געקומען אַן אומגליקלעך יאָר. זיין פינאַנסיעלער מצב איז דערשיטערט געוואָרן. די חובות האָבן גענומען דריקן אויף אים און צווישן זיי אויך די חובות פון אונדזער באַנק. ער איז ווי עס איז ארויס פון אָט דעם קריזיס, אָבער די וווּנד וואָס ער האָט באַקומען אלס אָנגעזעענער „גביר" אין זיין פאָלק און דער באַוועגונג איז נישט פאַרהיילט געוואָרן ביז זיינע לעצטע טעג. ער איז פאַרשוווּנדן פון די ציוניסטישע טריבונעס. ביז דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען ער האָט נאָך געוווינט אין פאַריז, האָט ער כמעט איבערגעריסן זיין באַטיי־

ליקונג אין דער ציוניסטישער טעטיקייט. ביידיטש האָט מורא געהאַט טאָמער וועט מען אים באַשולדיקן אין אויסנוצן זיין שטעלונג אין ציוניזם פאַר זיין אייגענעם, פּריוואַטן אינטערעס.

ס'איז מיר נישט אויסגעקומען זיך צו באַגעגענען מיט ביידיטשן אין דער תקופה פון זיין ירידה און זיך אויסשמועסן מיט אים, אַזוי צו זאָגן, פון האַרץ צו האַרץ. זינט ער האָט פאַרלאָזט פראַנקרייך נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה און איז אַריבער אין די פאַר־אייניקטע שטאַטן, שוין ווי אַ פראַנצויזישער בירגער, האָב איך אים נישט געזען. אָבער איך בין זיכער אין דעם, וועלכע זענען געווען די סיבות וואָס האָבן אים באַוויגן נישט עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל, נאָר אויסוואַנדערן קיין אַמעריקע. וואָס פאַר אַן אויס־זיכטן האָט ער דען געהאַט אין ארץ־ישראל? ער איז דאָך ביי זיין דעמאָלטיקן מצב נישט אימשטאַנד געווען צו ווערן אַ וויכ־טיקער פאַקטאָר ביים אויפבוי פון לאַנד. ער האָט געקענט שלום מאַכן מיט דער לאַגע פון אַ מענטשן וואָס איז אַוועקגערוקט געוואָרן אין אַ ווינקעל — אומעטום, אָבער נישט אין ארץ־ישראל. ער האָט אַוודאַי געטרוימט קומען אין לאַנד ווי ביידיטש ווי ער איז געווען אין מאָסקווע, ווי ער איז געווען אין פאַריז אין די ערשטע יאָרן, אָבער נישט ווי איינער פון די „פאַרדינטע עסקנים", וואָס מ'דאַרף זיי אָפּגעבן כבוד אין אַ יום־טוב אָדער שמחה, אָבער אין די וואָכעדיקע טעג פאַרגעסט מען אין זייער עקזיסטענץ און מ'געפינט נישט פאַר נויטיק צו לאָזן אויך זיי אַנטייל נעמען אין דער וואָכעדיקער אַרבעט.

און אַזוי האָט ער גענומען אויף זיך דעם גורל פון גלות און וואַנדער. אַוועק קיין אַמעריקע, צוריק געקומען קיין פאַריז און דאָרט איז ער געשטאָרבן. ווייט פון לאַנד פון זיינע שטרעבונגען, ווו עס איז אויפגעקומען די יידישע מדינה, און עס האָבן אָנגעהויבן זיך פאַרווירקלעכן זיינע ציוניסטישע יוגענט אידעאַלן.

דער ציוניזם פון ביידיטשן האָט קיינמאָל נישט גורס געווען קיין עקאָנאָמישן אָדער קולטורעלן אינטערעס פון איינעם פון די קלאַסן און פאַרמאַציעס אינעם יידישן פאָלק. זיין שבת־יום־טוב'־דיקע נשמה האָט געפונען אויסדרוק אין זיין ציוניזם. און ער איז ווייט געווען אין די טיפענישן פון זיין נשמה פון דער וואָכעדיקייט

און פראָזאַאישקייט, וואָס איז פארבונדן מיט רענטאַבילע געשעפטס־אונטערנעמונגען און אַלץ וואָס איז מיט דעם פאַרבונדן. האָט ער דעריבער נישט געקענט קומען אין לאַנד אלס געשעפטס־מאַן, פּרובירן דאָס אויסנוצן קאָניונקטורן, באַדינגונגען און באַציאונגען פאַר געשעפטס־צוועקן. ער האָט זיך נישט געקענט דערלויבן וואָכעדיק צו מאַכן דעם ציוניזם וואָס איז געווען דער אידעאלער תוכן פון זיין לעבן אלע יאָרן זיינע.

*

ער איז געשטאָרבן אין עלטער פון אכציק יאָר אין פּאַריז, איינזאם, ווייט פונעם לאַנד פון זיינע אידעאלן, פון מדינת־ישראל, אין א פרעמדער סביבה, וואָס האָט ווייניק אָדער גאָרנישט געוווסט פון דעם רייכן שטאָלצן און אויך קרבן־גרייטן לעבן פון איינעם פון די זיילן פון רוסישן ציוניזם.

## מיכאל אליי‏ניקאָוו

מיכאל אליי‏ניקאָוו האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער ציוניס־טישער באַוועגונג נאָך אין די יונגע יאָרן. ער האָט באַקומען אַ רוסישע דערציאונג און געווען דורכגעדרונגען מיט דער רוסישער קולטור און איר גייסט אין יענער תקופה, וואָס איז געווען דורכאויס דערוואַרטונג און האָפנונג אויף די טעג וואָס דאַרפן קומען, ווען אלע האָפנונגען וועלן דערפילט ווערן, די וועלט וועט זיין שיין און גוט און וועט באַלויבען אלע בעוול׳טע פאַרן אומ־רעכט און צרות וואָס מ׳האָט זיי אָנגעטאָן, אין דער טרויעריקער פאַרגאַנגענהייט.

כ׳געדענק אונדזער ערשטע באַגעגעניש אויף דער קאָנפערענץ אין העלסינגפאָרס. אויף יענער קאָנפערענץ איז געקומען צו פולן אויסדרוק דער דעמאָלט יונגער ציוניזם פון רוסלאַנד און פוילן. אַלייניקאָוו איז נאָך דעמאָלט נישט געווען פון די הויפט־וואָרט־פירער. אָבער די פעטערבורגער גרופּע, וואָס האָט געפירט די קאָנ־פערענץ, האָט שוין געוווּסט וועגן זיין עקזיסטענץ און האָט זיך שוין געגרייט אויסנוצן זיין כוח און פעאיקייטן.

זינט דעמאָלט האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין דער דערמאָנטער גרופּע און זיך באַטייליקט אין איר ליטעראַרישער און אָרגאַני־זאַציאָנעלער ארבעט, אין איר קאַמף פאַר אינטעגראַלן ציוניזם, וואָס פאַראייניקט פּאָליטישע ארבעט אין גלות, ביי גלייכצייטיק אידייאישער און פּראַקטישער ארבעט פאַרן ציוניזם און אויפבוי פון ארץ־ישראל.

פון נאַטור אויס איז אַלייניקאָוו געווען א ראַציאָנאַליסט. ער האָט ליב געהאַט קאַלט און זאַכלעך צו אַנאַליזירן יעדן ענין. אין אונדזערע וויכוחים איבער דער טעאָרעטישער אָדער פּראַקטישער

זייט פון די באַזונדערע פּראָבלעמען, האָט ער זיך נישט געלאָזט מיט־רייסן און באהערשן פון געפיל און פאַנטאַזיע. ער איז געווען אַ מענטש פון דער פּראַקטישער טאַט, זיין ארבעט־פעלד איז געווען די גרויסע און ברייטע וועלט פון האַנדל און אינדוסטריי אין צאַ־רישן רוסלאַנד. אָט די ארבעט זייגע האָט אים אריינגעפירט אין די קאָמערציעלע שפּיצן־פּאָזיציעס אין לאַנד, וועלכע זענען אין גע־וויסע טיילן זייערע געווען אידענטיש מיט דער אויבערשטער פּאָליטישער אָנפירונג. נישט קוקענדיק אויף דעם, האָט ער זיך סאָלידאַריזירט מיטן יונגען ציוניסטישן געדאַנק און נישט פאַרלאָזט די גרופּע פון אידעלסאָן, וואָס האָט געהאַט אויף אים אַ גרויסע גייסטיקע השפעה. זיין באַטייליקן זיך אין דער לייטונג פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און באוועגונג איז געווען באַזונדערס אָנזעעוודיק אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און נאָך זיי.

די מאַרס־רעוואָלוציע אין יאָר 1917 האָט געהאַט אַ פולשטענ־דיקן נצחון און ס'האָט זיך געדאַכט אז עס איז געקומען ענדלעך דער טאָג פון דערפילונג פון אלע האָפנונגען און שטרעבונגען פון דורות רוסישע בירגער פון אלע פעלקער און שפּראַכן, וואָס האָבן געווידמעט זייער מי און כוח, און זייער לעבן מקריב געווען פאַר דעם דאָזיקן נצחון.

כ'געדענק אַליינקאָוון אין יענער צייט אין פּעטערבורג. אינעם פּאָליטישן קאָמיטעט ביי די יידישע דעפּוטאַטן אין דער פירטער דומע (פּאַרלאַמענט), אינעם צענטראַל־קאָמיטעט פון די רוסישע ציוניסטן, אויף דעם ציוניסטישן צוזאַמענפאָר אין פּעטראָגראַד, אויף די זיצונגען און פאַרזאַמלונגען, אין וויכוחים און אָרגאַ־ניזאַציאָנעלער ארבעט. דער קאַלטער ראַציאָנאַליסט איז אריין אין התלהבות, און גערעדט ווי אַ באַגייסטערטער דיכטער.

נאָכן אומוואַרפן דעם צאַריסטישן רעזשים, זענען מיר געווען זיכער, אַז דאָס לעבן אין רוסלאַנד, און אויף דער גאַנצער וועלט, וועט פון איצט אָן זיך אַנטוויקלען אויף דער ליניע פון יושר און גערעכטיקייט, און אויך די יידן וועלן זיך דערשלאָגן צו דער דער־פילונג פון זייערע שטרעבונגען, וואָס זיי האָבן קוים געוואַגט צו חלומען וועגן זייער פאַרווירקלעכונג. ווייל עס האָבן אין יענע טעג

אנגעהויבן אָנקומען בשורות פון לאָנדאָן און פּאַריז וועגן א גרויסע געשעעניש, וואָס וועבט זיך ביי די רעגירונגען פון די גרויס־מאַכטן, וועלכע גרייטן זיך צו א נייעם פּאָליטישן איבערבוי פון דער וועלט, און געבן אויך אַ פריי ווינקעל פאר דער יידישער נאַציאָן, וואָס פּייניקט זיך אין גלות און גייט אויס אין בענקשאַפט נאָך דערלייזונג און גאולה.

עס זענען געווען דעמאָלט זוניקע און פריידיקע פרילינגס־טעג אָן גלייכן. פאַר מיינע אויגן שטייט ווי לעבעדיק אַלייניקאָוו, וואָס רעדט מיט באַגייסטערונג פאַר פאָלקס־מאַסן וועגן דער וויזיע פון אויפלעבונג און גאולה, וואָס האָלט אין פארווירקלעכט ווערן, און ער רופט דאָס פאָלק צו גרייטקייט, צו זאַמלען די כוחות צו קענען מאַכן די געהעריקע אָנשטרענגונגען צו דערגרייכן צו דער געגאַרטער גאולה. די פרילינגס טעג האָבן נישט לאַנג געדויערט. שוואַרצע וואָלקענס האָבן זיך אָנגעהויבן זאַמלען אויף די לויטערע הימלען פון רוסלאַנד וואָס האָט זיך באַפרייט פונעם צאַריסטישן יאָך. די רעוואָלוציע האָט זיך פאַרטיפט, די כוואַליעס אירע האָבן מיט אָן אומהיימלעכן כוח גענומען פאַרפלייצן דאָס גאַנצע לאַנד, צערשטערנדיק אַלץ וואָס זיי האָבן געפונען אויף זייער וועג.

די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע האָט געזיגט. עס האָבן זיך אָנגעהויבן די טעג פון דער דיקטאַטור, חורבן און הונגער. אונ־דזערע וועגן האָבן זיך צעשיידט: איך בין געגאַנגען קיין פוילן און אַלייניקאָוו איז געבליבן אין פעטראָגראַד, אינעם געווירבל פון רעוואָלוציע און בירגער־קריג. שפּעטער האָט ער צוזאַמען מיט זיינע חברים אינעם ציוניסטישן צענטראַל־קאָמיטעט פאַרלאָזט רוסלאַנד און אוועק קיין פראַנקרייך. ער איז נישט געבליבן, ווי אַנדערע אין פראַנקרייך, נאָר ער האָט עולה געווען קיין ארץ־ישראל און זיך באַזעצט אין חיפה. עס האָט מיר אויסגעזען וואונדערלעך, וואָס אַלייניקאָוו האָט אַזוי שנעל און לייכט איבער־געריסן זיינע פאַרבינדונגען מיט דער רוסישער עמיגראַציע און האָט זיך באַזעצט אינעם דעמאָלטיקן חיפה, ווו דער הדר־הכרמל האָט זיך נאָר וואָס אָנגעהויבן אַנטוויקלען.

אַלייניקאָוו האָט געפונען אַ פּלאַץ פאַר זיך אין דער יידישער געזעלשאַפט אין חיפה, האָט זיך באַטייליקט אין דער אויפבוי־

ארבעט, און נישט מיטגעריסן געוואָרן מיטן שטראָם פון סטערילער אָפּאָזיציע פון דער רוסישער ציוניסטישער עמיגראַציע, וואָס די רעוויזיאָניסטישע באַוועגונג איז איר כאַראַקטעריסטישער אויסדרוק.

די אָפּגעריסענקייט פון דער ווירקלעכקייט, די גייסטיקע און מאַטעריעלע באַדעגלאָזיקייט, די פאַרביטערונג צוליב דעם שווערן גורל פון דאָפּעלטן גלות, האָבן געשאַפן צווישן דער רוסישער ציוניסטישער עמיגראַציע וואָס האָט ארומגעבלאָנקעט אין אייראָפּע און מעבר לים — אָפּאָזיציאָנעלע, אומצופרידענע, רעוויזיאָניסטישע שטימונגען.

אַלייניקאָוו איז ווייט געוועזן פון אָט די געפילן און שטימונגען, ער האָט זיך נישט נאָכגעשלעפּט נאָך די עמיגראַנטישע אינטרי־גאַנטן, ער איז אריין אין דער אַרבעט פון אויפבוי און שאַפן, און ווידער, ווי זיינערצייט אין פעטראָגראַד, האָט ער פאַר זיך דערוואָרבן די ליבשאַפט און אכטונג מצד די מענטשן אין הדר־הכרמל, געוואָרן איינער פון די הויפּט־עסקנים און מנהיגים פון דער יידישער געזעלשאַפט אין חיפה, און אויסגעוויילט געוואָרן אַלס ראש פון וועד אין הדר־הכרמל.

אין זיין לעבן אין לאַנד איז ער טריי געבליבן דעם קאָנ־סטרוקטיוון און פאַרשריטלעכן ציוניזם, אָנבינדענדיק אין דער רומרייכער טראַדיציע, פון ליבע, איבערגעבענקייט און גלויבן, פון רוסישן ציוניזם, וואָס ער האָט זוכה געווען צו זיין אייגער פון זיינע פירער אין טעג פון גלאַנץ און דערהויבענקייט, און אין טעג פון טראַגישן נסיון און נידערגאַנג. עס איז אים אָבער נישט באַשערט געווען פאַרצווזעצן לאַנג זיין געבענטשטע ארבעט, דער טויט האָט אים אַוועקגעריסן פון דער ארבעט, ווען ער איז נאָך געווען פול כוח און ענערגיע און שטאַרקן ווילן צו ארבעט און שאַפן.

# לייב יאפע

א.

אין אונדזער ציוניסטישער וועלט איז לייב יאַפע אריין אלס דיכטער אין דער רוסישער שפּראַך, ווי איינער פון יענער גרופּע יונגע ציוניסטן, וואָס האָבן געפונען אין הערצלס וויזיע אן ענטפער אויף זייער בענקשאַפט צו נאַציאָנאַלן אויפקום, גבורה און שיינקייט. אָבער נישט בלויז אין לידער האָט יאַפע אויסגעדריקט זיין בענקשאַפט, שטרעבונגען און טרוימען, נאָר אויך אין ציוניסטישער ארבעט, אָרגאַניזאַציע און אויפקלערונג, אין פארשפּרייטן דעם ציוניסטישן געדאַנק, אין געווינען די הערצער פאַרן ציוניזם, פארשטאַרקונג פון ציוניסטישער התלהבות.

מ׳קען זאָגן אויף אים: אַנשטאָט צו זינגען וועגן דער דער־הויבענקייט פון ציוניזם האָט ער געטון פאַר אים ממשותדיקע ארבעט, געווידמעט זיין גייסט און זיין גאנצן כוח איינצושאפן די מיטלען פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון ציוניזם. אָט אין דער פּראָזאאישער ארבעט פון געלט־זאַמלען, פון באשטייערן יחידים און גרופּן לטובת דעם קרן־היסוד, האָט יאַפע אריינגעטון אַ פלאַמיקע דיכטער נשמה.

אין זיינע ריידעס וועגן קרן־היסוד האָט ער אויסגעזונגען דאָס געזאַנג פון לאַנד, וואָס וועקט זיך צו אַ נייעם לעבן, דאָס ליד פון נייעם יידן וואָס האָט אָפּגעטרייסעלט פון זיך דעם שטויב פון גלות און איז געגאַנגען איינעמען פאַר זיך אַ היימלאַנד און פרייהייט, אַ לעבן פון שאַפן און זעלבסטשטענדיקייט. ער האָט נישט ארגומענטירט און זיך אויסגעטענה׳ט, ער האָט געזונגען זיין ליד מיט ליבע און התלהבות און דאָס האָט אָנגעשטעקט די צור־הערער. כ׳וועל נישט פאַרגעסן די גרויסע השפעה — פון זיינע לידער־ריידעס אין פוילן, בעת זיין ערשטער פּראָפּאַגאַנדע־טור

לטובת דעם קרן־היסוד. ער האָט באַוויזן אויסצושטראַלן זיין התלהבות אויף אַסך מענטשן, וואָס זענען כלל נישט געווען מסוגל זיך צו באַגייסטערן, אָנצוצינדן אין זייערע הערצער גלויבן און קרבן־גרייטקייט, אויפלאַטערן זיי און אויפעפענען נישט בלויז די הערצער נאָר אויך אַ פרייגיביקע האַנט פאַרן אויפבוי פון יידישן היימלאַנד.

זיין אַרבעט האָט ער געטאָן מיט האַרץ־פלאַטערניש און דער־הויבענקייט, עס איז נישט געווען אַ ספּעציעל־צוגעטראַכט פּראָ־פּאַגאַנדע־סיסטעם, נאָר אַן אייגנשאַפט אַן אײדעלע אַזאַ, וואָס האָט געוואָרצעלט טיף אין זיין נשמה. דאָס האָט געפאַנגען די הערצער, געצוואונגען אויך אַנדערע זיך איבערצוגעבן דער אַרבעט, נישט ווויסענדיק אַליין ווי עס איז געקומען דערצו.

אין דער אַרבעט פון לייב יאַפע, אַפילו אין דער איינפאַכער פּאָרמעלער אַרבעט, איז נישט געווען קיין סימן פון וואָכעדיקייט, פון פּראָזאַאישער טרוקענקייט. אין יעדן פּרט, קליינע ווי גרויסע זאַכן, האָט ער אַריינגעלייגט דעם פלאַם פון זיין נשמה, דעם ציטער פון זיין האַרץ, פון זיין דיכטערישן געמיט.

יאַפע האָט פאַרוואַנדעלט זיין אַרבעט אַלס שליח פון קרן־היסוד אין אַ הייליקן דינסט, איבעם רעליגיעזן זין פון אָט דעם וואָרט, פאַרן קרן־היסוד, דער אינסטרומענט וואָס בויט אַ היים־לאַנד פאַרן יידישן פאָלק.

ער פלעג ליב האָבן פאַרגלייכן די נייע שליחים פון ארץ־ישראל מיט יענע אַלטע משולחים, וואָס פלעגן קומען אין די שטעט פון ליטע און פוילן און געבראַכט די זכרונות פון לאַנד, די הייליקייט זיינע און דערוועקט צער און גלויבן אין די הערצער. און עס האָט פּאַסירט אַז די פאַנטאַזיע האָט זיך צעפלאַמט ביים הערן זיינע ווערטער, און דאָס הייליקע לאַנד איז דערשינען פאַר די צוהערער פון די דערציילונגען פון משולח אין דער גאַנצער פּראַכט פון איר פאַרגאַנגענהייט און דעם מאַיעסטעט פון איר ליידן און פאַרוויסטקייט. אין דער אמתן איז ער געווען זער ענלעך צו יענע משולחים, אָבער ער האָט אויך געבראַכט, געשילדערט פאַר זיינע צוהערער אין די גלות־לענדער, די פּראַכט פון אויפבוי, דעם מאַיעסטעט פון ליידן און קרבן, און די צוהערער האָבן געזען מיט

זייערע גייסטיקע אויגן, ווי דאָס לאַנד טרייסעלט אָפּ פון זיך דעם שטויב פון זיינע חורבות, פּלעגן דערפילן אין זייער הערצער די דערהויבענקייט פון דעם ווערק וואָס ווערט געשאַפן דורך די חלוצים פון פאָלק, און זיי זענען פול געוואָרן מיט שטאַרקן ווילן און גרייטקייט אָנטייל צו נעמען אין דער דערהויבענע וויזיע פון אויפלעבונג און אויפקום, וואָס ווערט פאַרווירקלעכט פאַר זייערע אויגן. ער האָט געהאַט, יאָפּע, אַ באַזונדערע באַגאַבונג צו דער־גענטערן צום ציוניזם מענטשן פון דער ליטעראַטור און וויסנ־שאַפט פון פאַרשידענע פעלקער. ווען עס איז אים געלונגען מקרב צו זיין רוסישע דיכטער און שרייבער, איז עס אפשר נישט געווען קיין וואונדער. דער רוסישער אינטעליגענט, דער ליבעראַלער און ראַדיקאַלער שרייבער, אָדער דיכטער זענען געווען ברייטהאַרציק, פילבאר פאר אומגערעכטיקייט, מסוגל מיטצופילן ליידן פון אונ־טערדריקטע און אומגליקלעכע פעלקער, די יידישע טראַגעדיע האָט גערעדט צו זייערע הערצער און עס איז פאר יאָפּען נישט שווער געווען זיי ארייננצופירן אין דער וועלט פון יידישן צער און וויטאָק.

אָבער ווען כ׳האָב געזען ווי ער איז אריינגעדרונגען אין די קרייזן פון פּוילישע שרייבער און וויסנשאַפטלער אין קראָקע — בין איך ממש בשתומם געוואָרן. דער מענטש איז דאָך געווען אַ „ליטוואַק״, ס׳הייסט א ייד, אויף וועלכן עס האָט געלאַסטעט דער חטא פון רוסיפיקאַציע פון די ליטווישע און ווייס־רוסישע געגענטן, וואָס זענען הונדערטער יאָר געווען אונטער פּוילישער הערשאַפט. און דאָך האָט ער באַוויזן צו געווינען די הערצער פון די פּוילישע גייסט־מענטשן, וואָס זענען געווען פאַרשלאָסן פאַר אונדז, פּוילישע יידן, און אויפגעוועקט אין זיי פאַרשטענדניש און סימפּאַטיע פאַר דער יידישער גאולה און אויפקום־באַוועגונג.

ב.

מיר האָבן געוווסט אז עס וועט אויך קומען די ריי פאַר אונדזער אויבערע אָנשטאַלטן. נאָך די אויפרייסן אין ירושלים אויף די גאַסן פון „הסולל״ און בן־יהודה וועט מען נישט אויסמיידן די בנינים פון דער סוכנות און וועד הלאומי, פריער אָדער שפּעטער.

די געהיימע האַנט, וואָס אָרגאַניזירט און פירט אויס די אַלע גרויל־טאַטן קעגן אונדז, וועט אַוודאי געפינען א מעגלעכקייט דורכ־צופירן אירע רשעות׳דיקע טאַטן.

מ׳קען נישט משער זיין און פאָראויסזען אַלע טייוולאָנישע אויפטוען, וואָס אַן אָרגאַניזאַציע וואָס פאַרנעמט זיך מיט דורכ־פירן גרויל־טאַטן איז אימשטאַנד צו דערפינדן. די געשיכטע פון אַטענטאַטן אין אַלע צייטן און ערטער ווו זיי זענען פאָרגעקומען און אויך ביי אונדז אין לאַנד, אין דער לעצטער צייט, האָבן באַוויזן, אַז מען קען זיך נישט אינגאַנצן פאַרלאָזן אויף דער סאַמע שטרענגסטער וואַך.

דאָס מאָל האָבן זיך די אַטענטאַטער באַנוצט מיט אַן אמע־ריקאַנער פאָן, מיט אַן אויטאָ פון אַמעריקאַנער קאָנסולאַט און איר שאָפער. דאָס אויטאָ איז באַקאַנט דער פאָליציי און אויך דעם שאָפער קען מען זער גוט.

נישט איינמאָל פלעג ער אריינקומען אינעם הויף פון די נאַציאָנאַלע אַנשטאַלטן און איז ארויס פון דאָרט און סהאָט גאָר־נישט פאַסירט. ביז אָט דאָס אויטאָ האָט אויפגעריסן און דער בנין איז צעשטערט געוואָרן און עס זענען געהרגעט געוואָרן ניין מענטשן און צענדליקער זענען פאַרוואונדעט געוואָרן. אַ טייל פונעם בנין — די ביוראָס פון קרן־היסוד — איז צעשטערט געוואָרן אין די איבריקע טיילן זענען געשעדיקט געוואָרן. צווישן די הרוגים האָט מען געפונען לייב יאָפע.

אין דער פרי האָב איך אים געזוכט, געפרעגט אויף אים, און מ׳האָט גאָר נישט געוווסט צו דערציילן וועגן אים. שפעטער האָט זיך ארויסגעוויזן אַז יאָפע איז צווישן די דערהרגעטע, ער איז געפאַלן אויף זיין פאָסטן אין זיין צימער אינעם קרן־היסוד.

אַלע יאָרן איז ער געשטאַנען אויף זיין פאָסטן, פון דער יוגענט אָן ביז די עלטערע יאָרן. ער האָט נאָך געשפרודעלט מיט פרישע כוחות. געווען ווי א קוואַל וואָס באַנייט אַלעמאָל זיין שטראָם. מיט דער זעלבער איבערגעבענקייט, אינעם זעלבן טעמפּאָ האָט ער פאָרגעזעצט זיין ארבעט אויך דעמאָלט ווען זיינע כוחות זענען שוין געווען אָפּגעשוואַכט, און דאָס געזונט קאַליע געוואָרן.

אלע יאָרן האָט ער געפלאַקערט אין זיין ארבעט פאַר ציון און דער פרייהייט פון פאָלק. און אָט איז ער געפאַלן ווי אַ סאָלדאַט אויף זיין פּאָסטן. פונקט ווי אונדזערע בחורים אויף זייער פאַר־טיידיקונג און וואַך־פּאָסטענס. זיין וואפן איז געווען אַן אַנדערער, אָבער פונקט ווי זיי איז ער אויך געשטאַנען אויפן פראָנט און געפאַלן.

# אלעקסאנדער גאלדשטיין

די רעדאַקציע פון „ראַסוויעט“ — דער צענטראַל־אָרגאַן פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין רוסלאַנד — איז נישט געווען ענלעך צו קיין שום אנדערע רעדאַקציע פון די ציוניסטישע וואָכנ־בלעטער אין יענער תקופה.

בראש פון דער רעדאַקציע איז געשטאַנען אברהם אידעלסאָן, אַ מאַן פון טיפן און אלזייטיקן וויסן אין סאָציאָלאָגיע, אַ טעאָרעטיקער פון אַ גרויסן פאָרנעם, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין שארפן און אַנאַליטישן שכל, מיט זיין שאַרפזיניקער קריטיק פון געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען און די טעטיקייטן פון יידישע פּאַרטייען און צווישן זיי אויך פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. ער איז געווען דער לערער פון דור אין ציוניזם און האָט ארויסגעגעבן אסך תלמידים וואָס האָבן געווירקט אויפן גאַנצן שטח פונעם גרויסן יידישן צענטער אין רוסלאַנד פאַר דער קאָמוניסטישער רעוואָלוציע. זיבע נאָענטסטע שילער זענען געוואָרן מיטגלידער פון רעדאַקציע אין „ראַסוויעט“. זיי האָבן זיך קאָנצענטרירט ארום זייער לערער און מייסטער, וועלכער האָט זיך באַצויגן צו זיי ווי צו גלייכווערטיקע חברים.

ווען כ׳האָב מיך באַגעגענט צום ערשטן מאָל מיט די מיטגלידער פון אָט דער רעדאַקציע האָב איך געזען פאַר זיך אַ גרופּע יונגע מענטשן, דער גרעסטער טייל פון זיי נאָך סטודענטן אין די הויכשולן, ברויזענדיק, קאַמפּס־לוסטיק, וויזיאָנערן וואָס גלויבן באַמונה שלמה אין זייער וויזיע — דער ציוניסטישער אידעאַל.

אין דער ציוניסטישער סביבה האָט מען זיי גערופן די „כאַליאַסטרע“. כ׳ווייס נישט ווער ס׳האָט דערפונדן דעם דאָזיקן נאָמען: ער האָט גוט געפּאַסט פאַר דער דאָזיקער חברה. ס׳איז

געווען באמת א גרופּע פון פריידפולע און טיכטיקע מענטשן, שנעל־אויפאַסענדיקע, לייכט־צונגיקע וואָס האָבן זיך בצויגן מיט גרינגשעצונג צו אלץ און אלעמען, אפילו לגבי אָנגענומענע היי־ליקייטן, קיינעם האָבן זיי נישט געשוינט און קיינער האָט זיי נישט געשוינט.

באַזונדערס זענען זיי ווייט געווען פון גייסטיקער שווער־באַוועגלעכקייט און לאַנגווייליקן ערנסט, וואָס פּאַרדעקט זער אָפט די פּוסטקייט אין הארצן און נישט בכיוונדיקע אָפּנאַרעריי. אי־דעלסאָן, דער לערער און מייסטער פון דער דאָזיקער גרופּע, פלעג ליב האָבן אַראָפּצורייסן די מאַסקע פון שווערן אָנגעבלאָזענעם ערנסט, און ווייזן די זאַכן מוטער־נאַקעט, ווי זיי זענען אויס אין דער ווירקלעכקייט: זיי האָבן פיל געלערנט פון אים, זיי האָבן אָבער צו זיין מייסטערשאַפט נישט דערגרייכט.

און פאַר אָט דער כאַליאַסטרע איז דער ציוניזם, זיין לערע און שטרעבונגען, געווען א הייליקטום וועלכע מ׳טאָר נישט גרינג־שעצן, נישט פוגע בכבוד זיין. מ׳דאַרף אים פּאַרטיידיקן קעגן יעדן פיינט, יעדער באַשולדיקונג, יעדע בייזוויליקע קריטיק.

אמת, כלפי פנים, אינעם אייגענעם לאַגער דאַרף מען אָן רחמנות קריטיקירן די קליינקעפּעלדיקייט, בטלנות, אילוזיעס און נישט געשטויגענע מנחם־מענדעלדיקע פאַנטאַזיעס, וואָס געוועל־טיקן אין אים, מ׳דאַרף אָבער גלייכצייטיק שטייען אויף דער וואַך און צוריקשטויסן יעדן אָנגריף אויפן אמת פון ציוניזם, אויף זיין שטרעבונג און ציל, אויף זיין קאַמף און ארבעטס־מעטאָדן, אויף די אויסזיכטן פון זיין רעאליזאַציע. און מ׳דאַרף זיך נישט באַגניגן בלויז מיט דער פּאָזיציע פון פּאַרטיידיקן זיך, נאָר מ׳דאַרף אריבער אין אקעגן־אָנגריף און אַנטבלויזן דעם גאַנצן שקר פון דער קעג־נערישער אָנשויאונג, צעשטערן אָן רחמנות זיינע טעאָריעס און אידייאישע קאָנסטרוקציעס.

אַלעקסאַנדער גאָלדשטיין איז געווען איינער פון דער דאָזיקער גרופּע, צווישן איר איז ער דערצויגן געוואָרן און געוואַקסן, געלעבט און געווירקט. ער איז געווען דער „באָהעמיע" צווישן איר, דער ענטוזיאַסט, ער איז נישט געווען אזוי סארקאַסטיש־שטעכענדיק ווי זיין מייסטער, נישט אזא איראָניקער און אָפּשפּעטער. פּאַרקערט,

ער איז געווען מער פּאָזיטיוויסט, געגלויבט מער אין זיך ענטו־זיאַזמירט מיט יעדער טאַט, מיט יעדן אמתן דערפאָלג, און אויך אילוזאָרישן. ער איז געווען אַ באַשיידענער מענטש, א שמח בחלקו, באַגניגט זיך מיט וועניק און ס׳רוב אין א פריילעכן געמיט. ער איז געווען קאַמפּס־לוסטיק קעגן קעגנער פון ציוניזם, אָבער פּיינט געהאַט צאַנקערייען און געקריגערײַ אינעם ציוניסטישן לאַגער גופא. געזוכט אין אים שטענדיק דאָס וואָס פאַראייניקט, שליסט צוזאַמען די רייען און דערנענטערט די הערצער. אין די אינווע־ניקסטע וויכוחים פלעג ער זיך באַשעפטיקן מיטן אָפּברעכן די שפּיצן, מיט דערנענטערן די עקסטרעמע קעגנער. און ווען עס איז אים געלונגען איז ער געווען מלא שמחה, צופרידן פונעם דערגרייכטן דערפאָלג. געווען אַ טאַלאַנטירטער טריבון פון ציוניזם אין די טעג פון עליה ווי אין די טעג פון נסיון און קריזיס.

און אַט איז חרוב געוואָרן דער ציוניזם אין רוסלאַנד, און דאָס רוסישע יידנטום איז אוועקגעשטויסן געוואָרן פון זיין ראָל אַלס א צענטער אין די גלות לענדער און פאַרשווונדן פון דער ארענע פונעם וועלט־יידנטום פון דער טריבונע פון די ציוניס־טישע קאָנגרעסן. די ציוניסטישע אָנפירונג זייבע איז אוועק אין גלות אריין און גענומען זוכן פאר זיך א תיקון אין די פאַרשיידענע אייראָפּעאישע לענדער ביי פאַרשיידענע ארבעט. א גרויסער טייל איז נאָכגעגאַנגען זשאַבאָטינסקין, וואָס האָט אויך א געוויסע צייט אָנגעהערט צו דער כאַלאַסטרע פונעם „ראַסוויעט", האָט אָבער זיך צעבונטעוועט און ווידערשפּעניקט קעגן זיין מייסטער נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה און בעת דער מלחמה. נאָך אַ קורצער צייט פון מיטאַרבעט אין דער העכסטער לייטונג פון דער „אַלטער" ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע — האָט ער געגרינדעט אַ „נייע" ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. גאָלדשטיין וואָס איז געשטאַנען נאָענט צו זשאַבאָטינסקין איז אים נישט נאָכגעגאַנגען. ער האָט נישט געהאַט אין זיך די פאַרביטערטקייט פון א פארטריבענעם, פון איינעם וואָס איז ארויסגעריסן געוואָרן פון זיין סביבה, פון אַן אנטוישטן בונטאַר. ער האָט געוויילט דעם וועג פון א ציוניס־טישן שליח און האָט אָנגעהויבן זיין ארומרייזן אין דער גאָרער יידישער וועלט אלס פאָרשטייער פון קרן־היסוד, ווי דער פאָנען־

טרעגער פון אינטעגראַלן ציוניזם, וואָס איז שותפותדיק פאַר אַלע גרופּן און פּאַרטייען אין אים. אַט דעם ציוניזם האָט ער געבראַכט ווי אַ בשורה אין אַלע גלות־לענדער און גערופן צו זעלישע און פינאַנסיעלע אָנשטרענגונגען. ער האָט פאַרלאָזט דעם טומל און געפילדער פונעם ציוניסטישן אָרגאַניזאַציאָנעלן און פּאָליטישן לעבן, מיט אַלע זיינע מאַטערנישן און אינעווייניקסטע ראַנגלענישן. ער איז געבליבן טריי דעם ציוניזם פאַר וועלכן ער האָט געקעמפט אין דעם פרילינג פון זיין לעבן און האָט פאַרגעזעצט זיין וועג אויפן הויפּט־שליאַך, וואָס איז בשותפותדיק פאַר אַלע ציוניסטן. ער האָט געוועקט, אָרגאַניזירט, גערופן צו קרבנות־גרייטקייט און פריי־גיביקייט. דאָס איז געווען דער ציוניזם וואָס האָט געזאָרגט פאַר די מיטלען אויפצובויען דאָס לאַנד, שאַפן באַדינגונגען פאַרן אויפ־בוי און וואַקסן פון ישוב, צו קאָנצענטרירן יידישע כוחות, מאַטע־ריעלע און גייסטיקע אין לאַנד, — דאָס איז דער אמתער אַלגע־מיינער ציוניזם וואָס שליסט די רייען און פאַראייניקט, אַן אים וואָלט יעדע פּאַרטיי זיך געגאַנגען איר וועג און געמאַכט שבת פאַר זיך.

ווען עס האָבן זיך דערנענטערט די וואַלן צו דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג (די ערשטע כנסת) אין מדינת ישראל, האָב איך פאַרגעשלאָגן גאָלדשטיינען ער זאָל געבן זיין נאָמען אויף מיין ליסטע. כ'האָב געוואָלט דורך זיין נאָמען סימבאָליזירן די צוגעבונדנקייט צום רוסישן ציוניזם אויף וועלכן מיר זענען דערצויגן געוואָרן, צו העלסינגפאָרס. ער האָט גלייך מסכים געווען און נישט געשטעלט קיין שום באַדינגונגען. ער האָט געזען אין פּראָגראַם וואָס מיר האָבן פאָרמולירט יענע פרינציפּן פאַר וועלכע מיר האָבן זינט די טעג פון העלסינגפאָרס געקעמפט אין די גלות־לענדער און האָט פאַרשטאַנען אז עס איז געקומען דער מאָמענט צו פּרווון זיי פאַרווירקלעכן אין אונדזער אייגענער מדינה. ווען מיר האָבן נישט מצליח געווען און געליטן אַ מפּלה, איז ער נישט געווען פאַר־ביטערט און האָט זיך נישט באַקלאָגט, געשוויגן און נישט אויס־געדריקט קיין אַנטוישונג.

כ'האָב נישט געוווּסט ווי ווייט שווער עס איז זיין קראַנקהייט

און כ׳בין געווען זער דערשלאָגן ווען כ׳האָב באַקומען, בעת מיין רייזע אין ארגענטינע, די ביטערע בשורה, וועגן זיין טויט.

אַוועק איינער פון די פאָנען־טרעגער פון רוסישן ציוניזם. דער ציוניזם וואָס איז אונדז אלעמען טייער, דער איבערפּאַרטייאישער אַלגעמיינער ציוניזם, האָט פאַרלוירן איינעם פון זיינע טרייע דינער און רעאַליזאַטאָרן.

# יוסף קוויאטעק

אויפן הויז אין וועלכן עס איז געבוירן געוואָרן יוסף קוויאַטעק איז געווען אַ טאָפל מיט אַן אויפשריפט אין דער פּוילישער שפּראַך, וואָס האָט געהאַט פאָלגענדיקן אינהאַלט:

„דער פירער פון די ארבעטער־מאַסן, חברים פון פ.פ.ס., העלד פון די רעוואָלוציע יארן 1905־7, ארעסטאַנט, פארשיקטער, דענקער, א שרייבער־קעמפער פאַר דער זעלבסטשטענדיקייט פון א סאָציאַליסטישן פוילן. זיינע קינדער־יאָרן האָט ער פאַרבראַכט אין אָט דעם הויז אין זיין געבורטס־שטאָט פלאָצק. אינעם דריי און צוואַנציקסטן יאָר נאָך זיין טויט האָט ארייננעשטעלט די דאָזיקע טאָפל דער ראיאָן־קאָמיטעט פון פ.פ.ס. אין פלאָצק דעם 26 אפריל אין יאָר 1935”.

וועגן דער דאָזיקער אָנדענק־טאָפל האָט מודיע געווען דער נויאָרקער „פאָרווערטס” דעם עלפטן אויגוסט 1944, און פון דאָרט האָט עס איבערגעשריבן דער רעדאַקטאָר פון בוך איבער פלאָצק, וואָס איז ארויסגעגעבן געוואָרן אין ארגענטינע דורך די פלאָצקער לאַנדסלייט אין יאָר 1945.

ווען כ׳האָב באַזוכט די דאָזיקע שטאָט אין יאָר 1949, האָט מיר דער דאָרטיקער ראש הקהלה, הער בליי, געגעבן דאָס בוך אַלס אַ מתנה, ער האָט מיר אבער נישט געקענט ווייזן דאָס הויז און די דערמאָנטע טאָפל אויף אים.

דאָס הויז איז צעשטערט געוואָרן אין די יאָרן פון יידישן אומקום צוזאַמען מיט די גאסן ארום דער גרויסער שול און דעם אלטן בית־המדרש.

אין מיין זכרון האָט זיך איינגעקריצט יוסף קוויאטעק ווי־

איינער וואָס האָט געהאַט תשובה־געדאַנקען אונטערן איינפלוס פונעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס.

כ׳בין געווען א גימנאַזיע־שילער און בין אריבער אין דער לעצטער קלאַס. ער איז צוריקגעקומען פון פארשיקונג אין איינער פון די אזוי גערופענע „ארעסטאנטן־ראָטעס״ (מיליטער־אָפּטיילונגען), וואָס האָבן עקזיסטירט אינעם רוסישן מיליטער פאַר יענע מיליטער־דינסט־פּליכטיקע וואָס זענען פאַראורטיילט געוואָרן אָפּצוקומען א נישט שווערע שטראָף.

ער איז פאַרהאַלטן געוואָרן נאָך דער גרויסער רעוואָלוציאָנערער דעמאָנסטראַציע וואָס איז פאָרגעקומען אין דער װאַרשעווער אוניווערזיטעט אין יאר 1891. ווי איינער פון די אָנפירער פון דער דעמאָנסטראַציע איז ער פארמשפט געוואָרן צו באַזייטיקן אים פון דער אוניווערזיטעט און צו דינען אין די „אַרעסטאַנטן־ראָטעס״ אין רוסישן מיליטער. ער האָט דאָרטן פארבראַכט די דינסט־יאָרן וואָס זענען געווען באַשטימט פאר יעדן זעלנער — פינף יאָר — און צוריקגעקומען אהיים אַ צובראָכענער און א פאַרביטערטער.

כ׳האָב מיך באַגעגענט מיט אים בעת די שפּאַציר שעהן אין די אלייען ביי דער אלטער קאַטוילישער קאַטעדראַלע אין שטאָט. אונטן, נידריקער פון שפּאַציר־פּלאַץ, האָט געפּלאָסן די ווייסל און ס׳האָבן זיך געזען דיכטע וועלדער וואָס האָבן זיך געצויגן קילאָמעטערס־ווייט אויף דעם צווייטן ברעג פון טייך, קעגנאיבער דער שטאָט. דער שפּאציר־פּלאַץ איז געווען אַ באַליבט אָרט פאַר דער פּלאַצקער יוגענט פוןביידע געשלעכטער און אַ טרעף־פּונקט אין די זומערדיקע אָוונטן.

פון די ווערטער פון קוויאטעקן איז מיר פאַרבליבן אין זכרון נאָר זיינע דערציילונגען וועגן די פּאָגראָמען אויף יידן אין לאָדזש, וואָס זענען פאָרגעקומען אין יאָר 1892. ער האָט מיך געוואָרנט, אז איך זאָל נישט גלויבן די שילדערונגען פון די פּ.פּ.ס. שרייבער, וואָס האָבן זיך באַמיט צו פאַרטושן דעם אנטי־יידישן כאַראַקטער פון די פּאָגראָמען און ארויפוואַרפן די שולד אויף דער רוסישער מאַכט און די „אָכראַנע״ (פּאָליטישע געהיים־פּאָליציי) אַגענטן. ער האָט באַשולדיקט די פּוילישע ארבעטער, אַפילו די מיטגלידער

פון פ.פ.ס. וואָס האָבן זיך צוגעהערט צו די העצע און באַפאַלן די יידישע גאַסן און געטריבט די יידישע געוועלבער.

כ׳האָב געוווסט אַז קוויאַטעק איז אַ מיטגליד פון דער פ.פ.ס. און די זאַך האָט מיר זער געוווּנדערט. מיר האָבן געשמועסט וועגן דער לאַגע פון די יידן, וועגן אַנטיסעמיטיזם און פּאָליטישן ציוניזם, וועמענס פּראָגראַם עס איז פאָרמולירט געוואָרן אויפן ערשטן קאָנגרעס דורך הערצלען, נאָרדוין און זייערע חברים.

אין אַ קורצער צייט אַרום בין איך אייגעלאַדן געוואָרן אויף אַ זיצונג וועגן קאָנגרעס און ציוניזם. צווישן די באַטייליקטע אין דער זיצונג איז געווען אויך קוויאַטעק און רפאל קעמפנער, וואָס איז געווען סעקרעטאַר פון דער וואַרשעווער קהלה. קעמפנער האָט רעפערירט וועגן קאָנגרעס, וועגן די ריידעס וואָס זענען אויף אים געהאַלטן געוואָרן און די באַשלוסן וואָס מ׳האָט אָנגענומען. פון זיינע ווערטער האָט זיך געהערט סימפּאַטיע וואָס איז אָבער געווען באַגלייט מיט פיל שווערע ספקות. אויך די מיינונגען פון די רעדנער אין דער דעבאַטע נאָכן רעפעראַט זענען געווען געטיילט אויף סימפּאַטיקער און צווייפלער. קוויאַטעק האָט מער נוטה געווען צום ציוניזם. כ׳האָב געמיינט אַז ער וועט זיך אַלץ מער דער־נענטערן צו אונדז, אָבער כ׳האָב אַ טעות געהאַט. כ׳האָב זיך מער מיט אים נישט באַגעגנט. ער איז פון פּלאָצק אריבער קיין וואַרשע. ער האָט, אַ פּנים, גובר געווען אין זיך די טענות וואָס ער האָט געהאַט צו פּ. פּ. ס. און זייער באַציאונג צו יידן און האָט זיך צוריקגעקערט צו זיין אַרבעט אין דער פּאַרטיי.

אין יאָר 1904 האָט מען אָנגעהויבן ריידן וועגן קוויאַטעקן, ווי וועגן איינעם פון די אָנפירער פון דער פּוילישער רעוואָלוצי־אָנערער בעוועגונג און אָרגאַניזאַטאָר פון איר קאַמפּס־גרופּע, ווי אַ הויפּט־העלפער פון פּילסודסקין. באַזונדערס איז זיין נאָמען באַקאַנט געוואָרן נאָך דער ערשטער באַוואָפנטער דעמאָנסטראַציע וואָס ער האָט איינגעאָרדנט אויף דעם גזשיבאָוו־פּלאַץ. אָט דער פּלאַץ האָט זיך געפונען אינעם צענטער פון יידישן קוואַרטאַל, אָבער אין איין עק פון פּלאַץ איז געשטאַנען אַ קאַטוילישע קירך. מ׳האָט געקענט אָנעמען, אַז מ׳וועט תחילת נישט שענקען קיין אויפמערק־זאַמקייט דעם צונויפזאַמלען זיך פון מאַסן פּאַליאַקן, צוליב דער

קאַטוילישער קירך. (די דעמאָניסטראַציע איז איינגעאָרדענט געוואָרן זונטיק נאָכן געבעט אין דער קירך), און אויך נישט דעם צונויפֿזאַמלען זיך פֿון יידישע אַרבעטער, צוליב די גרויסע מאַגאַזינען פֿון יידישע מעטאַל־סוחרים וואָס האָבן זיך געפֿונען קעגנאיבער דער קירך.

די דעמאָנסטראַציע האָט איבעראַשט די מאַכט און די פּאָליציי די מונדירטע און די געהיימע.

זי האָט אָנגעהויבן די רעוואָלוציע אין פּוילן. זי איז געגאַנגען אויף די וועגן פֿון דער רוסישער רעוואָלוציע, אָבער זי האָט אויך געהאַט אירע אייגענע וועגן: טעראָר און פּאַרטיזאַנישע אַקציעס. אויך באַזונדערע צילן, זי האָט געשטרעבט צו אַזעלבסט־שטענדיקן פּוילן זי האָט געפֿאָדערט עס זאָל צונויפֿקומען אַ גרינדונגס־פֿאַרזאַמלונג אין וואַרשע, פּאַראַלעל צו דער, וואָס וועט זיך צונויפֿקומען אין פּעטערבורג.

אין די טעג פֿאַרן פֿאַרעפֿענטלעכן דעם מאַניפֿעסט פֿון אָקטאָבער 1905, אין וועלכן עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן פֿרייהייט פֿון וואָרט, דרוק, פֿאַראייניגען און וואַלן צו דער דומע, האָט געהערשט אין וואַרשע און אין פּוילן בכלל, אַ טעראָר מצד דעם הערשענדיקן צאַריסטישן רעזשים און קעגן־טעראָר מצד די רעוואָלוציאָנערע פּ. פּ. ס.

קוויאַטעק האָט זיך באַטייליקט אין דער אָרגאַניזירונג פֿון די באוואָפֿנטע צוזאמענשטויסן פֿאַרן מאניפֿעסט און נאָך אים. אין דער תקופֿה פֿון אַלגעמיינעם שטרייק אין די מאַסן־פֿאַרזאמלונגען האָט מען גאָר נישט געהערט פֿון אים. ער האָט נישט געהערט צו די רעדנער, נאָר צו די אָרגאַניזאַטאָרן פֿון באַוואָפֿנטע אקציעס. דער אלגעמיינער שטרייק אין פּוילן איז נישט איבערגעריסן געוואָרן גלייך נאָכן פֿארעפֿענטלעכן דעם צאַרישן מאַניפֿעסט. פּ.פּ.ס. וואָס איז געשטאַנען בראש פֿון דער פּוילישער רעוואָלוציע האָט פֿאַרגעזעצט דעם שטרייק פֿאַר די באַזונדער פּוילישע פֿאָדערונגען.

אין יענער תקופֿה איז באַקאַנט געוואָרן דער נאָמען פֿון יוסף קוויאַטעק און ער איז אין די פֿאָלקס־דערציילונגען פֿאַרוואַנדעלט געוואָרן אין אַ לעגענדאַרן העלד. די געהיים פּאָליציי

האָט אים פאַרפאָלגט און האָט אים נישט געקענט כאַפּן. מ׳האָט דערציילט אז ער פלעג פאַרלאָזן וואַרשע יעדן טאָג מיטן נאַכט־צוג, איז געשלאָפן אין א קופּע פון דער ערשטער קלאַס און אין דערפרי האָט ער זיך צוריקגעקערט צו זיין טעטיקייט אין שטאָט אריין, ביז דער סוד איז דערגאַנגען צו דער געהיים־פּאָליציי, און אין איינעם א פרימאָרגן האָט געוואַרט אויף אים אן אָפּטיילונג זשאַנדאַרמען און מיליטער. ווען מ׳האָט אים ארעסט־ירט האָט מען אָנגעהויבן, ווי דער מנהג איז דעמאָלט געווען, אים שלאָגן מכות־רצח, דעמאָלט האָט ער אויסגערופן צו זיי ווי באַפעלעריש: הערט־אויף, אין אייערע הענט געפינט זיך א מיטגליד פון צענ־טראַל קאָמיטעט פון פ.פּ.ס. די ווערטער האָבן געמאַכט א רושם און מ׳האָט אים אויפגעהערט צו שלאָגן.

די פּ. פּ. ס. האָט זיך געטיילט אויף צוויי לאַגערן, צוליב די חילוקי־דעות וועגן פאַרזעצן דעם באַוואָפנטן קאַמף אין א פּאַר־טיזאַנישער פאָרם און צוליבן הויפּט־ציל — די זעלבסטשטענדיקייט פון פוילן.

א טייל האָבן געהאַלטן, אַז דער כוח פון פוילן איז נישט גענוג שטאַרק, צו קענען פירן פּאַרטיזאַנישע אַקציעס, בעת אין גאַנץ רוסלאַנד האָט זיך דער קאַמף קאָנצענטרירט אין דומע; אויך די פּוילישע מאַסן האָבן זיך אַנטוישט און מיד געוואָרן פון די רעוואָלוציאָנערע אקציעס און האָבן פאַרלאַנגט אן אָטעם־פּויזע און מיטאַרבעט מיט די רעוואָלוציאָנערע כוחות אין רוסלאַנד. פּיל־סודסקי און קוויאַטעק, און מיט זיי צוזאַמען די רעוואָלוציאָנערע פראַקציע אין דער פּ. פּ. ס. האָבן נאָך צוויי יאָר לאַנג פאָרגעזעצט דעם פּאַרטיזאַנישן קאַמף, ביז עס איז פאַר זיי קלאָר געוואָרן אז עס זענען נישטאָ קיין שום אויסזיכטן אויף דערפאָלג, און אז דער גרעסטער טייל פון פאָלק גייט נאָך די נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטן (ענדעקעס) און זייער פּאַרלאַמענטאַרישן געראַנגל. אויך אין די רייען פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע האָט זיך פאַרשטאַרקט דער יאוש, וועלכער האָט דערפירט צו דעגענעראַציע און פאַראַט, און אפילו צו באַנדיטיזם.

קוויאַטעק איז נישט נאָכגעגאַנגען נאָכן גרעסטן טייל פון זיינע יידישע חברים, וואָס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער לינקער פּ.פּ.ס.

ער איז געבליבן טריי פּילסודסקין און זיין גרופּע. ווען די רעאַקציע האָט ווידער אָנגעהויבן געוועלטיקן אין רוסלאַנד, זעען מיר אים אין קראָקע, דאָרט ווו פּילסודסקי האָט אָנגעהויבן אָרגאַניזירן די באַוועגונג פאַר דעם אומאָפּהענגיקן פּוילן און האָט זיך געגרייט צו שאַפן אַ באַוואָפנטן כוח, וועלכער זאָל זיך מיטבאַטייליקן אין דער מלחמה קעגן רוסלאַנד, וועלכע האָט געהאַלטן, לויט זיין מיינונג, אין דערנענטערן זיך.

אין יענער צייט האָט אין קוויאַטעקס לעבן פּאַסירט אַ פּערזענלעכע טראַגעדיע. אין יאָר 1912 איז באַקאַנט געוואָרן אַז קוויאַטעק איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. די סיבה פון זעלבסטמאָרד איז געווען אַן אומגליקלעכע ליבע. אָבער עס איז מעגלעך, אַז דערביי האָבן געווירקט אויך אַנדערע, געזעלשאַפטלעכע סיבות. אין יענע יאָרן האָבן זיך געמערט די סימנים, אַז פּילסודסקי דערווייטערט זיך פון סאָציאַליזם, און די פּוילישע אומאָפּהענגיקייט ווערט דורך פּילסודסקין געפאָדערט נישט אַלס איינער פון די צילן, נאָר אַלס איין און איינציקער ציל. ער האָט זיך פאַרבונדן מיט דער אָנפירונג פון עסטרייכישן מיליטער און זיך איינגאַנצן איינגעטאָן אין מאַכן צוגרייטונגען צו דער מלחמה וואָס האָט בײַם אויסברעכן.

די אומאָפּהענגיקייטס־באַוועגונג וואָס איז געשטאַנען אונטערן פּאַטראָנאַט פון פּילסודסקין האָט אָרגאַניזירט דעם פּוילישן לעגיאָן, אין וועלכן עס האָבן אָנגעהויבן אויפקומען אַנטיסעמיטישע שטימונגען. דאָס אַלץ איז נישט געפעלן קוויאַטעקן. אפשר האָבן זיך אין אים ווידער דערוועקט די ספקות, וואָס ער האָט געהאַט דעמאָלט, ווען ער איז צוריקגעקומען פון די רוסישע „אַרעסטאַנטן ראָטעס" קיין פּלאָצק, און זיי אַרויסגעזאָגט אין אַ שמועס מיט מיר. ווער ווייס? אפשר איז פאַר אים קלאָר געוואָרן, אַז נישט צו אַזאַ אַנטוויקלונג האָט ער געשטרעבט און נישט וועגן אַזאַ פּוילן האָט ער געחלומט?

אין מיין זכרון איז פאַרבליבן יענער קוויאַטעק, וועלכן כ'האָב געזען אין פּלאָצק, וואָס כ'האָב געשמועסט מיט אים אויף אונדזער שפּאַציר אויפן באַרג „טאַם", קוויאַטעק, אין וועמענס האַרץ עס

זענען אויפגעקומען תשובה־געדאַנקען. אים וויל איך שטעלן אַ מצבה.

א יידישע נשמה, וואָס האָט געזוכט דעם וועג צו איר פאָלק, און עס האָט זיך געדאַכט אויף אַ מאָמענט, אַז זי האָט אים געפונען און אָט איז געקומען אַ שטורמישער געוויטער און געוואָרפן אים אין כף־הקלע צוריק צו דעם וועג וואָס ער האָט שוין געוואָלט פאַרלאָזן, און אָט דער וועג האָט אים געבראַכט צו זעלבסט־מאָרד.

# ד״ר אסתר גאָלדע־סטרוזשעצקאַ

זייט איר׳ע יוגענט־יאָרן האָט זי זיך באַטייליקט אין דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציאָנערער ארבעט. אין די ביינציקער יאָרן פֿונעם פֿאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, האָט זי געוווינט אין וואַרשע און איז געווען אַן אַקטיווע חברטע אין פּ.פּ.ס. זי האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר טעטיקייט אַלס אַגיטאַטאָרין און רעדנערין. זי האָט אָנטייל גענומען אין דער גרופּע ייִדן, חברים פֿון פּ.פּ.ס. וואָס זענען געשטאַנען נאָענט צו פּרץ׳ן. אָבער זי האָט געקענט פּרץ׳ן נאָך פֿריִער. פּרץ פֿלעג אָפֿט פֿאָרן קיין פּלאָצק, ווו זיין איינציקער זון לוציאַן האָט געלערנט אין גימנאַזיע, און געוווינט ביי דער פֿאַמיליע פֿון איר שוועסטער, פֿאָליע. מ׳האָט דערציילט, אַז פּרץ האָט זיך באַמיט דערנענטערן זי צו זיך, אָבער אָן דערפֿאָלג. זי האָט פֿאַרשטאַנען ייִדיש, אָבער זי האָט נישט גערעדט די שפּראַך, וואָס איז געווען ווייט פֿון איר האַרץ און סביבה, זי האָט אָבער פֿאַרשטאַנען פּרץ׳ס דערציילונגען וואָס מ׳האָט איר אַמאָל פֿאָרגעלייענט. אין יענער צייט האָט עקזיסטירט אין דער פּ.פּ.ס. אַ ייִדישע אָפּטיילונג, וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַ וואָכנשריפֿט אויף ייִדיש. כ׳האָב געהאַט די געלעגנהייט צו באַקומען אייניקע עקזעמפּלאַרן פֿון אָט דער וואָכנשריפֿט און עס איז מיר פֿאַרבליבן בלויז דער מאָדנער איינדרוק, וואָס האָט אויף מיר געמאַכט די שפּראַך פֿון די אַרטיקלען און דער אויסלייג לויטן פּוילישן אַקצענט. די שפּראַך איז געווען ייִדיש אַזוי ווי עס האָבן גערעדט אויף די וואַרשעווער גאַסן די ייִדישע אַרבעטענדיקע מאַסן. קיין ייִדישע פּרעסע האָט נאָך דעמאָלט נישט עקזיסטירט. דער פּ.פּ.ס.־אָרגאַן איז געווען די איינציקע צייט־שריפֿט וואָס איז דערשינען אין ייִדיש — אינעם אונטערערד פֿונעם רעוואָלוציאָנערן סאָצי־

אַליזם וואָס האָט אויפגעשריבן אויף זיין פאָן אויך די באַפרייאונג פון פוילן פונעם יאָך פון אירע פאַרקנעכטער. אין דער אויפקלערונגס־ארבעט מצד די שליחים פון פ.פ.ס. האָט זיך צוזאַמענגעגאָסן אָט די שטרעבונג. דער קאַמף פון די פוילישע ארבעטער פאַר זעלבסטשטענדיקייט פון זייער פאָטערלאַנד, מיט דער טראַדיציע פון די פוילישע אויפשטאַנדן קעגן דער רוסישער הערשאַפט. די רוסישע הערשאַפט האָט מען געהאַלטן פאַר אַ שטערונג אויפן וועג פונעם ארבעטער צו פאַרבעסערן זיינע לעבנס־באַדינגונגען אין דער פאַרווירקלעכונג פון סאָציאַליזם. אויך די צרות פון די יידן וועלן פארשווינדן, פאַרשטייט זיך, ווען פוילן וועט ווידער אויפשטיין אלס א פרייע, פון פרעמדע נישט אָפּהענגיקע מדינה, באַזונדערס ווען זי וועט זיך באַפרייען פון דער רוסישער הערשאַפט, דעם צארישן רעזשים וואָס רודפט יידן און באגרענעצט זייערע רעכט. אינעם פרייען פוילן ווו עס וועט הערשן דער ארבעטער און פויער, וועט דער ייד זיין א גלייכבאַרעכטיקטער בירגער גלייך ווי אלע אַנדערע פוילישע בירגער.

אסתר גאָלדע האָט נישט געענדערט איר נאָמען און פאַמיליע־נאָמען. מיט דעם האָט זי זיך אונטערשיידעט פון אסך אנדערע יידישע חברים אירע, וואָס האָבן געזען אין דער ענדערונג פון זייערע נעמן און פאמיליען נעמען דעם ערשטן שריט פאַרן צוזאַמענגיסן זיך מיטן פוילישן פאָלק, זיין שפּראַך, קולטור און זיינע נאַציאָנאַל־פּאָליטישע שטרעבונגען.

די טעטיקייט פון אסתרן איז איבערגעריסן געוואָרן ווי געווינלעך, דורך איר ארעסט און פאַרשיקונג אויף אייניקע יאָר קיין וויאַטקאַ, אין צפון פון אייראָפּעאישן רוסלאַנד. אין יענע צייט איז וויאַטקאַ געווען אַן אָפּגעלעגענע שטאָט, הגם זי איז געווען אַ גובערניע שטאָט.

אסתר איז נישט צובראָכן געוואָרן אין דער פאַרשיקונג און איז צוריקגעקומען יונג און לוסטיק, פול חן און ענערגיע און געפאַנגען די הערצער פון בחורים מיינסגלייכן. ווען זי איז דערשינען פאַר אונדז האָט זי אויסגעזען אין אונדזערע אויגן ווי אַ מאַרטירעריןְ וואָס איר קאָפּ איז געקרוינט מיט אַן אָרעאָל פון

קרבן פאַר איר אידעאַל. זי איז געבליבן אַ לענגערע צייט אין פּלאָצק, ביז ס'איז בטל געוואָרן דער פאַרבאָט צו פאַרלאָזן פּלאָצק ווו די געהיימע צאַרישע פּאָליציי האָט פון איר קיין אויג נישט אַראָפּגעלאָזט.

כ'בין שוין געווען אין די העכערע גימנאַזיע־קלאַסן, געהאַט מיינע יידישע נאַציאָנאַלע און ציוניסטישע אָנשויאונגען. אסתּר האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט מיר און מיינע חברים. זי האָט אונדז איינגעלאַדן איינמאָל אויף אַ שמועס וועגן סאָציאַליזם. כ'האָב מיך צוגעהערט צו אירע ווערטער, וועלכע האָבן נישט געמאַכט אויף מיר קיין באַזונדערן רושם. די פראַגעס וואָס כ'האָב זי געפרעגט האָבן אַלע באַריִרט די לאַגע פון די יידן אויף דער וועלט און די מעגלעכקייט פון זייער באַפרייאונג אין זייער אייגענעם פאָטערלאַנד.

זי האָט ס'רוב נישט געוווסט וואָס צו ענטפערן, ווייל די זאַכן זענען איר פרעמד געווען. די תּשובות אירע, וואָס זי האָט געגעבן אומגערן, זענען געווען די געוויינלעכע תּשובות: די פאַרווירקלעכונג פון סאָציאַליזם וועט לעזן די יידישע פּראַגע, וועלכע איז בלויז אַ רעזולטאַט פונעם רעאַקציאָנערן רעזשים, וואָס הערשט נאָך אין די צוריקגעשטאַנענע לענדער, און דעם קאַפּיטאַליזם וואָס עקספּלואַטירט דעם אַרבעטענדיקן מענטשן, אָן אונטערשיד פון רעליגיע און נאַציאָנאַליטעט.

אסתּר האָט נישט באַוויזן צו מאַכן פון מיר אַ פּוילישן סאָציאַליסט, און איך האָב געפּרוווט זי דערנענטערן צו די פּראָבלעמען פון יידישן פאָלק, זיינע ליידן און האָפענונגען אויף גאולה, מיין התלהבות, האָט ווייזט אויס געמאַכט אויף איר אַן איינדרוק און זי האָט מיך געבעטן איר צו געבן אַ בוך וועגן יידישער געשיכטע. כ'האָב איר געגעבן די יידישע געשיכטע פון בעק און בראַון אין דער באַאַרבעטונג פון דובנאָוו, וואָס איז דערשינען אין יענער צייט. זי האָט דאָס בוך געלייענט, אפשר נישט אינגאַנצן, אָבער איינמאָל אין אַ שמועס מיט מיר האָט זי אויסגעדריקט איר גרויסע פאַרוווּנדערונג אויף דעם וואָס אויך אין ענגלאַנד זענען יידן געטרויבן געוואָרן און פאַרטריבן געוואָרן פון לאַנד.

ס׳האָט איר אויסגעזען מאָדנע און אומפאַרשטענדלעך, וואָס אויך דאָס ענגלישע פאָלק וואָס צייכענט זיך אויס מיט זיין ליבע־ראַלער באַציאונג צו אלע פעלקער, וואָס גיט שוץ אין זיין לאַנד פאַר די פרייהייטס־קעמפער פון אלע לענדער. אויך דאָס דאָזיקע פאָלק האָט געהערט זיינערצייט צו די פאַרפאָלגער פון יידן און זיי פאַרטריבן פון זיין לאַנד.

עס איז שווער געווען זי ארויסצונעמען פון איר רעוואָלוציאָנערער־סאָציאַליסטישער וועלט. אין יענער צייט האָט איר אויסגעזען די רעוואָלוציע אין פאָרם פון אן אויפשטאנד פון פוילן קעגן אירע פאַרשקלאַפער, וואָס וועט ברענגען צו אַנטשטיין פון אַ דעמאָקראַטיש פאָלקס־פוילן, ווו דער סאָציאַליזם וועט זיך נישט אָנשטויסן אינעם צאַריסטישן רעזשים, וואָס באַדריקט די מאַסן און באַשיצט די קאַפּיטאַליסטן וואָס עקספּלואַטירן, און פאַרקנעכטן זיי.

כ׳האָב, פאַרשטייט זיך, נישט באַוויזן זי צו דערנענטערן צום יידישן פאָלק און זיינע אידעאַלן. ווען זי האָט זיך איבערצייגט אז עס וועט איר נישט געלינגען מיך צו באַאיינפלוסן, האָט זי מיך צורו געלאָזט.

נאָכדעם ווי זי האָט באַקומען די דערלויבעניש צו פאַרלאָזן פלאָצק, איז זי געשיקט געוואָרן דורכן צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּ.פּ.ס. קיין נידער־שלעזיע, אַלס אָנפירערין פון דער פּאַרטיי־אַרבעט און רעדאַקטאָרין פון פּאַרטיי־אָרגאַן. איר ארבעט אין וואַרשע, האָט געשטעלט אין סכנה יעדן, וואָס איז געקומען מיט איר אין בארירונג, זי איז דעריבער געשיקט געוואָרן אויף פּאַרטייאישער ארבעט קיין פּרייסן, ווו די סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז געווען א לעגאַלע. נאָך דער רוסישער מפּלה אין דער מלחמה מיט יאַפּאַן, איז זי צוריקגעקומען קיין וואַרשע. כ׳האָב זיך באַגעגנט מיט איר אויף איינער פון די גרויסע פאָלקס־פאַרזאַמלונגען וואָס זענען פאַרגעקומען אין דער פילהאַרמאָניע אין די טעג פון אלגעמיינעם שטרייק. איך האָב אויך גענומען א וואָרט אויף דער פאַרזאַמלונג. אין מיין ריידע האָב איך מיך סאָלידאַריזירט מיט דער פאָדערונג פון א באַזונדערע גרינדונגס־פאַר־

זאַמלונג פאַר פוילן, האָב אָבער אונטערגעשטראָכן מיינע יידישע נאַציאָנאַלע און ציוניסטישע פאָדערונגען. מיינע פאָדערונגען האָבן געקלונגען מאָדנע פרעמד אין די אויערן פון די פאַרזאַמעלטע, אָבער מיין סאָלידאַריזירן זיך מיט דער עיקרדיקער פוילישער פאָדערונג און די אַלגעמיינע רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען, האָבן אַ ביסל לינדער געמאַכט זייער באַציאונג צו מיר. אסתר מיט וועלכער איך האָב זיך באַגריסט האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין אינטערעס צו שמועסן מיט מיר און זיך נאָכפרעגן מיט וואָס איך באַשעפ־טיק מיך.

מער האָב איך זי נישט געזען אין יענער צייט. די ערשטע רוסישע רעוואָלוציע אין יאָר 1905 האָט נישט געבראַכט מער ווי דעם אָקטאָבער־מאַניפעסט פון ניקאָליי דעם צווייטן, אין וועלכן עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אַלגעמיינע אַמנעסטיע, פרייהייט פון פּרעסע, פאַרזאַמלונגען און פאַריינען און וואַלן צו דער געזעצ־געבערישער דומע. וועגן די באַזונדערע פאָדערונגען פון די פּאָל־יאַקן איז דער מאַניפעסט אַריבער מיט שטילשווייגן, פּונקט ווי ער האָט געשוויגן וועגן די יידישע פאָדערונג אויף גלייכבאַרעכ־טיקונג. דער קאַמף אין פוילן איז דעריבער נישט איבערגעריסן געוואָרן און די רעגירונג האָט אָנגעהויבן אַן אַלגעמיינעם טעראָר, פּונקט ווי אין דרום־רוסלאַנד האָט זי אָרגאַניזירט פּאָגראָמען אויף יידן. פאַרן אויסברוך פון מאָסקווער אויפשטאַנד זענען אַרעסטירט געוואָרן סאָציאַליסטישע פירער, צווישן זיי האָב איך אויך געהאַט דעם זכות אַרעסטירט צו ווערן. אסתר איז נישט אַרעסטירט גע־וואָרן; אפשר האָט זי פאַרלאָזט וואַרשע און זיך צוריקגעקערט קיין שלעזיע אָדער זי איז אַוועק קיין אויסלאַנד.

זי האָט געהערט צו די, וואָס האָבן נישט אָנגענומען די מיינונג פון פּילסודסקין, אַז דאָס שאַפן די פּוילישע מלוכה איז פריער פאַר דעם נצחון פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע.

פּילסודסקי האָט שוין נישט געגלויבט מער אינעם כוח פון דער רוסישער רעוואָלוציע נאָך איר מפּלה אין דעצעמבער 1905 אויף די גאַסן פון די מאָסקווער פאָרשטעט. ער האָט געלייגט זיין גאַנצע האָפנונג אויף אַ גרויסער אייראָפּעישער מלחמה,

אין וועלכע דאָס צאַריסטישע רוסלאַנד וועט צעבראָכן ווערן און עס וועלן געשאַפן ווערן באַדינגונגען, גינסטיקע פאַר די שאפונג פון דער זעלבסטשטענדיקער פוילישער מלוכה. ער האָט אָנגעהויבן צוגרייטן א פוילישן באַוואָפנטן כוח אונטערן שוץ פון עסטרייך, וואָס האָט געהאָפט ארויסצוקומען פון דער צוקונפטיקער מלחמה ווי א פעדעראציע פון זעלבסטשטענדיקע פעלקער, אין וועלכער עס וועט זיך אָנשליסן אויך פוילן, אין וועלכן עס וועלן פאַר־אייניקט ווערן אין איין מלוכה, דער טייל פוילן וואָס געפינט זיך אונטער רוסישער און אונטער עסטרייכישער הערשאַפט.

אסתר איז אוועק פון דעם טייל פ.פ.ס., וואָס איז נאָכגעגאַנגען פילסודסקין און זיך אָנגעשלאָסן אין דער גרופע אידיאַליסטן וואָס איז געבליבן געטריי דעם סאָציאַליזם ווי דעם עיקרדיקן און ערשטן ציל פון פוילישן סאָציאַליזם. אין אָט דער פראַקציע האָבן זיך אָנגעשלאָסן דער גרעסטער טייל פון די יידן וואָס האָבן געהערט צו פ.פ.ס. די נייע פאַרטיי האָט זיך גערופן לינקע פ.פ.ס, און האָט פראָפאַגירט דעם געדאַנק אז דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליזם וועט לעזן אַלע פראָבלעמען. דער נצחון פון דער רעאַקציע אין רוסלאַנד האָט געשאַפן א נישט גינסטיקע קאָניונקטור פאַר רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישער ארבעט און אסתר גאָלדע האָט פאַרלאָזט פוילן צוזאַמען מיט דעם אויסדערוויילטן פון איר האַרץ, יאַן סטרוזשעצקי, וואָס איז צוריקגעקומען פון דער סיבירער קאַטאָרגע, אַ דאַנק דער אַמנעסטיע פון אָקטאָבער 1905. לאַנגע יאָרן איז אסתר טריי געבליבן אין ארעסטירטן געליבטן ביז זי האָט זיך ווידער פאַראייניקט מיט אים. זיי האָבן זיך באַזעצט אין פאַריז.

אסתר האָט אָנגעהויבן ארבעטן אלס אַרצטין. אין א געוויסער צייט ארום איז געשען דעם פאָרפאַלק און אומגליק. אסתר׳ס מאַן איז דערטרונקען געוואָרן בעת ער האָט געפרוווט ראַטעווען אַ קינד וואָס איז אריינגעפאַלן אין דער סיינע, אויף איינער פון די פאַריזער פאַרשטעט; ער האָט פאַרלוירן די כוחות בעת דער העלדישער און איידעלער טאַט זיינער, האָט געראַטעוועט דאָס

קינד און אליין דערטרונקען געוואָרן פאר די אויגן פון זיין פרוי און קינד.

אסתר איז פאַרבליבן אין פאַריז, ווייזט אויס, אויך אין די יאָרן פון דער וועלט־מלחמה. נאָכן אויפקומען פונעם זעלבסט־שטענדיקן פוילן איז אסתר צוריק געקומען קיין ווארשע, און האָט געהערט ווי פיל אַנדערע מיטגלידער פון לינקן פ.פ.ס., צו דער קאָמוניסטישער פאַרטיי. כ׳האָב זיך מיט איר נישט באַגעגנט אין ווארשע. זי האָט, פאַרשטייט זיך, געאַרבעט אין אונטערערד. אבער די געהיים פּאָליציי האָט געהאַלטן אַן אויג אויף איר און זי איז ניצול געוואָרן פון ארעסט נאָר א דאַנק פּילסודסקין וואָס האָט איר געדענקט צום גוטן, ווי מ׳האָט דערציילט, איר טעטיקייט אין פ.פ.ס., אין די רעוואָלוציאָנערע יאָרן 1904, 1905.

צום סוף פון די צוואַנציקער יאָרן איז זי אריבער קיין מאָסקווע. אין א קורצער צייט ארום איז זי געווען געצוווּנגען צו אַנטלויפן פאר דער טויט־סכנה וואָס האָט איר געדראָט, ווען עס זענען ארעסטירט געוואָרן די מיטגלידער פון פּוילישן קאָמוניסטישן צענ־טראַל־קאָמיטעט, וואָס זענען באַשולדיקט געוואָרן אין אָנהאַלטן א פאַרבינדונג מיט דער געהיים פּאָליציי פון דער פּוילישער מאַכט און שפּיאָנאַזש. זי האָט זיך צוריקגעקערט קיין פראַנקרייך.

ווען איך בין אריבער קיין פאריז צוזאַמען מיט מיין פאַמיליע אין יאָר 1932, האָב איך געזען די פרוי סטרוזשעצקאַ צום לעצטן מאָל. זי האָט מיך באַזוכט אין מיין וווינונג אין שיכות מיט אַן ענין וועגן וועלכן זי האָט געהאַט צו שמועסן מיט מיין זון, וועלכער האָט זיך אויך באַטייליקט אין דער טעטיקייט פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי אין פוילן. מיר זענען שוין געווען פרעמד אייגער דעם אנדערן. אסתר גאָלדע איז פאַרבליבן ביי מיר ווי איינע פון די זכרונות פון מיינע יוגענט־יאָרן.

וועלכע איז געווען איר גורל אין די יאָרן פון דער דייטשער אָקופּאַציע אין דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז מיר נישט באַקאַנט. ווען איך בין געווען אין פאַריז אין די יאָרן 1945/46 איז צו מיר דערגאַנגען די ידיעה אז אירע צוויי קינדער לעבן און פילן זיך אלס פראַנצויזן אין יעדער הינזיכט.

# פעליקס פערל

צום ערשטן מאָל האָב איך אים געזען אין פוילישן סיים. ער האָט געהאַט א טיפּיש־יידיש פּנים פון א לערנער, א בן־תורה. ער האָט אויסגעזען ווי א פרעמדער צווישן זיינע חברים, סאָציאַליסטישע סיים־דעפּוטאַטן, הגם עס האָט אים מיט זיי פאַרבונדן לאַנגע יאָרן פון געראַנגל און בשותּפות׳דיקע ליידן. ווען ער איז געשטאַנען אויף דער „הויכער טריבונע״ פון סיים און גערעדט אינעם נאָמען פון דער סאָציאַליסטישער פראַקציע, האָט זיין שטימע געהאַט א באַזונדערן קלאַנג — כ׳מיין נישט, אן אַקצענט — און די לאָגיק פון זיינע אַרגומענטן האָבן בולט געמאַכט זיין יידישקייט. ער איז געווען דער איינציקער פאָרשטייער פון דער יידישער אינטעליגענץ, אפשר דער איינציקער יידישער אינטעליגענט פון קאָנגרעס־פּוילן, וואָס איז פאַרבליבן אינעם קרייז פון די אָנפירער פון פּ.פּ.ס. די איבריקע יידן אין דער סאָציאַליסטישער פראַקציע אין סיים האָבן געשטאַמט פון גאַליציע. דאָס זענען געווען מענטשן פון א גאַנץ אַנדער שניט. זיי זענען דערצויגן געוואָרן אין א גאַנץ אנדער פּאָליטישער שול און זייערע קאַמפּס־וועגן זענען געווען אנדערע, ווי די פון זייערע חברים פונעם געוועזענעם רוסיש־פּוילן.

פערל איז אלע זיינע יאָרן געטריי געבליבן דער פאָן פון נאַציאָנאַלן פּוילישן סאָציאַליזם.

אין דער פאַרגאַנגענהייט האָט פערל געוואַגט צו וואָרנען מעלאַנכאָליש, די לעגיאָנען פון פּילסודסקין וועלכע זענען געגאַנגען אין קאַמף פאַר פּוילענס זעלבסטשטענדיקייט, אז זיי זאָלן אויף זייער וועג נישט פאַרלירן דעם סאָציאַליסטישן אידעאַל. אבער ער האָט נישט געהאַט אין זיך דעם כוח און ווילן אוועק

צוגיין פון די ביי וועלכע דער סאָציאַליסטישער אידעאַל איז געווען בלויז אַ מיטל צו דערגרייכן די פוילישע אומאָפּהענגיקייט, און נישט אַ הויפּט ציל וואָס דאָמינירט איבער אַלע אַנדערע נעבן־צילן.

דער רוב יידישע אינטעליגענטן וואָס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין די רייען פון פּ.פּ.ס. אין קאָנגרעס־פּוילן האָבן געהאַט אַן אַנדער וועג. זייערע אידעאַלע שטרעבונגען צו באַפרייען דעם מענטשן פון אויסנוצונג און עקספּלואַטאַציע און דאָס באַפרייען דאָס פאָלק פון זיין פאַרשקלאַפונג אונטער פרעמדע הערשער, איז געווען אַן איינהייטלעכער טרוים און אידעאַל. דער פּראָלעטאַריאַט איז געשטאַנען אויפן פאָדערשטן פראָנט אין קאַמף קעגן עקאָנאָמישער און סאָציאַלער אויסנוצונג און אין זיין האַרצן האָט געשלאָגן די סאַמע שטאַרקסטע שנאה צו דעם פרעמדן אונטערדריקער און פאַרשקלאַפער. דעריבער האָט דער רוב יידישע אינטעליגענטן וואָס האָבן אָנגעהערט צו דער פּ.פּ.ס. אין קאָנגרעס־פּוילן, זיך אָנגעשלאָסן אינעם לינקן ראַדיקאַלן פליגל פון פּ.פּ.ס. פּערל איז געבליבן אין דער פירער־גרופּע פון רעכטן פּ.פּ.ס., וועלכער האָט געהאַט אַן אויסדריקלעך פויליש־נאַציאָנאַלע פיזיאָנאָמיע און ביי אומשטענדן פּראָפּאַגירט און געווירקט אינעם גייסט פון פּרימאַט פון דער נאַציאָנאַל פוילישער אומאָפּהענגיקייט. די יידישע אינטעליגענטן פון פּערלס שניט און מחיצה האָבן געדענקט און געפילט ווי פּאָליאַקן. אויב ס׳האָבן זיך אין זיי דערוועקט יידישע געפילן האָבן זיי זיך באַמיט צו אונטערדריקן אין זיך די דאָזיקע געפילן. זייער מיטגעפיל צו די ליידנדיקע יידישע מאַסן האָט געפונען זיין אויסדרוק אין זייערע באַמיאונגען אריינצופירן זיי אין דער וועלט פון פּוילישן סאָציאַליזם אין וועלכער זיי האָבן געלעבט און געווירקט. אָבער, אַנדערש ווי דער יידישער אינטעליגענט אין ליטע, וואָס הגם ער האָט גערעדט רוסיש און געווען דערצויגן אויף דער רוסישער קולטור, האָט ער זיך באַמיט צו ריידן מיט דער יידישער פאָלקס־מאַסע אין איר שפּראַך, יידיש, אפילו ווען ער האָט אין דער דאָזיקער שפּראַך געפּרעדיגט פרעמדע תורות, וועלכע האָבן געשענקט ווייניק אָדער גאָרנישט קיין אויפמערקזאַמקייט ספּעציעל־יידישער פּראָבלעמאַטיק — האָבן פּערל און זיינע חברים קיינמאָל זיך נישט באַמיט אַראָפּצולאָזן צו דער פּראָסטער יידישער

פאָלקס־מאַסע, לעבן איר לעבן און מיטליידן איר לייד און מאַ־טערניש. זענען זיי דעריבער געבליבן איינזאַמע אויף זייער הויכן פאַרטייאישן פיעדעסטאַל און געקוקט מיט שטילן טרויער, ווי די יידישע ארבעטער־מאַסן שלאָגן דורך פאַר זיך זייער אייגענעם וועג.

אָט דער טרויער פון פערלן איז געווען צוגעמישט אויך מיט אַנדערע געפילן. צומאָל איז עס געווען צאָרן און האַס. ער האָט געקעמפט מיטן יידישן סאָציאַליזם און זיינע בייע וועגן, האָט באַקעמפט דעם געדאַנק פון יידישער נאַציאָנאַלער אויפלעבונג און די יידישע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען. ער האָט גענומען אויף זיך, צום ביישפיל, די ראָל צו שטעלן זיך אלס ערשטער אין דעם וועניק בכבוד'יקן קאַמף קעגן די יידישע דעפוטאַטן אין סיים, בעת זייער שווערן געראַנגל קעגן דער גזירה אויפצוצווינגען די יידן זונטיק אלס רו־טאָג. זיין יידישע שטים האָט געדונערט קעגן די פאָדערונגען פון די יידן און אָנגעוואָרפן א פחד אויף די רעכטע און צענטרום־דעפוטאַטן אין סיים, וועלכע זענען שוין גרייט געווען עפעס־וואָס נאָכצוגעבן די יידן אין דער דאָזיקער פראַגע.

פערל האָט נישט דערלאָזט דערצו, אז די פ.פ.ס. זאָל אָנעמען אַ פאָזיטיווע שטעלונג לגבי די יידישע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען. ווען נישט ער און זיינע יידישע חברים פון גאַליציע וואָלט פ.פ.ס. זיך באַצויגן פאָזיטיוו צו אסך נאַציאָנאַל־יידישע פאָדערונגען. נישט איינמאָל האָבן זיך זיינע פוילישע פאַרטיי־חברים אין דעם מודה געווען. פערלען איז געלונגען צו פארשטאַרקן אין דער פ.פ.ס. איר אָרטאָדאָקסאַלע ליניע, איר טרייהייט צום געדאַנק פון יידישער אַסימילאַציע, אָבער עס איז אים נישט געלונגען אָפּצוהיטן די טרייהייט פון זיין פאַרטיי צו די סאָציאַליסטישע אידעאלן. ער איז געווען א שותף צום צער און ווייַ פון אלע שפאַלטונגען וואָס זיין פארטיי האָט דורכגעמאַכט. ער האָט געזען ווי די חברים פון זיין פאַרטיי פאַרלאָזן זי, ווייל זיי האָבן נישט געוואָלט מקריב זיין דעם סאָציאַליסטישן אידעאל אויפן מזבח פון דער וויזיע פון פוי־לישער אומאָפּהענגיקייט.

אין דער פוילישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, ווי אין אלע

אַנדערע סאָציאַליסטישע באַוועגונגען ביי די אונטערדריקטע פעלקער, האָבן זיך תמיד געראַנגעלט צוויי שטרעמונגען: סאָציאַליזם אָן אַ צוגאָב און נאַציאָנאַלער סאָציאַליזם. נאָר אויבנאויפיק האָט עס אויסגעזען אַז דער קלאַסן־קאַמף איז דער אַנטשיידענדיקער פּרינציפּ; אין דער אמת׳ן איז דער דאָזיקער געראַנגעל דערגאַנגען ביז די טיפענישן פון אידייאישן סוד פון דער פּ.פּ.ס. באַוועגונג. שטענדיק פלעג אויפקומען די פראַגע: וואָס דאַרף מען מקריב זיין? און דער קרבן איז תמיד געווען דער סאָציאַליזם. קיינמאָל האָט מען, אמת, אָפן נישט מודה געווען אין דעם, מ׳האָט גע־פּרוּווט אויסזוכן פאַרשיידענע תירוצים צו פאַרענטפערן זיך, אַז מ׳טוט עס כלומר׳שט לטובת דעם סאָציאַליזם. ווען ס׳האָט פּאַסירט אַז פאַר געוויסע גרופּן איז דער קרבן געווען צו שווער, זיי האָבן אים נישט געוואָלט ברענגען, האָבן זיי פאַרלאָזט די פּאַרטיי און געשאַפן אַ נייע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי. די יידן האָבן זיך ס׳רוב אָנגעשלאָסן אינעם לינקן פליגל וואָס האָט נישט מסכים געווען מקריב צו זיין דעם סאָציאַליזם. עס איז געקומען דערצו אַז אין דער פּ.פּ.ס. זענען כמעט נישט געבליבן קיין יידישע אינטעליגענטן אָבער פערל איז געבליבן דער איינציקער כמעט, דער לעצטער, טריי ביז צום סוף.

צו איז באמת דער פּוילישער נאַציאָנאַליזם און דער פּוילישער מלוכה־געדאַנק געווען אַזוי טייער און חשוב פערלען ווי דעם פּוילישן אינטעליגענט אין וועמענס אָדערן עס פליסט דאָס בלוט פון פּוילענס קעמפער און בויער זינט דורות, וואָס האָט געזען אינעם פּוילישן אַרבעטער־לאַגער די עיקרדיקע, פּולווערטיקסטע קעמפער פאַר דער באַפרייאונג פון פּוילישן פאָלק? אָדער אפשר איז עס געווען בלויז די צוגעבונדענקייט צו דער באַוועגונג וועלכע ער האָט מיט אַזוי פיל מי געהאָלפן שאַפן און פאַר וועלכער ער האָט זיך אַזוי פיל אָנגעליטן? עס פּאַסירט אַז אַ מענטש ווערט אַזוי ווייט צוזאַמענגעהאָפטן מיט זיין סביבה און ווערק, אַז ער זעט נישט קיין מעגלעכקייט צו קענען לעבן אָן זיי.

מ׳דאַרף יעדנפאַלס פעסטשטעלן די מערקווירדיקע דערשיי־נונג, אַז בעת דער גרעסטער טייל פון דער יידישער אסימילירטער

אינטעליגענץ וואָס האָט געהערט צו דער פ.פ.ס. האָט אין מאָמענט ווען ס׳האָט אויסגעבראָכן א קאָנפליקט צווישן נאַציאָנאַלן אינטערעס און דעם סאָציאַליסטישן אידעאַל, געוויילט דעם וועג פון ראַדיקאַלן סאָציאַליזם, זענען עס געווען בלויז יחידים ווי פערל, וואָס איז טריי געבליבן דער נאַציאָנאַלער און אפילו נאַציאָנאַליסטישער ליניע פון אָפיציעלן פ.פ.ס. ביז זיין לעצטן אָטעם.

# בראָניסלאַוו גראָסער

מיר האָבן זיך בלויז איינמאָל באַגעגנט; געווען איז עס אין יאָר 1912, אינעם יאָר אין וועלכן עס זענען פאָרגעקומען די וואַלן צו דער פירטער רוסישער דומאַ. מיר האָבן ביידע געוואַרט אויף די רעזולטאַטן פון דער זיצונג פון די יידישע עלעקטאָרן, אויף וועלכער עס האָט געזאָלט באַשלאָסן ווערן, וועמען פון די פוילישע קאַנדידאַטן אויסצווויילן. נאָך לענגערע וויכוחים איז באַשלאָסן געוואָרן נישט ארויסצושטעלן קיין יידישן קאַנדידאַט, ווי איינציקע פון זיי האָבן פאַרלאַנגט. זיי האָבן נישט געוואָלט גייען אזוי ווייט, אָנרירן דאָס פוילישע נאַציאָנאַלע געפיל, דורכן אויסנוצן די שפּאַלטונג, צווישן די פוילישע עלעקטאָרן, און אויפצווינגען אויף ווארשע, דאָס האַרץ פון פוילן, אַ יידישן דעפּוטאַט אין דער דומאַ אַריין.

נאָך אָט דעם היסטאָרישן באַשלוס, וואָס איז נאָך נישט געהעריק אָפּגעשאַצט געוואָרן, האָבן די יידישע עלעקטרן געדאַרפט ענדגילטיק באַשליסן פאַר וועמען (פון די פּאָליאַקן־קאַנדידאַטן) צו שטימען. עס איז געווען קלאָר אז מ׳וועט נישט שטימען פאר דמאָווסקין, דער פירער פון דער נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטיע (ענדעקעס), וואָס האָט אָפן דערקלערט אַז מ׳דאַרף ארויסשטויסן די יידן פון פוילן דורך ווירטשאַפטלעכער עקסטערמינאַציע, און אויך נישט פאַר יאַן קוכאַרזשעווסקי, דער היסטאָריקער און פּאָליטיקער, וואָס האָט זיך אויך סאָלידאַריזירט מיט דער דאָזיקער לאָזונג, ער האָט אָבער דערקלערט אז מ׳דאַרף דאָביי זי דערגרייכן פון ברוטאַלע מיטלען וועלכע זענען פוגע אין מענטשלעכן געפיל. עס איז דעריבער געבליבן דער קאַנדידאַט פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן פון פוילן און ליטע און פון בונד, וועלכע זענען געווען באַקאַנט מיט

זייער אַנטי־מלוכה׳שער אויפפאַסונג פון פוילישן פּראָבלעם. די צאָל פון זייערע עלעקטאָרן, וואָס זענען אויסגעוויילט געוואָרן אין דער אַרבעטער־קוריע נאָכדעם ווי די פּ.פּ.ס. האָט באָיקאָטירט די וואַלן איז געווען בלויז דריי. איינער פון זיי, וואָס איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן אַלס דער פאָרשטייער פון וואַרשע אין דער רוסישער דומע, איז געווען אַ פּשוט׳ער אַרבעטער. ער האָט געהאַט אַ קלינ־גענדיקן היסטאָרישן נאָמען: יאַגיעלאָ — דער נאָמען פון דער דינאַסטיע וואָס האָט פאַראייניקט ליטע און פוילן און פאַרוואַנדלט פוילן אין אַ גרויסמאַכט אין מזרח אייראָפּע. דער נאָמען זיינער האָט נישט באַזונדערס געהויבן זיין ווערט אין די אויגן פון די יידישע עלעקטאָרן און דער סאָציאַליזם זיינער ווידער, האָט נישט פאַרקלענערט זיין ווערט. די שטערונג איז געווען זיין פּראָפעסיע. „ווי קען מען שטימען פאַר אַ פּשוט׳ן אַרבעטער״? — האָבן זיך ממש געבעטן די פאַבריקאַנטן צווישן די יידישע עלעקטאָרן. וואָלט ער געהאַט אַ פרייע פּראָפעסיע, א שרייבער, זשורנאַליסט, אפילו א באַאַמטער — וואָלט געווען אַן אַנדער ענין, אָבער א פּראָסטער אַרבעטער ?... ס׳איז נישט געווען די פולע זיכערקייט, אז די יידישע עלעקטאָרן וועלן אלע שטימען פאַרן אַרבעטער און ס׳וועט זיך נישט געפינען אפילו איינער, וואָס וועט נישט גובר זיין אין זיך דעם קלאַסן אינסטינקט זיינעם און וועט זיך נישט אָפּהאַלטן פון ווילן און נישט צוברעכן די מערהייט.

מיר האָבן ביידע, איך און גראָסער, געוואָרט מיט ציטערניש אויף די רעזולטאַטן. מיר האָבן נישט געהאַט קיין וואַל־רעכט און דעריבער זענען מיר געבליבן אין דרויסן און נישט געקענט באַאיינפלוסן די עלעקטאָרן אין מאָמענט פון דער אָפּשטימונג. איך בין געווען זיכער אין די ציוניסטן וואָס זענען געווען צווישן די עלעקטאָרן, אז זיי וועלן בלייבן טריי דעם אָנגענומענעם באַשלוס. און באַזונדערס האָב איך געהאַט פאַרטרויען צו פאָדלישעווסקין וועמנס איינפלוס אויף די עלעקטאָרן איז געווען א גרויסער. גראָסער איז נישט געווען אזוי זיכער אז די פאַבריקאַנטן און הייזער־אייגנטימער וועלן גובר זיין זייערע געפילן און קלאַסן־אינטערעס און שטימען פאַרן קאַנדידאַט פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, פאַר א פּראָסטן אַרבעטער.

ווען די זיצונג האָט זיך ענדלעך געענדיקט האָט מיר פאָדליר־שעווסקי געמעלדעט מיט שמחה, אַז עס איז אים געלונגען דורכ־צופירן אַ פאַרפליכטענדיקן באַשלוס, צו שטימען פאַרן לינקן קאַנ־דידאַט, און אַז קיינער פון די עלעקטאָרן זאָל זיך נישט צוריק־האַלטן ביי די וואַלן.

גראָסער איז באַלד פאַרשוווּנדן, ווי גאָר ער האָט זיך דערוווּסט פונעם באַשלוס און מער האָב איך אים נישט געזען.

אין דער געשיכטע פון „בונד" שטייט געשריבן, אַז בעת די וואַלן צו דער פירטער רוסישער דומע האָט דער „בונד" געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין פּוילן און ליטע, און זיי האָבן דערגרייכט מיט בשותפות׳דיקע כוחות צו אַ נצחון אין דער אַרבעטער־קוריע, און איינער פון די געוויילטע אין דער אַרבעטער־קוריע יאַן יאַגיעלאַ, איז אויסגעוויילט געוואָרן אַלס פאַר־שטייער פון וואַרשע אין דער רוסישער דומע. עס ווערט דערביי פאַרשטייט זיך, נישט דערציילט אַז די צאָל געוויילטע עלעקטאָרן פון דער אַרבעטער קוריע איז געווען נישט מער ווי דריי, און נאָר אַ דאַנק דער שפּאַלטונג צווישן די פּאָליאַקן און די שטימען פון די יידישע עלעקטאָרן אונטער דער אָנפירונג פון די ציוניסטן איז יאַגיעלאַ געוויילט געוואָרן אַלס פאַרשטייער פון וואַרשע אין דומע.

צו יענער צייט האָט זיך פאַרגרעסערט די השפעה פון די פּוילישע יידישע אינטעליגענטן וואָס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין „בונד", וועלכער האָט זיך פריער געפונען אונטער דער אָנפירונג פון „ליטוואַקעס". קינדער פון אַסימילירטע פאַמיליעס, ס׳רוב פאַר־מעגלעכע, ביי וועלכע עס האָבן זיך דערוועקט נאַציאָנאַלע יידישע געפילן, האָבן געפונען זייער וועג צום בונד און נישט צום ציוניזם און זיינע סאָציאַליסטישע פּראַקציעס.

כ׳האָב נישט געקענט נעגטער בראָניסלאַוו גראָסערן, אָבער דאַכט זיך מיר אַז ער איז געווען ענלעך צו יאַן קירשראָט. די זעלבע איידעלקייט, דער זעלבער יידישער שטאָלץ, וואָס האָט זיך דער־וועקט אין אים צוליב באַליידיקונגען קעגן יידן, אפילו די וואָס האָבן נישט געטראָפן אים פערזענלעך. ער איז געווען באַליבט ביי זיינע חברים און האָט זיך באַטייליקט אין אַ געהיימען קרייז פון

די שילער פון די העכערע גימנאַזיע־קלאַסן און געווען דער אַנפירער פון דעם דאָזיקן קרייז. ער איז געווען באַגאַבט, ער האָט געקענט אויסדריקן זיינע געדאַנקען אין אן איבערצייגעגדיקער פאָרם, שריפט־לעך און מינדלעך, געווען אַ מענטש אַ טעמפּעראַמענטפולער. יידישע וואַרם־האַרציקייט וואָס איז געצוימט געוואָרן דורך פּויר־לישער דערציאונג.

עס האָט אים פּאַסירט אין זיין קינדהייט א זאך וואָס ער האָט קיינמאָל נישט פאַרגעסן, הגם עס האָט נישט געהאַט קיין באַלדיקע רעזולטאַטן אין זיין לעבן.

ער איז איינמאָל געפאָרן מיט זיין מוטער אין טראַמוויי און עס איז אריינגעקומען א ייד. ער שילדערט נישט דעם אויסזען און בגד פונעם יידן, ער באַמערקט בלויז אז דער בגד איז געווען שמוציק. מעגלעך אז דער ייד האָט געטראָגן א קאַפּאָטע, און געהאַט באָרד און פאות. דער ייד האָט זיך געבן אים אנידערגעזעצט. ער איז אויפגעשטאַנען און איז אריבער אויף א צווייטער באַנק. אָבער אינעם זעלבן מאָמענט האָט ער אויפגעכאַפּט דעם בליק פון זיין מוטער וואָס איז געווען פול טרויער און פאַרביטערונג און אויך דעם טרויער־פולן בליק פונעם יידן.

ס׳האָט אמאָל פּאַסירט אז אזעלכע אינצידענטן האָבן געבראַכט יונגע מענטשן פון אסימילירטע הייזער צו א גייסטיקן קריזיס. עס האָט צושטערט זייער גייסטיקן גלייכגעוויכט און אפילו געעפענט זייערע אויגן צו זען אין דער פּוילישער סביבה ארום זיי, אין איר באַציאונג צו אים, זאַכן וועלכע זיי האָבן פריער נישט געשענקט קיין אויפמערקזאַמקייט.

אין זיין אויטאָביאָגראַפיע וואָס ער האָט געשריבן פאַר זיין טאָכטער, וועלכע איז פאַרעפענטלעכט געוואָרן אין יאָר 1921 דער־ציילט ער וועגן די ראַנגלענישן וואָס ער האָט דורכגעמאַכט איידער ס׳האָט זיך אין אים אויפגעוועקט זיין יידישע דערקענטניש.

לייענענדיק די אויטאָביאָגראַפיע קען מען זען ווי ענלעך עס זענען געווען די ראַנגלענישן פון די יונגע מענטשן פון אסימילירטע הייזער וואָס האָבן, געפינענדיק זייער וועג צו יידישע באַוועגונגען און פּאַרטייען, מיטגעבראַכט מיט זיך אַ זעלישע צוגעבונדענקייט צום פּוילישן לאַנד צו פּוילישע קולטור, א צוגעבונדנקייט און

א טיפן סענטימענט, פון וועלכע עס זענען פריי געווען די „ליט־וואַקעס", וועלכע האָבן, על פי רוב, געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר די דאָזיקע פאַרטייען — סאָציאַליסטישע און ציוניסטישע.

שוועך זענען געווען די ראַנגלענישן פון ב. גראָסער ביז ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אין „בונד". ווען ער איז אריין אין גימנאַזיע האָט ער זיך צום ערשטן מאָל דערוווּסט אַז ער איז אַ ייד און איז באַגרענעצט אין זיינע רעכט, און שפּעטער אויך דאָס, אַז עס זענען פאַראַן אַנדערע יידן, וואָס האַלטן זיך נישט אַזוי נאָענט צו די פּאָליאַקן ווי ער און ער דאַרף אַמאָל אויסוויילן, וועמען ער איז אים גענטער; און אַמאָל פּאַסירט, אַז פּאָליאַקן וואָס דער־ווייטערן פון זיך אַנדערע יידן בלויז דערפאַר ווייל זיי זענען יידן, מאַכן אַן אויסנאַם פאַר אים, גלייך ווי זיי וואָלטן געוואָלט אים דערווייטערן פון יידישן כּלל. ער פילט אַז עס איז אַ באַליי־דיקונג, אָבער ער איז אַביסל שטאָלץ מיט דעם, וואָס מ'האַלט אים פאַר אַ פּאָליאַק און צוליב אים קומט צו אַ שפּאַלטונג אין דער אָרגאַניזאַציע פון די שילער פון די העכערע גימנאַזיע קלאַסן, דער גרעסטער טייל זייערער פּאָליאַקן.

זיין אינטערעס צו יידן ווערט וואָס אַמאָל שטאַרקער. ער הויבט אָן לערנען העברעאיש. עס איז נישט קלאָר, צי דערפאַר וואָס ער זעט אין דער דאָזיקער שפּראַך אַ שליסל צו די שאַפונגען פון יידישן פאָלק, צו זיין נשמה, אָדער סתם אַזוי אָן יעדער סיבה. זיין לערער איז לעאָן גראָסגליק, וואָס איז אַרויס פון „דער פינצ־טערער מאַסע", ווי גראָסער האָט אוודאי געהערט אין זיין סביבה, און זיך דערוואָרבן וויסן און בילדונג און באַשטימט געוואָרן אַלס הויפּט־סעקרעטאַר פון דער וואַרשעווער יידישער קהלה פאַרוואַלטונג און מיטגעאַרבעט מיט פּרץ'ן ביים אַרויסגעבן די „יידישע ביבלי־אָטעק". גראָסגליק האָט נישט געהערט צו יענע העברעאישע לערער וואָס האָבן געקענט צעגליען אַ פונק אין אַ פלאַם, פאַרפלאַנצן אינעם האַרץ פון תלמיד ליבע צו דער גרויסער שאַפונג פון די פעטער, וואָס האָט אַ וועלט דעראָבערט אין דער תּקופה פון געטער־אונטערגאַנג, און איר געשענקט אַ גאָט און דער עיקר — גלויבן אין דער מענטשלעכער צוקונפט. דאָס האָט טאַקע פאַרפלעקט דעם

לערער און דעריבער האָבן די העברעאישע לימודים נישט געמאַכט קיין איינדרוק אויף גראָסערן.

ער דערציילט בלויז וועגן דער מתנה וואָס ער האָט געשענקט דעם לערער צו זיין יובילײ — די געשיכטע פון יידן אין פוילן, וואָס ער האָט געשריבן אויפן גרונט פון די פיל ביכער וואָס ער האָט געלייענט וועגן דער געשיכטע פון זיינע פאָלקס־גענאָסן אינעם לאַנד, וואָס ער האָט נישט אויפגעהערט צו באַטראַכטן אלס זיין פאָטערלאַנד.

ער דערציילט וועגן זיין רייזע קיין פלאָצק, וועגן זיינע שמועסן מיט די ברידער גאָלדע, וואָס איינער פון זיי, אלעקסאַנדער, איז געווען א בונדיסט. זיינע סאָציאַליסטישע אָנשויאונגען האָבן זיך דעמאָלט אויסקריסטאַליזירט. עס האָט אים געצויגן צו יידן אָבער די צוציאונגס־קראַפט איז נאָך נישט געווען גענוג שטאַרק. ער זאָל קענען גובר זיין זיינע געוווינהייטן, זיין סביבה, ער זאָל ארויס פון זיין פוילישער וועלט. אָבער אויך צו דעם איז ער דערגאַנגען א דאַנק דער השפעה פון די בונדיסטן מיט וועלכע ער האָט זיך באַגעגענט. דעם לעצטן שטויס דערצו האָט איב געגעבן א מאסן־פאַרזאַמלונג פון יידישע ארבעטער אין וואַלד און דאָס געזאַנג פון זייער „שבועה״.

ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אין „בונד״; זיין שטרעבנוג איז געווען טריי און איבערגעבן צו ארבעטן לטובת די יידישע אר־בעטער און צו שאפן א בריק צווישן זיי און פוילן. ער האָט זיך דערוואָרבן אן אָנגעזעענע שטעלונג אין „בונד״ און געלייגט אויף אים זיין חותם. דער „בונד״ איז געוואָרן א פאַרטיי פון יידישע אַרבעטער אין פוילן אנגעפירט דורך יידישער אינטעליגענץ, וואָס איז געווען שטארק פאַרבונדן מיט פוילן.

זיין אַנטוויקלונגס־וועג האָט זיך פלוצים איבערגעריסן. בעת זיין ארעסט איז ער קראַנק געוואָרן אויף א שווערער קראַנקהייט, פון וועלכער ער איז געשטאָרבן.

# שמואל אדאלבערג

ער איז געווען באַקאַנט ווי אַ פֿאָרשער פֿון פּוילישן פֿאָלקלאָר און אַלס מחבר פֿון אַ בוך פּוילישע משלים, וואָס האָט זיך קונה שם געווען אין די קרייזן פֿון געלערנטע און פֿאָלקלאָר פֿאָרשער. ווי ווייט מיר איז באַקאַנט, איז עס דאָס איינציקע בוך איבער דעם פּוילישן משל און דאָס בוך האָט געשריבן אַ ייִד.

כ'האָב מיך באַגעגנט מיט אים אין די מאָנטיק־אָוונטן אינעם סאַלאָן פֿון נחום סאָקאָלאָוו און שפּעטער ביי ענלעכע געלע־גנהייטן אינעם הויז פֿון ד״ר שמואל פּאָזנאַנסקי. אַדאַלבערג פֿלעג זיך צוהערן צו די ריידעס און האָט זיך נישט באַטייליקט אינעם וויכוח קיינמאָל.

זיין באַציאונג צום ציוניזם און ייִדישן נאַציאָנאַליזם איז געווען אַ סקעפּטישער, אָבער נישט קיין פֿיינטלעכער. מיר האָבן גערופֿן די דאָזיקע אַסימילאַטאָרן „מעסיקע״ און זיי האָבן זיך גערופֿן, ווען זיי זענען אַרויס אין אַ וואַל־קאַמף א.ד.ג. אויף דער ייִדישער גאַס, ביידע אַסימילאַטאָרן נעאָ־אַסימילאַטאָרן. זיי האָבן זיך אַנט־קעגנגעשטעלט דער פֿאַרפֿרעמדונג און אונטערטעניקייט און נישט אָנגענומען די אַנזיכט פֿון די פּאָליאַקן, אַז ווען עס האַנדעלט זיך וועגן די אינטערעסן פֿון פּוילן, דאַרפֿן די ייִדן וואָס האַלטן זיך פֿאַר פּאָליאַקן, מקריב זיין די אינטערעסן פֿון זייערע ייִדישע גלויבנס־ברידער, אַפֿילו די סאַמע וויכטיקסטע.

די נעאָ־סאָציאַליסטן זענען געווען טעטיק אין דער ייִדישער געזעלשאַפֿט אין פּוילן ערבֿ דער ערשטער וועלט־מלחמה. אַדאַלבערג איז געווען גייסטיק נאָענט צו זיי, הגם ער האָט נישט געהערט צו די מנהיגים און וואָרט־פֿירער ביי זיי.

אינעם צווייטן יאָר פֿון דער דייטשער אָקופּאַציע, אין נאָוועמבער

1916, האָט די דייטשע רעגירונג פּראָקלאַמירט די שאַפונג פון קעניגרייך פּוילן, און האָט פאַרעפנטלעכט א ניי געזעץ פאַר דער יידישער קהלה. אין דעם דאָזיקן געזעץ האָט די דייטשע אָקופּאַציע מאַכט נאָר טיילוויז דערפילט די יידישע פאָדערונגען. עס איז אויסגעברייטערט געוואָרן דער טעטיקייט־שטח פון דער קהלה, און עס איז אויף איר ארויפגעלעגט געוואָרן די אויפגאַבע צו פאַר־נעמען זיך מיט די ענינים פון דערציאונג, קולטור און סאָציאַלע הילף. צוזאַמען מיט דעם איז געגעבן געוואָרן דאָס רעכט פאַר אלע קהלה מיטגלידער וואָס צאָלן אפילו בלויז דעם סאַמע קלענסטן קהלה־שטייער, אויסער פּרויען, צו וויילן און געוויילט צו ווערן און עס איז געשאַפן געוואָרן אַ צענטראַלע אָנפירונג פאַר די קהלות אין לאַנד, א יידישער הויפּט־ראַט וואָס זיינע מיטגלידער זענען געווען רבנים און פאָרשטייער פון די קהלות. עס איז געווען קענטיק אין דעם דאָזיקן געזעץ אַ באַזונדער זאָרג פאַרן הויבן דעם פּרעסטיזש און אָנזען פון די רבנים וואָס זענען אריין אין די קהלה־פאַרוואַלטונגען און אינעם יידישן הויפּט־ראַט, אויפן יסוד פון זייער אַמטלעכן שטעלונג אלס רבנים.

מ׳האָט געזאָגט אז אדאלבערג איז געווען אן אקטיווער מיטגליד אין דער קאָמיסיע וואָס האָט פאָרמולירט דאָס קהלה־געזעץ. מ׳האָט אים הושד געווען אז ער האָט משפיע געווען ביים פעסטשטעלן דעם רעליגיעזן כאַראַקטער פון דער קהלה, וואָס איז אויך געקומען צום קלאָרן אויסדרוק אינעם נאָמען אירן: „די יידישע רעליגיעזע געזעלשאַפט". עס האָט זיך דעמאָלט געשטאַרקט אין די קרייזן פון דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט די השפעה פון די פראַנקפורטער אָרטאָדאָקסן, וועלכע האָבן געזען אין יידן קודם כל א רעליגיעזע געמיינשאַפט.

נאָך דעם ווי עס איז געגרינדעט געוואָרן, דורך דער דייטשער מאַכט, אַ פּוילישע רעגירונג, איז אינעם מיניסטעריום פאַר בילדונג און רעליגיע געשאַפן געוואָרן אן אָפּטיילונג פאַר דער יידישער רעליגיע און בראש פון דער אָפּטיילונג איז געשטעלט געוואָרן אַדאלבערג. נאָך דער באַפרייאונג פון פּוילן פון דער דייטשער הערשאַפט איז די יידישע אָפּטיילונג אריבער אינעם נייעם מיניס־טעריום אין דער סאָציאַליסטישער רעגירונג פון מאָראַטשעווסקי.

די דאָזיקע רעגירונג האָט זיך געאײַלט צו פֿאַרעפֿנטלעכן דעקרעטן נאָך פֿאַר די וואַלן פֿון קאָנסטיטוציע־סיים, ווײַל זי האָט פֿאַרשטאַנען אַז גלײַך נאָכן צונויפֿקומען זיך פֿון סיים וועט זי זיך מוזן אָנגעבן אין דעמיסיע. צווישן די דעקרעטן, וואָס זייער ציל איז געווען אײַנצופֿירן פּאָליטישע און סאָציאַלע געזעצן לויטן סאָציאַליסטישן און דעמאָקראַטישן פּראָגראַם, איז אויך געווען אַ צוגאָב־דעקרעט צום שלעכטן. עס זענען אינעם נײַעם געזעץ בטל געוואָרן די באַ־שטימונגען וועגן דער דעריציאונגס־טעטיקייט פֿון יידישן הויפּט־ראַט און די טעטיקייט פֿון די קהלות איז באַשרענקט געוואָרן צו בלויז רעליגיעזע ענינים.

אין די ציוניסטישע קרײַזן האָט מען חושד געווען אַז דאָס איז געווען די אַרבעט פֿון אַדאַלבערגן.

כ'האָב באַגעגנט מיט אים אין זײַן אמת וועגן פֿאַרשיידענע ענינים. די פֿאַרשיידענע ענדערונגען אין די פּוילישע רעגירונגען האָבן אין אים נישט אָנגערירט. ער האָט געגאָסן פֿון פֿאַרטרויען פֿון אַלע רעגירונגען, ביז עס איז געקומען צו דער מאַכט די „סאַ־נאַציע" (פּילסודסקיס אנהענגער) און די אויבערהאַנט האָבן באַ־קומען די וואָס האָבן געשטרעבט צו דער אַרויסשטויסונג און עקסטערמינאַציע פֿון די יידן. עס האָט זיך אָנגעהויבן דער קאַמף קעגן יידישע „סטראַגאַנעס" (פּאַרקויף־שטעלן) באַגלײַט מיט אָנ־פֿאַלן אויף יידן, אַן אַנטי־שחיטה גזירה און די פּאָליטיק פֿון הכנעה און אונטערטעניקייט פֿון די יידן און זייערע פֿאַרשטייער.

ביז צו יענער תקופה האָט נישט אויפֿגעהערט דער קאַמף אונדזערער, פֿאַר בירגערלעכע און נאַציאָנאַלע רעכט און קעגן ווירטשאַפֿטלעכער עקסטערמינאַציע פֿון די יידן. אמאָל איז עס געקומען דערצו, אַז מ'האָט דערפֿילט אַ געוויסע פֿאָדערונג אונדזערע, ס'רוב אַ נישט זער וויכטיקע, דעמאָלט האָט די שפּאַנונג נאָכ־געלאָזט און ס'איז אויפֿגעקומען אַ האָפֿנונג אַז מ'וועט זיך קענען דערשלאָגן צו דער דערפֿילונג אויך פֿון וויכטיקע און יסודות'דיקע פֿאָדערונגען. איינע פֿון זיי איז געווען אַן ענדערונג אינעם וועזן און קאָמפּעטענץ פֿון דער קהלה, זי זאָל אַרײַנעמען אין איר טעטיקייט־געביט אויך נאַציאָנאַלע ענינים.

אין איינער פֿון די דאָזיקע „אָטעם־פּויזעס" בין איך איינ־

געלאַדן געוואָרן דורך אדאלבערגן, וועלכער האָט מיר אָפיציעל פּאָרגעשלאָגן אז מיר זאָלן אויסארבעטן א ניי קהלה־געזעץ לויט אונדזערע פאָדערונגען. ער האָט מיר נישט דערציילט ווער האָט אויף אים ארויפגעלייגט די דאָזיקע אויפגאַבע און אים דערלויבט מיך צוצוציען צו דער ארבעט, נאָר ער האָט מיר געגעבן אָנצוהערן, אז אויב מיר וועלן קומען צו א הסכם ביים אויסארבעטן דעם געזעץ־פּראָיעקט, איז מעגלעך אז ער זאָל ווערן א געזעץ. כ׳האָב נישט געגלויבט אין דעם, כ׳האָב געוווסט, אז ווען די רעגירונג וועט וואָגן נאָכצוקומען אונדזערע פאָדערונגען אפילו נאָר אין א קלענער מאָס, וועט זי נישט זיין אימשטאַנד צו באַקומען א מערהייט אין סיים, ער זאָל עס באַשטעטיקן. אָבער איך האָב נישט אָפּגעוואָרפן דעם פאָרשלאַג פון אַדאַלבערגן און מיר זענען צו־געטרעטן צו דער ארבעט.

כ׳פלעג אָפט קומען צו אים אין אַמט אריין און שעה׳ן לאַנג האָבן מיר ביידע געאַרבעט ביים פאָרמולירן אַ יידיש קהלה־געזעץ. עס האָט זיך ארויסגעוויזן אז פיל פון אונדזערע חשדים קעגן אים זענען געווען אָן אַ גרונט. אין יעדער הארבער פראַגע פלעגן מיר דערגרייכן צו א פאַרשטענדיקונג און פשרה. כ׳האָב פיל געלערנט ביי אַדאַלבערג אין אָט דעם ענין. אנדערש ווי עס האָבן געמיינט אָדער פאַנטאַזירט די יידישע פאַרטייען אין די רעוואָלוציע־יאָרן וועגן די מעגלעכקייטן פון אַ יידיש־נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, איז פאַר מיר קלאָר געוואָרן, אז די יידישע קהלה קען נישט זיין קיין געזעצגעבערישע אינסטאַנץ, ווייל זי באַזיצט נישט דעם כוח צו צווינגען אויסצופירן אירע באַשטימונגען. ווייל אלע אירע באַשטימונגען מוזן אָנקומען צו דער באַשטעטי־קונג פון דער רעגירונג.

נאָכדעם ווי מיר האָבן פאַרענדיקט אונדזער ארבעט בין איך נישט איינגעלאַדן געוואָרן נישט צום מיניסטער פאַר בילדונג און רעליגיע און נישט צו אַדאַלבערגן. עס איז שטיל געוואָרן ארום דעם ענין. אַדאַלבערג האָט מיר נישט דערציילט פאַר וואָס, און ווי עס האָט פּאַסירט. אונדזער פּראָיעקט איז באַהאַלטן געוואָרן אין ארכיוו פון מיניסטעריום פון בילדונג און רעליגיע.

כ׳האָב איינמאָל באַזוכט אַדאַלבערגן אין זיין וווינונג. ער איז

געווען א בחור. אין זיין איינפאַכן צימער איז געשטאנען א ביכער־שראַנק, אייניקע שטולן און א שרייב־טיש, דאָס איז אלץ. עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק: א מענטש וואָס האָט זיך אנטוישט אין דער ליבע און האָט פארשלאָסן זיך אין דער איינזאַמקייט.

צום סוף פון די צוואַנציקער יאָרן האָט ער באַזוכט ארץ־ישראל. געפאָרן אויף די שאָסייען אין לאַנד, זיך צוגעקוקט צו די לאַנדשאַפט, צו אלעם וואָס עס טוט זיך אין לאַנד. באַגעגענט א גרופּע יונגע, וואָס האָבן געאַרבעטביים ברוקירן דעם וועג, ביים שאָסיי. געכאַפּט א שמועס מיט זיי, און ער איז געוויר געוואָרן אז דער רוב, אויב נישט אלע, שטאַמען פון פוילן, דער־צויגן אין „השומר הצעיר". ער איז צוגעגאַנגען צו איינעם, וואָס איז געזעסן אויף א הויפן שטיינער און צוגעגרייט שוטער (קליינע שטיינדלעך) פאַר זיינע חברים וואָס ברוקירן דעם שאָסיי. אָנגע־הויבן א שמועס מיט אים, געפרעגט אים ווי ער הייסט. ער האָט זיך דערוווסט אז ער איז מיין זון. די זאַך האָט געמאַכט אויף אים א שטאַרקן איינדרוק. א זון פון א סיים־דעפּוטאַט, וואָס שטייט בראש פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, א יונגער מענטש וואָס האָט געענדיקט אַגראָנאָמיע אין פראַנקרייך, זיצט אונטער דער ברענענדיקער זון און מאַכט שוטער. עס האָט אים אויסגעזען וווּנדערלעך.

ווען ער איז צוריקגעקומען קיין וואַרשע, האָט ער דערציילט וועגן דער דאָזיקער באַגעגעניש ווי וועגן איינער פון די ווונדער פון לאַנד, כמעט אַ וועלט־ווונדער. עס דאַכט זיך מיר, אז זיין באַציאונג צום ציוניזם האָט זיך דעמאָלט געענדערט, דער אָנזען פון ציוניזם איז געשטיגן אין זיינע אויגן.

יאָרן־לאַנג האָבן מיר זיך נישט געזען. זיין השפעה איז געפאַלן און כ'האָב נישט געהאַט אן אינטערעס זיך צו טרעפן מיט אים. אין איינעם א אָוונט, האָבן מיר זיך באַגעגענט אין גאַס. ער איז צוגעגאַנגען צו מיר און האָט מיך געפרעגט צו עס איז אמת אז איך פאַרלאָז פוילן און האַלט ביים עולה זיין קיין ארץ־ישראל. כ'האָב אים געענפערט — יאָ, ס'איז אמת. ער האָט א פרעג געטון ווי אַן אויפגעציטערטער: וואָס טוסטו, אויף וועמען פאַר־לאָזטו אונדז? כ'האָב אים אלץ אויפגעקלערט. די יידישע מאַסן

זענען מיד געוואָרן, זיי קענען נישט אויסהאַלטן דעם טעראָר פון דער רעגירונג. עס איז נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר מיין ארבעט, פאַר דעם פּאַרזעצן פון מיין פּאָליטיק. איך בין שוין אריבער פופציק און כ'וויל נישט קומען אין לאַנד אריין, א שוואַכער מענטש אָן כוחות, ווען כ'וועל שוין נישט קענען ארבעטן ווי געהעריק. ער האָט מיך נישט אָפּגעלאָזט און מיר געגעבן צו פאַרשטיין אז ס'איז נישטאָ ווער עס זאָל מיין פּלאַץ פאַרנעמען, אז אין די רעגירונגס־קרייזן באַציט מען זיך צו מיר מיט כבוד, מ'רעכנט זיך מיט מיר, הגם מ'קעמפט קעגן מיר. אַ ליידיקער פּלאַץ וועט בלייבן אין דער יידישער פּאָליטישער ארבעט אין לאַנד, ווען איך וועל אַוועקגיין.

כ'האָב געפילט אז די ווערטער קומען פון האַרצן, אז עס איז נישט סתם אזוי א קאָמפּלימענט און כ'בין געווען זער גערירט הערענדיק עס פון זיין מויל, פון אים וואָס האָט פון נאַטור־אויס באַדאַרפט צו זיין אַ קעגנער פון מיין פּאָליטיק, פון מיין קאַמף.

כ'האָב אים מער נישט געזען. ס'איז מיר נישט אויסגעקומען מער זיך צו באַגעגענען מיט אים.

די אַנטיסעמיטישע כוואַליע האָט פאַרפלייצט פוילן. טהאָן האָט מיט גרויס צאָרן גערעדט זיין לעצטע ריידע אין סיים באַלד אַפּמאַך צווישן פוילן און נאַצי־דייטשלאַנד. אויך זאַמערשטיין האָט אָנגעהויבןריידן אין מיין נוסח, דער לעצטער פּרעמיער האָט פאַרגליכן זיינע ווערטער מיט מיינע „דונער־ריידעס". עס האָט אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה, פוילן האָט געליטן א צוזאַמענברוך, זי איז פאַרטיילט געוואָרן צווישן אירע צוויי מעכטיקע שכנים פון מזרח און מערב. די דייטשן האָבן איינגענומען ווארשע נאָך אַ צווייוואָכיקער באַלאַגערונג. עס זענען אריבער בלויז עטלעכע טעג און ס'איז אָנגעקומען א ידיעה קיין ירושלים, אז אדאַלבערג איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.

זיין האַרץ האָט אים פאָרויסגעזאָגט וואָס עס דערוואַרט פוילן און אירע יידן, ער האָט נישט געוואָלט לעבן אונטער דער הער־שאַפט פון דער נאַצישער פאַרזעהעניש.

# רבי יצחק ניסענבוים

צוויי מאָל האָב איך געשריבן וועגן אים. צום ערשטן מאָל — אַ קריטיק וועגן זיין „ספר הדרשות" פון ציוניסטיש־אידעאָלאָגישן זע־ווינקל, און צום צווייטן מאָל — אַ פּערזענלעכע אָפּשאַצונג. ביים ערשטן מאָל שרייבן בין איך נאָך יונג געווען, נאָר וואָס אָנגעהויבן שרייבן קריטיק־אַרטיקלען. כ'האָב נישט געקענט דעם מחבר, כ'האָב בלויז געלייענט זיינע דרשות. כ'האָב מיך זער שאַרף אָפּגערופן וועגן זיי, מיינע ציוניסטישע אָנשויאונגען האָב איך אָנגענומען אַלס די איינציקע ציוניסטישע אמת'ן. בעת'ן צווייטן מאָל שרייבן האָב איך שוין געקענט דעם געטרייען ציוניסט ניסענבוים, וואָס זיין לעבן האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט דער ציוניסטישער באַוועגונג בכלל און די מזרחי־באַוועגונג בפרט.

כ'באַדויער וואָס איך האָב נישט געקענט געפינען דעם צווייטן אַרטיקל וואָס האָט זיך אָנגעהויבן, לויט איך דערמאָן מיך, מיט אַ התנצלות פאַר מיין צוגאַנג צו דער פּערזענלעכקייט פון ניסענבוימען אינעם ערשטן אַרטיקל. אָן אָט דעם צווייטן אַרטיקל האָב איך נישט געוואָלט דאָ ברענגען דעם ערשטן, שאַרפן אַרטיקל וואָס כ'האָב אַמאָל געשריבן וועגן ניסענבוימען.

דער דריטער אַרטיקל איז געשריבן אונטער דעם איינדרוק פון לייענען די בריוו פון הרב ניסענבוים, וואָס זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן דורך זיינע געטרייע תלמידים.

רבי יצחק ניסענבוים איז געשטאַנען ביים וויגעלע פון חיבת־ציון און דעם פּאָליטישן ציוניזם. אַלס סעקרעטאַר פון רבי שמואל מאָהילעווער האָט ער געזען אין חיבת־ציון און שפּעטער אינעם ציוניזם אַ נאַציאָנאַל־רעליגיעזע באַוועגונג, וואָס רעאַליזירט די בענקעניש פון פאָלק און זיינע שטרעבונגען צו נאַציאָנאַלער פריי־הייט, צו שאַפן זיין מדינה אינעם לאַנד פון די אבות.

די דאָזיקע מדינה וועט, פאַרשטייט זיך, זיין א רעליגיעזע מדינה, ווייל בלויז אויף דעם אופן וועט זי קענען אָפּהיטן און אויפהאַלטן די אייניקייט אינעם יידישן פאָלק, וואָס וועט בישט אויפהערן אויך ווייטער צו זיין צעשפּרייט צווישן די פעלקער, נאָך דעם קבוץ גלויות. ווען עס איז באַקאַנט געוואָרן דער פּראָיעקט פון דער פּיל־קאָמיסיע וועגן שאפן אַ יידישע מדינה און אן אַראַבישע מדינה אין מערב־ארץ־ישראל, שרייבט ניסענבוים אַ קאָנ־סטיטוציע־פּראָיעקט פונעם זע־ווינקל פון זיין רעליגיעזער אַנשוי־אונג. זיין הויפּט־ציל איז דאָס אָפּהיטן די אייניהייטלעכקייט פון יידישן פאָלק און ער זעט נישט, ווי געזאָגט, קיין אנדער מעגלעכ־קייט דערצו ווי דאָס ארויפלייגן דעם חותם פון דער רעליגיע אויף דער מדינה, דורכן אָפּהיטן די לעבענס־פאָרמען וואָס זענען אמייסטן פאַרהייליקט געוואָרן אין די אויגן פון פאָלק און אין זיין לעבן. ער פאַרשטייט אז די פּאָליטישע, קרימינעלע, ווירטשאַפטלעכע און סאָציאַלע יוריסדיקציע און געזעצגעבונג אין לאַנד וועט זיך אַנט־וויקלען ווי א פרייע שאַפונג, וואָס הגם זי וועט ציען איר יניקה פון די אלטע מקורות, וועט די דאָזיקע יניקה נישט באַדייטן א פאַרשקלאַפונג פונעם לעבן צו אָפּגעלעבטע פאָרמען פון דער פאַר־גאַנגענהייט. וואָס איז שייך יענע מצוות און דינים וואָס זייער הייליקייט שליסט אויס יעדע ענדערונג אין זיי, וועט מען קענען אין לעבן פון א מאָדערנער מדינה זיי אָפּהיטן, ווייל די מדינה וועט דאָך נישט געהערן צו איין פאָלק און איין רעליגיע, נאָר עס וועלן לעבן אין איר, ווי גלייכבאַרעכטיקטע בירגער, אויך אנדערע נאַ־ציאָנאַליטעטן און פאַרשיידענע רעליגיעזע געמיינדעס. די נישט־יידן וועלן טון זייער דינסט פאַר דער מדינה אין די טעג ווען די יידן איז פאַרבאָטן צו ארבעטן פונקט ווי די יידן וועלן ארבעטן און טון זייער דינסט פאר דער מדינה אין די יום־טוב און רו־טעג פון די נישט־יידן. מ׳וועט נישט דארפן איבערייסן די ארבעט און דעם דינסט פאַר דער מדינה און מ׳וועט נישט מוזן אויפ־צווינגען אויף קיין שום בירגער א לעבענס־שטייגער א מנהג אָדער א דין קעגן זיין אנשויאונג, גלויבן און רעליגיע.

עס דערמאָנט די „אינסטיטוציע" פון שבת־גוי אין גלות, מער נישט דאָ איז עס געגעבן אין דער פאָרם פון קעגנזייטיקע ברי־דערלעכן דינסט צווישן די באַזונדערע רעליגיעזע געמיינדעס און

יחידים. כ׳בין גרייט צו גלויבן, אז אַט די מסקנה איז ווייט געווען פונעם געדאַנק פון רבי יצחק ניסענבוים. אָבער עס איז אינטערעסאַנט אז די פראגע האָט אים געמאַטערט, ווי אויסצו־מיידן דאָס, אז אין א מאָדערנער מדינה זאָלן נישט געשעדיקט ווערן דער אינטערעס פון דער מדינה ווען ער קומט אין א צו־זאַמענשטויס מיט די שטרענגע, נישט פאַרענדערלעכע פאַרשריפטן פונעם דת, און ער האָט געגלויבט אז ער האָט געפונען דעם געווינטשענעם ארויסגאַנג פון דער לאַגע, וואָס פאַסט זיך צו, צו זיין ציל.

זיין ציוניזם איז געווען אן אלגעמיינער, ס׳הייסט, ער האָט ארומגענומען אלע שטרעמונגען, פארבן און שאַטירונגען.

אלע זיינע יאָרן איז ער געשטאַנען אויף דער וואַך פון דער איינהייטלעכקייט פון מזרחי אין דער געאייניקטער ציוניסטישער באַוועגונג. די פארשיידענע אידעאָלאָגישע צוגאַנגען צו די ציוניס־טישע פראָבלעמען אנטשיידן נישט. ס׳קענען זיין חלוקי דעות וועגן די אדער יענע מיטלען און וועגן, אָבער ווען דער וועג איז איינמאָל געוויילט געוואָרן דאַרפן אלע מיטגיין; ס׳איז בעסער צו בלאָנדזשען מיטן כלל איידער צו זיין א פורש מן הצבור.

א געוויסע צייט איז ער געשטאַנען בראש פון „מזרחי" אין פוילן. ער איז געשטעלט געוואָרן בראש פון דער באַוועגונג צו וועלכער ער האָט געהערט, בעת זי האָט זיך געפונען אין אַ שווערער לאַגע, באַזונדערס אין פינאַנסיעלער הינזיכט. זיינע בריוו צו די אָנפירער פון מרכז עולמי פון מזרחי און צו זיינע פריינט אין ירושלים אין יענע טעג זענען א פארצווייפעלטער רוף נאָך הילף, וואָס איז נישט געקומען. ער האָט נישט מסכים געווען צו נעמען שטיצע פון יעדער האַנט, נאָר פון אַזעלכע וואָס ער האָט געהאַלטן פאר ראוי דערצו. איז זיין לאַגע געווען א שווערע. ער האָט זיך געפילט עלענט און פארלאָזט און נישט געקענט באַהאַלטן זיין אנטוישונג און יאוש.

אויך זיין פריוואַטער מצב איז געווען א שווערער. זיין געזונט איז רואינירט געוואָרן און די דאגות־פרנסה האָט שווער געדריקט אויף אים. נאָר איינצעלנע פריינט האָבן אים געדענקט און א ביסל געהאָלפן. און די רעליגיעז־ציוניסטישע באַוועגונג אין פוילן האָט

דאָך געהאַט אים אַזוי פיל צו פאַרדאַנקען, ער האָט געטון זיין גרויסן דינסט פאַר איר דעמאָלט ווען די כוחות האָבן אים גאָר געדינט.

פאַר וואָס איז ער געבליבן אין גלות־פוילן און האָט נישט עולה געווען קיין ארץ־ישראל? מיר געפינען אין זיינע בריוו אַן אמת׳ע און אָן אָפענהאַרציקע תשובה. עס זענען נישט בלויז זיינע ווערטער נאָר די ווערטער פון פיל ציוניסטישע עסקנים, וואָס האָבן געווידמעט דאָס גאַנצע לעבן זייערס פאַר דער באַוועגונג און דעם אויפבוי פון לאַנד און נישט זוכה געווען זיך צו באַזעצן אין ארץ ישראל אפילו ביים ענדע פון זייער לעבן. גיסענבוים האָט געשריבן צו אַ פריינט וואָס האָט אים געפרעגט פאַר וואָס ער איז נישט עולה קיין ארץ־ישראל, אַז ער זעט נישט פאַר זיך קיין פלאַץ אינעם ישוב. קיין לערער קען ער נישט זיין און ער ווייסט נישט פונוואַנען ער וועט קענען פאַרדינען אויף חיונה. קיינער פון זיינע חברים און תלמידים האָבן זיך נישט דערשלאָגן צו אַן אָנ־פירענדיקער שטעלע אין דער מזרחי אָרגאַניזאַציע אין לאַנד און ער איז פאַרבליבן אין גלות, ביז אַ צייט ווען דער באָדן האָט זיך גענומען וואַקלען אונטער די פיס פון די יידן אין פוילן און די הימלען האָבן זיך אָנגעהויבן באַדעקן מיט שוואַרצע וואָלקענס, וואָס האָבן אָנגעזאָגט שטורעם און חורבן.

און ווען דאָס אומגליק איז געקומען איז רבי יצחק גיסענבוים בעגאַנגען צוזאמען מיט זיין פאָלק דעם וועג פון בויט און דערני־דערונג, הונגער און פיין, ביז אינעם געטאָ, וואָס איז געוואָרן אַ גרויליקער קאָנצענטראַציע־לאַגער פאַר הונדערטער טויזענטער יידן.

ווען די היטלער האָרדעס זענען אריין קיין סאָוויעט רוסלאַנד און אויך אמעריקע איז אין אייניקע חדשים ארום אריינגעטרעטן אין דער מלחמה — זענען די יידן אין וואַרשע, אין פוילן און אין איירראָפע אָפגעשניטן געוואָרן פון דער וועלט. זייער גורל איז געווען געחתמ׳עט און קיינער איז זיי צו הילף נישט געקומען. צווישן זיין פאָלק וואָס איז פאַרמשפט געוואָרן אויף פיין און אומקום איז ער געווען ביז צום לעצטן טאָג, דער איידעלער און געטרייער לערער און מנהיג פונעם גלויביקן יידנטום אין פוילן.

# יאנוש קאָרטשאַק

זיין אמת'ער נאָמען איז געווען ד"ר הענריק גאָלדשמיט, געבוירן אין אן אסימילרטער יידישער פאַמיליע.

דער פסעוודאָנים איז א ראָמאַנטיש־פּוילישער — אינעם גייסט פון דער משפחה־טראַדיציע. מיט דעם דאָזיקן נאָמען, וואָס שטאַמט פון היסטאָרישע מקורות פון די קאַמפן פון פּוילישן פאָלק און זיינע פירערס, איז גאָלשמיט אריין אין דער יידישער געזעלשאַפט־לעכקייט און דער יידישער דערציאונג, און מיט זיין טויט, צווישן די קינדערלעך וואָס ער האָט דערצויגן און צוזאַמען מיט זיי, האָט ער געהייליקט זיין נאָמען און עס האָט זיך געעפנט פאַר אים דער היכל־הקדושים פון יידישן פאָלק און זיינע העלדן.

כ'האָב מיך באַגעגנט מיט הענריק גאָלדשמיט ווען מיר זענען געווען ביידע סטודענטן אין דער ווארשעווער אוניווערזיטעט, אויף דער מעדיצינישער פאַקולטעט.

די באַגעגעניש איז פאָרגעקומען צופעליק אין איינער פון די קלענערע צוקערניעס וואָס האָבן זיך געפונען קעגנאיבער דער אוניווערזיטעט. מיר האָבן געשמועסט איבער פאַרשיידענע ענינים און צווישן זיי וועגן די ענינים פון יידן אין דער אוניווערזיטעט און אויף דער וועלט. די ווערטער פון גאָלדשמיטן זענען דורכגע־דרונגען מיט גיפטיקן שפּאָט. איך האָב מער געשוויגן ווי גערעדט. כ'האָב מיך צוגעהערט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט צו די רייד פון אָט דעם יונגען מענטשן, וואָס האָט געמאַכט דעם אָנשטעל פון אן אלטן, א מענטש מיט פיל פּראַקטיק, וואָס ווייסט אז עס איז נישט כדאי צו מאַטערן די נשמה מיט דעם אלעמען וואָס מענטשן רופן אָן מיטן נאָמען אידעאל, ווייל אלץ איז נאַריש און פוסטע חלומות. כ'האָב געוווּסט אז עס איז א מאסקע, וואָס יונגע מענטשן פון פאָרמעגלעכע, אסימילירטע פאַמיליעס טוען אָן, כדי צו פאַר־

דעקן די פּוסטקייט אין זייער נשמות, דעם שפּאָט און גרינגשעצונג לגבי זייער אייגענער נאָענטער סביבה, אויף זייער נישט קענען געפינען פאַר זיך אַ גייסטיקע היים, זיך דערנענטערן צו זייערע פאָלקס־מאַסן, נאָך וועלכע עס לעכצט אַמאָל אַזוי שטאַרק זייער נשמה. עס איז געווען דער געוויינלעכער סטיל ביי די בעסערע קינדער פון אסימילירטע רייכע פאַמיליעס, וואָס האָבן מיט אייגענע אויגן געזען און געפילט די פוילעניש אין דער סביבה אין וועלכער זיי לעבן, הגם אויסערלעך האָט עס נאָך אויסגעזען שיין און פול גלאַנץ. אויף מיר און מיינע חברים וואָס האָבן געלעבט אין אַ וועלט פון התלהבות, וואָס האָבן געגאָסן פון דער פרייד וואָס עס האָט זיי געשענקט די יידישע גייסטיקע היים, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אַנטפּלעקן פאַר זיי אין איר גאַנצער שיינקייט און פּראַכט, האָט דער דאָזיקער סטיל געמאַכט אַ מאָדנעם איינ־דרוק: ער האָט אָפּגעשטויסן און צוגעצויגן. עס האָט, אמת, איינ־טריגירט דער סקעפּטישער כלומרשטער אַלץ־וויסער, אָבער עס איז גלייכצייטיק, געווען אַ רחמנות אויף די שאַרף־צונגיקע שפּאָטער און חוזק־מאַכער, וואָס זענען געווען געפּאַנגען אין דער פּוסטער, פון יעדן גייסטיקן תוך אויסגעליידיקטער וועלט זייערער.

זינט דער דאָזיקער באַגעגעניש זענע אוועק יאָרן און מיר האָבן זיך נישט באַגעגענט, ס׳הייסט, מיר האָבן נישט געהאַט די געלע־גנהייט זיך אויסצושמועסן. איך האָב פאַרלאָזט די מעדיצינישע פאַקולטעט און ער האָט זי געענדיקט אַלס אַרצט. איך בין געווען אַריינגעטון אין דער וועלט פון ציוניזם וואָס איז געווען אַזוי ווייט פון דערקענטעניש און געפיל פון גאָלדשמיטן. און פּלוצים איז ער באַקאַנט געוואָרן נישט בלויז אַלס טאַלאַנטירטער פּוילישער שרייבער, נאָר אויך אַלס דער דיכטער פון יידישן קינד, די „מאָשקעלעך״ און „סרולעקלעך״, צו וועלכע ער האָט זיך דער־נענטערט און זיין נשמה האָט זיך צוגעבונדן צו זיי ביז דעם טאָג ווען ער איז געגאַנגען בראש פון זיי צום טויט.

קאָרטשאַק איז געווען פון נאַטור־אויס אַ פּעדאַגאָג, געקענט דאָס קינד און זיין וועלט. זיין שיטה איז געווען צו דערציילן דעם קינד פון זיין אייגענער קינדישער וועלט און נישט קיין אויסגע־טראַכטע מעשיות און לעגענדעס פון אַ פרעמדער וועלט. ער האָט

געשאַפן אַ נייעם טיפּ פון א קינדער־צייטונג, אין וועלכער די קינדער פלעגן אליין שרייבן וועגן דעם וואָס זיי קלערן און טראַכטן, וועגן זייערע באַדערפעניישן און שטרעבונגען, וועגן אלץ וואָס זיי זעען און הערן. ער האָט מיטגעלעבט זייער קינדעריש לעבן און זיך געהיט נישט אריינצוברענגען צו די קינדער עפּעס פון דער וועלט פון די דערוואַקסענע. ער האָט געפונען א וועג צו די קינדערשע נשמות און איז זיי באַכגעגאַנגען מיט גרויס ליבע, ווי א דערציער און א חבר, א פאָטער און פריינט. ער איז באַקאַנט געוואָרן ווי איינער וואָס האָט געעפענט נייע וועגן אין דער דערציאונג.

פון ווייטן האָב איך געהערט וועגן זיין רום, אַמאָל געליינט זיינע דערציילונגען וועגן זיין דערציאונגס־ארבעט. ערשט נאָך יאָרן האָבן מיר זיך ווידער באַגעגענט. ערב דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, בעת מיין ווילן אין ווארשע האָט ער מיך באַזוכט, כדי מיט מיר אַן עצה צו האַלטן זיך וועגן זיין עליה קיין ארץ ישראל. ער האָט שוין געהאַט געזען דאָס לאַנד, געלעבט א קורצע צייט אין איינעם פון די קבוצים, קענען געלערנט און ליב באַקומען די פאַרשיידענע און אויסטערלישע טיפּן וואָס מ׳באַגעגנט אין זיי. ער האָט מיר דערציילט, מיט א געוויסער שעמעוודיקייט וואָס ער האָט זיך באַמיט צו באַהאַלטן, אז ער האָט בדעה זיך צו באזעצן ערגעץ אין אַן אָפּגעלעגענעם ווייטן קבוץ און פירן אַן איינזאם לעבן. ער וויל זיך נישט באַטייליקן אינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן, אויך נישט אין דער דער־ציאונג פון די קינדער. ער וויל זיין אליין, דערווייטערן זיך פונעם גערויש פונעם לעבן, אבסערווירן, לערנען און קענען זיך אויסשמועסן מיט זיין אייגענער נשמה. כ׳האָב אים צוגעזאָגט אלץ צו טון כדי צוצואיילן זיין עליה. אָבער דאָס איז געווען אָנהויב אויגוסט 1939 און דעם ערשטן סעפּטעמבער האָבן זיך די מאָטאָ־ריזירטע דייטשע קאָלאָנעס אריינגעריסן קיין פוילן און איינגע־נומען דאָס לאַנד אין משך פון געציילטע טעג. קאָרטשאַק איז געבליבן אין פוילן. ס׳איז אים נישט געקומען אויף דער מחשבה עולה צו זיין דעמאָלט, אין יאָר 1940, ווען אנדערע האָבן עולה געווען. ער איז געבליבן מיט זיינע קינדער, מיט זיין יתומים־היים אויף דער קראָכמאַלנא גאַס. ער האָט געלעבט מיט זיי און זיי

באַשיצט. איך קען נישט די פּרטים פון דעם דאָזיקן לעבן, אָבער עס איז נישט שווער זיך פאָרצושטעלן ווי עס האָט אויסגעזען אין די יאָרן פון הונגער, פּיין און דערנידערונג, וואָס יידן האָבן זיך אָנגעליטן נאָך פאַר זייער פאַרניכטונג. קאָרטשאַק האָט געוואַכט איבער זיינע קינדערלעך, געווען פאַר זיי א פאָטער, א ברודער, א חבר און באשיצער. ביז עס איז געקומען דאָס יאָר 1942, דאָס יאָר פון פאַרניכטונג. עס איז געקומען די ריי אויף די קינדער, אויף די קינדער פון יתומים־היים, וווּ קאָרטשאַק איז געווען לייטער און דערציער. ער האָט זיך געקענט ראַטעווען, ווי מ'האָט דערציילט, און האָט נישט געוואָלט. ער האָט נישט געוואָלט, נישט געקענט פאַרלאָזן זיינע צום טויט געפירטע קינדערלעך. געגאַנגען בראש פון זיי, אין איין האַנט האָט ער געטראָגן א קראנק קינד און מיט דער צווייטער האַנט געפירט א קליין קינד וואָס איז געגאנגען נעבן אים, און נאָך זיי, אלע איבריקע קינדער, מיט אויפגעהויבענע קעפּ, קיינער האָט נישט געוויינט נישט געקלאָגט. ווייל מיט זיי איז געווען זייער לערער און דערציער, זייער חבר און פריינט, דער אָנשפּאַר און באשיצער זייערער.

אזוי זענען זיי געגאַנגען צו די וואַגאָנען וואָס האָבן זיי געפירט קיין טרעבלינקע. קאָרטשאַק האָט פריער ארייַנגעפירט זיינע קינדערלעך אין וואגאָן און איז אריין אליין דער לעצטער. איינער א דייטשער אָפיציר האָט אין דער לעצטער מינוט געפרווט ווירקן אויף אים ער זאָל זיך ראַטעווען. קאָרטשאַק האָט זיך געפילט באַליידיקט און געענטפערט דעם אָפיציר מיט זידל־ווערטער און פאַראַכטונג. ער איז ארויף אויף די טרעפּלעך פון וואַגאָן און פאַרשוואונדן. מער האָט מען אים נישט געזען.

אָט דאָס הייליקע בילד פון קאָרשטאַק וואָס גייט ארויף נאָך זיינע קלייניקע קינדערלעך אינעם טויט־וואַגאָן וועט אויף אייביק איינגעקריצט ווערן אינעם האַרץ פון יידישן פאָלק.

# הענריק ערליך

דאָס האָט פּאַסירט אין אַפּריל 1917 אין פּעטראָגראַד. ליכטיקע טעג זענען געווען יענע ווייניקע טעג באַלד נאָכן נצחון פון דער רוסישער רעוואָלוציע, וואָס האָט אומגעוואָרפן די צאַריסטישע מאַכט. די צייטווייליקע רוסישע רעגירונג האָט צוגעגרייט אַ מתנה אויף פּסח פאַר די רוסישע יידן: זי האָט בטל געמאַכט די רעכט־באַגרענצונגען קעגן יידן, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמעלט אין משך פון יאָרן זינט עס זענען אָנגעשלאָסן געוואָרן צו רוסלאַנד די מזרח פּוילישע גרענעץ־געביטן מיט אַ גרויסער יידישער באַפעלקערונג. אָט דער פינצטערער בנין וואָס יעדער צאַר פון די קינדער און קינדס־קינדער פון יעקאַטערינאַ די צווייטע האָט זיך פלייסיק באַמיט אים צו פאַרגרעסערן און אויסצוברייטערן אין אַ לאַנגער תקופה פון הונדערט פינף און זיבעציק יאָר, איז אינגאַנצן צעשמעטערט געוואָרן אין איין טאָג דורך דעם גלייכבאַרעכטיקונגס־געזעץ וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן, פאַר פּסח. דער פּאָליטישער קאָמיטעט ביי די דומע דעפּוטאַטן האָט דעמאָלט באַשלאָסן צו שיקן זיינע פאָרשטייער צום פּרעמיער־מיניסטער פון דער צייטווייליקער רעגירונג און צום פּרעזידיום פון ראַט פון די ארבעטער, פּויערים און סאָלדאַטן, וועמענס מאַכט עס איז שטאַרקער געוואָרן פון טאָג צו טאָג. כ'האָב געהאַט די זכיה צו געהערן צו די מיטגלידער פון דער דעלעגאַציע, וויַיזט אויס אַלס פאָרשטייער פון די פּוילישע יידן. מיר זענען אריינגעגאַנגען אינעם פּרעזידיום־צימער פונעם ראַט, וואָס האָט פאַרנומען די שול פאַר די טעכטער פונעם רוסישן אַדעל, וואָס איז געווען באַקאַנט מיטן נאָמען „סמאָלני־אינסטיטוט".

ביי אַ לאַנגן טיש וואָס איז געווען באַדעקט מיט צייטונגען און פּאַפּירן, אַש־בעכערס וואָס זענען פול געווען מיט צודריקטע

ציגאַרעטן,ליידיקע טיי־גלעזער א. א. וו. זענען געשטאַנען די מיטגלידער פון פּרעזידיום און בראש פון זיי טשעכידזע. צווישן זיי איז געשטאַנען העגריק ערליך, וועמען איך האָב געקענט נאָך פון וואַרשע, ווי איינעם פון די פירער פון „בונד". ער איז געווען א זון פון איינעם פון די עלצטע ציוניסטן אין לובלין, פון די „בני משה", און איידעם פון שמעון דובנאָוו, א שוואָגער פון איינעם פון מיינע חברים אין דער אוניווערזיטעט און אין דער ציוניסטישער אַרבעט צווישן די סטודענטן. מיר האָבן זיך באַגעגענט אין וואַר־שע זייער זעלטן און אָט האָב איך אים פּלוצים דערזען אין אָט דעם היסטאָרישן מאָמענט. בעת די באַגריסונגס־ריידעס און דעם ענטפער האָב איך נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון זיין פּנים. עס איז געווען ערנסט און קאָנצענטרירט. אין דעם דאָזיקן מאָמענט האָב איך געטראַכט: עס איז א מאָמענט פון עליה, און דערהויבונג פאַר דעם פירער פון „בונד". אָט דאַנקען די פאָרשטייער פון יידישן פאָלק די פירער פון פאַראייניקטן פּראָלעטאַריאַט אין רוסלאַנד, צווישן זיי אויך די פירער פון „בונד", פאַר צעברעכן דער דריקנ־דיקן און שענדלעכן יאָך, וואָס האָט געדריקט אויף די יידן אין משך פון כמעט צוויי הונדערט יאָר. עס איז מקויים געוואָרן די נבואה פון „בונד", אז די באַפרייאונג פון די רוסישע יידן וועט קומען פון די הענט פון פּראָלעטאַריאַט וואָס וועט זיגן אין דער רעוואָלוציע, אין וועלכער דער „בונד" האָט פאַרנומען דעם פּלאַץ וואָס געהערט אים.

כ׳בין זיכער, אז אזא איז אויך געווען דאָס געפיל פון העגריק ערליך. וועניקסטענס, אזוי האָב איך עס פאַרשטאַנען פונעם בליק פון זיינע אויגן, פון דער מינע אויף זיין געזיכט. ווער ווייס, אפשר איז עס געווען דער גליקלעכסטער מאָמענט אין זיין לעבן. אזא מאָמענט האָט זיך נישט מער צוריקגעקערט. ערליך איז געשיקט געוואָרן דורך דעם ראָט פון די אַרבעטער, פּויערים און סאָלדאַטן קיין ענגלאַנד. ווען איז ער צוריקגעקומען קיין רוסלאַנד און וואָס ער האָט געטון אין די טעג פאַר דער באָלשעוויסטישער איבער־קערעניש און נאָכדעם — ווייס איך נישט. כ׳האָב אים נישט באַ־געגענט אפילו אין די טעג פון די פאַרבאַרייטונגען צו דער אַלרו־סישער יידישער קאָנפערענץ.

מיר זענען ביידע צוריקגעקומען קיין פוילן, און ווידער האָבן מיר זיך באַגעגענט אויף די קאַמף־פּאָזיציעס איינער קעגן דעם אַנדערן. ער האָט פאָרגעזעצט די בונדישע פּאָליטיק, ווי ער האָט זי געפירט אין רוסלאַנד. דורכאויסיקע קלאַסן־פּאָליטיק און רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליזם. ער האָט באַקעמפט יעדן פּרווו צו אָרגאַניזירן די יידן אין פוילן ווי אַן אייגהייטלעכן נאַציאָנאַלן קיבוץ. טריי דער טראַדיציע פון „בונד" האָט ער געקעמפט קעגן דער „כלל־ישראלדיקייט" און האָט צוגעהאָלפן דורך דעם צו דער איזאָלירונג פון אָרגאַניזירטן יידישן פּראָלעטאַריאַט. צווישן אָט דעם פּראָלעטאַריאַט אין דער פּוילישער מלוכה איז לויט זיין מיינונג נישט געווען קיין שום יידיש־נאַציאָנאַלע מחיצה. דערפאַר אָבער האָט ער געשטרעבט אומאויפהערלעך צו אַ פאַראייניקונג פון אַלע אַרבעטער אין דער פּוילישער מלוכה צו אַן אייגהייטלעכן סאָציאַליסטיש־רעוואָלוציאָנערן כוח. ער האָט געזוכט די נאָענטקייט פון דער פּ.פּ.ס. אָבער גלייכצייטיק האָט ער נישט אויפגעהערט צו קריטיקירן איר סאָציאַליסטישע און מלוכה'שע פּאָליטיק, וואָס איז לויט זיין מיינונג געווען פּשרה'דיק און ווייט פון רעוואָלוציאָנערער פּאָליטיק, וועלכע אַן עכטע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי דאַרף פירן. אין דער דאָזיקער קריטיק האָט ער זיך אין די לעצטע יאָרן נישט איינמאָל דערנענטערט צו דער שיטה פון די באָלשעוויקעס, קעגן וועלכע ער האָט געקעמפט אין דעם ערשטן פּעריאָד פון דער רוסישער רעוואָלוציע און אין די ערשטע יאָרן נאָך דער באַפרייאונג פון פוילן. יעדנפאַלס איז די קעגנערשאַפט פון „בונד" צו די באָלשעוויקעס נישט געווען אַזאַ שטאַרקע ווי מצד די פּ.פּ.ס., וואָס אירע מאָטיוון זענען געווען נישט בלויז סאָציאַליסטישע נאָר אויך פּויליש־נאַציאָנאַלע. טראָץ אָט דער שטעלונג פון „בונד" האָט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי אין פוילן נישט געמאַכט קיין אונטערשיד צווישן די רשעים פון פּ.פּ.ס. און די צדיקים פון „בונד". אַלע צוזאַמען זענען געווען אין אירע אויגן סאָציאַל־פּאַרעטער. בלויז אין דער תקופה פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן די יידישע קאָמוניסטן באַקומען אַנווייזונגען צו שטיצן די בונדישע קאַנדידאַטן ביי די שטאָט־וואַלן. אָט די ענדערונג האָבן געבראַכט דעם „בונד" דעם רוב נצחונות זייגע אין די דאָזיקע וואַלן, נצחונות וואָס די פירער פון „בונד" האָבן נישט אויפגעהערט זיך צו באַרימען מיט זיי און

געזען אין זיי א גרונט פאר זייער פאָדערונג צו אָנערקענען זיי אלס די פאָרשטייער פון אלע יידן אין פוילן. אָבער די שטיצע זייערע און אירע רעזולטאַטן האָבן נישט געענדערט די באַציאונג פון די באָלשעוויקעס צום „בונד".

אין די טעג ווען די היטלער־האָרדעס האָבן באַזעצט פוילן, איז ערליך אנטלאָפן אין די מזרח־פוילישע גרענעץ־געביטן, וואָס דאָרט האָבן מאַסן יידן געהאָפט צו געפינען א באהעלטעניש פאַר די זיגרייכע נאַציס. ווען דאָס מיליטער פון ראַטן־פאַרבאַנד איז אריין אין די דאָזיקע געביטן, איז ערליך ארעסטירט געוואָרן מיט נאָך אַסך עסקנים, וואָס די אָקופּאַציע מאַכט האָט אויף זיי געוואָרפן א חשד. זי, די אָקופּאַציע־מאַכט, האָט נישט געמאַכט קיין אונטער־שיד נישט בלויז צווישן „בונד" און פּ.פּ.ס., נאָר אויך צווישן ציוניסטישע עסקנים און סתם אָנגעזעענע מענטשן פון די בירגער־לעכע און פאַרמעגלעכע קרייזן. אלע זענען, לויט זייער מיינונג, געווען געפערלעך פאר דער הערשאַפט פון די ארבעטער און פויערים אין דער מלוכה.

ווען עס האָט אויסגעבראָכן די מלחמה צווישן דייטשלאַנד און רוסלאַנד און עס איז געקומען צו א שלום־אָפּמאַך צווישן די סאָוויעטן און פוילן, איז ערליך און זיין חבר אלטער באַפרייט געוואָרן צווישן אַנדערע פוילישע בירגער. אין יענער צייט האָבן זיך די סאָוויעטישע מאַכט־אינסטאַנצן נאָך נישט באַנוצט מיט דעם ארגומענט אז אלע איינוואוינער פון די דורך זיי באַזעצטע מזרח־פוילישע גרענעץ־געביטן, ווי אויך אלע יידישע פּליטים וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען פארן 29 נאָוועמבער 1941, האָבן אויטאָמאַטיש באַקומען סאָוויעטישע בירגערשאַפט. די פוילישע בירגערשאַפט פון ערליך און אלטער איז כלל נישט געשטעלט געוואָרן אין ספק, פונקט ווי ס'איז אָנערקענט געוואָרן די פוילישע בירגערשאַפט פון מאַסן יידן וואָס זענען באפרייט געוואָרן פון די תפיסות און די קאָנצענטראַציע און ארבעט־לאַגערן; נאָך מער, מ'האָט אָנגעהויבן אונטערהאַנדלונגען מיט ערליכן און מ'האָט אים פאָרגעשלאָגן אז ער זאָל זיך שטעלן בראש פון יידישן אנטי־פאַשיסטישן ראַט.

עס איז געווען דעמאָלט אין ראַטן־פאַרבאַנד א צייט ווען מ'האָט געזוכט וועגן צו דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אויף דער גאָרער

וועלט. עס איז פאַרעפענטלעכט געוואָרן דער ערשטער אויפרוף פון די יידן אינעם ראַטן־פאַרבאַנד צום יידישן פאָלק, וואָס האָט געמאַכט א גרויסן רושם אין אלע יידישע קבוצים אויף דער וועלט און אויך אין ארץ־ישראל. מ׳האָט דאָן פאַרגעסן ערליכן זיינע אַמאָליקע חטאים, ווען ער איז געווען א פרעזידיום־מיטגליד אינעם ערשטן ארבעטער־ראַט; די פירערשאַפט זיינע אין „בונד״ האָט מען, ווייזט אויס, אין יענער צייט געהאַלטן פאַר אַ גוטע סגולה, וואָס איז בכוח צו געווינען די הערצער פון די יידן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, ווו די השפעה פון „בונד״ איז כלל נישט געווען קיין קליינע.

ערליך האָט מסכים געווען צו דעם דאָזיקן פאַרשלאַג, ער האָט אָבער געשטעלט באַדינגונגען. וואָס פאַר א באַדינגונגען ער האָט געשטעלט, ווייסן מיר נישט און וועלן נישט וויסן. די רעזולטאַטן זייערע אָבער זענען געווען פאַר ערליכן און אַלטערן זער שלעכטע: זיי זענען ביידע ווידער ארעסטירט געוואָרן. זיי זענען דערקלערט געוואָרן קעגן זייער ווילן, פאַר סאָוויעטישע בירגער און איבערגעגעבן געוואָרן צום געריכט פאַר פאָליטישע פאַרברעכנס. ווי עס איז שפּעטער באַקאַנט געוואָרן, זענען זיי באַשולדיקט געוואָרן אין קענשאַפטן מיט דער היטלער־מאַכט צום שאָדן פון ראַטן־פאַרבאַנד און אַגיטאַציע צווישן רוסישן מיליטער פאַר א סעפּעראַטן שלום מיט דייטשלאַנד. פאַרשטייט זיך, אז מיר ווייסן גאָר נישט וועגן פאַרלויף פון פּראָצעס אין געריכט, מיר ווייסן בלויז דעם פסק־דין — אַ טויט־אורטייל, וואָס איז גלייך אויסגעפירט געוואָרן.

מיר האָבן פאַר אונדז איינע פון די גרויליקסטע טראַגעדיעס פון א יידישע סאָציאַליסטישע פאַרטיי, וואָס איז אין משך פון א לאַנגער תקופה געווען די איינציקע יידיש־סאָציאַליסטישע פאַרטיי, וואָס האָט געטראָגן די פאָן פון גלות׳יזם, ס׳הייסט יענע שיטה וואָס האַלט אז דער גלות איז די איינציקע רעאַלע פאָרם פאַרן קיום פון יידישן פאָלק אויף דער וועלט. א פאַרטיי וואָס האָט אַרויפגעלייגט אלע גאולה־האָפנונגען פון יידישן פאָלק, וואָס וועט בלייבן תמיד אין גלות, אויף דעם סאָציאַליסטישן און רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט און זיין זיג אין דער רעוואָלוציע, און אין דער

סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט וואָס ער וועט שאַפן. און אָט האָט דער דאָזיקער פּראָלעטאַריאַט געזיגט און דווקא אין רוסלאַנד, דאָרט ווו דער אָנטייל פון „בונד״ און זיינע מנהיגים איז געווען אַזוי גרויס ביים צוגרייטן די רעוואָלוציע אין איר, און די דאָזיקע פּאַרטיי, די איינציקע פאַרשטייערין פון יידישן פּראָלעטאַריאַט אין רוסלאַנד האָט געמוזט פאַרלאָזן איר קאַמף־פראָנט דאָרט, און זוכן שוץ און באַהעלטעניש אין בורזשואזע מדינות, ווו מ׳דאַרף אויפסניי אָנהויבן די גאַנצע ארבעט, לויט דער רוסישער טראַ־דיציע, פאַרן זיג פונעם רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם, וואָס דער „בונד״ האָט אים געדינט געטריי אָן א גרענעץ. אָט די טראַגעדיע פון „בונד״ האָט זיך פאַרענדיקט פאַר ערליכן און זיין חבר מיטן טויט־אורטייל פון סאָציאַליסטישן געריכט, וואָס איז אויסגעפירט געוואָרן דורכן אַפּאַראַט פון דער איינציקער סאָציאַליסטישער מלוכה אויף דער וועלט. און כדי נאָך מער אונטערצושטרייכן די גרויל פון אָט דער טראַגעדיע, איז אָפיציעל פאַרעפנטלעכט געוואָרן, אז דער אורטייל אין ארויסגעגעבן געוואָרן פאַר פאַראַט־פאַר־ברעכן נישט בלויז קעגן פּראָלעטאַריאַט, נישט בלויז קעגן סאָ־ציאַליזם, נישט בלויז קעגן די וואָס קעמפן מיט דער נאַצישער רשעות, נאָר אויך פאר א פאראט־פארברעכן קעגן יידישן פאָלק, וואָס זיינע מאַסן ווערן געמאָרדעט און אויסגעקוילעט דורך היטלער און זיינע קנעכט. אלס צוגאָב צום טויטן די גופים פון ערליכן און אלטערן איז געמאַכט געוואָרן א פּרווו צו טויטן אויך זייערע נשמות, צו וואַרפן א פלעק אויף זייער אָנדענקען אלס אַנפירער פון ארבעטער און יידן, א פלעק וואָס מ׳וועט קיינמאָל נישט קענען אָפּווישן, ווי עס מיינען די, וואָס האָבן דעם אורטייל ארויסגעגעבן און אויסגעפירט.

צו אונדזער גרויסן צער און שאַנד זענען דאָ פיל מענטשן וואָס באַמיִען זיך צו דערשטיקן און שטיל מאכן די שטים פון פאַרגאָסענם בלוט, צוליב שרעק, טאָמער וועט עס אָפּשוואַכן דעם כוח פון דער מדינה וואָס ראַנגעלט זיך שווער קעגן דער היט־לערישער באַרבאַריע. אין א קרבן פונעם כלל־אינטערעס האָט מען פאַרוואַנדעלט ערליכן און אלטערן און דעם גאַנצן „בונד״.

מיר געדענקן נאָך די ווערטער פון מעדעמן, איינער פון די

פירער פון „בונד“, בעת די פּאָגראָמען אין 1905, אַז דאָס ידישע בלוט איז שמיר־בוימל אויף די רעדער פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע. ס׳איז מעדעמען נישט געקומען אויפן געדאַנק, אַז עס וועט קומען אַ טאָג און עס וועט פאַרגאָסן ווערן דאָס בלוט פון בונדישע פירער דורך די הענט פון די וואָס האָבן זיך דערשלאָגן צו זייער זיג אויך אַ דאַנק דעם בלוט פון די ידישע מאַסן וואָס איז פאַרגאָסן געוואָרן אין די שלאַכטן פון די רעוואָ־לוציעס און צוליב זיי. צי וואָלט ער, מעדעם, געוואָגט אויך איצט צו זאָגן, אַז דאָס בלוט פון אַלטערן און ערליכן איז אויך בלויז שמיר־אייל פאַר די רעדער פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע? צי וואָלט ער אויך דאָס מאָל מצדיק געווען דעם דין? איך צווייפל, צי ער וואָלט דערגרייכט צו אזא הויכער מדרגה פון התבטלות, פון קרבן און הכנעה. אין אָט דעם צידוק־הדין זענען עוסק איצט אַנדערע, די וואָס זייער סאָציאַליזם איז תמיד געווען פסול און האָט געהאַט אַ גרויסן פגם אין די אויגן פון „בונד“ און זיינע פירער. הייבט מיינען אָט די דאָזיקע מענטשן, אַז דער צידוק־הדין וועט זיי דערהויבן צו דער מדרגה פון אמת׳ע רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטן. מיר וועלן מיט זיי נישט מיטגיין. פאַר אונדז זענען ערליך און אַלטער הייליקע קרבנות, טראָץ אַלע טיפע חלוקי־דעות וואָס זענען געווען צווישן אונדז, קרבנות פון טראַגישן גורל, פון אַ פאָלק וואָס איז פאַראייינזאַמט אין גלות, פון אַ פאָלק וואָס האָט נישט קיין מעגלעכקייט זיי צו שיצן און פאַרטיידיקן.

# ד״ר יצחק שיפער

עס איז פאר מיר א זעלישע באַדערפעניש בולט צו מאכן געוויסע זייטן אין שיפערס ווערק, אויף וועלכע דער רוב פון די מספידים זיינע האָבן זיך נישט אָפּגעשטעלט, און דווקא זיי האָבן ארויפגעלייגט זייער חותם אויפן לעבן און ווערק פון יצחק שיפער און זיין ווארשעווער תקופה. אין דער דאָזיקער תקופה פאַלט אויס די בליאונג, פרוכטבאַרקייט און פאַרשריט אויף אלע געביטן פון זיין טעטיקייט. עס איז רייף געוואָרן דעמאָלט זיין טאַלאַנט און באַגאַבונג אלס היסטאָריקער, עס האָבן זיך אויסקריסטאַליזירט זיינע אַנשויאונגען און געשטאַרקט אין גאַנצן דער פאָלקסטימלעכער וועלטלעכער, נישט טעאָלאָגישער עלעמענט.

דער רוב פון אונדזערע היסטאָריקער האָבן א טעאָלאָגישן צוגאַנג, זייענדיק רבנים, טעאָלאָגן, אָדער נאָענטע צו זיי. אפילו ביי דובנאָוון איז דער צוגאַנג אָפּטמאָל אַ טעאָלגישער. אויך ער זעט אינעם יידישן פאָלק אַן אויסנאַם פון אלע אנדערע פעלקער. אַ פאָלק וואָס זיין לעבן אַנטוויקעלט זיך לויט געזעצן וואָס זענען אייגען אים אליין; אויך ער האַלט אז די דאָזיקע היסטאָרישע אַנטוויקלונג פונעם יידישן פאָלק, איז מעגלעך און איז אפילו א מוז, אַ פועל־יוצא פון דער ווירקלעכקייט, הגם עס פעלן אים די באַדינ־גונגען וואָס אַנטשיידן אינעם זעלבסטשטענדיקן קיום פון יעדן פאָלק.

שיפער איז געווען לויט זיין וועלטלעכער, אייראָפּעאישער דער־ציאונג, פריי פונעם עול פון דעם מין אַנשויאונגען וואָס שטאַמען פון דער טעאָלאָגיע. זיין צוגאַנג איז געווען דער פון א פריי־דענקענדיקן יידן, וואָס זוכט אין דער פאַרגאַנגענהייט דאָס בילד פון ווירקלעכן לעבן, דאָס טאָגטעגלעכע לעבן, וואָס ווייסט אז דאָס יידישע פאָלק פאַלט ארונטער די געזעצן, לויט וועלכע עס

פאַרמירט זיך דאָס לעבן פון אַלע אַנדערע פעלקער. זיין בישט קענען די העברעאישע שפראַך האָט גורם געווען דערצו אַז ער זאָל זיך אָפּגעבן ספּעציעל מיט די געביטן אינעם לעבן פון פאָלק, וואָס גרענעצן זיך און גיסן זיך צוזאַמען מיטן לעבן פון אַנדערע פעלקער. געוויס האָט די דאָזיקע אומקענטעניש זיינע פון דער העברעאישער שפראַך און די יידישע מקורות, אָוועקגענומען ביי אים די מעגלעכקייט אַריינצודרינגען טיף אינעווייניק אינעם פאָלקס־לעבן, אין יענע ווינקעלעך וואָס זעען ווייט פונעם דרוק פון אַנדערע פעלקער וואָס פאַרשקלאַפן און דריקן מיט זייער כוח און קולטור און וואָס שפּיגלען זיך אָפּ אין דער אָריגינעל יידישער שאַפונג, אין זיין ליטעראַטור, אין זיין רעליגיעזער און קולטורעלער שאַפונג, אין זיין העברעאישער שפּראַך און די אַנדערע שפּראַכן וואָס ער האָט גערעדט. אָבער אָט דער חסרון האָט אין אַ גרויסער מאָס פאַרשטאַרקט דעם וועלטלעכן צוגאַנג זיינעם און האָט אים באַוויזן צו שענקען די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט די ווירטשאַפט־לעכע און פאָליטישע פאַקטאָרן וואָס האָבן געווירקט אינעם לעבן פון פאָלק, אין דעם אומאויפהערלעכן קאַמף פאַר זיין קיום, וואָס דאָס פאָלק האָט געפירט אויף אַלע געביטן פון לעבן.

בישט בלויז אַ פריידענקענדיקער ייד, אויף וועלכן עס דריקט נישט דער יאָך פון דער פאַרגאַנגענהייט, איז געווען שיפער אין זיינע היסטאָרישע פאָרשונגען, נאָר אויך אַ יידישער פאָלקס־מענטש. ער האָט געזוכט דאָס וואָכעדיקע, טאָגטעגלעכע לעבן פון יידן, פונעם פּראָסטן יידישן „עם הארץ" און פאָלקס־מענטש. אין אָט דעם זוכעניש זיינעם איז ער דערגאַנגען צו זיינע פאָרשונגען וועגן יידישן טעאַטער, די פאַרשיידענע שוישפּילער, אַרטיסטן, וואָס האָבן אויסגעקעמפט און פאַרנומען פאַר זיך אַ קליין ווינקעלע אין אַ וועלט וווּ עס האָט געהערשט דאָס למדנות, און דאָס אָפּהיטן די מצוות, לייכטע ווי האַרבע מצוות. ער האָט מיר איינמאָל געזאָגט אַז ער האָט בדעה צו שרייבן וועגן די גאַס און הפקר־מענטשן אין דער יידישער וועלט אין מיטל־אַלטער. ער האָט אָנגעהויבן זאַמלען מאַטעריאַל פאַר דעם, ער האָט אים אָבער נישט באַוויזן צו באַאַרבעטן. און ס'איז אַ שאָד, עס וואָלט זיכער אַנטדעקט געוואָרן פאַר אונדז אַ נייע, פאַר אונדז אומבאַקאַנטע וועלט,

וועלכער עס איז ביזהער בלויז וועניק אויפמערקזאַמקייט געשענקט געוואָרן. ער איז געווען א מענטש פון גרויסער אינטואיציע און שעפערישער באַגאַבונג. ער האָט נישט געהערט צו יענע היס־טאָריקער וואָס זעען נישט מער ווי דאָס וואָס זיי געפינען אין די ארכיוור־דאָקומענטן און האַלטן זיך שטרענג אין יעדן אות אין זיי.

זיינע גרויסע ביכער וועגן ווירטשאַפטלעכן לעבן פון די יידן אין מיטלאַלטער, אין אייראָפּע בכלל און אין פוילן בפרט, האָט ער געשריבן אויפן גרונט פון ארכיוור־פאָרשונגען. ער איז געווען בקי אין די מאַטעראַלן, אָבער נישט פאַרשקלאַפּט צו זיי. אַמאָל האָט ער טאַקע אויפגעשטעלט היפּאָטעזעס וואָס זענען געווען זער שוואַך באַגרינדעט, אָבער אָפט האָט אים זיין אינטואיציע געפירט צו דער שילדערונג פון פּאַסירונגען אויף אַן אופן וואָס האָט איבער־צייגט מיט זיין אינערלעכער לאָגיק.

אין די לעצטע יאָרן האָט ער אָנגעהויבן באארבעטן דעם שלל מאַטעריאַלן וואָס האָבן זיך געפונען אין די ווארשעווער אַרכיוון וועגן דער לעצטער תקופה פון „וועד הארצות". די יידישע אויי־טאָנאָמיע אין פוילן האָט אים צוגעצויגן נישט בלויז אלס היסטאָ־ריקער נאָר אויך אלס פּאָליטיקער, וועלכער האָט זיך באַטייליקט אינעם קאַמף פאַר יידישע רעכט אינעם באַנייטן פוילן. ווען כ'האָב אים געזען דאָס לעצטע מאָל אין ווארשע, ער איז שוין דעמאָלט געווען קראַנק אויף א שווערער האַרץ־קראַנקהייט, האָט ער מיר דערציילט וועגן דער דאָזיקער ארבעט זיינער און ער האָט זיך זער געפרייט ווען כ'האָב אים פאַרשפּראָכן, אז מיר וועלן זיין אַרבעט אַרויסגעבן אויף העברעאיש. ווער ווייסט צי האָט ער באוויזן די ארבעט צו פאַרענדיקן און ראַטעווען זי פון אומקום, ווען ער האָט זיך אליין נישט געקענט ראטעווען.

✶

שיפּער דער ציוניסט, פּאָליטיקער און עסקן האָט נישט דער־גרייכט צו דער הויך פון שיפּער דעם היסטאָריקער. אָבער אויך אויף דעם געביט איז ער געווען פון די ערשטע. זיין ציוניזם האָט זיך אָנגעהויבן אין די פרילינגס־טעג פון דער ציוניסטישער באווע־גונג אין גאליציע. ער איז נאָך דעמאָלט געווען א שילער פון

גימנאַזיע אין טאַרנאָוו. עס האָט זיך צונויפגעגאָסן אין זיין ציוניזם די טראַדיציע פון דער השכלה, וואָס האָט געקעמפט מיט דעם חסידישן פאַנאַטיזם, מיט די רבי׳שע גבאים און חסידישע קהלה־הערשער, דער בונט קעגן דער קריכערישער און אונטערטעניקער אַסימילאַציע און קעגן יענע קהל׳שע „רעגירער״ וואָס האָבן הכנעה־דיק און קנעכטיש געדינט דעם פוילישן סטאַראָסטע, נאָכדעם ווי גאַליציע האָט באַקומען דאָס רעכט פון טעריטאָריאַלער אויטאָנאָמיע. דער גרעסטער טייל פון יונגען דור וואָס האָט אויפגעהויבן די פאָן פון ציוניזם איז באַאיינפלוסט געוואָרן פון רעוואָלוציאָנערן פוילישן ראָמאַנטיזם, וועלכער האָט אויסגעשטראַלט אויף זייער ציוניזם די גלאָריע פון די פוילישע פרייהייטסקאַמפן און דעם טראַגיזם פון זייערע דורכפאַלן.

שיפּער איז געווען א יוגענט־פירער איינער פון די רעדאַקטאָרן פון דער „מוריה״, א פוילישע וואָכענשריפט וואָס איז ארויסגעגעבן געוואָרן דורך דער ציוניסטישער יוגענט־באַוועגונג אין גאַליציע. אין יענע צייטן האָט נאָך דער ציוניזם נישט באַוויזן צו באַהערשן די יידישע געזעלשאַפט אין מזרח גאַליציע. די ציוניסטן האָבן געפירט א קאַמף קעגן דעם פאַנאַטיזם און אַסימילאַציע, קעגן די קהל־רעגירער, קעגן דער אונטערדריקונגס־פאָליטיק פון די פאָליאַקן און געזען אין די אוקראַאינער זייערע פאַרבינדעטע. עס איז געווען די תקופה פון מאַלך און שטאַנד, ציפּער און קאַרקיס, דעמאָלט האָט דער ציוניסטישער לאַגער אין גאַליציע פאָרמולירט צום ערשטן מאָל אויף דער קאָנפערענץ אין קראָקאָ די יידיש־נאַציאָנאַלע פאָדערונגען אין גלות און איז ארויס אין אן אָרגאַניזירטן קאַמף בעת די וואַלן צום פאַרלאַמענט אין ווין.

זיין בונטאַרישע נאַטור און סאָציאַלער מעמד, אלס קינד פון אָרעמע עלטערן האָבן שיפּערן געשטויסן צו רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט, אינעם לאַגער פון די פועלי־ציון. שיפּער האָט דורכגעמאַכט אלע נסיונות און ראַנגלענישן פון דער פועלי־ציון באַוועגונג פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה און נאָך איר.

אויף דעם ווינער פועלי־ציון צוזאַמענפאָר איז ער געבליבן טריי ארץ־ישראל און דער ציוניסטישער באַוועגונג. ער האָט זיך

גישט געלאָזט פאַרפירן דורך די אילוזיעס פון דער רעוואָלוציע, וואָס האָבן גורם געווען צו א שפּאַלטונג אינעם ציוניסטיש־סאָציאַליסטישן לאַגער. דער ציוניסטישער קריטעריום האָט תמיד אנטשיידעט אין זיין אָנשויאונג און לעבן.

כ׳געדענק די צייט פון ערשטן פוילישן סיים ווי שיפּער איז אריין דורך א צופאַל. דער צייטווייליקער נאַציאָנאַל־ראָט האָט גישט ארויסגעשטעלט קיין קאַנדידאַטן אין כעלמער וואַל־קרייז. די יונגער ציוניסטן אין דעם דאָזיקן קרייז האָבן געהאַט ספקות לגבי דער שטעלונג פון די אוקראַינער, וואָס האָבן פארלאנגט אז דער דאָזיקער קרייז זאָל אָנגעשלאָסן ווערן אין דער זעלבסטשטענדיקער אוקראַינע. די פּועלי־ציון האָבן נישט געלייגט קיין אַכט אויף די דאָזיקע ספקות און האָבן דאָרט ארויסגעשטעלט זייער ליסטע. און ווען עס איז געקומען דער טאָג פון די וואלן האָבן דער רוב יידן געשטימט פאַר די דאָזיקע ליסטע און עס איז געווילט געוואָרן ד״ר ראָזענפעלד. ער איז געשטאָרבן באַלד נאָך די וואלן און אויף זיין אָרט איז אריין אין סיים ד״ר שיפּער. ווען ער איז געקומען קיין ווארשע אלס סיים־דעפּוטאט איז ער גינסטיק אויפגענומען געוואָרן דורך א טייל פון דער פוילישער פּרעסע.

שיפּער, הגם ער איז געווען א חבר פון די פּועלי־ציון, האָט מיטגעאַרבעט מיט אונדז, ציוניסטישע דעפּוטאַטן, אין סיים. אין יענע יאָרן איז צווישן אונדזער גרופּע און שיפּערן געקומען צו א דערנענטערונג, צו א פריינטלעכן חברישן בונד, וואָס האָט אויסגעהאַלטן אלע שטורעמס.

כ׳וועל נישט פאַרגעסן זיינע ראנגלעניישן מיט זיינע חברים אין פּועלי־ציון בעת די וואלן צום צווייטן סיים, ווען מיר האָבן געשאַפן דעם מינדערהייטן־בלאָק. אין דער פראַגע איז ער געווען איינִיק מיט אונדז. ער האָט, אַ״ס היסטאָריקער, געוווסט אָפּצושאַצן אונדזער קאַמף און שטעלונג. אָבער ער האָט זיך אָנגעשטויסן אין דעם ווידערשטאַנד פון זיינע חברים. שיפּער איז אוועק פון זיינע חברים און געגאַנגען מיט אונדז. נאָכדעם ווי ער איז געווילט געוואָרן צום צווייטן סיים אין זאַמאָשצער קרייז האָט ער פאַרגעזעצט זיין מיטארבעט מיט אונדז. ער האָט זיך

באַטייליקט אין אונדזער ציוניסטישער אַרבעט אויך מחוץ דער אַרבעט זיינער אין סיים. זיינע אַנשויאונגען האָט ער אָבער נישט געענדערט. ער איז פאַרבליבן אַ סאָציאַליסט ווי ער איז געווען, אָבער דער ציוניסטישער קריטעריום איז געווען דער אַנטשיידענדיקער אין זיין טעטיקייט, ווי אַמאָל אינעם פּריילינג פון ציוניזם אין גאַליציע. זינט דעמאָלט איז ענגער געוואָרן דער בונד צווישן אונדז און שיפּערן. ער האָט זיך באַטייליקט אין אונדזער אַרבעט און קאַמף. אין דער דאָזיקער אַרבעט האָט ער זיך באַליבט געמאַכט ביי די ציוניסטישע און יידישע מאַסן אין פּוילן, און אויך זיינע חברים פון אַמאָל, פון וועלכע ער איז אַוועק, האָבן נישט געענדערט זייער באַציאונג צו אים, אַ באַציאונג פון נאָענטקייט און סימפּאַטיע.

אין די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה איז ער באַשטימט געוואָרן אַלס פאַרוואַלטער אינעם הויז פון די יידישע סטודענטן הויכשול אין וואַרשע. דער דאָזיקער פּאָסטן האָט אים גע־געבן די מעגלעכקייט זיך צו קאָנצענטרירן אין זיין וויסענשאַפט־לעכער אַרבעט, און היסטאָרישע פאָרשונגען, מיטן שרייבן די געשיכטע פון דער יידישער אויטאָנאָמיע אין פּוילן. אינעם לעצטן יאָר פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה איז ער קראַנק געוואָרן אויף אַ שווערער האַרץ־קראַנקהייט. ער האָט נאָך ווייטער פאָר־געזעצט זיין וויסענשאַפטלעכע אַרבעט, אָבער נישט געקענט מער זיך באַטייליקן אין געזעלשאַפטלעכער און פּאָליטישער אַרבעט.

ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכן און ער האָט געמוזט פאַרלאָזן זיין וווינונג אינעם יידישן אַקאַדעמישן הויז, האָט זיך זיין געזונט צושטאַנד שטאַרק פאַרערגערט. צוליב זיין קראַנק־הייט האָט ער נישט געקענט פאַרלאָזן פּוילן און עולה זיין קיין ארץ־ישראל אָנהייב מלחמה, ווען עס האָט זיך געשאַפן אַ געלעג־נהייט פאַר די מיטגלידער פון די ציוניסטישע צענטראַל־קאָמי־טעטן צו קומען אין לאַנד אריין. שפּעטער ווען עס איז אים אביסל לייכטער געוואָרן איז שוין געווען צו שפּעט. איטאַליע איז אריין אין דער מלחמה און די מעגלעכקייט פאַר עליה דורך טריעסט איז צו־נישט געוואָרן.

שיפּער איז געבליבן אין וואַרשע. מיר ווייסן נישט אין וואָס

פאר א לאגע, ער האָט זיך געפונען אין יענע שרעקלעכע יאָרן וואָס זענען געקומען אויף די פּוילישע יידן. די פאַרבינדונג מיט אים איז איבערגעריסן געוואָרן און ער האָט, ווייזט אויס, נישט געמאַכט קיין באַמיאונגען זי צו באַנייען. ווער ווייסט, אפשר איז ער געווען פאַרביטערט אויף אונדז פאר וואָס מיר האָבן איבערגעלאָזט אונדזערע ברידער און חברים אויף זייער גורל און עלענט. אנדערע האָבן טאַקע געגעבן א שטאַרקן אויסדרוק פון זייער פאַרדרוס און ביטערע טענות קעגן אונדז. שיפּער האָט גשוויגן. די ערשטע טעלעגראַמע, וואָס איז אָנגעקומען קיין לאָנדאָן פון אָרגאַניזירטן יידישן אונטערערד נאָכן שאַפן דעם נאַציאָנאַלן יידישן קאָמיטעט, איז געווען אונטערגעשריבן אויך דורך שיפּערן. די טעלעגראַמע איז געווען א פאַרצווייפעלטער רוף נאָך הילף. זיי האָבן, ווייזט אויס, געהאָפט אז די דירעקטע ווענדונג וועט אויפ־טרייסלען די דעמאָקראַטישע וועלט. אפשר האָבן זיי געקלערט אז מיר האָבן נישט געטון אלץ, כדי צו באַוועגן די דעמאָקראַטישע גרויסמאַכטן זיי זאָלן טוען עפּעס כדי זיי צו ראַטעווען. אלע יאָרן פון זייער פיין אין נאַצישן גיהינום, פאַרשלאָסן אין די מויערן פון געטאָ, האָבן זיי זיך א וודאי געפּרוווט טרייסטן און געלייגט האָפענונג אויף דער השפעה פון יידן אין דער דעמאָקראַטישער וועלט, וואָס איז געשטאַנען אין קאַמף קעגן דער נאַצישער חיה, זיי האָבן אויסגעקוקט אויף א רעטונג, אויף הילף וואָס איז נישט געקומען. אין יענער צייט זענען יידן פון די שטעט און שטעטלעך אין פּוילן געפירט געוואָרן מאַסענווייז צום טויט, וואַרשעווער יידן זענען געפירט געוואָרן צום מאַרטירער־טויט אין טרעבלינקאַ. אויף א וווּנדערלעכן אופן איז ער ביצול געוואָרן פון אלע אויס־זידלונגען און געווען געצווונגען צו זען מיט אייגענע אויגן די שחיטה פון פּוילישע יידן.

ס'איז ביי מיר קיין ספק נישט, אז שיפּער איז געווען די גאַנצע צייט צווישן די וואָס האָבן געפּאָדערט א ווידערשטאַנד מצד די יידן קעגן די נאַצישע רוצחים. עס איז נאַטירלעך, אז צו דעם באַ־שלוס איז מען געקומען ערשט נאָכדעם ווי מ'האָט זיך מייאש געווען פון יעדער רעטונגס מעגלעכקייטן און אירע אילוזיעס. שיפּער איז געווען צווישן די אָנפירער פונעם נאַציאָנאַל־ראַט פון

די פוילישע יידן און מיטגעקעמפט דעם קאַמף פון יידישן ווידער־שטאַנד.

אָבער עס איז אים באַשערט געווען נישט צו פאַלן אין דער שלאַכט אויף די גאַסן פון וואַרשעווער געטאָ. ער איז געווען צווישן די וואָס מ'האָט ארויסגעפּריט אין איינעם פון די לאַגערס ביי לובלין און ער איז געפּייניקט געוואָרן צוזאַמען מיט זיינע יידישע ברידער אינעם לאַגער טרעבניקי, אן ארבעט־לאַגער נאָענט צום טויט־לאַגער מיידאַנעק. מיט אייגענע אויגן האָט ער געזען און זיין קראַנקער גוף האָט דורכגעמאַכט און אויסגעטראָגן דעם גרויל פון דעם דאָזיקן לאַגער, אָבער זיין גייסט איז נישט געפאַלן און זיין אמונה אין דער געהאָפטער ישועה איז נישט אויסגעלאָשן געוואָרן. ער האָט געגלויבט אז די מפּלה פון נאַציזם וועט סוף־כל־סוף קומען, נאָך ביים לעבן פון די אין לאַגער געפאַנגענע, נאָך ביי זיין אייגען לעבן. געווען א גלויביקע נשמה און זיין פאַנטאַזיע האָט פאַר אים געמאָלט די ווירקלעכקייט, טראָץ איר גרויל און טראַגיזם, אינעם ליכט פון זיין גלויבן.

דער טראַגישער סוף פון די לאַגערס ביי לובלין איז באַקאַנט. זיי זענען ליקווידירט געוואָרן ווי נאָר עס האָבן זיך באַוויזן די ערשטע סימנים, אין דער ערשטער העלפט פון יאָר 1944, אַז די סאָוויעטישע ארמיי דערנענטערט זיך און האַלט ביים באַזעצן מזרח פוילן. שיפּער איז געפאַלן א קרבן ביי די דאָזיקע ליקווי־דאַציעס, וואָס זענען זיכער דורכגעפירט געוואָרן אויף איינמאָל. עס איז נישט באַקאַנט, צו דאָס איז געשען בעת דעם אויפשטאַנד אָדער בעת די פּאָרבאַרייטונגען צום אויפשטאַנד.

ער איז געפאַלן מיט דער פלאַמיקער אמונה אין הארצן, אז די שעה פון דער ישועה איז נאָענט, נאָר דער רוח נבואה האָט זיך פון אים אָפּגעטון.

# ד״ר יעקב ווינאַדסקי

מיר האָבן געגלויבט, אז ד״ר ווינאַדסקי האָט פאַרלאָזט ווילנע, ווען די שטאָט איז פאַרנומען געוואָרן דורכן סאָוועטישן מילטער און געוואָרן די הויפטשטאָט פון דער ליטווישער ראַטן רעפּובליק, און איז אַריבער צו זיינע קינדער, וואָס זענען די גאַנצע צייט געווען אין רוסלאַנד. כ׳האָב געוווּסט אז די קינדער זיינע האָבן אים גערופן אהין און ער האָט בדעה געהאַט צו טון זייער ווילן. ער איז געווען אַ זקן, א בן־שמונים. זינט עס זענען געקומען צו אונדז די לעצטע עולים דורך ווילנע, האָבן מיר נישט געהאַט קיין שום פאַרבינדונג מיט דער דאָזיקער שטאָט און אירע יידן. מיר האָבן נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט זיך צו פאַרבינדן מיט ווילנע אפילו אין יענער צייט ווען די פאַרשטייער פון וועד ההצלה אין ירושלים, קאָנסטאַנטינאָפּאָל און זשענעווע, זענען געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט די אַנדער צענטערן פון אומגליקלעכן, מיט בלוט אָפּגייענדיקן יידישן אייראָפּע. אויך דורך שטאָקהאָלם איז נישט געווען קיין מעגלעכקייט זיך צו פאַרבינדן מיט די ווילנער יידן. ווילנע איז אָפּגעשניטן געוואָרן גלייך נאָכן אריינקומען פון די דייטשן, אייניקע טעג נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה צווישן דייטשלאַנד און דעם סאָוועטן פאַרבאַנד, בלויז ווייטע נישט קלאָרע אָפּקלאַנגען זענען דערגאַנגען צו אונדז פון איר גרויליקן ליידן און פּיין, פון דער שחיטה וואָס איז געמאַכט געוואָרן אויף די ווילנער יידן און פון זייער באַוואָפנטן ווידערשטאַנד. וואָס האָט פּאַסירט מיט ווינאַדסקין, וואָס איז געווען דער פירער פון ווילנער יידן, באַליבט ביי אלעמען אָן אונטערשיד פון אַנשויאונגען און ריכטונגען? צי האָט ער פאַרלאָזט ווילנע נאָך איידער דאָס אומגליק איז געקומען אָדער ער איז געבליבן, געליטן און געגאַנגען צום טויט מיט זיינע ברידער?

ערשט נאָכדעם ווי ווילנע איז באַפרייט געוואָרן דורכן סאָוויעטישן מיליטער איז זיין נאָמען דערמאָנט געוואָרן אין דער ליסטע פון די דערמאָרדעטע דורך די נאַציס, אָבער מ׳האָט גאָר נישט דערציילט וועגן די אומשטענדן פון זיין טויט און טעטיקייט. און אַט האָבן מיר זיך שפּעטער דערוווּסט פּרטים, און ס׳איז אונדזער חוב אויפצושטעלן אַ מצבה איינעם פון אונדזערע העלדן, וואָס האָבן געהייליקט דעם נאָמען פון אונדזער פאָלק און דעם נאָמען פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, ביי זייער טויט פּונקט ווי ביי זייער לעבן.

די אַלטע יאָרן פון ד״ר ווינאַדסקי האָבן נישט פאַרשעמט זיין האַלטונג אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. דעמאָלט, ווען ווילנע איז פאַרנומען געוואָרן דורך די דייטשן, איז ער געווען איינער פון די הויפּט־פירער וואָס האָבן זיך איינגעשטעלט פאַר ווילנער ייִדן. ער האָט זיך געשטעלט צו דער פאַרטיידיקונג און שוץ פאַר זיין פאָלק, מוטיק און שטאָלץ, נישט געבעטן קיין תחנונים גאָר געשטעלט פאָדערונגען. ביז יענער מלחמה איז ער געווען אַ באַקאַנטער אַרצט, וועלכער האָט זיך נישט אַקטיוו באַטייליקט אינעם לעבן פון דער ייִדישער געזעלשאַפט און דער ציוניסטישער באַוועגונג. אָבער אין די יאָרן פון דער דייטשער אָקופּאַציע אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט ער פאַרנומען דעם אָנגעזעענסטן פּלאַץ אין דער ייִדישער געזעלשאַפט און האָט זיך באַליבט געמאַכט ביי די ווילנער ייִדן, וואָס האָבן אים אויסגעוויילט אַלס דעפּוטאַט אין סיים אַריין, אים געשטעלט בראש פון זייער קהלה און געזען אין אים זייער וואָרט־פירער און מנהיג. אַ באַיאָרטער זקן איז ער געווען ווען כ׳האָב אים געזען בעת מיין לעצטן באַזוך אין ווילנע פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה. געווען שוין קראַנק און געליטן גויס, אָבער ער פלעג זאָגן זיינע חברים און פריינט, וואָס פלעגן אים באַזוכן, באַזונדערס יענע וואָס פלעגן קומען פון ווייט ווי איך, אַז ער האָט נישט בדעה זיך צוצואיילן און שטאַרבן, הגם מיר וואַרטן אויף זיין טויט יעדן טאָג. מיר האָבן גוטמוטיק געלאַכט פון זיינע ווערטער און עס איז אונדז נישט איינגעפאַלן, אַז עס איז אים באַשערט געווען צו שטאַרבן אַ טויט פון אַ העלד און אַ קדוש.

און אַט וואָס מ׳דערציילט וועגן זיינע לעצטע טעג.

ווילנע איז פאַרלאָזט געוואָרן דורכן סאָוויעטישן מיליטער אָ

א שלאַכט. דער ריקצוג איז געווען א שנעלער. צוזאַמען מיטן מיליטער און די באַאַמטע זענען עוואַקואירט געוואָרן נאָר יענע יידן וואָס זענען מיטגלידער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אָדער חברים פון „קאָמסאָמאָל". דער גרעסטער טייל איז געבליבן און מיט זיי וויגאָדסקי. אַסך האָבן, אמת, געפּרוווט אַנטלויפן מיטן סאָוויעטישן מיליטער, אָבער באַנדעס פון ליטווישע און ווייס־רוסישע פּויערים, וואָס האָבן זיך געבונטעוועט קעגן דער הערשאַפט פון די ליטווישע קאָמוניסטן און קעגן די קאָמוניסטן בכלל, האָבן זיי געשטערט, געשאָסן אויף זיי, פּונקט ווי זיי האָבן געשאָסן אויף די סאָוויעטישע אָפּטיילונגען וואָס זענען צוריקגעגאַנגען אויף מזרח. די וואָס זענען צוגעקומען צו דער גרענעץ, ס'הייסט צום פראָנט, האָט מען נישט געלאָזט אדורכגיין.

וויגאָדסקי האָט נישט געפּרוווט אַנטלויפן. ער איז געבליבן מיט זיין פאָלק און געווײלט געוואָרן אלס ראש פון ערשטן עלטסטן ראַט, אין וועלכן עס זענען אריין ס'רוב ציוניסטן. ער האָט א וודאי געקלערט, אַז עס האָבן זיך אומגעקערט די צייטן פון דער דייטשער אָקופּאַציע אין דער ערשטער וועלט־מלחמה און עס וועט אים געגעבן ווערן די מעגלעכקייט צו שטעלן זיך פאַר די דייטשע הערשער אַלס מנהיג פון זיין פאָלק און זיין א באַשיצער פון יידן קעגן זייערע באַדריקער. און אפשר האָט ער שוין געוווסט וועגן די גרויל־טאַטן פון די נאַציס אין פּוילן און אין אלע אַנדערע געביטן וואָס זיי האָבן באַזעצט, און געגלויבט אָדער זיך איינגערעדט, אַז זיין דערפאַרונג פון יענע שווערע טעג פון דער ערשטער אָקופּאַציע וועט אים באַשטיין און ס'וועט זיך אים איינגעבן צו באַשיצן, צו ראַטעווען?

אין די ערשטע טעג איז געווען רואיק. עס זענען, פאַרשטייט זיך, געווען פאַרשיידענע גזירות, אָבער דער מענטשן־פאַנג, גירושים און טעראָר האָבן נאָך נישט אָנגעהויבן.

נאָך א געווויסע צייט האָט זיך די „געסטאַפּאָ" געווענדעט צום עלטסטן־ראַט מיט דער פאָדערונג צו צושטעלן עטלעכע טויזנט יידן אויף אַרבעט, פאַרשטייט זיך. אָבער וויגאָדסקי האָט נישט געגלויבט די נאַצישע תליינים. ער האָט געוואָלט וויסן, וווּ אהין מ'וועט שיקן די דאָזיקע יידן, צו וועלכער ארבעט, ער האָט געוואָלט

ריידן וועגן באַדינגונגען. ער איז דאָך דער ראש הקהלה וואָס איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן לעבן פון די יידן און זייער גורל... ער איז געגאַנגען צום ראש פון דער „געסטאַפּאָ" און פאַרלאַנגט אויפקלערונגען. קענט איר אייך דאָס פאָרשטעלן? א ייד האָט גע־וואַגט צו שטעלן פאָדערונגען דעם ראש פון דער „געסטאַפּאָ", אין יענע טעג, ווען דער גאַנצער אייראָפּייאישער קאָנטינענט האָט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ פאר די דייטשן, און גערעדט מיט א שטים פון תחנונים, געבעטן גענאָד; אין יענע טעג ווען די „יודן עלטסטע" אין אנדערע ערטער האָבן געוואַגט בלויז צו ריידן און דינגען זיך וועגן פּרטים פון די גזירות און באַפעלן און נישט שטעלן פאָדערונגען אָדער פאַרלאַנגען אויפקלערונגען.

וויגאָדסקי האָט געפאָדערט און געמאָנט. און מ'דערציילט אז דער ראש פון געסטאַפּאָ האָט זיך נישט געקענט איינהאַלטן פון כעס און דערשטוינונג און אויפגעהויבן די האַנט אויף דעם גרייז־גרויען זקן. וואָס איז געווען נאָכדעם איז נישט באַקאַנט. די דערציילער ווייסן נישט קיין פּרטים. מ'ווייסט בלויז אז ד"ר וויגאָדסקי האָט זיך נישט צוריקגעקערט א היים פונעם צימער פונעם „געסטאַפּאָ" פירער. אַ טייל זאָגן אז ער איז דערשאָסן געוואָרן גלייך אויפן פּלאַץ, אַ טייל זאָגן אז ער איז ארעסטירט געוואָרן און געשיקט געוואָרן אין דער לוקישער תפיסה און דאָרט דערמאָרדעט געוואָרן. און אפשר האָט אויפגעקאָכט דאָס בלוט אינעם זקן און ער האָט עפּעס געענטפערט דעם ראש פון געסטאַפּאָ און איז דערשאָסן געוואָרן דורך דעם צעיושעטן תליין. מ'ווייסט עס נישט או מ'וועט עס קיינמאָל נישט וויסן.

וויגאָדסקי האָט נישט געוואָרט צו זען ווי די ענינים וועלן זיך ווייטער אַנטוויקלען, נישט געדונגען זיך, נישט אראָפּגעבויגן דעם קאָפּ פארן תליין און האָט באַצאָלט מיט זיין לעבן שוין פאַר זיין ערשטן שמועס מיטן געסטאַפּיסט. זיין נאָמען איז נישט געחתמ'עט אויף קיין שום באַפעל פון די נאַציס. ער האָט זיך שוין אינעם סאַמע אָנהויב אָפּגעזאָגט צו גייען דעם באַרג־אַראָפּ פון הכנעה און דערנידערונג. עס זעט אויס, אז אויך זיינע חברים אינעם ראָט זענען געווען ענלעך צו אים. זייער גורל איז געווען ווי זיינער, זיי זענען כמעט אלע דערשאָסן געוואָרן. די וואָס זענען געקומען

נאָך זיי האָבן זיך אַנדערשט נוהג געווען. זיי האָבן אָנגעהויבן אונטערהאַנדלונגען, זיך געדונגען, זיי האָבן געראַטעוועט טויזענטער פאַרן פרייז פון צוויי טויזענט. די צוויי טויזענט זענען אוועק־געשיקט געוואָרן ערגעץ און עס זענען פאַרשווונדען זייערע שפורן.

נאָך דעם ערשטן טראַנספּאָרט זענען געשיקט געוואָרן נאָך און נאָך און מ׳האָט שוין געוווּסט ווו אהין מ׳שיקט זיי. עס איז געווען דער אומקום־פּלאַץ פאַר ווילנער יידן, דאָס פון גרויל־באַקאַנטע פּאָנאַרי.

וויגאָדסקי האָט נישט געוואָלט זיין קיין שותף צו דער אויס־מאָרדונג פון זיינע ברידער און איז געגאַנגען פאַר זיי, אלס קרבן פון זיין עדה, וואָס האָט געזען אין אים איר באַשיצער און פאַר־טיידיקער. זיין קרבן האָט נישט געהאָלפן, אין אונדזערע צייטן קענען די קרבנות פון יחידים נישט ראַטעווען דעם כלל. אָבער ער האָט באַדעקט זיין נאָמען מיט כבוד, פאַר זיך און פאַר זיין פאָלק.

נאָך דעם ווי דאָס אויביקע איז געשריבן און פאַרעפנטלעכט געוואָרן זענען באַקאַנט געוואָרן גענויערע פּרטים וועגן טויט פון ד״ר וויגאָדסקי.

דער זקן איז אריינגעזעצט געוואָרן אין דער לוקישער תפיסה און האָט זיך דאָרט א לאנגע צייט געפּייניקט. די דייטשן האָבן נישט דערלויבט אריינצופירן אן ארצט צו אים, ער זאָל אים לייכטער מאַכן זיינע יסורים. און אזוי, איז ער אויסגעגאַנגען אַן עלענטער ליגענדיק אויף דעם נאַקעטן קאַלטן בעטאָן אין דער תפיסה.

עס פּאַסירט אַמאָל, אז דיווירקלעכקייט שטייגט אריבער יעדע העראָאישע לעגענדע!

# יאַן קירשענבוים

כ׳געדענק נישט, ווי ער האָט דערגרייכט צו דער אָנפירונג פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין פוילן און איך ווייס נישט ווי עס איז געקומען דערצו ער זאָל געהערן צו די הויפּט־אָנפירער פון די געטאָ־אויפשטענדלער, אלס חבר פון איינער פון די הויפּט־קאָמיסיעס.

ער האָט זיך אויסגעצייכענט מיט זיינע אָרגאַניזאַטאָרישע פעאיקייטן. אויך אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין פוילן האָט ער געפירט צו אָרגאַניזיר־אָפּטיילונג, געזאָרגט פאַר דעם ווערבירן חברים און פאַרשטאַרקונג פון די סניפים. ביים צוגרייטן דעם אויפשטאַנד אין וואַרשע האָט ער דערפילט אָרגאַניזאַציאָנעל־פינאַנציעלע אויפגאַבן, וואָס פון זיי איז געווען אָפהענגיק, אין א גרויסער מאָס, דער דערפאָלג פון דעם געפּלאַנטן אויפשטאַנד.

קירשענבוים איז געווען א סוחר, וועלכער האָט נישט באַזונדערס מצליח געווען אין זיינע געשעפטס־אונטערנעמונגען, הגם ער האָט געהאַט ברייטע פאַרבינדונגען צוליב זיין ציוניסטישער טעטיקייט. ער האָט נישט נהנה געווען פונעם ציוניזם. דער ציוניזם איז געווען דער שבת פון זיין לעבן. דער ציוניסטישער „שבת" זיינער האָט ווי פאַרשלונגען די „גאַנצע וואָך" פון זיין לעבן. ס׳וואָלט מיר קיינמאָל נישט איינגעפאַלן אז פון אלע מיטגלידער פון ציוניסטישן צענטראַל־קאָמיטעט וואָס זענען געבליבן אין פוילן אין די טראַגישע יאָרן וועט דווקא דער באַשיידענער קירשענבוים געהערן צו די אָנפירער פון געטאָ־אויפשטאַנד. זיין ציוניסטישע דערציאונג, זיין אַקטיווע באַטייליקונג אין אלע קאַמפן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, זיין אידייאישע טרייהייט — האָבן אים געפירט אויף דעם דאָזיקן וועג. צוזאַמען מיט שיפּערן און די פירער פון די

אנדערע ציוניסטישע פּאַרטייען און די חלוצישע אָרגאַניזאַציעס איז ער געווען אונטערגעשריבן אויף די דעפּעשן, וואָס זענען צו אונדז געשיקט געוואָרן דורך די פּאַרמיטלונג פון דער פּוילישער רעגירונג, אין לאָנדאָן. מיט זיין לעבן און מיטן לעבן פון זיין פאַמיליע האָט ער באַצאָלט פאַר אָט דער ארבעט זיינער. די פּרטים וועגן זיין טויט — אַ טויט פון א גבור און קדוש, ווייסן מיר נישט, עס איז אָבער קלאָר, אז ער איז דערשאָסן געוואָרן פאַר זיין באַטייליקן זיך אינעם אויפשטאַנד.

געווען א צייט אינעם ציוניזם ווען מ׳האָט אַנטקעגן געשטעלט דעם סוחר, דער מענטש פון פּראַקטישן חשבון, דעם גייסט־מענטשן, וואָס שוועבט אין אן אידעאַלער וועלט און קען זיך נישט אויס אין דער ווירקלעכקייט פון לעבן. פיל האָבן געהאַלטן, אַז דער יידישער סוחר, וועמענס מוח איז געשאַרפט אין געשעפטלעכע איינפאַלן, דער פאַרשטאַנד זיינער געאיבט און זיין אָריענטירונגס־פעאיקייט וואך און רירעוודיק, נאָר ער איז בכוח ארויסצושלעפּן די אויפבוי־ארבעט פון דעם בטלנישן זומפּ אויף פרייען, געזונטן באָדן. אָבער אין דער היץ פון דער דעבאַטע האָט מען נישט געשפּאָרט דעם סוחר אויך זידל־נעמען, אים באַשולדיקט אין קליינלעכקייט, מאַנגל פון אידייאישן שוווּנג און ברייט האַרציקייט. אין דער אמת׳ן, איז אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, אין דער אויפבוי־ארבעט אין ארץ־ישראל, דער יידישער סוחר נישט געווען דער כוח וואָס שאַפט, שטויסט פאָראויס די אַנטוויקלונג און עפענט נייע ארבעטס מעג־לעכקייטן, ווי ער איז געווען אין גלות. אָבער בכלל האָט דער ציוניזם גאָר נישט פאַרלוירן נאָר פאַרקערט, פיל גענאָסן פון די יידן־סוחרים וועלכע האָבן, נישט איינמאָל אים געשענקט נישט בלויז זייער געלט און פאַרמעגן, נאָר אויך זייער נשמה, זייער שוווּנג, האַרץ און באַאַגייסטערונג האָבן זיי געשענקט דעם ציו־ניזם, וועלכער איז געוואָרן דער שבת פון זייער לעבן. עס האָט נישט איינמאָל פּאַסירט אז דער ציוניסטישער שבת זייערער האָט אוועקגעשטויסן אין א ווינקעלע זייער וואָכעדיקן טאָג, און ווען עס זענען געקומען טעג פון נסיון, גרויל־טעג, וואָס זייער גלייכן איז נישט געווען נאָך אין אונדזער געשיכטע, וואָס קיינער האָט נישט געקענט זיי פאָרויסזען אפילו אין דער שוואַרצטער פאַנטאַזיע,

האָט זייער טרייהייט צום פאָלק באַהערשט זייער גאַנץ לעבן, זייער נשמה אינגאַנצן. קירשענבוים האָט זוכה געווען צו זיין צווישן די, וואָס האָבן אויסגעהאַלטן דעם נסיון, וואָס האָבן זיך דערהויבן צו די הויכקייטן פון גבורה, אין פנים־אל־פנים׳דיקן קאַמף צווישן די ווענגיקע און פאַראייניזאַמטע קעגן די שטאַרקע, און באַוואָפנטע מיט אַלע מאָדערנסטע מלחמה מכשירים. ער האָט אין דעם אומגלייכן, האָפנונגסלאָזן פאַרמעסט געוויילט דעם וועג פון בונט און קאַמף וואָס האָט אים און זיינע חברים געפירט צום רומפולן טויט.

## ד"ר יעקב לעמבערג

ער איז געווען איינער פון די געטרייסטע חברים אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. כ'האָב מיך באַקענט מיט אים ווען ער איז שוין געווען אַ פּראַקטיצירענדיקער אַרצט, ער האָט זיך באַזעצט אינעם שטעטל זדונסקאַ־וואָליאַ און האָט זיך באַליבט געמאַכט נישט בלויז ביי זיינע פּאַרטיי חברים נאָר ביי אלע יידן אין שטעטל. אויך ביי די דייטשע תושבים אין שטעטל, ווענעמס צאָל עס האָט דערגרייכט איינקע טויזענט איז ער געווען אָנגענומען. אין דער צייט ווען עס איז געשאַפן געוואָרן דער מינדערהייט־בלאָק צו די וואַלן צום פּוילישן סיים אין יאָר 1922, האָט ער דאָרט געפירט די וואַל־אַקציע אַלס באַפולמעכטיקטער פון יידישן בלאָק. ער איז געווען איינער פון יענע ציוניסטישע עסקנים, וואָס זענען געווען זער פּאָפּולער אין זייער געמיינדע. געגאָסן פון אָנזען און פּאַרטרויען פון אלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין זייער ווינאָרט. רעפּרעזענטירט זיי לגבי דער אָרטיקער מאַכט און געשטאַנען בראש פון יעדער וויכטיקער געזעלשאַפטלעכער, קולטורעלער, נאַציאָנאַלער און ציוניסטישער אקציע אין שטאָט.

ד"ר לעמבערג האָט געהערט צו דער „על המשמר" פראַקציע אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין פּוילן און געשטאַנען אין דער ערשטער ריי פון אירע אַקטיווע טוער.

ווען עס האָט אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה, איז ער מאָביליזירט געוואָרן אלס אַרצט אין דער פּוילישער ארמיי. זיין רעגימענט איז געווען צווישן יענע מילטער אָפּטיילונגען וואָס האָבן זיך צוריקגעצויגן אין די מזרח־דרום'דיקע גרענעץ־געביטן, וואָס זענען שוין באַזעצט געווען פון סאָוויעטישן מילטער, אויפן גרונט פון הסכם מיט נאַצי־דייטשלאַנד וועגן דער פאַנאַנדערטיילונג פון

פוילן, ער איז געפאַנגען געוואָרן דורכן רוסישן מיליטער, ווי די איבריקע פוילישע מיליטער אָפּטיילונגען, וואָס האָבן זיך צוריקגעצויגן אין דער ריכטונג אויף מזרח, מיט דער האָפענונג צו קענען פאָרזעצן דעם קאַמף אין די פּאָליעסער בלאָטעס און אין די וואָלינער וועלדער. ד״ר לעמבערג איז שפּעטער באַפרייט געוואָרן און זיך צוריקגעקערט אַ היים קיין זדונסקאַ־וואָליאַ, וואָס איז נאָך אַ געוויסע צייט פאַראייניקט געוואָרן מיט דעם אַזוי גערופענעם וואַרטאַ־גאַאו און איז געוואָרן אַ טייל פון דייטשן רייך. ער האָט געהאָפט אַז ער וועט זיך קענען באַשעפטיקן מיט מעדיצין ביז דער שטורם וועט פאַריבערגיין.

די ערשטע חדשים פון דער דייטשער מיליטער־הערשאַפט, האָבן זיך נישט אויסגעצייכנט מיט באַזונדערע גרויל־טאַטן, ס׳האָבן אָבער נישט געפעלט קיין פּראָוואָקאַציע־אַקציעס. אינעם טאָג פון דער פּוילישער אומאָפּהענגיקייט האָבן די דייטשן מורא געהאַט פאַר אומרוען און זיי האָבן אַרעסטירט די מיטגלידער פון פריערדיקן שטאָט־ראַט און צווישן זיי אויך ד״ר לעמבערג. דעם זעלבן טאָג איז געהרג׳ט געוואָרן אַ דייטש פון די אָרטיקע איינוווינער, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אין גאַס אָנגעטאָן אין מונדיר פון אַ ס.ס.־מאַן. מ׳האָט אַרויפגעלייגט אַ שטראָף אויף די יידן, פאַרשטייט זיך. אַלע יידישע מענער זענען פאַרטריבן געוואָרן אינעם שטעטל שיעראַדז. מ׳האָט זיי געפירט צו פוס, אויפן וועג האָט מען זיי געשלאָגן און פיר פון זיי זענען געשטאָרבן. אויפן צווייטן טאָג האָט מען זיי אומגעקערט קיין זדונסקאַ־וואָליאַ. און אויך די ערב׳ניקעס זענען באַפרייט געוואָרן.

די ציווילע מאַכט אין שטעטל איז די ערשטע צייט איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פון די אָרטיקע דייטשן, די אַזוי גערופענע „פאָלקס־דייטשן״. ד״ר לעמבערג האָט געהאַט באַקאַנטשאַפט מיט די אָרטיקע דייטשע כלל־טוער נאָך פון די צייטן פון מינדערהייט־בלאָק. איינער פון זיי איז באַשטימט געוואָרן אַלס בירגערמייסטער. אין דער צווייטער העלפט פון 1939 איז אַרויס אַ באַפעל פון אַן אַלגעמיינעם גירוש פון זדונסקאַ־וואָליאַר יידן און ס׳איז באַצייכנט געוואָרן ווו אַהין זיי וועלן פאַרטריבן ווערן. די קהלה פאַרוואַלטונג, וואָס איז באַשטאַנען פון אגודה־לייט און סתם

פרומע יידן, האָט זיך געווענדעט צו ד״ר לעמבערג מיט דער ביטע זיך צו באַמיען מבטל צו זיין די גזירה. לעמבערג האָט זיך גע־ווענדעט צום בירגערמייסטער און צו אנדערע איינפלוסרייכע מענטשן צווישן די אָרטיקע דייטשן און ס׳איז אים געלונגען מיט זייער הילף צו פאַרבייטן דעם גירוש אויף א קאָנטריבוציע און הונדערט שיינע דירות, מיט אַלץ וואָס עס געפינט זיך אין זיי. פאַר אָפיצירן און העכערע באַאַמטע דער אָקופּאַציע־מאַכט.

אין דעצעמבער אינעם זעלבן יאָר האָט דער ארץ־ישראל אמט אין וואַרשע מודיע געווען דעם ד״ר לעמבערג, אַז עס איז דערהאַלטן געוואָרן פאַר אים איין איינצייזע סערטיפיקאַט קיין ארץ־ישראל. מ׳האָט אים אויפגעפאָדערט ער זאָל גלייך קומען מיט זיין פאַמיליע קיין וואַרשע ווו עס איז נאָך געווען טעטיק אַן איטאַליענישע שיפס־געזעלשאַפט, וואָס האָט זיך באַשעפטיקט מיט טראַנספּאָרטירן עולים קיין ארץ־ישראל. ווען עס האָט זיך פאַרשפּרייט אין שטאָט די ידיעה אַז ד״ר לעמבערג גרייט זיך צו פאַרלאָזן די שטאָט, האָט זיך געווענדעט צו אים א דעלעגאַציע פון דער קהלה־פאַרוואַלטונג און אים געבעטן אַז ער זאָל זיי נישט פאַרלאָזן אין א צייט פון סכנה. מ׳האָט אויסגערופן א תענית אין שטאָט, כדי משפיע צו זיין אויף ד״ר לעמבערג און פיל יידן האָבן זיך פאַרזאַמעלט ארום זיין הויז. ד״ר לעמבערג האָט דערפילט די בקשה פון זיין קהלה, האָט רעזיגנירט פון סערטיפיקאַט פאַר זיך און זיין פאַמיליע און איז געבליבן אין שטאָט.

אינעם זעלבן חודש זענען אָנגעקומען פון דייטשלאַנד באַאַמטע וועלכע האָבן איבערגענומען די ציווילע מאַכט אין שטאָט, אַנשטאָט די אָרטיקע דייטשן וועלכע זענען באַשטימט געוואָרן דורך דער מיליטערישער מאַכט. דער נייער בירגערמייטער, א ס.ס. אָפיציר, האָט געמעלדעט דער קהלה־פאַרוואַלטונג, אַז זיי דאַרפן אויסוויילן איין מענטשן וועלכער זאָל רעפּרעזענטירן פאַר אים די יידישע געמיינדע. צווישן די מיטגלידער פון דער קהלה־פאַרוואַלטונג האָט זיך נישט געפונען קיינער וואָס האָט מסכים געווען אָנצונעמען אָט דעם סכנות־פולן אַמט. מ׳האָט זיך ווידער געווענדעט צום ד״ר לעמבערג און ער האָט מסכים געווען אָנצונעמען דעם אַמט פון ראש־הקהלה און איר פאַרשטייער לגבי דער דייטשער מאַכט, הגם

ער האָט געוווּסט וואָס אים דערוואַרט, אויב ער וועט נישט מיט־אַרבעטן מיט די דײַטשן און טון וואָס זיי וועלן אים הייסן. אָבער ער איז דאָך געבליבן אין שטאָט כּדי צו באַשיצן די ייִדן וואָס האָבן געלייגט האָפֿנונג אויף אים, אַז ער וועט זיי העלפֿן אין זייער נויט — ווי זשע קען ער זיי אָפּזאָגן?

פֿון לאָדזש זענען אָנגעקומען ידיעות וועגן קאָנצענטרירן די ייִדן אין באַלוט, דאָס ייִדישע ווינקפֿירטל ווו עס האָט געהערשט נויט און אָרעמקייט, וואָס איז געווען געדיכט באַפֿעלקערט פֿון אָרעמע „כאַלופּניקעס“, וואָס האָבן געאַרבעט מיט האַנט־מאַשינען, און די גרויסע מאָדערנע פֿאַבריקן זענען געווען געשלאָסן פֿאַר זיי. דאָס צונויפֿזאַמלען פֿון צענדליקער טויזנטער ייִדן, וואָס זענען אָפּגעשניטן געוואָרן פֿון זייער פּרנסה־קוואַלן און פֿאַרמשפּט אויף אונטערגאַנג האָט דערפֿירט צו הונגער ממש. די נאָענטע שטעטלעך האָבן געאײַלט צו אָרגאַניזירן הילף, שיקן פּעקלעך צו זייערע קרובֿים און פֿרײַנט. אין אַ קורצער צײַט אַרום האָט מען זיך דערוווּסט אַז די דײַטשן גיבן נישט איבער די פּעקלעך די ייִדן צו וועמען זיי זענען געשיקט געוואָרן. לעמבערג איז אויפֿגע־פֿאָדערט געוואָרן אַריבער צו פֿאָרן קיין לאָדזש כּדי אויפֿצוקלערן צו עס לוינט זיך ווײַטער צו שיקן די פּעקלעך און אויף וועלכן וועג דאַרפֿן זיי געשיקט ווערן. לעמבערג האָט מסכּים געווען צו פֿאָרן קיין לאָדזש, געוואָלט ביי דער געלעגנהייט זיך פֿאַרשטענדיקן מיט רומקאָווסקין, דער ראָש פֿון „יודנראַט“, וועמען ער האָט געקענט אַלס ציוניסט און ענערגישן עסקן באַזונדערס אויפֿן געביט פֿון יתומים דערציאונג.

מ'האָט תּחילת דערציילט וועגן רומקאָווסקין גרויסע זאַכן און געגלויבט זײַן אָרגאַניזאַטאָרישן טאַלאַנט און איניציאַטיוו, שפּעטער האָט מען אים געטאַדעלט פֿאַר זײַנע באַציאונגען מיט דער דײַטשער מאַכט און מיט ביבאָוון, אין וועמענס הענט עס זענען איבערגעגעבן געוואָרן די ייִדן, וואָס האָבן געמוזט טון צוואַנגס־אַרבעט פֿאַר די דײַטשן.

רומקאָווסקי האָט לעמבערגן פֿרײַנטלעך אויפֿגענומען, אים גע־וויזן די אַלע אַרבעטן און הילפֿס־אינסטיטוציעס וואָס ער האָט געשאַפֿן, און אַלץ געטון אַז לעמבערג זאָל זיך נישט טרעפֿן מיט

יענע ציוניסטישע עסקנים וואָס האָבן נישט מסכים געווען מיט דער שיטה און טעטיקייט פון רומקאָווסקין. א גאַנצע נאַכט האָט לעמבערג פאַרבראַכט מיט רומקאָווסקין וועלכער האָט פאַר אים אויפגעדעקט דאָס גאַנצע האַרץ זיינס. די דייטשן ווילן פאַרטיליקן אַלע יידן. מ׳דאַרף דעריבער מיט זיי מיטארבעטן און דורכדעם געווינען צייט און ווי וויט מעגלעך פאַרגרעסערן די שארית הפליטה וואָס האָט שאַנסן ניצול צו ווערן פון דער פאַרניכטונג. מ׳דאַרף פירן די ענינים מיט שטאַרקער האַנט צווישן די יידן גופא, אנדערש וועט הערשן א כאַאָס און אייגער וועט דעם אַנדערן אויפפרעסן. אזא איז געווען די מיינונג פון רומקאָווסקי און זיין אַרבעט־סיסטעם, וועלכן ער איז געבליבן טריי די גאַנצע צייט וואָס דאָס לאָדזשער געטאָ האָט עקזיסטירט.

פאַר לעמבערגן איז קלאָר געווען אז דאָס סיסטעם וועט פירן רומקאָווסקי און די יידן וואָס האָבן זיך געפונען אינעם תחום פון זיין הערשאַפט צו א תהום פון קנעכטשאַפט און דערנידערונג. און וועט זיך ענדיקן מיט פולשטענדיקן אונטערגאַנג. ער האָט געהאַט אן אַנדער מיינונג וועגן דער לאַגע, ער האָט זיך נישט געמאַכט קיין אילוזיע, אז מ׳וועט קענען ראַטעווען די יידן, דורך נאָכגעבן אין אַלעמען די דייטשן און דערפילן זייערע רויבערישע פאָדערונגען, הגם אויך אים איז נישט איינגעפאַלן אז די דייטשן וועלן אריבערגיין יעדע גרענעץ פון אונטערדריקונג און אויסנוצונג און דאַן ערשט דערגיין צו א טאָטאַלער פאַרניכטונג פון אַלע יידן.

סוף זומער 1941, ס׳הייסט נאָך דעם אריינרייסן זיך פון היטלערס אַרמייען אינעם ראַטן־פאַרבאַנד, האָבן די דייטשן קאָנצענטרירט די יידן פון זדונסקאַ־וואָליאַ אין א געטאָ. שוין מיט אַ צייט פאַר דעם האָבן די זדונסקאַ־וואָליער יידן געהאַט אויסצושטיין שווערע גזירות און פאַרפאָלגונגען מצד די דייטשן.

אַלס ראש הקהלה האָט זיך לעמבערג פיל אָנגעליטן ביים מוזן נאָכקומען די פאָדערונגען פון די דייטשן, באַזונדערס וועגן דער צוואַנגס־ארבעט וואָס איז ארויפגעלעגט געוואָרן אויף די יידן. ד״ר לעמבערג האָט ביי די דייטשן געהייסן: „דער שטאָלצער ייד״ און נישט איינמאָל האָט אים געדראָט דער טויט ווען ער האָט געפרווווט פאָדערן א מער מענטשלעכע באַציאונג צו די יידן, וועלכע זענען

געווען אויסגעשטעלט אויף פיין און דערנידעריגונגען מצד די דייטשע תליינים. אָבער עס איז אים אַמאָל אויך געלונגען צו לינדערן די ליידן פון די יידן, א דאנק זיין מסירות־נפש און בכבוד׳קער האַלטונג לגבי די נאַצי־רשעים, מיט וועלכע ער פלעגט בלויז אָנהאַלטן אן אמטלעכן קאָנטאַקט און אויסגעמיטן יעדער בענטערע באַציאונג מיט די פאַרשיידענע דייטשע מאַכט־האָבער, אָפיצירן און העכערע קאָמאַנדירן.

אין האַרבסט 1941 האָבן די דייטשן אָנגעהויבן אַ פאַרניכטונגס אַקציע אינעם וואַרטאַ־גאַאו.

פון קאַליש האָט מען מודיע געווען דער דאָרטיקער ראש הקהלה צו לעמבערגן, אַז די דייטשן האָבן ארויסגענומען אַלע זקנים פון מושב זקנים, כלומרשט מיט דער טענה, אַז מ׳פירט זיי אריבער אין אַ ספּעציעלן אַנשטאַלט פאַר אַלטע לייט אין דייטשלאַנד, אָבער מ׳איז גלייך געוואָר געוואָרן אַז מ׳האָט אַלע זקנים אויסגעמאָרדעט.

אַ פּוילישער באַן־אַרבעטער האָט מודיע געווען דעם ד״ר לעמבערג וועגן דער מאַסן אויסמאָרדונג פון די יידן אין כעלמנאָ און אומגעגנט, אינעם נאָענטן וואַלד, וווּ עס האָבן געפינען דעם טויט טויזנטער יידן. לעמבערג האָט וועגן דעם גלייך צווויסן געגעבן אין די נאָענטע שטעטלעך און קיין לאָדזש. די יידן האָבן תחילת נישט געוואָלט גלויבן אין דעם און האָבן זיך געטרייסט מיט כל מיני אילוזיעס. ס׳איז קיינעם נישט איינגעפאַלן אַז די דייטשן זענען דערגאַנגען צום טייוולאַנישן פּלאַן אויסצומאָרדן מאַסן יידן דורך פאַרגיפטונג. אין כעלמנאָ איז געמאַכט געוואָרן דער ערשטער פּרווו צו פאַרניכטן צענדליקער יידן וואָס מ׳האָט אריינגעפירט אין אַ הערמעטיש פאַרשלאָסענעם לאַסט־אויטאָ, און זיי פאַרסמט מיט גיפטיקן גאַז וואָס איז אויסגעדאַמפּט געוואָרן אויף זיי פונעם אויטאָ־מאָטאָר. ארום דעם אָרט וווּ מ׳האָט דעם גרויל אויסגעפירט האָט מען באַזייטיקט אַלע דאָרפס־איינוווינער. מ׳האָט עס געהאַלטן בסוד, כדי נישט צו וואַרפן אַ פחד אויף די יידן, פּריצייטיק. אין יאָר 1942 האָט מען דערפונדען דעם גיפט־גאַז „ציקלאָן״, און אין בערלין, אין דער הויפּט־קוואַרטיר פון היטלערן, האָט מען באַשלאָסן אויפצושטעלן טויט־לאַגערס, אין וועלכע עס זאָלן זיך געפינען גאַז־קאַמערן, וועלכע זאָלן אימשטאַנד זיין צו פאַרגיפטן

צענדליקער טויזענטער מענטשן טעגלעך. מ׳האָט דעמאָלט גענומען אויפשטעלן די גאַז־קאַמערן אין אָשוויענצים, טרעבלינע און אַנדערע טויט־ לאַגערן.

דער ערשטער שריט פאַר דער טאָטאַלער פאַרניכטונג פון די יידן איז געווען דאָס קאָנצענטרירן יידן אין גרויסע געטאָס, כדי צו פאַרלייכטערן דאָס ארוסשיקן זיי אין די טויט־לאַגערס. מ׳האָט אָנגעהויבן ליקווידירן די געטאָס אין די שטעטלעך ארום לאָדזש. די איינוווינער זייערע האָט מען ס׳רוב אויסגעמאָרדעט אין די געטאָס גופא און א קליינעם טייל פון זיי האָט מען אריבערגעפירט אין לאָדזשער געטאָ. לעמבערג האָט אָנגעהויבן זוכן א וועג פון רעטונג. זיינע פריינט, וואָס האָבן זיך געפילט אים דאַנק־שולדיק אלס אַרצט און כלל־טוער, האָבן אים געוואָרענט פאַר די קאָנסעק־ווענצן פון זיין קאַמף, אָבער ער האָט זיי נישט געשענקט קיין געהער און ווייטער געטון זיין ארבעט.

אין מאַרס 1942, אום פורים, האָט מען גערופן לעמבערגן צו צוויי הויכע געסטאַפּאָ אָפיצירן וואָס זענען געקומען קיין זדונסקאָ־וואָליא פון לאָדזש. די צוויי געסטאַפּאָ־אָפיצירן, ריכטער און פוקס האָבן זיי געהייסן, האָבן אים געגעבן א באַפעל צו צושטעלן א ליסטע פון צען יידן, וואָס וועלן נאָך דעם טאָג געהאַנגען ווערן אין דער אָנוועזנהייט פון די קהלה־פאָרשטייער. לעמבערג האָט געפרעגט: וואָס איז די שולד פון די דאָזיקע צען יידן? — דער ענטפער איז געווען, אז די געסטאַפּאָ־אָפיצירן דאַרפן נישט מאָטיווירן זייערע באַפעלן, און די יידן וועלן געהאַנגען בלויז דערפאַר ווייל זיי זענען יידן. לעמבערג האָט אויף דעם געענטפערט, אַז די צאָל יידן אין דער שטאָט דערגרייכט צוועלף טויזענט און נישט בלויז צען. לעמבערג האָט פאַר דער תשובה באַקומען קלעפּ און מ׳האָט אים געהייסן צוגרייטן די ליסטע אין משך פון א פירטל שעה, און אויב ער וועט דאָס נישט טון וועט ער, זיין פרוי און זיינע צוויי קינדער זיין צווישן די געהאַנגענע. לעמבערג איז א היים געגאַנגען צו זיין פאַמיליע און דערציילט וועגן דעם באַפעל וואָס ער האָט באַקומען און וועגן זיין באַשלוס נישט צוצושטעלן די ליסטע. זיין פאַמיליע האָט דערצו מסכים געווען און די ליסטע איז נישט דערלאַנגט געוואָרן. דערווייל האָט זיך וועגן דעם דערוווּסט דער ראש פון

דער קרימינאַל־פּאָליציי וואָס לעמבערג האָט קורירט זיין פרוי און געראַטעוועט זי פון טויט, און יענער האָט צוגעשטעלט א ליסטע פון צען יידן וואָס מ׳האָט באַשולדיקט און באַשטראָפט פאַר שמוגל און ס׳האָט אים זיך איינגעגעבן צו איבערצייגן די געסטאַפּאָ־אָפּי־צירן זיי זאָלן אָנעמען די דאָזיקע ליסטע. לעמבערג און זיין פאַמיליע זענען דאָס מאָל ניצול געוואָרן. מ׳האָט דערציילט אז אין אסך ערטער האָבן די געסטאַפּיסטן געהאַנגען יידן אין דעם דאָזיקן טאָג, כדי צו פאַרשטערן די שמחה פון די יידן צוליבן אויפהענגען המנ׳ען און זיינע צען זין אום פּורים. די יידן וואָס זענען געווען געצוווּנגען צוקוקן זיך צו דער עקזעקוציע פון די צען אומגליקלעכע האָבן אויסגעבראָכן אין א געוויין, לעמבערג האָט געזאָגט אז זיי זאָלן נישט וויינען און נישט ארויסווייזן פאַר די דייטשן קיין שוואַכקייט.

אין יולי האָט מען גערופן לעמבערגן צום בירגערמייסטער, און יענער האָט אים אויפגעפאָדערט צוצושטעלן א ליסטע פון יידן וואָס זענען פעיאיק צו ארבעט און מ׳קאָן זיי ארבערפירן קיין לאָדזש, די איבריקע וועלן טראנספּאָרטירט ווערן קיין דייטשלאַנד, די קינדער — אין קינדער־לאַגערס, די אלטע אין מושב זקנים און די קראַנקע אין שפּיטעלער. לעמבערג האָט אים געענטפערט, אז ער ווייסט וועלכער וועט זיין דער גורל פון די ארויסגעפירטע „קיין דייטשלאַנד״ בלומרשט, קינדער, אלטע לייט און קראַנקע. ער וועט באַין אופן זיך נישט באַטייליקן אין דער נידערטרעכטיקער טאַט, אפילו ווען ער וועט דאַרפן באַצאָלן מיטן לעבן פאַר דעם אָפּזאָג זיינעם.

אין סעפּטעמבער 1942 האָט מען ארומגערינגעלט דאָס געטאָ אין זדונסקאַ־וואָליאַ דורך געסטאַפּאָ־לייט און א פאַרניכטונגס־אָפּ־טיילונג פון דער ס.ס. איז ארײַן אין שטאָט. מ׳האָט ארויסגעטריבן אַלע יידן פון זייערע הייזער און זיי געפירט צום אָרטיקן בית הקברות. פאַרן טויער האָט מען אויסגעטיילט די קינדער, אלטע לייט און קראַנקע, פאַרלאָדן אויף לאַסט־אויטאָס און אוועקגעפירט אין אן אומבאַקאַנטער ריכטונג. אלע איבריקע יידן האָט מען אַריינגעטריבן אויפן בית הקברות. זייער צאָל איז געווען ארום 2500 נפשות. זיי זענען דאָרט געבליבן א גאַנצע נאַכט אונטער

אָ שטרענגע וואך פון די דייטשן. אויף צומאָרגענס אין דער פרי איז דערשינען ביבאָוו און האָט געהייסן פארקלענערן די צאָל און איבערלאָזן ביים לעבן בלויז צוועלף הונדערט. זיין באַפעל איז אויסגעפירט געוואָרן. צווישן די ביים לעבן געבליבענע איז געווען אויך לעמבערג און זיין פאַמיליע. שפעטער האָט ביבאָוו געשיקט צו זיך רופן לעמבערגן און אים געזאָגט אז ער האָט זיך פאַרדינט דעם טויט ווייל ער האָט נישט אויסגעפאָלגט זיינע באַפעלן, ער איז אים גרייט מוחל צו זיין, אויב ער וועט אים צוזאָגן אז ער וועט קומענדיק קיין לאָדזש מיטארבעטן מיט די דייטשן. דער ענטפער פון ד"ר לעמבערג איז געווען א קלאָרער: כ'בין געווען דער ראש הקהלה, און מיין אויפגאַבע איז געווען צו שיצן די יידן און זיך משתדל צו זיין פאַר זיי. כ'בין אן ארצט לויטן פאַך און וויל זיין באַשעפטיקט אַלס דאָקטאָר אויך אין לאָדזשער געטאָ. כ'האָב נישט קיין דערפאַרונג און קיין ווילן דערצו מיטצואַרבעטן מיט דער „געסטאַפּאָ".

דער געסטאַפּאָ־אָפיציר פוקס האָט ארויסגענומען זיין רעוואָל־ווער און אים אָנגעשטעלט קעגן קאָפּ פון ד"ר לעמבערג. ביבאָוו האָט אים אויפגעהאַלטן און געזאָגט: מיר וועלן געבן דעם יידן צייט זיך צו באַקלערן, ער וועט אונדז געבן זיין ענטפער מאָרגן.

נאָך דעם ווי יענע האָבן פאַרלאָזט דעם בית הקברות, איז דער ראש פון דער פּאָליציי צוגעגאַנגען צו לעמבערגן און אים געזאָגט, אז ביבאָוו האָט באַשלאָסן אים צו דערמאָרדן. ער ראָט אים דעריבער, זיך אָנצושליסן אין דער גרופּע פון 200 יידן וואָס ווערט נאָך דעם זעלבן טאָג אַוועקגעפירט קיין לאָדזש. אויב ער וועט פאַרשווינדן פון ביבאָווס אויגן, איז אפשר מעגלעך ער זאָל ראַטעווען זיין לעבן. לעמבערג האָט מסכים געווען. די איבריקע יידן, וואָס האָבן געזאָלט טראַנספּאָרטירט ווערן אויפצומאָרגן, האָבן זיך פון דעם דערוווּסט. עס איז אויסגעבראָכן א פּאַניק צווישן זיי. זיי זענען געווען זיכער אז לעמבערג וועט נעלם ווערן וועט מען זיי אלע דערפאַר אויסמאָרדן. לעמבערג איז געבליבן מיט אַלע איבריקע יידן אויפן בית הקברות. אויפצומאָרגן האָט מען די יידן אריבער געפירט צו דער באַן־סטאַציע און דאָרט זיי אריינגעפירט אין לאַסט־וואַגאָנען. לעמבערג איז נישט אריין אין

וואַגאָן צוזאַמען מיט זײַן פֿאַמיליע. ער האָט געפֿילט אַז זײַן סוף איז נאָענט און ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן פֿאַר זײַן פֿאַמיליע. איידער דער צוג איז אָפּגעגאַנגען איז דערשינען ביבאָוו מיט די געסטאַפּאָ־אָפֿיצירן. מ׳האָט אים גערופֿן צו ביבאָוון. אויף דער פֿראַגע פֿון ביבאָוון, צו ער האָט געענדערט זײַן מיינונג, האָט לעמבערג געענטפֿערט נעגאַטיוו. מ׳האָט אים אַרײַנגעפֿירט אינעם אויטאָ וווּ עס זענען געזעסן די געסטאַפּאָ־אָפֿיצירן. זיי האָבן אים געפֿרעגט וווּ עס איז זײַן פֿאַמיליע. ער האָט געענטפֿערט אַז זיי זענען אַוועק נאָך נעכטן מיטן ערשטן טראַנספּאָרט. זינט דעמאָלט איז ד״ר לעמבערג פֿאַרשוווּנדן. עס איז נישט באַקאַנט צו ער איז דערשאָסן געוואָרן דורך די געסטאַפּאָ־אָפֿיצירן אָדער מ׳האָט אים געבראַכט קיין לאָדזש און אַרײַנגעוואָרפֿן אין די געס־טאַפּאָ־קעלערן ווי אַלע אַנדערע צום טויט פֿאַראורטיילטע.

אין יאָר 1946 איז ביבאָוו געשטעלט געוואָרן פֿאַר אַ פּויליש געריכט, וועלכער האָט אים געפֿונען שולדיק אין באַטייליקן זיך אין דער אויסמאָרדונג פֿון זיבעציק טויזענט ייִדן אין לאָדזש, און דערמאָרדן דעם ד״ר ווייסקאָפּ און ד״ר לעמבערג, דער ראש הקהלה אין זדונסקאַ־וואָליאַ, און פֿאַראורטיילט געוואָרן צו תּלייה.

ד״ר לעמבערג האָט נישט מסכּים געווען טמא צו מאַכן זײַן נשמה דורך איבערגעבן ייִדן צום טויט אויפֿן באַפֿעל פֿון די דײַטשן, ווי אַ שטאָלצער ייִד איז ער געשטאַנען פֿאַר די מערדער פֿון זײַן פֿאָלק און האָט מיט זײַן טויט געהייליקט דעם נאָמען ייִד.

# אברהם געפּנער

אברהם געפּנער האָב איך געזען דאָס ערשטע מאָל אויף איינע פון די שטורמישע פאַרזאַמלונגען נאָך דער רוסישער רעװאָלוציע אין יאָר 1905. די פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען אין פאַריין פון די האַנדעלס־אָנגעשטעלטע פון יידישן גלויבן, וװ געפּנער איז געװען א מיטגליד. דער פאַריין האָט עקזיסטירט לאַנגע יאָרן און איז געװען איינער פון די שטאַרקסטע פעסטונגען פון דער אַסימילאַציע אין דער יידישער געזעלשאַפט. אָבער זינט דער ציוניזם איז דערשינען אויף דער יידישער גאַס אין װארשע און פון דער צװייטער זייט דער „בונד", האָט זיך אָנגעהויבן דער אָנגריף אויף דער דאָזיקער פעסטונג פון צװיי פראָנטן גלייכצייטיק: דער נאַציאָנאַל־ציוניסטישער און סאָציאַליסטיש נאַציאָנאַלער. עס האָבן די פעסטונג פאַרטיידיקט נישט בלויז אַסימילאַטאָרן פון אַלטן בורזשואזן טיפּ — עס האָבן אָנגעהערט צום פאַריין אויך געװעזענע באַאַמטע, װאָס האָבן רייך חתונה געהאַט און געעפענט אייגענע געשעפטן — און אויך נייע פּויליש־נאַציאָנאַלע סאָציאַליסטן, נאָר א חוץ דעם, סאָציאַליסטן־קאָסמאָפּאָליטן, װאָס האָבן זיך נישט אידענטיפיצירט מיט די פּויליש־נאַציאָנאַלע שטרעבונגען און האָבן, פאַרשטייט זיך חוזק געמאַכט אויך פון די יידיש־נאַציאָנאַלע שטרעבונגען. אויף איינער פון די דיסקוסיע פאַרזאַמלונגען, אין װעלכער עס האָבן זיך צוזאַמענגעשטויסן אלע מיינונגען און שטרעבונגען, האָב איך געהערט ריידן אויך אברהם געפּנער, װעלכער איז נאָך דעמאָלט געװען אַ באַאַמטער אינעם האַנדעלס־הויז פאַר אַנגראָ־האַנדל מיט אייזן, װאָס האָט געהערט צו דער אָנגעזעענער און מיוחס'דיקער חסידישער פאַמיליע פריװעס. אין יענע יאָרן זענען די רייכע חסידים געװען נאָכגייער פון די אסימילאַטאָרן אין אלע װעלטלעכע

עניבים, וואָס האָבן בישט אָנגערירט דאָס חסידות און דעם יידישן דת.

כ׳געדענק דעם אויסערלעכן אויסזען פון געפנערן: נידריקע וווקס, און א געזיכט וואָס האָט אויסגעדריקט ענערגיע און אומ־געוויינטלעכן טעמפעראַמענט. ער האָט, פאַרשטייט זיך, גערעדט פויליש. א מין מליצה׳דיק פויליש וואָס איז געווען כאַראַקטע־ריסטיש פאר יידן, וואָס האָבן זיך אויסגעלערנט פויליש פון ביכער, פון לידער פון דער ראָמאַנטישער עפּאָכע און דער פוילישער ליטעראַטור. ער האָט גערעדט מיט גרויס התלהבות און מיט שטאַרקן גלויבן אין זיינע אָנשויאונגען. אָבער דערביי איז די התלהבות געווען געצוימט, זי האָט זיך געצוימט, זי האָט זיך אויסגעטיילט פון די פלאַם־פייערדיקע ריידעס פון די ציוניסטישע אָדער בונ־דיסטישע רעדנער, וואָס זענען געקומען פון דער יידישער גאַס. איך געדענק נישט געגוי די פּרטים פון זיין ריידע, אין וועלכער ער האָט געשליידערט האַרבע ווערטער קעגן דעם „רעאַקציאָנערן און שאָוויניסטישן ציוניזם". ער האָט פאַרטיידיקט די הומאַניטארע געדאַנקן, דעם פּראָגרעס און די גערעכטיקייט, און ער האָט זיך נישט אָפּגעגעבן קיין רעכנונג דערפון אז אייגנטלעך קעמפט ער פאַר אַסימילאַציע, הגם ער האָט באַטאָנט זיין יידישן שטאָלץ, זיין אומווילן און פאַראכטונג לגבי יעדער הכנעה און אונטערטעניקייט. זיינע ווערטער האָבן דערוועקט אין מיר כעס, דעריבער איז דער איינדרוק זייערער פאַרבליבן ביי מיר אין זכרון ביז אויף היינטיקן טאָג.

זינט יענע יאָרן — די טעג פון אויפברויז און טומעל — האָב איך באַגעגנט געפנערן בלויז צופעליק. כ׳האָב געהערט אז ער איז געגאַנגען מיטן אויסגעטרעטענעם וועג: חתונה געהאַט, געעפנט אן אייגן געשעפט אין דער אייזן־בראַנזשע און האָט מצליח געווען. ער האָט אויפגעהערט ארויסצוטרעטן אויף דער טריי־בונע אויף פאַרזאַמלונגען און נישט געהערט צו די געזעלשאַפטלעכע און פאַרטייאישע טוער.

כ׳האָב מיך מיט אים באַגעגנט אין די יאָרן פון דער פוילישער רעפּובליק, וואָס איז אויפגעקומען נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה און ער איז שוין דעמאָלט געווען אן אייגנטימער פון א גרויס

פּראָספּערירענדיק געשעפט און גערעכענט זיך אין ווארשע אַלס דער „אייזן־קעניג". כ'האָב אים באַזוכט אין געוויסע ציוניסטישע ענינים און ער האָט נישט אָפּגעזאָגט; כ'האָב אים ווידער באַזוכט אין אונדזערע באַציאָנאַל־פּאָליטישע אָנגעלעגנהייטן און ער האָט ווידער נישט אָפּגעזאָגט, זיך אָפּגערופן מיט אַ ברייטער האַנט און מיט האַרציקייט פון אַ מענטשן וואָס ווייסט אַז ער טוט זיין פליכט, איבערגעגעבן און געגאַנגען. כ'האָב נישט פיל גערעדט מיט אים וועגן די ענינים צוליב וועלכע מיר זענען געקומען צו אים. צו וואָס? — ס'איז נישט נייטיק געווען אים אויפצוקלערן ווי ווייט בויט־ווענדיק און נוצלעך עס איז די ארבעט אונדזערע, אין ציוניזם און אין אונדזער פּאָליטישן קאַמף אין פּוילן. מיר האָבן קיינמאָל נישט דערמאָנט די פריערדיקע יאָרן, די אמאָליקע צוזאַמענשטויסן אויף פאַרזאַמלונגען. מיר האָבן זיך באַגעגנט ווי גוטע באַקאַנטע וועמען די צייט האָט דערנענטערט איינער צום אַנדערן, אָן וויכוחים און אויפקלערונגען.

ער איז געוואָרן מיין שטענדיקער „קליענט", אפילו דער הויפּט־ליפעראַנט מיינער. בעת מיינע באַזוכן אין פּוילן נאָך מיין עליה קיין ארץ־ישראל האָט נישט פּאַסירט מיר זאָלן זיך נישט זען. קיינמאָל בין איך פון אים נישט ארויס מיט ליידיקע הענט. די פאַרבינדונג צווישן אונדז איז נישט איבערגעריסן געוואָרן די גאַנצע צייט.

עס זענען געקומען די טעג פון יידישן אומקום, געפּנערס נאָמען איז דערמאָנט געוואָרן אין די ערשטע טעג פון דער דייטשער אָקופּאַציע. ער האָט זיך, ווי תמיד, נישט געשטופּט אין די ערשטע רייען. אין דער תקופה פון די גירושים און פאַרניכטונג האָט מען ווידער נישט געהערט דערמאָנען זיין נאָמען. כ'בין זיכער געווען, אז געפּנער שטייט הינטער די הילפס און פאַרטיידיקונגס־אַקציעס. כ'האָב געבעטן דעם פּראָפעסאָר קאָט, דעם פּוילישן געזאַנדטן אין ראַטן־פאַרבאַנד, ווען ער איז דורכגעפאָרן ארץ־ישראל אויף זיין וועג קיין קויבישעוו, ער זאָל זיך נאָכפרעגן וועגן גורל פון געפּנערן. כ'האָב נישט באַקומען קיין שום ידיעה אָבער אינצווישן זענען אָנגעקומען באַריכטן פון יידישן אונטער־ערד אין ווארשע. און ווידער האָט מען דערמאָנט דעם נאָמען פון

געפֿנערן, וואָס האָט געגעבן געלט, וואָס אים איז נאָך געבליבן, אויף הילף, צוצוגרייטן דעם ווידערשטאַנד. אינעם באַריכט פון דער אָנפירונג פון אויפשטאַנד ווערט זײַן נאָמען דערמאָנט צווישן די יחידי סגולה וואָס זענען געשטאַנען ביי איר זײַט, ביי אלע אירע אָנשטרענגונגען. און אויך צווישן די איז ער געווען וואָס האָבן באַצאָלט מיט זייער לעבן פאַר זייער אָנטייל אין די אַקציע פון הילף און ווידערשטאַנד. מיר ווייסן נישט קיין פרטים פון זײַן טויט. אפשר איז ער געגאַנגען צוזאַמען מיט זײַנע ברידער קיין טרעבלינקע און געפייניקט געוואָרן צוזאַמען מיט זיי, און אפשר איז ער געפאַלן אין דעם לעצטן גבורה־קאַמף פון די אויפשטענדלער אין דעם לאַגער? דאָס מאָל איז ער, נישט ווי זײַן שטייגער איז געווען, נישט געבליבן אין שאָטן אינעם הינטערגרונט פון די פּאַסירונגען און אַקציעס; זײַן נאָמען וועט אייביק בלײַבן צווישן די, וואָס האָבן דערמעגלעכט דעם אויפשטאַנד פון וואַרשעווער יידן, קעגן די נאַצישע רוצחים.

# אליעזר בלאך

ער האָט געהערט צו די געטרייע פּאָלקס מענטשן אין דער קאָנגרעס־פּוילישער ציוניסטישער באַוועגונג. געווען דער לייטער פון הויפּט־ביוראָ פון קרן קימת אין פוילן. געפירט די ארבעט פארן קרן קימת, שטיל, מיט פאַרשטאַנד און הצלחה. געווען אַ באַשיידענער מענטש, נישט געזוכט קיין כבוד און נישט געריסן זיך צום אויבנאָן, און דאָך געגאָסן פון אָנזען, סימפּאַטיע און ליבשאַפט.

אויף איינער פון די לאַנד קאָנפערענצן איז ער געוויילט געווארן אינעם ציוניסטישן צענטראַל־קאָמיטעט און האָט זיך דערנענטערט צו דער „על המשמר" פראַקציע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין קאַמף קעגן דער אויסברייטערונג פון דער „יידישער אַגענץ" און אריינעמען אין איר אויך נישט ציוניסטן. ער איז מיטגעגאנגען מיט דער פּראַקציע ביי אלע אירע דערפאָלגן און דורכפאַלן. ער איז געבליבן אויף זיין פּאָסטן אין קרן־קימת ביז צום סוף, ביז ווארשע און פוילן זענען אָקופּירט געוואָרן דורך די נאַציס.

אין די יאָרן פון יידישן אומקום, האָט ער געאַרבעט אין „דזשאָינט", דעמאָלט ווען די אַרבעט איז געפירט געוואָרן אָפען און אויך שפּעטער, ווען זי איז געטון געוואָרן אינעם אונטערערד. ביי די צוגרייטונגען צום געטאָ־אויפשטאַנד האָט ער זיך באַטייליקט ווי איינער פון די ציוניסטישע פאָרשטייער אינעם נאַציאָנאַלן קאָמיטעט. ווען דער אויפשטאַנד איז ליקווידירט געוואָרן און דאָס געטאָ איז פאַרברענט געוואָרן, האָט זיך די ארבעט פון די ביים לעבן געבליבענע קאָנצענטרירט אין געבן הילף די, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אויף אַרישע פּאַפּירן. מ'האָט פרר־

בירט ראַטעווען מענטשן פון די טויט־לאַגערן. דער קאָמיטעט וואָס האָט געפירט די אַרבעט, האָט געהאַט אין זיין רשות באַדייטענדיקע סכומים, וואָס זענען געשיקט געוואָרן פון וועד ההצלה אין ירושלים דורך דער פאַרמיטלונג פון דער פוילישער רעגירונג אין לאָנדאָן, וואָס צו איר באַפעל איז געשטאַנען אַן אָרגאַניזירטער און דיסציפּלינירטער אונטערערד אין לאַנד. עס איז געמאַכט געוואָרן אַ פּרווו צו ראַטעווען בלאָכן פונעם אַר־בעט־לאַגער אין דער געגענט פון סקאַרזשיסקאָ, אָבער בלאָך האָט נישט מסכים געווען דערצו, ער האָט נישט געוואָלט ראַטעווען זיך לעבן פאַרן פּרייז פון אַנדערע פּופציק יידן, וועלכע די נאַציס וואָלטן גלייך דערשאָסן, אַלס קאָלעקטיוו שטראָף, פאַר זיין אַנטלויפן פון לאַגער. ווען דאָס סאָוויעטישע מיליטער איז אריין קיין פּוילן, האָט מען עוואַקואירט די לאַגערן און אריבערגעפירט די לאַגערניקעס אויף מערב. בלאָך האָט נאָך דעמאָלט געלעבט. צוזאַמען מיט זיינע חברים איז ער געגאַנגען צו פוס פונעם לאַגער ביי סקאַרזשיסקאָ ביז דעם לאַגער אין פּליאשאוו ביי קראָקע. די אָפּטיילונגען פון סאָוויעטישן מיליטער זענען שוין געהאַט אריבערגעגאַנגען די ווייסל און רוסישע פאָרפּאָסטענס האָבן שוין דערגרייכט צו די שאָסייען אין מערב־פּוילן. דאָס דייטשע מיליטער איז שנעל אָפּגעטרעטן, כדי צו פאַרנעמען פּאָזיציעס ביי די ברעגן פון טייך אָדער, און פּרובירן אויפהאַלטן דעם מאַרש פון רוסישן מיליטער, וואָס האָט זיי פאַרפּאָלגט. די דייטשע וואַך וואָס האָט געפירט די געפאַנגענע האָט מער געזאָרגט פאַר איר אייגן לעבן איידער פאַר די געפאַנגענע.

די מער מוטיקע זענען אַנטלאָפן און געגאַנגען אַנטקעגן די רוסן. בלאָכס חברים האָבן געפּרווט ווירקן אויף אים, ער זאָל אויך אַנטלויפן. ער האָט נישט מסכים געווען דערצו. ער איז שוין, ווייזט אויס געווען אָ כוחות, געווען גלייכגילטיק צו זיין גורל און האָט מורא געהאַט פאַר די שטערונגען און סכנות.

פון פּלאַשאָוו איז ער עוואַקואירט געוואָרן קיין מאַטהאוזן, איינער פון די גרויליקסטע טויט־לאַגערן אין דייטשלאַנד. דאָרט זענען זיינע שפּורן פאַרשוווּנדן. עס איז נישט באַקאַנט, צו איז ער דערמאָרדעט געוואָרן אויפן וועג קיין מאַטהאוזן, ווי אלע

אַנדערע וואָס זענען דערשאָסן געוואָרן דורך די נאַציס, ווען זיי האָבן מער קיין כוח נישט געהאַט צו גיין, אָדער ער איז דער־גאַנגען קיין מאַטהאוזן און דאָרט געפונען זיין טויט.

סוף ווינטער 1945 האָט הימלער ארויסגעגעבן אַ באַפעל איבערצוגעבן אלע לאַגערן אין די הענט פון אַמעריקאַניש מי־ליטער וואָס איז אריינגעדרונגען קיין דייטשלאַנד. אָבער באַלד נאָכדעם איז פאַרעפענטלעכט געוואָרן אַ באַפעל פון היטלערן, וואָס האָט געפאָדערט אויסצומאָרדן אלע לאַגער־געפאַנגענע און פאַרניכטן די לאַגערן.

בלאָך איז פון מאַטהאוזן נישט צוריקגעקומען.

# אלטער קאַציזנע

אין די לעצטע צען יאָרן פון פרצ׳ס לעבן האָב איך נישט געהערט צו זיינע מקורבים און אייגנייער אין זיין הויז. דער שטורעם פון דער רעוואָלוציע, דער נצחון פון דער רעאַקציע, דער קריזיס אין דער ציוניסטישער באַוועגונג צוליב דעם אוגאַנדע־פאָרשלאַג, דער טויט פון הערצלען און די פאַרשטאַרקונג פון דער טעריטאָריאַליסטיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג — האָבן מיך דער־ווייטערט פון פרצ׳ן און זיין שול. כ׳האָב נישט געהערט צום קרייז וואָס האָט זיך אין די יאָרן קאָנצענטרירט ארום פרצ׳ן, צו וועלכן עס האָט געהערט אויך קאַציזנע.

כ׳האָב מיך באַגעגנט מיט אים נאָכן טויט פון ש. אַנסקי, וואָס האָט געפונען אַזיל אין פוילן, נאָך דעם נצחון פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע און דער מפלה פון די באַוואָפנטע כוחות פון דער רוסישער ס. ר. צו וועלכע אַנסקי האָט אָנגעהערט.

אַנסקי׳ס צוואה האָט מיך צונויפגעפירט מיט קאַציזנען. אין זיין צוואה האָט אַנסקי ארויפגעלייגט אויף אונדז ביידע די אויפ־גאַבע ארויסצוגעבן זיינע כתבים או באַנוצן זיך מיט דער הכנסה פון זיי פאַר דער אונטערשטיצונג פון די היסטאָריש־עטנאָגראַפישע געזעלשאַפטן אין פעטראָגראַד, ווילנע און ירושלים. אין יעדער פון די דריי שטעט האָט אַנסקי דעפּאָנירט אַ חלק פון זיינע רייכע זאַמלונגען.

כ׳האָב מיך באַגעגנט מט קאַציזנען נאָך אַנסקיס טויט, און מיר האָבן פאַרטיילט צווישן זיך די ארבעט. קאַציזנע האָט איבער־גענומען דאָס ארויסגעבן אויף יידיש אלע ווערק פון אַנסקין און איך די אָנפירונג מיט דער ירושה פון אנסקין. אונדזער בשות־פות׳דיקע ארבעט איז געפירט געוואָרן ביז מיין עליה קיין ארץ־

ישראל צום סוף יאָר 1933. אלע ווערק פון אנסקין אין יידיש און איין באַנד אין העברעאיש זענען דערשינען אינעם פאַרלאַג פון שרעבערק. דריי ביכער וועגן חורבן גאַליציע זענען דערשינען אינעם שטיבל־פאַרלאַג.

די צווייטע וועלט־מלחמה, האָט איבערגעריסן אונדזער ארבעט. קאַציזנע איז אומגעקומען אין מזרח־גאַליציע, בעת ער האָט גע־פרווט אַנטלויפן פאַר די דייטשן, וואָס זענען אהין אריינגע־דרונגען. ער איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך אוקראַינישע נאַצי־אָנאַליסטן, וואָס האָבן געזען אינעם אריינקומען פון די היטלער־האָרדעס א סיגנאַל אז יידיש בלוט איז הפקר.

כ׳גיב דאָ איבער די פאַקטן, כדי צו קאָרעגירן דאָס וואָס איז געשריבן אינעם ביאָגראַפישן אריינפיר צו קאַציזנעס ראָמאַן „די שטארקע און די שוואַכע״.

אין משך פון אונדזער בשותפות׳דיקער ארבעט אינעם אויס־פיר־קאָמיטעט פון אנסקיס צוואה, האָב איך מיך באַגעגנט מיט קאַציזנען אויף זיצונגען אָדער ביי מיר אין הויז. זיי זענען נישט פאָרגעקומען זער אָפט. ס׳זענען נישט געווען קיין חלוקי־דעות צווישן אונדז און דער סעקרעטאַר אונדזערער, בער יוסף ראָזן, איז געווען דער פאַרבינדונגס־מאַן צווישן אונדז און פלעג פירן אלע ענינים צו אונדזער ביידענס צופרידנקייט. אַמאָל, נאָך דעם דערליידיקן די בשותפות׳דיקע ארבעט אונדזערע, פלעגט קומען צווישן אונדז צו א שמועס וועגן דער יידישער פאָליטיק אין סיים, וועגן ציוניסטישע פראָבלעמען א.ד.ג. קיין וויכוחים האָבן מיר נישט געפירט צווישן זיך. איך האָב געוווסט, אז ער איז אַ לינקער, שטייט נאָענט צו די קאָמוניסטן וואָס האָבן געאַרבעט אין אונטערערד, און צוליב דעם, ווי איך מיין איצט, בין איך געווען פאָרזיכטיק מיט מיינע פראַגעס און נישט אָנגערירט קיין פראָבלעמען, וואָס האָבן געקענט דערפירן צו א וויכוח און פאָלעמיק.

ער האָט מיך קיינמאָל נישט איינגעלאַדן צו זיך א היים. מיר האָבן, זעט אויס, נישט געפונען קיין אינטערעס איינער פאַרן צווייטן. כ׳האָב געוווסט אז ער איז אַן אויסגעצייכנטער פאָ־טאָגראַף און פלעג ארומרייזן אין פוילן און „אויפנעמען״ איינ־

טערעסאַנטע טיפּן אין די שטעטלעך און אין די גאַסן פאַרן גזיאַרקער „פאָרווערטס". אָבער ער האָט, אַ פּנים נישט געזען אין מיר קיין „טיפּ" און מיר קיינמאָל נישט פאָרגעשלאָגן מיך צו פאָטאָגראַפירן. איך האָב אים אויך קיינמאָל נישט געבעטן עס צו טון. מיר זענען געבליבן ווייטע איינער פון צווייטן. כ׳האָב געזען אַנסקיס דראַמע „טעג און נעכט", וואָס קאַציזנע האָט פאַרענדיקט לויט די נאָטיצן וואָס זענען פאַרבליבן אין אנסקיס אַרכיוו, און לויט די שמועסן וואָס זענען פאָרגעקומען צווישן זיי ביידע אין דעם ענין. די דראַמע האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם מיט איר טעמאַטיק, אָבער עפּעס האָט געפעלט אין איר, זי האָט נישט אָנגערירט די סטרונעס פון האַרצן ווי „דער דבוק". אפשר דערפאַר, ווייל עס איז קאַציזנען נישט געלונגען צו דער־פירן די שפּאַנונג, וואָס אַנסקי האָט איבערגעטריבן די מאָס מיטן אריינפירן שדים און רוחות אינעם גאַנג פון דער האַנדלונג — ווייס איך נישט. כ׳געדענק בלויז אז כ׳בין ארויסגעגאַנגען פון דער פאָרשטעלונג אַן אנטוישטער. כ׳האָב זיך נישט באַזונדערס פאַראינטערעסירט מיט דער ליטעראַרישער שאַפונג פון קאַציזנען. כ׳בין געווען פאַרטאָן אין מיין פּאָליטישער און ציוניסטישער ארבעט און אין מיינע אייגענע צרות.

ערשט שפּעטער, האָב איך געהאַט די געלעגנהייט צו לייענען „די קראַנקע פּערל", די דראַמע פונעם לעבן פון די אנוסים אין פּאָרטוגאַל און דעם גרויסן ראָמאַן זיינעם „די שטאַרקע און די שוואַכע". לייענענדיק דעם ראָמאַן האָט זיך פאַר מיר קאַציזנע אַנטפּלעקט, אין אַ גאַנץ אַנדער ליכט, ווי איינער וואָס האָט טיף אַריינגעדרונגען אין די תהומות פון אונדזער לעבן און אונדזערע צוזאַמענשטויסן מיט דער גוישער סביבה, אין די אָפּגרונטן פון אונדזער דערנידערונג און הכנעה ביז דעם אויפגיין צו אַ קרבן עולה אויפן מזבח פון קאַמף פאַר דער דערהויבונג פון מענטשן.

אינעם ראָמאַן „די שטאַרקע און די שוואַכע" דעקט אויף פאַר אונדז קאַציזנע אין זיינע שילדערונגען דאָס לעבן פון א תקופה, אין וועלכער עס זענען ווי אויסגעלאָשן געוואָרן אלע ליכטער, אָדער זיי צאַנקן און זענען נישט בכוח צו פאַרטרייבן די פינצטערניש וואָס געוועלטיקט ארום. דאָס איז די איינציקע

ליטעראַרישע מצבה, לויט דעם ווי מיר איז באַקאַנט, פאַרן דור פון נאָך דעם דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע אין יאָר 1905, אין די טעג פון דער מפלה פון די צאַרן פון דער ראָמאַנאָוו־דיי־נאַסטיע, אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

אינעם תוהו־ובוהו פון דער רעוואָלוציע, וואָס האָט געזיגט אין רוסלאַנד ביים ענדע פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און געבראַכט צום נצחון פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע און צו אַ בלוטיקן ווירוואַר אינעם יידישן „תחום המושב" און אין דער גאַנצער רוסישער אימפעריע, האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר קאַציזנען אַ קיבוץ פון חלוצים, ווי אַ גרויסער ליכט־פאַקעל אין מיטן דעם צעשטערטן און חרוב'ן לעבן, אין אַ מבול פון בלוט.

אין דעם דאָזיקן ראָמאַן פירט קאַציזנע דורך פאַר אונדז אַ גאַנצע גאַלעריע פון טיפּן פון דער וואַרשעווער ליטעראַרישער באָהעמיע, פון דער בורזשואַזיע, וואָס דרייט זיך אַרום איר און פון דער פּאַרטייאישער כלל־טוערײ. דער גרעסטער טייל זייערער קען נישט ביישטיין דעם נסיון, דעם יצר הרע רייך צו ווערן אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע און אין דער באַ־פרייטער פּוילישער מלוכה. צווישן די דאָזיקע טיפּן קען מען דער־קענען אַנסקין און קלאַצקין, דער גרויסער מעצענאַט, פון דער יידישער ליטעראַטור צווישן ביידע וועלט־מלחמות. און עס זעט אויס מאָדנע, דער קאַמף פון דער יידישער געזעלשאַפט אין פּוילן, וואָס איז געשטאַנען אינעם צענטער פון די געשעענישן אין דער דאָזיקער תקופה, פאַרנעמט כלל נישט קיין פּלאַץ אין קאַציזנעס ראָמאַן, דאָס אַלץ וואָלט געשטעלט געוואָרן אין שאָטן דורך דער פּוילעניש און דעגענעראַציע, וואָס האָבן געוועלטיקט אינעם לעבן פון דער יידישער געזעלשאַפט אין יענע יאָרן.

עס זענען שפּעטער באַקאַנט געוואָרן פּרטים וועגן טויט פון קאַציזנען, אַ טויט פון פּיין און עינויים, וואָס בלויז אַ נאַצישע פאַנטאַזיע האָט זיי געקענט דערפינדן און אַ בלוט־דורשטיקע אוקראַינישע מערדער־באַנדע האָט עס געקענט אויספירן.

אַ מאַסע יידן, צווישן זיי קאַציזנע, האָט מען געכאַפּט אין דער גאַס, אַרויסגענומען פון די הייזער און געבראַכט אויפן יידישן בית־הקברות, אַרומגערינגעלט מאַסן אוקראַינער, באַ־

וואָפּענטע מיט דרענגער און אייזן־שטאַנגען. מ׳האָט געבראַכט וועגענער און אויף זיי הויפֿענס דערהרג׳עטע יידן. א טייל פון די יידן האָבן שוין געגראָבן א ברידער־קבר פאַר די דערהרג׳טע און פאר די וואָס מ׳האָט באַשטימט צו דערמאָרדן. די ס.ס. האָבן איינגעאָרדענט פאַר זיך און פאַרן אוקראַינישן המון פיין־סצענס איבער די אומגליקלעכע יידן. דער צעיושעטער המון האָט געשלאָגן ווילד און אכזריות׳דיק או געמאָרדעט די אויפן בית־עולם צונויפ־געקנוילטע יידן. מ׳האָט זיי געהייסן שלאָגן די טויטע קערפּער פון די דערהרג׳טע, געהייסן זינגען יידישע לידער. זיי זענען נישט געווען אימשטאַנד אויסצופירן דעם באַפעל. ווען מ׳האָט זיי אָנגעהויבן דראָען מיט רעוואָלווערן האָבן זיי אָנגעהויבן שרייען „שמע ישראל”. די נאַציס האָבן זיך באַגניגט מיט דעם דאָזיקן ליד, זעענדיק אז מער זענען די מערדערלעך געשלאָגענע יידן נישט בכוח צו טון.

נאָך דעם ווי עס איז געגעבן געוואָרן א סיגנאַל איבער־צורייסן די „שפּיל”, האָט מען די איבעריקע דערלויבט צו פאַרלאָזן דעם בית הקברות.

אַלטער קאַציזנע איז געווען צווישן די דערמאָרדעטע.

# ד״ר שלמה ווײַנציהער

ד״ר ווײַנציהער מיט זײַן פרוי און שוועסטער, זענען געשיקט געוואָרן צוזאַמען מיט נאָך מאַסן ייִדן אינעם טויט־לאַגער אין אָשוויענטשים. אַזוי ווי ער האָט געלעבט צווישן זײַן פאָלק, אַזוי איז ער אויך געגאַנגען מיט אים צום טויט. ער האָט געהאַט אַ בירגער־פּאַס פון די אַמעריקאַנער רעפּובליקן און האָט זיך געקענט ראַטעווען צוזאַמען מיט דער ערשטער גרופּע פון די וואָס האָבן געהאַט אַזעלכע דאָקומענטן, וועלכע מ׳האָט געשיקט אין אַ באַזונדערן לאַגער. ער האָט נישט געוואָלט געניסן פון אָט דער מעגלעכקייט צו ראַטעווען זײַן לעבן און איבערלאָזן זײַן שוועסטער, וואָס האָט אַזאַ דאָקומענט נישט געהאַט און זײַן פאָלק וועמען ער האָט געדינט געטריי אַלע זײַנע יאָרן.

אין די גרויל־טעג פון דער פאַרניכטונגס־אַקציע קעגן ייִדן האָט ער געאַרבעט אַלס אַרצט. ער האָט אָנגעפירט מיט דער געזונטהייטס־אָפּטיילונג פון דער ייִדישער קהלה. נאָר אַ דאַנק זײַן מסירות נפש׳דיקער אַרבעט, דערציילט מען, איז נישט אויס־געבראָכן קיין עפּידעמיע אין דעם ענגן געטאָ אין בענדין, ווו עס זענען אין שרעקלעכע ווײַן און לעבענס באַדינגונגען צונויפ־געקנוילט געוואָרן טויזנטער ייִדן. די אומגליקלעכע ייִדן האָבן געזען, אין דער אַרומיקער שפלות און נידערטרעכטיקייט, אין ד״ר ווײַנציהער, זייער איינציקן פרײַנט און רעטער.



כ׳געדענק אים פונעם ערשטן געזעצגעבערישן סיים אינעם ניי־אויפגעשטאַנענעם פּוילן. כ׳האָב אים פריער נישט געקענט. זײַן נאָמען איז באַקאַנט געוואָרן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען דער דײַטשער אָקופּאַנט האָט געשענקט זעלבסט פאַרוואַל־

טונג די פוילישע שטעט און עס זענען פאָרגעקומען וואַלן צום בענדינער שטאָט ראַט. ער האָט זיך ניט דערשראָקן פאַר די דראָאונגען פון די פוילישע פירער און ניט מוותר געווען אויף דעם רעכט פון דער יידישער מערהייט, אליין צו פירן די ענינים אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג. ער איז ניט געווען קיין ציוניסט, אָבער ביי יעדער פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער אַקציע האָבן זיך די ציוניסטן קאָנצענטרירט ארום אים און ער איז געווען זייער אָנפירער. ווען ער איז אויסגעוויילט געוואָרן אין סיים אַריין, האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין אונדזער פראַקציע, פון יידישן נאַציאָנאַל־ראָט, און אין צוויי סיימען איז ער געגאַנגען מיט אונדז אין אלע אונדזערע קאַמפן און וועגן.

וויינציהער האָט געהערט צו יענעם טייל פון דער יידישער אינטעליגענץ אין פוילן, וואָס האָט מיטגעלעבט דאָס לעבן פון די יידישע פאָלקס־מאַסן, הגם זיי זענען געווען ווייט פון דער שפּראַך פון די מאַסן, זייער קולטור און נאַציאָנאַלע שטרעבונגען. דווקא פון זיי זענען ארויס פאָלקס־העלדן און קדושים וועלכע זענען בייגעשטאַנען דעם פאָלק אין טעג פון קרבן און נסיון און געהייליקט דעם נאָמען ייד ביי זייער לעבן און ביי זייער שטאַרבן. ווי טשערניאַקאָוו און גאָלדשמידט (יאַנוש קאָרטשאַק) און פיל אַנדערע, וואָס זייערע נעמען זענען נאָך אומבאַקאַנט און זייערע מעשים נאָך ניט אויפגעדעקט געוואָרן. אין די מאָמענטן פון גרעסטן גרויל, האָט אַמאָל פּאַסירט, אַז עס האָט זיך איינגע־בראָכן דער גייסט און כאַראַקטער פון ציוניסטן, זיי האָבן זיך באַמיט צו ראַטעווען די שארית הפליטה פאַרן פרייז פון מקריב זיין מענטשן־קרבנות פארן נאַצישן מולך. אין יענע מאָמענטן זענען דווקא די מענטשן געשטאַנען אין איין ריי מיטן פאָלק, אים ניט פאַרלאָזט און געגאַנגען צוזאַמען מיט אים אַנטקעגן דעם טויט.

עס זענען געווען וועניק יידישע דאָקטוירים אין דער פוילישער פּראָווינץ פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, צווישן זיי האָבן בלויז יחידים זיך דערוואָרבן די סימפּאַטיע פון די פאָלקס־מאַסן. בעת דער רוסישער הערשאַפט איז די צאָל יידישע דאָקטוירים בכלל געווען קליין, צוליב די באַגרענעצונגען אויף דער אוניווערזיטעט,

וואָס האָבן פעסטגעשטעלט א נאָרמע פון בלויז צען פּראָצענט פאַר יידישע סטודענטן.

יידישע דאָקטוירים האָבן פאַרדינט פּרנסה ברווחה אין די גרעסערע שטעט און ס׳רוב געווען פרעמד פאַר די יידישע מאַסן און זייערע נויטן. ווייִנציהער האָט געהערט צו דער דאָזיקער שיכט יידישע אינטעליגענץ, אָבער ער איז נישט געגאַנגען אין זייערע דרכים אויך בעת דעם צאַרישן רעזשים. ער איז מיטגעריסן געוואָרן פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין איר פּויליש־סאָציאַליסטישער געשטאַלט, און דער ציוניזם האָט אים אויסגעזען צו זיין אַ רעאַקציאָנערע באַוועגונג, פרעמד צו דער בירגערלעכער פליכט לגבי דעם פּוילישן פאָלק און זיינע נאַציאָנאַל־ישע שטרעבונגען. און דאָך זעען מיר אים בראש פון נאַציאָנאַלן און ציוניסטישן לאַגער אין זיין שטאָט, ווי באַר עס האָט זיך ארויסגעוויזן אז מ׳וויל אוועקנעמען ביי יידן זייערע רעכט, וואָס עס קומט זיי לויט די פּרינציפּן פון יושר און גלייכקייט, אויפצוטרעטן און ווירקן אלס א באַזונדער גרופּע אין דער געזעלשאַפט. די קעגנערשאַפט פון אלע פּאָליטישע פּאַרטייען צו דער הערשאַפט פון א יידישער מערהייט אין בענדין און זייער פאָדערונג אז די יידן זאָלן אין נאָמען פון פּוילישן אינטערעס מוותר זיין אויף דעם נאַטירלעכן רעכט פונעם רוב בירגער ארויפלייגן זייער שטעמפּל אויף דער אָנפירונג פון דער שטאָט אָדער געזעלשאַפט האָט געעפנט די אויגן פון ד״ר ווייִנציהער און האָט אים געבראַכט איבעם לאַגער, וואָס האָט געקעמפט פאַר פּראַקטישער גלייכבאַרעכטיקונג, און נישט בלויז אין דער טעאָריע און אויפן פּאַפּיר. אַנדערע יידישע אינטעליגענטן פון זיין שניט האָבן שלום געמאַכט מיט יענע פאָדערונגען, אָבער ער האָט נישט נאָכגעגעבן. דעם ערשטן שריט זיינעם אין דער ריכטונג האָט ער געמאַכט אלס פּוילישער בירגער וואָס איז טריי דעם פּרינציפּ פון גלייכע רעכט פאַר אלע בירגער, און ווען ער האָט געזען אַז דער דאָזיקער וועג פירט צו דער מיטאַרבעט מיט ציוניסטן, האָט ער זיך נישט צוריקגעהאַלטן און מיטגעאַרבעט מיט זיי אין משך פון דער גאַנצער תקופה צווישן איין מלחמה און דער אנדערער. די פּרטים וועגן זיין לעבן אין דער ליקווידאַציע תקופה פון בענדינער יידן,

בעת דער יידנראַט מיט מאַרינען בראש האָבן געשיקט יידן צום טויט דורך די נאַציס, אין דער האָפנונג אז עס וועט זיי געלינגען צו ראַטעווען די שארית הפליטה, זענען אונדז נישט באַקאַנט. אָבער זיין מיטגיין מיט די מאַסן אַנטקעגן טויט נישט פרוווענדיק זיך צו ראַטעווען זאָגט עדות, אז ער איז טריי געבליבן זיך און זיין פאַרגאַנגענהייט אין די טעג פון שרעק און גרויל. ער האָט נישט געקענט שטעלן זיך בראש פון דער יידישער געזעלשאַפט, צו פירן זיי אויך אין די יאָרן פון אומקום אויפן וועג פון קאַמף, ער האָט אָבער נישט פאַרלאָזט די מאַרטירער, ווען זיי זענען געגאַנגען צום טויט. מיט זיי געלעבט און מיט זיי געשטאַרבן.

## אדאַם טשערניאַקאָוו

כ׳האָב זיך באַגעגענט מיט אים ערשט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. ער האָט געהערט צו יענע יידישע עסקנים וואָס זייער פּוילישע שפּראַך און פּאָליטישע מעסיקייט, זייער לעבענס שטייגער און קולטור האָט זיי דערנענטערט צו די אַזוי גערופענע בעאַ־אַסימילאַטאָרן, וואָס האָבן געפּרוווט דורכשלאָגן פאַר זיך אַ וועג אין דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט גלייכצייטיק מיט דער פאַרשטאַרקונג און פאַרפעסטיקונג פון דער פּוילישער מלוכה־שאַפט. כ׳האָב אים געהערט ריידן דאָס ערשטע מאָל אויף אַ פאַרזאַמלונג אָדער צוזאַמענפאָר פון יידישע האַנדווערקער. ער איז געשטאַנען אויף דער טריבונע און גערעדט פּויליש. ער איז געווען דער אָנפירער פון יענעם טייל יידישע האַנדווערקער וועלכע זענען נישט באַכגעגאַנגען דעם אַנטי־ציוניסטישן פּאָלקיזם פון פּרילוצקי און זיינע אָנהענגער. דער דאָזיקער טייל יידישע האַנדווערקער, האָט זיך אויסגעטיילט פון די אַנדער האַנדווערקער גרופּירונגען מיט זיין געזעלשאַפטלעכער, קולטורעלער און פּאָלי־טישער רייפקייט און סאָלידקייט. דער גרעסטער טייל פון זיי זענען געווען ציוניסטיש געשטימט. טשערניאַקאָוו אַליין, וואָס איז געווען זער באַליבט ביי זיי, האָט נישט געגלויבט אין ציוניזם און אים נישט אונטערשטיצט, הגם ער האָט נישט געהערט צו די אַקטיווע קעגנער פון ציוניזם. מיט פּאָליטישע טעטיקייט האָט ער זיך וועניק באַשעפטיקט. אייגמאָל בלויז האָט ער געגעבן זיין נאָמען אויף אַ ליסטע, וואָס האָט אויפגעשריבן אויף איר פאָן דעם קאַמף פאַר גלייכבאַרעכטיקונג און נאַציאָנאַלע רעכט פאַרן יידישן פאָלק אין פּוילן. אָבער אויך דעמאָלט האָט ער זיך נישט געשטעלט אין די ערשטע רייען. דעריבער האָבן זיך פיל

געוואונדערט, ווען מ׳האָט געהערט אַז דווקא ער איז געשטאַנען בראָש פון דער וואַרשעווער קהלה, אָדער דעם „ראַט פון די יודן־עלסטע״, ווי דער דייטשער אָקופּאַנט האָט זי גערופן, און נישט געוווּסט ווי אויפצוקלערן די דאָזיקע דערשיינונג.

עס פּאַסירט אַמאָל אַז אַ כּלל־טוער פון צווייטער אָדער דריטער מדרגה ווערט דערהויבן צוליב די אומשטענדן פון דער צייט, און ווערט פּלוצים געשטעלט בראָש פון דער געזעלשאַפט באַלאַסטעט מיט אחריות פאַר דעם ווויל און קיום פונעם כּלל און ער דערפילט אַ היסטאָרישער אויפגאַבע. אַמאָל בעמט ער אַזאַ איינער אויף זיך די דאָזיקע ראָל אַזוי בהיסח הדעת, נישט זעענדיק פאָרויס די רעזולטאַטן פון זיין שריט, נישט אָפּגעבענדיק זיך קיין רעכנונג פון דער גרויס און גורלדיקייט פון זיינע טאַטן. מעגלעך, אַז ער טראַכט אין האַרצן: „איך וועל מיך איינשטעלן, וועל נישט מאַכן קיין אויסרעכענונגען אויף לאַנגער מעטע, און נישט פרעגן קיין פראַגעס וואָס אויף זיי זענען קיין תשובה נישטאָ״. מ׳דאַרף ראַטעווען וואָס מ׳קען, צוימען ווי ווייט מעגלעך די חיה, און לינדערן ווי ווייט עס לאָזט זיך, די קלעפּ, די דערנידערונג און אונטערדריקונג. „מ׳טאָר נישט מפקיר זיין די פאָלקס־מאַס וואָס פילט זיך ווי פאַרלאָרן און איז אויסגעשטעלט אויף רויב און צעשטערונג״ — זאָגט ער זיך, „מ׳טאָר נישט דערלויבן אַז זי זאָל צעריבן ווערן אויף שטויב, פאַרוואַנדעלט ווערן אין ווערים וואָס ווערן צעטרעטן פון יעדן מנוול און אויסוווּרף. זאָלן אוועק אין אַ זייט אַלע די וואָס האַלטן זיך שטרענג אין „אַ פּאָליטישער ליניע״, אַלע „קאַמף״־מענטשן; זאָלן זיי פאַרלאָזן דאָס לאַנד אָדער זיך פאַרשליסן אין זייערע ד׳ אמות און אָפּהיטן די ריינקייט פון זייערע נשמות, זאָלן זיי נישט דינען און נישט אַרבעטן פאַרן שונא, פאַר דעם אכזריות׳דיקן באַדריקער — איך וועל נישט אַנטלויפן. איך וועל בלייבן מיטן פאָלק. איך וועל אָננעמען מיין הערשאַפט, מ׳שטיינס געזאָגט פון די דאָזיקע טמא׳דיקע הענט — און איך וועל ראַטעווען, ראַטעווען...

אַזוי, שטעל איך מיר פאָר, האָט טשערניאַקאָוו זיך אויסגעשמועסט מיט זיין אייגענעם האַרץ ווען ער איז פאַרבליבן אין

וואַרשע און האָט זיך באַמיט אז ער זאָל באַשטימט ווערן אלס ראש פון „עלטסטען־ראט" דורך די באַרבאַרישע נאַצישע באַדריקער, וואָס האָבן ביי אלע זייערע פאַראָרדנונגען געהאַט בלויז די איינציקע כוונה, צו דערשלאָגן, אונטערדריקן, פאַרלענדן און פאַר־ניכטן.

מיר ווייסן נישט די פרטים פון די ראַנגלענישן פון טשער־ניאַקאָוו מיט זיינע הארן וואָס האָבן נישט געוווּסט פון קיין רחמנות און דערבאַרמונג. מ׳דערציילט, אַז פונעם ערשטן טאָג אָן האָט ער געהאַלטן גרייט פאַר זיך א דאָזע גיפט אויפן פאַל ווען עס וועט קומען אַ מאָמענט פון וועלכן ער וועט נישט זען קיין אנדער אויסוועג נאָר דעם טויט. מיר ווייסן נישט וואָס טשערניאַקאָוו האָט איבערגעלעבט בעת זיין איינשטעלן זיך פאַר זיין עדה, בעת זיין שטיין איינער אליין צווישן דעם באַדריקער און זיין פאָלק. עס וועט נאָך קומען א דיכטער און וועט אָפּדעקן דאָס האַרץ פון דעם דאָזיקן מענטשן, וואָס איז דערהויבן גע־וואָרן צו א מנהיג, א באשיצער און באשירמער — אַ האַרץ וואָס קאָרטשעט זיך אין ווייטאָק, בלוטיקט פון טויזנטער וווּנדן זע־ענדיק דעם גרויל וואָס ארום אים, און ער קען גאָר נישט לינדערן, אָפּשרייען, אָפּבעטן אויף טעג, אויף שעהן, און ער האָט נישט קיין שום טרייסט נאָר די, אז עס האָט געקענט פּאַסירן נאָך אַ פיל גרעסערער גרויל, ווייל עס איז דאָך נישטאָ קיין גרענעץ פאר דעם גרויל, וואָס א מענטשן־חיה איז אימשטאַנד אויסצופירן, באַזונדערס ווען ער געוועלטיקט איבער אן אומגע־הייערן כוח, וואַרפט א שרעק וואָס פּאַראַליזירט, און רייסט אויס מיטן שורש יעדע מעגלעכקייט פון א ווידערשטאַנד. עס וועט נאָך קומען דער היסטאָריקער וואָס וועט איבערציילן זיינע ביי־טערע נצחונות און זיינע שרעקלעכע מפּלות און די מינוטן פון דערהויבונג זיינע ווען עס איז אים געלונגען צו ראַטעווען, אָפּ־צושרייען א גזר־דין, אָדער אָפּצולייגן זיין אויספירונג און די מינוטן פון זייער ירידה, ווען ער זעט עס קלאָר אז מ׳חוזקט איבער זיין פּיין און דעם פּיין פון זיין פאָלק, מ׳לאַכט פון זיין בראָך און מ׳מיינט בלויז אים אויסצונוצן ווי אַ שטראָף־רוט פאר זיין פאָלק, אז ער אליין און נישט קיין אַנדערער זאָל אויפ־

זוכן די קרבנות און זיי איבערגעבן אין די הענט פון רוצח. מיר ווייסן נישט די פרטים און מיר ווילן פון זיי נישט וויסן. אַ וודאי האָט ער אַ טעות געהאַט, געוויס איז ער נישט איינמאָל נכשל געוואָרן, זיכער האָט ער דעם קאָפּ אראָפּגעבויגן, געשטאַנען פאַר זיין צעווייטיקט און צעבראָכן פאָלק און געפרעדיקט אונטערטעניקייט, צידוק־הדין. מיט טרערן אין די אויגן האָט ער געבעטן אַז די מולך־באַפעלן פון די דייטשן זאָלן אויסגעפירט ווערן דורך דער „יידישער מאַכט" און מ'זאָל נישט געבן די מעגלעכקייט די באַדריקער זיי זאָלן דאָס אויספירן מיט זייערע טייוולאָנישע הענט, ווייל ער וועט צורויבן אַלץ וואָס עס וועט אים קומען אין האַנט אריין, שלאָגן אָן רחמנות און פּייניקן די קרבנות זייער אָן יעדער גרענעץ. אויך ער האָט געוווּסט אַז עס איז דאָ אַ גרענעץ פאַר דעם אַלעמען. אויך ער האָט געפילט אַז ער דערגענטערט זיך צו דער דאָזיקער גרענעץ, צו דעם מאָמענט ווען ער וועט שוין נישט קענען מער שטיין צווישן זיין צעטרעטענעם פאָלק און זייער רוצחים, ער וועט נישט קענען מער אויסהאַלטן, ווען מ'וועט פון אים פאַרלאַנגען ער זאָל אויסליפערן זיינע ברידער צו פּיין און צום טויט ממש. און דעמאָלט האָט ער געוווּסט — וועט אים פון אַט דער שאַנד ראַטעווען די דאָזע גיפט וואָס ער האָט געטראָגן ביי זיך. נישט יעדער קען אויפברענגען אין זיך דעם כוח צו גיין צו דער עקידה מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ. אים האָבן בלויז געקלעקט זיינע כוחות צו באַזייטיקן זיך פון לעבן וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אגיהינום פאַר אים און זיין פאָלק — ווען ער איז צוגעקומען צו דער גרענעץ.

ווען די פּייניקער און רוצחים האָבן פאַרלאַנגט פון אים ער זאָל צושטעלן אַ ליסטע פון יידן וואָס דאַרפן געשיקט ווערן אויף קאַטאָרגע־אַרבעט, פון וועלכער מ'קומט נישט מער צוריק, ווען מ'האָט געפאָדערט פון אים אַז ער זאָל איבערגעבן טויזענטער יידן אויף אַ זיכערן טויט, איז פאַר אים קלאָר געוואָרן אַז עס איז אים געבליבן די איין און איינציקע ברירה: צו באַזייטיקן זיך, געבן זיין לעבן פאַר אַן אָפּלייז פאַר זיינע ברידער.

אָבער דער קרבן זייַנער איז געווען אומזיסט: זיין טויט האָט נישט געראַטעוועט: די „שקלאַפן" האָט מען געכאַפּט אין די גאַסן

און געבראַכט אויף דעם „אומשלאַג״ (סעלעקציע) פּלאַץ, און פון דאָרט אין דער טויט־באַן; צונויפגעדריקט ביז דערשטיקט צו ווערן אין געשלאָסענע וואַגאָנען האָט מען זיי געפירט אין די גאַז־קאַמערן.

דער וועג פון טשערניאַקאָוו — האָט נאָר אזוי זיך געקענט ענדיקן. ער האָט זיך געזען ביי דער לעצטער גרענעץ און האָט אָפּגעקויפט זיין נשמה מיט זיין טויט, אויף דעם נאָמען זיינעם און דעם נאָמען פון זיין פאָלק האָט ער געהייליקט. אָבער ער האָט נישט זוכה געווען פאַרוואַנדעלט צו ווערן אין אַ סימבאָל פון פוילישן יידנטום, וואָס איז אויסגעגאַנגען אין פיין און אין עלענט. ער האָט מיט זיין טויט נישט אַלאַרמירט דאָס פאָלק, נישט גערופן אים צום קאַמף, נאָר שטיל און צעבראָכן אוועק אין דער אייביקייט...

## דריי

דריי זענען באַשטימט געוואָרן דורך די נאַצי־דייטשען צו שטיין בראש פון „עלסטן־ראַט" אין די יידישע קהלות אין וואַרשע, לאָדזש און אין זאַגלעמביע און אויבערשלעזיע — ווו עס זענען געווען דריי שטעט מיט א גרויסער יידישער באַפעלקערונג: בענדין, סאָסנאָוויץ און קאַטאָוויץ. די דריי זענען געווען, אין וואַרשע — אינזשעניער אַדאַם טשערניאַקאָוו, דער געוועזענער מיטגליד פון פוילישן סענאַט אין די יאָרן 1930־32; אין לאָדזש — חיים רומקאָווסקי, פון די עלטערע ציוניסטן, וואָס האָבן זיך אָפּ־געגעבן מיט קינדער־דערציאונג און געשאַפן און אַנשטאַלט פאַר יידישע יתומים אין העלענוועק ביי לאָדזש, און משה (מאָניק) מערין, וועמען ס'איז איבערגעגעבן געוואָרן די הערשאַפט איבער די יידן אין זאַגלעמביע (קוילן־גרובן ראַיאָן) אין אויבער־שלעזיע.

פון אלע אָנפירער פון די „יודנראַטן" אין פוילן זענען די דאָזיקע דריי באַקאַנט געוואָרן דורך זייערע מעשים, לעבן און טויט.

רומקאָווסקי און מערין זענען אין משך פון דער צייט פון זייער אַמטירן אלס אנפירער פון די יודנראַט פאַרוואַנדעלט געוואָרן אין טיראַנען, וואָס האָבן זיך בישט געווייגערט איבערצוגעבן יידן מיט אייגענע הענט צו די דייטשע רוצחים, וויסענדיק אויף זיכער וואָס עס וועט מיט זיי געשען. אלע דריי האָבן מיטן אייגענעם ווילן מסכים געווען נאָמינירט צו ווערן דורך דער געסטאַפּאָ וועלכער עס איז די ערשטע צייט איבערגעגעבן געוואָרן די אויפ־זיכט איבער די געטאָס. ערשט ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די פלאַנמעסיקע פאַרניכטונגס־אקציע איז די דאָזיקע קאָמפּעטענץ איבערגעגעבן געוואָרן דער ס.ס. מיט הימלערן בראש. די אלטע

אָנגעזעצנע און בכבוד׳יקע אָנפירער פון די ציוניסטן, „אגודה״ און אַנדערע פּאַרטייען ווי אויך אַנדערע אָנגעזעענע עסקנים האָבן נישט געוואָלט אויף זיך נעמען דעם עול פון אָנפירן מיט די געטאָס. זיי האָבן געזען אין דעם אַן אויפגאַבע פון שווערער אחריות און סכנות, די דריי אָבער האָבן זיך פרייוויליק געמאָלדן דערצו זעענדיק אַז עס איז נישטאָ קיין אנדערער וואָס זאָל איבערנעמען די דאָזיקע אַמט.

טשערניאַקאָוו און רומקאָווסקין האָב איך געקענט און ס׳איז ביי מיר נישטאָ קיין ספק וועגן דעם, אַז זיי האָבן געוואָלט העלפן די יידישע מאַסן, זיך שטעלן צווישן זיי און די דייטשע אָקו־פּאַנטן, וואָס האָבן געהאַט זייערע טייוולאַנישע פּלענער לגבי די יידן, און זיך באַמיען מבטל צו מאַכן אָדער כאָטש צו לינדערן די שווערע גזירות און פאַרפאָלגונגען. דעם וועג צו דעם האָבן זיי געזען אין שתדלנות, אין אָנגאַניזיר־אָנשטרענגונגען און פּאַרשיי־דענע אויפטוען און פאַרטלען וואָס וועלן אימשטאַנד זיין צו דער־ווייטערן די רדיפות, אָפּקויפן זיך און פאַרציען ווי ווייט מעגלעך די דורכפירונג פון די רויב און פאַרניכטונגס־אַקציעס, ביז די גרויל־צייט וועט אריבער. זיי האָבן געקלערט אַז עס וועט זיך זיי איינגעבן צו ווערן רעטער פון יידן, זיי ווי עס איז אריבער־פירן איבערן ים פון גרויל און סכנה.

מערינען האָב איך נישט געקענט. דאָס וואָס איך האָב געהערט פריער וועגן אים האָט נישט עדות געזאָגט וועגן זיינע באַזונדערע אָרגאַניזיר־פייאיקייטן און כלל טוערישע קוואַליפיקאַציעס. ווען ער איז „נתגלה״ געוואָרן האָט ער זיך געריסן צו ווערן א מנהיג, דאָרט ווו עס זענען נישט געווען קיין קאַנדידאַטן צו דער אָנפירונג. ער האָט געשטרעבט אויסצוקויפן די יידן וואָס זענען געווען אונטער זיין הערשאַפט און האָט געוואָלט אַז פיל, וויפיל עס איז נאָר מעגלעך, זאָלן דורכהאַלטן און דערלעבן דעם שלום.

איינער פון די פאַרשער פון דעם אומקום־צייט באַמיט זיך צו באַווייזן, אַז מערין האָט געהאַט עפּעס אין זיך פו די אייגענ־שאַפטן פון די משיחי־השקר. עס איז פאַר מערינען צו א הויכע מדרגה, דער פאַרגלייך איז פוגע בכבוד די משיחי־השקר, וועלכע האָבן יעדנפאַלס נישט אויסגעפירט פאַרניכטונגס־גזירות פון יידי־

שע שונאים און אונטערדריקער. מערין און זיינע חברים האָבן זיך אויפגעקייקעלט אין זייער באַרג־אַראָפּ ביז צום ווערן תל־ייבים פון זייערע ברידער אויף דעם באַפעל פון די דייטשע האַרן זייערע, וואָס האָבן זיך באַנוצט מיט זיי ווי מלאכי חבלה, וואָס האַלטן זיך נישט צוריק פון די גרויליקסטע אכזריות׳דיקע טאטן קעגן זייערע פאָלקס־ברידער. זיי האָבן, אַלע כמעט אָן אויסנאַם, געהאַלטן, אַז בלויז איין וועג איז אָפן פאַר די יידן און זייערע פאָרשטייער: אונטערטעניק זיין, פאָלגן און נאָכגעבן. דערביי האָבן זיי זיך געהאַלטן ביי דער מיינונג, אַז די פארשיידענע דייטשע פאַראָרדנונגען און גזירות דאַרפן דורכגעפירט ווערן דורך די יידן אליין, ווייל דאָס דורכפירן זיי דורך די דייטשן וועט זיין פאַרבונדן מיט ווילדקייטן, רויב און מאָרד. זיי האָבן נישט געזען און נישט פאַרשטאַנען אַז דאָס גאַנצע סיסטעם מאַכט זיי פאַר אַ בלינדן וועדקצייג אין די הענט פון די דייטשן און זיי וועלן סוף כל סוף מוזן אויספירן דאָס סאַמע גרויליקסטע, שיקן די יידן אין די גאַז־קאַמערן וואָס זענען שוין גרייט געווען צו זייער גרויל־ווערק נאָך אין דער ערשטער העלפט פון יאָר 1942.

פון די דריי „יודנראַט״־עלסטע האָט בלויז אַדאַם טשערניאַקאָוו געוויילט בעסער דעם טויט איידער אויסצופירן דעם באַפעל פון די דייטשן צו שיקן די וואַרשעווער יידן צום טויט אין טרעבלינקע. צו יענער צייט האָט נאָך קיין ייד נישט געגלויבט אַז די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט האָט דערמיט אָנגעהויבן די פאַרניכטונגס־אַקציע, וועגן וועלכער עס איז אָנגענומען דער אַנטגילטיקער באַשלוס אויף דער אַנטשיידענדיקער זיצונג מיט היטלערן בראש, אין אָנהויב פון יאָר 1942. מ׳האָט נאָך אַלץ געגלויבט אין די קלאַנגען וואָס עס האָבן פאַרשפּרייט די ס. ס. און געסטאַפּאָ אַגענטן, אַז די יידן ווערן געשיקט אין אַרבעט־לאַגערן אין די מזרח־געביטן, און אין די באַזעצטע שטחים אינעם ראטן־פאַרבאַנד. עס איז אויך געווען אַביסל אמת אין דעם, ווייל אין די פאַרניכטונגס־לאַגערן האָט מען די יונגערע און שטאַרקערע יידן באַשעפטיקט מיט קאַטאָרגע־אַרבעט איידער מ׳האָט זיי געשיקט צום טויט. אויפן איינגאַנג־טויער פון לאַגער איז געווען אָן אויפשריפט: „אַרבעט מאַכט פרייד און פאַרגרעסערט דאָס גליק

פון מענטשן". מ׳האָט פאַרשטייט זיך, נישט דערציילט, אַז אין יעדן לאַגער געפינט זיך אַ „באָד" וואָס איז נישט עפּעס אַנדערש ווי אַ גאַז־קאַמער, וואָס אין איר ווערן געטויט טאָג־טעגלעך טויזנטער מענטשן וועלכע מ׳פירט, כלומרשט, אהין באָדן זיך, און זיי האַלטן אין די הענט זייף און האַנטיכער. די תלייניס האָבן אלץ געטון אז די קרבנות זאָלן זיך דערוויסן וועגן דעם שרעקלעכן אמת ערשט אין דער לעצטער מינוט ווען דער גאַז האָט זיי פאַרשטיקט. חדשים לאַנגע האָבן יידן נישט געגלויבט, נישט געוואָלט גלויבן, אין אָט דעם גרויליקן אמת.

טשערניאַקאָוו האָט געוווּסט דעם אמת. אין זיין לעצטן געשפּרעך מיט זיין באַפעלס־געבער האָט ער וועגן דעם זיך דערוווּסט פון די אָנצוהערענישן זיינע, אָדער פון די אָפענע רייד פון דעם ס. ס. הערשער. דער מענטש איז נישט געפאַלן אזוי נידריק, ווי די אנדערע צוויי יידן־עלטסטע, רומקאָווסקי און מערין: קומענדיק א היים האָט ער געמאַכט אַ ענדע צו זיין לעבן. אפשר האָט ער געקלערט, אז זיין טאַט וועט קלאָר מאַכן די אַנדערע „יודנראַט" מענטשן, אז עס איז שוין נישטאָ מער וואָס צו פאַרלירן. וואַרשעווער יידן האָבן נישט געוואָלט פאַרשטיין דעם מיין פון דעם דאָזיקן זעלבסטמאָרד, און עס איז נישט געקומען צווישן זיי צו באַלדיקע יאוש־טאַטן. נאָר וועגן איין שטעטל אין פּאָלעסיע האָט מען דערציילט אז דער דאָרטיקער ראש פון „יודנראַט" האָט צוגעגרייט א באַוואָפנטן בונט און ווען ער האָט זיך דערוווּסט וועגן פאַרניכטונגס באַפעל האָט ער געהייסן אונטערצינדן די הייזער אין שטעטל. אַסך פון די רוצחים זענען געהרג׳עט געוואָרן, דאָס שטעטל איז פאַרברענט געוואָרן און הונדערטער יידן זענען אַנטלאָפן אין באָענטן וואַלד זוכן דאָרט אַ באַהעלטעניש. אפשר האָט נאָך ערגעץ־ווו פּאַסירט אַזעלכע פאַלן ווו יידן האָבן זיך אַנטשידן צו אַזעלכע העלדישע יאוש־טאַטן, אָבער מיר ווייסן נישט פון זיי, ווייל קיינער איז נישט געבליבן פון זיי א לעבעדיקער ער זאָל עס דערציילן.

★

רומקאָווסקי און מערין זענען נישט געגאַנגען דעם וועג פון טשערניאַקאָוון. זיי האָבן ווייטער געפירט זיך לויט זייער שיטה

און האָבן זי אפילו „פאַרפולקומט״, ביז זיי זענען פאַרוואַנדעלט געוואָרן אין געהאָרכזאַמע קנעכט ביי די רוצחים. און דאָס אַלץ כדי צו ראַטעווען די רעשטלעך, צו פאַרמיידן די פאַרניכטונג פון אַלע יידן. אָבער זיי האָבן דערביי גאָרנישט געווונען און אַלץ פאַרלאָרן; זיי האָבן בלויז גורם געווען דערצו אַז די יידישע פּאָליציי האָט אויסגעפירט די בלוטיקע ראָל פון די ס. ס. לייט און זייערע העלפער.

רומקאָווסקי האָט פערזענלעך געפאָדערט פון די יידישע מאַמעס זיי זאָלן איבערגעבן זייערע קינדער לויטן באַפעל פון דער ס. ס. מערין איז נאָך ווייטער געגאַנגען: ער איז אליין געשטאַנען ביים טראַנספּאָרט און באַשטימט וועלכע יידן זאָלן געשיקט ווערן צום טויט און וועלכע זאָלן בלייבן לעבן.

פונוואַנען האָבן די צוויי מענטשן גענומען דעם כוח און דעם טייוולאָנישן מוט צו אזא אכזריות?

אין דער ערשטער צייט האָבן זיי זיך געקענט אפשר אליין גענאַרן, אָבער דעמאָלט האָבן זיי דאָך געוווסט וואָס זיי טוען. זיי האָבן אויפגעבראַכט אין זיך דעם טרויעריקן, בלוטיקן טייוולאָנישן מוט, אָבער זיי האָבן נישט געהאַט דעם מוט פון אַ טשערניאַקאָוו, אויסצוקויפן לפחות זייערע אייגענע גופים פון די הענט פון די נאַציס — ווי עס האָט געטון טשערניאַקאָוו.

*

די פראַגע פון איבערגעבן יידן אין די הענט פון זייערע מערדער איז נישט אויפגעקומען ערשט אין די יאָרן פון יידישן אומקום אין אייראָפּע.

זי איז געשטעלט געוואָרן פאַר די יידן אין אַזיע און אייראָפּע נאָך אין מיטעלאַלטער און נאָך אין די צייטן פון אַלטערטום.

צום סוף פון בית שני, אין מיטעלאַלטער איז פעסטגעשטעלט געוואָרן די הלכה: א ייד זאָל נישט איבערגעבן זיין ברודער אין די הענט פון אַ מערדער! אליין געהרג׳עט ווערן און נישט איבערגעבן! די וואָס האָבן די הלכה פעסטגעשטעלט האָבן פאַרשטאַנען, אַז נאָר אויף דעם אופן קען מען ראַטעווען יידן וואָס זענען אויסגעשטעלט אויף סכנה און מאָרד פונעם אָפּרונט פון

שקר און צביעות, פון יענע דינער און אונטערהעלפער פון תליין, וועלכע הילן זיך איין כלומרשט אין א פרומען טלית פון „ראַטעווען" וואָס זאָל מכפר זיין אויף זייערע זינד. די רבנים פון די קהלות האָבן געוווסט, אַז אויב די הלכה וועט נישט אָפּגעהיט ווערן, וועט געוועלטיקן אַ בלוטיקער רעזשים אין דער יידישער קהלה גופא, איינער וועט וועלן בלייבן ביים לעבן אויפן חשבון פונעם טויט פון זיין ברודער, זון און פאָטער. און פאַר יענע יידן איז דאָך נאָך געשטאַנען די ברירה צו ראַטעווען דאָס לעבן זייערס אין דער לעצטער מינוט, דורך פאַראַטן, לפנים, זייער גאָט, זייער אמונה. דער גרעסטער טייל פון זיי האָט אויסגעהאַלטן דעם נסיון, און אויסגעהויכט זייער נשמה אין קדושה און אין טהרה — מיט שמע ישראל.

היטלערס תליינים האָבן די צום טויט גייענדיקע יידן די דאָזיקע ברירה נישט געגעבן...

*

ס'איז נישט שווער צו פאַרשטיין, ווי ווייט די דאָזיקע שיטה האָט דערווייטערט פון די געטאָ־יידן יעדן געדאַנק און יעדע פּאַקטישע מעגלעכקייט פון אָרגאַניזירן אַ ווידערשטאַנד קעגן די רוצחים. דער וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד אָדער די אַנדערע ווי־דערשטאַנד און נקמה־אַקציעס מצד יידישע קעמפער זעען אויס ווי אַ נס לגבי די גרויליקע אומשטענדן און טייוולאָנישער פּראַקטיק פון די דייטשע רוצחים און זייערע העלפער.

זיי האָבן שטייענדיק ביים אָפּגרונט פון אומקום פון זייער פאָלק, זיך באַמיט, עלענט און פאַרלאָזן ווי זיי זענען געווען אין דעם ארומיקן מדבר פון אַ פיינטלעכער אָדער גלייכגילטיקער וועלט, אָפּקויפן מיט זייער העלדישער טאַט, כאָטש אין א קליינער מאָס דאָס אזוי אומשולדיק פאַרגאָסענע בלוט פון זייערע מאַמעס, פעטער, שוועסטער, ברידער און קליינינקע קינדערלעך... און שטענדיק ווען דאָס לעבעדיקע יידישע פאָלק וועט דערמאָנען זיינע אומגעבראַכטע מיליאָנען, וועט אויך זייער נאָמען דערמאָנט ווערן מיט כבוד.